איציק קיפּניס

# די שטוב און אונטערוועגנס

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישׂראל

תל־אביב תשל״ז 1977

„די שטוב” איז געווען געדרוקט אין ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1939. לויטן ווונטש, וואָס דער מחבר האָט ביים לעבן ניט איין מאָל אויסגעדריקט פאַר זיינע קרובים, זענען אין דער איצטיקער אויסגאַבע געמאַכט געוואָרן אַ ריי אויסבעסערונגען פון טעקסט און ס׳זענען צוגעגעבן געוואָרן עטלעכע נייע קאַפּיטלעך. די אַלע ענדערונגען און צוגאַבן ווערן געגעבן לויטן ערשטן ניט־פאַרעפנטלעכטן וואַריאַנט פון דעם ווערק, וואָס טראָגט אין אָריגינאַל ביים מחבר דעם נאָמען „אויפן וויהאָן”

**איציק קיפּנים-בוך־קאָמיטעט**

און פעסט ווי וועלט
איז בייט פון צייטן.
דוד האָפּשטיין

# ערשטער טייל

## בונים־בער

איין מאָל זומער אין דער צייט פון דער יאַפּאַנישער מלחמה, ווען דער אַלטער איטשע, דער אַלטער האַרבאַר פון וויהאַן, האָט גענומען און איז פּלוצעם אָוועקגעשטאָרבן, איז בונים־בער געבליבן אַ יתום. אויב עמעצער וועט קומען און וועלן פרעגן: וואָס איז דען, חלילה? ער האָט דאָך נאָך אַ טאַטן מיט אַ מאַמען ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, און עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ באָבען?! טאָ דאַרף מען הערן, וואָס אַ שטאָט רעדט. אין שטאָט הייסט זיין טאַטע: יחיאלקע דער משוגענער. און בונים־בער האָט געפילט פאַר אַן עלטסטן איבער זיך ניט דעם טאַטן, נאָר דעם זיידן, דעם אַלטן איטשען, ווייל זיי האָבן סיי ווי געוווינט אַלע אין איין שטוב און געגעסן אַלע ביי איין טיש.

געבליבן איז בונים־בער אַ יתום (פון זיידנס צד) און אַ 14־יאָריקער באַלעבאָס אויפן הויף מיט דער האַרבאַרניע, ד. ה. געבאַלעבאָטעוועט און געפירט די געשעפטן האָט נאָך די באָבע. נאָר בונים־בער, דאָס געזעצטע בחורל מיט די ברייטע פּלייצעס און גראָבער אונטערשטער ליפּ, האָט געאַרבעט דעם גאַנצן טאָג אין האַרבאַרניע ווי אַ באַלעבאָס. די מענטשן האָבן מיט אַ מאָל אָנגעהויבן האָבן אָפּשיי פאַר אים, און די באָבע האָט אים דערציילט און אָפּגעגעבן חשבון פון יעדער מסחרישן אויפטו, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן.

דער געדאַנק פון דעם איז אַ פּראָסטער: זי איז שוין אַלט. יענע דריי אייניקלעך, דאָס יינגל מיטן מיידל און דאָס וואָס איז נאָך ביי דער שנור אין בויך, זענען נאָך קליינע, מוז מען בונים־בערן צולערנען פירן דאָס געשעפט ... אָט איז גאָר ניטאָ, וועט ס׳זאָל פאַרשרייבן אַ שטיקל, אַז ס׳פאַלט אַריין אין דער אַרבעט! איי, יחיאל? אויף יחיאלן האָט זי שוין לאַנג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. יענער איז, ניט דאָ געדאַכט, ניט ביי זיך אין די הענט. ער מאַכט זייגערס, שרייבט ספרים, (פּינטלט אויס גאַנצע פּעק פּאַפּיר און עסקט זיך מיטן זוהר און קבלה, אַז אַ מורא נעמט אָן). צו וויפל גוטע יידן זי האָט אים שוין ניט אומגעפירט,

און ס'איז, ווייזט אויס, אַ פאַרפאַלענע זאַך. איין רבי האָט איר אפילו געזאָגט: — פייגע, — האָט ער איר געזאָגט, — איך זאָג דיר ס'איז גוטער ווין אין אַ שלעכטער כלי!

דעם רבינס וואָרט האָט זיך איינגעקריצט טיף אין האַרצן ביי דער גאַנצער משפּחה. און געבליבן איז מען סוף־כל־סוף ביים געדאַנק, אַז יענער איז, ניט דאָ געדאַכט, ניט ביי זיך אין די הענט, — דער איין־און־איינציקער זון ביי פייגלען דער האָרבאָרקע, ניט באַשערט איר הנאה האָבן פון דער וועלט. איז אויב אַזוי וועט זי אַכטונג געבן אויף די אייניקלעך, אפשר וועט כאָטש פון זיי אַרויסקומען אַ רעכטער קדיש.

און אַז די שנור איז איבערגעקומען מיטן לעצטן טראָגן, האָט מען באַלד אין שטאָט געוווּסט, אַז ס'איז אַ ייִנגל, אַז ס'איז צוריק געבוירן געוואָרן איטשע דער האָרבאָר: איצט זעען אַלע, אַז דער אַלטער איטשע איז טאַקע געווען אַ כשרער ייִד! זיינע סטעזשקעס וועלן ניט פאַרוואַקסן ווערן, און קיין פרעמדע וועלן זיך דאָ ניט שווענקען.

צו יחיאלן האָט דאָס ווייטער קיין שייכות ניט געהאַט, אַזוי ווי ער איז דאָ אין גאַנצן אַ זייטיקער.

דערפאַר איז צו בונים־בערן אויף דער פור צוגעקומען נאָך אַ פאַר־שוינדל — דאָס קלענסטע ברודערל. אָבער, גישקשה, ס'פּילט זיך ניט. די פור איז אַ פעסטע און אַ גערוימע. איטשע? — זאָל זיין איטשע! ניט ער דאַרף אים וויגן, ניט ער דאַרף אים אַדעווען מיט ברויט. ברויט נעמט מען אין שאַפע, און ביים טיש קען יעדערער עסן. בונים־בער האָט גערן געפירט דאָס ווייסע פערד אויף דער פּאַשע. בונים־בער האָט גע־אַרבעט גאַנצע טעג אין האָרבאָרניע, אין זיין אייגענער האָרבאָרניע. אַז מען אַרבעט ביי זיך, שטעלט מען אויף זיך, און אַז מען שטעלט אויף זיך, לערנט מען זיך גיך אויס! בונים־בער האָט דאָס ערשטע יאָר שוין גע־פּאַלצט אַליין און זיך אויסגעלערנט קאָנטשען אַ יוכט. ניט קיינעמס עסק צי זייער גוט מאַכט ער עס, צי ניט אַזוי. און סיי ווי האָט ער עס געמאַכט גוט, ווייל וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן גוט. נאָך דער אַרבעט האָט ער מיט גרויס חשק געפאָלגט דעם פעטער גאַנגען. דער פעטער איז אַן אַנגעפאַרענער, אַ שטאָטישער, נאָר אויך אַ האָרבאָר, ער אַרבעט אין האָרבאָרניע פּראָסט, אַזוי ווי אַלע. דאָס איז דאָך טאַקע יחיאלס שוועסטערס מאַן, אַ שיינער און אַ שטאָטישער יונגערמאַן, ער טראָגט ברילן, נאָר ער איז אויך אַ האָרבאָר. ער אַרבעט אין דער קלע־נערער האַלב־האָרבאָרניע, וועלכע דער זיידע האָט זיי אָפּגעשריבן פאַר נדן. און צום ווינטער האָט מען זיי אָפּגעגעבן די צווייי צוגעבויטע אַלקערס,

וואָס קומט אויס מיט בונימען אונטער איין דאַך, איבער אַ וואַנט. בונים־בערן דוכט זיך, אַז דאָס זיצן זיי ביי אים אין שכנות. די שטוב איז זיינע, און די האַרבאַרניע איז זיינע. האַלטן האַלט ער זיי, ווייל וואָס מאַכט עס אים אויס? אָבער ווען ס׳זאָל זיך אים נאָר פאַרוועלן, נעמט ער און וואַרפט זיי אַרויס אַלעמען אויף צוויי שפּענדלעך. ער איז דאָ באַלעבאָס!

די מוטער רוימט אים איין שטיל (מ׳זאָל פון יענער זייט וואַנט ניט הערן), אַז יענע האָבן עס אַלץ אויף פּאַפּיר, אויף דער געטוועדעוועטער צוואה, און זי שעלט, אָבער בונים־בערן איז עס אַ געלעכטער.

— טו אַ שפּיי, — זאָגט ער איר.

בונים־בער גלייבט ניט אין קיין פּאַפּיר. בונים־בער גלייבט אין זיינע פּלייצעס און אין די הענט, וואָס זענען אין זיי אַריינגעשטעקט און העזה וועט נאָך אים קלעקן אַריבער און אַריבער. נאָר גאַרניט. אויף וואָס דאַרף ער זיי טרייבן? פאַרקערט, ער איז גרייט פאַרן ראַדאָווליאַווער גיין אין וואַסער און אין פייער. דער ראַדאָווליאַווער שפּילט דאָך אויפן פידל, און דער ראַדאָווליאַווער האָט דאָך אַן אַריינגאַנג צו דוד דעם נגיד אין שטוב. אָ, אין יענער שטוב! דאָרט זענען פּאַלאַצן גאַנצע, ניט קיין אַבי וואָס, מיט אויסגעשניצטע פישן אויף די טירן און מיט לייבן, וואָס האָבן געדראָטעוועטע עקן. היינט וויפל איז דאָס ווערט, וואָס דאָרטן שפּילן אַלע קינדער, יעדערער אויף אַ באַזונדער כלי. בונים־בער האָט געקענט שעהענווייז הערן וואָס מען שפּילט דאָרט, דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ קאָפּ צום איבערנעמען ניגונים. היינט געהערט און מאַרגן פון גאַנץ פרי ביי זיך אין האַרבאַרניע האָט ער עס שוין גלייך איבערגעזונגען.

אין האַרבאַרניע ביי זיי, אין נאַסן ווערקשטאַט, האָרעוועט ווי אַ פערד, שוין פון היפּשע עטלעכע יאָר, זיסקל דער געלער. ער פאַרמאָגט אויף זיין אייגנס צוויי נעמען: זיסקל דער געלער — דערפאַר, וואָס ער האָט אַ געלן קאָפּ מיט אַ געלער גראָבער באָרד. ווייטער הייסט ער נאָך זיסקל דער קרומער. ער שלעפּט אַ ביסל אונטער דעם לינקן פוס. מען זאָגט, אַז זיסקל האָט געשלעפּט נאָך פאַר דעם אַלטן איטשען אַ שווערע האַרבאַרסקע קלאָץ און האָט זיך אויסגעגליטשט מיט איר אויפן נאַסן דיל. ער איז דאָס מאָל שלעכט געפאַלן, און איז, אַזוי אַרום, געבליבן אַ קאַליקע אויף אייביקע יאָרן. ס׳איז אַ ביסל מאָדנע זען אַ האַרבאַר מיט אַ קאַליקע פוס. ער איז אפשר דער איינציקער אויפן גאַנצן קאַנט אַזאַ, אָבער אַ בעל־מלאכה איז ער געווען אַ גוטער, און דאָ אין האַרבאַרניע

אַרבעט ער שוין אַ סך יאָרן. דערצו האָט נאָך אים בונים־בער פּאַר עפּעס ליב אויך: יענער לערנט אים רויכערן ציגאַרן, ווען קיינער זעט ניט. און וואָס נאָך? ווען ער אַרבעט אַ מאָל מיט זיסקלען אַ טיש לעבן אַ טיש, האָט זיסקל ליב אים געבן צו פאַרשטיין ווי אַזוי מען האָט חתונה. טאַקע אָט דער אַ קרומער זיסקל מיט דער געלער גראָבער באָרד גיט עס אים צו פאַרשטיין.

ביי אַזעלכע שמועסן פאַרלירט בונים־בער זיין גאַנצע העזה. ער בליאַקירט די יוכט אַ טיש לעבן אַ טיש מיט זיסקלען און לאָזט ניט איין קיין איין וואָרט זיסקלס... ער ווייסט נאָר ניט, ער איז ניט זיכער, צי דער געלער זיסקל מאַכט פון אים אָפּט מאָל ניט קיין געשפּעט. וואָרעם יענער לאַכט ניט, ער שמייכלט אפילו ניט, בעת ער דערציילט. ער רעדט עפּעס נאָר אַזוי, ווי מען באַפּוילט שטיל, אָדער מען שיקט אַ קלע־נערן פון זיך אַ גאַנג פּאָלגן. און ציגאַרן גיט ער אים אָפּט פון זיין בלעכענער פּירעקיקער פּושקע, וואָס מיטן שפּאָלט ביי דער זאַוויסע. די פּושקע האָט שוין אַליין אויך, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז אַמאָל איז זי געשטאַנען אין אַ קלייט אויף אַ פּאָליצע אַן אַנגעלאָדענע מיט קליינע ווייניקע צוקערקעלעך. ווי קומט זי אַזעלכעס געדענקען? זי איז שוין אין גאַנצן אַ ווייסע, אַן אָפּגעריבענע, און אַזאַ איינגעוווינטע מיט זיסקלס פאַרשמאָלצעוועטער הויזן־קעשענע איבער דעם געזונטן פּוס, אַז זי פּאָלגט אים שוין כמעט אויפן ווונק ביים זיך עפענען און ביים פאַרמאַכן. פון דער אַ פּושקע האָט בונים־בער גענומען די ערשטע לעקציעס אויף רויכערן.

— וואַרף אַוועק! — האָט אויף אים איין מאָל די מוטער אָנגעשריען. — וואַרף אַוועק, שמדעצקי, די ציגאַרעלעך דיינע! דו וועסט זען, ס'וועט ביי דיר אָנוואַקסן אַ באָרד, וועסטו זיך קראַצן און קראַצן צו אַלדע שוואַרץ־געהרגעטע יאָר.

אָבער בונים־בער וויל ניט האָבן איבער זיך קיין אויבערהאַר. ער איז דאָ באַלעבאָס, און ער איז דער מאַנסביל אויף דער גאַנצע שטוב. איז וואָס הייסט ער וועט ניט רויכערן קיין ציגאַרן! בפרט דער פעטער דער ראַדאָווליאָווער רויכערט אויך, און אַלע רויכערן.

איין מאָל פרייטיק, נאָך אַ פעטן חלק קנישעס איינגעפּרעגלטע אין סמעטענע, האָט אים זיסקל אַליין פאַרדרייט אַ ציגאַר. זיי האָבן נאָר וואָס איבערגעלייגט די זאַלע אין צווייען. זומער איז עס געווען, און דער ציגאַר איז געווען משוגענערוויז גראָב. די גרעב פונעם ציגאַר האָט באַזונדערס בונים־בערן געוווּנדערט, אָבער ער האָט זיך פונדעסטוועגן ניט געפּוילט

און אים אויסגערויכערט ביזן סוף... דערנאָך האָט ער שוין אַלע מאָל געעפנט דאָס פאַרשמאַלצענע פענצטערל פון האַרבאַרניע, וואָס גייט אַרויס צוםביימעלע בעזן און האָט אַהין געשפיגן. שפּעטער צו האָט ער גע־פּאַכעט מיט דער נשמה און געפילט אַ מינוט צום חלשן, און דערנאָך ערשט צום סוף האָט ער אָפּגעזוכט אַ באַוואַקסן אָרט הינטערן גרויסן גאָרטן, און ער האָט דאָרט לאַנג געוועדזשעט. ער האָט באַבראָכן דעם גאַנצן בוריאַן דאָרט מיט דער לאָבאַדע.

דעם פרייטיק איז ער שוין מיטן פעטער אין באָד ניט געגאַנגען. ער האָט אים נאָר זיין וועש מיט זיין בעזעמל אַהין פאַרטראָגן, און אַ גאַנצע קומענדיקע וואָך האָט ער איבער עפּעס אויסגעמיטן דעם קרומען זיסקלען, און פאַרביסענערהייט האָט ער זיך געקליבן אים פון דער זייט עפּעס אָפּטאָן אַ שפּיצל. אָבער איין גאָט ווייסט אים, דעם געלן, פון וואַנען איז ער אַזוי קלוג: פּונקט צו די אַכט טעג, שטייענדיק מיט בונים־בערן אַ קלאָץ לעבן אַ קלאָץ, האָט ער ווייטער אַן אַ שמייכל און אַזוי ווי פון אַ מיט אָנגעהויבן דערציילן בונים־בערן, ווי אַזוי זיין שווער, דער אַלטער שמש אין דער אַליקער שול איז אויסן געווען פועלן ביים אַליקער צדיק אַ „בן־זכר" אויף די עלטערע יאָרן, ווי אַזוי די שוויגער זיינע איז שוין אַלט און צעוויאַלעט, און ווי אַזוי ס'איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך: דער רבי וועט זיין דער גרעסטער „וצדקתך", אויב ער וועט דאָ עפּעס ועלן טאָן...

בונים האָט דערזען פאַר די אויגן דעם שמשס ווייב אַן אויסגע־טאָנענע, אַזוי ווי ער וואָלט געוועזן מיט איר אין איינעם אין באָד, און דעם שמש האָט ער שוין כסדר פאַרגעשטעלט זיך אין איינע גאַטיעס און מיטן רבינס ווינטשעוואַניעס. אַזוי האָט זיסקל פאַרריבן די מעשה מיטן אומיסטנדיקן גראָבן ציגאַר

און אַזוי... ביזן סוף פון זיינע יאָרן איז שוין בונים־בער געבליבן אַ קוראַשטשער.

## די באָבע פייגע

די באָבע פון איר זייט האָט זיך אויסגעקליבן שטאַרבן ווינטער, אין סאַמע חנוכה, ווען בונים־בערן איז אַוועק דאָס אַכצנטע יאָר.

אין אַכט טאָג אַרום איז אויך יחיאל אַזוי, ניט פון וואַנען, ניט פון וואָס, פאַרשלאָפט געוואָרן און איז אויך אַוועק פון דער וועלט.

די טעכטער און די שנור האָבן דערציילט, כאָטש שטיל, אָבער גאַנץ זיכער און באַשטימט, אַז די מוטער האָט נאָך בשעת דער שלאָפקייט

געהאַלטן דערביי, אַז אויב, חלילה, זי מאַכט צו מיט אַן אויג, נעמט זי אים צו צום אַכטן טאָג.

און מ׳האָט ניט פאַרפעלט אפילו קיין מעת־לעת!

יענע האָט אַרויסגעלאָזן די נשמה צו דעם ערשטן ליכטל און ער — „זאת חנוכה". צוליב וואָס זי האָט עס געדאַרפט, די באָבע, — ווייסט מען ניט אויף קלאָר: צי מען זאָל זי ניט שעלטן נאָך איר טויט, איבער דער גאָטס שטראָף, צי די אייניקלעך זאָלן קענען פאַר איינס זאָגן נאָך איר אויך קדיש... אַ בראַווע יידענע געווען, אָט די פייגל. גוטע יידן האָבן פון איר געהאַלטן אַ וועלט. איין מאָל, אַז זי איז אַריין צום אַלטן אַליקער, איז דער אַלטער אַליקער אויפגעשטאַנען, פּלוצעם געוואָרן רויט ווי אַ פייער, און ער האָט זיך אָנגערופן:

— פייגע! — האָט ער זיך אָנגערופן, — איך זאָג דיר! דו וועסט זיצן דאָרט העכער פון מיר!

און פּראָסט איז זי דאָך געווען, ווי אַלע פּראָסטע, געמאָליעט האָט זי זיך מער אויף גויִש, ווי אויף יידיש. איר שטענדיקע אינדערפריִיקע תפילה איז געווען:

„די ערד איז מיין חבר,
די ברעטער זענען מיינע קליידער.
קומען די ווערעם און עסן מיין פלייש
און טרינקען מיין בלוט אַזוי ווי גוטן וויין.
ווער וועט פאַר מיר אַ גוטער מליץ זיין?
אַך צו מיר, און וויי צו מיר,
וואָס איך האָב געזינדיקט,
וואָס איך האָב געשולדיקט,
וואָס איך האָב לשון־הרע גערעדט,
קיין קריאת שמע קדושה ניט צוגעהערט.
רבונו־של־עולם,
איך בין דיין קינד,
פאַרגיב מיר מיינע זינד,
וואָס איך האָב געזינדיקט פון מיין יוגנט ביז אַצינד.
אָמן".

אַזאַ יידענע איז זי שוין געווען. וויפל זי האָט געלעבט, האָט זי זיך ניט געקענט אויסלערנען קיין לאָמפּ אָנצינדן און דעם סאַמאָוואַר פאַר־דרייען. דאָך איז זי געווען אַ בעל־צדקה אַ גרויסע, און אַ גרויסע אשת־חיל אין האַרבאַרגיע. ווי קומט צו איר אַ מאַנסביל!

איין מאָל האָבן איר די בעלי־מלאכות אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, — זאָל עס אפשר זיין דערמאָנט ביי איר אָפּענעם קבר, וועלן אַלע זינד פון איר אַוועקגיין.

וואָס אַזעלכעס האָבן איר די בעלי־מלאכות אָפּגעטאָן?

זי האָט געהאַט אַ בענקעלע אין האַרבאַרניע, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אויף איין אָרט, און שטענדיק, אַז זי פלעגט אַריינגיין, פלעגט זי אָפּזאָגן איר פּאַמעלעכן גוט־מאָרגן, פלעגט שטיין אַ ווײַלינקע אויף איין אָרט, דערנאָך פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אויף איר בענקעלע, גאָר־ניט טאָן און נאָר פון דער גרינג אונטערשמועסן פון ווילד־פרעמדע קליי־ניקייטן. אַזוי אַרום, האָט זי דערווייל אַכטונג געגעבן די אַרבעט זאָל זיין שפּאַרעוודיקער: — „דער בעסטער מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש... — פלעג זי זאָגן, — אַז ער פילט אויף זיך ניט קיין אויג, קריכט ער אַוועק אין דער ערד". אָבער קיין קרום וואָרט האָט מען פון איר, חלילה, קיין מאָל ניט געהערט. פאַרקערט, שטענדיק שטיל און מיט כבוד... ווייסט זיי אָבער דאָס גוטע יאָר, אָט די בעלי־מלאכות, פאַר וואָס זיי האָבן אַזעלכעס ניט געקענט איינליידן.

איין מאָל האָבן זיי זיך טאַקע ניט איינגעהאַלטן און האָבן זיך אויף עפּעס אָנגערעדט.

זיי טוען אַ קוק אין פענצטער: „די אַלטע גייט".

— גיכער, גיכער! — האָבן זיי אָנגעהויבן טרייבן דאָס ייִנגל, עפּעס אַ לערן־ייִנגל האָט מיט זיי דעמאָלט געאַרבעט. (אוודאי, ווען דער אַלטער איטשע זאָל לעבן, וואָלטן זיי אַזעלכע זאַכן ניט געברויכט. אָ, ביי איטשען האָט מען געציטערט פאַר זיין דוך). דערווייל האָט דאָס ייִנגל אָפּ־געטאָן דעם בענקל זיין רעכט, כאַטש מיט ציטערדיקע הענט, און ער איז אַרויסגעלאָפן פון זאַוואָד דורך דער צווייטער קעגנאיבערדיקער טיר... פייגל איז אַריין, האָט אַ קוק געטאָן, אָפּגעזאָגט איר פּאַמעלעכן און באַ־רוטן גוט־מאָרגן, און האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי געוויינלעך, אויפן בענ־קעלע... די אַרבעטער שטיקן זיך, ס'שטופּט זיי צום לאַכן: ווי' זשע, מ'טוט אָפּ יענעם אַ שפּיצל, און ס'איז נאָך אַקוראַט אויף דער פרישער שעה. דאָ גלוסט זיך לאַכן און דאָ האָט מען זיך מורא, בייסט מען זיך נאָר די צונגען, און ס'שפּאַרט די אויגן פון די שטערנס אַרויס.

דערווייל איז די אַלטע אויפגעשטאַנען און איז אַרויס פון זאַוואָד, עפּעס האָט איר געבאַקט דאָס בענקעלע, ווי מיט פייער. (ווען זי דאָך ניט כאַפּן זיך אומקוקן, זוכן, וואָס איז געשען. איר פרומקייט האָט דאָך קיין שיעור און קיין שאָץ ניט געהאַט...). נו, איז זי אַוועק הינטער דער שאָפע,

האָט זיך גענומען אַרומקוקן, — ערשט די גאַנצע קלייד איז פון הינטן צעפּאַלן געוואָרן אויף שטיקלעך. דאָס העמד אויך. ס׳איז אַליעם! זי האָט באַלד פאַרשטאַנען...

זי האָט אָבער, חוץ דער שנור, קיינעם ניט דערציילט. און די אַר־בעטער האָט זי אויך וועגן דעם ניט דערמאָנט. איר פרומקייט האָט דאָך קיין שיעור ניט געהאַט; זי וועט גיין רעדן מיט מאַנסבילן פון אַ נאַקעט אָרט, פון אַ זינדיקן ווייבערשן לייב — גאָט באַהיט! זי האָט נאָר דענסטמאָל, אין אַ וואָך אַרום, אָפּגעזאָגט יאַנקל מענדלס פון דער אַרבעט.

— וואָס איז? פאַר וואָס? — האָט זיך יאַנקל אַ דערשראָקענער און אַ באַטריבטער געהאַלטן אין איין דערפרעגן.

אָבער די אַלטע האָט אים, חלילה, מיט קיין קרום וואָרט ניט אָנגע־רירט, זי האָט אים נאָר דערמאָנט מיט איר פרומער מינע:

— אַז וואָס איז דען, ר׳ יעקב? — האָט זי אים דערמאָנט, — אייער גאָט איז, חלילה, געשטאָרבן? ער זאָל אייך ניט פאַרשלאָפן די אברים, וועט איר אויף אייערע צען פינגער האָבן אַרבעט. — און ס׳האָבן ניט געהאָלפן קיינע רייד.

## אַ טאָכטער גיט מען אויס, אַ שנור נעמט מען אַריין

ווער עס האָט אַ מאָל געזען אַ שטוב מיט אַלטע קאָנטאָרקעס געפּאָלירט אויף טונקל, מיט געפאַרבטע רויטע קאַנאַפּעס, מיט קופּערנע חנוכה־לעמפּלעך און פאַנען, גרויסע הילצערנע חדרים, וואָס זענען פון אַלע יאָרן פאַרפּאַקט מיט געדיכטן קילן שאָטן; שוואַרצע שאַפעס, אַ מאַמע ניט קיין גראָבע, נאָר מיט באַהאַלטענע קלייען אונטער דער הויט און אַ קרעפּטיקע; עטלעכע יישובניקעס־יתומים; נאָך אַ פּאָר הילצערנע אַלט־מאָדישע בעטן מיט גאָלקעס און מיט אַ סך בעטגעוואַנט, — אויף אַזאַ שטוב מיט אַלץ, וואָס אין און אַרום, איז בונים־בער געבליבן פּאַקטיש באַלעבאָס. הייגט דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די שטוב האָט נאָך געהאַט פון אויסנווייניק — חוץ דעם הויכן האַמעטנעם גאַניק און חוץ די ווייסע געפאַרבטע לאָדן — אויך אַ שטאָל ביי דער זייט, אַ שטאָל מיט אַ גאָרטן, אַנטקעגן — אַ האַרבאַרגיע, און אין האַרבאַניע־הויף — אַ פּאָר שאַפעס, פולע מיט גאַנצע סטויגן קאָרע און אַ פערד. אין שטאָל אַ סך היי מיט אַ שיינער בהמה. און אין האַרבאַרגיע, אין די כלים, אין די זאַלעס, אין די ביטן און אין פערעסיפ־פעל!... אפשר האָט בונים־בער ניט געוווּסט פון קיין חשבון? אפשר האָט בונים־בערן געפרייט די שטוב מיט דער האַר־

באַרניע, לויט דער פּרייז, וואָס זיי זענען ווערט אויף האַלץ? — לכל־הדעות, איז אָבער בונים־בער געבליבן אויף אַלץ באַלעבאָס. פֿאַר אַן „אַפּעקון" אין דער „דוכאָוונער זאַוועשטשאַניע" האָט מען נאָר לפנים פֿאַרשריבן דער מאַמעס אַ ברודער — לייבטשיקן דעם בעקער.

איצט איז שוין, דוכט זיך, געוויס צייט בונים־בערן חתונה מאַכן? האַ, ניט אַזוי?

אָבער, אויב בונים־בערן גייט דאָס אַכצנטע יאָר, גייט שוין טייבלען, זיין שוועסטער, דאָס זעכצנטע.

מען דאַרף פֿריער זי חתונה מאַכן? — ווייזט ער מער מיט איינגעשפּאַרטן שווייגן, ווי מיט רייד. — ניט אומזיסט איז ער דאָך עפּעס דער ראש פֿון שטוב.

אין יענעם משך האָט טייבל געהאָט געדינט ביים רב, דאָ אין שטעטל גופֿא, פֿאַר צען גילדן אַ חודש מיט קעסט. אַהיים פֿלעגט זי קומען מיט אירע חברטעס פֿאַרברענגען שבת פֿון אַ שעה נאָך מיטאָג, ווען ביים רב שלאָפֿן שוין אַלע און די שטוב איז שוין אויסגעקערט, פֿון טיש אַראָפּגענומען, — ביז אַ שעה פֿאַר שלוש סעודות, ווען דער רב וועט באַלד קומען פֿון מנחה.

און אַזוי ווי טייבל האָט לשון אין מויל, פֿלעג זי אויסדערציילן דער מוטער, ווי אַזוי מען פֿירט זיך ביי אַ רב אין שטוב און ווי אַזוי, — ס'מאַכט ניט אויס, — ביי אַ רב קענען אויך זיין קינדער צעפּעשטשעט. איי, געדינט האָט זי גאַרניט ביים רב, נאָר ביי דער רביצין און זי האָט זיך דאַרט גאַנצע טעג אַרויסגענומען די אויגן אין דער פֿינצטערער קיך — דאָס איז ניט קיינעמס עסק איבערצופֿרעגן. געגאַנגען איז דאָס אַלץ אויפֿן רבס אַדרעס און... ווי די מעשה זאָל ניט זיין, האָט זי דערווייל אַריינגעבראַכט דער מוטער צען גילדן אַלע חודש אויף באַהאַלטן אין קניפּל, זאָל זיך קלייבן אפשר נדן. און... צי ס'האָט זיך ביי איר גענומען פֿון קלוגשאַפֿט, צי פֿון נאַרישקייט — זי האָט זיך, צווישן אונדז רעדנדיק, אַריינגענומען אַ „דור" אין קאָפּ, אַז זי פֿאַרשטייט עפּעס אין רבנישע געשעפֿטן.

אין דער פֿרי, אָדער ווען בעת דער רב דאַוונט זיך פֿון פֿאַרנט און זי נעמט צו פֿון טיש די גלעזער מיט די ביסלעך ניט־דערטרונקענע קאַווע אין די שאַלן, האָט זי אים ליב אַריינפֿאַלן אין די רייד. און ניט איין מאָל האָט זיך אפֿילו געטראָפֿן, אַז מען ברענגט אַ געקוילעטע הון צום רב מיט אַן איבערגעבראָכענעם פּיסל אויף פֿרעגן אַ שאלה, אָדער אַן איי מיט אַ בלוטס־טראָפּן, אָדער גאָר אַן אונטערגעשיקטע פֿאַרוויקלטע העמד

פון עפּעס אַ „אשה״, און דער רב פֿאַרעט זיך ביי דעם און באַטראַכט עס מיט אַ געניט (קורצזיכטיק) אויג און מיט ניט קיין זיכער האַרץ, טרעפט זיך ביי איר ניט איין מאָל, אַז זי מוז אַריינשפּריגגען און געבן אַ שטעק אַריין דעם קאָפּ מיטן ליכטיקן קובליק צווישן דעם רבס קאָפּ און דער ווייבלס „זאַך״, וואָס מיט דער שאלה, און זי גיט אַ זעץ ווי מיט אַ בערע־זעוון שייט האַלץ: „איך זאָג אייך אפריער, אַז ס׳איז כשר!״ — אָדער פֿאַרקערט.

איך חזר אייך ווידער אַ מאָל איבער, אַז איך בין ניט זיכער, זי זאָל עס האָבן געטאָן צוליב איבעריקער חכמה. אָבער, ווי די מעשה זאָל ניט זיין, דער רב האָט געהאַט עגמת־נפש דערפון, און די רביצין האָט געמוזט מיט איר אַ פּאָר מאָל רעדן פון דעם אין קיך, און שוין אפילו גאַנץ ערנסט און אַ מאָל טאַקע הויך, אַז די שכנים פון דער קעגנאיבער־דיקער קיך האָבן דערהערט און האָבן זיך אַריינגעמישט, און אַלע האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז בפירוש אַן עוולה! ס׳איז נאָך דערווייל אַ דאַנק גאָט ניט געהערט געוואָרן: אַ רב זאָל גיין אין אַ קליידל און אַ יידענע זאָל פסקענען שאלות. אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. דאָס מיידל האָט זיך דערויף ראַזלאָסעט און וויפל די רביצין זאָל זיך ניט מורא האָבן פאַר אַפּזאָגן אַ יתומה, איז זי דאָך אַוועקגעגאַנגען צו איר מוטער, צו שיינען דער האָרבאַרקע אויפן וויהאָן, און מען האָט וועגן אַלץ אָפּגערעדט, און די רביצין האָט אפילו מיט אַ טרער אין אויג צוגעזאָגט, אַז זי וועט אם ירצה השם געוויס זיין מיט איר מאָן פון די ערשטע מחותנים אויף דער חתונה און מיט אַ שיינער מתנה אויך.

שיינע די האָרבאַרקע איז געווען ניט נאָר געטרייסט, נאָר אפילו גערירט פון דעם אַלעם, און מ׳האָט טייבלען אָפּגערופן פונעם אָרט ס׳זאָל ניט אויסקומען, אַז מען האָט זי, חלילה, אָפּגעזאָגט, און זי איז, חלילה, אַוועק מיט אַ מיאוסן טעם, און... אַזוי, ווי מ׳קוקט זיך ניט אום — ס׳איז עפּעס געווען ניט טאָג און ניט נאַכט, ניט פּורים און ניט חול המועד, — איז געקומען שעוועל דער מלמד מיט זיין אויסגעבויגענעם סוקעוואַטן שטעקן, פּונקט אין דער שעה, ווען ס׳ניט פּאַר אַ מלמד אַראָפּצופאַלן אין האָרבאַרניע אַריין.

מיט אַ שעה שפּעטער האָט מען שוין אַראָפּגעבראַכט עפּעס אַ בחור. אַ הויכער איז ער געווען, דער בחור, אַ ווייסער, האָר — גאָלע מילך, מיט אַ לאַנג, גאָר אַ לאַנג ווערצעלע אויף דער באַק ביים סאַמע מיט פון רעכטן אויער. אַ יונגער און אַ דאָרפישער. אויך, ווייזט אויס, זעכצן יאָר דאָס זיבעצנטע, זיין פאָטער האָנדלט, הייסט עס, מיט אָקסן. מען

קען אים. און דער זיידע איז טאַקע אין דער אמתן אַ פיינער ייד. און ס׳איז אַזוי געווען: נאָך איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט מען זיך שוין צונויפגערעדט. נאָך איידער צונויפגערעדט — געבראָכן טעלער. זיך ווי מיט אַ מאָל שיער ניט צעגאַנגען איבער אַ פופציקער. נאָר מען האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט און מען האָט געכאַפּט שטיקלעך לעקעך און פּעט געטונקען זיי אין בראַנפן. אַלץ איז ניט געצילטערהייט געגאַנגען גיך פייל־אויסן־בויגן און ס׳איז זיך געפאָרן ממש אַזוי ווי אויף פּוטער.

איצטער, נאָך אַ שניטקרעמער, וואָס גיט פאַר האַלב מזומן און האַלב באָרגט ער אויס, וועט מען ביי אים אָננעמען חתונה־קליידער, און מ׳וועט אַ רוף טאָן אַברהם־בערן דעם שניידער מיט זיינע זיבן שניידער־מיידלעך און מיט די צוויי מאַשינעס. און אַלץ דאַרף זיך עס אויפטאָן אין איינע פיר וואָכן, — דער קלענסטער טערמין פון תנאים ביז חתונה.

בונים־בער איז גאָרניט אַזוי קלוג און געשפּיצט, ווי די אַרבעט גייט גיך. ביי טייבלען שפּילט זיך אַ חתונה. ביי בונים־בערן איז פאַר־דרייט דער דאַשיק און דער שטערן איז פאַרשאַרט ביז העט אַרויף. יידן טרינקען לחיים. בעלי־מלאכות, שטאָט־יידן און גלאַט באַלעבאַטים, חוץ קרובים, וואָס זענען אַליין די כל־ולך אויף דער שמחה, — פאַרט אַ יתומישע חתונה. און איצט ערשט שיקט שוין בונים־בער אַליין (פאַר־שטייט זיך, אַז פריער האָט ער אָפּגערעדט מיט דער מוטער און מיט דעם פעטער דעם „אַפּעקון”) נאָך שעוועלן דעם מלמד. און... ווהין אים שיקן — ווייסט ער שוין מן הסתם: צו שעווקען שיקט ער אים. זי איז דאָך אַ קרובה, ראַסלס מיידל פון סקרעבעליטש, און אַ „קליפּע” איז זי אויך, אַ „קליפּע” און אַ ברען.

בשעת אברהם־בער מיט זיין קאַפּעליע מיידלעך און מיט די צוויי מאַשינעס האָבן גענייט און געשטעפּט די חתונה־קליידער, האָט זי בונים־בער צווישן די שניידער־מיידלעך דערזען פון דאָס ניי. ביי איר זענען אויך ליכטיקע האָר, נאָר אַנדערע, ניט אַזוי ווי ביים דאַרפישן חתן. אַרום איר צאָפּ, אַרום אירע באַקן מיט די אויגן, און אַרום איר אין גאַנצן — ברענט אַלץ! ס׳ברענט, ס׳ברענט! זי איז אַ פייער! בונים־בער איז פון עפּעס פריילעך: טאַקע גוט, וואָס ער האָט זי דערזען...

איצט, אַז ער קאַטשעט אין האַרבאַרניע אַ יוכט, גייט ביי אים דער קאָרעק אונטער זיינע שווערע לאַפּעס אַזוי ווי אויף שרויפן און ער זינגט. ער צעזינגט זיך אויף זיין היוכן „אַלט”, אַז מ׳זאָל הערן פאַר אַ ווערסט, — אַלץ אונטער דער נאָז און אַלץ מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַזוי ווי ס׳קומט אויס ביי די כלי־זמר. אָט ערשט האָבן דאָך די כלי־זמר אָפּ־

געשפּילט אַ פרישע חתונה, אַן אייגענע, און האָט ערשט האָבן דאָך די כלי־זמר אָראָפּגעבראַכט אַ פרישע שער „טאַאַטע־מאַאַמע, מאַך מיך חתונה”. נאָר ער זינגט ניט די ווערטער. ער האָט אין זינען די כלים. די כלים זאָלן זיך אַלע ביי אים אָפּרופן. יעדע כלי אין איר צייט. אמת, די מאַמע בונים־בערס האָט דווקא טענות. די מאַמע וויל זי ניט, שעווקען, פאַר צוויי זאַכן: איין מאָל, וואָס אַ שניידערקע (דערווייל זענען נאָך קיין שניידערס אין דער משפּחה ניטאָ). און צווייטנס, וויל זי, הייסט עס ניט, שיינע, דעם שידוך, ווייל זי קען זי פאַר אַ קליפּע. נאָר בונים־בערן אַרט עס אָבער סיי ווי ניט. בונים־בער איז עלטער. בונים־בער קען שוין, אַז ער וויל, „ניט הערן” קיין מאַמע... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז די מוטער האָט אַ שפּיי געטאָן.

— נו, מילא, — האָט זי שוין אַ זאָג געטאָן פאַר די שכנים — ס׳זאָל שוין מיך אָנהייבן אַרן. „ער” וועט פון איר קילן די ערד, ניט איך!

## אומגעריכט

ניסנען דעם סקרעבעליטשער פלעג ניט יעדערער וועלן לאָזן אין דער דירה אַריין — קיין עין הרע אַ פולע שטוב מיט קינדערלעך, ווער וויל עס דעם טומל? כאָטש אַלע האָבן זיי געקענט פאַר אָרנטלעכע מענטשן, אי ניסנען, אי ראָסלען.

ניסן פלעגט טרייבן ביי די רייכע פּיהענדלער בהמות אויף יאַרידן, איז ער געווען מערער אונטערוועגנס ווי אין דער היים. ראָסל, ווערליק זי איז געווען באַשאָטן מיט קינדערלעך, האָט מען זי בכלל ניט געהערט און ניט געזען.

דאָס מאָל זענען זיי געזעסן ביי מיכצעכען אין דער דירה. דאָס עלטערע מיידל שעווקע, אַ שטאַלטנע און זייער אַ שיינע, נאָר אַ קינד נאָך לויט די יאָרן, איז שוין געווען אַ פאַרדינערין. זי האָט אַריינגעבראַכט אַכט גילדן אַ וואָך אין שטוב אַריין פון איר שניידעריי, און די קלענערע האָבן נאָך געדאַרפט און געדאַרפט: ווער אַ מלבושל, ווער אַ שיכעלע, אַ זאָק, אַ פאַר הייזעלעך. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ משפּחה!

אַז שעוועל דער מלמד האָט זיך אין איינעם אַ פאַרנאַכט אַהער מיצקעדערינען אַריינגעשטעלט, האָט ראָסל די ערשטע רגע אפילו ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדייט. זי האָט געמיינט, אַז ער האָט פאַר־בלאָנדזשעט, ניט געטראָפן אַהין צו, וווהין ער האָט באַדאַרפט.

זי וואָלט מעגן שווערן, אַז ער איז אַ ביסל אַ שדכן, אַט דער ייד.

אויב אַזוי, האָט אים אַוודאי עמעצער געשיקט צו מיכצעכעס מיידל אַהין, איבער דער וואַנט. אָבער צו זיי גייט מען מיט אַן אַנדער טיר.

— האָט קיין פּאַראיבל ניט, — האָט זי אים מיט אַפּשיי אַ זאָג געטאָן און אַרונטערגעלייגט די רעכטע האַנט אונטערן פאַרטעך, — צו זיי גייט מען דורך אַן אַנדער אַריינגאַנג, פון הויף די רעכטע טיר.

— פּאַראיבל? לאָמיר בעסער האָבן ריבל! — האָט שעוועל דער מלמד מיט זיין כסדרדיקער פריילעכקייט געענטפערט, — איך דאַרף צו אייך, דאַרף איך: צו אייער ניסנען, צו אייער טעכטערל, ווו איז זי אַקאַרשט, אַ געזונט אין איר? ניטאָ נאָך פון דער אַרבעט, האַ?

ראָסל איז געוואָרן צעטומלט און האָט ניט געוווּסט, וואָס מע טוט אין אַזאַ רגע. זי האָט געכאַפּט גיכער אַ פאַרשעמטע פאַרשפּרייטן דעם טיש מיט אַ ריינעם טישטעך. דאָס קליינוואַרג האָט זיך אַנגעשטעלט און געקוקט די עלטערע אין פּנים אַריין.

— אָט וועל איך זי שיקן אַ רוף טאָן, — האָט זי אַ זאָג געטאָן און דאָס האַרץ האָט ביי איר גענומען קלאַפּן. וואָס אַזוי פּלוצעם? זי האָט דאָך עס נאָך גאָר אין געדאַנק ניט געהאַט. כאָטש שעווקע איז שוין געוועזן אַ פאַרדינערין, איז זי דאָך ניט שטאַרק געוועזן אויסגעטיילט פון די איבעריקע קינדער אין שטוב. אמת, דער געדאַנק איז ביי איר זייער אַ געשטעלטער, און זי האָט פיינט, אַז מע רירט איר אָן דעם האָנאָר. אָבער ווער האָט אויף איר געקוקט?

„אַ קינד! גו, און אַז זעכצן יאָר, איז וואָס? ביי די גבירים גיט מען נאָך זיי אין דער צייט די בעסטע ווילטאָגן".

איצט, זינט שעוועל איז געקומען רעדן דעם שידוך, האָט ראָסל אָנגעהויבן אָכטונג געבן אויף דעם עלטערן מיידל און זי אויסטיילן פון די איבעריקע חברה אי מיט אַ בעסערן ביסן, אי מיט אַ באַזונדערן געלעגער, אי מיט אַ מלבוש אפילו. שעווקע האָט עס באַמערקט, פלעגט זי בעת מעשה זיך אַלע מאָל אַ רייץ טאָן מיט דער מוטער, איינער מיינט:

— אַ־האַ, אָבער איך בין שוין ניט קיין קליינינקע!...

„מיר זאָל זיין פאַר איר, — פלעג די מוטער אַ קלער טאָן ביים אַרויסלאָזן זי צו דער אַרבעט, — ס'איז דאָך טאַקע דאָ, קיין עין־הרע, אויף וועמען אַ קוק צו טאָן..."

און אַז ניסן איז געקומען אויף אַ פאָר טעג אַהיים, האָט מען שוין די זאַך אַרומגערעדט אַ ביסל ברייטער.

ניסן איז געוועזן פון די פריילעכע קבצנים. ער האָט ליב געהאַט אַ גלייכווערטל, און מיט אים איז קיין מאָל ניט געוועזן אומעטיק. אַ הויכער

ייִד, כסדר אָפּגעבּרענט און שוואַרץ ווי אַ ציגיינער, נאָר אין דער קויל־שוואַרצער באָרד, אין דער סאַמע מיט, האָט זיך פאַרגנבֿעט אַ היפּש בינטל גרויע האָר, און די באָרד איז צוליב דעם אַריינגעפאַלן אין אַ בלווילעכן קאָליר.

— נישקשה, מיין ווייב, — האָט ער זיך אַ פריילעכער אָנגערופן נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעהערט די נייס, — מיט אַזאַ סחורה וועט מען נאָך קומען און דיר אָנקלאַפּן אין פענצטער: „ראָסל, צי האָסטו ערגעץ נאָך טעכטער?"

— שיינע דער האַרבאַרקעס בחור? — האָט ער ווייטער אָנגעהויבן און אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן. — איך ווייס? מע איז דווקא אַ ביסל קרובים, נאָר פון יענע טראָגט, דוכט זיך, מיט גביר.

שעווקע, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיטן פּנים צום פענצ־טער, ווי זי וואָלט זיך כלומרשט ניט צוגעהערט, האָט זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן און זיך צעלאַכט פונעם טאַטנס ווערטל.

זי האָט ליב געהאַט דעם טאַטן אירן, דעם פריילעכן קבצן. פאַר איר איז גאָרניט געווען קיין בעסערס, ווי די טעג, ווען ער איז געווען אין דער היים. אָבער אַ מאָדנע זאַך. שעווקע, אָט דאָס לעבעדיקע און זשוואַווע מיידל, מיט די שטיפערישע צוויי אויגן, האָט, קענטיק, אין גאַנצן ניט באַנומען דעם ענין פון אַ שידוך טאָן, פון פאַרבינדן מיט עמעצן דעם לעבן. נאָך צו צוועלף־דרייצן יאָר האָט זי איינעם ליב געהאַט, נאָר וועגן דעם האָט זי ניט נאָר מורא געהאַט אויסזאָגן עמעצן, זי האָט אפילו מורא געהאַט קלערן פון דעם צו לאַנג. פונקט ווי עמעצער קען נאָך דערזען אירע געדאַנקען.

זינט דענסטמאָל רייצט זי זיך נאָך מיט די מיידלעך ביי אברהם־בערס טיש: זי קוקט אויף עמעצן, אויף דער צווייטער קוקט עמעצער, און יענטלען דעם סטאָליערס רעדט מען שוין אַ שידוך. און פּלוצעם — נאָ דיר גאָר אַ שדכן אין שטוב!

שיינע דער האַרבאַרקעס שטוב האָט זי עטוואָס געקענט פון דער ווייטנס. אַז מע איז ווייטע קרובים, פון דעם האָט זי אויך געהערט. און ווערן אַ כלה פאַר דעם דאָזיקן בונים־בערן, דאָס האָט איר ניט אויסגע־מאַכט. וואָס טוען אַלע מיידלעך אין שטאָט? — פריער מיט אַ יאָר, שפּעטער מיט אַ יאָר, און מע האָט חתונה.

— באַקלער זיך גוט, מיין טאָכטערל, — האָט איר ניסן געזאָגט שוין אַ ביסל ערנסט. — מיר זענען טאַקע קבצנים, נאָר מיט מיינע קינדער בין איך ביי זיך, חלילה, ניט געפאַלן.

שעוקע האָט זיך געשעמט רעדן מיט די עלטערן וועגן אַזעלכע זאַכן, אָבער אַז מע איז צו איר צוגעשטאַנען: „וואָס פּאַרט זאָל מען ענטפערן שעוולען דעם מלמד? באַקלער גוט!" — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב ניט וואָס צו קלערן. ווי אַזוי איר וועט טאָן, אַזוי וועט זיין גוט.

פון אַלע זייטן האָבן שכנים און גוטע פריינד געווינטשעוועט און צוגערעדט: עפּעס אַ קליינקייט אַריינפאַלן אין אַזאַ שטוב, און מיט הוילע הענט, קען מען זאָגן, אַן נדן און אַן גאָרניט. און מען האָט געמאַכט תנאים.

## חתנס־צד

אַן אַרבעט איז עס ניט קיין גרינגע: אומגיין איבערבעטן דעם ראַ־דאָווליאָווער פעטער מיט דער מומע מיט דער גאַנצער משפחה זיי זאָלן גיין צו אים אויף דער חתונה. און ווען? טאַקע פונקט אַ שעה פאַר דער חופה. און אַלץ פאַר וואָס?

דער ראַדאָווליאָווער האָט באַשלאָסן ניט צו גיין אויף איין סטעזשקע מיט דער שנור (מיט שיינען, הייסט עס) אויב זי איז שוין יאָ אַזאַ. און ער האָט זיך גענומען אָפּצוימען לויטן „פּלאַן". שיינע, דערזעענדיק, אַז מען האַקט און מען קלאַפּט און מען האָט אַנגעפירט געהילץ, האָט זי אויפגעהויבן קולות ביז אונטערן הימל. זי האָט אַוועקגעוואָרפן דעם וואַרמעס קאָכן און האָט געלאָזן האַק־און־פּאַק און איז אַוועק־געלאָפן צום ברודער, צו לייבטשיקן, מסרן. בונים־בער, אויף איר קוקנדיק, האָט טיפער אַראָפּגעלאָזן די גרעבערע אונטערשטע ליפּ, האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט די גרויע אויגן און האָט גלייך אָן שהיות געמאָלדן דעם ראַדאָווליאָווער, אַז אַזעלכעס וועט ניט געשען!

— וואָס זשע דען? — איז ערשט דער פעטער געוואָרן רעכט אין כעס. — אַזאַ מין „פּודסווינעק" וועט מיך אפשר נויטן, איך זאָל גיין מיט אים אויף איין סטעזשקע??!

— וואָרעם דו ביסט דאָ קיין באַלעבאָס ניט! — איז בונים־בער גלייך אַריבער מיט זיינע צעשפּרייטע ליפּן אויף „דו". — און פאַר דיר קיין ראַדאָווליאָוו צו אַלדע און אַזעלכע יאָרן, און מאַך דיר דאָרטן פלויטן וויפל דו ווילסט, — און בונים־בער האָט אַרויסגעריסן אַ פלאָקן פון פלויט און צעטריבן אַלע בעלי־מלאכות.

דער ראַדאָווליאָווער האָט זיך ביי צייטנס געכאַפּט, אַז איידער זיך

שלאָגן מיט אַזאַ רשע, מיט אַזאַ עזות־מחוצף־פּנים, מיט אַזאַ פּודסווינעק, וואָס האָט נאָך ניט דערלעבט אויפוואַקסן, און ס׳ווייזט שוין גוישע שטיק, איז אפשר גלייכער גיין צו אַ רב, אַז ווען מען הערט ער דאָ? — ער האָט דאָך עס אַלץ שוואַרץ אויף ווייס!

די ווייבער פון ביידע הייזער האָבן זיך שוין אויסגערעכנט איינע דער אַנדערער, וואָס אין דער קאָרט, און די קינדער האָבן שוין געשפּיגן איינע אויף די אַנדערע, און די מאַנסבילן זענען שוין עטלעכע מאָל געווען אין „היכן" כעס און שוין געהויבן זיך מיט אייזנס און מיט שטיי־נער, אָבער דער סוף איז געווען, אַז מען איז אַוועק מיט כלי־זמר און מיט אונטערפירער צום רב. און דער רב איז געזעסן, און מענטשן זענען געזעסן, און אַלע מאָל האָט שיינע די האָרבאַרקע אַריינגעשריען, ווי אַ פאַרזינדיקטע נשמה, פון קיך אַרויס, אַז זי איז אַ וויסטע אלמנה מיט קליינע יתומים, און זאָלן זיי וויסן, די מענטשן, אַז אַלץ וועט פאַלן אויף זייער קאָפּ. און זי שעלט שוין איידער עפּעס.

דערנאָך זענען דער רב מיט די מענטשן געווען אין האָרבאַניע. מיט גרויס מורא זענען זיי אַרומגעקראָכן איבער די ביטן מיט די זאָלעס און דערנאָך אַ ביסעלע זיכערער שוין אין הויף און איבער די גערטנער. מען האָט געמאָסטן מיט שטריק און מיט שטעקנס, אַלץ אויף 40 און 60 ד. ה. פון יעדער מאה איילן זאָל זיך טאַקע אָננעמען דער טאָכטער און דער אלמנה מיט די יתומים — 60. אַלץ — ווי אין ביידע צוואות, אין דער „דוכאָוונער" און אין דער „געטווערדזיווער", און ס׳איז געב־ליבן, אַז „יאָ": דער ראָדאָווליאָווער האָט די „פּאָלנע פּראָווע" שטעלן אַ פּלויט און זיך אָפּצוימען. דאָ האָט זיך שיינע ווייטער צעשאָלטן און שוין — אויפן רב אַליין, אַז אויסקרענקען זאָלן זיי, וואָס איר טאָכטער האָט ביי זיי געדינט און איז ביי זיי אוודאי פאַרשוואַרצט געוואָרן. און זי האָט געשווירן מיט אַלע שבועות, אַז מאַטעסקע האָט אים געוויס פאַרשטאָכן די האַנט, דעם רב, און בכלל וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן, אַז זי איז אַ וויסטע אלמנה, און „כטאָ ס׳יאַזיטשקאָם טאַי ס׳פּיראָזשקאָם" (ווער ס׳האָט דאָס צינגעלע, ביי דעם בלייבט דאָס לעקעכל). און אויב אַזוי, האָט זיך מאַטעס שוין טאַקע ערשט געפּלייסט, וואָרעם ניצחון, — זאָגט ער — איז דער געשמאַקסטער ביסן. ער האָט געבראַכט בעלי־מלאכות און מען האָט פון דאָס ניי געגראָבן גריבלעך און געשטעלט פּלעקער, און בונים־בער האָט פון דאָס ניי אַרויסגעריסן די פּלעקער און צעטריבן די בעלי־מלאכות, די גריבלעך האָט ער פאַרשאָטן. און דער

רב, זאָגט ער, זאָל ער אים קושן, דער רב, אָט אַהין (וווהין ער האָט, פאַרשטייט זיך, בעת מעשה געוויזן).

מאַטעס האָט זיך מיט האַרצווייטיק איינגעשטעלט פאַרן רבס כבוד:

— הובאַטער הונט, זאָגט ער, — פּודסווינעק! דו וועסט קענען אַ ביסל דאַרן, ביז דער רב וועט דיך וועלן קושן כאַטשבע אין דיין ליכ־טיקן פּנים, אין דיין שיינעם...

און אין ביידע הייזער הריזעט מען זיך אָן אָן אויפהער און אַלע מאָל קלאַפּן אָן די ווייבער איינע צו דער אַנדערער אין דער פאַרקלעפּטער קיכטיר און שיטן זיך אָן נייע פּעק מיט חסרונות שפּאָגל נייע, וואָס זיי האָבן זיך אָקאָרשט דערמאָנט. זיי פאַלן אַזוי צו צו די פאַרקלעפּטע טירן, אַז דו וועסט זיי בשום אופן ניט אָפּרייסן פון דאָרט. און אויב יאָ, לויפן זיי נאָר אַרום אין גאַס און כאַפּן אַ הויפן בלאָטע און וואַרפן איינע דער אַנדערער אין קאָפּ אַריין, אין פּאַטשיילע אַריין, — וווהין נאָר זיי טרעפן.

אָבער מאַטעסן האָבן געזאָגט מענטשן, אַז דער פּסק, אויב ער האָט אים אויף דער האַנט, איז ער גילטיק אַפילו פאַרן פּריסטאַוו אויך. און דער פּריסטאַוו האָט זיך טאַקע ניט אָפּגעזאָגט. ער האָט צוגענומען אַ גאָלדן פּינפערל און האָט געשיקט אַהין אַ סטראַזשניק אויף אַ גאַנצן טאָג, און אַ סך מענטשן האָבן געאַרבעט, און דער פּלויט איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. שיינע די האַרבאַרקע האָט איבער דער גאַנצער שטאָט געשריען, ווי דער עוכר ישראל מאַכט זי אומגליקלעך. בונים־בער האָט זיך אַלע ווײַלע געריסן אין דרויסן אַרויס. נאָר מען האָט אים ניט געלאָזן זיך אָנהייבן מיט קיין סטראַזשניק, ביידע הייזער האָבן זיך געגעסן אינעווייניק אין זיך. די העק האָבן געהאַקט, די בעלי־מלאכות האָבן זיך געשטיקט, און דער סטראַזשניק האָט זיך געטריקנט אויף דער זון.

צו פאַר נאַכט צו האָבן אַפילו די האַרבאַרס, די בעלי־מלאכות, גע־טענהט עפּעס צום סטראַזשניק און זיך איינגעשטעלט פאַר שיינען, און מאַטעסעס — פאַר ריסלען און פאַר מאַטעסן. אָבער דער סטראַזשניק האָט ניט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן. האָט ער נאָר אונטערגעגענעצט און געמאַכט אַלע מאָל צו די טעסלערס וואָס מיט די העק: „ראַבאָטאַי, ראַבאָ־טאַי". און ביז נאַכט איז אויסגעוואַקסן אַ נייער האַלצערנער פּלויט, שוין פון איינגעגראָבענע דעמבענע אָשולעס, פאַרוואַרפן מיט סאָסנאָווע פלאַשקעס, און ביידע צדדים האָבן געקוקט אויפן פּלויט עפּעס פון אַ זייטל און זיך אַזוי ווי מורא געהאַט אַהין אַרויס.

אָבער ווי גרויס איז געווען דער ווונדער פון די באַלעבאַטים, פון די בעלי־מלאכות און פון אַלע שכנים אויף מאָרגן אין דער פרי, אַז מען איז אויפגעשטאַנען און מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס׳ניטאָ ניט קיין הענעך, ניט קיין קרעטשמע: ניטאָ קיין סימן פון קיין פלויט, ווי גאָרניט געווען אויף דער וועלט! די ווענט צענומען, די אַשולעס צונויפ־געוואָרפן אויף איין באַרג, די גריבלעך פאַרשאָטן, פאַרגלעט. שאַ, שטיל, און בלאָז מיט קרייד, און בונים־בער שלאָפט שוין ערגעץ. מן הסתם איז ער שוין די נאַכט ניט געשלאָפן, און ניט ער אַליין איז אויף געווען. ווייזט אויס, אַז מיט אים איז אויפגעווען דער קלענערער בראַטאַקל לייבושל.

— שוין דאַרף מען לויפן צום פריסטאַוו!...

און קיינער לויפט ניט.

עפּעס איז ניטאָ נאָך וואָס צו לויפן. „מיט אַזעלכע איז מען שוין אפשר ניט זיכער מיטן לעבן אויך".

נו, האָט זיך דערווייל טאַקע פאַרצויגן אַ מחלוקת ניט אויף אַ חודש און ניט אויף אַ יאָר, און אין פאַרלויף פון דער מחלוקת מיטן אייביקן לאַדעניש האָט מען דערווייל צייט געהאַט זיך צוואַנציק מאָל צעקריגן און צוואנציק מאָל איבערבעטן. נאָר איצט זיצן זיי אַלע ביי מאַטעסן ברוגזע און אין וואָכעדיקן אָנטאָן — איין מאָל ניין, זיי ווילן ניט גיין צו דער חופּה... זעט איר שוין, אַז ס׳ניט קיין גרינג שטיקל אַרבעט, פּונקט איצט, אַ שעה פאַר דער חופּה, ער, דער חתן אַליין, זאָל גיין זיי איבערבעטן. פאַרשטייט זיך, אַז ער אַליין דאַרף גיין בעטן, וועמען דען וועלן זיי הערן, אַז ניט אים?

און ער גייט טאַקע.

דערנאָך גייען שיינע מענטשן פון שטאָט און בעטן פאַר אים, אַז ס׳איז אַן עוולה. ס׳איז דאָך צו אַ יתום אויף אַ שמחה, ווו די טויטע נשמות מיטן רבונו־של־עולם אַליין וועלן קומען זיך משמח זיין, — פון דער שטאָט רעדט מען שוין ניט, און דאָ אַ לייבלעכע מומע מיט אַן אייגענעם פעטער... און ס׳גלאַט ניטאָ קיין סך וואָס צו רעדן?! ביז כך הווה.

מ׳האָט איינגעבראָכן דעם עקשן. דער עולם האָט זיך אין דער גיך איינגעוואַשן און צוגעפּוצט (אַראָפּגעוואָרפן די אַלטע הויט פון זיך און אָנגעטאָן אַ נייע). די האַרבאַרניעס זענען געוועןביידע שבתדיק געשלאָסן, די בעלי־מלאכות זענען אויך געקומען מיט זייערע ווייבער און קינדער, און אַלע פירן זיי בונים־בערן, זאָל זיין אין אַ גוטער און אין אַ מזל־דיקער שעה, צו דער חופּה.

## דער האָניק־חודש

### 1

שעווקע איז טאַקע געקומען אַהער אָן נדן און אָן רייכע קליידער, אָבער שעווקע איז ניט פון די, וואָס לאָזן זיך שפּייען אין דער קאַשע. זי האָט עס אַרויסגעוויזן פון דער ערשטער שעה אָן...

— איר האָט געהערט כאָטש סאַראַ מלחמה אַ ביסל ס׳פּירט זיך ביי שיינען דער הארבאַרקע?

— יאָ, נו, אוודאי האָבן מיר געהערט. ס׳זי דאָך אַזוי, די שנור!

— נו, וואָלט איר גלייבן אויף היינטיקע קינדער? אַן אָרעם, אַן אָפּגעריסן מיידל איז אַריינגעקומען אין אַזאַ שטוב אויף גוטער ידישקייט געזאָגט געוואָרן, און „זי” ברויעוועט נאָך?!

— עפּעס איז ער, — זאָגט מען — אַ מורלאַ, ניט דאַ געדאַכט, ער, דער יונגערמאַן.

— אַיי, וואָס רעדט איר, וואָס! הערט שוין אויף, הערט אויף! אַ באַלעבאַטישער יונגערמאַן! קען ער זיך ניט דרייען אויפן קאַרעק, אָדער איך ווייס וואָס. האָט איר געהערט אַ ביסל? גלייבט מיר, ווי איר זעט מיך אַ יידיש קינד. איך זאָג אייך — הונדערט מאָל לייטישער פון אַלע היינטיקע!...

---

דאָס רעדט מען שוין אַזוי אין שטעטל.

ניטאָ נאָך קיין חודש נאָך דער חתונה, און אַלע רעדן שוין, אַלע ווייסן שוין. מען ווייסט שוין אַלץ אויף געוויס און ביז יעדן פּיצעלע.

און עס איז טאַקע ריכטיק. מ׳ווייסט שוין. כאָטש אַלץ וואָס מען ווייסט, ווייסט מען נאָר „פּריבליזיטעלנע”.

שעווקע טראָגט גלייך דעם קאָפּ, ווי אַ יונגע ביסטרע קו, און שעווקע וויל ניט קיין שוויגער. ד. ה., נאָך איר נאָך מעגן אַפילו זיין הונדערט שוויגערס, נאָר „זי” זאָל זיין עלטער, זי, שעווקע. און אויב ניט? אויב ניט, וויל זי אַפילו די איינע אויך האָבן אין דער ערד.

בונים־בער ווייסט ניט, מיט וואָס מען עסט דאָס.

בונים־בער לעקט נאָך ערשט דעם האָניק פון די פינגער.

בונים־בער פאַרשטייט ניט. ביי בונים־בערן קערעוועט זיך גאָר־ניט אין קאָפּ צו גיך. ער האָט נאָך פּשוט ניט צעקייט אין וואָס דאָ גייט. אַזאַ ווי שעווקע איז אָבער ניט מחויב אויסוואַרטן. ווי אַ לייביכע אַ

יונגע (פונקט אַזאַ אָפּשײַן האָט זי), ווי אַ שײַנע חיה אַ „זי" שפּאַנט זי אַרום הין און צוריק איבער איטשע דעם האַרבאַרס חדרים. זי שפּאַנט אַרום הין און צוריק און זי קען נאָר איין מלאכה: זי שמיצט און ברעכט אַלץ, וואָס ס׳קומט איר אונטער די הענט.

בונים־בער, ווײַטער, ווייסט אָבער ניט פון קיין קונצן. בונים־בער האָט צוויי הענט מיט אַ ליפּ, מיט אַ פּאָר גרויע אויגן און מיט אַ פּיסק.

— וואָס איז עס פאַר אַן אַרבעט ברעכן טעלער, האַ? וואָס איז עס פאַר אַ שטיק וואָלט איך וועלן וויסן???

ער האָט אויפגעעפנט אַ מויל. זײַנע גרויע צוויי אויגן זענען פאַר־לאָפן געוואָרן מיט אומהיימלעכקייט און האָבן באַקומען אַ בייז־פּאָפּע־ליאַטן קאָליר. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך אויסגעטיילט, די פליגל בײַ ביידע נאָזלעכער האָבן זיך צעבלאָזן. שבת אין דער פרי איז עס געווען, און ער איז נאָך אומגעגאַנגען אין די ווײַסע אַרבל... און גאַרניט אויף קאַטאָוועס וויל ער וויסן, טאַקע איצט אין דער רגע וויל ער וויסן, וואָס זענען עס פאַר אַ שטיק, וואָס זענען עס?

נאָר אַזוי ווי שעווקע האָט פיינט פוסטע רייד און ענטפערן מוז מען, ליגט שוין די גלאָז שבתדיקע ציקאַריע אויפן דיל... שעווקע טומלט ניט, שעווקע האָט אפילו ניט ליב צו אָפּענטפערן אין אַזאַ צייט (כאָטש אַזוי, אין אַ טאָג פון אַ גאַנץ יאָר, אויסרעדן אַ „לעבעדיק" וואָרט האָט זי דווקא גאָרניט פיינט). איצט זענען פאַר איר ווערטער ניט קיין פּאַסיקע סחורה. אין אַזעלכע פאַלן האָט זי ליב אפשר טאָן, און טאָן קען זי אויסגעצייכנט גוט... זי רעדט ניט. זי איז אויסגערעכנט, און נאָר אַ הערלעך פייער ברענט אַרום איר יעדן ריר און קער אירן. און קיין איין באַוועגונג גייט בײַ איר ניט פאַרלוירן, און אַן קיין חשבון. די שוויגער האָט שוין פון אירעט װען אפילו אָפּגעזוכט דעם נאָמען „די ארורה". אָקוראָט פון אירעט וועגן. נאָר בונים־בער? בונים־בער קען שוין גאָר אַזוי קלוג ניט זיין!...

דער האָלצערנער זייגער אויף דער וואַנט מיט די צוויי שווערע אייזערנע געוויכטן, וואָס איז אַזוי אַלט און אַזוי זיכער אין דעם, אַז אַלץ, וואָס איצט קומט פאָר אויף דער וועלט, מעג און ס׳דאַרף זיין געראָטן מיט יעדן פּיצעלע אין אַלץ דעם, וואָס ס׳געווען צוריק מיט היפּשע צענדליקער יאָרן, — אָט דער אַלטער באַלעבאָס אין שטוב, איז דאָך כסדר אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן בײַ איטלעכן פון די היגע איינ־וווינער, איז אַז ער כריפּעט אָפּ שבת אין דער פרי, למשל, 9 באַרוטע, פּאַמעלעכע קלינג, איז, וואָס ס׳זאָל ניט געשען אין דער רגע אין שטוב,

צי אין גאַס — אין דרויסן מעג אַפילו דונערן און בליצן אָדער אין שטוב מעג אפילו ליגן אַ מת פאַר די אויגן, — דאַרפן די מאַנסבילן זיך אָנטאָן און גיין אין שול אַריין דאַווענען (אַט זעט איר, די ווייבער, איז ווי ווער ס'וויל זיך). אויך איצט, אין דער מינוט, האָט דער זקן ניט פאַרפעלט אָפּציילן צו דער צייט זיינע בּאַרוטע פּאַמעלעכע קלינג, און בונים־בער האָט אָוועקגעוואָרפן אַלע אַרבעטן, אין דער גיך אָנגעטאָן דעם סורדוט, אויפן סורדוט דעם האַמעטנעם באַלעבאַטישן טלית מיט די גרינע טאַש־מעס, אויפן טלית — די „ליעטנע פּאַלטע", זיך אָקוראַט אַרומגעשטעקט, — אַזוי ווי ס'טוט כסדר דער ראַדאָווליִאָווער און נאָך באַלעבאַטים טוען אַזוי — און איז, ווי יעדער שבת אין דער פרי, אַוועק אין שול אַריין.

אין גאָרטן איז שוין אַלץ אויפגעגאַנגען. מען האָט שוין אפילו גע־זעצט אוגערקעס. די יונגע פלוימען־ביימלעך איבערן פענצטער זענען שוין אַלע אָנגעטאָן אין גרינס. זיי זענען אַזוי יונג, די ביימלעך, און רייצן מיט זייער פרישקייט דאָס אויג. אין די פענצטער פון די אַלקערס, וואָס גייען אַרויס צום וויהאָן, איז די גרין־באַגראָזטע ערד מערער ענלעך אויף אַ קישן, ווי אויף ערד, אַ קישן אַ פּליושענע, אַ ווייכע און ביז גאָר אַ ציכטיקע. עטוואָס העכער פּאַשען זיך געגדזלעך, אויסגעשאָטענע אויפן גראָז, אַלערליי אַזעלכע געלינקע און ווייכינקע גענדזועלעך. זיי האָבן, ווייזט אויס, דאָ ניט לאַנג דורכגעבראָכן זייערע פינצטערע שאָלעכצדיקע היימען, און איצטער וואַקלען זיי זיך אין זייער קליינער געמיינדע, פאַר־חידושטע אַזעלכע פון אַזוי פיל שיינענדיקע און אומגעהייער רחבותדיקע וועלטן.

ס'איז אַ שיינער שבת, מיט אַ סך זון אויף גאַטס וועלט. נאָר שעווקע לאָזט צו זיך אין אלקער קיינעם ניט. פאַרהאַקט די טירן און קיינער טאָר ניט אַריין.

וואָס זשע טוט זי עס אין אַלקער אַזעלכעס?

אפשר ליגט זי איינגעגורעט אין אַ קישן און וויינט?

אפשר קלערט זי פון סמען זיך און פאַרשעלט זיך אירע יונגע יאָרן, וואָס זי האָט זיך מיט אַזאַ יונגן מאַן באַגעגנט?

ווייזט אויס, אַז ניין. זי מעסט אָן אויף זיך די מלבושים פון שאַפע. וויפל ס'קריכט נאָר אַרויף, מעסט זי אויף זיך, איינס אויף איינס, פאַר־שטייט זיך מלבושים ווייבערשע. זיך צוגעפוצט, דאָס זייגערל מיטן גאָל־דענעם קייטעלע אויפן האַלדז, די פינגערלעך אויף די הענט, נאָך איין מאָל אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און זיך גענומען אַרויסשטופן דורך דעם שמאָלן אַלקער־טירל. דערנאָך, אַ ביסל גרוימער — דורך דער דרויסן־

טיר, — אַז זי איז דאָך אַזאַ גראָבע, נאָך גרעבער, ווי אינעם ניינטן חודש! — און זי איז אַוועק.

— וווהין גייט עס שעוועקע אַזוי פרי? — האָט מען זי געפרעגט אין גאַס.

— וווהין גייסטו עס, שעוועקע, אַזוי פאַר וואָרמעס? גוט שבת!

— גוט־יאָר, — ענטפערט שעוועקע, — צו דער מאַמע האָב איך זיך אויסגעקליבן. — און זי שמייכלט ממזריש פון דעם, וואָס זי איז שוין אפשר אזוי „גראָב", וואָס זי איז שוין אַזוי גיך אין ניינטן חודש.

און אַז שעוועקע שמייכלט, לאַכן ביי איר די אויגן, לאַכט ביי איר איר גלאַט שיין פּנים מיט איר גלייכער געשניצטער נאָז. און די פאַר־שייטע פייערהאָר, וואָס וויפל זי שאַרט זיי ניט אונטערן שוואַרצן שאַרף אַרונטער, ווילן זיי זיך דאָרט ניט האַלטן. זיי גנבענען זיך אַרויס אַלע רגע מיט אַ קוקעלע און האַלטן אין איין רייצן.

— אַ גוטן שבת?!

— אַ גוטן שבת!

און דאָ גייט מען שוין פון שול. ווייבער מיט מאַנסבילן און קינ־דערלעך מיט טליתים אונטער די הענט, מיט ווייבערשע סידורים. אַנ־דערע סידורים זענען זייער גראָב און איבערגעבונדן מערסטנטייל מיט ווייסע, גרויסע טיכלעך אויף דער סאַמע מיט. און די זון, איר קומט דאָך אויס כסדר סוף־כל־סוף בלייבן אין דרויסן ביי די גאַנקעס (און לעבן די בהמות, וועלכע זענען שוין געקומען אויף ראַנקעס און האַלטן זיך אין איין אַרומטרייבן פון די פליגן), דאָך מאַכט עס פון לכתחילה אַן איינדרוק, אַז די זון גייט אויך פון שול, און אויף יעדער גאַס פאַרקע־רעוועט זי זיך אין איינעם מיט די קופּקעס ווייבער, מאַנסבילן און קינדער.

ביי די וויהאָנער לייט נעמט אָפּ דער גאַנג אַ ביסל מער צייט. און בשעת אין שטאָט מאַכט מען שוין קידוש און מען וואַשט זיך שוין צום טיש, זענען די וויהאָנער נאָך אין גאַנג.

די שוויגער איז אין שטוב אַריין די ערשטע:

— גוט־שבת. — און זי וואַשט בעת־מעשה די הענט אין קיך. אפשר קומט פון איר דעם רבונו־של־עולם אַן אשר יצר, אָדער וואָס.

בונים־בער איז אַריין מיט די קלענערע יינגלעך, זיך כמעט אויך פאַרגעסן, וואָס אין דער פרי איז פאַרגעקומען.

— גוט־ש ב ת!

נאָר טו נאָר אַ קוק, די שטוב איז אַליין און ניטאָ קיינער...

— ווו איז שעוועע?

? ? ?

רעד צום לאָמפּ...

אַריין אין אַלקער. — די בעטן זענען ניט פאַרבעט, די שאַפע איז אָפן, ניטאָ די מלבושים...

— אָט אַן אַרורה! — האָט די אַלטע ניט אויסגעהאַלטן און זיך אויסגעשאָלטן כאָטש אין מיטן שבת.

בונים־בער האָט גלאָט ניט געוווסט, מיט וואָס מען עסט דאָס, האָט ער עפּעס אַזוי ווי אין דער וועלט אַריין געסמאָטשקעט מיט די ליפּן, האָבנדיק דערביי אַ פּנים שוין גאָר פון אַן אַלטן מענטשן:

— פּסס, אַ מעשה, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט.

די קלענערע יאָטן איז עפּעס מוראדיק געווען געפעלן, נאָר זיי האָבן געציטערט עס אַרויסוויַיזן. האָבן זיי דערוויַיל געמאַכט אַ שוויַיג. זיי האָבן נאָר געוואָלט וואָס גיכער שוין האַלטן ביים נאָך וואַרמעס.

---

— דערלאַנג צום טיש! — האָט בונים־בער אַ ריס געטאָן מיט פאַרשטעלטן כעס...

דער צימער, וווּ מען עסט און וווּ מען רעדט מיט מענטשן, איז אַ גרויסער און אַ געררוימער. זייער אָפט בעטן זיך די שטאָטלייט, ווען ס'איז ביי וועמען אַ חתונה, בעטן זיי זיך, מ'זאָל זיי אַהער אַריינלאָזן מיטן חתן־מאָל. בלייבט נאָר דער איין חסרון, וואָס די זון קומט אַהער אַ גאַנצן טאָג ניט אַריין, און ס'דאָ כסדר קיל און ס'איז סומנע.

אין דער וואָכן עסט מען דאָ ביים טישל אין סאַמע ווינקעלע, וואָס צווישן קיך און קליינעם אלקערל. שבת און יום־טוב עסט מען ביים גרויסן טיש. און דער גרויסער טיש איז טאַקע אַ גרויסער, אַ שטאַרקער און אַ לאַנגער. דאָס איז אַ ירושה־טיש, וועלכער האָט שוין לאַנג אָנ־געוווירן זיין ריכטיקע פאַרב, נאָר שטאַרקייט וועט אים נאָך קלעקן ביז די אור־אור־אייניקלעך. לעם דעם אַ טיש שטייט, פון איין זייט, אַ שטאַרקע קאַנאַפּע (ביים פענצטער, וואָס צום גאָרטן צו), פון דער צווייטער זייט, וואָס צו דער שטוב, שטייט אַ שווערע און לאַנגע באַנק. און ביים אויבן אַן — אַ באַנק־בעטל. די קאַנאַפּע מיטן באַנק־בעטל פאַרמאָגן גראָבע און הויכע ווענטלעך געפאַרבטע אין רויטן. ביי די ווינקלען — גאַלקעס, און אויף די ווענטלעך פון אויבן זענען אויסגעזעגן קעפּ און לאַפּעס פון עפּעס אַזעלכע באַשעפענישן, וואָס צום פליען האָבן זיי ניט קיין פליגלען און צום גיין האָבן זיי ניט קיין פיס, און ביי יעדן

איינעם פון מויל שטעקט אַ גרויסע, שוין צו אַ גרויסע רויטע צונג. דער טיש, די קאַנאַפּע, דאָס בענקלבעט און די בענק, אַלע דריקן זיי מיט זייער שווערקייט איינער אויפן אַנדערן און זיי זענען פאַרמאַכט פון דריי זייטן. אַז מע דערקלייבט זיך אַהער, הייסט עס, אַז מע זיצט שוין אַזוי ווי אין קייטן. אַן אַרויסגאַנג איז נאָר דאָ איינער: דאָרט, ווו דאָס טאַבורעטל שטייט (און ווו אויפן טיש בלייבן שטיין שבת די לייכטער אויף אַ קיילעכדיקן מעת־לעת).

און איצט איז דאָך נאָך שבת. איצט זיצט מען אַלע ביים טיש, און ס׳פּעלן נאָר טייבל (טייבל האָט דאָך חתונה געהאַט אין דאָרף אַריין) און שעווע (דאָס איז דאָך טאַקע, וואָס שעווע פעלט! און דערפאַר הערשט דאָך טאַקע דאָ אַזאַ שטיקנדיקע שטילקייט ביים טיש און אַרום).

אויפן אַפענעם עק טיש, ביים טאַבורעטל, שטייען די ניט־אָראָפּגענומענע לייכטער, וואָס זענען געוויס הוילע מוקצה. אויפן טיש פון מיט ביזן אויבן אַן וואַלגערן זיך אַנגעשניטענע קוילעטשן און ווייסע קנאָכן־ביינער געטריי אַרומגעהריזעטע, אויסגעסמאַטשקעטע און ריינע. ס׳שטיל. מען עסט, נאָר די מוטער האָט זיך פונדעסטוועגן ניט איינגעהאַלטן. זי האָט אָנגעהויבן שטיל, ווי צו זיך אַליין, אָדער צו דעם ברויט וואָס זי עסט. און דערנאָך איז עס ביי איר אַוועק אַלץ העכער און העכער:

— וואָס איז? איך האָב זי דען פריער ניט געקענט? — האָט זי אָנגעהויבן, — ניט געוווסט, וווהין מען פאַלט אַריין?... אַז יענע איז דאָך נאָך געווען אַזאַ אַ, נאָך ניט דערלעבט אויפוואַקסן, האָט מען געקענט פון איר קילן די ערד, אַז דאָרט איז גאָלע קבצן און גאָלע קליפּע.

בונים־בער האָט דערלאַנגט איבערן טיש אַ פּליאַסק דעם מיטלסטן יינגל לייבושן.

— משוגענער הונט איינער! — האָט ער זיך ערשט דערנאָך צעשריען און צעלאָזן די נאָזלעכער, — משוגענער הונט! ווי אַזוי זיצט מען עס ביי אַ טיש און מען האַלט עס אַ גאָפּל?!

„משוגענער הונט” האָבן זיי זיך כסדר איינער דעם אַנדערן גערופן פאַר דערפאַר, וואָס יעדערער האָט געהאַלטן אַלע איבעריקע שטובלייט, חוץ זיך אַליין, פאַרן טאַטן יחיאלקעס קינדער.

און אַזוי ווי לייבושן איז ערשט צוועלף יאָר, און ער איז ניט מער ווי אַ חדר־יינגל, האָט ער אויסגעשפּיגן אַ מויל בלוט אין טעלער אַריין. דער געלער אויסגעשייערטער גאָפּל איז פאַרפלויגן צו דער מוטער אין שיסל אַריין, און לייבושל האָט זיך גענומען רייסן פון פאַרן־טיש מיט אַ רעוועריי.

— בורילאַ, אַ רוח אין דיין קאַפּנסקאַפּ אַריין! משוגענער הונט! — און ער האָט געשלעפּט די פיס פון שווערן טיש אַרויס אויף דער פריי. ער וועט אים אַפּצאַלן, דעם עלטערן ברודער.

— דו האָסט ניט ווו די הענט אַהינטאָן? — האָט זיך די מוטער אָפּגערופן, — אַפּדאַרן זאָלן זיי דיר, רבונו־של־עולם... אַז אויסגעקויקלט האָט זי געמעגט ווערן אַ קליינינקע... קום אַהער, לייבוש. קום זיץ ביים טיש. נאַ דיר קוגל. קוק! נאַ, זע סאַראַ גרויסע שטיק. קוק, לייבוש!

מען האָט זיך צוריקגעזעצט ביים טיש. די מוטער האָט געטיילט דעם ראַזעווען גרויסוווקסיקן קוגל, דעם אָנגעשטעקטן מיט שטיקער ניט־דערפּרעגלטן שמאַלץ. זי האָט געטיילט און געהיט זיך ניט איינצוטונקען אין טעלער די שפּיץ אַרבל פון דער שבתדיקער קאַפּטע.

ס'איז געוואָרן צוריק שטיל. מען האָט נאָר געסאַפּעט און געגעסן, כאָטש קיינער פון די בייוועזנדיקע איז שוין ניט געווען זיכער, אַז דאָס וועט מען פונדעסטוועגן אָפּעסן און אָפּבענטשן און מען וועט זיך צעגיין פון טיש ווי ס'געהער צו זיין.

**2**

זונטיק האָט זיך בונים־בער געשטעלט צו דער אַרבעט ווי אַ באַשטראָפּט חדר־יינגל. די בעלי־מלאכות ווייסן, ווייזט אויס, יעדעס פּיצעלע, ער דערקענט עס אין זיי. דער רוח זאָל עס נעמען!...

געניטע מאַנען האָבן אים אפילו צוגעזאָגט, אַז זי וועט קומען. זי וועט געוויס קומען, ווי דען? ביים סקרעבעליוק (דאָס ט'מען געמיינט שעווקעס טאָטן, ניסנען, וועלכער קומט אַרויס פון אַזאַ דאָרף), ביי דעם סקרעבעליוק דעם גביר וועט זי זיצן?

— דאגה זיך ניט. אַז זי וועט קומען, וועסטו נאָך זען, אַז זי וועט ווערן ווייך ווי אַ פּוטער. — און זיי ווינקען צו... זיי זאָלן כאָטש אָפּט מאָל ניט מאַכן פון אים קיין געשפּעט. גוט איז זיי, אַז זיי ווייסן שוין ווי מען פירט זיך.

די אַלטע האָט זיך אין דער שטיל געשמירט דאָס האַרץ און האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ גט. זי איז שוין גאָרניט אַזוי געטריי געווען דעם זון, ווי זי האָט איבער נייס און אויף דער אמת דערפילט, אַז איר הערשאַפט גייט אונטער:

— ביי די סקרעבעליוקעס, וואָס האָבן זינגט זיי לעבן קיין אייגענעם ווינקל ניט געהאַט, וועט זי, שיינע די האַרבאַרקע, ווערן אַ דינסט?!

— אַז ניט דערלעבן וועלן זיי עס!

וואָס איז? דעם שיינעם נחת, וואָס זי האָט געהאַט פון איר לעבן?

און אין דער הויך האָט זי גערעדט, אַז פון בונים־בערן איז געבליבן האַלב. זי האָט אים אויפגעגעסן, די ארורה... אַ גט זאָל זיין! אין אַ בלאָטע אַז מען קריכט אריין, איז שוין ניט אַזוי גרינג זיך אַרויסקאַראַטשען.

בונים־בערן זענען אָבער דער מוטערס רייד ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. אים האָט זיך זייער געגלוסט זען שעווען.

זונטיק — אַ יאָר, מאָנטיק — אַ יאָר. דינסטיק — אַ יאָר. און שעווע איז ניט געקומען אַהיים. שעווע האָט אפילו קיין שוועסטערל ניט צוגעשיקט גאָרניט איבערגעבן.

בונים־בער האָט אָנגעפּאַקעוועט אַ טאָרבע מיט קיכלעך. די אַלטע איז פּונקט געווען אין מאַרק.

— נעם, — זאָגט ער צום מיטלסטן, צו לייבושן, — נעם טראָג אָפּ צו איר די קיכלעך. נאַ, פאַר דעם גאַנג גיב איך דיר אַ זעקסער אויף יאַדערן.

לייבוש איז אַוועקגעלאָפן מיט די באָרוועסע פיס צו ראָסלען, מיט דער טאָרבע אין דער לינקער האַנט און דעם זעקסער אין דער רעכטער (שטאַרק איינגעקוועטשט). ביי ראָסלען איז אַ פולע שטוב מיט קינדערלעך. ביי ראָסלען איז אויך פאַראַן אַ לייבוש — אַ גראָבינקער קאָדובטשיק און זייער אַ קלוגער. טאָקע מיט דעם לייבושן אין איינע יאָרן...

ראָסל זיצט ביי יענעם אין שכנות.

לייבוש האָט נאָך שטאַרקער אויפגעקוועטשט דעם זעקסער אין האַנט, דערנאָך איבערגעלייגט דעם זעקסער אין די ציין. געטאָן אַ רוק־אַרויף די הויזלעך און איבערגעביטן די טאָרבע אין דער רעכטער האַנט און דעם זעקסער אין דער לינקער. אָבער אים האָט זיך געדוכט אַלע רגע, אַז אָט טוט ער אַ שמיץ דעם זעקסער מיט דער טאָרבע אין איינעם — ער שעמט זיך פאַר איר, פאַר שעווען.

לייבוש האָט זיך שוין געהאַלטן ביי דער קליאַמקע לעבן דער קיכטיר. פּלוצעם האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר. דאָס האָט לייבוש ראָסלס געגעבן אַ קוק אַרויס און האָט לייבושן שיינעס מעשה־כוואַט אַ שלעפּ געטאָן פאַרן אַרבל.

— דו! קום נאָר אַהער, — האָט ער שטיל און נייגעריק צוגעגעבן, און באַטאַפּט אין איין גאַנג לייבושן שיינעס פון קאָפּ ביז די פיס, ווו מיטן בליק און ווו מיט די הענט.

— קיכלעך גאָר?! — און האָט געגעבן אַ זופּ מיט דער נאָז, — קום,

האָב קיין מורא ניט. אָן־אָ איז זי, שעווקע.

לייבוש שיינעס האָט אַ וואָרף געטאָן די קיכלעך און איז אַנטלאָפן געוואָרן. שעווקען האָט ער געזען. פון ווייטן איז זי געשטאַנען אַ שמייכלענדיקע, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. זי האָט געפרעסט אַ זויבערווייס קאָפּטעלע אויפן איבערגעשפּרייטן שליאַבאָן און זי האָט אַלץ געשמייכלט.

3

— בונים־בער, האָ, בונים־בער! שטיי אויף!...

— נו, פוילער הונט, די מענטשן וואַרטן דאָך און ווייסן ניט, וואָס צו טאָן?!

בונים־בער האָט זיך אַ ריר געטאָן אונטער דער רויטער מולטענער קאָלדרע אין דעם געפּאָרבטן בעט און האָט פאַרשלאָפן געבורטשעט.

— וואָס ווילסטו, וואָס? — דאָס בערדל איז ביי אים געווען איינגעפּרעסט אין איין זייט און ער האָט קוים געעפנט אַ האַלב אויג.

אין יענעם בעט אַנטקעגנאיבער האָט געדאַרפט ליגן שעווקע, אַ שיינע, אַ ווייסע און אַ לאַכנדיקע. שעווקעס בעט איז געווען אַ פּאַליטורטע אין טונקל־געל מיט איין הויכער פאַרענטשע ביים צוקאָפּנס. טאַקע אַ נייע בעט. מיכל דער סטאָליער האָט אָפּגענומען 8 זילבערנע רובל, נאָך מיט אַ פּאָר פּאָדעשוועס צוגאָב. בונים־בער האָט זיך אפילו ניט געפוילט און אים אָנגעגאָסן, דעם סטאָליער, אַ קוואָרט זשעגעכץ. מיכל האָט אומיסטן געבראַכט צו טראָגן אַ פאַרשמירטע בלעכענע פושקע אויף אַ בענדעלע און ער קוקט אויף דער פושקע, דערנאָך אויף בונים־בערן און ער שמייכלט.

— נישקשה, — ווינקט ער אים, — וועסט שוין ניט אַרויספאַלן פון דעם בעט, אַז דו וועסט שלאָפן מיט דיין ווייב, מיט דיינער. איך האָב דיר געמאַכט אַ גוטע בעט... דו מעגסט, כ'לעבן, ניט זשאַלעווען און אָנגיסן אַ ביסל זשעגעכץ אויף צו שמירן די ייִנגלעך די שטיוול...

און בונים־בער האָט ביי אים אָן ווערטער צוגענומען דאָס בלעכענע קעסטעלע אויפן בענדל און אים טאַקע אָנגעגאָסן אַ פעטע קוואָרט דזשעגעכץ. ניט ווייל ער איז אַזאַ גוטער, בונים־בער, נאָר ער האָט געוווּסט, אַז דער סטאָליער איז גערעכט: שעווקע איז ניט אַבי ווער.

— נו, וואָס זאָגסטו אויפן ליעזשען?! ביז וואַנען וועסטו זיך קאַטשען — פרעג איך דיך? ווי דו זעסט מיך אַ ייִדיש קינד, אַז אַט גיס איך דיר אַריין אַן עמער וואַסער אין בעט אַריין!...

בונים־בער האָט אויפֿגעריסן דאָס צווייטע אויג אויף האַלב, געגעבן אַ בליק אויף דעם קעגנאיבערדיקן בעט. עס איז געשטאַנען אַ פֿאַרבעטע שוין פֿון עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד. בונים־בער איז געוואָרן אין כּעס און האָט זיך הויך אויסגעשפּיגן.

— דו גייסט ניט אָוועק? — האָט ער אַ בורטשע געטאָן אויף דער מוטער, — אָט גיב איך דיר אַ כראַק אין דער צורה, אַז דו וועסט די אויגן ניט קענען עפֿענען!

ס'איז ניט געווען קיין זידלוואָרט. „אַ כראַק אין דער צורה" — דאָס איז בונים־בערס אַ געוויינלעך אָפּשפּאַר־וואָרט.

די מוטער האָט זיך אויסגעשאָלטן און זיך אויך צום טעם אויסגע־שפּיגן. זי האָט אויסגעבייטלט אַלע בייזע חלומות צו איר זונס קאָפּ.

— גיי רעד מיט אַזאַ תּנא. אַז ביז דו וועסט אים דערוועקן, וועלן דערווייל די מענטשן פֿטערן אַ האַלבן טאָג!

דער אַלטער ירושה־זייגער אויף דער וואַנט מיט די הילצערנע ווייזערס און מיט די צוויי שווערע אייזערנע געוויכטן האָט שוין אַזוי גרויס ווי דריי פֿערטל אויף זעקס. זי האָט דאָך שוין די בהמה לאַנג אַוועק־געטריבן אויף דער פּאַשע, דער סטאַרעץ האָט שוין ביז אַהער אָנגע־שפּאַרט אין צענטן דאָרף, און דער שיינער תּנא שלאָפֿט נאָך... ניט אומזיסט האָבן די מענטשן אָנגעהויבן אַזוי וויליען און זיי קומען האַלבן טאָג צו דער אַרבעט. אַז זיי האָבן אַ רוח פֿאַר אַ באַלעבאָס האָבן זיי. אַ פֿוילן הונט!... די אַרורה, פֿאַרשאָלטן זאָל זי ווערן!...

און דער שנור זענען דערווייל הינטער די אויגן אַריינגעפֿאַלן עטלעכע קללות, גאַנצפֿריענדיקע.

בונים־בער האָט זיך פּלוצעם דערפֿילט עלנט ביי זיך אין זיין אַלקער. און דאָ האָט זיך ביי אים אונטער דער ברוסט איבערגעדרייט עפּעס אַ קנויל און ס'האָט אים אָנגעהויבן באַנג טאָן פֿאַר איר, פֿאַר דער קליפּע. זי וואַלגערט זיך, נעבעך, דאָרט צווישן די קליינוואַרג (אויף דער שווי־גערס קינדער אַזוי) אויף אַ האַרטן קאַסטן ערגעץ. זי האָט, נעבעך, ניט איר אָפּרו. אים דוכט זיך, אַז ער דאַרף נאָר נעמען איר אָפּטראָגן דאָס בעט מיטן בעטגעוואַנט אַהין צו. ער ווערט פּלוצעם אָנגעגאָסן מיט תּמע־וואַטעקייט און ס'ביי אים קיין חילוק ניט, ווו שעווקע וועט זיך אויפֿ־האַלטן. ער דאַרף נאָך פֿאַר איר זאָרגן.

בונים־בער איז שוין געגאַנגען אין די שטעקשיך (אַרומגעשניטענע שקאַרבעס פֿון אַ פּאָר אַלטע שטיוול), אינעם ציצענעם, קליינעם טלית־קטן, און ער האָט געשנייצט מיט כּעס די נאָז. אַז בונים־בער שנייצט פֿריי

די נאָז, קען מען דערהערן אויף דער צווייטער גאַס. מיט כּוח מאַכט ער עס, און אַלע טאָג אַזוי. איבער דער וואַנט, ביי די צעקריגטע פריינט, ווייסט מען שטענדיק, אַז ס'שוין זעקס אַ זייגער: בונים־בער רייניקט די נאָז. אַ גוטע פינף מינוט האָט ער צו טאָן מיט דער נאָז אין קיך לעבן דער בהמהס צעבער, ווו ער וואַשט זיך, און ס'איז כּסדר אַזוי, אי זומער אי ווינטער און אפילו דענסטמאָל, ווען שעוקע פייפט אים אָן און אַנט־לויפט צו איר מאַמע.

4

אַ־האַ! ס'איז טאַקע איטלעכן אַ ווונדער, ווען און ווי אַזוי איז שעוקע געקומען צוריק אַהיים?

טאַקע ווען איז שעוקע געקומען אַהיים?

די שוויגער איז געזעסן אין קיך אויפן קליינעם בענקעלע און האָט געשיילט קאַרטאָפל. די קיכטיר איז געשטאַנען אַ צעעפנטע צום הויף אַרויס, ווו ס'טריקענען זיך אויף שטאַנגען אַ פּאַרטיע גרויסע אונטער־געשמירטע יוכטן. פּלוצעם איז זי אַרויף, שעוקע, אויפן גאַניק און איז גלייך דורך פאַרביי דער שוויגער מיט צוויי אָפענע, לאַכנדיקע, שעלמישע אויגן, אָן אַ גוט־מאָרגן, אָן אַ גוט העלף, און איז אַוועק גלייך צו זיך אין אַלקער אַריין.

נאָך איר איז אַריין בונים־בער, אינעם אַלפּאַגענעם זעקל, אין וועל־כן ער גייט געוויינלעך אין שטאָט אַריין... אַמער, זי האָט גאָר ניט געזען, די אַלטע, ווען ער האָט זיך אַרויסגעדרייט מיטן אַלפּאַגענעם זעקל?!. ווייזט אויס, אַז ס'איז אָן אָפּגערעדטע זאַך... און ער איז נאָך איר אומ־געגאַנגען אין מיטן העלן טאָג... ס'האָט זיך גאָר קיין מורא ניט פאַר לייטישע צינגער, אַזאַ ארורה, גאַרניט שטייט צו דעם ניט צו?!

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעריסן אין האַרצן.

זי האָט צעבראָקט און צעפּיצלט אַ ניט־דערשיילטע קאַרטאָפל, אַריינ־געוואָרפן זי אין דער בהמהס צעבער אַריין (דווקא אַ גוטע קאַרטאָפל געווען, ניט קיין ווערעמדיקע) און זי האָט גענומען מיט כּעס איבער־שאַרן אין אויוון.

די אַלטע איז אַריינגעלאָפן צו די שכנים, וואָס איבער דער וואַנט (אַרום און אַרום דאַרף מען גיין) און גענומען אַ פּאַרסאָפעטע דערציילן:

— וואָס זשע ביסטו אַזוי בלייך? — פרעגט זי יענע איבער.

— נאַרעלע, — ענטפערט די אַלטע נאָך שטאַרקער בלייך ווערנדיק, און דערווייל טאַפּט זי מיט צעשראָקענע פינגער און מישט איבער די

שאַלעכץ פון די ציבעלעס ביי יענער אויפן פּריפּעטשיק, — נאַרעלע, דו מיינסט, אַז עס איז אַ שפּילכענדל? ס'האָט זיך דאָך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן, אַז איך האָב זי דערזען. דו מיינסט, מיט אַזאַ אַזיאַט זיך באַגע־געגענען איז עפּעס אַ קלייניקייט? אויף אַלע מיינע שונאים, רבונו של עולם, אַזאַ באַגעגעניש!

די שכנה איז פּלוצעם געוואָרן רויט און האָט געכאַפּט אין מיטן דרינען טרייבן די הון פון קיך מיט אַ כעס, וואָס יענע שעלט די שונאים.

— זאָל איר זיין, — האָט זי איבערגערעדט שפּעטער פאַר די קינדער אין קיך, — וואָס זי וויל זען אין אונדז. זי קומט אַהער שעלטן די שונאים, קומט זי.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי ווײַטער אַריינגעלאָפן, די אַלטע, צו די שכנים מיט אַן אונטערגעשטעקט קליידל, גרינג, ווי ס'פּאַסט גאַרניט פאַר קיין אַלטער און מיט צעמישטע אויגן. אין איין גאַנג איז איר אַ חרפּה זיך טיילן מיט די „שונאים", און דאָ מוז מען פאַר עמעצן אויס־רעדן דאָס האַרץ. די צונג פּלאָנטערט זיך ביי איר, די אויגן זענען צעבוויטעט. זי וואַרגט זיך מיט געציילטע ווערטער ניט־דערזאָגטע. דער־נאָך ערשט איז זי געקומען צום לשון:

— ער האָט געכאַפּט, דער פערד, גיכער און האָט איר אונטערגע־טראָגן אַ קיכל מיט אַ גלאָז מילעך!... נו, איך בעט אייך, איז עס ניט קיין פערד? — און זי שטייט ניט איין אויף קיין אָרט. אַלע מאָל עפּנט זיך ביי איר דאָס מויל אויף עפּעס זאָגן, און זי זאָגט ניט גאַרניט. און אַלע מאָל טאַפּט זי מיט דער האַנט דאָס אונטערגעשטעקעכץ ביים קליידל.

— וואָס זאָגט איר צו מיינע צרות?! אַזאַ ארורה אַזאַ שלאַק! איך וועל מיט אַזאַ אומגליק כאָטש איין טאָג קענען אויסקומען, האַ?

## זומער־לעבן

מען האָט גערעדט אין שטעטל, אַז שעווקע האָט אַ סך אויסגעפּירט. כמעט האַלב.

אין דער אמתן אָבער האָט שעווקע אַלץ אויסגעפּירט. אַלץ, אַז מער אפילו איז שוין ניטאָ וווהין. נאָר אויף וויפל ביי בונים־בערן אַרבעט ניט דער מוח אַזוי גיך, מוז דאָס צוגיין אַ ביסל פּאַמעלעכער.

וואָרעם בונים־בער הייבט טאַקע ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס וויל זי, שעווקע? וואָס טענהט זי עס איין כסדר מיט אירע לאָכנדיקע אויגן? זי וויל ניט, זאָגט זי, דעם רעש.

זי וויל ניט די גרויסע איינקומעניש.

זי וויל ניט זיין קיין מאַמע שיינעס קינדער... זי וויל, — קלאַפּט זי אַזוי ווי שפּילנדיק מיט אירע שיינע ווייסע פויסטן איבערן טיש, — זי וויל זיך איבערקלייבן צו ראובן־מיכלס אין דעם קליינעם שטיבעלע! (ראובן איז אַ סאָלדאַט אַן אַדינאָקער, ער דאַרף נאָך דינען צוויי יאָר אין חייל, און האָט זיין אייגנס אַ קליינע ירושה: אַ שטיבעלע וואָס זי פּוסטעוועט די גאַנצע צייט).

וויל זי, הייסט עס, שעוקע, זיך אַריבערקלייבן פון אַזאַ מלוכה גאָר צו ראובן־מיכלס אין דירהלע. שעווע גיט עס בונים־בערן צו פאַרשטיין מיט אַזאַ ממה נפשך:

— איז דאָ אַ האַרבאַרניע, אַרבעטן מיר אויף אונדזער חלק; אלא ניט, — טענהט שעוקע דרייסט און מיט אַ טאָן פון אַ בר־דעת, — אלא ניט, איז אויך די אייגענע מעשה! וועסט זיך שטעלן אַרבעטן ביי יענעם, וועט אויך זיין פון וואַנען צו לעבן. איר איז אפילו ניט סטראַשנע נעמען ביי זינגערס אַגענט אַ מאַשין און זיצן און נייען. נאָר זי וויל צו ראובן־מיכלס אין שטיבעלע. אויב ניט, אַרט איר ניט זיך גאָר אַרויסציען קיין קראַסנאָוואָלע, פאַר צען ווערסט אַ שטעטעלע. דאָרט זענען אויך דאָ האַרבאַניעס, דאָרטן לעבן אויך מענטשן.

בונים־בער זאָל עס כאָטש אָנהייבן פאַרשטיין. ס׳קומט אים אויס אפילו פריקרע אַזאַ זאַך: צו וואָס זאָל ער עפּעס גיין צו ראובנען אין שטיבעלע? וואָס איז? זיין אייגענע שטוב איז פאַר אים קליין? און וואָס הייסט גיין צו יענעם אַרבעטן. נו, און „זיין״ האַרבאַרניע? און די קינדער אין דער משפחה? זינט ער געדענקט זיך און זינט ער איז אַליין אַ באַלעבאָס, גייען אַלע אין איינעם צום טיש. וואָס קען עס אויסמאַכן? וואָס קען עס אויסמאַכן, האַ?! — טאָמער זיצט אַ יאַטל ניט אַזוי שיין ביים טיש? איז אַ פלאָם אין מאָרדע אַריין, אַז יענער זאָל זיך באַוואַשן מיט בלוט! וואָס איז? וואָס איז דען? אפילו טייבלען מיידלווייז האָט ניט ער געשיקט דינען, דאָס האָט די מוטער געדרייט אַ קאָפּ.

בונים־בער האָט ניט גערעדט וועגן דעם אַלעמען, ס׳האָט זיך אים גאָרניט געגלוסט רעדן שעווקען אַנטקעגן. נאָר אין זיך איז עס ביי אים אַלץ אויסגעקומען פריקרע. וואָס איז? אַ סטאָרעץ איז ער, אַ בלינדער בעטלער, צי עפּעס אַ טאָרבע.

די אַלטע פון איר זייט, אַז זי האָט געהערט אַזעלכע מיני וויכוחים, איז זי יעדעס מאָל געוואָרן מער זיכער אין דעם, אַז יענע איז דאָך, ניט דאָ געדאַכט, פון קינדווייז אָן געווינט געוואָרן זיך אומשלעפּן מיט די

בעבעכעס איבער פרעמדע דירות און זיך וואַלגערן אַרום די שניידערשע טישן. וואָס איז? זי האָט דען תיכף ניט געזאָגט? — הייב זיך ניט אָן, — האָט זי געזאָגט, — מיט קיין שניידערקע, דו וועסט פון איר האָבן אַ וויסטן סוף, דו וועסט דאָרט טרעפן אי עזות, אי עקשן, אי קליפּע און וואָס אין דער קאָרט!

— וואָס איז? איך האָב אפשר ניט געקענט שעוועטשקען נאָך אַ קלייניקע?

שעווקע האָט שוין אָבער געהערט איטלעכן מיט דער קאָץ גלייך. שעווקע האָט שוין געהאַט אָנגעכאַפּט דאָס פערד פאַרן ציימל און גע־קערעוועט וווהין איר האָט זיך געוואָלט:

...די שוויגער וויל ניט פאַרקויפן די רויטע ירושה־בהמה? זי איז איר ליב? — פאַרקויפט בונים־בער די רויטע בהמה. ער רופט אַ קצב און פאַרקויפט. — שעווקען געפעלט ניט קיין אַלטע, „בעזקלובע" בהמה...

די אַלטע שעלט. קריגט זיך. סטראַשעט: — בלוט וועט געגאָסן ווע־רן, — סטראַשעט זי — און עסט זיך בעת־מעשה אָפּ דאָס האַרץ. — בלוט וועט געגאָסן ווערן, און מען וועט די בהמה ניט אַרויספירן פון שטאַל! — אָבער זי זעט, זי פילט אַליין, די אַלטע, אַז זי איז גע־בליבן אָן הערנער, אויס! אַ באַלעבאַסטע איז זי געווען. און איצט...

איין טרייסט איז איר יאָ געבליבן דער אַלטער: די ארורה שניפּט (שוואַנגערט). זי וועט ניט דערלעבן האָבן! איר גאָט, דער אַלטערס גאָט, וועט דאָ זען עפּעס טאָן. און די שוויגער אויף יענער וועלט מיטן שווער וועלן אויך ניט שווייגן. מן הסתם ווייסן זיי, וואָס פאַר אַ שלאַנג ס'האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו זיי אין שטוב אַריין. זיי האָבן אַלע יאָרן געקאָבעט, געהאָרעוועט, געזאַמלט, דערנאָך איז נאָך צוגעקומען אַ גע־זונטע דינסט אָן אייזערנע, זי אַליין, שיינע, הייסט עס, וואָס האָט דאָ אָוועקגעלייגט איר פאַרפינצטערט לעבן. און איצט האָט זיך אַראָפּגע־יאָוועט אַזאַ אויסרייסעניש אויף אַלץ חרוב מאַכן און אומברענגען. קאָרג געווען אויף איר קאָפּ דער ראַדאָווליאָווער מיט דער משפּחה, איז נאָך אַראָפּגעקומען אַהער אָן אייגן אומגליק!

די אַלטע האָט מערסטן טייל פאַרביסן די גיפט אין זיך, ווייל זי האָט אויף עפּעס געהאָפט. שפּעטער האָט בונים־בער גערופן מיכלען דעם מוראַוועטשיק איבערמאַכן דעם אויוון: שעווקען געפעלט ניט אַזאַ ברייטער אַלטמאָדישער אויוון...

— דוכט זיך, אַזאַ געזונטער אויוון, אַז ער וועט נאָך אונדז אַלעמען איבערלעבן! ווייס איך וואָס?! היינטיקע בעלי־מלאכות וועלן דיר אויך

מאַכן אַזאַ אויוון? אַט־אַ באַלד?!

די אַלטע שפּרינגט פון דער הויט, זי שעלט און פלוכט אויף יעדן טראַט. זי לויפט אַרום צו די שכנים און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען.

און ביי שעוועקען לאַכן דערווייל די אויגן. אַז זי נעמט זיך צו אַ שטובאַרבעט ברענט עס אונטער אירע הענט. זי כאַפּט, דאַכט זיך, גאַר־ניט אויס ביי דער אַלטער די אַרבעט, און דער אַלטער בלייבט פונ־דעסטוועגן ניט וואָס צו טאָן. סיידן אין גאָרטן זיך קאָרבען און אַ מאָל די בהמה צוזען דער שנורס.

היינט גיי און זיי אַ נביא און טרעף, ווער וועט זיך פריער איינמידן?

דער טויבער חיים, וואָס זינט ער געדענקט זיך איז ער דאָ אַ פּועל אין האַרבאַרניע, איז אַריין דורך דער אָפענער קיכטיר.

דאָס ליכטיקע שפּיציקע בערדל איז ביי אים פאַרקלעפּט מיט וואַפּנע, און ער ווייזט אַהין, ווהין ס׳ניט שיין ווייזן ביי ווייבלעך און לאַכט...

— האַ? שוין איין מאָל אַ שעוועקעלע! — און ער לאַכט, פאַרגייט זיך אַזוי ווי אַ קליין קינד: די אויגן, דאָס פּנים מיטן גרויסן גלאַנציקן שטערן, דאָס בערדל, די פּלייצעס, אַלע אברים לאַכן ביי אים. ער שאָקלט מיטן קאָפּ און צעלאַכט זיך איבער אַ נייס מיט אַ פאַרמאַכט מויל און מיט אַ קול אַזוי, ווי ער וואָלט האָבן אַ פול מויל מיט גרויסע באָבן, און ער וויל זיי ניט אויסשיטן. די אויגן ווערן ביי אים דינע צווי אויסגעצוי־גענע שפּעלטיקלעך, און די קויטיקע אויסגעריבענע אַרבל פון זיין העמד זענען אויסגעריבן, אַז דאָס לייב לייכט זיך דורך, און די תאווה איז ביי אים פלוצעם געוואָרן יונג... שעוועקע געפעלט אים שטאַרק, בעת ס׳לאַכן ביי איר די אויגן.

— אַ שוועקעלע, האַ? שוין איין מאָל אַ שוועקעלע!

ער פאַרגעסט זיך אפילו, אַז דאָס איז ער אַריין אַ טרונק טאָן וואַסער, און וויל שוין אַוועקגיין אַזוי אָן גאָרנישט. דערנאָך דערמאָנט ער זיך, טוט אַ טויבן מאַך מיט דער האַנט און לאָזט זיך אַ פאַרשעמטער מיט אַ ניט־דערלאַכטן שלוקערץ אין מויל צום טאַפּטשאַן און צו דער קופּער־נער מאַסיוועס קוואָרט.

און שעוועקע, פון איר זייט, טראָגט יעדערן אַנטקעגן איר שוואַנגערן בויך, ווי אַ יונגע שטאָלצע קו איר שיינעם הערנער־קאָפּ. און די אַר־בעטער בפירוש פילן זיך מיט איר היימיש. זי קען זיי אַ מאָל אַריינ־וואַרפן אַ ווערטל, אַז ס׳זאָל אַפילו אַ מאַנסביל ווערן וואַרעם אין בויך. די אַרבעטער געפעלט עס, זיי פילן זיך גוט מיט איר. אַלע זעען, אַז זי האַלט זיך ניט פאַר קיין באַלעבאָסטע.

חיים גייט צוריק אין דער האַרבאַרניע מיט פּאַמעלעכע טריט און ס׳טוט אים שטאַרק הנאה: די וועלט שטייט ניט אויף איין אָרט, — שוין ניטאָ איטשע דער האַרבער, שוין ניטאָ פייגל די האַרבאַרקע... און שעווקע פרייט דאָס האַרץ מיט אירע לאַכנדיקע אויגן...

## אַ מאַמע

לייטן אין גאַס גיבן אָפּ שיינען מזל־טוב פאַרן אייניקל. שיינע ענט־פערט מיט אַ פאַרקרימטן פּיסק, ווי ס׳וואָלט איר געווען ליבער, מען זאָל זי אויף דעם אָרט בעסער אויסשעלטן אָדער אָנשלאָגן. נאָר פאַרפאַלן. סיי ווי וועט זי מוזן אומגיין אויפן ברית אויסגעבונדן אין דעם געלן זיידענעם טיכל און אין דעם רויטן אויסגענייטן פאַרטעך און ווייזן מענ־טשן אַ שיינעם פּנים... ווי דען? צו „איר" וועט מען קומען, צו דער שניידערקע? — קומען וועט מען צו דער שטוב, צו שיינען, ניט פאַר־זינדיקן. איר פּנים, וואָס האָט אַ קאָליר פון טונקעלער קאָרנער מעל, ניט קיין געזיפּטער, מיט איר ציצן קעסטלדיק טיכל שטייף אַרום קאָפּ, איז היינט גאַרניט אויפגעלייגט, כאָטש גוטע פריינד זאָגן איר „מזל־טוב, באָבע!" שיינע, האָט נאָך הייסט עס, אַ דאַנק גאָט, דערלעבט דאָס ערשטע אייניקל.

אויפן ברית האָט מען גערופן משה־שמואלן דעם געלן, דעם גבירישן שוסטער. ער איז זייער אַ קליינינקער אָט דער משה־שמואל, לויפט ער שטענדיק אויף זיינע אויסגעבויגענע ביז גאָר הויכע אָפּצאָסן. מן הסתם וועט ער אויפן ברית אויך קומען צולויפן.

— משה־שמואל, — טענהט די אַלטע, און זי מאַכט דערביי אַ פרום פּנים, — ס׳איז אַ סברה, אַז משה־שמואל האַלט אויס די גאַנצע האַר־באַרניע... און דאָ וואָלט שוין אַ פאַרשטאַנדיקער דאַרפן פאַרשטיין דאָס איבעריקע און וויסן ווהין די אַלטע שיסט: דאָס זענען נאָך אַלץ אַלטע אויסגעטראָטענע סטעזשקעס צו די אַלטע האַרבאַרעס. צום שווער און שוויגער, זייערע נשמות זאָלן רוען אין גן־עדן... און צו איר אויך אַ ביסל. ווי דען? אַזעלכע — טוט זי אַ וווּנק אויף שעווקעס אַלקער — וואָלט איינגעפּירט אַ שטוב מיט בלי עין הרע אַזאַ איינקומעניש? צו ראַסטרויען גרייטס, קען עס, דאָס יאָ.

נאָך האָט מען געבעטן אויפן ברית שמעון־שלמה דעם שוסטער, כאָטש אַן אָרעמען, נאָר אַ שכן. פון שטאָט זענען געווען אַ סך מענטשן: דער רב, די שוחטים, דער גביר, דער שענסטער און לייט־שסטער קרעמער

פון שטאָט, צו וועלכן די אַלטע שדכנט זיך פון אַלע יאָרן פאַר אַ ווייטער קרובה. נאָר ער, דער לייבאַ מיטן לאַנגן שפּיץ אויף איין עק באָרד, ווייסט, נעבעך, קיין מאָל ניט, פון וואָס צו זאָגן.

— די שוחטים זענען דאָך אוודאי קרובים! — טענהט זי, די אַלטע, — פאַראַן נאָך אפילו, — דערציילט זי הויך, אַז אַלע זאָלן הערן, — פאַראַן אפילו אין קיעוו דער גלאַוונער רב, איז ווען זי פאָרט אַהין, פאַרשפּאָרט זי אפילו אַ סטאַנציע, אַזאַ גאַסט וואָלט זי דאָרט געווען — איז ער אויך אַ קרוב.

די אַלטע האָט זיך שטאַרק געיישובט, וואָס טוט מען מיט די אַרבעטער. הייסן זיי גיין (אַהיים) זיך אָנטאָן און קומען צום ברית, איז שוין דער גאַנצער טאָג אַ צעדרייטער, די יינגלעך מעגן דאָך געוויס אַרבעטן. מען וועט זיי פאַר נאַכט געבן צו שטיקלעך לעקעך און פּטור. און די עלטערע צוויי מיט די טליתים, מילא, זאָלן זיי שוין גיין. מען קען נאָך באַרעדט ווערן אויך פון אַזעלכע.

באַלעבאַטים, יונגעלייט, זענען געשטאַנען אין אַ רעדל אין מיטן שטוב. אַנדערע שוין אפילו אין די טליתים, און מען האָט זיך געוויצלט: לייבטשיק דער בעקער מיט דער גרויסער ווייגשל אויף דער רעכטער באַק האָט זיך געסטאַרעט פאַרנעמען צווישן זיי דעם אויבן אָן. (פאָרט אַן אייגענער פעטער ביי דעם בעל־שמחה, אַן אָפּעקון).

— באַלד וועט זיך „גיסן יידיש בלוט”, — זאָגט ער מיט זיין הכנעה־דיק האַלב־חניפהדיקן אונטערגעלעכטערל.

און איבער דער וואַנט דער קרוב, וועלכער האָט אַ סך מאָל גע־קלערט און איבערגעקלערט, צי זאָל ער אפשר אין גאַנצן ניט גיין אויפן ברית... ביי אים איז שוין צען מאָל געבליבן אויף ניט. ער האָט ניט, וואָס צו גיין צו אַ שונא טרינקען מיט אים לחיים און זיך מיט אים ווינטשעווען. צום עלפטן מאָל איז ער אָבער פאָרט אַריין, מיט אַ פולן פּנים מיט וואַקלעניש, ווי איינער מיינט — ס'וועט דאָך טאַקע ניט האָבן קיין צורה, אַז אויף דער חתונה איז מען געווען און צום ברית זאָל מען פּיטשקע דרינען ווערן ברוגז.

דוד־לייבעלע אויך אַ שכן, נאָר אַ לץ און אַ שפּאַסן־טרייבער פון אַלע יאָרן, מיט אַ כיטרע שפּיציק בערדל, וואָס האָט זיך, ווייזט אויס, ניט אונטערגענומען, עס זאָל אים באַשיינען דאָס פּנים, מיט אַ דין ביי־נערדיק נעזל און מיט אַ קלוג, טרוקן פּיסקל, האָט גענומען אויסרע־כענען די מעלות, וואָס וועלן אויסוואַקסן פון אַזאַ בחור, וועלכער האָט שעווקען פאַר אַ מאַמען און בונים־בערן פאַר אַ טאַטן.

פרישע אַריינגעקומענע יונגעלייט זוכן די קימפּערטאָרין אויף איר אָפּ־געבן מזל־טוב. כאָטש ס׳ניט פּאַסיק פאַר אַ יונגן מאַן, וועלכן מען וועט באַלד געבן אַ כיבוד, ער זאָל שטיין לאַנג ביי אַ קימפּערטאָרין אין צימער, אָבער דאָך פאַרהאַלט מען זיך. שעווקע הערט ניט אויף צוציען צו זיך יונגע־לייט מיט אירע לאַכנדיקע ווייסע ציינער און אָפענע אויגן. איר פּנים לאַכט פון פאַרהאַנג אַרויס, און אַזוי ווי זי רייצט זיך מיט עמעצן: זי ווייזט אויפן איינגעבונדן קלומעקל, וואָס ליגט ביי דער זייט אַ פאַר־לאָרנס אין דעם גרויסן ווייסן קישן.

— דאָס איז ער אַליין, — לאַכט זי, — דער קדיש, דער נאָס־ליעדניק מיינער.

שעווקע באַגלייט מיט גליקלעכע אויגן איטלעכן: אי די פרומע, אי די שטומע, קיין ווייבער זענען נאָך ביי שעווקען ניטאָ, חוץ דער אַלטער, און דער מאַמען מיט דער מומען און אַ פּאָר קליינע שוועסטער־לעך. און ווייבער? ווייבער וועלן קומען אַ סך, אָבער שפּעטער.

בונים־בער דרייט זיך אַרום אינעם גרויסן טלית מיט די צעבלאָ־זענע נאָז־פליגלען און מיט דער אַרונטערגעלאָזענער ליפּ. עפּעס אַזוי ווי אַ פאַרלאָרענער:

— ניטאָ נאָך דער רב, — שטאַמלט ער אַריין אַהער אין דער אָפענער טיר.

שעווקע ענטפערט אים ניט אויף דעם, וואָס ער זאָגט, נאָר אויף דעם, וואָס ער קלערט:

— באַק אָפּגעריסענער, — זאָגט זי, — האָסט ניט פאַר וואָס זיך צו שעמען...

נאָר דאָ האָט זי זיך אַליין אַ לעקעלע פון דער גרינג פאַרשעמט, און זי האָט אויסגעדרייט איר שיינעם האַלדז אין דער ריכטונג וווּהין דער קדיש איז געלעגן.

— מזל טוב דיר, שעווקע! — עטלעכע אויסגעשלייערטע ווייבער אין פאַריקעס, שבתדיק אָנגעטאָן, זענען געקומען אַזוי ווי די גבאיטעס צונעמען שעווקען פאַר זייער אַ גלייכן: מען האָט זיי דאָך געבעטן אויפן ברית.

— אַ־האַ! — האָט שעווקע זיך אויפגעכאַפּט. — חנהלע, טראָג אַריין, מיין שוועסטערל, בענקלעך.

קיין גרויסן נחת פון די פרומע באַלעבאַטישע צדקניות האָט זי ניט געהאַט, האָט זי זיך ניט־ווילנדיק אַ קרים געטאָן און דערווייל אין איין גאַנג באַקומען אַ פּנים פון אַן אמתער קימפּעטאָרין.

און אַז אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָבן די קוואַטערס בײַ איר צו־גענומען דאָס קלומעקל צו די מאַנסבילן אין חדר אַרײַן, האָבן די מאַנס־בילן פֿון יענער זײַט טיר בײַ איר פּלוצעם באַקומען אַ פּנים פֿון אַ שיף מיט גזלנים, וואָס פֿאַרען זיך טײַוולאָניש עפּעס אַרום אירס אַן אײגנס, אַרום פֿלײש פֿון איר פֿלײש און לײַב פֿון איר לײַב. בונים־בער דער פּלוצעם געוואָרענער מאַן און טאַטע האָט צעלאָזן די ליפּ און גענומען מאַכן די ברכה. אַז דאָס יאָטל האָט א ווײַן געטאָן און זיך פּלוצעם בלו־טיק פֿאַרגאָנגען, האָט שעווקע שוין ניט געלאַכט. זי איז גרײט געווען זײַ וואַרפֿן אין די קעפּ אַרײַן אַלץ, וואָס ס'וועט איר קומען צו דער האַנט. אַזוי ווי אַ צוגעבונדענע בהמה, אַ שטומע צונג, האָט זי זיך אַלע מאָל שטום און אומרויִק געריסן פֿון אָרט. די מינוט האָט זיך איר אויסגעצויגן פֿאַר אַ יאָר, און ביז זי האָט צוריק באַקומען דאָס עופּהלע צו זיך אויף די הענט, האָט זיך בײַ איר ממש איבערגעקערט דאָס האַרץ אונטער דער ברוסט.

— באָבע, — האָט זי געבעטן, — לאָזט אַראָפּ, זײַט מוחל, דעם פֿאַרהאַנג, אויב ס'פֿאַר אײַך ניט שווער. און נאָך אַ מאָל שוין מיט אָפֿענער אומגעדולד. — לאָזט אַראָפּ, איך בעט אײַך!

## קידוש און פֿאַרבײַסן

מע האָט געגעבן פֿאַר פֿרײַנד פֿאַר אײגענע אַ פֿרײלעכן קידוש און פֿאַרבײַסן.

שעווקעס טאַטע, ניסן דער סקרעבעליטשער טרינקט מיטן אײדעם לחיים:

— לחיים, — זאָגט ער, — בונים־בער! גאָט זאָל ה־על־פּן, — ציט ער אויס דאָס קול מיט א יישוב־הדעת און אַזוי ווי אויף ערנסט — גאָט זאָל ה־על־פּן, זאָלסט זײַן אַ ייִד אַ באַלעבאָס!!! נו, וואָס נאָך?... און ער האַלט, לאָזט ניט אָפּ דעם אײדעמס האַנט, נאָר קוקן קוקט ער בעת־מעשה אויפֿן איבעריקן עולם, ווי ער וואָלט זיך אָנפֿרעגן, צי זײַ וועלן מיט אים מסכים זײַן. — היט מיר אָפּ שעווקען, וואָרעם אַ ייִד, אַז ער האָט אַ געזונט ווײַב און אַ געזונטע בהמה, וואַקסט ער אַ גביר. לחיים, לחיים, אַלע ייִדן!

ניסן האָט ניט קײן נאַטור רעדן שטיל. דאָס איז אײנס. און דאָס קול אָדער די ווערטער בײַ אים, איך ווײס ניט צי בײַ אים איז אַ האַלדז

אַזאַ צי אַזאַ צונג, נאָר זיי גייען ביי אים אַרויס ניט גלאַט און ניט צעצויגן, נאָר עפּעס קאַנטיקע און פּירעקעכדיקע, אַזעלכע, וואָס דו מעגסט זיי אויסלייגן אַזוי ווי די פּלאַדן איינס אויף איינס דאָ אויפן טיש פאַרן עולם, בוי פון זיי אַן אַ הויכן סטאָס, און זיי וועלן ניט צעפאַלן ווערן, זיך ניט צעשיטן.

שעווקע קוועלט אַן פון איר טאַטנס חכמות. זי גייט אַרום אין דער מושליענער ווייסער קאַפּטע מיט די ברייטע אַרבל, אינעם שוואַרצן שאַרף אויפן קאָפּ, און זי דערלאַנגט קוגל. די אויגן קוועלן ביי איר אַן פאַר נחת, דאָס קלאָר לייב שיינט אַרויס פונעם אָפענעם קאָלנער און פון די ברייטע אַרבל. מיט מאָדנער צאַפּלדיקער פרייד שיינט עס אָפּ און זי דערלאַנגט זאַטע און פעטע קוגלען אויף דעם „קידוש"-פאַר־בייסן: קרעפּל-קוגל און העלדזלעך. בלעטל-קוגל, זיסן קוגל און לאָקשן. שעווקע האָט זיך אַליין געסטאַרעט, זיך ניט פאַרלאָזן אויף דער אַלטער. שעווקען וואָלט ניט אָנגעשטאַנען שטיין אין דער אַלטערס לאָסקע.

— נו, זאָגט מיר עפּעס אַ מניעניע אויף די קוגלען, — האָבן ביי שעווקען לאַכנדיק זיך געשלענגלט די ליפּן. דאָס גאַנצע פּנים האָט מיט באַהאַלטענער פאַרשייטקייט נאָכגעשמייכלט.

— פרימע שעבעפרימע! — האָבן געענטפערט עטלעכע פאַמפּלענדיקע מיילער פון אַרום טיש.

קיין בליקן האָבן זיך ניט אָפּגערופן. אַלעמענס אויגן האָבן מיט די פינגער אין איינעם געשטעקט אין די טעלער.

— פעטער קוגל, אַ מחיה — האָבן זיי געבורטשעט.

— פרימע שעבעפרימע!

— געראָטענער קוגל! איין מאָל קוגל!

— אַ געראָטענע באַלעבאָסטע — זענען געראָטן די מאכלים!

דאָס לעצטע איז שוין אַרויס פון ווייבערשן טיש. אַ שכנה, די דריטע שטוב, דווקא גאָרניט קיין פאַרגינערין (נאָר דאָ האָט זי, ווייזט אויס, ניט פאַרגינט, אַז עמעצער זאָל רעדן גוטע רייד ביים טיש, און זי — ניט).

בונים-בער שטופּט אויך מיט די בערישע פינגער אַ שטיקל העלדזל אין באָרד אַריין (אונטער די וואָנצעס אַרונטער) און ער דערציילט בעת מעשה פון איינעם אַ איסקאָראָסטשער, וועלכער האָט געצויגן דעם גרעס־טן „זשערעב" (אַ זשערעב? — דאָס איז דאָך אַ מזל זאַך, און ווער ס'איז אַ גביר און האָט געלט, ברענגט מען אים דעם מזל אין שטוב אַריין).

— מעג שוין טאַקע דער איסקאָראָסטשער יונגערמאַן מאַכן דעם אמתן קידוש.

די יידן, די קלויזניקעס און די אַליקער חסידים (נאָך דעם זיידן איטשעס גוטע פריינד) קלייבן אַרום די ברעקלעך פון די טעלער, און זיי וואָלטן גאָרניט געהאַט קעגן, מען זאָל זיך אויפהייבן און זיך לאָזן צום איסקאָראָשטשער בחור אויף קידוש, נישקשה, ער מעג באַצאָלן. ס׳גלאַט וואָס פון דאַנען קיין איסקאָראָשטש איז פאָלג מיך אַ גאַנג...

דערנאָך, אַז ס׳געוואָרן אַ ביסל שיטערערביים טיש, האָט זיך אַ שכנהשע באַלעבאָסטע צוגערוקט לעבן באַלעבאַטישן טיש, ניט ווייט פון אויבן אָן, צום סקרעבעליטשער.

— ר׳ ניסן, — האָט זי זיך לייטיש דערפרעגט — איר וואָלט אפשר מיר נאזיטשעט, פאַ־גוט־פריינטשאַפטאָמו עפּעס אַ רעכט בהמהלע. זאָל איך זיין געזונט. איך וואָלט מיינע, די אַלטע, ערגעץ איזבאַוועז.

ביי ניסנען שיינען די אויגן פון שבת־רו, פון נחת־פון־קינדער, פון דעם, וואָס ער טרינקט איצט מיט יידן לחיים: אַזוי האָט ער דאָך צו טאָן אַ קיילעכיקע וואָך מיט דאָרפישע פויערים. ער פאַרטוט זיך אַ מאָל אַזוי, אַז ער פאַרגעסט זיך אַפילו ווי ער הייסט: ייד, צי גוי, צי ציגיינער:. איצט איז ער צווישן יידן, און ער פּאַיעט מיט בראָנפן די צוויי אייניקלעך, וואָס קובלען זיך אַרום אים און אויך שיינעס קלענער יינגל — איטשעלען. און דאָ שמועסט ער זיך אויך דורך מיט דוואָסין, וועלכע געהער אים אָן אַ ביסל מחותנעשאַפט. ער שמועסט זיך דורך מיט איר וועגן דער בהמה אַזוי:

— טאָ וואָס זשע זאָל איך זאָגן, דוואָסיע־לעבן, — רופט ער זיך אָן נאָך אַ פיינעם יישוב־הדעת, — וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב דווקא אין הרעבעניע פון אייערט וועגן אַ בהמהלע... אַ קליינינקע דווקא מיט קליינע הערנערלעך... מיט אַ קליין אייטערל און מיט קליינע מעלקע־לעך!... נאָר מילך גיט זי... דווקא אַ קאָפּעלע, אָבער דערפאַר... ררײנע וואַססעררר!

שכנים לאַכן פון דעם סקרעבעליטשער. דוואָסיע, וועלכע האָט גע־וואָרט אַזוי אָנגעצויגן אויף דער מציאה, איז, נעבעך, געבליבן שטיין ניט אַהער, ניט אַהין. נאָר דאָ האָט ניסן פאַרכאַפּט, — נו, נו, דוואָסיע־לעבן, ניט געזאָרגט. בלי נדר, שבת, אַז מירן דערלעבן, האָב איך פון אייערט וועגן אַ פּערוויסקעלע פון פריצישער כודאָבע — פערווי סאָרט. איר גרייט נאָר צו אַ בייטל מיט געלט.

שעווקען האָט פון די רייד אויך אָנגענומען אַ חשק:

— דו האָסט נאָך ניט געזען, טאַטע, זיך ניט גענומען די טרחה

באַוואָרענען דעם איידעם מיט עפּעס אַ שיינער בהמה, ס׳זאָל זיין טאַקע אַן אַנטיקל!!

— וואָס איז? — איז ניסן אויפגעשפּרונגען שוין האַלב בגילופין — וואָס איז אַ מיאוסע בהמה? — און ער טוט אַ וויַיז בעת־מעשה פאַרן גאַנצן עולם אויף דער טאָכטער. — אַזאַ יאָר אויף מיר!... באשר ער האָט נאָך מיר אפילו קיין רעכטן דאַנק ניט געזאָגט?

שעווקע האָט זיך פאַרשעמט און אַנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן אויף בונים־בערן, איינער מיינט: — נו, וואָס טוט מען אים, דעם אַלטן הולטיי? ווי געפעלט ער דיר?!

יידן האָבן זיך געזעגנט און צוגעווינטשעוועט. אויפן טיש זענען גע־שטאַנען אויף האַלב און אויף דריי־פערטל אויסגעליידיקטע שקאַליקעס פון זיבן־און־פופציקער; טעלער, מיט ברעקלעך פון קיכלעך און ווו־ניט־ווו איז דער טישטעך געווען נאַס פון אויסגעקערטע ביסלעך בראַנפן מיט ווישניאַק.

בונים־בער האָט באַגלייט דעם עולם. ביי בונים־בערן האָט געשטעקט אין באָרד אַ היפּש שטיקל קוגל, וווהין שעווקע האָט אָנגעוויזן די יונגע־לייט, וואָס זענען אַרום איר געשטאַנען, און זי האָט נחתדיק געשמוכט.

## אַזוי ווי אויפן האַרצן

1

ס׳איז געווען אָנהייב אלול.

דאָס פערד האָט געדרייט די מאַשין — מען האָט געקלאַפּט דוב. די יינגלעך האָבן אָפּגעגעבן זאַפּאַר*). לייבוש האָט שוין אויך גע־שלעפּט אין האַרבאַרניע די ראָד, כאָטש מען האָט אים ניט געגעבן קיין ווישקעס. און בונים־בערן האָבן וויי געטאָן די ציין.

די אַלטע קען זיך בשום אופן ניט פאַרשטעלן, ווי אַזוי קען אַ ביינדל וויי טאָן?

און צום סוף האָט זי זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט טאַקע אויס־געשריען אין דער הויך:

— איי, גיי אין דער ערד אַריין! דו ביסט אַ פוילער הונט, אַ משו־גענער, און אַן עק!

---

*) אין האַרבאַניע — הייצן קעסלען און פאַרקאָכן מיט זודיקער וואַסער (ווי מע פאַרקאָכט טיי) געמאָלענע דעמבענע קאָרע אין די ביטן.

אָבער אין דער אמתן גערעדט, איז זי דאָ פּונקט ניט געווען גע־רעכט. אַ פּוילער איז ער טאַקע געווען, אָבער וואָס ס׳נוגע דער האַר־באַרניע, האָט ער זיך געפּילט פּאַר באַלעבאָס און האָט ניט געלאָזן קיין איין שפּענדעלע פּאַלן. איי איצט? איצט האָבן אים טאַקע אויף אַן אמת ווי געטאָן די ציין. און דערצו...האָט זיך נאָך געקאַלאַטעט אין שטוב אויך: פּלוצעם איז איר ווייטער אַריין תמוז אין קאָפּ, האָט זי זיך אויפגעהויבן, געכאַפּט די צוויי עלטערע קינדער און איז אַנטלאָפן צו דער מאַמע.

וואָס איז ווייטער?

זי וויל ניט קיין שוויגער.

שעווקע וויל ניט קיין משפּחה.

און אַז מען וויל זאָגן, איז זי טאַקע גערעכט אויך! דאָס עלטערע ייִנגל האָט איר עפּעס געזאָגט.

אַ פּאַסקודנע וואָרט האָט ער איר געזאָגט.

ניט „שניידערקע". עפּעס אנדערש.

בונים־בער האָט ניט געוווּסט.

דאָס ייִנגל וואָלט געווען אַ צעבלוטיקטס, ווען בונים־בער וואָלט געוווּסט כאָטש אַ העלפּט.

אין דרויסן איז בלאָטיק און כמאַרנע. איין מעלה נאָר, וואָס אין ברונעם וועט צוקומען אַ ביסל וואַסער. ס׳שוין נימאס געוואָרן אויספּאָרן מיט דעם פּעסל אין ציגעלניע אַריין נאָך וואַסער. אַ האַרבאַרניע האָט פּיינט אַזעלכע גליקן. אַ האַרבאַרניע האָט ליב אַ ברונעם, וואָס זאָל זיך צאַפּן כסדר. איצט קען מען שוין אָנשעפּן פון ברונעם אַ קעסל וואַסער אויף אַ מאָל. ס׳קומט צו צו ביסלעך. דערפאַר אָבער איז אין דרויסן אַ ווילגאַט. די יוכטן הענגען אַ גאַנץ פרימאָרגן און טריקענען זיך ניט. זיי ווערן נאָך, דוכט זיך, נאַסער, די קאָרע איז אָפּגעגאַנגען, קייעט זי זיך ניט. זיי ווערן נאָך, דוכט זיך, נאַסער. די קאָרע איז אָפּגעגאַנגען, קייעט זי זיך ווי ליקע. די טוקאַטשעס דאָרט אין סטאַמפּ טופּקען און טופּקען און שפּרינגען אָפּ אויף צוריק ווי פון אן אָנגעשלאָגענעם קישן. דאָס פּערד דרייט זיך אויך „וויאַלאַ"... אַזוי איז אַרום און אַרום, און נאָך קאַלאַמוטנער איז ביי בונימען אויפן האַרצן. ער זאָל כאָטש קענען אַרויס־רייסן דאָס שטיקל ביינדל, וואָס טוט אים אַזוי וויי. ער זאָל עס קענען אַ שלעפּ טאָן מיטן וואָרצל אין איינעם וואָלט ער דערזען אַ וועלט פאַר זיך. ס׳וואָלט אים גאָר ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן. און אזוי ווייסט ער, ער איז באַוואָרנט, אַז אַלץ טוט זיך דאָרט, ניט אַזוי ווי מען דאַרף.

און כאַטש ער איז דאָ אין שטוב, פּילעט עס אים כסדר ביים האַרצן: דאָס האַלץ רויכערט אונטערן קעסל און וויל ניט ברענען. וועט דער זאַפּאַר היינט אַריינציען ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין...

בונים־בער קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. אָט איז ער אין דעם צעטויטשעטן בעט, וואָס אין זיין אַלקער, און אָט צוריק לעם דעם פאַר־שוויצטן און נודנעם פענצטער. אַז ער האָט נאָך היינט גאָר אין זיין מויל ניט געהאַט און דאָס פּיצעלע רייסט זיך אויפן בויך. ס׳וויל זויגן. סע גלאַט, בונים־בערן גלוסט זיך ניט אַראָפּנעמען די האַנט פונעם האַרצן. ווען ניט, וואָלט ער עס אָנגענומען פאַר אַ פּיסל, געגעבן אַ שמייס מיטן קעפּל איבער דער וואַנט, וואָלט ער איין מאָל פּטור געוואָרן און אַ סוף... אַ משוגענע קליפּע האָט זיך אויף אים אויסגעריסן און גאָר!... כאָטש נעם און טו זיך אַ מעשה אָן.

בונים־בער איז אָן אַרומגעוויקלטער אינעם האַנטעך צוגעלאָפן צום פאַרשוויצטן צוגעמאַכטן פענצטער און אָנגעקלאַפּט צו לייבושן, וועל־כער האָט געצויגן וואַסער פון ברונעם. ער האָט אָנגעקלאַפּט און גע־הוקעט דורך די טויבע פאַרטערערטע טאַפּליעס, געהוקעט און געפרעגט, צי ס׳האָט אים פאַרלייגט דאָרטן לייבושן, און ער הערט ניט וואָס אונטער דער שאַפּע ס׳טוט זיך?! ער זאָל כאָטש צוגיין אַ קוק טאָן?! דוכט זיך, די הענט האָבן זיי נאָך ניט אַפּגעדאַרט דאָרט, וואָס די טוקאַטשעס האָפּ־קען שוין אפשר אַ האַלבע שעה נאָך אַנאַנד אַזוי ווי אין אַ קישן. אַז ער איז ניטאָ, וועט זיך קיינער ניט איינברעכן קיין ביין אין אונטן אויף צוגיין און אַ מיש טאָן דעם סטאַמפּ... אַז אַ כאָליערע און אָן אויסריי־סעניש מעג אָנקומען אויף אַזעלכע מענטשן און אָן עק! ער שלעפּט וואַסער, שלעפּט ער! און דאָס איבעריקע מעג שוין דאָרט אפילו ברענען, איז ניט זיין עסק זיך אַ ריר טאָן פון אָרט!...

און אים דוכט זיך, אַז ווען ער וואַרפט נאָר אַראָפּ דעם האַנטעך פון קאָפּ, אָדער ווען ער פאַרוויקלט זיך אין דער אַלטערס שאַל און שפּרינגט אַרויס אויפן הויף, וואָלט שוין דאָרט אַלץ אַוועק „דאַהאַרי־נאַהאַמי"...

די הענט זענען ביי אים איצט מער קאַריאַווע, ווי אַן אנדערש מאָל, און מיט אויסגעגעסענע גריבלעך אין די פינגער פון נעכטיקן פאַלצן. די הייטעלעך, וואָס זוימען צו די נעגל אַרום און אַרום צו די פינגער, זענען ווייס פון דעם איינגעגעסענעם קאַלעך. די נעגל אַליין — פאַר־האַרטעוועט און געל. די קאַלעך־שטויבעלעך וועלן זיך ניט אַרומוואַשן אַזוי גיך. ס׳דאַרף אַוועקנעמען טעג, און ס׳דאַרפן קומען פאַרשיידענע

אַנדערע נאָסע אַרבעטן, וואָס מעקן אָפּ אָט די און לאָזן איבער אַנדערע סימנים — זייערע אייגענע. און דערווייל זענען די הענט קאַריאַווע מיט גריבעלעך אין די פינגער, וואָס טוען אויף זייער אופן ווי. און די דאָלאָניעס בייסן אַזוי, אַז ווען מען קען עמעצן צעדמען, עמעצן לאָזן די יושקע און אים קאַטשען איבער דער ערד, וואָלט אים געוואָרן גרינ־גער... נאָר צו דער קליפּע איז נאָך גאָרניט שייך זיך צורירן. דו וועסט זיך פון איר דערנאָך ניט אָפּוואַשן מיט קיין הונדערט וואַסערן. דערצו איז זי איצטער צו אַלדע שוואַרצע יאָר אַוועקגעלאָפן צו דער מוטער...

בונים־בער האָט געכאַפּט דאָס וויגבעטל. ביי דעם יאָטל איז דאָס פּנים פאַרלאָפן פון וויינען. מ׳זעט ניט קיין אויגן, ניטאָ קיין ליפּן, נאָר איין אויסדרוק פון בלוי און פון גוואַלדעווען. האָט ער עס געכאַפּט און פון גאַנצן כוח געגעבן עס אַ שטעל אַרויס אין דער גרויסער שטוב אַריין. די ווייסע אַלקערטיר האָט ער פאַרמאַכט מיט אַ האַק־צו און אַליין האָט ער זיך אַנגעשפּאַרט מיטביידע עלנבויגנס, דעם קאָפּ אין די הענט אַריינגענומען, און זיך אַנידערגעשטעלט ביים פענצטער קוקן.

דאָס יאָטל האָט זיך פונעם קלאַפּ פאַרגעסן אויף אַ רגע, אַז ס׳וויינט, און מיט אַ סך ווייסלעכס אַרום די אויגן־שפּעלטעלעך, מיט דינע פאַר־מאַטערטע ליפּעלעך, וואָס ווען באַלד ווייטער וויינען, האָט זיך עס דאָך אַ מינוט צוגעהערט און געקוקט אין איין פּינטל.

בונים־בער האָט מיט איינגעהאַלטענער רציחה געקוקט אַריבער כוווי־ליאַנס ביימער צו די נייע שקאָלעס און צום וויהאָן צו. אַ פריער האַרבסט היינט, אויף סוכות וועט געוויס אויספאַלן אַ שניי, און אין דרויסן איז אַזוי ווי אויפן האַרצן. ס׳קלאָגט און ס׳קוואַטשעט זיך. אויף די ניט־אָפּגעפּאַלענע געלע בלעטער ביי כוווילאַנען אין גאָרטן הענגען שווערע ניט־אַראָפּגערונענע טראָפּנס רעגן. ס׳איז קלאָגעדיק, כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן און אָן עק.

2

לייבוש האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פרומער צורה. דערצו האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַ שטייפן האַלדז־און־נאַקן, וועלכער האָט אים כסדר געפּירט און געשטופּט דעם האַרט־געשוירענעם קאָפּ אויף פאָרויס. די געשוירענע שטעכעלקעס־האָר האָבן ביי אים פאַרנומען אַ שטיק שטערן. די אויגן זענען ביי אים געווען אַזוי ווי ביי דער מוטער אויך גרויע, נאָר אַ ביסעלע ליכטיקערע, און דאָס פּנים — אַ ברייטס מיט דער פאַרב פון קאָרנער ניט־געזיפּטער מעל.

לייבושל, כאָטש ער איז געוואָקסן אַ יתום, איז ער דאָך ניט געווען קיין גראָבער יונג. שעוועל דער מלמד האָט פאַר אים גענומען צו ביין רובל אַ זמן עטלעכע יאָר נאָך אַנאַנד. און ער האָט מיט אים געלערנט ביז דער בר־מצווה.

שבת פלעג לייבוש דאַוונען לעבן ברודערס שטענדער, וואָס איז געבליבן פונעם זיידן אין דער אַליקער קלויז אין מזרח־וואַנט. און ניט נאָר שבת. אפילו אין מיטן דער וואָך האָט ער ליב געהאַט, אַז די אַלטע יידן זאָלן אים באַמערקן. ער פלעג זאָגן אומיסטן די ברכות הויך, כדי עלטערע מענטשן זאָלן אים ענטפערן „אמן".

אין דער היים אָבער איז עס שוין צוגעגאַנגען אַנדערש. אין דער היים האָט לייבושל שוין געשלעפּט אין האַרבאַרניע גלייך מיט איט־לעכן, כאָטש בונים־בער האָט זיך ניט געשלאָגן אין דער קדושה, אַז לייבוש מיט איטשעלען זאָלן שוין ווערן גרויסע.

שיינע האָט געהאַט פאַר זיך מיט די יינגלעך דעם קלענערן אַלקער. דאָרט גייען אויך אַרויס די פענצטער צום וויהאָן און דאָרט שטייען אויך צוויי הילצערנע בעטן און צווישן ביידע בעטן — אַנשטאָט אַ טישל — שטייט דער ווערקשטאָט פון יחיאלס זייגערס. מער אַזעלכעס איז טאָקע אין צימער שוין גאָרניט געווען, חוץ דער ווייסער גלאָטער וואַנט, וואָס גייט אַריין אַהער פון דער גרויסער הרובע. אונטער די בעטן שטייען איינגעשפּאַרטערהייט (אַזוי ווי די באַלעבאַטים זייערע) צו איינע היל־צערנע קעסטלעך מיט לעדערנע זאַוויסקעס. דאָס האָט זיך שוין יעדערער פון די קלענערע ברידער באַוואָרנט זיין „אייגענעם ווינקל". דאָרט קען מען געפינען אַן אַלטן בריוונשטעלער מיט אַרומגעריסענע בלעטלעך פון פאָרנט און פון הינטן, אַ פּאָר רעדלעך פון זייגערס, וועלכע מען האָט אַנגעגנבעט אויפן בוידעם (ביי זיך אליין), שטעמפּלען פון ווייסן קיזל־שטיין, אויף וועלכע ס'איז אויסגעקריצט מיט שפיגל־כתב „י. ל. ג." באַזונדער און „לייבוש גאַרבערמאַן" באַזונדער. דאָס זעלבע איז אויך ביי איטשעלען. אויף אַלע משניותן, סידורים, סליחות און הגדות שטייען שוין ביי זיי אַנגעשטעלט אַ ים מיט אַזעלכע שטעמפּלען.

און איצט וואַקסט שוין אונטער יחיאל אויך, שעווקעס עלטערער יינגל, און ער וויינט, ער וויל שוין אויך אַ שטעמפּל. — אַ גוטע פייג! דערווייל קען ער נאָר וועלן. אומזיסט קיין פּעטשאַטקעס מאַכט מען ניט. ער וועט באַצאָלן, וועט ער האָבן אַ פּעטשאַטקע... — טראַכטן ביי זיך די חברה — דערפאַר עסט טאָקע יחיאל שטענדיק קאָרזשעס און זיי ניט. און... שיינע, אַז מען באַקט עפּעס אין שטוב וואָס ניט איז רעכטס

אויף וואָרעמס, שטופּט זי עס אונטער די „משומדים״ אירע הינטן אַרום.
— משומד, אויסגעריסן זאָלסטו ווערן! דו גייסט ניט אַהער? שמד, אַ רוח אין דיין טרייפענער צורה אַריין. — אַזוי רופט זי ווען ס'ניט איז פון די יינגלעך. און אַז זי פאַררופט אים שוין, קוקט זי זיך אום, צי קיינער זעט ניט פון דער זייט. זי פערעט אים אַריין אין אַלקיר, פאַרמאַכט די טיר, און שלעפּט אַרויס פון איר אונטערגעשטעקטן פאַרטעך אַ פּאָר פרישע אויסגעבאַקענע קנישעס אָדער אַ צוויי שטענגלעך פּאַמפּושקעס נאָך הייסע (וועלכע מען וועט צו וואָרמעס, מן הסתם מישן אין צעפּירטן זיסן מאָן מיט וואַסער און מען וועט עסן) און זי טוט זיי אים אַ שטופּ אין האַנט אַריין.

יענער, איידער ער זעט נאָך, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט, עפּנט ער שוין דאָס מויל, פאַרמאַכט די אויגן און ער פּאַמפּלט שוין. און טאַקע דאָ אין ווינקל פאַרשטופּט ער זיך מיט דעם, אַזוי ווי אַן אַנגעשראָקן זויגהינטל. אויב ניט, טאַנצט ער אַרויס מגושמדיק און חייש־געשיקט, עפּעס אויף אַלע פיר, דורכן פענצטער אויפן וויהאָן אַרויס, פאַרשלאָגט זיך דאָרט ערגעץ אונטער אַ קוסט אָדער צווישן אַ גאָרטן און פאַרדייעט עס.

אַ זייטיקן איז טאַקע שווער צו וויסן, צי שעווקע איז מיט דעם אַזאַ שלעכטע, צי זי איז נאָר אַ „פּראָווילנע״, אַזוי ווי זי רופט עס אַליין אָן, נאָר זי האָט ליב אַרויסוואַרפן אַזאַ שטיקל אַרבעט. זי רופט אַריין אַ פּאָר שכנות אין שטוב אַריין און אַזוי שטיל און גוט מאַכט זי עס, אַז מען ווייסט אפילו ניט נאָך וואָס. און זי גנבעט זיך אַריין אין אַלקעראַריין און זעט... טוט נאָר אַ קוק, זי שלעפּט שוין דאָס יאַטל מיט אַ פול מויל, מיט פולע הענט, מיט פולע אויגן, און מיט פולע פּאַלעס מיט שטיקלעך פרישן קניש, ערשט פון זאַד אַרויס. יענער ווערט זיך לכתחילה און האַלט זיך אין אַ קנויל, זי זאָל אים ניט שלעפּן; אָבער אַז געכאַפּט, איז פאַרפאַלן. און זי זאָגט גאָרניט צו די שכנות, פאַר איר דאַרף שוין רעדן איר פאַרשייטער און איצטער שטיפערישער געלעכטער. זי קוקט אויף זיי און מיט די אייגענע אויגן ווייזט זי אויפן קליינעם באַשעפעניש און זי לאַכט. און איינע שטעקשיכלעך גייט זי אויף די באַרוועסע פיס אַ פאַרשפּאַנטע אין אַ ציצן פאַרטעכל. ס'איז פונקט די צייט, ווען מען פאַרעט זיך אַרום אויוון און דאָס איז זי נאָר אַרויס אויפן הויף אַנקלייבן אַ צוויי שטיקלעך קאָרע אויף איבערוואַרפן אין אויוון, ס'זאָל אַ פלאַקער טאָן און... די שכנות באַטראַכטן זי, ווער מיט נאַרישע באַדויערנדיקע אויגן, און ווער מיט קלוגע, זיי זענען איר אַלע מקנא, זי גייט דאָך שוין ווייטער אַרום מיט אַ בויך, און ס'איז דיר אַזוי געזונט

און געקליאַרעוועט... אַ מאַמע פֿון קינדער און ס'ליגט נאָך איר אין זינען אַזעלכע שטיק. זי שפּילט זיך גאָר אַזוי ווי אַ מיידעלע פֿון אַכט יאָר... דער שכל האָט דאָך נאָך איר ניט אויסגעדאַרט!

אַזוי קלערן זיי אָפּט די שכנות און זענען זיך מישב מיט זיך אַליין, נאָר זאָגן, זאָגן זיי נאָך גאָרניט. דאָס ערשטע וואָרט האָט „זי", שעווע אַליין:

— נו, איצט זענט איר שוין אַ מבין? — זאָגט זי — אַזוי ווי מען וועט עס ערגעץ אַוועקטראָגן פֿאַרקויפֿן? אָדער ס'הענגט ביי מיר אַ שלאָס אויף דער שאַפֿע? און זי פֿירט אומיסטן די שכנות ווייזן, אַז ס'פֿאַרט ניטאָ גאָרניט אויף דער שוואַרצער אַלטמאָדישער שאַפֿע, חוץ אַ שוואַרצער קליאַמקע, „אַ זאַטשעפּקע" אַזאַ, און אַן עק.

און מען ווייסט ווייטער ניט, צי זי איז אין כעס שעווקע פֿאַר דעם אַלעמען, צי זי לאַכט גאָר. די אויגן לאַכן ביי איר געוויס, און דער בויך מיטן רייץ איז ביי איר שטענדיק אין מיטן, און זי זאָגט:

— מיך פֿאַרדריסט מער ניט, איך וואָלט וועלן, אַז די גאַנצע שטאָט זאָל עס זען, — און זי נעמט אָן איטשעלען ביי ביידע הענט העכער די עלנבויגנס, טוט אים געזונט אַ זעץ אויפֿן באַנק־בעטל ביים גרויסן טיש אויבן־אָן, ווו מען עסט נאָר שבת, און זי שטעלט אים אַוועק דעם גרויסן הייסן בעקן מיט די קנישעס — עס, איטשעלע, עס וויפֿל דו ווילסט, נאָר דאָ — ביים טיש!...

און די אַלטע? ביי דער אַלטער הייבן אָן אומלויפֿן די אויגן, און זי הייבט אָן ניט קענען איינשטיין אויף איין אָרט. שטופּט זי זיך אַהין און אַהער און קען זיך קיין אָרט ניט געפֿינען אַזוי ווי אַ הון מיט אַן איי, הייבט זיך אָן אָפּטער טאָפּן ביי דעם אונטערגעשטעקטן קליידל. די נאָז איז ביי איר בלייך, און זי זאָגט, אַלע מאָל עפּנט זיך ביי איר דאָס מויל, זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר ס'באַקומט זיך עפּעס גאָרניט.

ערשט, אַז די שכנות גייען אַוועק, לויפֿט זי זיי נאָך און מיט אַ פֿלאַנטער אין צונג הייבט זי אָן פֿאַר זיי עפּעס מאָלן גאָר פֿון אַ מיט: — אַז וואָס איז? די היישעריקן, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, וואָס זי ברענגט אָן פֿון איר מאַמעס שטוב (דאָרטן האָט זיך אָנגעפּלאָדעט געזונג, נישקשה), אַז זיי וועלן אויפֿעסן, וועט עס זיין מער מצווה? — און אַזוי ווי זי איז ניט פֿון די וויינענדיקע, טוט זי זיך בעסער נאָך אַ מאָל אַ טאָפּ לעבן גאַרטל ביי דעם אונטערשטן קליידל פֿון אונטן, פֿון וואַנען ס'זעען זיך אַרויס די מילטענע מייטקעס, די רויטע פֿלאָקסענע זאָקן און די הויכע אויערן פֿון די שטיוויליעטן.

שעווקע רופט זי שוין, זי זאָל גיין צוריק: — שוויגער, — רופט זי זי, — איר וועט אַ מאָל איבערשאַרן אין אויוון? צי איר וואַרט, אַז דאָס ברויט זאָל אויסלויפן פון דייזשע? — לויפט זי שוין טאַקע, די אַלטע, צוריק מיט אַ פול מויל אויף עפּעס ווייטער אָנהייבן זאָגן, און די ברייטע קאַלאַשעס פון די מאַטקעס, די רויטע פלאַקסענע זאָקן און די הויכע אויערן פון די שטיוולעטן, אַלץ איז ביי איר צעמישט ביז די צעבויטעטע אויגן און ביז דעם פּלאָנטער אויף דער צונג. — מילא, אַ דאגה אַ גרויסע, — טוען ביי איר די לעפלעך פון די אויגן אַ פּאָל צו און אַן עפן זיך אומגערן. — נו, האָט זי געכאַפּט, די ארורה, איטשעלען מיט אַ שטיקל קניש אין מויל... מער מצווה, ווי געבן דער כאַליאַסטרע!

דערפאַר איז שוין לייבושן שווערער צו כאַפּן פאַר אַ האַנט און שלעפּן צום טיש מיטן בעקן קנישעס, ווייל לייבוש קען אַ שפּיי טאָן אין פּנים אַריין אויך. און אויב ניט, זאָגט ער פּאַסקודנע ווערטער אַזעלכע. די שכנות קייען זיי כסדר אין מויל. נאָר די שכנות באַהאַלטן עס אויס, און ער זאָגט. און דערפאַר טאַקע, ווייל זי ניט, שעווע, זיין קיין מאַמע איבער שיינע דער האַרבאַרקעס קינדער, און זי וויל ניט זיין קיין האַר־באַרקע, קיין באַלעבאַסטע. און אַזוי ווי ראובן־מיכלס שטיבעלע איז שוין לאַנג פאַרנומען, ווייל ראובן איז שוין געקומען פון סאַלדאַטן, לאַנג שוין חתונה געהאַט (און ניט איין מאָל קומט ער אפילו אַפּזאָלען ביי בונימען אַ פעל אויף סיריצע, אָדער אויסלייען אַ האַלב פודל דזשעגעכץ), איז אויב ראובנס שטיבעלע איז שוין פאַרנומען, טאָ וויל זי צו קולינען אין שטיבעלע, און אַ מאַשין האָט זי שוין, וועט זי אפילו זיצן און נייען. איר איז ניט סטראַשנע.

## שבת אין דער פרי

איין מאָל אין אַ שבת גאַנץ פרי איז עס געווען. די זון איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף די ברוסעס און האָט זיך אַליין געוואַרעמט. און בונים־בער איז געווען שבתדיק אויפגעלייגט, און אים איז געווען גוט אויפן האַרצן. האָט ער שוין אויך „געטרוימט"... מיט שעווען אין איינעם. אויף די זוניקע ברוסעס זענען זיי זיךביידע געזעסן, און מען האָט געשאַפּן פּלענער.

די קליינע חברה, אייניקע זענען אויך אַרויסגעשפּרונגען אין איינע העמדלעך אין גאַס צו שעווען, און אַנדערע האָבן זיך נאָך געעסקט מיט דער אַלטער אַרום די גרויסע טעפּ מיט שבתדיקער ציקאַריע און אַרום

די גרויסע געיווירענע קיכלעך. בונים־בער האַלט שוין נאָך דער ציקאָריע און נאָך דער סדרה מעביר זיין. ער ווינט הינטער דער שטאָט, ווו הייזער זענען שיטערער, מענטשן ווינציקער, און דער הויף איז אַ הויף, דער גאָרטן — אַ גאָרטן. פילט ער זיך טאַקע, ר׳ בונים־בער, מעשה מלך אין די ווייסע אַרבל און די נייע שלייקעס, וואָס זיי זענען נאָך ביי אים ניי פון דער חתונה אָן, ווייל ער טוט זיי ניט אָן פון שבת ביז שבת, און אין דעם היטל מיטן דאַשעק אויף אַ זייט. דאָס עזותדיקע בערדל איז ביי אים רחבותדיק אויסגעקעמט און ער טרוימט שוין אויך און שאַפט פּלענער: ער וועט זיך אָפּטיילן פון דער מאַמען מיט די צוויי פּודסוויג־קעס, אויב ניט זאָלן זיי אים אַרויסצאָלן פאַר זיין חלק — פאָרט ער גאָר אַרויס, מיט איר, מיט שעוועץ און מיט די קינדער. ...קיין פּאַלעס־טינע קען ער אַרויספאָרן, ניין, וואָס רעדט ער, וואָס? פּאַלעסטינע איז ניט קיין פּרנסה־לאַנד. ער וועט פאָרן... קיין אַמעריקע? אויך ניט. קיין טערקיי! אָ! דאָרט מאַכן די האַרבאַרניעס גאָלדענע געשעפטן!...

און שעווקע קוקט אים אַריין אין זיין ליכטיק בערדל, וואָס ווערט שיטערער בעת מ׳צעקעמט עס, אין די ליפּן קוקט זי אים אַריין. איר געפעלט זיין יישוב־הדעת, און זי זאָגט אים גאָרניט. זי לאַכט נאָר, זי קוועלט אָן פון אַלץ, און דאָס איז גאָר. אירע גרויסע אָפענע אויגן זענען עטוואָס פאַרכמורעט פון דער זון. אירע פרישע אָפּגעדעקטע הענט באַהאַלטן זיך אויס אין די דינע צוגעפּאַלענע אַרבעלעך פון דעם זומער־דיק דינעם העלן שטוב־קאַפּטעלע, וואָס דער ווינט האַלט עס אין איין צוטרייבן דאָס צו דער פּלייצע און דאָס צו דער פּאַכווע, אַ ביסעלע העכער פון דער טאַליע. זשמורעט זי זיך און באַטראַכט מיט גרויס נחת דעם, וואָס איז איבער עמעצנס ווילן אויסגעקומען אַזוי ווי איר באַשער־טער, ביי וועמען איר תורה איז כאָטש ניט אַוועק לאיבוד.

— נו, וואָס זאָגט איר, פעטער? — רופט זי צו מאָטעסן, וועלכער האַלט שוין אויך נאָך ציקאָריע. פון יענער זייט פּלויט שטייט ער, פון יענער זייט פּלויט, וועלכער האָקט איבער דעם קלענערן ברונעם איבער דער מיט, וועלכער האָט געמאַכט טאַקע צוויי הויפן פון אַמאָליקן איטשעס איין הויף. מאָטעס, האַלט די הענט אין די קעשענעס. אויפן הויף זענען אויסגעשפּרייט באַרלעך*) פון דוב, און דאָס וועגעלע שטייט זיך אַזוי אויבן־אויף, אָבער די האַלאַבליעס ווייסן, אַז מען וועט זיי היינט ניט

---

*) באַרלעך — גרעסערע שטיקלעך פון דעמבענער צעקלאָפּטער קאָרע, שוין אויסגעווייקטע אין די ביטן.

שפּאַנען, סיידן קינדער וועלן נאָך וואָרמעס זיך מיט זיי אומריפֿען ט׳אָהער ט׳אַהין, ביז עלטערע וועלן ניט דערזען און ניט אָנשרייען. אַזוי שטייט ער, דער אײדעלער האָרבאָר, מיט די פּלייצעס צום רוּקן וועגל, און ער קוקט צום דאַך פון האָרבאַרניע, צו זיין האַלבן דאַך, וועלכער איז געדעקט מיט בלעך. אוודאי, קלערט ער, איז שוין צייט, ניט אום שבת געדאַכט, אַ פּאַרב טאָן דעם דאַך, ער זאָל ניט צעלעכערט ווערן פון דער זון. און אין איין גאַנג הערט ער זיך צו מיט אַ האַלבן אויער צום פֿאַמיליע־געשפּרעך צווישן זיינע פּלימעניקעס, מיט וועלכע מען איז שוין אַזוי געוווינט טאָג אַז ווי נאַכט, מיט וועלכע מען באַגעגנט זיך אַזוי כסדר אויף איין סטעזשקע, אַז מען ווייסט שוין אפילו ניט, מען פֿאַרגעסט זיך אַפּט, צי מען איז זיך שונאים צי פריינד, און אויב מען איז אי שונאים אי פריינד, איז וואָס וועגט איבער. די שוואַרצע פּירעקיקע באָרד שפּילט ביי אים מיט איר שוואַרצקייט אויף דער זון, שפּילט און פֿאַלדעוועט זיך מיט אומזיכטבאַרע לאָגן־ווינט. נעכיי וואָלט ער שוין כאָטש וויסן, מאַטעס, אַז דער פרישער יצר־הרעדיקער שעווקען געפעלט זיין שיינע רחבותדיקע שוואַרצע באָרד איבער זיין ברוינעם מאָנסבילשן פּנים, און ניט איין מאָל וואַרפט זי אים צו אַ פֿאַרגינענדיק רויט שמייכעלע פון איבער אירע לאָכנדיקע קלאָרע ציין.

— נו, וואָס זאָגט איר, פעטער, — רופט זי אים, — אפשר וועט איר זיך ניט פוילן עפענען דאָס פּאַרטקעלע מיטן הייזערנעם האַטשיק און אַריבערגיין אַהער צו, צו אונדז, אַט דאָ לעבן די ברוסעס.

נאָר מאַטעס באַנוגנט זיך מיט זיך אָנשפּאַרן אויף זיין פּלויט ניט ווייט פון די רעשטונקעס, אויף זיין פּלויט, וואָס האָט געמאַכט פון איין הויף צוויי, און ער זאָגט:

— אוודאי וועט ער פאָרן...

— איאָ, פעטער? — זשמורעט זיך שוין צו אים שעווקע איבער דער זון, און אין איר שיינעם אָפּגעדעקטן האַלדז שפּילט יונג און מיט אַ מאָס דאָס שבתדיקע ווייבערשע בלוט.

— יאָ, יאָ, — ענטפערט מאַטעס. — וואָס גלויבסטו דען ניט? איך בין דיר ערב, אַז ער וועט פאָרן... אם ירצה השם... מיט דער קאַטשערע אויפן אויוון.

— איי, גייט! — אַנטוישט זיך שוין שעווע, און זי איז בייז אויף צו כלומרשט. זי ווייסט דאָך דאָס אַליין און פון פריער. האָט עס דער פעטער איר ניט געדאַרפט זאָגן. ער האָט געדאַרפט זאָגן, וואָס איר האָט זיך איצטער געגלוסט.

און איר האָט זיך איצטער פּלוצעם געגלוסט, ער זאָל זאָגן — יאָ, ער זאָל זאָגן, אַז בונים־בער איז אַ טוער, אַ מאַכער, אַ גיבור!

נאָר צווישן דעם פעטער מיטן פלימעניק, איז שוין, ווייזט אויס, לאַנג דאָס גוט־לעבן איינגעביסן. וואָרעם דער ראַדאָווליאַוווער איז שוין ניט קיין גרויס־שטאָטישער, ער האָט זיך דאָ, אויפן היגן באָדן גוט צו־גענומען און איז שוין אין גאַנצן אַ היגער. ער האָט שוין אפילו לאַנג פאַרוואָרפן ערגעץ זיינע ברילן, און יוכבדס שטוב איז שוין אויך אויס. מאַטעס האָט איצט זיין אייגענע שטוב. און חוץ דעם, איז בונים צוריק ניט קיין יינגעלע, ער איז שוין אַ יידאַטש און אַ טאַטע, און ער וואָלט בכלל ניט וועלן, אַז מען זאָל אויף אים קוקן אַזוי ווי אויף אַ בור (אין אַ סך זאַכן איז ער קלוגער פון עמעצן, אָט זעט אַ שאַפע ער האָט אויס־געבויט), און ווייטער וואָלט ער ניט וועלן, מען זאָל אים איבערשפּאַרן פאַר דער ווייב אין די אויגן. ער האַלט עס ניט פאַר קיין גוטער מידה פון יענעמס זייט. ער ווייסט נאָר ניט ווי אַזוי מען מאַכט יענעם אַן אויס־רייד, ס'זאָל אויסקומען אַ ביסל פאַרשטעלט, און יענער זאָל וויסן פּונקט, אַז דאָס איז עס. אָבער טיף אין האַרצן קערט ער זיך סיי ווי אַפּ פון אַזעלכע מענטשן מיט פאַריבל. אַזעלכע שטיק זענען ניט מעשה מענטש־לעכקייט — ס'איז אַ חלשות.

## וואָס אַ יינגל קען ליגן אין זינען

אַז מאַטעסעס יינגל איז שוין אַ גרויסער, שוין פון 15 יאָר, איז קיין חידוש ניט, וואָס שעווקע ליגט אים כסדר אין זינען, און פאַר וואָס זאָל ער ניט ליגן מיט לייבושן שבת ביי טאָג אין דער ליידיקער האַרבאַרניע אויף אַ ריינעם טיש (וואָס נאָכן קאָטשען). דאָס בלאַט פון טיש איז ריין און גלאַט, גלאַט ווי אַ גרויסע כפל־כפלימדיקע לאָקשנברעט (איר פאַרפעטיקטע שוואַרצע גלאַטקייט האָט עפּעס אַ באַזונדער חן). קען מען דאָרט אָנשפּרייטן יוכטן, ווייסע געקאָטשעטע, למשל, יוכטן, וועלכע האָבן אויך איין טאָג אין דער וואָך אויף אָפּרוען. בעט מען זיך אָן אַ באַרג יוכטן מיט אַ גאַנץ הויכן צוקאָפּנס און מען קאָטשעט זיך אַפּ אויפן ברייטן טיש אַן אנדער שבת ביי טאָג גאַנצע שעהן נאָך אַנאַנד. אַליין האָט מען, הייסט עס, אָפּגעשלאָסן די האַרבאַרניע און זיך אַריינגעגנבעט אין איר דזשעגעכצדיקער רו אַריין. רעדן רעדט מען צווישן זיך, פון וואָס מען מעג, און פון וואָס מ'טאָר ניט. נאָר מער, פאַרשטייט זיך, רעדט מען פון דעם, וואָס מען טאָר ניט. וואָרעם ביי בונים־בערן איז דאָך פאַרט

אַזאַ שיינע ווייב, און מאַטעסעס יינגל איז מיט זיי אויף דו, אי מיט
בונים־בערן אי מיט שעווקען. נו... און מאַטעסעס יינגל האָט אַ סך מאָל
ווי געטאָן דער קאָפּ פאַר דעם, וואָס ביי בונים־בערן איז אַזאַ שיינע
און אומפאַרשעמטע ווייב. אַ ווייב, וואָס שעמט זיך ניט ווייזן אַ מאָל
אַ שטיק נאַקעטן פוס, אַ שטיק נאַקעטע האַנט און וואָס דען ניט? און
דאָרטן איז דאָך וואָס? אינעם שיין פון יעדן ניי־אַנטפּלעקטן פּאַסעקל,
קען מען איינגעזונקען ווערן... אַזוי פיל סודותקייט איז דאָרט פאַראַן:
ס'איז דאָך פאָרט אַזוי נאָענט, און גלייכצייטיק אזוי ווייט פון דיר, אזוי
אוממעגלעך ווייט אויף ניט צום דערגרייכן. אַזוי ווי גאָט אַליין איז פון
דיר ווייט. נו, דאַרף מען זיך ניט אויסרעדן מיט לייבושן דאָס האַרץ?
כאָטש פון דער זייט, כאָטש מיט אַ ווייטן רמז, אַזוי אַז לייבוש זאָל זיך
פונדעסטוועגן ניט שטויסן, ווען מען מיינט. און ס'רעדט זיך אַזוי סתם
פון ווייבלעך און פון שכנות, פון יונגע פּויערטעס. און איין גאָט ווייסט
דעם אמתן שכל, אַז פאַר וואָס עפּעס מער פון ווייבלעך און פון פּויערטעס
ווי פון מיידלעך. ביז די מומע (לייבושלס מאַמע) ברענגט זיך ניט צו־
שלעפּן אויך אין ראַבאַטשע אַריין (ראַבאַטשע — דאָס איז דער טרו־
קענער ווערקשטאָט אין האַרבאַרניע) מיט אַ קישן אונטער דער האַנט
און מיט אַ שטיקל קויטיקן ליילעך, מיט אַ צעבונדענער פאַטשיילע, וואָס
אירע צעלאָזענע צוויי עקן טעלעפּן זיך פראַנק און פריי, און אַזוי שלע־
פעריק קוקט אַרויס דער טשיפּעק אירער איבערן געשווירענעם קאָפּ. דאָס
אַנטלויפט זי אַזוי פון די פליגן, אין האַרבאַרניע איז שבת ביי טאָג ניטאָ
קיין פליגן און ס'איז קיל. איינע אַ פליג נאָר, אַ גרויסע, זשוזשעט אין
שפּינגעוועבס אַ פאַרכאַפּטע, אין ווינקל פון האַרבאַרניע־פענצטערל זשוזשעט
זי דאָרט, ווו די זאַלעס זענען און מער הערט מען זיי ניט.

— איר שלאָפט שוין אויך דאָ? — זאָגט זי צו די יינגלעך — איך זע,
ס'ניטאָ דער שליסל אויף דער פּאָליצע... נו, נו, שלאָפט. און זי האָט זיך
שוין אויכעט איינגעמאָסטעט לעבן דער קאַלטער גלאַנציקער קאָכל אויף
דער ערד, אויך אויף יוכטן — דערנאָך דערמאַנט זי זיך אָנזאָגן די יינג־
לעך, זיי זאָלן כאָטש ניט אַנטלויפן, אַזוי ווי די רוחות, ווען זיי וועלן
אויפשטיין און זיי זאָלן כאָטש אָפּזאָגן פּרק! אַזוי ווי די גויים, אַבי מען
עסט זיך אָן, כאַפּט מען און מען אַנטלויפט.

און דאָ ווערט איבערגעהאַקט ביי די יינגלעך דער שמועס סאָמע אין
דער רעכטער מיט, און שלאָפן?... צו וואָס איז ביי טאָג דאָס שלאָפן?
וואַרט מען צו, ביז שיינע וועט אַנטדרימלט ווערן און מען רוקט זיך
אַרויס אין דער שטיל פון האַרבאַרניע. מען וועט זיך לאָזן אויפן וויהאָן

שפּאַצירן, און אויב ס׳איז נאָך שטאַרק הייס, קען מען זיך אַריינכאַפּן אין שטאָל אַריין אינעם היי־זאַסעק, דאָרטן איז אויך קיל, אָדער גאָר אין גאָרטן אריין צו מאַטעסן, אונטער דער בערעזע.

שלוימקע (מאַטעסעס ייִנגל) האָט פונדעסטוועגן פון שעוויקען קור־צע אָפּגעשניטענע יאָר, אַ סך ערגער געמט ער זיך אָן פון איר ווי די גרויסע מאַנסבילן, וואָרעם די גרויסע מאַנסבילן זענען פאַרהאָרעוועט, און ווי די מעשה זאָל ניט זיין, ווייסן זיי שוין בכלל פון זאַכן. און ער, שלוימקע, וואָס קען ער, נעבעך, טאָן? האָט ער זיך געמאַכט אַ מאָדע זיך רייבן אַרום שעוויקעס קני. אַ מאָל אין אַ וואָכעדיקן טאָג קלייבט ער זיך צו אַ פּאָסיקע שעה, ווען קיינער איז ניטאָ אין שטוב, און יענע זיצט, למשל, אויפן קליין בענקעלע און שיילט קאַרטאָפל, אָדער זי באַ־זעצט זיך געבן דעם קינד זויגן, דעמסטמאָל דרייט ער זיך אַריין ווי אַ גנב, און ער וויל איר פאַררעדן דעם קאָפּ מיט האַקע־באַקע און ער רייבט זיך דערווייל פאַר אירע קניעס. חן האָט זי ביי אים אין די אויגן אַ סך מער, ווי אסתר המלכה. נאָר אָן אַ גוזמא מער, וואָרעם ווי קומען צו אסתר המלכה אַזעלכע אָפענע קיצלענדיקע אויגן, אַזאַ קלאָרער און גליי־כער האַלדז און אַזעלכע ממזרישע ליפּן און ציין, און קיין מאָל לאַכן זיי ניט די ליפּן מיט די ציין! און די באַז אירע איז שטענדיק אַ גע־שניצטע, און ס׳איז אַ חן און אַ רייץ אויף איר צו קוקן. ניט קיין קוקלע, נאָר אַזוי אַ שעוויקע, אַ גרויסע שיין, אַ ווייסע און אַ שטיק פייער. דערצו קען נאָך אסתר המלכה ניט רעדן. נאָר וואָס ס׳נוגע צו רעדן איז הלואי וואָלט זי אויך בעסער געשוויגן, וואָרעם ניט איין מאָל פאַרשעמט זי אים, שלוימקען, אַזוי אַז ער זאָל ווערן רויט ביז אַריבער די אויערן און ס׳בלייבט אים נאָר, אַז ס׳זאָל זיך פאַר אים אויפעפענען אַ גרוב אין מיטן שטוב אָט דאָ און ער זאָל אַהין אריין... אַזוי רעדט זי ניט קיין סך. זי הערט אים כסדר אויס, און זי לאָזט זיך דווקא, ער זאָל זיך שאַרן אַרום אירע קניעס, זי לאָזט זיך און זי הערט ניט אויף אויף אים קוקן און אים אָנקוקן פון קאָפּ ביז די פיס. זי הערט אים אויס און זי קען אפילו שווייגן. נאָר אַז זי דאַרף איבערלייגן דאָס קינד פון איין ברוסט צו דער אַנ־דערער, און ווי געוויינטלעך לאָזט זי איינע צוריק אַריין אין העמד־בוזעם און נאָך דער אנדערער שיקט זי אַריין די האַנט אירע און נעמט זי ארויס, אָט דאָ, פונקט ביי דעם פסוק, רופט זי זיך אָן צו אים מיט אַ לאַכעלע:

— שלוימקע, — רופט זי זיך אָן, — פאַר וואָס זאָגסטו ניט דער מאַמען, זי זאָל דיך שוין אין גאַנצן חתונה מאַכן?... דו ווייסט גאָר וואָס,

שלוימקע? איך וועל דיר רעדן מייןביילקען פון דיווישין פאַר אַ כלה, נו, דו ווילסט??

אַט דאַ, ווען ס׳עפּנט זיך פאַר שלוימקען אַ גרוב אפילו אין מיטן שטוב, וואָלט ער גלייך אהין אַריין. און ניט ווייל זי וויל אים רעדן איר ביילקען פאַר אַ כלה. פאַרקערט, ביילקע איז זייער אַ שיין מיידל! נאָר איר לאַכעלע אין מיטן דרינען און איר פראַגע אַזוי, ווען קיינער איז ניטאָ אין שטוב און ער רייבט זיך טאַמעוואַטע פאַר אירע קניעס, אַזוי אויף צו כלומרשט דורכגייענדיק פון שאַפקע צו דער קאָנטאָרקע און פון דער קאָנטאָרקע דאַרף ער דערנאָכדעם נאָך עפּעס צוריק צו דער שאַפקע, ווו די ספרים שטייען. איז איר לאַכעלע, איר אָנקוקן אים און איר פלוּ־צעמדיקע פראַגע בעתן איבערבייטן דאָס קינד צו דער צווייטער ברוסט — איז אַזוי, ווי מ׳זאָל כאַפּן מיט געוואַלד און טאָן אַ ריס פון אים אַ פאַר־האַנג, פונקט דענסטמאָל ווען מען טאָר ניט: ער וואַשט זיך, צום בייש־פּיל, אַ נאַקעטער ביי טאָג אין אַ צימער, און גאָט באַהיט, מען טאָר ניט, ס׳ניט באַקוועם, מען זאָל פּלוצעם אַ ריס טאָן דעם פאַרהאַנג... ס׳איז דאָך אַ פולע שטוב מיט מיידלעך!

...אָבער שלוימקע ווייסט סיי ווי, אַז ס׳איז אַ ליגן, וואָס די שכנות באַרעדן זי, שעווקען. זיי האַלטן זי אין מויל כסדר, אַז זי איז אַ חצופה, אַ „פריילעכע״. ניט אים דערציילן זיי עס, נאָר ער איז שוין ניט קיין קליינינקער, ער האָט שוין געקענט דערהערן, אָבער ער ווייס סיי ווי, אַז ס׳איז אַ ליגן, ער ווייסט אפילו, אין וועמען שעווקע איז אַ מאָל גע־ווען פאַרליבט:

שעווקע איז געווען פאַרליבט אין לייוויקלען דעם „קינדס״.

ביי לייוויקלען דעם „קינדס״ מאַמע אין שטוב האָט שלוימקע גע־לערנט אין חדר שוין לאַנג. בעת שלוימקע איז נאָך דענסטמאָל געווען אַ חדר־יינגל און איז נאָך געגאַנגען אין חדר... און די קונדיכע איז טאַקע אַ ווילע יידענע אַ קליינינקע, אַ שטילע יידענקע. נאָר ער — חיים־סראָל „דאָס קינד״ איז געווען עפּעס אַ מאָדנער ייד. אַ הויכער און אַ מגושמדיקער מיט גרויסע לאַפּאַטע הענט און פיס (אפשר דער־פאַר האָט מען אים גערופן „דאָס קינד״) און אַז מען האָט אים אָפּגע־געבן פאַר אַ סאָלדאַט אַט דעם חיים־סראָלן, האָט מען אים געשלאָגן מכות־רצח. דערפאַר האָט מען אים געשלאָגן, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין שכל פון קיין מענטשן. מען האָט אים אַזוי לאַנג געמושטרירט און געשלאָגן, ביז מען האָט אים געמוזט אָפּזוכן אַ „סטאַטיאַ״ און אים גאָר אין גאַנצן אַרויסלאָזן. און זיין גרעסטער חסרון אין סאָלדאַטן איז געווען

אַט וואָס: ער האָט ניט געקענט פאַרגעדענקען ווי אַזוי מע רופט דעם קיסרס מאַמע.

לייוויקלען האָט שלוימקע געזען איין מאָל אין זיין לעבן. ער איז געווען אַ שניידער אין זשיטאָמיר, אַ מענערשער שניידער. און אַ שיי־נער — אַ געמעל! אַ הויכער מיט אַ לענגעכיק פּנים. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אַ שוואַרצן ראָק, שוואַרצע הויזן און מיט אַ ווייסן זשילעט, מיט אַ שיינעם שניפּס אונטער דעם זשילעט און מיט שפּיציקע גע־גלאַנצטע צוויי שיך. אַז ער פלעגט אַריינקומען, האָט ער באַלויכטן די גאַנצע קונדיכעס שטיבעלע. און ער האָט זיך עפּעס געהאַלטן שטיל און באַטראַכט. דאָס איז ער, ווייזט אויס, דענסטמאָל געקומען זיך געזעגענען, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. דענסטמאָל האָט נאָך שלוימקע ניט געוווסט פון קיין שעווקען און ניט פון גאָרניט. נאָר איצט טוט אים ערשט באַנג, וואָס ער האָט זיך ניט גענוג צוגעקוקט צו לייוויקלען... דוכט זיך, אַז ביי אים איז געווען אַ בלאָנדער געפּוצטער קאָפּ האָר. אַ, ווען ער, שלוימקע, איז אַ שניידער און אַ בלאָנדער, פּונקט אַזאַ ווי לײ־וויקל, וואָלט ער אַראָפּגעקומען פון אַמעריקע גלייך אַהער אויפן וויהאָן צו שעווקעס פענצטער מיט אַ לופטבאַלאָן אָדער מיט אַן אייגענעם פּאַיעזד, און ער וואָלט אָנגעקלאַפּט צו שעווקען אין פענצטער: „קום! — וואָלט ער איר אָנגעקלאַפּט, — קום, שעווקע, איצט איז שוין צייט... דו האָסט זיך גענוג אָנגעמוטשעט, האַ"... — און אַז מען דערזעט זיך שוין, נעמט מען זיך קושן און מען נעמט זיך האלדזן, און ניט זען, וואָס אַרום טוט זיך. און אַלע שכנים, וואָס שטייען דערביי, אי די פּויערשע אי די יידישע, הייבן אָן וויינען פאַר פרייד, נאָר אויף זיי קוקנדיק.

און בונים־בערן וואָלט ער אויך ניט „אָבידיעט", ער וואָלט אים אויסגעשאָטן אַ טשעמאָדאַנטשיק מיט גאָלד און וואָלט אים געזאָגט:

„וואָס איז? דו האָסט דען פון אָדראַזע ניט געזען, אַז ס'ביט פאַר דיר קיין ווייב? מיר וועלן דיר אָפּשיקן אַ גט לויט אונדזערע אַמעריקאַ־נישע געזעצן. האָב חתונה מיט דיינס אַ גלייכן און לעב זיך וויל..."

בונים־בער זאָל כאָטש אָנהייבן פאַרשטיין, ווי ס'האָט אים אָפּגע־גליקט... און שעווקע, פון איר זייט, רעדט אויך וועגן לייוויקלען קיין מאָל ניט. אָבער שלוימקע ווייסט סיי ווי אַלץ ביז אַ פּיצעלע.

## וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט

אפשר איז לייבוש א מענטש אַזוי ווי אַלע מענטשן. און אַז אים איז באַשערט זיין יונג, איז אים אויך באַשערט דורכפירן זיינע יונגע

טעג אי פארשייט אי אונטערגעמעריש. און אפשר איז ער ניט אַזוי ווי אַלע, נאָר ער איז, פונקט פאַרקערט, אַלט פאַר דער צייט, גרוי און אָפּגעלאָזן, און ער איז פונקט דער, אַ וועלכן די יידן זעען איין ווי אַ גלייכן אין מזרח־זייט ביי זיין זיידנס סטענדער?... ווער קען אים וויסן, לייבושן, אַ וועלכער מענטש ער איז?! און אפשר איז ער נאָך צו אַלע מעלות גאָר אַ צבועק און אַ קונצנמאַכער, אַ קאָמעדיאַנט, פאַר וועלכן זיין גאַנץ לעבן מיט זיין שטוב, מיט זיין שטיין און גיין וועט פאַר אים זיין איין אייביק ברעכן זיך און פאַרשטעלן זיך. אָבער חוץ די אַלע אייגנשאַפטן זיינע, האָט ער נאָך געהאַט אַ נאַטור פון פאַרפאַלן ווערן. נאָך דענסטמאָל, אויב איר געדענקט, בשעת בלוט האָט זיך געדאַרפט גיסן פאַר מאַטעסעס פלויט, איז לייבושל שוין פאַרפאַלן געוואָרן. אַנ־דערע האָבן געזאָגט, אַז ער וואַלגערט זיך ערגעץ אין וואַלד, און אַנ־דערע, אַז ער יאָגט זיך נאָך קבלה. שוין פון קליינווייז אויף, אַזוי ווי דער טאַטע זיינער, נאָר זי איז נאָך ניט פאַר זיין קאָפּ... יענעם טאָג אָבער, ווען מען האָט געבויט מיטן סטראַזשניק דעם פלויט, יענעם טאָג איז ער פון ערגעץ אויסגעוואָקסן און האָט אָפּגעווייַנט פון אין דער פרי ביז נאַכט ביי מאַטעסן אין שטוב, ביי זיין ברודערס שונא און מיט אַ מאָדנעם רחמנות־פּנים, וואָס פּאַסט זעלטן פאַר אַ ייִנגל אין די יאָרן, האָט ער געמסרט זיין ברודער און זיין משפחה, און ער האָט געזוכט עצות, ווי אזוי אַרום פון זיי אויסגעלייזט ווערן. צום פלויט און צום שפיכת דמים, וואָסביידע הייזער האָבן, איז אַזוי ווי ער האָט גאָר קיין שייכות ניט געהאַט. נעכטיקן האָט ער זיך געקליבן דער „משוגענער הונט" (ווי זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע ליב געהאַט אָנרופן אַ מאָל אין אַ יום־טוב און אַ מאָל אפילו אין אַ וואָכעדיקן טאָג), נעכטיקן האָט ער זיך געקליבן צו דוד־לייבעלען אין שטאָל. נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ביי נאַכט האָט דעם פלויט צעבראָכן ער, לייבושל, און דווקא אָן כעס, אַזוי זיך. ער האָט געוווסט צוליב וואָס ער טוט עס און האָט צענומען אַ ברוס נאָך אַ ברוס, און בונים־בער האָט אים נאָר געהאָלפן... פאַר אַ אויבער הסברה האָט מען זיך דערוווסט, אַז לייבושל האָט זיך ניט גע־פוילט אומקריכן אין קעלער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דאָרט אָנגעשמעקט די געטווערדיוועטע צוואה, דעם זיידנס. ווער ווייסט אים צוליב וואָס אַזאַ זאַך האָט אים אינטערעסירט.

איצט איז לייבוש ווייטער פלוצעם פאַרפאַלן געוואָרן, ניט אויף קיין טאָג און ניט אויף קיין וואָך. אַנדערהאַלבן חדשים איז פון אים קיין שום ידיעה ניט געווען.

אין זעקס וואָכן אַרום איז פון אים אָנגעקומען אַ בריוו „לאמי היקרה החשובה מרת אַזוי און אזוי... לאחי היקר המופלג והחכם אברך נעים כמר אַזוי און אזוי... און לגיסתי היקרה והחשובה מנשים באהל תברך מרת אַזוי און אזוי... און נאָך איטשעלען מיט יחיאלן, מיט פייגלען מיט שייליקן אויסגערעכנט יעדערן ביי די נעמען, און ער שרייבט, אַז ס׳איז אים אַ דאַנק גאָט גוט... ער איז א דאַנק גאָט אין בערדיטשעוו... האָט זיך באַשטעלט צו שליינקערטן אין האַרבאַרניע. אַ האַרבאַרניע משוגענער־ ווייז אַ גרויסע, איין הויף וועט דאָרט זיין די גרויס ווי אַ גאַנץ סירניצע. דער באַלעבאָס און זיינע צוויי זין זענען מיליאָנשטשיקעס.

די אַרבעטער, פאר וועמען בונים־בער פּוילט זיך ניט לייענען דעם בריוו, כאַפּן זיך אָזש פאַר די קעפּ: אַזאַ מזיק, אַזאַ מזיק, אַזאַ מזיק דער לייבוש, וווהין ער האָט עס אָנגעשפּאַרט — אָזש קיין בערדיטשעוו. נאָר איין זאַך גלייבט זיך זיי ניט: צי דען זענען דאָ אַזעלכע גרויסע האַרבאַרניעס...? און יאנקל מענדלס טענהט אויך דאָס אייגענע: ס׳איז אויסגעקלערטע מעשיות. סיידן אפשר שאָווראָוו, דאָס אפשר יאָ, כאָטש ס׳איז אויך ניט צו גלייבן.

— הערסט, סאָראַ חכם בלילות? קוים באַקלערט? וואָס זשע האָט איר געמיינט, אַרבעט מען דאָרט אויס, אַז ניט קיין שאָווראָוו? — און בונים־בער האָט זיך ערשט דערפרייט, וואָס ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ גוטער פור, און ער האָט גענומען אויסרעכענען די מאַשינעס מיט די באַראַבאַנעס, מיט די סושילקעס, מיט די פּרעסן, וועלכע ער האָט געזען אין איין ראַדאָמישליע אויף האַרנשטיינס זאַוואָד. — היינט דאַרפט איר פאַרשטיין, — זאָגט ער, — אַז ראַדאָמישליע איז אַ נאָל אַנטקעגן בער־ דיטשעוו. איר ווייסט כאָטש, וויפל מען פירט אַרויס סחורות פון בער־ דיטשעווער זאַוואָד אויף דער גאַנצער וועלט? — און ער הייבט אָן צו רעכענען די אלפי אלפים קערבלעך, וואָס בערדיטשעוו לייזט אָפּ פאַר איין וואָך.

יאנקל מענדלס האָט אָנגעשטעקט די ברילן אויף דער געלער באָרד, וואָס מוטשעט זיך און קען ניט ווערן גרוי שוין פון צענדליקער יאָרן און ער זאָגט, אַז דאָס, וואָס ס׳זענען דאָ אַזעלכע מיליאָנשטשיקעס איז, ווייזט אויס, וואָס זיי אַליין קענען די אַרבעט. דאָס איז דווקא ניט קיין עוולה. מהיכא תיתי, מן הסתם איז זייער טאַטע געווים אַ קלוגער און אַן ער־ לעכער ייד... — אַזאַ נאַטור האָט ער שוין, יאַנקל מענדלס, אַז בעת מעשה ווען עמעצער רעדט און דערציילט עפּעס, שטייט ער זיך און שליכט זיך זיין יוכט, אַזוי ווי ס׳גאָר ניט זיין עסק, וואָס יענער בעבעט דאָרטן.

פאַרקערט, ער איז נאָך אפילו ברוגז, וואָס גראָבע יונגען מישן זיך, ווּהין ס'ביט זייער עסק. דערפאַר אָבער, ווען ער דערפילט, אַז מען האָט שוין אַלע אָפּגערעדט, און ער ווייסט געוויס, אַז ער איז שוין דער לעצטער, דערנאָכדעם מאָל לאָזט ער אָפּ די שליכט־צוועגגעס און שטעקט אָן די ברילן, נעמט ארויס אויף צו כלומרשט די בלעכענע פושקע אויף זיך אויסדרייען, למשל, אַ ציגאַר, (וואָרעם צוליב דערציילן מעשיות לייגט מען ניט אַוועק דאָס שליכטן, מען קען אי אַרבעטן אי דערציילן). און דרייענדיק דעם ציגאַר, גיט ער צו פאַרשטיין גאַנץ וואָגיק זיין געדאַנק... דאָ, פאַר־שטייט זיך, געפעלט אים צו זאָגן, אַז שליינקערט איז אַ ייד און אַ גאַנץ קלוגער און ערלעכער מענטש, וואָס ער לערנט זיינע קינדער אַ מלאכה...

נאָר פונקט אויף היינטיקס מאָל האָט דער אַלטער געהאַט אַ טעות, וואָס ער האָט געמיינט, אַז זיין וואָרט איז דאָס לעצטע, וואָרעם משה דער טכאָרינער איז אַרויסגעשפרונגען און וויל אויך עפּעס זאָגן, ער זאָגט:

— אַנקוקן זאָלט איר אים, אַזוי ווי ער וויל די קינדער זאָלן אַרבעטן. דאָס איז ער געוויס אַן אָנגעשטאָפּטער גביר, אַ מענטש מיט קורחס אוצרות, און ער האָט זיך מורא, דער קאָפּ דאַרט אים, טאָמער וועלן אים די אַרבעטער באַגנבענען, טאָמער טוען זיי ניט אַזוי גוט, טאָמער טוט מען אַ מאָל אַ שפּיצל, איז אַזאַ גבירלאַ, — זאָגט ער, — קען באַשטיין זיינע זונרעס זאָלן וויסן אַ געפיל אין אַלערליי מאַשינעס און אין דער גאַנצער אַרבעט. און קיין זאַגראַניצע פאָרן זיי דען ניט? זיי איז קאָרג אין דער היים די ראַשקאַש, פאָרן זיי הוליען און אַן עק. איר שפּילט זיך מיט זיי...

יאנקל מענדלס האָט אַ קרעכטשע געטאָן. אים האָט עפּעס פאַר־דראָסן. נאָר אַזוי ווי פירן וויכוחים איז ניט פאַר יאנקלען, איז ער צוריק אַריין אין דער פּענטע, דעם ציגאַר אפילו ניט פאַררויכערט, נאָר אָן אויפ־געדרייטן אים אַריינגעלייגט צוריק אין פושקע אַריין און מיטן שליכט־אייזן אין זיינע סוקעוואַטע אויסגעהאָרעוועטע הענט האָט ער געכאַפּט מיט אַ כעס גיך־גיך הריזען די מעזדרע פון דער יוכט.

## לייבוש פאָרט קיין אַמעריקע

אין שטוב האָט זיך געטאָן חושך. ס'איז שוין לאַנג אַזעלכעס ניט געווען. לייבוש איז געקומען פון בערדיטשעוו, דער רוח האָט אים געבראַכט צוטראָגן.

— ער האָט זיך געמעגט אויסברעכן הענט און פיס איידער ער איז

אַהער פאַרפאַרן, — אַזוי האָט בונים־בער געפּייערט און געשריגן, אַז מע האָט געקענט הערן אינעם צענטן הויז.

שיינע איז אויך געווען צעקאָכט. נאָר דאָך האָט זי ניט פאַרגעסן אָ זאָג טאָן:

— גימפּאַ! זאָל זיין אויף שונאימס קעפּ!

און טאַקע: אַ בחור זאָל זיך אַזוינס איינשלאָגן אין קאָפּ אַריין! ס'איז גאָר ניט זיין שכל דערביי! אוודאי האָט עס אים מאַטעסקע אָנגערעדט. האָסטו געהערט אַ מעשה — אַ יינגל איז נאָך קיין גאַנצע זיבעצן ניט אַלט, זאָל מען אים אויסטיילן זיין חלק ירושה!

— אויפן בית־עולם! פיר איילן די לענג און ניין די טיף! — האָט בונעם־בער צעלאָזן די הובעס און געשריגן, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אונטער אים אָנגעשאָטן פּריסעק?

מע האָט זיך אַלע צונויפגעקליבן, ווי אַלע טעג אין דער צייט, עסן וואַרמעס. די יינגלעך זענען אָקוראַט געקומען פון חדר, אָבער ווער עסן, וואָס עסן, אַז דאָ איז מען אין שטוב אויף מעסערס שטעכן. נאָך גוט, וואָס מע לויפט זיך ניט צונויף פון דער גאַס. און לייבושל, מיינט איר, טוט עפּעס? ער בלאָזט אָן זיין פאַרפרומטע צורה און טענהט זיך איינס:

— איך וויל ניט וויסן פון קיין שום זאַך. אַ זון בין איך? אַ חלק אין דער ירושה קומט מיר? מעג אפילו דונערן און בליצן, וויל איך מיינס אָפּנעמען.

— הייסע שטיינער אַ פולע פּאַזוכע! — שרייט בונים־בער און די אויגן קריכן אים שיר ניט אַרויס. — וואָן פון מיין שטוב, דיין זוואַניע זאָל מיר דאָ ניט זיין!

שיינע טאַנצט אַרום פון איינעם צום צווייטן. זי וויל אויך ניט, מע זאָל טיילן די ירושה.

— אַן אָנצינדעניש, — שרייט זי, — זאָל אָנקומען אויף אַלע שונאים און אויף אַלע זייערע אַנטראַכטעניש. איר וועט גיין אַ מאָל פּרעסן? פון וואַנען האָט איר זיך אויסגעריסן אויף מיין קאָפּ?

ברוגז און אָנגעבלאָזן האָט מען זיך גענומען רוקן צום טיש. די שיסלען מיטן הייסן מילכיקן קוליש און דער מאַקעטערעץ מיט די אײַ־בערגעטרייסלטע פּאַמפּושקעס, וואָס זענען געווען געקנאַטן אין קעז און אין פּוטער, האָבן שוין געוואַרט אויף די עסערס. דאַרף פּלוצעם דאָס עלטערע מיידל פייגל אויסשיסן מיט אַ נייס, אַז ס'זענען ניטאָ די פּלאַטעס. לייבוש האָט טאַקע די נאַכט אַרויסגעשלעפּט די פינף פּלאַטעס פון שטוב און זיי פאַרשטעקט ביי דוד־לייבלען אין שטאַל, טיף אין היי, און אויך

בונים־בערס זייגער מיטן גאָלדענעם קייטעלע נאָך פאַר אַ צוגאָב.

האָט בונים־בער זיך אַ ריס געטאָן פון טיש שלאָגן לייבושן. די אַלטע האָט בונים־בערן צוגעהאַלטן. און לייבושל האָט אויף צו כלומרשט אָנ־געצויגן די סקולעס און געוואַרט אויפן ערשטן קלאַפּ. בונים־בער האָט געפייערט און זיך געריסן פון אירע הענט. די אַלטע איז ביי אים יעדעס מאָל צוריקגעשטויסן געוואָרן. זי האָט אָבער אַרויסגעוויזן שטײַפקייט. זי האָט זיך ניט דערשראָקן און האָט געשריען און אים געכאַפּט פאַר די הענט:

— ביסט כאָטש אַ מבין, ביסט כאָטש אַ מבין אויפן משוגענעם הונט. ער וועט שוין באַלד הייבן אַ האַנט אויף אַן אייגענער מאַמען! שיין דערלעבט זיך, אַז אַך און אַז וויי!

אין מיטן דעם קריג האָט זיך אָבער שעוקע אַריינגעמישט, פּונקט ווי זי איז גאָר ביז איצט אין שטוב ניט געווען. פּונקט ווי אַ טאַטע וואָלט פּלוצעם אַריינגעפאַלן פון אַ ווייטער נסיעה סאַמע אין דער רגע, ווען זיינע זין שלאָגן זיך, און ס׳ווערט מיט אַ מאָל שטיל.

— איך פאַרשטיי ניט! ווי באַלד לייבוש וויל פאָרן קיין אמעריקע, — האָט זיך שעווע אָנגערופן, — קומט דאָך אים „פּאַ סאַוועסטי״ אָפּגעבן זיין חלק. איי, דעם גאָרטן קען מען ניט בייסן, די שטאַלן קען מען ניט מעלקן און די האַרבאַרניע אויך ניט? דאַרף מען פאַרקויפן דאָס פערד. אָט האָלט משה דער האָנטשאַרקעס אַ האַרבאַרניע און האָט ניט קיין פערד, פונדעסטוועגן לעבן זיי!... אויב ניט, דאַרף מען נעמען ביי מאַשקען דעם סטאַראָסטע אַ וואָכער, און אַז מע וועט קומען פון פּאָס־טאָוו פונעם יאַריד וועט מען אים אַריינטראָגן. און נאָך אַ זאַך: אויב ניט — איז וואָלטשע אויך ניט קראַנק אַרויס מיט 50 רובל, באַלד וועט מען פאַרענדיקן דעם שטומענס סחורה פון דער אַרבעט, וועט אים דער רוח ניט אָוועקכאַפּן, אַז ער וועט געבן אַ פּופּציקער. נישקשה, ער האָט אַ גוטע זשמעניע מיט געלט.

די אַלטע פּינטלט מיט די פאַרשטאָכענע אויגן. איר געפעלט ניט שעווקעס פּלוצעמדיקע גוטסקייט. מן הסתם אויב שעוועטשקע איז צו גוט און בריקעוועט ניט, ליגט דאָ עפּעס אַ שפּיצל פאַר איר, פאַר דער אַלטער, און ווען זי שעמט זיך ניט, וואָלט זי זיך גאָר אויסגעוויינט, וואָרעם, ווי איר ווילט זיך, אַמעריקע איז פאָרט ניט קיין שפּילכענדל.

— משוגענער הונט! — פּרוווט זי זיך אָנשרייען פון דאָס ניי אויף לייבושן, — וואָס איז דיר אין קאָפּ אַריין? יחיאלקע דער משוגענער האָט דיר געלאָזט גריסן. קראַנק ביסטו האַרעווען אין דער היים, און ניט

פאַרשוווּמען ווערן אין דער ערד אַריין, מען זאָל ניט וויסן, ווו דיין געביין וועט אַהינקומען? — און זי שעלט די שונאים.

אָבער לייבושל איז שוין ביי די רייד ניטאָ אין שטוב. ער איז שוין אַוועקגעלאָפן פאַר הונדערט שפאַן צו דוד־לייבלען אין שטאַל, וועלכער שטייט מיט די פּלייצעס צו מאַטעסן און מיטן טויער אינעווייניק צו דוד־לייבלען אין הויף. דאָרט האָט ער אויסגעשאַרט פון היי די פּלאַטעס, דאָס זייגערל איז ביי אים געווען פאַרשטופּט אין ביישטידל פון טויער. און אין מיטן העלן פרימאָרגן האָט ער, ווי אַ באַרעמאַק האָלץ געבראַכט אַליך אין שטוב אַריין: ער זעט, אַז ווי באַלד שעווקע וויל, וועט שוין ווערן דאָס געלט אפילו פון אונטער דער ערד.

— משומד! — שרייט ווייטער די אַלטע. — זאָלסט מיר דאָרטן כאַפּן באַלד און אָפּשאָבן די מאָרדע און ווערן אַ גוי, אַ איוואַן גלייך מיט אַלע אויסגעשמדטע. זיי וויסן, איך וועל קיין מאָל אפילו אויף דיין טריפהנעם פּרצוף ניט ווערן אַ קוק טאָן.

און ניט קוקנדיק, וואָס שעווקע האָט איר געהייסן זיך שטעלן אויס־באַקן לייבושן אַ געבעקל בולקעס מיט אַ פּאָר בעקנס קאָרזשעס אויפן וועג, האָט זי דאָך ניט געענטפערט קיין האַלב וואָרט. מיט אַ פאַרנומען פּנים האָט זי געכאַפּט דאָס גרויע געווענטענע שאַלכנדל אונטער דער פּאַכווע, און זי איז אַוועקגעלאָפן דורך די לוכטאַנעס און דורך דער בעלקער גאַס גלייך אַראָפּ אין מאַרק אַריין צו איר ברודער צו לייב־טשיקן. זי וויל אים נאָך אַ מאָל פרעגן, צי ס׳גלייך אַזוי וואָס זי לאָזט אים אַוועק, ס׳דאַך פאַרט ניט פאַר אַ גראַשן אַ בייגל אויפעסן... אַ מער ווי אַזוי האָט ער עס אַרויסגעכאַפּט ביים סטאַראָסטע דעם „פּראַטש־פּאַרט״ אַזאַ משומד, אַזאַ ניט גוטער פון די בלאַטעס?

שעווקע האָט זיך אַליין אַוועקגעזעצט ביי איר נייער זינגער־מאַשין אויפשטעפּן לייבושן אַ העמד און אים צופאַרריכטן די קאַפּאָטע. בונים־בער איז אומגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער (ווייל ביי אים מיסטיעט זיך עס נאָך ניט אין מוח אַזוי גיך). שעווקע איז אויך געזעסן ביי דער אַרבעט פאַרטראַכט.

אין האַרצן איז איר לייבוש שטאַרק געווען געפעלן. פאַר דערפאַר טאַקע אַליין, וואָס אים איז ניט סטראַשנע די וועלט. ווען זי שעמט זיך ניט, וואָלט זי שוין געכאַפּט און וואָלט אים אַ קוש געטאָן. בישקשה, די צורה איז טאַקע ביי אים אַ פרומע, אָבער ס׳נאַר אַן אויבערשטע זאַך. אינעווייניק איז ער אַ ספּריטנער בחורל...

— הער נאָר, לייבוש, און וואָס קלערסטו טאָן מיט אַ כלה?

— נאָך מיר נאָך, — זאָגט זי ווייטער צו בונימען, און זי וואָלט וועלן, די אַלטע זאָל עס הערן, — נאָך מיר נאָך, וואָלט ער געמעגט וואַרפן עפּעס אַ קוק אויף אַ היגער, אויף אַ היימישער מיידל און דערנאָך וואָלט ער זי אַריבערגענומען קיין אַמעריקע. הערסטו, לייבוש, איך זאָל אַזוי געזונט זיין, איך מיין עס אַן קאַטאַוועס, דו דאַרפסט ערגעץ וואַרפן אַ קוק. — און אַט דאָ וואָלט זי טאַקע וועלן איבערפרעגן ביי דער שוויגער אויף איינער אַ דאָרפישער מיידל „אַ געזונט אין האַרצן", וואָס פון איר טאַטנס מקומות פון הרעבעני צי פון דיוווישין.

און לייבוש איז דערוויל אַוועק אין קלויז אַריין, דאָרט וועט ער ווייזן פאַר לייטן זיינע שיפּסקאַרטעס מיטן גובערנאַטער־פּאַס. ער האָט זיך אויסגעסטאַרעט עפּעס פון אַ פעטער שיפּסקאַרטעס. אַהין קיין בער־דיטשעוו זענען זיי אים אַנגעקומען. פון בערדיטשעוו, ווי ער זעט זי, איז שוין גאַרניט געבליבן וואָס צו דערציילן. וואָרעם וואָס איז בער־דיטשעוו קעגן ניירעאָק, פילאַדעלפיע און טשיקאַגאָ? כאָטש אין בער־דיטשעוו זענען אויך פאַראַן יידן און בתי־מדרשים און שוחטים און רבנים?...

אַזוי ווי איר קוקט אים אָן, איז אָן רבנים און שוחטים ביי אים די וועלט קיין וועלט ניט.

און צו שעוועלן דעם מלמד איז ער נאָך אויך אַריין פאַרן פאָרן. ער רופט אים נאָך אי הײַנט רבי. און שעוועל האָט גענומען אַ פריילעכן שמעק טאַבעקע, די געל־גרויע באָרד מיט די קלוגע ברילן שמייכלען ביי אים. מיט אַ מאָך פון דער ווירע האָט ער געוויזן איין יינגל, וואָס האָט פאַרגעסן זיך אָפּשטעלן ביים סוף פּסוק און ס'פאַרט זיך ביי אים כסדר, האָט ער אים געוויזן, אַז, נישקשה, כע־כע־כע... אָט איז אויך זיינער אַ תלמיד, פונדעסטוועגן דאָס גוטע יאָר נעמט אים ניט.

— פאַרסטו, הייסט עס, קיין טשיקאַגאָ, „טאַים איז מאַני" כע־כע. — די ברילן, וואָס ער טראָגט, זענען ביי אים ניט פאַר אַלטקייט, — נאָר פאַר פּיקחדיקער קורצזיכטיקייט. שיינע ברילן. אַ מבין וואָלט געוווסט, וואָס דאָס זענען פאַר אַ גלעזער, נעמט ער זיי אַראָפּ אויף צו ווישן, און ער קוקט אויף לייבושן מיט די פאַרטשורעטע קורצזיכטיקע אויגן און מיטן שטאַרק רויטן איינגעשניטענעם סימן אויפן נאָז־ביינדל: „טאַים איז מאַני, כע־כע, טיים איז מאַני. יע־עס". וואָס? דו קענסט נאָך ניט קיין ענגליש? דאָרט ווערסטו זיך מוזן אויסלערנען. דאָרט רעדט מען כסדר אויף ענגליש... אַן עוולה, ווען דו פאָרסט ניט אַוועק אַזוי גיך, האָב איך פון דיינעט וועגן אַ גוטן סלאַוואַר אָן ענגלישן... און שעוועל לאָזט

זיך גיין צו זיין נידעריקער צוויי־טייליקער שאַפּקע פון שוואַרצן קאַליר, ווו אין איין טייל ליגט זיין טייגעצייג און אין דער צווייטער — ביכער. ער האָט פאַרשיידענע ביכער, שעוועל, ביי אים זענען אפילו די משניות אַנדערע, ניט ווי קיין געוויינלעכע — מיט אַ שוואַרצן קליינעם איינ־בונד, מיט גלאַנציקע, אַזוי ווי מיט מאַן אָפּגעשאָטענע טאָוולען און מיט „תפארת ישראל". ביי אים זענען אַנדערע משניות און אַנדערע תנ"כלעך, וואָס האַלב זענען זיי אויף יידיש און האַלב אויף פּויליש, און אָט טראָגט ער אויך דעם ענגלישן סלאָוואַר, אויף וועלכן ס'שטייט אַ קיילעכדיקע פּעטשאַטקע, טאַקע אַן אמתע, ניט פון קיין קיזלשטיין. שטייט דאָרט „יעווריסקי אוטשיטעל — שעוועל דאַרפמאַן".

— דאָרטן רעדט מען אַנדערש — פּיקטשור, פּיקטשורס! אַ קאַר־טעטשקע איז „פּיקטשור" און אַ בריוו איז „לעטער". „יעס, יעס, „העוו יו איי ליטל מאַני?" נו, יאַ... און די יינגלעך ווערט פּלוצעם זייער שטאַרק געפעלן זייער רבי, אַז זיי כאַפּן זיך אפילו ניט אויסנוצן אָט די איינע פרייע מינוט. זיי זיצן אַרום טיש פאַר די אָפענע חומשים מיט צעעפנטע מיילער און אויגן מיט אַרונטערגעלאָזענע הענט אונטערן הויכן טיש און זיי קוקן גלייך אין מויל אַריין צום רבין, וואָס ער קען אי ענגליש, אי פראַנצויזיש — אַלע לשונות קען ער... און צו ביסלעך זענען זיי אפילו אויך מקנא לייבושן דער האַרבאַרקעס פון וויהאָן.

---

דערנאָך פאַרגייט ער, לייבושל, צום רב און צו אַ פאָר אַלטע אַליקער חסידים, אַזוי ווי ער וואָלט מער קיין חברים ניט געהאַט. נאָך דעם האָט ער צוגעזאָגט ביי מאַטעסן אין שטוב, אַז ער וועט שרייבן בריוולעך, און אויפן בוידעם איז ער אומגעקראָכן, טאַקע דורך מאַטעסעס האַלבן טירל, לאַנג־לאַנג האָט ער זיך געפּאָרעט אויפן בוידעם, אַ סך מאָל געוועזן אין שטאָל און אין דער גרויסער שאַפע, וואָס שטייט טיף אין האַרבאַרניע־הויף. נאָך וואָס ער איז אַהין געקראָכן, ווייסט מען ניט, ס'קען זייער גוט זיין, אַז נאָך גאַרניט, און אפשר האָט ער ערגעץ פאַר־שטעקט דעם פאָטערס אָנגעשריבענע חיבורים. אָט די גראָבע איינגע־בונדענע פאַפּושלעך מיטן דריבנעם ריינעם כתב'לע, וואָס אַזוי ווי מאַן אָנגעשאָטן. שפּעטער צו איז ער מיטן קעסטעלע מיט די לעדערנע זאָ־וויסעס, מיט אַ פאָר גרויע לייוונטענע טאָרבעס אָנגעשטאָפּטע מיט וויי־צענע בולקעס און מיט קיכלעך, אַרויף צו יידע־בערן דעם באַלעגאָלע אויפן וואָגן, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעפאָרן.

יידע־בער האָט אַזאַ נאַטור, אַז נאָך איידער ער איז צוגעפאָרן, טרייבט ער שוין אין האַלדז אריין. — אַרויף אויפן וואָגן! — האָט ער געטריבן.. — ניט געמאַכט קיין רבנישע שהיות, שפרונג אויפן וואָגן און אַ סוף. דער טאָג שטייט ניט!

איין שכנה פון וויהאָן האָט אפילו אָנגעשריען אויפן באַלעגאָלע: — גאָט איז מיט דיר, — זאָגט זי — יידע־בער! אַלע חגאות זענען ביי דיר איין חגא! דו ווייסט כאָטש ווהין דאָס ייִנגל פאָרט?... איז נישקשה, אַז דו וועסט זיך פאַרזאַמען אַ מינוט. — און אויף „דו" איז זי מיט יידע־בערן, ווייל זי האָט זיך מיט אים אַ מאָל געלערנט דאַווענען ביי איין מלמדקע, ביי דעם אַלטן יחיאלס ווייב, און ווען זי וויל קען זי נאָך אים עפּעס דערמאָנען אויך. טאַקע אין אמתן, וואָס איז דאָס יאָגן אין האַלדז־און־נאַקן אריין? וואָס איז, דאָס ייִנגל פאָרט אויף אַ טאָג, פאָרט ער, צי אויף אַ וואָך? — זע נאָר, שיינע, צי האָט ער גאָרניט פאַרגעסן אין איילעניש?

און ביי יידע־בערן אויף די צוויי ווייסע לאָשעקעס מיטן לויזן שפּאַן זענען שוין געזעסן אַ סך פאַרשוינען — מאַנספאַרשוינען און ווייבער, יינגערע און עלטערע. ניט אַלע פּנימער זענען געווען באַקאַנטע, אַנ־דערע מן הסתם זענען נאָר דורכגעפאָרן דורך סירניצע. איצט פירט זיי יידע־בער אַלעמען קיין קראָסנע. אַנדערע וועלן זיך דאָרטן גופא טאַקע אָפּשטעלן. אַנדערע וועלן נאָך פאָרן ווייטער. מיט דער קאַליע וועלן זיי פאַרפאָרן אפשר קיין זשיטאָמיר און נאָר איין לייבושל איז געפאָרן גלייך. ער, לייבושל, פאָרט גלייך קיין פילאַדעלפיע.

און מען האָט זיך ניט געקושט קיין סך, און מען האָט ניט גערעדט קיין סך, ווייל ס'דאָך ניט אַזאַ שטוב. דערפאַר אָבער זענען פון די וויהאָנער שכנים אַרויס אַ סך מענטשן. מערער, פאַרשטייט זיך, פון דעם ווייבערשן פאָלק, מען האָט אים מיט מיטגעפיל נאָכגערופן:

— זאָלסט דאָרטן מצליח זיין!

— הערסטו, לייבוש, זאָלסט פאַרפאָרן געזונטערהייט, און גאָט זאָל דיר אויסהעלפן, זאָלסט האָבן חן ביי לייטן אין די אויגן.

אָט דאָ וואָלט די אַלטע אַ דערוואַרעמטע פון לייטישע קלוגע וויב־טשעוואַניעס, אָט דאָ וואָלט זי שוין דווקא געמעגט אַ וויש טאָן די אויגן, כאָטש מיטן עק פון דער גרויסער ציצענער פאַטשיילע, און זי האָט עס טאַקע געטאָן. זי האָט געריבן אַזוי לאַנג דאָס לינקע אויג, ביז זי האָט פונדעסטוועגן אַרויסגעריבן אַ ביסל געזאַלצענע פייכטקייט, און די ליפּן האָבן זיך געקרימט שוין פון זיך זעלבסט, אַזוי די אונטערשטע, אַזוי די

אויבערשטע, וועלכע איז שטענדיק אונטערן סאַמע נאָז געווען רויט אָנ־געריבן און אַ ביסל אַזוי ווי פאַרשוואָלן.

„אָוועקגעפאָרן לייבוש, — טראַכט זי — ניטאָ. מען הערט נאָך דעם באַלעגאָלעס גלעקלעך אונטערן באַרג. נאָר „פּישי פּראַפּאַלאַ״ — אַזוי ווי דו וועסט זען דאָס אויער, אַזוי וועסטו שוין זען לייבושן אויף צוריק... וואָרעם אויף אַזאַ איז גאָר קיין חידוש ניט. יענער, אַז ער פלעגט דער־הערן גלעקלעך פאַר אַ ווערסט, פלעגט ער כאַפּן דאָס קעסטעלע אויף די פּלייצעס און זיך לאָזן לויפן. וויפל מאָל האָט זי אים אַנגעיאָגט און אים קוים אומגעקערט פון מיקיטעס געסל? אַזוי פיל גוטע מזלדיקע יאָר זאָל זיך אונדז אָננעמען!... און איצט איז שוין אַלצדינג פאַרפאַלן, פון נעמט ער און לאָזט איין אַזאַ גאָלד אַ מיידל...

## אַ מאַמעס האַרץ

ביי שעווקען איז עס אָבער געווען ניט די לעצטע אַמעריקע:

דערנאָך זענען ביי איר אָוועקגעפאָרןביילקע פון דיווישין. שעווקע האָט געהאַלטן ביי זיך ביילקען אפשר גאַנצע צוויי וואָכן. אַזוי האָט זי זיך אויף איר זאַט ניט געקענט אָנקוקן. דאָס טייערסטע שוועסטערקינד איז זי ביי איר. זי איז אַ דינע, אַן איידלינקע און אַ גלייכע, אַז ס׳איז אַ מחיה אויף איר אַ קוק צו טאָן.

— ס׳מעג דיר שוין דווקא באַגג טאָן — האָט זי שלוימקען איבער־געחזרט עטלעכע מאָל, — זאָל איך אַזוי לעבן, ווען איך בין אויף דיין אָרט, נעם איך און פאָר איר נאָך. אַ באַטרעף הייגט פאָרן קיין אַמעריקע? אָן־אָ איז דאָך לייבושל אויך אָוועקגעפאָרן! איינער אַליין!! און דאָ נעמט ער און לאָזט איין אַזאַ גאָלד אַ מיידל...

דערנאָך האָט שוין געדאַרפט פאָרן קיין אמעריקע ניסן אַליין, שעווקעס טאַטע. זיי זענען שוין געזעסן אין אַן אַנדער דירה. ביי בן־ציונען דעם האָרבאָר זענען זיי געזעסן, און אין פרנסה איז זיי געווען זייער שפל... די ייִנגלעך זענען שוין קיין עין־הרע גרויסע ייִנגלעך, און גייען אָרום אָן שום טועכץ. ביז מען האָט זיך צונויפגעשריבן מיט אַמעריקע, טאַקע מיט ביילקעס טאַטן (ניסנס אַ שטיף־ברודער), וועלכער איז דאָרט אַ גביר אַן אדיר, און יענער האָט ארויסגעשיקט שיפסקאַרטעס פאַר ניסנען מיט די עלטערע צוויי ייִנגלעך. איז דאָך שוין אַלץ גוט און פיין, נעמט ניסן און קילט זיך צו. עפּעס אַ בהמה האָט ער געפירט אַ משוגענע אין אַן אַסיענעם רעגן אָדער וואָס. האָט ער זיך מיט איר אָנגעמאָרדעוועט און

זיך פֿאַרקילט. איז ער זיך מישב און קרענקט אָפּ אַ ווינטער צייט. אַזאַ פֿריילעכער און זשוואַווער מענטש אַז ער קרענקט, איז טאַקע נאָר אַ צער צו קוקן. דערנאָך האָט מען פֿונדעסטוועגן פֿאַרלענגערט די שיפֿס־קאַרטעס, און צו ווֶעסנע האָט מען ווייטער געבאַקט קיכלעך. שעווקע איז אַלע מאָל אומגעלאָפֿן דורך מיקיטעס גאָרטן צו בן־ציונען דעם האַר־באַר און צוריק, און דערנאָך איז זי טאַקע נאָכגעפֿאָרן ביז קראָסנע: ביי לייטן, אַז אַ טאַטע פֿאָרט אַוועק אַזוי ווייט, פֿאָרט מען אים באַ־גלייטן. האָט זי זיך אויך אָנגעקלערט באַגלייטן דעם פֿאָטער ביז קראָסנע. זי איז געפֿאָרן מיט בונים־בערן אויף אַ געדונגענער פֿור.

— צוריק וועגס וועט זיין גרינגער אויף דער פֿור, — האָט בונים־בער אויפֿגעגעבן — וועט ער מיטנעמען אַ זעקל מעל פֿון קראָסנע, ווייסע געבייטלטע מעל און ביי אַ האַלבן פֿוד צוקער. די אַלטע האָט געבור־טשעט און געשאָלטן אין דער שטיל די שונאים, און דערווייל איז זי געווען פֿריילעך, וואָס זי בלייבט כאָטש אויף אַ פּאָר טעג צוריק די באַלעבאָסטע אין שטוב. זי מיט איטשעלען און די קליינע ווערעם.

---

דאָרט אין אַמעריקע איז פֿונדעסטוועגן ניסן איבער אַ נייס פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. די לופֿט, זאָגט מען, האָט אים פֿאַרשאַדט, די אמעריקאַנער לופֿט, און דאָס מאָל איז ער טאַקע אַוועקגעשטאָרבן אויך. עפּעס אַ קלייניקייט צו זאָגן אַוועקגעשטאָרבן. נאָר אַזאַ ידיעה, אַז זי קומט אָן פֿון יענער זייט ים, פֿון אַזעלכע ווייטע לענדער איז עס עפּעס אַזוי ווי אויסגע־טראַכט, אַזוי ווי ניט צו גלייבן.

האָט מען שוין ראַסלען דערפֿאַר איבערגענומען גלייך אַהין מיט די קליינע קינדער, מיט אַלעמען, איידער נאָך אפֿילו מ׳האָט איר אויסגע־זאָגט פֿונעם אומגליק.

און דאָ, אַז שעווקע איז געגאַנגען דאָס פֿערטע מאָל צו קינד און ס׳זענען איר אויף אַ ווײַלע געקראָכן די אויגן פֿון קאָפּ, און שיין איז זי נאָך אַלץ געווען און געזונט אויף צו מקנא זיין איר, און די קינדער זענען ביי איר אויך געווען געזונטע, האָט זי געבעטן גאָט ס׳זאָל זיין אַ יינגל, — זי וויל נאָכן טאַטן אַ נאָמען. און בעת־מעשה האָט ער זיך איר טאַקע פֿאַרגעשטעלט, דער פֿאָטער, און זי האָט ביי זיך ניט געקענט פֿועלן, אַז מיט איר טאַטן האָט טאַקע ווירקלעך אומגעוויינלעכס אַזוינס געקענט געשען. זי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט פּונקט אַ לעבעדיקן טאַטן און אַ פֿריילעכן מיט זיין גלייכער נאָז, מיטן אָפּגעברענטן ציגיינערשן

פּנים, מיט דעם בלויען פלעק אויף דער קאַנטיק שוואַרצער לענגעכיקער באָרד און מיט אַ פּריילעכן ווערטל, וואָס נאָך די אויגן אַליין דערקענט מען שוין, אַז דאָס ווערטל ליגט אים שוין אויפן שפּיץ צונג. סע גלוסט זיך גאָר איר לאַכן, בעת סע קומט איר אַרויף אויפן זינען דער טאַטע, נאָר זי טוט עס ניט. פאַרקערט, זי צעוויינט זיך נאָך, ווייל זי ווייסט, זי האָט געהערט, אַזאַ שרעקלעכע בשורה. איצט בעט זי ביי דער באָבע אַ יינגל, פּונקט ווי ס'וואָלט געווען אין איר געוועלדט, און זי האָט טאַקע געבוירן אַ יינגל און אים אַ נאָמען געגעבן ניסן.

און שעווקע האָט עס געהעצקעט און געפּליעסקעט אין געזעסל אַריין, שטאַרק־שטאַרק, ווי זי האָט ליב, און געשריען צו אים ניסנדל, ניסעלע, גדולה מיינער, געזונט זאָלסטו מיר זיין! — אמת, אויפן געזונט פון די קינדער האָט זיך שעווקע פאַרשפּאָרט קלאָגן.

די קינדער זענען ביי איר געוואָקסן געזונטע און קרעפּטיקע. אַז זי קוקט אויף זיי, צעשמייכלט זי זיך, פּונקט ווי זי זאָל קוקן אויף אַ שיינעם זומערטאָג אין דרויסן. די קינדער זענען ניט פון דער אַלטערס שניט, דאָס זענען „אירע" קינדער. זיי זענען געראָטן אין איר אַזוי ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דער עיקר די יינגלעך זענען ביי איר ליכטיקע, ציכטיקע און געקליאַרעוועטע. איז זי אָבער מיט אַלע חיותן פאַרטאָן אין ניסנדלען. זי פּליעסקעט אים אין פּוכקן געזעסל אַריין, מיט חשק פּליעסקעט זי אַזוי, אַז סע קלינגט אַזש. — זאָל ער זיך איינגעוווינען, — זאָגט זי און פּעסטעט אים, און שרייט צו אים, אַז מע הערט אַזש אין דער צווייטער שטוב. — ניסנדל, — שרייט זי צו אים, — ניסעלע, טאַטע מיינער, גדולה מיינע, הארץ מיינס, אוי, אוי, אוי!!! — און זי זויגט זיך אים אַריין אין פּוכקע פּלייטשקעלע, אין די פּעטע זייטלעך און זי סמאָקעט אים אָדער זי בייסט אים, אַזוי ווי אַ קאַץ אירע קעצלעך. זי מאַכט, ס'זאָל ניט שטאַרק וויי טאָן, און ניסעלע וואָרפט זיך ביי איר אויפן שויס ליגנדיק, ער צאַפּלט מיט די הענטעלעך און מיט די פיסעלעך און פאַרגייט זיך לאַכנדיק. צום סוף מאַכט ער גאָר אַ געוויין. די מאַמע האָט שוין חרטה: — זון מיינער, כ'האָב דיך אַ ביס געטאָן? שאַ, שאַ, מיר זאָל זיין פאַר דיר, מיין קינד.

פּלוצעם אין מיטן ווינטער נעמט אָבער ניסנדל און פאַרקאַטשעט זיך, און פאַר צוויי טעג איז געוואָרן אויס ניסנדל. אַזוי ווי גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. שעווקע האָט געפּילט, אַז זי עקט זיך. זי וועט עס ניט אויסהאַלטן. שעווקע שלאָגט זיך מיטן קאָפּ אין דער וואַנט, אַז די ווענט ציטערן און די טינקעוואַניע שיט זיך אָפּ.

דער גאַנצער ווינקל איז אויף. אַלע זענען אַרום די פענצטער. די אַלטע, פון איר זייט, איז געזעסן און געשוויגן. זי האָט געקלאַפּט אין דער טונקל מיט די פינגער איבערן פאַרשפּרייטן ווערקשטאַט פון יחיאלס זייגערס. דאָס אייניקל האָט איר באַנג געטאָן, נאָר דער שנור איז זי קיין גוטער פריינד ניט געווען.

ניט די שטוביקע, ניט די אַרומיקע, האָבן זיך ניט געגלייבט, אַז שעווקע זאָל זיך נעמען אַזוי דאָס לעבן פאַר אַזאַ עופעלע. זי איז געוואָרן אויס מענטש. זי איז אומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן פון אַ מענטשן, און אַז ס׳איז קיינער ניט געווען אין שטוב, פלעג זי זינגען זייער שטיל און אומעטיק און זיך באַוואַשן מיט טרערן. די קינדער האָבן עס געפילט, די שטובלייט האָבן עס געפילט, אָבער מער פון איטלעכן האָט זי עס איבערגעגעבן שלוימקען.

שלוימקע האָט אין האַרצן אַ סך מאָל געלעבט מיט איר לעבן.

ער האָט געהאַלטן אַ פען אין דער האַנט, שלוימקע, און זייער אָפט, ווען ס׳פלעג אויף אים אָנקומען, פלעג ער אפילו אָוועקוואַרפן די אַרבעט אין האַרבאַניע, און אַזוי מיטן לעדערנעם פאַרטעך און מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל, פלעג ער זיך אַריינכאַפּן אין שטוב, זיך צוכאַפּן צום פּאַפּיר, און פאַר איינע פינף מינוט פלעג דאָס ווייסע פּאַפּירל ביי אים ווערן אָפּגעשאָטן מיט קליינינקע, צעשפּרייטע אותיותלעך.

און איצט האָט ער אויך געשריבן, מיט איין אויער געהערט, וואָס ס׳קומט פאָר אין יענער האַלבער שטוב, ווו שעווקע געפינט זיך, און מיטן אַנדערן האָט ער זיך צוגעהערט צו זיך אַליין און געשריבן:

„ס׳האָבן זיך געשלאָגן שוואַרצע פייגל מיט ווייסע. זיי האָבן זיך געפּיקט צווישן זיך און געשלאָגן. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום איינעם אַ דאַך, דאָ ביים ווינקל, און איינס ביים אַנדערן האָבן זיי געוואָלט אויס־כאַפּן אַ קליין קינדערש נשמהלע... די יונגע מוטער, מיטן האַלדז פון העלפאַנד־ביין, האָט זיך געשלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט און האָט גאָרניט באַמערקט, ווי ס׳ראַנגלען זיך די שוואַרצע מיט די ווייסע פייגל און ווי ס׳עפנט זיך די סטעליע פון דער גרינג. און סוף־כל־סוף האָבן די ווייסע אויסגעפּירט און זיי האָבן פאַר אַ צוגאָב נאָך פאַרכאַפּט דער מאַמעס אַ ליכטיקע טרער“...

שבת צו נאַכט. אין דער העלפט שטוב איז קיינער ניטאָ, אויסער שעווקען מיט דער שוויגער. קיין לאָמפּ צינדט מען ניט אָן, כאָטש אויפן ווינטערדיקן הימל זעען זיך שוין פון לאַנג די שטערן. שעווקע שטייט לעם פענצטער פאַרטראַכט און ברומט עפּעס, מע ווייסט ניט, צי זי

ווינט, צי זי זינגט. ביי זיך אין חדר זיצט די אַלטע און קלאַפּט אויס מיט די בלוילעך־ביינערדיקע פינגער אירע מחשבות אויפן הילצערנעם ניט־געפאַרבטן טישל. דער פענצטער, וואָס גייט אין גערטנדל אַריין, איז ווי פאַרקלעפּט מיט שניי. און דאָרטן, אין דער צווייטער העלפט שטוב, ביי מאַטעסן, איז ליכטיק. מען האָט נאָר וואָס איינגעהייצט די הרובע. מאַטעס זינגט זיין המבדיל. די אַלטע שכנים כוועדער און נפתלי וואַרטן שוין אויף אַ גלעזל טיי. שלוימקע זיצט און שרייבט, און שעווקען פילט ער, פונקט ווי זי וואָלט לעם אים געשטאַנען. און אַ מאָדנע וואַרעמ־קייט כאַפּט אים אַרום.

כוועדער און נפתלי, די אַלטע פריינד פון דער דאָזיקער שטוב, וואָס קיין איין פאַסירונג פלעג ניט דורכגיין אָן זיי, — זיי זענען געווען דאָ אַריינגייער, נאָך איידער די שטוב איז געוואָרן צעטיילט מיט דער פאַרקלעפּטער טיר, — און עד היום פאַרלאָזן זיי זי ניט. נאָר זייערע באַזוכן דאַרפן זיי איצט טיילן אויף צווייען — אַ מאָל אין דער העלפט, אַ מאָל אין דער צווייטער. און אָפט גייען זיי אין איין און דעם זעלבן אָוונט אַריבער פון איין שטוב אין דער צווייטער. איצט וועלן זיי אָבער צו שיינען ניט גיין, וואָרעם דאָרטן האָט זיך, ניט דאָ געדאַכט, געפעלט אַ קינד.

## שיינע האָלט טייער אירע קונדן

די שטיבער, ווו שיינע האָט כסדר אַן איינגאַנג, זענען דעם ברודער לייבטשיקס, וואָס איז אַ בעקער אין שטעטל, משה־שמואל דעם געלנס, וואָס איז דער רייכסטער שוסטער און האָט די שענסטע שטוב אין שטאָט, און וואָלטשעס.

וואָלטשע איז אַפילו אַ שטיקל קרוב. אָט דער וואָלטשע האַנדלט אַלע זיינע יאָרן מיט האָניק, מיט טשערניצעס, מיט וואַקס און געטריקנטע שוואָמען. ער קויפט עס אויף אין דאָרף, ס'גיסן זיך צונויף צו אים צענדליקער פודן סחורה אַזעלכע, און ער איז אַ מומחה אויף „אויספוצן" אַ שטיקל סחורה. אין האָניק אַריין, למשל, פאַדערט זיך מעל. אין טשער־ניצעס — פייכקייט, ווייל, אַז ס'דאָ מער וואָג איז דאָ מער פרנסה. ער איז אַ קליינינק יידעלע מיט גרויסע אומגעגאַנגענע פאות, מיט ניט קיין שיינער קרייענדיקער שטים, וואָס אים און זיין ווייב איז זי שענער ווי אַלץ אין דער וועלט, ווייל זיין גאַנצע למדנות און זיין גאַנצער מסחר דרייען זיך דאָך דורך אָט פונקט דורך אָט דער קרייענדיקער שטים

און דאָס, וואָס ער איז אַ קלייניגקער און די פּאות זענען גרויס קומט עס נאָך אויס, אַז זי שפּרינגט ביי אים, די שטים, אַלע מאָל שרייט זי, בייגט זיך אונטער און טוט אַ שפּרונג. און אין יעדן וואָרט שטייט ביי איר דער טראָפּ אויפן מיטלסטן אות, וועלכן ער רעדט אויס מיט אַ שפּרונג און מיט אַ „מיאַכקי זנאַק" און פאר דערפאַר הייסט ער טאַקע פון וועלוול — וואַלקע, פון וואַלקאַ — וואַלטשע, און שעווע רופט אים שוין גאַר „וואַמטשע". וואַלטשען האָט גאָט געבענטשט מיט צוויי זין און מיט אַ טאָכטער. פאַר דער טאָכטער וויל ער געבן פיין נדן און די זין האָט ער אויך צו גאָט קיין טענות ניט: דער עלטערער איז פּיישקע ווייסברוד, אַ גרויסער סוחר אין צוקונפט, און דער צווייטער איז יאַנקל, וואָס גאָט האָט געשטראָפט מיט שטומקייט. אָבער וואַלטשע, וואַלטשע קען אין געשעפט־זאַכן אפילו איבערקלוגן גאָט אַליין. האָט ער אים גע־לאָזט אויסלערנען דעם שטומען אַ מלאכה, און אים איינגעפירט אַן אייגענעם ווערקשטאָט, אים שוין אַ דאַנק גאָט פיין חתונה געמאַכט און שוין אפילו דערלעבט פון אים אַן אייניקל. און ער אַליין העלפט אים, דעם שטומען, פירן מסחר: פאַר דעם נדן, וואָס ער האָט אים געגעבן, האָט ער אים איינגעקויפט רויע פעל. די פעל גיט ער אַריין צו פייגע דער האַרבאַרקעס אייניקלעך אין דער האַרבאַרניע, ער גלויבט, אַז זיי זענען ערלעכע קינדער, זיי וועלן אים ניט אונטערבייטן די פעל. און פאַרן שטומען פירט זיך ביי אים אַ באַזונדער בוכהאַלטעריע. ער וויל אים ניט באַגנבענען, אַזוי אַז צו וואַלטשעס וואַקס אין טשערניצעס איז נאָך צוגעקומען א רוי פעלכנדל איינקויפן אין דאָרף, און בעהונער פויערים זענען אַלע אייגענע, פירט ער זיי אָן פאַר קונים צום שטומען, דער שטו־מער וועט זיי ניט געבן קיין טאַנדעטנעם שטיוול, דער שטומער איז דאָך עפּעס אַ זון?! און טאָמער מאַכט זיך אַ ביסל סטאַריזנע איז גיב אַהער, אַ ביסל סטאַריזנע וועט צו נוץ קומען.

וואַלטשע, ווי איר זעט אים, גייט ער האַרט ביי דער ערד. אַהין אין דאָרף גייט ער צו פוס, און נאָר אויף צוריק בשעת ס'קלייבט זיך אַן אַ ביסל מאַסע, הייסט ער פאַרכוועגען אין בעהוני איינשפּאַנען דאָס פערד. פאַרכוועגן איז אַ גוי אַ פאַלגער. איצט פאַרשטייט איר שוין, אַז שיינען דער האַרבאַרקע איז אויך טייער וואַלטשעס שטוב, און אַז זי דערהערט אים נאָך פון דער ווייטן, לויפט זי אַרויס. זי לויפט פריער גלאַט אַזוי, זי ווייסט נאָך ניט נאָך וואָס, דערנאָך דערמאָנט זי זיך, אַז מען קען נאָך פון מאַטעסן אַרויס, און מיט אים עפּעס אַ רעד טאָן מיט וואַלטשען. וואָס איז? זיי זענען איר ניט קיין שונאים.

און אַז די אַרבעטער פון האַרבאַרניע צעשפּילן זיך מיטן שטומען, ווען ער קומט, און זיי פרעגן אים: פאַר וואָס האָט אים די ווייב אַוועקגעוואָרפן?... — און דערנאָך דערציילן זיי אים מיט ווייזענישן, ווי אַזוי דער טאַטע זיינער „האָט" מיט וועמען צו שלאָפן און אים גיבן זיי ניט אַזאַ אַ... און זיי ווייזן אים נאָך, אַז ער, דער שטומער, גייט און גייט, און דער טאַטע מיט די פּאות האָט ביי אים אַנגעגנבעט אַזאַ אַ בייטל מיט געלט; אים גיט ער נאָר אָפּ אויפן שפּיץ מעסער און זיך לאָזט ער אריין אַהער אין קעשענע אָט אַזאַ אַ סך... זיי צעכעסן אים אַזוי, דעם שטומען, אַז אויב וואָלטשע קומט אָן אויף די רייד, איז אַ נס, וואָס ער איז אים ניט דורס. ער וואַרפט זיך אַרויף אויף אים מיט אַ קוויטשען און מיט א מאָנעניש, און מען זעט, אַז וואָלטשען צאַפּט זיך אויס אָן עמער בלוט, ביז ער קאַשקעט אים איין אויף צוריק. אָן אַנדערש מאָל מאַכן זיי אים לאַכנדיק, דעם שטומען. זיי ווייזן אים, אַז ביי בונים-בערן, אָט ביי דעם אַ האַרבאַר, יאַ, יאַ, איז אַ ווייבל אַ צימעס. איאַ? אויף אויסקושן! ביי דעם שטומען צעגלאַנצן זיך די אויגן און ער גיט אויך אַ קנאַק צו מיט דער צונג אויף אונטערצוגעבן חשק אי זיך, אי זיי. און אַז ער דערזעט בונים-בערן גיין, פאַרגעסט ער זיך, אַז ער איז געקומען זיך דערפרעגן, צי ס'שוין אַרויסגעגאַנגען אַ יוכטל פון דער אַרבעט, נאָר ער לויפט אים אַנטקעגן און פרעגט אים איבער אויף זיין ווייבל. ער קוויטשעט און גלאַנצט מיט די אויגן, ער נעמט אים אַרום, בונים-בערן, גוט-ברודעריש און קנאַקט מיט דער צונג. ביי די אַרבעטער ווערט אַ גאַנצער יום-טוב, אַז זיי דערזען אים. — טיעפּאַ! טיעפּאַ! — שרייען זיי — און יעדער וואַרפט אַוועק די אַרבעט, און יעדערער שלעפּט אים פאַרן אַרבל, ער וויל אים עפּעס דערציילן. פון מאַטעסעס האַרבאַרניע יאָגט מען זיך אויכעט אָן אַהער, און יעדערער קלערט, אַז ער וועט זיך בעסער אויסרעדן פון אָן אנדערן, — טיעפּאַ! טיעפּאַ! — שלעפּן זיי אים פאַרן אַרבל און דער שטומער איז פריילעך, וואָס ער האָט זיך דאָ מיט וועמען אויסצוטענהן. ס'ווערט נאָר אַ קריג, ווען ער קומט זיך צונויף מיט מאירן דעם טויבן. זיי, אַז זיי קומען זיך צונויף, האָבן זיי אַ נאַטור זיך נעמען אויסוואַרפן איינער דעם אַנדערן חסרונות. דער ווייזט דעם אויף דער צונג, אַז יענער איז אַ שטומע לעלע, און יענער פאַרקרימט זיך און ווייזט אויפן אויער, אַז דער איז אַ טויבע לאַך. די אַרבעטער גיבן זיי נאָך אונטער היץ, ביז די אַלטע קומט אָן.

נו, און די אַלטע, ווי זי דערזעט נאָר, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיטן שטומען טוט זיך טאַקע הימל עפּן זיך:

— שעמען מעגט איר זיך, — שרייט זי, — אין אייער ווייטן האַלדז אַריין. איר האָט געפונען פון וועמען מאַכן אַ געשפּעט? אַ שטומע צונג, אַ קאַליקע... קוקט זיי אָן, די יידן מיט די בערד! — און זי שרייט אויף זיי, ניט ווייל זיי פּטרן איר צייט און ניט ווייל זי האָט רחמנות אויפן שטומען, נאָר ביי איר אין איר היגעריש־פּוקסישן מוח פּלאָנטערט זיך עפּעס אַנדערש: „וואָלטשע קען נאָך ווערן ברוגז", „וואָלטשען צאַפּט זיך בלוט פון אַזעלכע זאַכן", און ביי איר איז וואָלטשעס פרידן זייער טייער, וואָרעם דאָס זענען אפשר די איינציקע מענטשן, וואָס רעדן נאָך מיט איר אַזוי ווי מיט אַ באַלעבאָסטע.

---

ס'איז געווען אַזאַ שיינער שבועותדיקער טאָג. די זון האָט פון סאַמע גאַנץ פרי אַזוי ליב געוואַרעמט און געהאַלדזט יעדער באַשעפעניש, יעדער געוויקס און אַפילו יעדער דראַנג פונעם פּלויט. בונעם־בער איז אַוועק אין שול. די שוויגער אויך. שעווקע האָט זיך געשפּילט מיט די קלענערע קינדער. זי גופא האָט זיך עפּעס געפילט קינדעריש, און ס'האָט זיך איר געוואָלט זיין מיט זיי אין איינע יאָרן. די מילכיקע סעודה איז געווען פאַרטיק נאָך פון גאַנץ פרי, די שוויגער איז היינט אויפגעשטאַנען נאָך צו דער טשערעדע און זיך איינגעפּאַרעט מיטן אויוון ביזן שול גיין.

שעווקע האָט זיך געבאָדן אין מילדקייט. זי האָט שוין עפּעס לאַנג ניט געהאַט אַזאַ גוטע מינוט. די מינוט איז איר געווען אַזוי ליב, אַז זי האָט זיך גאָרניט געוואָלט איינטראַכטן, פון וואַנען זי קומט.

שלוימקע האָט זיך געשפּעטיקט מיטן גיין דאַווגען און איז ביי איר געזעסן שפּעט אויפן פרימאָרגן. זי האָט געזשמורעט אי צו אים, אי צום גאָרטן, וואָס איז פון יענער זייט צעעפנטן פענצטער אַזוי באַגאָסן מיט זון. זי האָט שלוימקען געגלעטביים קאָפּ, אַזוי ווי אַ יינגערן ברודער, און שלוימקע האָט עס געפילט. פונקט אַזוי האָט ער אויפגענומען די מילדע צערטלעכקייט אירע. אמת, אים האָט זיך געוואָלט נאָך עפּעס. אים האָט זיך געוואָלט צופאַלן צו איר מילדער, גלאַטער און ווייכער האַנט און זי קושן, קושן אָן אָן אָפּשטעל. אָבער סיי ווי איז ער געווען גליקלעך מיט שעווקעס נאָענטקייט.

ער האָט איר דערציילט, וואָס ער האָט געלייענט אין איין ביכל און וואָס אינעם צווייטן.

אַז ס'איז דאָ אַזאַ שרייבער, ווי טאָלסטאָי, האָט זי געהערט, נאָר אַז דער שרייבער טאָלסטאָי האָט געשריבן ביכער און אין די ביכער דער־

ציילט זיך וועגן לעבעדיקע מענטשן, וועגן זייערע פריידן און ליידן, — דאָס האָט זי זיך פאַרגעשטעלט זייער געפלדיק. און אַז שלוימקע פלעג זיך מיט איר אין אַזאַ מין שעה צערעדן וועגן דעם אַלעמען, פלעג איר יונגער שמייכל אים פאַרגינענדיק צערטלען, און זי פלעג פון מאָל צו מאָל זאָגן: — יאָ, יאָ, נו, און ווייטער?

אַנומלטן, בשעת ער האָט איר דערציילט וועגן אַננאַ קאַרענינאַ, האָט זי זיך לאַנג איינגעהערט, זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: — דו ווייסט, שלוימקע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? ווער ווייסט, צי ס'וועט איר שוין אַ מאָל זיין גוט?...

צי האָט זי אַליין געטראָפן אין לעבן מיט איר בונים־בערן אָדער ניט, וועגן דעם פלעג זי ביי איר גאַנצער אָפנקייט און ניט־פאַרשטעלטקייט ווינציק רעדן. בלויז אין די טעג, ווען זי האָט געהערט די מעשיות וועגן אַננאַ קאַרענינאַ, האָט זי איין מאָל אַ זאָג געטאָן:

— שלוימקע, הער מיך אויס, וואָס איך וועל דיר זאָגן: ס'איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין... — און ביי איר האָט זיך באַוויזן אַ טרער אין אויג. זי האָט אים אָבער באַלד פאַרווישט. זי האָט געשמייכלט שולדיק. זי איז אָבער געווען אַזוי שיין און באַחנט, אַז שלוימקע איז גרייט געווען אָפּגעבן זיין לעבן אָט דער דאָזיקער יונגער פרוי, וואָס איז עלטער פון אים אויף פיר קינדער, און וואָס האָט דעם שוועסטערקינד זיינעם, בונים־בערן דעם בורמילע, פאַר אַ מאַן.

די שטובלייט און די אַרומיקע האָבן סיי שעווקען, סיי שלוימקען, אין קיין שום זאַך ניט חושד געווען, און דערום אויך אין קיין זאַך ניט געשטערט. זיי זענען ווירקלעך אין זייערע מעשים ניט באַגאַנגען אַזעלכעס, וואָס זאָל פאַרדינען אַ וועלכן ס'ניט איז פאַרדאַכט אָדער שלעכטע געדאַנקען ביי וועמען סע זאָל ניט זיין. איי שלוימקע האָט מיט זיין ייִנגלש האַרץ געבענקט דאָרטן אויפן האַרבאַרסקן ווינקל — נו, דערויף איז ער דאָך אַ ייִנגל.

— גיי שוין, שלוימקע, אין שול אַריין, — האָט אים שעווקע ענדלעך געזאָגט, — די מענטשן וועלן שוין, דוכט זיך, באַלד זיין אויף צוריק...

שלוימקע איז געשטאַנען ביי דער צעעפנטער טיר, איבער זייער גאַניק, און געזען פאַר זיך אַ וועלט מיט זון, מיט צוואַקסענעם גרינס, מיט יונג צעבליטעביימער. זי, שעווקע, האָט פאַרגינט שלוימקען זיין בענקענדיקע יונגשאַפט און זיך האָט זי פאַרגינט איר גוטע לינדערע מינוט. זי האָט געמאַכט נאָך צוויי טריט פאַרויס און האָט דערזען די בהמה, וואָס איז שוין געשטאַנען לעם די טרעפּ און אַ מוקע געטאָן צו איר.

אַלע ווינטער־הערעלעך ביי דער בהמה זענען שוין געווען אויסגעלינעט, און איר פּעל איז איצט געווען גלאַט און אָנגעצויגן, אַזוי ווי אַ זאַק אויפן שטייפן פוס, און האָט געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון.

פון דער ווייטנס האָט שעווקע דערזען, אַז מע גייט שוין טאַקע פון שול. זי האָט שוין געזען בונים־בערן. ער האָט געפירט וואַלטשען, משה שמואלן און דעם פעטער לייבטשיקן צו זיך אהיים אויף קידוש. די אַלטע איז געלאָפן מיטן איבערגעבונדענעם גראָבן סידור אַפריער. עפּעס אַ קלייניקייט — אַזעלכע געסט! איטשעלע מיט יחיאלן און שויליקן זענען געגאַנגען פון הינטן.

שעווקע האָט אַ קוק געטאָן אויף וואַלטשען דעם גנב מיט דער סאַמעטענער היטל, מיט דער קאַזינער באָרד און מיט די אויפגעגאַנגענע פּאות. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף משה־שמואלן דעם געלן מיט די הויכע אַפּצאָסן, וואָס זויגט דאָס בלוט פון פינף שוסטער־געזעלן און האָט די שענסטע שטוב אין שטאָט מיט די הויכע אויסגעפּאַרבטע לאָדן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף לייבטשיקן. נו, יענער איז געווען אַ שטילער מענטש, אַ רויִקער, אַ באַווייבטער, וואָס פירט אַ באַלעבאַטישן גראַד. אָבער די שוויגער — וויפל אונטערלעקעריי, וויפל חניפה! און ס׳איז איר מיט אַ מאָל געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, אַזוי, פּונקט ווי זי וואָלט זיך פון אַ הויכן, באַלויכטענעם באַרג אַראָפּגעלאָזט אין אַ קויטיקער, פינצ־טערער לאָך, וווּ שטשורעס מיט מייז זענען די איינציקע באַלעבאַטים.

— מאַמע, קום אַהער, — האָט זי שויליקל געשלעפּט אין צימער אַריין און האָט אַ וויַיז געטאָן מיטן פינגער צום אויבנאָן טיש:

— מאַמע, דו זעסט?

— נו?

— דאָס איז וואַלטשע, דעם שטומענס טאַטע.

— נו, איז וואָס?

— פאַר וואָס איז ער אַזאַ קלייניקער?

שעווקע האָט אַ קוק געטאָן אויף וואַלטשען. די פיס זענען ביי אים געהאַנגען און ניט דערלאַנגט צום דיל, דאָרטן לעם אויבנאָן, ווו ער, דער סאַמע חשובסטער פון די געסט, איז געזעסן. שעווקע האָט זיך שיר ניט צעלאַכט אויף אים קוקנדיק.

— נו, באַלעבאַסטע, וואָס גייסטו עפּעס ניט צום טיש? — האָט זי דערהערט וואַלטשעס קרייענדיקע שטים.

ס׳האָט איר גענומען קערן אויף צוריק פונעם דאַזיקן פּאַרזעניש, דעם גאָטס־גנב, וואָס מע ווייסט אים דאָ ניט ווו צו זעצן. ס׳איז איר מיט

אַ מאָל דאָ געוואָרן אַזוי פריקרע און ענג, אַז זי האָט געפילט, אויב זי גייט ניט אַרויס אויפן גאַניק, וועט זי קלאַפּירן.

— נו, — האָט בונים־בער אַ זאָג געטאָן.

— באַלד, — האָט שעוקע געענטפערט און איז אַוועק דורך דער קיכטיר. אין דרויסן האָט זי דערזען פייגלען, וואָס איז אָנגעגאַנגען פון די חברטעס, און זי געבעטן, זי זאָל איר אַרויסטראָגן פון אַלקער־שאַפע איר שוואַרצן שאַרף.

— ווהין איז? — האָט פייגל זי געפרעגט, ווי אַ גרויסע.

— גיי, גיי, אין שטוב אַריין, איך וועל שפּעטער אַ ביסל קומען. און צו זיך אַליין האָט זי אַ קלער געטאָן:

— פו, ווי סע ווערט מיר ניט גוט פון די וואַלטשעס מיט די שווי־גערס מיטן גרויסן איינקומעניש! און ער אַליין איז דאָך אויך ניט בעסער...

אַ ווינטעלע האָט אַ בלאָז געטאָן איבער דער יונגער תבואה, און די יונגע, גרינע תבואה־גראָזן האָבן זיך געגעבן אַ בויג אויס איבערן גאַנצן שטיק פעלד. אַ כרושטש איז דורכגעפלויגן און איר אַ זשומע געטאָן פאַרן סאַמע אויער. און אין דער לופט האָט געבלענדט מיט זוניקייט. אַלץ אַרום האָט געוועקט אין שעוקען אַ מאָדנע בענקעניש.

פון דער ווייטנס האָט שעוקע דערזען אויפן שליאָך ווי שטאָט־לייט שפּאַצירן שוין נאָכן יום־טובדיקן וואַרמעס. זי האָט זיך פאַרשעמט. אַליין ניט־ווויסנדיק פאַר וואָס, איז זי אַוועק צום וועלדל, וואָס הינטער אוליטעס גאָרטן...

אַ גאַנצע וואָך דערנאָך האָט אין שטוב גערעגנט מיט קריג.

בונים־בער איז געווען אין דער רציחה: — וואָס הייסט, שעוקע האָט אים געשוואַרצט דאָס פּנים! וואָס הייסט, אַזעלכע מענטשן קומען אויף קידוש, לאָזט מען איבער אַ שטוב און מע גייט אַוועק?

די אַלטע, וויפל זי האָט געקענט, האָט נאָך אונטערגעיאָדעט. אָבער שעוקע האָט ניט געקוקט אין זייער ווינקל. סע האָט איר געריסן דאָס האַרץ אויף די קינדער, וואָס וואַקסן אין אַזאַ שטוב, אויף איר משפּחה, וואָס איז אַזוי ווייט פון איר. דאָס, וואָס זי האָט ניט געהאַט וווהין אַוועק־גיין אויף דער הייסער מינוט, האָט ביי איר אין די אויגן נאָך מער פאַר־מיאוסט די שטוב, מיט דער שוויגער, מיטן איינקומעניש און מיט אַלץ אַרום.

## צווייטער טייל

# מאָבּיליזאַציע

### 1

אַ שבת־פאַרנאַכט האָט זיך געהוידעט אונטערן קלויסטערשן גלאָק. רעדלעך מענטשן זענען געשטאַנען און האָבן זיך געשמועסט פון דאָס און פון יענץ. פאַרלעך האָבן זיך אומגעדרייט און ס׳שוין ניט דעם ערשטן שבת, אַז זיי קענען זיך ניט צוגעוווינען טראָגן אויף זייערע פּלייצעס די בליקן פון די שבתדיק־באַזעצטע גאַניקעס. האָבן טאַקע די פאַרלעך, ווי אַלע מאָל, געהאַט און ניט געהאַט אַווו די הענט אַהינצוטאָן.

פענצטער צעעפנטע האָבן געאָטעמט אין גאַס אַרויס און האָבן גע־מישט שבתדיקן שטוב־ריח מיט זומערדיקן פאַרנאַכטיקן דרויסן. דער טאָג האָט שוין געהאַט מיט אַן אויג צוגעמאַכט און זיך שוין אויסגעבאַהאַלטן אין שאָטן. פורלעך משא, וואָס האָבן אין דאַרף געשבתט, האָבן זיך שוין צוגעשטעלט. זיי האָבן מיט פויערשן געדולד געוואַרט אויף אויס־שבת, ביז די קרעמער מיט די אָפּגעבליאַקעוועטע סורדוטן וועלן ביי זיי די משא צעוועגן און צונעמען, וועלן זיי ערשט דענסטמאָל די אייגענע פורלעך, מיט אַ שנירל טאַראַן אין טאַרבע און מיט אַ ביסל דריבנע זילבערגעלט אין טיכל איינגעבונדן, זיך לאָזן אויף די ליידיקע טרייס־לענדיקע וועגן, מיט גרינג לויפנדיקע פערד אַהיים. מיט אַ גרינג האַרץ וועלן זיי פאָרן אין דאַרף אַריין צו זיך אַהיים דעם פוילבלעכן זונטיק אַנטקעגן.

דער זונלאָמפּ איז שוין געהאַנגען אַ רויטער צווישן די לינדן־ביי־מער אין הינטערשטן עק שטאָט, און ווער ס׳האָט זיך געאיילט, האָט שוין געמעגט באַלד זוכן אין הימל אַ שטערן.

ס׳איז שטויביק און טונקל. שליסלען האָבן שוין די גראָבע שלעסער פון די שבת־צונאַכטסדיקע קלייטן געדרייט. איז פּלוצעם פון דער קרייז שטאָט אַ רעץ אַנגעלאָפן, אַ רעץ אַ שליח און אויף אַ פערד רייטנדיק. קינדער האָבן דערזען אַ רעץ האָבן זיי גענומען נאָכלויפן פון אַלע עקן שטאָט. עלטערע זעען, אַז קינדער לויפן, לאָזן זיי זיך נאָכגיין אויף טשיקאַוועסט.

דער פֿאַרשטויבטער רייטער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן סטאַנאַוואָי, אַראָפּ פֿון פֿערד, דערנאָך צוריק אַרויף און איז גלייך אַוועק אין מאַרק און האָט דאָרט צעקלעפּט מאָביליזאַציע־בלעטלעך.

— ווו איז דער רץ ?

— ווער איז דער רץ ?

ניטאָ אים שוין. ער איז קיין רגע ניט געשטאַנען. ער האָט אַ שפּאָרע געטאָן דאָס נאָס־פֿאַרשוימט פֿערד און זיך געלאָזן ווייטער פֿון דאַנען...

מען האָט זיך גענומען קלייבן אַרום שמחה דעם דאַרנס שטוב און אַרום סטויפּ, וואָס אין מיטן מאַרק. מען האָט גענומען רייבן שוועבעלעך, זענען שוין קרעמער אַרויס מיט זייערע לאָמפּן: — עפּעס בלייכע פּסח־דיקע אותיות אַזעלכע.

— וואָס ?! — וויל איינער פֿרעגן.

בלייבט אים דער „וואָס" אין האַלדז שטעקן.

וויל אַ צווייטער אַ חידוש־טאָן זיך: — וואָס הייסט ?

באַפֿאַלט אים אַ שטומעניש, און ער טוט אַ משונהדיקן קריי פֿון פֿאַרשטיקטן האַלדז אַרויס...

זעט מען ניט, פֿון אַ וועלכן ווינקל ס׳שיסט אויס אַ ווייבערש געוויין. און סע לויפֿט ביי איטלעכן דורך אַ גרויל איבערן לייב. אַ פֿלו־צעמדיקע אימה איז באַפֿאַלן דאָס שטעטל און נאָר דער קלויסטער־קלונג האָט זיך איבער דער ווייכער ערד צעשפּרייט, אַזוי ווי עפּעס פֿאַרדעקן האָט ער געוואָלט.

**2**

אַ פֿורל אַ דאָרפֿישס, אַן איין־און־איינציקס, האָט זיך אויף דער מיט פֿון ליידיקן מאַרק לעבן קלויסטער אָוועקגעשטעלט און זיך פֿאַרשעמט: אפשר איז היינט ניט זונטיק ?... פֿון דער ווייטנס זענען שטעטלשע פּויערים געשטאַנען אין אַ רעדל זונטיקדיק אויסגעגאַרטלט, ניט ווייט פֿון קלויסטער, און זייערע אויגן האָבן שטומצונגיק געוואָלט זיך דערוויסן, צי ס׳כדאי האָבן אמונה אין דעם פּאַפּירל, וואָס איז אָנגעקלעפּט אויף שמחה דעם דאַרנס קלייט, צי ניין.

די זון האָט זיך, ווי אַ קעלביקע בהמה, צעלייגט איבערן קלויסטער־פּלאַץ, ניט ווייט פֿונעם בערגל, ווו דאָס סירניצע הייליקע אָרט איז. עס הערן זיך פֿונעם בערגל אַראָפּ לעבעדיקע קולות, ס׳רייסן זיך געשרייען און געוויינען הייסע און אונטערגעריסענע. דאָס האָבן זיך די סירניצער ווייבער אָנגעקלערט, און זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן רייסן קברים. איין

מאָל ניין! זיי זענען ניט מסכּים! זיי ווילן ניט קיין מלחמה! אויף דער פרישער שעה דאַרף מען טאַקע ניט שלאָפן, מען דאַרף אָנקלאַפּן אין אַלע טירן אולי ירחם. דערווייל גייען ניט די קינדער אין חדר אַריין, ווי פריבלודנע דרייען זיי זיך אַרום פאַר די פיס. יחיאל האָט שוין היינט צעבראָכן אַ טעלער און געוויינט אויך. און אין קלויז שטייט פינטשיק דעם רבס, אַ יונגערמאַן מיט אַ געל־גאָלדן צוגעשוירן בערדל און מיט געל־גאָלדענע ברילן איבערן קיילעכדיקן פּנים. ער ווישט יעדער רגע מיטן אַרבל דעם שווייס פון שטערן, און ער וויל מאַכן פאַרן עולם די זאַך אַ ביסל גרינגער. צענדליקער אויגן אַרום אים קוקן דערשראָקן און פאַרשולדיקט, בעטן זיי זיך ביי אים, ביי פינטשיקן, וואָס אינעם בחורשן אָלפּאַגענעם קאַפּטאָנדל, מיט פאַרלוירענע בליקן: ס׳איז דאָך ביי אים אין דער האַנט. ער לייענט דאָך די בלעטער און פאַרשטייט, זאָל ער אַליין זאָגן ס׳טייטש! און ער זאָגט, פינטשיק, ער ווישט זיך אָפּ דעם שווייס מיטן אַרבל און זאָגט, אַז דער עיקר פאַרשטייט ער, אַז עסטרייך וועט דאָס ניט טאָן... עסטרייך וויל דאָס ניט, און עס וועט איר ניט לוינען אויך. אַ מלוכה, וואָס אַזוי, פונעם ערשטן קוק, איז זי, דוכט זיך, אַ גרויסע, נעם אָבער און צענעם אירע לאַפּעס, בלייבן עטלעכע קליינע פעלקערלעך, וואָס האָבן זיך איינע די אַנדערע ניט ליב. בקיצור, ס׳איז אַ קאַטאָוועס־שפּיל, ס׳גייט זיי פּשוט אין אַ צו להכעיס, און איר מעגט זיין זיכער, אַז ס׳וועט קיין קיום ניט האָבן.

ער איז אַ מזג־טוב, אָט דער פינטשיק, אַ בחור נאָך, נאָר ער קען קיין יידישע צרות ניט פאַרטראָגן. ער דרייט אַ ברעג פון זיין סאַמעטן תּפילין־זעקל, די ברילן שוויצן ביי אים, און ער איז אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. און אָט־אָ שטייט שוין עפּעס אַ ווייבל אין סאַמע מאַנס־בילשער שול. זי האָט זיך אַריינגעשטופּט דאָס ווייבל טאַקע אָט אַהער אין רעדל אַריין און זי שלעפּט פינטשיקן פאַרן אַרבל. זי וויל וויסן, ווי אַזוי זשע וועט עס טאַקע זיין מיטן גיין? זי מוז וויסן! זי וועט איר טוביהן ניט לאָזן אַפילו ווען זי ווייס אַפּריער, אַז ער וועט נאָר אַריין און אַרויס, וועט זי אים ניט לאָזן אפילו אין פריסוטסטווע אַריין, איין מאָל ניין!

וואָלף דער קצב האָט נאָך די תּפילין ניט אויסגעטאָן. ער איז אַ חסידישער ייד, אָט דער וואָלף. איז ער געוואָרן אין כּעס אויפן ווייבל. די רציחה איז אים אַריין אין פּנים.

— האָסטו געהערט אַ ביסל, אַ יידענע זאָל קריכן צווישן מאַנסבילן אין אַ מקום־קדוש, און ס׳ביי איר גאָר קיין דרך־ארץ ניט פאַראַן פאַר

גאַרניט — און ער האָט ניט געמאַכט קיין סך מלאכות, אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם של ראש, און מיט דער צווייטער אָנגענומען דאָס ווייבל פאַרן קאָלנער, און ווי אַ טריפה הון זי אַרויסגעדייוועט פון שול, פריער אין הויז אַריין, דערנאָך אויפן גאַניק, און פון די טרעפ איז זי שוין אַליין געפלויגן.

אַ צייט האָט ער ניט געקענט דעם קאָך איינשטעלן:

— אַ יידענע זאָל דיר שטענדיק האָבן אַ נאַטור קריכן אין שול אַריין צו די מאַנסבילן, און זי זאָל גאָר אָנהייבן האָבן אַפּשיי?!...

דערווייל איז שוין דאָ נייס, דער עולם שטייט אַרום דודלען קאָזאַק, און יענער אַ קורצינקער מיט אַ הייזעריק קולכנדל, אַ ייד אין די זעכ־ציקער, נאָר די באָרד וויל אים ניט ווערן גרוי, דערציילט מיטן אונטער־שפּרינגענדיקן בערדל, און אפשר שפּרינגט ער אַליין אונטער פאַר קורצקייט. דערציילט ער, אַז אין וואַלד טוט זיך חורבן:

— די „ראַבאָטשעס" טוען אָן די סוחרים געברוינטעליידן. שוין זאָל מען זיי געבן „ראַשטשאָט" און גאָר! ביז איין גראָשן זאָל מען זיי אויסצאָלן. אויב ניט שלעפּן זיי אַראָפּ די פּאַסן פון די מאַשינעס און צעשניידן זיי אויף פּידמעטקעס. און דערנאָך? דערנאָך וועלן זיי שניידן פּאַסן פון די סוחרים אַליין. און זיי וועלן זיי וואַרפן פאַר די הינט. דער זעג־זאַוואָד — דערציילט דודל — שטייט שוין!... גלייך ווי מען האָט אָביאַווועט, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט... ניט ער דערציילט, דודל, נאָר ער זיגעט מיט זיין הייזעריקן קולכל און מיט העוויות אַזעלכע, אַזוי ווי איינער שפּאַנט אויס אַ פערד. ער שפּרינגט בשעת מעשה און שטייט ניט איין אויף קיין אָרט.

דודל קאָזאַק האָט זיך זיין פּרנסה פון דעם, וואָס ער פירט אונטער עסן צו די באַראַקעס, וואָס אַרום זעגמיל. פון סירניצע איז 15 ווערסט פאַרעכץ אַהינצו. כמעט אַלע טאָג פאָרט ער אַהין מיט זיין רויטן פערדל אין די ווייסע קאַפּיטעס, און טיפער ביי אים אין וואָגן, צווישן דער שטרוי, שוין ביים סאָמע דנאָ, געפינען זיך ביי אים אַ פּאָר פלעשלעך ביטערע משקה אויך. דודל איז פון די מענטשן, וואָס זאָגט זיך אַליין ניט אָפּ פון אַ טרונק בראָנפן און קען פאַרגינען אַ צווייטן אויך, בפרט, אַז ס'פאַלט נאָך אַריבער אַ גילדן פון אַ פלעשל. איצטער אָבער איז ער געקומען בענטשן גומל. ער איז אומגעפאָרן צו זיי מאָנען אַ חוב, צו די „שיכורים", און איז קוים אַרויס מיטן לעבן.

— מכל המינים שהוא, — דערציילט ער, געפינען זיך דאָרט „ראַ־באָטשעס". דאָרט וועסטו הערן אַלע לשונות, כמעט ווי אינעם דור הפלגה:

דאָרט האָסטו פון דייטשן, פון טשעכן, פון פּאָליאַקן, פון „פּראָסטע גויים" און פון יידן להבדיל איז שוין אָפּגערעדט. היינט גיי זיי אַ קלוגער און טענה זיך מיט זיי אויס, מיט אַלע.

אַזוי גאָר! פּלוצעם האָט זיך דודל קאָזאַק דערפילט אין דער מעלה. ער האָט באַקומען היץ און יידן באַלעבאַטים שטייען, ווי די לעמער, און הערן זיך צו אים צו וואָרט ביי וואָרט.

דודל קאָזאַק גיט זיך אַליין אונטער חשק, וואָס זיינע „ראַבאַטשעס" מיט וועלכע ער האַנדלט, מיט וועלכע ער גיט זיך אַ מאָל אַ ווערטל ביי אַ גלעזל בראָנפן, וועלכע ער ווייס, וועלן אים איצט געוויס אָנזעצן. און אָן זיי וועט ער בכלל בלייבן אַזוי ווי אַ שייגעץ אָן אַ פּייפל. אָבער זיי זענען פּאָרט בריות.

ער לאָזט זיך לויפן דעם פערדל האָבער פּאַרשיטן, דאָ ניט ווייט איז עס, ער איז דאָך אַ נאָענטער שכן לעם שול, און באַלד וועט ער קומען, וועט ער זיך שוין שטעלן דאַוונען און ווען ס'קריאת התורה וואָלט ער שוין אין איין וועגס אָפּגעבענטשט גומל.

3

דוד־לייבעלעס נייע שטוב מיטן אַרומגעבויטן הייפל שטייען אויף אַ מיט צווישן דעם וואַלאָסט און צווישן מאַטעסעס מיט בונים־בערס שטוב. וואָסער טראָגט מען צו דוד־לייבעלען אָדער פון וואָלאָסט־ברונעם, אָדער פון האַרבאַרניע, און אַז מען וויל איז פון כווילאַנס ברונעם, ווייל זייער שטוב שטייט טאַקע אויף אַ מיט.

דער וואָלאָסט־פּלאַץ איז פול געוועז מיט פויערים און מיט פויערטעס. מאַנסבילשע היטלען און פּרויִשע טיכלעך אויף די קעפּ פּלאַטערן דאָ אַזוי ווי אויף אַ יאַריד. פון געטריי געשפּאַנטע און שיין אויסגעבעטע מיט היי און מיט שטרוי, שטייען און וואַרטן: דאָס וועלן זיי אָפּפירן די יונגעלייט און די טאַטעס מיט די בערד. מען ווייסט נאָך ניט ווהין און אויף וויפל. דערווייל דאַרף מען זיך זעגענען און זיין גרייט אויף אַלץ. שטייען די פורן געדיכט צעשטעלט און צונויפגעשלאָגן אין די צענד־ליקער, די פערד וואַרפן מיט די קעפּ, בייסן איינס דאָס אַנדערע, היר־זשען זיך איבער אַ מאָל אַ פור איבער איינער, אַ פור איבער דריי, און זיי ווייסן ניט, אַז זייערע אייגענע לייבלעכע באַלעבאַטים קענען זיך איצט קיין אָרט ניט געפינען...

אַ מאָדנער שבת אין דער פרי היינט, מיט אַ מאָדנעם קאָליר. אַלע זענען אין דרויסן, און ס'איז אַ היץ. די פערד לעבן וואָלאָסט ווילן טריב־

קען. פֿאָכען זיי מיט די קעפּ, בריקען זיי זיך, צעפּלאָנטערן דעם שפּאַן. ביי דוד-לייבעלען אויפֿן גאַניק, אינעם פֿאַרצוימטן הייפל, זיצן עטלעכע יידן און קוקן צום דרויסן צו.

כעמעלע דער שוסטער מיט די פּיטשינקע צווי וואַנצעלעך אונטערן קירפּאָטן נעזל איז אומרויִק. ער לויפֿט אַלע מאָל אַהיים און שפּייט זיך ווי אין אַ תענית. ער איז נאַר וואָס געקומען פֿון דער „דעיסטוויטעלנע״, אַ שוסטער איז ער, און ער מאַכט אין שטאָט די בעסטע פּאָר אַרבעט. האָט ער שוין חתונה געהאַט, זיך געדונגען אַ דירה, פֿאַרפּירט אַן איי־גענעם ווערקשטאָט. איצט איז ער אין גאַנצן פֿאַרטשאַדעט, כעמעלע, — ערשט פֿון „דעיסטוויטעלנע״, און ביי דעם ווייבל איז שוין דער בויך לעם סאַמע נאָז. און סע גלויבט זיך אים ניט, צי דען וועט ער, הייסט עס, שוין כאַפּן און אַוועקפֿאָרן אַט אַזוי אין מיצקע דרינען, אַלץ אי־בערלאָזן אויפֿן שד און אַן עק, אַ סוף?...

אַז דער גלח האָט פֿון די גראָבע ליפּן און ברייטע אַרבל געשמאַלצן זיין געבעט אויפֿן עולם און געשפּריצט דאָס הייליקע וואַסער, איז טימוך כווילאָנס (מען רופֿט אים „דער גיך־רעדנדיקער״) געגאַנגען פֿון מאַרק און האָט עפּעס געלאַכט. מאַטעס, דוד-לייב מיט בונימען זענען שוין געקומען פֿון דאַוונען און ס׳האָט זיך זיי עפּעס ניט געהייבן די הענט אויף זיך וואַשן און מאַכן אַן המוציא, און אַזוי ווי צונויפֿגערעדטערהייט זענען זיי זיך צונויפֿגעקומען אַהער צו דוד-לייבעלען אויפֿן הויף, פֿאַרן גאַניקל, דאָרט זענען געזעסן נאָך עטלעכע יידן, וואָס דאַרפֿן „גיין״. מאַטעס מיט דוד-לייבן האָט געקלערט, אפֿשר דאַרף מען בעטן די יידן, זיי זאָלן דער־וויל אַריין און מאַכן קידוש. איז אויף דעם האָט זיך אויך דאָס מויל ניט געעפֿנט. זיצן זיי אַזוי אַלע — און ווער ס׳שטייט אויף די פֿיס — און מען קוקט דורכן הויכן און שמאָלן פֿאַרטקעלע צום וואָלאָסט צו אויפֿן המון, אויף די פֿורן און אויף דעם גלח. אַז זיי האָבן פּלוצעם דער־זען כווילאָנטשיקן, האָבן זיי אים אויפֿגענומען גוט, וואָרעם ער וויל עפּעס דערציילן. איז אָט: די שטיוול שמירט ער זעלטן ווען, כווילאָנטשיק, דעם האַלדז אָבער האָט ער ליב דורכוואַשן אפֿילו אין מיטן דער וואָך. מיר ווען אים שוין ניט איבערמאַכן. פֿערציק יאָר איז אים, און די אייגענע ווייב האָט שוין אויך מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן. איצט גייט ער פֿון מאַרק גלייך צו די שכנים און לאַכט.

— קיין בראָנפֿן, — לאַכט ער אויף זיין גיכן לשון — גיט מען שוין טאָקע ניט פֿון שענק. לייטן שטייען פֿאַר דער פֿאַרהאַקטער טיר און טרינקען. און די געפֿאַרבטע טיר איז אויסגעקערט מיטן ברייטן, האָט

מיר קיין פּאַראיבל ניט, הינטן, צו די מענטשן, אַט אַזוי ווי יענע נקבה, וואָס שטייט אָן־אַ — און ער טוט אַ ווייז מיט אַ גיכן שפּיי אויף אַ ברייטער פּויערטע, וואָס הערט זיך איין צום גלחס דרשה און שטייט אין מיטן זומער אָן אָנגעפּעלצטע אַהער מיט די פּלייצעס, — אַט אַזוי ווי אַט די אַ, — שפּייט ער אויס און ווייזט אויף איר, — און כאַטש טו זי אַ קוש האָט מיר קיין פּאַראיבל ניט, גלייך אַהין צו, הייסט עס. מען האָט פּאַרהאַקט די טיר און אַן עק. — כוויליאַנטשיק שפּייט, און כאַטש ער לאַכט נאָך, דאָך ברענט שוין אין אים אַ פייער.

— וואָס איז, — פרעגט אים איבער בונים, — און מען זאָל אַליין אַ גוטן טרייסל טאָן די טיר?

— אָן עבירה די ציין — ענטפערט דוד־לייבעלע — מען וועט נאָך געבן אין די ציין און מען וועט פאַרבעטן אַהין צו...

— טשאַמו? — זאָגט כוויליאַנטשיק — ס'האָט מיר אַ מאַכט! אַט האָט מען זיך דאָ אויפגעקליבן צום פּריץ און מען וויל אים דאַרטן אַ רייב טאָן די ביינער.

— נו!

— נו, — און וואָס „נו"? ער האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן אין דער ערד. ער האָט זיך פּאַרשטעקט אין אַ לאָך און קרענקט דאָרטן.

— דאָס פאָלק גייט אַוועק אויף דער מלחמה, — מישט זיך אַריין כעמעלע, אַ בייזער, — וואָלט מען וועלן איבערלאָזן טאַקע דעם אייגענעם פּריץ גאַר אָן אַ קאָפּ!

— טאַקע אַ גוטער פּריץ, אַ ווילער פּריץ, נאַר אָן אַ קאָפּ וואָלט ער געוועזן נאָך אַ בעסערער — זאָגט שלמה מלכה דינטשיקס. שלמה איז אַ טאַטע פון קינדער, וואָס איז שוין געוועזן אין לאָנדאָן אַ פּאָר יאָר, אַ מאַליער איז ער, און איצט דאַרף מען גיין טראָגן דעם קאָפּ דער רוח ווייסט וווהין. און ער איז שוין אויך מסכים, אַז, נישקשה, ס'וועט שוין ניט ווערן ערגער אויף דער וועלט, אויב מען וועט דעם פּריץ אַ ביסל אַ רייב טאָן די ביינער.

כוויליאַנטשיק, אַז ער וויל, דערציילט ער אין אַ צווייטן רעדל, אַז מען נעריקט אים שוין טאַקע, דעם פּריץ: — אָן־אַ! — ווייזט ער מיטן פינגער צום פּריצס הויף, וואָס הייבט זיך אָן אַנטקעגן קלויסטער, און וואָס פּאַרגייט אין דער טיף ביז אונטער די ליפּע־ביימער — ס'האָבן זיך אָנגעקליבן חברה, האָבן זיי אים פונדעסטוועגן פּאַטשאַפּעט און מען קוועטשט אים. אַזאַ גראָבע קוטניצע...

עלטשיק דער טעפּער ווייסט ניט, וואָס צו זאָגן אויף דעם, איז

ער אויך אַ בעלן לאַכן. לאַכט ער אָבער אַזוי, אַזוי ווי ניט מיטן גאַנצן האַרצן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פון עמעצן נאָכגעקרימט. ברייטע הענט ביי עלטשיקן, דיקע, ברעטלעך אַזעלכע צעפינגערטע און לאַנגע. אַליין איז ער אויך לאַנג און מאָדנע יינגלש, וואַקסן ביי אים די הענט פון די זומערדיקע אַרבל אַרויס. אַ גאַנצן טאָג, אַז ער טריקנט זיך ליידיקגייעריש אויף דער זון און ער קען זיך ניט דערוואַרטן מען זאָל שוין פאָרן. ערשט נעכטן איז ער געקומען פון דער בודע, ווו ער אַרבעט ביי די טעפּ. 30 ווערסט גאַנג אין גאַנצן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געריכט זיין אין דער היים אַזוי גיך, ער איז דאָך ערשט ניט לאַנג אומגעפאָרן אויף שבועות. איצט האָט ער אָנגעשריען, עלטשיק, די ווייב מיט די קינדער זאָלן אים ניט גיין באַגלייטן:

— וואָס איז דאָס גיין? — האָט ער זיך אָנגעבייזערט. — אונדזערע יידעלעך, זאָג איך, ווילן זיך אויסדרייען? וועט זיי סיי ווי ניט העלפן! — אַזוי זאָגט ער עס, דער טעפּער, ווי מיט אַ ווייטן אָנצוהערעניש. די העלע עטוואָס קיילעכדיקע באָרד מיט די ווייסלעכע אויגן גיסן זיך ביי אים צונויף. און די גרויסע צונג מישט זיך ביי אים אין מויל ווי אַ לאָפּעטע. ער איז פאַר עפּעס בייז אויף „אונדזערע יידעלעך".

און אָט: ווי די צונג זאָל זיך ביי אים שווער ניט קערן, איז ער דאָך גרייט זאָגן היינט דעם גרעסטן באַלעבאָס דעם אמת אין פנים אריין. ער האָט איצט פאַר זיי קיינעם קיין מורא ניט... און דערפאַר אַרט אים שוין אויך ניט, וואָס די האַרבאַרעס שטייען דאָ. ער רעדט, וואָס ער וויל, טאָמער שטייט זיי אפשר ניט אָן, וועלן זיי מיט אים קיין שידוך ניט טאָן.

---

...פאַר נאַכט איז געווען דושנע און שווער צו אָטעמען, און מעריב־צייט זענען שוין יידן געשטאַנען אין קלויז, און זיי האָבן זיך געגרייט, ס'זאָל ווערן גוט פינצטער, וועלן זיי אַראָפּוואַרפן די שיך און וועלן זיך זעצן זאָגן קינות. מ'איז דווקא ניט געוווינט שבת צו נאַכטס גיין מאַכן אין מיטן דרינען תשעה־באב. נאָר אויף דערויף איז דאָך עס אַ לוח, אויף ווען ער פאַרשרייבט — דאַרף מען אויסטאָן די זאָקן, זיך זעצן אויף דער ערד און זאָגן וואָס מע דאַרף. אַנדערע יידן האָבן נאָך געהאַלטן אין דער היים ביים פאַרפאַסטן, צעקראָכענע עסערס, מן הסתם, און אַנדערע זענען שוין געווען אין קלויז און האָבן געפּינטלט אין דער טונקל מיט די אויגן. פּלוצעם האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צו די פענצ־

טער פון מזרח־זייט. אין דרויסן אַהין צו צום שליאַך האָט זיך געטראָגן אַ געוויין, אַזוי ווי מען טראָגט אַרויס אַ טויטן פון אַ שטוב, און ניט קיין איין טויטן פון איין שטוב, נאָר פון אַ סך שטיבער — אַ סך טויטע.

— לאָזט נאָר, וואָס איז? וואָס איז?

— אַהאַ, דאָס פאָרן אַוועק די יידישע סאָלדאַטן.

אַנדערע יידן, וואָס דאַרפן פאָרן, האָבן געפועלט, אַז זיי זאָל מען געבן פאַר נאַכט די פורן זייערע: מחלל־שבת זיין וועלן זיי צייט האָבן „דאָרט", און דאָ ווילן זיי ניט אַרויספאָרן שבת פון שטאָט. אפשר האָבן זיי טאַקע ניט געוואָלט מאַכן מיט קיין שבת א „פּאָטשיין", און אפשר האָט זיך זיי פשוט געגלוסט אָנהאַלטן זיך אָנעם אויסרייד און זיין נאָך אַ טאָג אין דער היים. און איצטער, אַז די פורן זענען שוין דאָ, און יעדער שטוב האָט אַרויסגעלאָזן איר בר־מנן, איז ערשט געוואָרן די אמתע יללה. ווייבער אייגענע און פרעמדע זענען ערשט אַרויס מיט לשון. קינדערלעך קליינע האָבן זיך דערשראָקן און האָבן אויפגעהויבן קולות אויף זייער אופן. ביי מאַנסבילן האָט שוין אויך עפּעס געשקראַבעט אין האַלדז, און יידן, וואָס האָבן פאַרפאַסט ביי שלוש־סעודות מיט אַן איי איינגעטונקען אין אַש און האָבן בדעה געהאַט רויק אויסטאָן די שיך און זיך זעצן זאָגן קינות, איז אויך עפּעס פּלוצעם געוואָרן מאָדנע אויפן האַרצן...

ס'איז נאַכט, דער בין־השמשותדיקער אַש עסט איטלעכן די אויגן, און מען הענגט אַלע אויף די מזרחדיקע פענצטער. אַט פירן ווייבער מאַירלען דעם שוואַרצן, אַ יונגערמאַנטשיק אַ קצב. און אַט עפנט זיך די טיר מיט אַן איינגעריס און מיט אַ געקלאָג פון ווייבער, וועלכע הערן ניט קיין וועלט. וואָס איז? זיי וועלן זיך אפשר גיין שעמען?! ווּעמען ס'טוט וויי, דער שרייט!!... און לייב דער קיעווער, אַ שוסטער, וועלכער האָט צוריק מיט פערציק יאָר געדינט אין קיעוו און פון דעמאָלט אָן טראָגט ער זיך אַרום מיטן נאָמען פון יענער ווייטער שטאָט, ביי אים זענען קיילעכדיקע פייכטע אויגן, און ניט קיין גרויסע רויטלעכע פייכטע ליפּן קוקן אַרויס ביי אים פון דער אַש־קאָלירענער ניט־געקעמטער באָרד און וואָנצעס. איז ער, לייב דער קיעווער, זאָגט צו זיין שכן: — ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך בין דאָך ניט נעכטן געבוירן געוואָרן. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן, וואָס איך זע אַן אמתן תשעה־באב אויף דער וועלט... דאָס האָט זיך אַרויסגעריסן אַ גזר אויף דער גאַנצער וועלט און אַן עק.

— און די יאַפּאַנישע מלחמה — פרעגט אים איבער אַ צווייטער לייב, אויך א שוסטער, זיינער אַ שכן טאַקע, לייב יידעסעס, וועלכער וויל ניט,

אַז זיינע קינדער זאָלן וואַקסן שוסטער. — נו, און די יאַפּאַנישע מל־חמה, — פרעגט ער.

— דעמאָלט איז עס אַהער צו ניט אָנגעקומען, — פאַרענטפערט זיך לייב דער קיעווער, — „דאָלי אַטשי, דאַלי סערצע", — ס'האָט זיך געטאָן ערגעץ אין אַלדע גוטע יאָר, און אַהער צו האָט עס ניט דערלאַנגט.

און אַ חלבן ליכטל, אַן אָנגעצונדנס, האָט זיך ווערעמדיק איינגעביסן אין דער אָנגעפּאַקטער קלויז, מיט טונקלעניש זיך איינגעביסן גיפּטיק אַזוי, און יידן האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ קער געטאָן צו די איבערגעקערטע בענק, האָבן מיט אַ פון פריער צוגעגרייטן מאַך אַראָפּגעוואָרפן די שיך און זיך באַזעצט מיט די קינות אין די הענט. און דער אַלטער חיים מיט די פּאהקעלעך האָט אָנגעהויבן מיט אַן אַלט קול און מיט אַ ניגון, וועלכן מען הערט אים איין מאָל אין יאָר: „איכה ישבה בדד העיר"...

## מלחמה־צייט

### 1

שלוימקע איז אַליין געפאָרן מיט אַ געדונגענער פור קיין איסקאַראָסט נאָך צוויי בוטליעס אַליעם: איינעם פאָרן טאַטנס וועגן און אויף איינעם האָט אים בונים־בער געגעבן געלט מיט אַ צושטייער אויף דער פור. און אין איין וועג האָט ער אים אָנגעזאָגט, שלוימקען, ער זאָל זיך דאָרט צעפרעגן אויף בלויע בילעטן און אויף זיינע, בונים־בערס, יאָרן.

אין אָוונט זענען זיי אַרויסגעפאָרן און פון דער ערשטער שעה האָט עס אים שוין געשלעפערט, שלוימקען. ער האָט נאָר געטאַפּט אַלע ווײַלע דאָס בייטעלע ביי דער בוזעם־קעשענע און ער האָט געוואָרפן אַלע ווײַלע מיטן קאָפּ און געדרעמלט.

דער פורמאַן פון זיין זייט איז אויך געווען צוגעשטילט. ס'האָט גע־האַלטן דערביי, ער זאָל פאַררויכערן, האָט ער עס ניט געטאָן. די פערד האָבן זיך געקאַפּעט מיט אַלע אַכט אין זאַמד, געפריכעט פון די ווייכע קיילעכדיקע נאָזלעכער און האָבן שווער געשלעפּט דעם ליידיקן וואָגן. אַ ווינטעלע האָט געפאָכעט איבערן פעלד, אַ ווינטעלע, אַ בודנע אַזאַ, אַ ווינטעלע, וואָס איז געראָטן אין דעם סירניצער אַלטן פראַצענטניק, אַ ווינטעלע, וואָס מיט אַלע אברים, דוכט זיך, וויל עס אַ מלחמה. דער פור־מאַן האָט לאַנג דאָס מויל ניט געקענט אויפרייסן, ער האָט נאָר אויס־געהוסט אַ געטרייע קללה דעם רעכטן פערד, טאַקע אַ גענאַרניק, וואָס

האַלט אין איין טרייבן מיטן עק די פליגן, וואָס זענען ניטאָ, און נאָרט זיך. שלעפן שלעפט דער בולאַנער. דער פורמאַן האָט איבערגעקערט דאָס בייטשעשטעקל, אַהין־און־צוריק געפאַכעט, געמיינט אויף צו כלומרשט אַ זעץ טאָן דעם ר׳עכטן איבער די קניעס, און ער האָט טאַקע סוף־כל־סוף אויסגעקראַצט אַ וואָרט, וואָס איז שווער אויסצורעדן — סע מיסטיעט זיך ניט איין אויפן צונג...

דער זון זיינער, דאָס יינגל, איז ביי אים אַן איין־און־איינציקער, שוין אַ פאַרקנסטער... ער האָט זיך געעצהט מיט דער אַלטער, געעצהט און גערעדט און ס׳העלפט ניט: מען האָט געמוזט שטעלן אַ חופה... ער דאַרף איבער אַ וואָך אַוועקגיין, אַ צוגעגומענער איז ער. גוט, וועט זיין אַ קינד, אַ זכר כאָטש... אפשר וועט זיך עס צונעמען צו דער שטוב... די שנור וועט מען שוין ניט אָפּלאָזן, מ׳וועט זי האַלטן ביי זיך.

שלוימקע האָט זיך צעטשוכעט אַ ביסל פונעם שלאָף און האָט זיך צערעדט מיטן פורמאַן. גערעדט האָבן זיי, אַז סאָלדאַטן גרוזעוועט מען גלייך אויף דער מלחמה, טאַקע דאָ, פון דער היגער גובערניע גרוזעוועט מען זיי. די ניי אָנגעקומענע טוט מען אָן אין כאַקי־קליידער, מען גיט יעדערן אַ ביקס און מע שיקט זיי צו דער גרענעץ.

— עפּעס צו גיך טוט זיך עס, — חידושט זיך שלוימקע, ווי צו זיך אַליין, — היינט געגומען און מאָרגן געשיקט... טאָ ווען? טאָ ווי אַזוי? טאָ ווו וועט מען עס דעם ערשטן שאָס טאָן? און ווער וועט עס אָנהייבן?

מע קען משוגע ווערן.

וואָס ווייטער איז די נאַכט אַלץ פינצטערער געוואָרן, כאָטש אַן אויג נעם זיך אַרויס. אַ קילער ציטער איז דורכגעלאָפן איבערן לייב. אַלצדינג האָט עפּעס אויסגעזען ווי אָפּגעריסן. באַזונדער די פערד, דער וואָגן, דער פורמאַן, די קעלניע — אַלצדינג איז געווען באַזונדער. און דאָך, קלערט זיך שלוימקע, קען קיינער ניט זאָגן, אַז ס׳איז שוין אַלץ פאַר־פאַלן און אַ וועלט איז הפקר...

אין איסקאָראָסט האָט שלוימקע געזען אַ גרויסע באַוועגונג. אַן אַ שיעור סאָלדאַטן, צווישן זיי אַ סך מיט פערד. נאָר ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז קיינער פון זיי געדענקט ניט, ווי אַזוי האָט ער ערשט נעכטן געהייסן. ניטאָ קיין פריילעכקייט אויף די פּנימער, די קעפּ אַראָפּגעלאָזן, אין די אויגן ליגט עפּעס אַ כעס, וואָס וועקט אומהיימלעכקייט.

שלוימקען האָט אַ גרויל געטאָן פונעם דאָזיקן בילד און אין איין גאַנג האָט ער אַ קלער געטאָן: „ווער ווייסט? מע וועט אין גיכן אפשר

רופן מיינע יאָרן אויך"... אַזוי, אַז ער איז שוין מיט די דאָזיקע מענטשן נאָך מער מחותן.

אַז ער איז געקומען צוריק קיין סירניצע, האָט אים בונים־בער ניט געלאָזן צו רו און געמאָנט נייס.

שלוימקע האָט דערציילט, אַז קיין בלויע בילעטן נעמט מען ניט, נאָר סע וועט שוין גיך האַלטן דערביי. ווייטער האָט ער דערציילט, אַז די איסקאָראָסטער האַרבערס מאַכן קאָנטראַקטן מיט קאָזנאַ... און מע זאָגט, אַז מע וועט זיי געבן „אַטסטראָשקעס", סע וועט הייסן, אַז די האַרבאַרעס אַרבעטן אויף אַבאָראָנע.

— הערסט, וואָס זשע שווייגסטו? — איז בונים־בער אַזש אונ־טערגעשפרונגען.

אָבער מאָטעס האָט אים גיך אָפּגעקילט:

— אַ גרויסער גליק, — זאָגט ער, — האָט זיי געטראָפן. מע וועט צונעמען די סחורה און מע וועט ניט זען ביי זיי קיין געלט.

2

זעלדע די לאַנגע איז געווען באַוווסט אויפן קאַנט מיט איין קליי־ניקייט: זי האָט געוווסט ווי מען מאַכט פון וואַקס מיט נאָך אַזעלכע זאַכן אַ זאַלב צו אַ מכה.

קומט אַ דאָרפסמאַן און קלאָגט זיך פאַר די, ווהין ער איז פאַר־פאָרן: אַזוי און אַזוי... אַ מכה און ניט אויף קיין גוט אָרט... — מאַכט מען מיט אים ניט קיין סך געשעפטן און מען שיקט אים אָפּ צו זעלדען דער לאַנגער. זי איז גאָר ניט אַזאַ לאַנגע זעלדע, נאָר ס'ניטאָ ביי איר קיין פאָרנט, ניט קיין הינטן. קומט אויס די קלייד אויף איר ווי צוגע־פּלאַטשט. און דערצו טראָגט זי נאָך שטענדיק אַ געל טיכל אַזאַ אויפן קאָפּ. קומט זי טאָקע אויס ווי אַן אויסגעצויגענע און אַ לאַנגע.

גיט דערוויל איבער איין דאָרפסמאַן דעם צווייטן פון דער בייער רופאטע, לאָזט מען זיך צו איר פונעם גאַנצן קאַנט. דערוויסט זיך אַ פויערטע, קומט זי אויך צו גיין און ברענגט נאָך אַ מתנה — אַן איי אָדער אַ ביסל מאָן. אַן אַנדער פויערטע בעט נאָך אַפילו אַן אָפּשפרעכעניש צום זאַלב, קען זעלדע ניט אָפּזאָגן און שפרעכט עפּעס אָפּ אין דער שטיל נישט געשטויגן נישט געפלויגן און דער סוף איז ווי אַלע מאָל אין אַזעלכע פאַלן: אַ מאָל העלפט עס און אַ מאָל ניט.

אַז די סאָלדאַטקעס האָבן זיך אַ ביסל באַדאַכט און זיך אַרומגעקוקט האָבן זיי זיך אַ שאָט געטאָן צו זעלדן, זי זאָל זיי וואַרפן אויף קאָרטן. נאָך

גוט, וואָס זי האָט אַן אייגענע דירה, (לעם באָד האָט זי זיך איר ווייס אויסגעקאַלכט שטיבעלע) וועט מען כאָטש ניט באַרעדט ווערן פון פרעמדע צינגער. אויף וואָס דאַרף מען פרעמדע, אַז דער אייגענער מאַן איז אויך אַ חכם און בורטשעט אויך. אַ האַרבאַר איז ער, דער מאַן, אַרבעט ביי יענעם און די פרנסות זענען קנאַפע. בורטשעט ער נאָך אויף זעלדען פאַר די קאַרטן, אַז ס'ניט קיין יידישע מלאכה... נאָר אַן אייגענער מאַן איז ניט קיין פרעמדער. זי האָט אויף אים גוט אָנגעשריען, אים אַ טאָג ניט געקאָכט קיין וואַרמעס, האָט ער שוין געהאַט פאַר זיינע עטלעכע גילדן, און זאָל ער זיך ווייטער ניט מישן ניט אין זיין זאַך.

און אַזוי מאַכט זיך זונטיק ביי זעלדען די טיר נישט צו. סאָלדאַטקעס מיט פאַרפלאַמטע פנימער, מיט יונג־אויסגעשלייערטע קעפ און מיט רויטע זונטיקדיקע טיכלעך זענען ביי איר אויף און אָפ. ווער ס'האָט זיך באַזעצט אויפן באַנק, ווער אויפן בעט און פאַר די, וואָס סע סטייעט ניט קיין אָרט, שפאַרן זיי זיך צו אויפן זאַק קאַרטאָפל אָדער גאָר אויף דער ערד.

איינער טרעפט זי, זעלדע, אַז דער מאַן וועט גיך קומען. אַ צווייטער ווייזט די קאָרט, אַז סע גייט צו איר אַ בריוו, אַ דריטע דאַרף אויפגעריכט ווערן מיט אַ גוטער באַגעגעניש.

פעדאָסקע די שוואַרצהנעוודיקע, זי איז אפשר גאָר אויף אַזוי פיל ניט שולדיק. אויף איר מזל איז אָנגעפאָרן אין שטעטל אַ פעלצנמאַכער פון טיף ראַסייע מיט ווערטעלעך און מיט חנדעלעך. נו, אַ מענטש איז דאָך ניט פון אייזן. די שוויגער איז ברוגז: נעכיי וואָלט עס שוין זיין, זאָגט זי, פון אַ היגן... און זעלדע די לאַנגע האָט איר טאַקע אַלץ און ביז אַ פּיצעלע געטראָפן. פעדאָסקע האָט זי שיר ניט געכאַפּט קושן. איצט קומט זי, פעדאָסקע, אַלע טאָג צו זעלדען זיך עצהנען, וואָס טוט מען. דאָס ליכטיקע הינטל פעדאָסקעס, אַ הינטל מיט געמישטע, ווילדע, לאַנג־וואָקסנדיקע האָר און מיט אַ לענגעכיקן פוקסנקאָפּ, בלייבט כסדר וואַרטן, ביז די יונגע באַלעבאָסטע זיינע וועט אַרויסקומען צוריק.

וואַרעם און טומלדיק איז געווען דער שטעטלשער זונטיק. דערפאַר איז דער מאָנטיק־בייטאָג געווען שטיל. יעדעס הייפל פאַר דער שוועל איז ריין אָפגעקערט. שפאַנט אַרויס פעדאָסקע די שוואַרצהנעוודיקע פון זעלדעס נידעריקן הויזן־טירל און לאָזט זיך, ווי אַ נאַוווטנע הון, איבער די פוסטע, מיט שטויב אויסגעשפרייטע, געסלעך. דערווייל האָט זיך אַ קו, ניט פון וואַנען ניט פון וואָס, צוגעשטעלט צוריק פון דער פאַשע. די קו האָט אַ מרוקע געטאָן צום שטאַלס צוגעטריקנטן ריח פון קאַלב, פון מיסט און פון ווייכער ערד. פעדאָסקע האָט דערקענט, אַז דאָס איז אַ

ידישע בהמה, און פאר פלוצעמדיקער געטריישאַפט צו זעלדען האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן פאַרקערעוועז די פרעמדע קו צוריק אין פעלד אריין.

3

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז שוין געווען דער ערשטער פאַרוונ־דעטער אין שטעטל: צו עלטשיקן דעם שוסטער פון דאַלינע איז געקומען זיין זון. די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן אויף אים קוקן.

עלטשיק דעם שוסטערס שטוב שטייט ערגעץ אין דער דאַלינע, אַקו־ראָט הינטער ברוך דעם מאַזשאַרוווטשיקס סאָד. די שטיבלעך אין דער דאַלינע זענען געווען ווי אַנגעוואָרפן אין אַן ענגשאַפט איינס אויפן צוויי־טן, אַ שטאַל אויף אַ שטאַל, אַ שטוב אויף אַ גערטל. הינטער די הייזער איז שוין געגאַנגען דער טייך מיט דער שמאַלער קלאַדקע. מענטשן פון שטאָט פאַלן אַהער זעלטן ווען אַראָפּ. איצט אָבער גייען אַהער אַ סך מענטשן אין מיטן ווינטערדיקן מיטוואָך. דאָס גייט מען זען דעם פאַר־ווונדעטן.

אין האַרבאַרגיע אפילו זענען געקומען צולויפן יחיאלקע מיט אי־טשעלען פון חדר פאַרסאַפּעטע, און זיי דערציילן, אַז זיי האָבן אים געזען.

— וועמען ?

— דעם געראַניעטן !

— וועלכן געראַניעטן ?

— וואָס הייסט וועלכן ? וואָס ביי עלטשיקן דעם שוסטער ! די גאַנצע שטאָט גייט דאָך אַהין צו.

— טאָ וואָס זשע איז ביי אים געראַניעט ?

— וואָס הייסט וואָס ? דער גאַנצער קאָפּ איז ביי אים פאַרבונדן. מע רעדט צו אים, און ער קען ניט ענטפערן.

— אַ שיינעם תכלית מאַכט די מלחמה פון אַ מענטשן. — האָט זיך שיינע אַנגערופן.

— און אַז מע קומט אין גאַנצן ניט, איז בעסער ? — האָט זיך עמע־צער אַריינגעמישט. און שעווקע האָט געענטפערט :

— ס׳איז אַזוי ביטער און אַזוי פינצטער.

דאָס שטעטל האָט זיך לאַנג ניט געקענט באַרויִקן, און דאָ רופט מען נאָך „נייע יאָרן״, און סע קען טרעפן אי דעם, אי יענעם.

## בונים־בער און זיינע שותפים

בונים־בער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ מאָדע אַלע אין דער פרי גיין אין שול אַריין דאַוונען. ניט אַזוי צוליב פרומקייט װעגן, נאָר װיפל זענען װערט די נייס, וואָס מע הערט זיך דאָרט אָן! עפּעס אַ קלייניקייט, וואָס סע קומט איצט פאָר אויף דער וועלט?!

און בונים־בער קומט פון בית־מדרש מיט גאַנצע פּעק נייס. אָבי ער פּאַקט עמעצן, איז ער גרייט אָוועקצוזיצן מיט יענעם שעהען און דערציילן נייס פון דער מלחמה.

שעווקע שלאָגט אים איבער אין מיטן דערציילן און זאָגט אים, אַז מענטשן וואַרטן אויף אים.

בונים־בער האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט. ער האָט נאָך גע־האַלטן אָפן דאָס מויל און געהאַט בדעה צו דערציילן ווייטער. זי האָט אים אָבער אַ וויז געטאָן אויפן פענצטער, וואָס לעם באַנק־בעטל, און דאָרט האָט ער דערזען, אַז ס׳טאַקע אַן אמת: ס׳זיצט אין הויף אויף די ברוסעס פייסיע ווייסבורד, וואָלטשעס עלטערער זון און זיין שותף שייקע, דודל דעם קאָזאַקס איידעם.

בונים־בערן איז די מעשה געפעלן געוואָרן — פרישע מענטשן. איצט וועלן שוין געוויס זיין נייס. און ער איז אַרויס אין דרויסן צו די ברוסעס.

ציקאַווע, וואָס וועלן עפּעס יידן זאָגן.

...און יענע זיצן אויף די ברוסעס און שמועסן צווישן זיך. פייסיע כאַמכעט צו גביריש אונטער דער נאָז און צערעדט זיך מיט בונים־בערן... וואָס, מען ווייסט דען ניט? ער איז דאָך אים געטריי פון אַלע יאָרן, און אַזוי ווי ער, פייסיע, זעט אַז בונים־בער איז אַ ייד אַ באַלעבאָס און טאַקע אַ לייטישער מענטש, וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן, טאָ פאַר וואָס זשע זאָל מען עפּעס ניט טאָן אין איינעם? ער, פייסיע, האָט דאָך שוין אפילו איין האָרבאָרניע, ביי דעם אַלטן, ביי דוד־לייבעלעס שווער, נאָר ער קען צו אים, בונים־בערן, אויך אַריינוואַרפן אַ ביסל פעל צו דער אַרבעט. אָדער אויב ער וויל, בונים־בער, מאַכן זיי גאָר שותפות. אים, פייסיען, — זעכציק פראָצענט און בונימען — פערציק. דערפאַר וועט ער אים דאָך רעכענען די רויע פעל אין קרן־געלט. ער וועט אים ניט רעכענען פאַר איינקויפן. און חוץ דעם — וואָס איז דאָ די רייד? שייקע איז דאָך אויך אַ שותף. נעמט זיך זיי דאָך נאָר אָן צו דרייסיק פראָצענט אויף אַ פאַרשוין, און בונים־בערן איינעם אַליין — פערציק! וואָס איז? זיי האָבן דען ניט, חלילה, די אייגענע געזינדן, וואָס ער? בפרט, אַז ער, בונים־בער, וועט

זיך ניט אונטערפוילן אַליין עפּעס צואַרבעטן. אַ מאָל פאַלצן, אַ מאָל אַ טאָג שליכטן, וועט אים אויך אַריבערפאַלן דער הונדערטער אַ חודש. וואָס איז? ער וועט זיך מיט אים רעכענען, ווי מיט אַ פּשוטן אַרבעטער? אַז מע דאַרף אַריינשרייבן אין ביכעלע אויף זיין חשבון נאָך אַ רובל איז נאָך אַ רובל... און אַלץ געחתמעט, און אַלץ פיין אַזוי, אי גבירישׂ, אי סוחריש...

„נישקשה, — קלערט זיך בונים־בער מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט, — פייסיע איז אַ ייד אַ סוחר, און לעבן מענטשן ווערט מען אַליין אויך אַ מענטש... ער איז אַפילו אַ פוקס, אַט דער פייסיע, אַלע ווייסן עס, נאָר ס׳גאַרניט, מע איז דאָך אייגענע מענטשן, ס׳איז דאָך פאַרט וואָלטשעס אַ זון״.

פייסיע וואָלטשעס האָט גלייך נאָך דער חתונה אָנגעהויבן גאַנץ ברייט. ער האָט געעפנט אַ קלייט און צוגעהאַנדלט מיט תבואה און מיט מעל. מע האָט אים טאַקע אַזוי גערופן: פייסיע דער קרופּניק... און איצט איז אים שוין גאָר ניט צו דערקענען. איצט איז ער געוואָרן אַ גרויסער סוחר און „פיינער מענטש״ אין שטאָט. זינט דער מלחמה ווערט ער וואָס אַ טאָג רייכער. ער וואַקסט, זאָגט מען, ווי אויף הייוון. ער האַנדלט מיט וואָס איר ווילט נאָר אין דער וועלט: מיט וואַקס, מיט חזיר־האָר, מיט מעל, מיט פי, אומעטום האָט ער שותפים מיט אַגענטן. איצט האָט ער נאָך אַ סקלאַד פון רויע פעל. ער האָט דאָך זיך אויסגעבויט אַזאַ דירה מיט אַזעלכע גרויסע שפייכלערס, וואָס אין שטאָט צו זיי די צווייטע איז ניטאָ. איז איין שפייכלער ביי אים פאַרנומען מיט פעל. און איצט זענען אים נאָך צוגעקומען האַרבאַרניעס אויך, האַרבאַרניעס זענען מלחמה־צייט אַ גוט געשעפט.

— איר זענט אַ מבין, — זאָגט שעווקע אין קיך צו דער שוויגער, — דער קאָפּ איז אים פונדעסטוועגן ניט אַראָפּ... ער טראָגט אים אויף אַלץ.

— פּססס... — מאַכט די אַלטע און לויפט ווידער אַרום, אַזוי ווי אַ הון מיט אַן איי, וואָרעם זי האָט פאַר עפּעס מורא, זי איז ניט רויִק וואָס מע זיצט אין דרויסן... — דאָס אייגענע וואָלט מען דאָך קענען גיין אין שטוב אַריין!

— איך האָב געהערט, — האָט פייסיע, וואָס איז לאַנג און דין ווי אַ זשערדקע, אַ כאַמכעלע געטאָן, — אַז ביי דיר איז אַ גוטע זאַלע, אַ נייע, עפּעס גאָר אַן אַנטיק?!

— אַוודאי, — כאַפּט אונטער די אַלטע, וואָס האָט מער ניט געקענט איינזיצן און איז אַרויס צו זיי אין הויף, — קומט, וועט איר אַ קוק טאָן.

און בונים־בער פאַרשטייט זי שוין אויפן ווונק. ער זעט, אַז זי רוט

ניט, מ׳זאָל פון דאַנען גיכער אַוועק.

ביידע יונגעלייט מיט די שטעקעלעך אין די הענט זענען אַוועק נאָך בונים־בערן און נאָך דער אַלטער אָנקוקן די נייע זאַלע.

אויף צוריק וועגס האָט זיך פּייסיע שוין ניט איינגעהאַלטן און אַ פרעג געטאָן:

— נו, בונים־בער, וואָס זשע זאָגסטו עפּעס?

בונים־בער שעמט זיך אָבער ניט זאָגן, אַז ער וועט דאַרפן אַ פרעג טאָן שעווען. דער דורכגעטריבענער גביר האָט געגעבן אַ שמייכל צו זיין שותף, וואָס מיטן געקרייזלטן בערדל, און דערנאָך חניפהדיק צוגע־געבן, אַז געוויס דאַרף מען זיך אָנפרעגן ביי אַ ווייב. אַזאַ יאָר אויף אים, ווי ס׳איז גאַנץ באַלעבאַטיש.

און אויף מאָרגן האָט מען טאַקע געשלאָסן געשעפט און געטרונקען מאַהאַריטש. פּייסיע האָט אפילו פאַרלאַנגט, מ׳זאָל די אַרבעטער אויך אַריינרופן, און זאָלן זיי אויך פאַרזוכן צו קאָפּעלעך. פּייסיע זאָגט, אַז ער האָט פיינט צו „אָבידיען״ אַ מענטשן...

## דורות בעלי־בתים

### 1

בונים־בער איז ניט מאָטעס. אָט דעקט מאָטעס אויף אַ שטאָל, ווייסט ער, אַז דער שטאָל וועט נאָך אים קיין קדיש ניט זאָגן, און ער ברענגט צופירן פון האַראַדעץ פון זאַוואָד אַ פור דינינקע ברעטעלעך — איין פור, און סע סטייעט אויף אַ גאַנצן דאַך, וואָרעם זיי זענען שפּאַרעוודיק, אַזוי ווי בלעטעלעך פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, וואָס נעם און נעם — און ס׳דאָ נאָך. און מאָטעס איז, דוכט זיך, גאָרניט קיין נאַר.

נעמט זשע אָבער בונים־בערן, אַז ער האָט זיך געשטעלט איבער־שיטן די שאָפּע, האָט ער איינגעגראָבן דעמבענע אָשולעס די גרעבסטע, האָט זיי פאַרוואָרפן מיט גוטע אָסיקאָווע פּלאָכעס, און פון טכאָרין פירט מען אים צענדליקער פורן נייעם סאָסנאָווען דראָן. פורן אַזוי ווי די בערג און דער דראָן איז ריינע סמאָלע, ער לייכט זיך אַזש דורך.

די בעלי־מלאכות אויפן דאַך קלאַפּן און לעקן די פינגער פון דעם מאַטעריאַל. אַזאַ שאָפּע וועט איבערלעבן צענען.

אָדער נעם שוין גאָר די צוויי דוב־מאַשינעס מיט די רעדער, מיט די סטאָמפּן און מיט די טוקאַטשעס. איז אויב ביי מאָטעסן האָלט דאָס רעדל 8 אַרשין אין דיאַמעטער און ס׳איז דין, קוים וואָס ס׳לעבט, האָט

איר ביי בונים־בערן אַ ראָד אַ נייעם, אַ טאַפּאַרנעם און אַ שווערגופּיקן פון 12 אַרשין... וואָס איז?... מאַטעס, זאָגט ער, האָט אויסגעחשבנט, אַז פאַרן פערד וועט זיין גרינגער. די גרינגקייט פונעם פערד בין איך אייך מוחל, מען זעט זי נאָך דערווייל ניט אַרויס. פאַרקערט, ביי מאַטעסן האַלט כסדר די מאַשין אין איין ריפּען און סקריפּען, און אַלע 5 מינוט שטעלט מען אָפּ דאָס פערד: אַ קלין איז אַרויסגעפאַלן, אַ צאַן האָט זיך פאַר־טשעפּעט, און מען האַלט אין איין פאַרקלאַפּן מיטן העקעלע, בעת דאָ גייט דער ראָד אַזוי ווי אַ מזמור. און די אונטערשטע שורה איז, אַז ביי מאַטעסן נעמט מען אַרויס פון אַ סטאַמפּ זעקס מעסטעלעך דוב און אז א סך — איז 8, און דאָ נעמט מען אַרויס צוועלף און פערצן און פופצן מעסטעלעך דוב.

און אפילו נעמט דאָס זעלביקע פערד. איז אויך בונים־בערס צוויי מאָל אַזוי די גרויס, ווי מאַטעסעס. מער ניט, מאַטעסעס פערדל איז אַ יונגס און שיינס. בונים־בערס איז אויך ניט קיין אַלטס, 8 יאָר אין גאַנצן, נאָר גיי זאָג אויף אַזאַ לוויתן יונג, אַז ער איז ברייט און גרויס. און די פעל האָט נאָך ביי אים אַזאַ אומבאַשטימטע קאָלעמוטנע פאַרב, אַז זי פאַלט אַריין אין קאָליר פון אַ גלאָז ציקאָריע, וווהין מען גיסט אַריין ווינציק מילך איידער מען האָט זי נאָך אויסגעמישט. נאָר ס׳מאַכט ניט אויס. אַ גביר, אַז ער איז ניט אַזוי שיין, ווערט ער ביי זיך אויך ניט אַראָפּגעפאַלן. דאָס זעלביקע איז מיט בונים־בערס לעמפּאַק. ער איז ביי זיך געגעוג מיוחס, דערפאַר איז ער שוין גאַרניט קיין לויפער און מען זעט נאָך איבער אים ניט דעם שליאַך, בעת מען האָט פאַר זיך אַזאַ פערדאַטש אין וואָגן, פאַרשטעלט ער פון דיר די ליכטיקע שיין. מען האָט אפילו געזאָגט פון לכתחילה, אַז ער וועט ניט קענען דערלאַנגען די פּאַשע, אַזאַ גוג ומגוג, צום סוף איז נאָך מיט חסד און ביידע „געשוועסטער־קינדלעך״ פּאַשען זיך טאַקע זייער אָפּט געפּענטעטע אין מיקיטעס גאָרטן, וואָס איבערן וועג פון יענער זייט האַרבאַרניע. ביידע האַרבאַרעס האָבן אָפּגעדונגען אָט דעם אַ גאָרטן פאַר זייערע פערדס וועגן אויף גראָז.

היינט וואָלט איר נאָך זען, מיט וואָס פאַר אַ כוונה בונים־בער שטעלט זיך אַריין ביטן און סאַראַ זאַלע ער האָט אָפּגעמאַכט אויף אַנדער האַלבן מאות פעל. ניטאָ די אַנדערע זאַלע אַזאַ ניט נאָר אין סירניצע, נאָר אויפן גאַנצן קאַנט. טאָ וואָס זשע מיינט איר? ער לאָזט אַנזעגן אייגענע ברעטער פון צוויי ווערשאַק די גרעב און העכער. מאַטעס לאַכט פון אים:

— כאַמולע איינער, — זאָגט ער — דו וועסט דען קענען פאַר־שלעפּן מיט זיך אַהין אַזעלכע זאַלעס? — און ער ווייזט אויפן בערגל, ווו

דאָס הייליקע אָרט איז — פאַר וועמען ווילסטו עס פאַרזאָרגן, פאַר די קדשים? געגנוג, אַז דו וועסט זיי איבערלאָזן לעבער אין דער ערד, אַז זיי וועלן ווערט זיין, וועלן זיי זיי פאַרבויען!

בונים־בער אָבער גיט אַ מאַך עטוואָס מיט דער האַנט, און ער גיט אַ בורטשע אַזוי ווי אַ בייגעקומענער, אַז ס'איז טאַקע אפשר אַלץ אמת, נאָר ער האָט פיינט אויפקלעפּן זאַכן פון שמות און אויפבינדן דעם וואָגן מיט ציצות (דאָס איז שוין אַ שטיין אין מאַטעסעס גאָרטן), כאַפּט עס דער רוח! איין מאָל בויט מען, און די מענטשן, די בעלי־מלאכות, לויבן אים פונדעסטוועגן.

— אַט דאָס, — זאָגט שמיליע — איז „בראַט־טי־מאַי״, אַ זאַלע, אַבי געזונט, — און אַז בונים־בער זאָל ניט הערן, גיט ער צו: — ווען מען לאָזט אים אַראָפּ אַהער, וואָלט ער גיך אַראָפּגעלאָזט דאָס פעלצל, — און ער לאַכט דערביי.

2

שמיליע אַרבעט דאָך דאָ כמעט פון קליינוויין אויף. אַז אים איז געווען צען יאָר האָט ער שוין ביי איטשען דעם האַרבאַר געהיט די גענדז און אומגעפירט דאָס פערד אויף דער פּאַשע. זייער אַפּט דערציילט ער, ווי אַזוי דאָרט האָט מען ניט געזשאַלעוועט געבן אַ מענטש עסן: — אַ, אַ גאַנצער „דידיטש״ געווען דער אַלטער. פון זיין איין קוק פלעגט אַנטפאַלן ווערן דאָס געזונט... אַט, זעט איר, עסן פלעגן זיי געבן וויפל דו ווילסט. אפילו ווער צעשפּרונגען עסנדיק. שבת אין דער פרי, אַז ער פלעגט קומען פון שול מיט דעם שווערן סאַמעטענעם היטל, דווקא געווען אַ פראָסטער ייד, נאָר אַ חסיד אַ גרויסער, פלעגט ער פריער אַ קוק טאָן צום פערד און דערנאָך אַריינגיין אין שטוב מיטן ברייטן גוט־שבת און פלעגט אָנהייבן זאָגן פון די ספרים. מיר זענען אין שטוב יינגלעך, וואָס וועלן מיר זיך מישן. ער זאָגט, זאָגט ער. ס'וואָלט זיך שוין גלאַט וועלן ער זאָל אָנהייבן די קוילעטשן, און מיר זאָלן אָנהייבן רייבן. דערנאָך מעג ער שוין זאָגן אפילו ביז נאַכט. פלעגט ער זיך אָנ־שטויסן, וואָס אונדז ווילט זיך, און פלעגט אַ ווונק טאָן צו איר, דער אַלטער, זי זאָל אונדז געבן איבערבייסן. ער האָט זיך געפירט אַזוי ווי אַ קיסר אין שטוב. אים האָט מען געהערט אויפן ווונק, און ווי ער טוט אַ ווייז מיטן פינגער, איז שוין אויסגעוואַקסן אַ קוואָרט בראָנפן אויפן טיש. איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט — קאַרטאָפליעס פון טשאָלנט און קוגל, און ער מעקעט צו אונדז „מ־״... — מיר זאָלן מאַכן קידוש און

מיר זאָלן אויף אים ניט וואַרטן. וואָס־וואָס, עסן איז וויפל דו ווילסט! אָבער דערפאַר אַרבעטן האָט מען אויך געדאַרפט, אַז די פּאַרע זאָל קריכן.

ביי שמיליען זענען אַקוראַט אויסגעגאַנגען די יוכטן צו קאַטשען, האָט ער זיך אַ דריי געטאָן אַהין־אַהער, יאַנקל מענדלס האָט צו אים אַ בורטשע געטאָן, אַז ס'זענען פאַראַן אַ פינף פויערשע שטיקלעך אויף צו בליאַקירן, האָט ער זיי אַנגעווייקט אין נאַסן ווערקשטאַט, אָפּ־געווישט אַ טיש און זיי צוגענומען אונטערשמירן מיט צעלאָזענעם חלב, אָבער שמיליע, אַז ער דערציילט, אַרבעט זיך ביי אים גיכער, און אַז ער צערעדט זיך, קען ער שוין ניט אויפהערן.

— איין מאָל דאַנערשטיק אויף דער נאַכט, — האָט ער צוריק אָנגעהויבן שוין ביי דער נייער אַרבעט — איך זאָג אייך, ווי איר זעט מיך אַ יידן, אַז מען וועט מיר נאָך אַנידערלייגן שערבלעך אויף די אויגן, וועל איך געדענקען יענעם דאָנערשטיק אויף דער נאַכט! מ־מ־מ־מ, טאַטעלעך מייַנע! וואָס מייַנע ביינער האָבן שוין אויף זיך איבערגעטראָגן נאָך פון קליינוווייז אויף? איך האָב דעמאָלט פונקט אַרויסגעשלעפּט די זאָלע. נאָך אין דער אַלטער האַרבאַרניע איז עס געווען און איך ווייס ניט, צי איך האָב טאַקע שלעכט געלייגט, צי בן־ציונקע האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און האָט מיר אונטערגעלייגט אַ פוילע ברעט. יעדער פעל איז אַזוי ווי צען שטיינער די שווער, אַז איך האָב זיך אייַנגעריסן דעם בויך מיט זיי שלעפּנדיק. און דעמאָלט איז נאָך ניט געווען קיין מאָדע אַזוי ווי היינט, אַז איינער דערלאַנגט מיטן שטעקן און צווייען שטייען מיט די אָפּצוּוענגעס און שלעפּן, נאָר איינער האָט געטאָן אַלע אַרבעטן, — אי דערלאַנגט, אי געשלעפּט, אי דערנאָך צעבויטעט און אויפגעשלאָגן די זאָלע און אַליין געוואָרפן צוריק, און אַליין פאַרטאָפּטשעט. נישקשה, ר' יאַנקל קער געדענקען. ווייס איך ניט, צי דאָס האָב איך ניט גוט אַכטונג געגעבן ביים לייגן, צי וואָס, נאָר גיכער, האָט מיר בן־ציונקע דער גנבניק, דעמאָלט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל... איך דאַרף שוין אַרויפוואַרפן די לעצטע פעל אַרויף, אַז ס'טוט דיר ניט אין מיטן דרינען אַ פליוך דער גאַנצער סטאָס פעל צוריק אין זאָלע אַריין!!! ס'מיר געוואָרן פינצ־טער אין די אויגן. דאָס זאָלע־וואַסער האָט געגעבן אַ כליופּע ביז דער סטעליע, און ס'האָט זיך געגעבן אַ זופּ אַזוי, ווי מיט אַ מויל, און איך פאַר גרויס שרעק פלי נאָך אויך אַריין גלייך אין זאָלע אַריין. נאָך גוט, וואָס ס'האָט מיר ניט צוגעקוועטשט קיין פוס צי קיין האַנט, איך וואָלט געווען בלייבן אַ קאַליקע אויף אַלע יאָרן, אַזוי ווי זיסל דער

קרומער... און ביי מיר איז אַ פולער מויל, און פולע אויגן, און אַ פולע העמד מיט זאַלע־וואַסער. פון ראַבאַטשע האָט מען דערהערט איז מען אַרייגעלאָפן, די מענטשן האָבן זיך שוין פונקט געקליבן גיין אַהיים, און איך שטיי און וויין, זאָל איך שוין אַזוי קיין מאָל ניט וויינען, ווי איך וויין מיט ביטערע טרערן, אַזוי ווי אַ קליין קינד. ס'איז אפשר געווען אַ יאָר נאָך מיין חתונה, איז עס געווען. אויף די רייד איז אַריין דער אַלטער, איך געדענק עס אַזוי ווי היינט, אין זיין סאַקסאַקענעם טולאָפ איז ער אַריין, ווייזט אויס, פאַרשליסן די האַרבאַרגיע און זען ווי אַזוי די מענטשן גייען אַוועק. טוט ער אַ קוק אויף דער גאַנצער מעשה און ער רופט זיך אָן פון זיין סיוועד באָרד שטילערהייט און מיט אויסגעציילטע ווערטער: — לייג צונויף, — זאָגט ער, — יונגערמאַן, די ברעטער און שלעפ צוריק אויף די זאַלע, זי זאָל ביז אין דער פרי אָפרינען. אין דער פרי דאַרף מען זיך שטעלן גאַלן...

די אַרבעטער זענען אַוועק אַהיים. ס'שוין געווען צען אַ זייגער אויף דער נאַכט. ער איז זיך אויך אַרויס און איך בין געבליבן אייניקער אַליין. איך האָב זיך אויסגעווייינט אַקוראַט ווי ס'מיר צוגעקומען, און איך נעם זיך ווייטער צו דער זאַלע. איך גיב אַ כאַפ מיט די קלעשטשעס אַ פעל, נעם שלעפן... ווער? וואָס? ס'שלעפט זיך ניט! די פעל ליגן דווקא פון אויבן, נאָר זיי האָבן זיך אויפגעטיסקעט אַלע אין איין קנויל, כאַטש נעם און בייס — איין מאָל ניין! — מ'קען ניט אַרויסשלעפן קיין איין פעל. וואָס טוט מען דאָ? און איך בין איינער אליין אויף דער גאַנצער האַרבאַרניע. אין דרויסן שוהעט אַ ווינט, און די צווייגן פון ביימעלע, וואָס פון יענער זייט וואַנט, טוען אַלע מאָל אַ קלאַפ אין פענצטערל, אַזוי ווי מיט טרוקענע פינגער מיט דאַרע. איך ווייס דווקא, אַז עס זענען צווייגן, נאָר פונדעסטוועגן האָב איך זיך מורא. ס'איז אַ האַרבאַרניע אָן איין מזוזה און כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן. בקיצור, וואָס נוצט אייך דאָ חכמות, איך בין אַוועקגעקראָכן אין דער פינצטער אין ראַבאַטשע אַריין, איך האָב אויפגעזוכט אין דער פינצטער מיין קאַפאָטע, דאָרט איז נאָך געלעגן אַ שטיקל טרוקן ברויט פון מיטאָג, האָב איך אַ ביסל איבערגעקייט די שלייפן. מיר איז נאָך געווען שלעכט אויפן האַרצן, וואָס מיין ווייבל וועט ניט וויסן, וואָס איבערצוקלערן פאַר וואָס איך בין אַזוי שפעט ניטאָ. זי זאָל זיך כאָטש לייגן שלאָפן און ניט וואַרטן אויף מיר.

איך בין אַוועק צוריק צו דער זאַלע. אויף די קלעשטשעס האָב איך אַ שפיי געטאָן און האָב גענומען פאַמעלעך שלעפן מיט די הוילע הענט.

אָנגעכאַפּט אַן אַקסענע פעל פאַר דער פאַכווע אָדער דעם קאָפּ און איך שלעף. שלעפן שלעפּ איך שוין צו ביסעלעך, וואָרעם מיט כעס איז נאָך ערגער. אַ שעה גייט ביי מיר אַוועק ביז איך דערלעב אַרויסשלעפּן איין שטיק. און אַבי זי איז שוין מיינע, איז דאָס איבעריקע שוין ביי מיר ווי אַ שפּיי. אַזוי די ערשטע, די צווייטע, און די דריטע, און אין דרויסן שוהעט דער ווינט, אין פענצטער טוט עס אַלע רגע אַ קלאַפּ, איך טו זיך אַ כאַפּ און דערמאַן זיך, אַז ס'זענען די צווייגלעך פון בוים... אַזוי איז אין הארבאַרניע קאַלט, כאַטש הינט פאַרטרייב, נאָר מיר איז ניט קאַלט, פון מיר גיסן זיך ריטשקעס שווייס. און איך בין אַזוי איינגע־מידט פון דער אַרבעט, ס'ברעכן מיר אַלע אברים, אַז ווען איך לייג זיך אַנידער דאָ אויף די נאַסע פעל, מיט דער זאַלע־וואַסער און ווער אַנטדריי־מלט, וואָלט איך זיך מחיה געווען. אָבער צו ווען וועסטו רעדן? שלעפּ, שמיליע, כל־זמן דו ביסט נאָך ניט געפאַלן אין די האַלאַבלעיס! און די אויגן זענען ביי מיר פאַרלאָפן מיט בלוט פון דעם הארבן ריח פון זאַלע, און איך בין אין גאַנצן נאַס און באַליאַפּעט פון קאָפּ ביז די פיס. נאָר איך האָב שוין, אַ דאַנק גאָט, אַ צען שטיק פון אויבן, און די איבעריקע גייען שוין גרינגער. זיי האָבן זיך צעפלאָנטערט אַ ביסל. שלעפּ איך שוין ווידער מיט די קלעשטשעס. איך זאָג אייך, ווי איר זעט מיך אַ יידן, אַז ס'נאָך אַ נס, וואָס דער אַלטער האָט זיך נאָך דעמאָלט אויף יענער מינוט ניט אַריינגעשלעפּט אין הארבאַרניע. ווי איך בין אַ ייד, אַז איך וואָלט אים געוועזן געבן מיט די קליעשטשעס אין קאָפּ אַריין — מיר אַ טויט און אים אַ טויט, זאָל איך אַזוי לעבן! מיר האָט זיך גע־גלוסט נעמען און אונטערצינדן די גאַנצע הארבאַרניע און פּטור ווערן פונעם ביטערן לעבן. נאָר איך האָב זיך דערמאָנט אָן איר, אין מיין בראָכלען, און איך האָב זי געזשאַלעוועט, אַז מירן בלייבן אָן ברויט, און זי איז שוין מיט אַ פּיצעלע קינד, וועט אויף איר זיין אַ גרעסערער רחמנות... אַזוי האָב איך זיך אָפּגעפּאָרעט אוודאי ביז אַרום 3 אַ זייגער ביי נאַכט, און איך האָב נאָך אַ שווענק געטאָן אַ ביסל דעם פּאָל פון הארבאַרניע, וואָרעם ס'אַזוי פיל געווען אָנגעליאַפּעט, אַז ס'מיר געווען אַ חרפּה פאַר די מענטשן וואָס ועלן מאָרגן קומען, און איך האָב זיך אַוועקגעשלעפּט אַהיים. אויפן וועג איז אויף מיר פאַרפרוירן געוואָרן דאָס גאַנצע אָנטאָן אין איין שטיק קאָרזש. די הויזן מיט דער העמד מיט די גאַטיעס מיט אַלעמען זענען איינגעפרוירן געוואָרן אין איין שטיק. און אין דרויסן איז אַ שטילקייט, אַז ס'קיין משוגענעם הונט ניט געווען צו זען. איך ווייס, אַז ס'איז אפשר דריי אַ זייגער ביי נאַכט...

אויף מאָרגן, געדענק איך, איז די אַלטע מיך געקומען דריי מאָל רופן... מיינע האָט מיך ניט געלאָזן אין דער פרי גיין צו דער אַרבעט. זי זאָגט, אַז אַזוי אַרבעטן קען מען אויסציען די פיס אויף די באַנטינעס. נישקשה, זאָגט זי, מען קען זיך שוין אויף זיי גוט פאַרלאָזן, אויף אַזעלכע באַלעבאַטים און מיינע האָט געמאַכט די אַלטע מיט דער בלאָטע גלייך.

שבת צו נאַכטס ערשט איז דער אַלטער אַליין שוין געקומען און מיך גענומען איינרעדן: „נו־נו־נו־נו", און „נו־נו־נו־". האָבן מיר שוין אַ קלער געטאָן: אויך די אייגענע מעשה, און איך בין אַוועקגעגאַנגען און זיך צוריקגעשטעלט צו דער אַרבעט... אַהאַ, יענעם דאַנערשטיק אויף דער נאַכט, אַז מען וועט מיר לייגן שערבלעך אויף די אויגן, וועל איך אים אויך ניט פאַרגעסן.

## מע באָדט זיך אין דער האַרבאַרניע

פרייטיק פאַר נאַכט. די מענטשן זענען זיך נאָר וואָס צעגאַנגען. נאָר שעווע האָט נאָך צוריק מיט צוויי שעה געהאָט אַראָפּגעשריען פון גאַניק אַ פאַרשפּאַנטע און אַ פאַרשוויצטע מיט ערב־שבת, האָט זי פון גאַניק אַראָפּגעשריען, אַז לייבל מיט דער צעהאַקטער ליפּ, זאָל ניט פאַרגעסן אונטערהייצן דעם קעסל מיט ריינעם וואַסער, וואָרעם זי דאַרף אַ ביטל. און אַזוי ווי ניט אַלע פרייטיק מאַכט מען עס, ווערט אַ שמחה אין שטוב, באַזונדערס אויפן קלענערן עולם.

די מענטשן זענען זיך שוין צעגאַנגען. אין האַרבאַרניע איז אַלץ צוגעקליבן אויף אַנדערהאַלבן מעת־לעת רו. ליגט טאַקע אין ערגעץ ניט גאַרניט פון אויבן. סיי די זאַלעס, סיי די ביטן זענען צוגעקערט און אָפּ־געשווענקט. דאָס געצייג איז פאַרלייגט, און נאָר איין אויבערשט ביטל איז געבליבן שטיין אין מיטן האַרבאַרניע ציכטיק, אויסגעשווענקט, שוין ריין און צוגעגרייט.

און אַזוי ווי די האַרבאַרעס אויפן וויהאָן האָבן אַ נאַטור כסדר נאָכטאָן איינער דעם אַנדערן, הייצט זיך שוין ביי מאַטעסן אויך דער קעסל אויף אַ ביטל.

און שלוימקע, ניט געקוקט, וואָס ער איז שוין כמעט אַ חתן־בחור, איז אים דאָך געבליבן אַ מנהג נאָך פון די קינדער־יאָרן, אַז אַלע פרייטיק פאַר נאַכט שטעלט ער אויס אַ גאַנצע שערענגע מיט שיך און שטיוולעטן. ער זוכט אויס די בערשטלעך מיט שוואַקס און פּוצט אויס איטלעכן די שיך אויף שבת. דעם פאָטערס, זיינע, דער מוטערס און וועמעס איר

ווילט אַליין. פּרייטיק פֿאַר נאַכט, ווען די מענטשן צעגייען זיך שוין, איז ער, שלוימקע, נאָך ניט פֿריי. אים בלייבן נאָך די עטלעכע קליינע אַרבעטן, ווי צוזען דאָס פֿערד אויף שבת, צוזען די בהמה, פֿאַרלייגן ערגעץ די געקאָנטשעטע סחורה, וואָס די מענטשן האָבן אַריינגעטראָגן פֿאַרן אָוועקגיין דורך דער קוכטיר אין קאָמער אַריין. און דערנאָך זיך אַליין צוציכטיקן, אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די וואָפּנאָווע הויזן מיט די האַר־באַרסקע שקראַבעס, אויסוואַשן דאָס לייב, באַפּרייען עס פֿונעם שווייס מיטן קויט פֿון דער גאַנצער וואָך. און אַז ער טוט זיך שוין איבער אין אַן אַנדער אָנטאָן, קען ער נעמען אַ ביכל אין האַנט, קען ער שוין אַ קלער טאָן פֿון מלכה דינטשיקס מיידל. איר טאַטן האָט מען אָפּגעגעבן אין דער מלחמה און ער, שלוימקע, גייט אַ מאָל אַרויס צו איר פּרייטיק צו נאַכטס נאָך וועטשערע, און ער קען שוין ביי זיך בכלל באַקומען אַן אַנדער פּנים מיט אַ ביסל אָפּשיי שוין פֿאַר זיך אַליין.

צו די אַלע אַרבעטן קומט אים צו נאָך אַן אַרבעט — דאָס ביטל. מען דאַרף זען, דער קעסל זאָל זיין ריין. אַ האַלצערן ביטל דאַרף מען אויסשווייינקען פֿאַר די ווייבער וועגן, אין מיטן האַרבאַרניע. אַהין גיסט מען אַריין אַ דריי צעבער הייסע וואַסער פֿון קעסל און אַ פּאָר קאַלטע — פֿון ברונעם. מען פֿאַרשפּרייט מיט עפּעס דעם צעמענט לעבן ביטל ס׳זאָל ניט זיין סטראַשנע אַרויסשטעלן קיין פֿוס פֿון דער וואַרעמער באָד אַרויס. און אַבי ס׳שוין פֿאַרטיק די באָד פֿאַר די ווייבער, איז מיט די מאַנסבילן שוין האַלב אַרבעט. די מאַנסבילן באָדן זיך דאָך אין קעסל גופֿא אין דעם האַלב־אָפֿענעם הייזל. נו, דאָ דאַרף מען, קודם כל אויסשאַרן דאָס פֿייער פֿון אונטערן קעסל און אָפּלעשן, כּדי דער דנאָ פֿונעם קעסל זאָל ניט באַקן אין די פֿיס. (אָפּלעשן דאַרף מען, פֿאַרשטייט זיך, אויך ווי אַ באַלעבאָס, ניט ליאַפּען, ניט אָנפּליוכען, אַז דער טשערין אונטערן קעסל זאָל ניט צעפּאַלן ווערן און די קוילן זאָלן ניט אָוועקגיין אומזיסט. קוילן קענען דאָך צו נוץ קומען אויף אַ גאַנצער וואָך שטעלן דעם סאַ־מאָוואַר. קען מען זיי דאָך צולעשן אַזוי, אַז זיי זאָלן בלייבן טרוקן און ריין, אַזוי ווי די קיכעלעך).

ביז ליכטבענטשן איז נאָך דאָ אַ דריי פֿערטל שעה. דער הויף איז שוין אין גאַנצן שטיל און פֿריי פֿון פֿרעמדע פֿיס. שלוימקע גיסט אַראָפּ מיט בונימען יענעמס קעסל, און דערפֿאַר וועט שוין בונים העלפֿן שלוימ־קען אַריינגיסן די עטלעכע צעבערס וואַסער פֿריער פֿון קעסל הייסע, און דערנאָך — גלייך פֿון ברונעם קאַלטע און קלאָרע.

שלוימקע מיט בונימען גיסן אַראָפּ דעם קעסל און זעען, אַז דאָס

ביטל זאָל זיין צו דער מאָס הייס. שלוימקע ווייסט שוין דווקא, ווער ס׳וועט זיך באָדן אין דעם ביטל. ער ווייסט נאָר ניט אויף געוויס, צי שעווקע וועט נעמען פייגלען אויך מיט זיך, צי באָדן וועט זי זיך נאָר אַליין. סיי ווי וועט דאָס ביטל, אַט דאָס דאָזיקע האַלצערנע ביטל מיט די אייזערנע רייפן און מיט די ניט־גלאַטע אויבערשטע קאַנטן, וועט עס היינט האָבן נחת, ווי אַזוי שעווקע וועט עס דאַרפן איבער די הויכע ווענטלעך אַריבערשטעלן אַ פוס אויף אריינקריכן, און זי, שוועקע, וועט זיך באָדן און באָדן, פּליושקען און פּליושקען. זי בענטשט אָפּ פריער ליכט כדי ניט רייסן לייטן די אויגן, און באָדט זיך נאָך דעם, אָן כאַפּע־ניש, וויפל איר האַרץ גלוסט. פאַר דער פאַר די מאַנסבילן באָדן זיך ווען זיי ווילן. זיי איז אַלץ איינס, ביי זיי איז „לכו נרננה״ ניט אויף די מינוטן. פאַרקערט, זיי כאַפּן נאָך אריין אַ גלעזל טיי מיט אַ שטיקל לאַק־שענעם טייגעכץ פאַרן דאַווענען. פּרייטיק צו נאַכטס גייען די וויהאַנער לייט כמעט קיין מאָל ניט אין שול אַריין. האָבן זיי צייט. איז ביי מאַטעסן אין קעסל באָדן זיך אָפּ פריער מאַטעס און דערנאָך שלוימקע מיטן קלע־נערן יינגל, און פאר אַ דריטן קומט יאנקעלע דער מאַלעכטעס — ס׳איז אַ שכנישע זאַך, און ער אַרבעט טאַקע ביי שלוימקען אונטער דער האַנט. ער שווענקט זיך אין קעסל שוין דער לעצטער, ווען ס׳איז שוין אַפילו טונקל אין גאַס. און אַז אַ שכנה, אַ פויערטע, גייט דורך ביים פּלויט, דערשרעקט זי זיך אַפילו, וואָס אין האַרבאַרגיע פּליושקעט זיך עמעצער. און בונים־בער צו זיך אין קעסל נעמט כסדר יחיאלן מיט שייליקלען. אָ, דאַרטן טוען זיך אָפּ כסדר קוויטשערייען מיט געלעכטערס. אי דער טאַ־טע, אי די זין רייבן זייערע לייבער אין די קיילעכדיקע ווענטלעך פונעם קופּערנעם פערציק־עמערדיקן קעסל. בונים זייפט זיי פּלייסיק די פּלייצעס מיט די בייכלעך, און זיי קוועלן. שייליקן פאַרגייט די זייף אין די אויגן, וויינט ער. יחיאל צעשפּריצט דאָס וואַסער, לייזט ער פון בונים־בערן אַ פּאַטש, וואָרעם דער מאַוועך פון קעסל וועט צעווייקט ווערן, ווען מען וועט באַגיסן אים מיט וואַסער. און דערנאָך באָדט מען זיך ווייטער, און מע קאָמאַנדעוועט, און מען כריוקעט מיט די נאַקעטע לייבער.

אינעם זומערדיקן פאַרנאַכט שטייען די הייזער פון שטאָט, מיט די שבתדיקע ליכטלעך אין אַלע פענצטער, פאַרטראַכטע און צוגעשטילטע. ערגעץ אין אַ ווינקל פאַרגייט רויט־פלאַמענדיק די זון. און דאָ ברוטשקען זיך נאָך דריי פאַר קניעס אין קעסל. בונים־בער איז שוין אַזוי ווי פאַרטיק. טוט ער שוין אָן זיינע פאַרוסינענע גאַטקעס. ער שטייט אויפן מאַוועך פון קעסל און שפּאַרט אונטער מיטן קאָפּ דאָס נידעריקע דעכל.

ער טוט זיך שוין אָן, און די קליינע חברה ווילן נאָך ניט אַרויסגיין. ער האָט שוין אָנגעטאָן דאָס העמד, אַרויפגעשלעפּט די הויזן, די שיך טראָגט ער אין די הענט, און אין שטוב אַריין גייט ער אין די נייע האַלבטיפּע קאַלאָשן אויף די באָרוועסע פיס. און אַז די קליינע ווילן ניט ארויס — טאַ קאָפּ זיי אין קישן... ביז איטשעלע קומט און שרייט אָן מיט אַ פרום עקשנותדיקן פּנים, אַז זיי זאָלן אַרויס אין דער ערד, וואָרעם ער וויל זיך אויך באָדן. אָבער ניט אַלע מאָל העלפט אים דאָס שרייען, און ער קריכט אויך אַ טרוקענער, נאָך מיט די קנייטשן אויפן לייב פון דעם הויזן־פּאַסעק און פון די אַרבל־מאַנקעטן. שטופּט ער פּאַמעלעכן אַ טרו־קענעם פוס אין קעסל אַריין, ווייל פאַרן פרישן לייב איז נאָך דאָס וואַסער צו הייס. און יענע, אין גאַנצן שוין ראַזאָווע און קליין־יינגלדיקע נאַקעטע צוויי פאַרשוינענע ווילן נאָך אַלץ ניט אַרויס. זיי ווילן זיך נאָך ברוטשקען און ווילן אים באַשפּריצן, איטשעלען.

אין קיכפענצטער ביי מאַטעסן שפּיגלען זיך אָפּ פון סטאַלאָווע־טיש זיבן ווייסע ליכטפלעמלעך פון פאַרשיידענער הייך, און שלוימקע שטייט און ציילט זיי שוין דאָס ווייפלטע מאָל. שלוימקע שטייט, ער איז פאַרטראַכט. ער דערוואַרט זיך טאָקע, אַז פון זייער הויף זאָל שעווקע אַרויסגיין דורך דער אונטערשטער האַרבאַרניע־טיר. אָט־אָ גייט זי דורך דער גאַנצער שמאָלער לענג פון דעם טונקלען הייפל. אָן אויסגעבאָדענע גייט זי מיט אייניקע ביסלעך אָנטאָן אונטער דער האַנט, אַזעלכע זאַכן, וואָס זי דאַרף זיי איצט ניט אָנטאָן, נאָר זיי האָבן צו איר אַ שייכות און צו איר לייב. אַ שיינע, אַ ראַזאָווע, שטעלט זי באַרוטע טריט, און אַזוי ווי ס׳גאָך ליכטבענטשן שוין, האָט זי צייט. דערזען שלוימקען, זאָגט זי: „וועסט אַריינקומען נאָכן עסן?" שלוימקע שאָקלט צו מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער בלייבט נאָך אין דרויסן און ער באַמערקט אַליין ניט, ווי סע פאַרדריסט אים, וואָס זי לאָזט זיך צום צווייטן גאַניק און ניט צו זייערן...

## דער לאָמפּ טוקט זיך

אויף דער נאַכט. אין אַלע שטיבער אויפן וויהאָן האָט מען שוין אָפּ־געפּראַוועט די וועטשערע, און די וויהאָנער לייט זענען שוין געשמאַק געשלאָפן. אין דרויסן איז געווען פינצטער. די לופט איז געווען שטי־קנדיק. ס׳האָט געפּאַרעט אויף אַ רעגן. שלוימקע איז געשטאַנען פאַר זייער טיר, אָנטקעגן דעם קליינעם גערטנדל, און געפילט עפּעס אַן אומ־היימלעכקייט. סע טרעפט אָפט, אַז סע סמאָקעט אים פּשוט ביים האַרצן.

שלוימקע איז ניט געוָרן פון די מינוטן. ער ווייסט ניט, וואָס צו טאָן אין אַזעלכע רגעס. סע טרעטן פאַר אים דעמאָלט שאַרפער אַרויס די עוולות, וואָס טוען זיך אָפּ אויף דער גרויסער וועלט. אָט גייט פאַר הונדערט מיילן אַ מלחמה, סע גיסט זיך מענטשלעך בלוט טייכנווייז. פאַר וואָס האָט מען אָפּגעריסן מענטשן פון זייער היים און פון זייער ערד? פאַר וואָס רייצט מען זיי אָן, ווי ווילדע חיות, איינס אויפן צווייטן? ער האָט שוין געפּרוּווט אָפּילו פאַרשרייבן אַזעלכעס אויף פּאַפּיר, ווי אַזוי „דער ווינט טראָגט אין זיין אינגעווייד פאַרקניפּטערהייט לעצטע קרעכצן און געזעגענונגס - אויסגעשרייען, וואָס קריגער פון פאַרשיידענע לענדער האָבן אין זייער לעצטער מינוט, אָפּגעשיקט פאַר זייערע נאָענטע אַהיים, — ווער סע האָט דאָרט אַ יונגע ווייב מיט פּיצלעך קינדער, ווער — אַ חבר, און ווער — אַ מיידל, וואָס קוקט אויף אים אַרויס... דער ווינט אין פעלד כאַפּט אויף דעם דאָזיקן קרעכץ, דעם לעצטן בלישטש פון אויג, דעם גלאַנץ פון די פאַרשטשערעטע ציין און טראָגט עס איבער פעלד און וואַלד, איבער וועג און שטעג. ער קלאַפּט אָן אין די לאָדן און זאָגט אָן די שלעכטע בשורה, און מענטשן, וואָס גייען אויס פון בענקשאַפט און שלאָפן ניט דורך די נעכט, אַז זיי דערהערן, ווי דער ווינט קלאַפּט אין די לאָדן, ווערן זיי אויפגעציטערט. דאָס האַרץ זאָגט זיי, אַז דער ווינט ווייסט עפּעס און אַז ער קלאַפּט, קלאַפּט ער ניט אומזיסט"...

אַ מאָל טרעפט, אַז שלוימקען באַפאַלט אַ שווערע, אומעטיקע מינוט. עס אַרט אים עפּעס פאַר זיך אַליין. ער וואָלט וועלן זיין שטאַרקער, דרייסטער, גרעסער; ער וואָלט וועלן האָבן פליגלען, אַ הויכע שטאַרקע שטים... „אָט־אָ מאַקסים גאָרקי!" — טוט אים בעת מעשה אַ טיאַכקע דאָס האַרץ. די ליד וועגן שטורעם־פויגל האָט ער שוין געהאַט אי גע־לייענט, אי אפילו איבערגעשריבן צו זיך אויף פּאַפּיר.

אַרום איז געוועזן שאַ־שטיל. דער הימל איז געווען אַ פינצטערער. שלוימקע האָט זיך פאַרגעשטעלט ניט אַנדערש, ווי ער איז אין גאַנצן איינער אַליין, ער — און זיינע געדאַנקען.

פלוצעם: אַ קול אַ פּרוויושער, אַזאַ נאָענטער און באַקאַנטער.

— דאָס האָסטו אַזוי צוגעזאָגט אַריינגיין?

שלוימקע האָט אויפגעציטערט פאַר אומגעריכטקייט, און ס'איז אים דורכגעלאָפן אַ וואַרעמקייט איבערן לייב.

— שעווקע? — האָט ער געענטפערט און האָט זיך, ווי אַ בלינדער, אַ דריי געטאָן אין אַלע זייטן, כדי צו כאַפּן פון וואַנען דאָס קול גייט.

שעווקע — אַט ווער ס'איז אים די גאַנצע צייט אָפּגעגאַנגען. און ער האָט גאָר ניט געוווסט. זי ווײנט דאָ איבערן שוועל, אַלע יאָרן מיט אים אונטער איין דאַך, און זיינע געדאַנקען פּאַרטראָגן אים, זוכנדיק זי, ווייסט דער רוח וווהין.

דאָס לעצטע איז דורכגעפלויגן ביי שלוימקען אין מוח מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ.

— וווּ ביסטו ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן ווי אָפּהענטיק. — ס'איז עפּעס אַזוי פינצטער !

— בלינדער ! — האָט ער דערהערט שעווקעס לאַכנדיק קול גאָר נאָענט לעם זיך, — גיב אַ האַנט.

שלוימקע האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו שעווקען. ער און שעווקע, ביידע צוזאַמען אין אַזאַ פינצטערער נאַכט, אַזוי פּלוצעם אומגעריכט.

ער ווייסט, אַז זי האָט ליב צו רעדן מיט אים פון וועלטזאַכן, ביכער, פון זיך אַליין, און דאַן ווערט זי מילד ווי אַ קינד. אַ מאָדנע זאַך : זי גלייבט אים אין אַלץ, קוקט אים גלייך אין די אויגן. זי פאַרגלייבט אים אַלץ, ווי דעם גרעסטן אויטאָריטעט. און ער, אים אַליין, באַגלייט די שרעק און אומזיכערקייט. ער קען זיך ניט באַפרייען פון זיין אָפּהענ־טיקייט.

— שלוימקע, דו האָסט מיט זיך יענץ ביכל, וואָס פאַראַכטאָגן ? קום אין שטוב, וועסטו אַ ביסל לייענען.

זיי זענען ביידע אַוועק אויף די טרעפּ צו שיינעס הויכן גאַניק. זיי זענען דורכגעגאַנגען די פינצטערע קיך. אין דער גרויסער שטוב אויפן פאַרשפּרייטן טיש, לעבן די אויסגעלאָשענע לייכטער, איז געשטאַנען דער פּוסלאָמפּ און געברענט טונקל, ווי ער וואָלט האָלטן ביים אויסגיין. אויף דער קלענערער קאַנאַפּע, אין שאָטן צווישן דער שוואַרצער שאַפּע און בופעטל, איז געשלאָפן פייגל מיט אַ צעוואָרפענער קאָלדערע, און אויף אַ געלעגער פון בענקלעך האָט יחיאל געבעלעבעטשעט פון שלאָף. שעווקע האָט אַרויסגעדרייט דעם לאָמפּ.

— אום שבת ? — האָט שלוימקע צו איר אַ מאַך געטאָן מיטן פינגער.

שעווקע האָט געשמייכלט צופרידן :

— שווייג שוין, כאָטש דו.

— פון וואַנען לייענען ? — האָט שלוימקע אַ פרעג געטאָן.

און שעווקע האָט געענטפערט :

— פון דאָרטן, ווו דאַנקאָ האָט אַרויסגעריסן דאָס אייגן האַרץ זיינס און באַלויכטן די מענטשן דעם וועג.

שלוימקע האָט דאָס אָרט אויך זייער ליב געהאַט. דאָס איז געווען גאַרקיס דערציילונג „די אַלטע איזערגיל״.

דאַנקאָ איזווירקלעך געווען שיין און דרייסט. די מענטשן האָבן אים ניט פאַרשטאַנען. ס׳איז זיי ניט אָנגעשטאַנען זיך מודה זיין אין זייער אייגענער נישטיקייט, שוואַכקייט און איבערגעשראָקנקייט, האָבן זיי דעם גאַנצן כעס געוואָלט אויסלאָזן צו אים. אָבער ער האָט זיך ניט דערשראָקן. ער האָט צעפליקט זיין ברוסט, אַרויסגעריסן זיין צאַפּלדיק האַרץ און אַ געשריי געטאָן מיט אַ קול הילכיקער פונעם דונער: — „קומט!״ — ער האָט טאַקע דערפירט די מענטשן צו זון, צו ריינער לופט און צום שיינעם לעבן. אַליין אָבער האָט ער שוין ניט באַוויזן פון דעם צו געניסן. ער האָט זיי נאָר אַ ווייז געטאָן אויף דעם אַלעמען, עס באַטראַכט מיט אַ פריילעכן בליק און איז גלייך אויפן אָרט געפאַלן און אויסגעגאַנגען.

די אַלטע איזערגיל האָט באַוווּנדערט דעם מענטשן, וואָס האָט צוליב לייטנס וועגן פאַרשרפהט זיין אייגן האַרץ און ביי קיינעם קיין געזעגנס ניט געבעטן.

שעווקע האָט געזאָגט:

— דו ווייסט, שלוימקע, אַז איך האָב נאָך געאַרבעט ביי אברהם־בערן דעם שניידער, האָב איך דאָרטן געהערט וועגן קאַרל מאַרקסן און וועגן נאָך אַנדערע גרויסע מענטשן, וואָס לעבן ניט נאָר צוליב זיך. און וואָס טוען מיר? גאָרניט! איך זע כסדר פאר זיך וואָלטשען דעם גנב, משה־שמואלן, וואָס זויגט דעם מאַרך פון די ביינער ביי די אָרעמע יינגלעך און בויט זיך אויס נייע הייזער, און פיישקען ווייסבורד, וואָס זשעברעוועט גאָלד פון דער מלחמה...

אַז שלוימקע איז אַוועקגעגאַנגען שלאָפן, איז שוין געווען שפּעט. דער לאָמפּ האָט זיך שוין אָנגעהויבן טוקן און געהאַלטן ביים אויסגיין.

בונים־בער האָט געכראָפּעט ביי זיך אין אַלקער אויף־און־אָפּ, אַהין מיט איין קול און צוריק מיט אַן אַנדער. פּלוצעם איז געוואָרן שטיל אויף אַ ווײַלע, און ער האָט אַ רוף געטאָן פונעם שלאָף:

— שעווקע, וואָס טוסטו דאָרטן?

און אַז שעווקע האָט אים געענטפערט, האָט ער געבעטן, זי זאָל אים דערלאַנגען אַ קוואָרט וואַסער, ער וויל אַ טרונק...

שלוימקע איז געשטאַנען לעם זיין געלעגער און זיך נאָך ניט געוואָלט אויסטאָן. איצט האָט ער פאַרשטאַנען עפּעס מער, ווי אין אַן אַנדערש מאָל: אַזוי ווי ס׳איז — איז ניט גוט. נאָר פאַר וואָס זיצן זיי נאָך

אין אַזאַ שטיקעניש? אפשר דערפֿאַר, וואָס זיי בײדע, אי זי, אי ער. שלוימקע, נייטיקן זיך אין עמעצן, וואָס זאָל זיי פֿירן, וואָס זאָל זיי ווייזן אַ וועג? נאָר זיי בײדע, אי זי, אי ער, וועלן זיך ניט זעצן וואַרטן, ביז יענער וועט פֿאַר זיי אַרויסרייסן דאָס האַרץ, וואָס טריפֿט מיט בלוט. פֿאַרקערט, זיי וועלן אויך גיין, זיי וועלן אויך העלפֿן.

## די ראַבטשיקעס

**1**

אין שטאָט שמועסט מען, אַז ווען לוכט דער סטראַזשניק ברענט אויפֿן פֿייער, וואָלט גאָרניט געווען קיין עוולה. פֿאַר דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ דייטש און אַ דאַרער הונט, און ווען ניט ער, וואָלט גאָר דער פּריסטאַוו ניט געווען אַזוי שלעכט. ס׳רעדט זיך דאָ וועגן די ראַבע. דער עולם איז ראַב. מען וויל ניט גיין אויף דער מלחמה. בלויע בילעטן זענען שוין אויך ניט זיכער מיטן לעבן, אַז מען רופֿט שוין דאָס 75־סטע יאָר אין זאַפּאַס. טאָ וועמען זשע איז נאָר גוט? די ווייסע. אָבער די איבער־ריקע, די רויטע און די אַטסראַטשקעס? ווערן בלוי איז ניט פֿון די גרויסע גליקן. מאַכן זיך אַ חסרון און, אַזוי אַרום, ווערן ווייס, לאָזט מען היינט ניט אַרויס אין גאַנצן, סיידן אַן אַ קאָפּ, אָדער אַן הענט און אַן פֿיס. האָט זיך דער עולם מישב געווען, אויך די אייגענע מעשה. רויט און בלוי טויג ניט; ווייס איז אַ זאַך, וואָס היינטיקע יאָרן איז עס ניט צו קריגן; אָמער, ווערט מען גאָר ראַב און רופֿט מיך קנאַקניסל. בין איך ניט קיין שיינער בחור, נו, מילא, דער לעצטער חסרון זאָל עס אונדז בלייבן, אַז מען זאָל עס אויסוואַרפֿן אַ יידן איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אויף יענער וועלט, וואָרעם ווער וועט עס זיין אַ בעלן גיין לייגן דעם קאָפּ פֿאַר אַזאַ כשרער מלוכה. מילא, די וואָס זענען שוין אַוועק, איז שוין פֿאַרפֿאַלן. דעם, וואָס מען כאַפּט און מען וויל אים אַוועקשיקן, איז אויך שפּל, אָבער די איבעריקע זוכן זיך עצות און... מ׳זיצט טאַקע אין דער היים. און עס וואָלט גאָרניט געווען אַזוי שלעכט, ס׳איז דאָך סירביציע, און מע איז יידן (איינער דעם אַנדערן וועט ניט מסרן אין אַזאַ פֿאַל), און סיי ווי איז דאָך „אין בית אשר אין שם מת“, וואָלט מען זיך שוין אַפֿילו פֿאַרשפּאַרט אויסבאַהאַלטן אויך און מען וואָלט זיך אַרויסגעכאַפּט זונטיק אין מאַרק. מען וואָלט אַ האַנדל געטאָן און אַ מאָל, אין אַ נויט אפֿילו צולויפֿן אין דאָרף אַריין אויך. וואָס זשע טוט גאָט? נעמט ער און שיקט אַן אויף דער שטאָט אַ סטראַזשניק, אַ צרה, אַן

אויסרייסעניש, אַ דייטש מיט אַ דאַרער אויסגעקרימטער נאָז — אַ לוכטן.
און וואָס נוצט אייך אַ סך חכמות — ס׳איז פון אים ניט אויסצודערהאַלטן. אַ
ייד קען זיך פון אים ניט אויסבאַהאַלטן. ניט מיט קיין וואָרט, ניט מיט
קיין תנועה, ניט מיט גאָרנישט. ס׳ניט קיין פּראָסטער שלאַק. ווען אַ
פּראָסטער סטראַזשניק קומט אַריין צו אַ ראַבן אין שטוב זיך פרעגן אויף
אים און ער טרעפט, לאָמיר זאָגן, דעם ראַבן אַליין אין שטוב עסן אַ
פרישע קאַרטאָפל מיט אַ ציבעלע, ווייל יענער איז נאָר וואָס געקומען
פון דאַוונען, און דער סטראַזשניק פרעגט, למשל: „וווּ איז דאָ שמערקאַ
ליכטענשטיין?״ איז זיך מישב דער ראַבער, דאָס איז דאָך טאַקע שמערקאַ
ליכטענשטיין אַליין, און ווערט ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן, און זאָגט:
„איר דאַרפט שמערקאַ ליכטענשטיין, דאַרפט איר? גיי נאָר, ביילקע, רוף
אים אַריין. אַז ניט וואַרט צו, אָט וועל איך אים אַליין אַריינרופן.״ און
די יידענע זיינע, די מאַמע, טוט אים אַ זאָג אויף לשון־קודש:

— יהודי בלא, — זאָגט זי, — זאָלסט מיר ניט צעמיאַלען די שטרוי,
זאָלסט פאַרקריכן בעסער אין רפת, אין שחת אַריין;

און ער ענטפערט:

— טוב.

און אַזוי גייט עס אַוועק אַ גאַנג. אַבער גייט מאַכט דאָס אייגענע
מיט אַ דייטש. גייט באַהאַלט פון אים זיך אויס מיט אַ לשון־קודשדיק
וואָרט. מען האָט דאָך אַלע דייטשן אויסגערוימט פון דאַנען נאָך באַלד
ווי ס׳געוואָרן די מלחמה! טאָ פאַר וואָס זשע איז מען פון דעם רשע ניט
פּטור געוואָרן? ווייזט אויס, אַז ער איז געווען טאַקע אַ דייטש נאָר
אַ געשמדטער. בקיצור, יידן האָבן געהאַט פון אים קורצע יאָר, סיי די,
וואָס האָבן אַ ראַבן אין שטוב, און סיי די, וואָס נויטיקן זיך אין פּרנסה,
און מען האַנדלט צו מיט אַ ביסל בראָנפן. גיי, באַהאַלט זיך אויס פון
אַ דייטש, אַז ער ווייסט יעדעס פּיצעלע נאָך בעסער פון אַ יידן!... ביז
גאָט האָט געהאָלפן, ס׳איז אַראָפּגעקומען ראַבאַ־שאַפּקאַ מיט זיין הונט
און מיט זיין בלינדער ווייב. אַזוי, איר זאָלט זען זיין ווייב, וואָלט איר
קיין מאָל אין לעבן ניט געזאָגט, אַז זי איז אַ בלינדע. ביי איר זענען
אָפּענע, ריינע צוויי אויגן. זי איז אַ שטאַלטנע, אַ ריינע, אַן אויסגעפּוצטע
און ציכטיקע פריצטע. נאָר אַ שטאָט דאַרף מען ניט דערציילן קיין מע־
שיות, אויף דערויף איז דאָך עס אַ שטאָט, אַז מען זאָל זיך פון דער
ערשטער שעה דערוויסן, ווי אַזוי ערגעץ עפּעס ס׳ליגט. פון אַ שטאָט
באַהאַלט מען זיך ניט אויס. ס׳זענען ביי איר טאַקע אָפּענע ריינע צוויי
אויגן, טאַקע אַן אויסגעפּוצטע, אַ ווּוּקסיקע פריצטע, נאָר זי זעט ניט

גאַרניט. אַלע טאָג פירט ער זי אַרויס, דער פּריסטאַוו, צו בן־ציונען אויפן גאַניק, וואָס אין גאָרטן אַריין (דאָרט זיצן זיי טאַקע אין דער דירה). פירט ער זי אַרויס מיט אַ בענקעלע, זעצט זי זיך און קוקט אין גאָרטן אַריין, אַזוי ווי זי איז גאַרניט קיין בלינדע. און דער הונט זייערער איז אויך אַ „דיקאַווינע" זאַך — אַ מין גרויס פון אַ הונט! ער קען מיט איין לאַפּע איבערוואַלגערן דעם געזונטסטן מענטשן. ווי קומט אַ קאַלב צו אַזאַ מין הונט. אין סירניצע האָט מען נאָך אַזעלכע הינט ניט געזען.

און ראַבאַ־שאַפּקאַ אַליין איז אויך אַ פּאַרשוין, אַז ס'איז אַ מחיה אויף אים אַ קוק צו טאָן. די מין ברייט זיינע, די גרעב און די שטאַרקייט! איר האָט אים שוין געמעגט זען ווי ער שלאָגט אַ גנבֿ. אַז ער פּאַקט זיך צו אים אין זיינע „ווייכע" הענט, פאַרשפּאַר ער שוין זיך ווינטשן צו לעבן אויף דער וועלט. ס'איז שוין אַ סוף צו זיינע יאָרן. די גנבים אַליין זאָגן, אַז זינט פּריסטאַווס האָבן זיך געפּירט אויף דער וועלט, האָבן זיי נאָך אַזאַ מלאך־המוות ניט געזען. און יידן, פּאַרקערט, ווייסן, אַז דאָס איז ניט קיין פּריסטאַוו, נאָר ס'איז אַ שטיק ישועה אַנגעקומען פאַר דער שטאָט.

מאָטל דער הורטאָווניק, ער איז פון אַלע יאָרן אַן איינגייער ביי די פּריסטאַווס. ס'נאָר, זיי בייט מען אַלע מאָל און ער איז אין שטאָט כסדר. איז אָט דער מאָטל נאָך דעם ערשטן טאָג געפאָרן מיט ראַבאַ־שאַפּקען אין דער קאַרעטע איבער דער גאַנצער שטאָט. מאָטל האָט זיך געוואָלט זעצן לעם דעם אַנטרייבער, זאָגט ראַבאַ־שאַפּקאַ, אַז מען דאַרף ניט: — „צו וואָס? לעם מיר וועסטו זיצן, און אויב די ווילסט, זיץ טאַקע דאָרט. זעץ זיך צו אונדז מיטן פּנים און דאָ וועט די ווייב מיינע זיצן, די פּאַני". — אַזוי האָט טאַקע מאָטל דערנאָך אַליין דערציילט מיט גדלות אין דער אַליקער קלויז. נאָר סיי ווי סיי פאַרשפּאַר ער עס דערציילן, מאָטל. די גאַנצע שטאָט האָט דאָך געזען, ווי דער פּריסטאַוו איז געזעסן מיט דער בלינדער ווייב „פּאַרוטש", און מאָטל הורטאָווניק איז געזעסן ביי זיי אין קאַרעטע, לעבן דעם שמייסער, נאָר צו זיי מיטן פּנים. און דעמאָלט טאַקע האָט דער פּריסטאַוו געזאָגט מאָטלען פּראָסטע דיבורים:

— איך ווייס, — זאָגט ער, — אַז יידן ווילן ניט גיין אויף דער מלחמה. טאָ זאָג זיי, זאָלן זיי זיין רויִק און בעזפּעטשנע. כל־זמן איך בין דאָ באַלעבאָס, וועט ביי קיינעם קיין איין האָר ניט זיין געריִרט!... און אַזוי ווי איך דאַרף אויך לעבן, איך בין אַ מענטש מיט אַ הוצאה, אָט זעסטו דאָך, — און ער טוט אים אַ וויִז מיטן ווונק אויף זיין בלינדער ווייב, — איז אַזוי ווי איך דאַרף אויך לעבן, וועלן זיי מיר אַריינטראָגן

אַזוי גרויס ווי פינף רובל פון אַ קאָפּ יעדן חודש... ווער ס'וועט ניט צאָלן, זאָל מען מיר נאָר דערלאַנגען אַ צעטעלע מיט זייערע נעמען אויף פּאַפּיר. מער דאַרף מען ניט... און די אָרעמע?... — האָט ער צוגעגעבן צום סוף און זיך צוריק אַ כאַפּ געטון: — נו, אַנ'עק! איך ווייס, אַז יידן זענען ניט קיין „זוועראַס". זיי ווייסן, ווי אַזוי אַריינגיין איינער אין דעם אַנדערנס לאַגע: מ'לייגט זיך צונויף צווישן זיך, און מען טראָגט אַריין ס'זאָל אויסקומען צו 5 רובל פון אַ קאָפּ.

— און לוכט? — האָט מאָטל אַ פרעג געטאָן. — וואָס טוט מען מיט אַזאַ פּראַכוואַסט, מיט אַזאַ פּאַרשיוועץ, ווי לוכט? — מאָטל האָט זיך ניט געשעמט און אים געזאָגט גלייך.

אויף דערויף האָט אים ראַבאַ־שאַפּקאַ געענטפערט:

— איך האָב שוין געוואָרפן אויף אים אַן אויג. איך קען אים שוין. ביי מיר, אַז איך וועל נאָר דאַרפן, וועט ער זיין אי בלינד, אי טויב, אי שטום. פאַרשטאַנען?

און ס'ניט אַוועק קיין חודש, ווי קיין סירניצע זענען זיך צונויפגעפאָרן ראַבע פון דער וועלט... ביי איין מאָטל הורטאַוואַניק אַליין זענען געזעסן פינף מענטשן: צוויי שטיפזין זיינע פון זשיטאָמיר, פּיינע, זיידענע יונגעלייטלעך. איינער — אַ פלימעניק זיינער, אַ גרויסער סוחר, אויך פון זשיטאָמיר, און אַ פּאָרל, וואָס האָבן זיך אַנגעגעבן פאַר רוסישע לערערס. פאַרשטייט איר שוין, אַז אין סירניצע איז געווען ווי ארץ־ישראל.

און בינו־לבינו, אַזוי ווי מען קוקט זיך ניט אום צווישן טאָג און נאַכט, האָט בונים־בער אויך אָנגעהויבן ווערן פרײַער בלייך, דערנאָך ראַבלער, ביז ער איז אין אַ גוטער שעה געוואָרן אין גאַנצן ראַב. און ער שיקט אויף אַפּ זיבן מיט אַ האַלבן רובל אַ חודש צו מאָטלען אין שטוב אַריין: 5 פאַר זיך און צוויי מיט אַ האַלבן פאַר די, וואָס קענען ניט צאָלן. בלייבט נאָר זען באַוואָרענען אַ באַהעלטעניש, טאָמער אַן אַבלאַווע, אַ רעוויזיע, וואָס פאַרט אַן פון ערגעץ, אויף דערויף האָט בונים־בער אַ שאַפּע מיט קאָרע און צוויי שותפימלעך (ניט פון מסחר, חלילה, נאָר פון ראַב זיין). איינער הייסט ר' זייוול, דאָס איז דער שוואָגער זיינער, וועלכן ס'איז שוין נמאס געוואָרן זיך אַלע צוויי חדשים מאַכן דעם „פּוס", און איינער ר' אַרל, דאָס איז דוד־לייבעלעס אַ ברודער, אַן אַנגעפּאַרענער. פאַר לייטן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ לערער, נאָר אויפן וויהאַן האָבן אַלע געוווסט, אַפילו די פּוערים, אַז ער איז ראַב, ווי אַלע ראַבע. פאַרקערט, ער איז נאָך מער מיוחס פון אַן אַנדערן, וואָרעם ער איז אַנטלאָפן גלייך פון דער פּאַזיציע. און זינט ראַבאַ־שאַפּקאַ איז קיסר

באַהאַלט ער זיך דאָ אויסביים ברודער אויף קעסט.

בקיצור, ר׳ בונים־בער און ר׳ זייוול מיט ר׳ אַרלען האָבן זיך אַזוי שיין ווי געגומען און אויסגעבויערט אַ לאָך אין שאַפּע אין דער קאַרע און זי אויסגעשפּרייט מיט די שענסטע און איידלסטע „פּוכן״ און מלבושים. אונטן האָט מען אַנגעלייגט אַ סך וואָל פון שאַפּענע פעל. פון אויבן אויף דער וואָל האָבן זיי אַנגעלייגט רעדנעם, אַלטע קילימעס און אַלטע פאַלטעס מיט לייבפּוטערס, ווער וואָס ס׳האָט מער געקענט אַוועקשלעפּן ביי זיך אין שטוב, אַז די ווייבער זאָלן ניט דערזען און ניט מאַכן קיין ליאַרעם. און זיי האָבן זיך אויסגעבעט דאָרט אַ געלעגער פאַר דרייען, אַז דער קיסר אַליין וואָלט זיך מעגן פאַרגינען אַזאַ בעט, נאָר אַ קרענק האָט ער דעם שכל, וואָס אַ פּשוטער הארבאַר מיט פּשוטע סאָלדאַטן האָבן. און ווען איך נעם אייך, למשל, פאַר אַ האַנט און פיר אייך אַריין אַהער אין שאַפּע בשעת די דריי חסידימלעך כראָפּען שוין, וואָלט איר בשום אופן אין דער וועלט, אַפילו איר זאָלט זיין מיט צען קעפּ, וואָלט איר זיך ניט אַנגעשטויסן, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, אַז דאָ האָבן זיך מענטשן אָפּגעמאַכט אַ דירה; — אָט האָט איר: באַלד ווי מען גייט אַריין אין שאַפּע, שטייט דאָס פערד לעם זיין זאַסיק און כראַמקעט האָבער, אַ גרויס פערד און אַ סך האָבער. רעכטס איז די ראָד מיטן סטאַמפּ און אַ זאַסיק געקלאַפּטן דוב. מיידט איר אויס די גאַנצע מאַשינעריע און קומט שוין גאָר רעכטס, שטייט אַ גרויסער סטאָס מיט קאַרע, נו, איז וואָס, אַז אַ סטאָס? ביי יעדן אַנשטענדיקן הארבאַר אין שאַפּע טרעפט איר אַזעלכעס. קענסט זיך גיין אַרום סטויג פון אַלע זייטן, שמעק אים און לעק אים. אָט שטייט אַ לייטער — קענסטו אַפילו אַרויפ־קריכן אַרויף, אַזוי ווי אויף אַ דאָך, טופּע וויפל דו ווילסט, טאַנץ, קוק — ס׳וועט דיר גאַרניט העלפן! דער סטויג איז גאַנץ און גלאַט, ס׳שלאָגט נאָר אָפּ מיט אַ הארבקייט פון קאַרעשטויב און פון טרוקענע פערע־וויסלעס, מיט וועלכע יעדער גאַרב איז איבערגעבונדן און ס׳רייסט צום ניסן. פיר איך אייך אָבער צו צו יענעםווינקל, וואָס איך ווייס, פּונקט אַנטקעגן סטאַמפּ און שלעפּ אַרויס פון פאַרנט אַ טוץ בינטלעך קאַרע... איך ווייס שוין, אַז די קאַרע שלעפּט זיך גרינגער, זי איז ניט שטאַרק איינגעפּרעסט אַזוי ווי דער גאַנצער סטויג, אָבער איר ווייסט נאָך גאָר־ניט! נו, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע שנאָפּעס קאַרע!? שלעפּ איך אָבער פונעם אַנדערן פאַק אויך אַרויס עטלעכע בינטלעך קאַרע, און איר דער־זעט אַ פינצטערן חלל. און אַז איר קוקט זיך צו גוט, דערזעט איר דריי פאָר אויגן בלישטשען פון דאָרטן, ווי ביי אַ סאָווע אין קובלאָ...

און לוכט, כאָטש ער איז טאָקע געבליבן טויב און בלינד און שטום, ווי ראַבאַ־שאַפּקאַ האָט אויף אים נביאות געזאָגט, און דערנאָך איז ער אפילו אין גאַנצן ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן, פונדעסטוועגן וועט ניט שאָטן דערציילן פון איטשעלען, ווי אַזוי ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פון לוכטן און פון בוגים־בערן, ווי אַזוי ער האָט זיך אָנגעמוטשעט אַ פּאָר מעת־לעת נאָר פון דעם איינעם געדאַנק, אַז טאָמער זוכט אים לוכט.

2

איטשעלע, אויב איר געדענקט, וואָס איז שוין אַט־אַט אַ יאָר נאָך דער בר־מצווה, איז איבערגעגאַנגען כמעט אַלע מדורי־גיהנום, ווי לייבושל (ווען יענער איז געווען אין זיינע יאָרן), אויך מיט פּעטשאַטקעס פון קיזלשטיין, מיט קנישעס און מיט פרומע תנועות, מיט רעדלעך פון טאַטנס זייגערס, וועלכע ער האָט, פּונקט ווי לייבוש, כסדר געגנבעט אויפן בוידעם און שטילערהייט געפּאַקעוועט צו זיך אין דעם הילצערנעם קעסטעלע אַריין מיט די רימענע פאַר זאַוויסקעס. נאָר צו אַלע מעשיות האָט ער נאָך ליב געהאַט זיך פאַרטראַכטן, און ער האָט זיך זייער אָפּגעגעבן מיט איין מלאכה, וועלכע לייבושל האָט ניט אין זינען געהאַט — ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין שניידן בעזעמער. וועגן דעם וויהאָן האָט ער ניט אַנדערש געקלערט, ווי אַז ער איז אין גאַנצן זיינער... און אַז ער וועט אַ מאָל ווערן קיסר וועט ער נעמען זיין ברודער אין געפּענגעניש, די קינדער זיינע וועט ער צעהרגענען, און דעם ברודערס ווייב, אויב זי וועט נאָך דעמאָלט זיין אַ שיינע, וועט ער זי צונעמען פאַר אַ קעפּסווייב. נאָר גוט וועט ער צו איר קיין מאָל ניט זיין פאַר די קנישעס, וואָס זי רייסט ביי אים פון מויל און פאַר דערפאַר, וואָס זי לאַכט פון אים שטענדיק איטלעכן אין די אויגן.

בעזעמער האָט ער ליב צו שניידן אַלע פרייטיק, ווייל דאָרט צווישן די ביימעלעך איז אַ מחיה זיך פאַרקלערן און אויספּלאָנטעווען, ווי אַזוי ער וועט זיך אַ מאָל פירן, אַז ער וועט ווערן אַ גרויסער, און מען וועט אים טאָקע אויסקלייבן פאַר אַ מלך אָדער אַזוי פאַר אַן עלטסטן. און אַז אַ שייגעצל וויל אים דעמאָלט אַ שרעק טאָן, אַזוי ווי אַ שייגעצל האָט ליב, טוט זיך דערנאָך סכנת־נפשות: איטשעלע גלאָצט אויס אַ פּאָר אויגן און לאָזט זיך אויף יענעם מיטן מעסער, מיט וועלכן ער שניידט די בעזעמער. דער שייגעצל, אַז ער ראַטעוועט זיך אַרויס מיטן לעבן איז ער, פאַרשטייט זיך, אַ גליקלעכער. אָבער איטשעלע איז נאָך אַלץ אין כעס און די בעזעמער שניידט ער שוין מיט מערער אויפגערודערטקייט. די

אויגן זענען נאָך ביי אים אַלץ ברייט צעעפנט: ס׳טייטש, אויף „זיין״ וויהאָן! און ווערליק ער קלייבט זיך אַ מאָל ווערן ווייס איך ווער. זאָל אַ פאַרשיוועד שייגעצל אים וועלן שרעקן? זאָל ער זיך נאָך דערוועגן נאָך אַ מאָל ווייזן אַהער, וועט זיין לעבן קיין לעבן ניט זיין...

איין מאָל תשעה־באב איז איטשעלע אַוועק נאָך בעזעמער און, אין איין וועגס, טאָמער וועט זיך מאַכן ניסלעך אַנרייסן, האָט ער מיטגענומען אַ לייוונטענע טאָרבע אויפן האַלדז. אויפן וועג האָט זיך אים דאָס האַרץ צעוואָרעמט פאַר וואָס אַ שטאָט מיט יידן האָט עס אַזוי פיל אויסצושטיין פון אַזאַ המן האגגי, פון אַזאַ רשע, פון אַזאַ צורר היהודים, פון אַזאַ לוכטן. איז הייסט עס, איטשעלע, ווען ס׳קומט אויף אים, איז ער גרייט, אויב ער וועט באַגעגענען לוכטן, זאָל ער זיך מיט כעס און מיט גרימצאָרן אויף אים אַרויפוואָרפן, אַראָפּשלעפּן דעם רשע פון זיין ברוינער שקאַפּע מיט די ווייסע פלעקן (וואָס זי איז אויך אַזאַ משוגענע, ווי ער, און ניט איין מאָל שטעלט זי זיך אויף די דיבעס אין מיטן מאַרק, ווו אַלע זעען, און זי וויל אים ניט פירן, איר געראָטענעם לוכטן). אַזוי וואָלט ער אים אַראָפּשלעפּן פון זיין דולן פערד און אים אַריינזעצן זיין מעסערל פון די בעזעמער אין האַרצן אַריין ביזן קלעצל. און וויפל לוכט וועט זיך ביי אים ניט בעטן: „דו, יודע, דו, וואָס האָסטו צו מיר? האָב רחמנות אויף מיינע קליינע קינדער און לאָז מיך לעבן״ — וועט אים גאָר ניט העלפן, ער וועט אים זאָגן: — „דאָס האָסטו דיר און דאָס קומט דיר פאַר דיין זיך נוקם זיין אין מיינע ברידער״. און דער רשע לוכט וועט זיך באָדן אין זיין אייגענעם בלוט, און דאָס פערד וועט אויף אים קוקן אַ צוגעבונדענער צום בוים מיט זיין פאַרסקאַלעט אויג, און ער, לוכט, וועט זיך טאָן וויקלען אין ווייטיקן ווי אַ שלאַנג...

דערווייל האָט איטשעלע שוין אַרויסגעלאָזן די בעזעמער פון געדאַנק און די ניס און דעם תענית. און אַזוי איז ער זיך אַוועק מיט די באַקעיעוושטשינער ריוועס און ער האָט שוין געהאַט אַ נייעם געדאַנק: נו, גוט, וועט ער שוין, הייסט עס, הרגענען דעם רשע לוכטן. אָבער טאָמער ברענגט מען אַ הונט פון די גרויסע שטעט, און דער הונט לויפט און שמעקט, און שמעקט אַזוי לאַנג, ביז ער באַקומט זיך צו אים, צו איטשעלען אין דער האַרבאַרניע. און אפילו ווען ער זאָל ליגן אויפן בוידעם, וועט ער אים דאָך פון בוידעם אויך אַראָפּשלעפּן, דער שמעקהונט. און אויב אַזוי, דאַרף מען דאָך צו דעם אויך אַן עצה. וועט ער שוין טאָן אַזוי: ער וועט לוכטן פאַרשלעפּן אין יאַר אַריין, צעלייגן אַ גרויסן פייער און מאַכן אַזוי, אַז עס זאָל פון אים גאָרנישט ניט בלייבן. און

ווייט אויפֿן פֿעלד, אַז ס׳ברענען זיך צווייגן און בלעטער, איז עס גאָרניט קיין סכּנה, קיינער פֿון די דאָרפֿסלייט וועט זיך אויף דעם ניט אומקוקן, און פֿון די יידן — אוודאי ניט. וועט ביי אים אַזוי ברענען דער שייטער אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ביז ס׳וועלן צעברענט ווערן דער שינעל מיטן העמד, דערנאָך די שטיוול, מיט די האָר, מיטן לייב, און דערנאָך וועלן די ביינער אויך צעפּאָפּעליעט ווערן, און ס׳וועט פֿון זיי בלייבן נאָר ווייסער אַש. די שאַשקע וועט ער ניט פֿאַרברענען. ער וועט זי באַגראָבן טיף אין דער ערד, ווייל מיט איר וועט ער אַרויס־פֿאָרן אַנטקעגן גוג ומגוגן מלחמה האַלטן פֿאַר משיחן, און דאָ, וועט, הייסט עס, בלייבן א בערגעלע מיט אַש, וועלכעס וועט נאָך טליען און טליען און קיין לעבעדיקער נפֿש וועט פֿון דעם ניט וויסן...

איטשעלע איז שוין פֿאַרקראָכן ווייט־ווייט, ער איז שוין ניט ווייט פֿון די לעווקאָוויטשער כוטאָרס. און ער זעט ניט, ווי ער גייט מיט דעם טאָרבעלע פֿון די ניס אויף די אַקסלען און מיטן מעסער אין האַנט אַלץ טיפֿער און טיפֿער אין וואַלד.

אין קורצן גערעדט, פּונקט ווי אין אַ מעשה, וואָס מען לייענט אויס אין די מעשה־ביכלעך, אַזוי האָט איטשעלע געוואָגלט אין זיין פֿאַרבלאָנ־דזשעניש דריי טעג מיט דריי נעכט. אין דער היים האָט מען ניט געוווּסט שוין וואָס צו קלערן: ניטאָ איטשעלע! אַוועק אַ יינגל תשעה־באב נאָך בעזעמער און פֿאַרפֿאַלן געוואָרן! מען האָט שוין געשיקט אַ פּויער אים זוכן, און יענער איז געקומען מיט גאָרניט. אויפֿן דריטן טאָג צו נאַכט צו האָט ער זיך אַליין אָראָפּגעוויזן, אַ הונגעריקער, אַן אויסגעדאַרטער, אַן אָפּגעריסענער, מיט צעבלוטיקטע, צעשוואָלענע פֿיס — קוים אַ לעבע־דיקער. גאַנץ סירניצע איז אומגעלאָפֿן אַ קוק טאָן אויף איטשעלען, שיינע דער האַרבאַרקעס יינגל. „פֿאַרפֿאַלן געוואָרן דער קליינער יינגל שיינעס״ !— „ניטאָ נאָך דער קלענערער יינגל שיינעס ?״ — „ס׳האָט זיך שוין אָפּגעזוכט דער יינגל שיינעס״... אַזעלכע רייד זענען אומגעגאַנגען איבער סירניצע דריי טעג כּסדר.

— איטשעלע, ווו ביסטו עס געווען ?

— קוקט, אַן־אַ זיצט ער דאָך !

און קיינעם אין דער וועלט האָט איטשעלע ניט געוואָלט אויסזאָגן, ווו ער איז אויף דער צייט אהינגעקומען, ווו און פֿאַר וואָס און איבער וועלכעס. שעווע איז שוין, דוכט זיך, ווי אַזוי געשיקט אויף אויסטאָפּן רייד, האָט זי ביי אים אויך גאָר ניט אַרויסגענומען. און נאָך דערנאָך, אַז ער פֿלעגט באַגעגענען אין גאַס לוכטן, פֿלעגט ער זיך מורא האָבן

און קלערן וועגן אַ תירוץ, וואָס ער וועט אים ענטפערן, אויב ער וועט אים אָפּשטעלן און עפּעס פרעגן. ס׳פלעגט זיך אים אַפּרייסן אין הארצן, און ער, מער פון איטלעכן, האָט געוואָרט אויף אַ נס און האָט געזוכט אין זיין טאַטנס אַ ספרל אַזעלכע קללות, ער זאָל קענען לוכטן, אַזוי פון דער זייט, פאַרשעלטן אונטער די אויגן און פטור ווערן.

3

אנדערש איז עס פאַרגעקומען מיט בונים־בערן:

ווינטער. פרייטיק איז עס געווען. בונים־בער איז געזעסן ביי פּייסיען און זיך עפּעס געחשבונט. פּלוצעם איז די אַלטע אריינגעלאָפן צו פּייסיען, אים אַ זוך געטון מיט די אויגן און אים איינגערוימט אויפן אויער, אַז לוכט איז ביי זיי געווען, האָט עפּעס געשמעקט און געשמעקט און ניט געזאָגט וואָס. ביי בונים־בערן האָבן זיך אויף אַ רגע אַ מינע געטאָן די אויגן און זיי זענען געוואָרן אין דער רגע אין גאַנצן געראָטן אין זיין מאַמעס אויגן.

— נו, — האָט פּייסיע זיך אַ בויג געטאָן מיט זיין גאַנצער לענג אויף אַ זייטעלע און האָט גביריש, ווילטעטעריש און גאָר גוטפריינדלעך אַ כאַמכעלע געטאָן מיטן שמאָלן אויפגעצויגענעם שטערן: — נו, טאָ וואָס איז דאָ די זאַך? קום אריין אין אַלקער און זיץ איבער די פּאָר שעה.

— ניין, ס׳טויג ניט, — זאָגט די אַלטע. — ער וועט אָנשמעקן. וואָס איז? דער קאָפּ איז אים אַראָפּ? ער ווייסט ניט, אַז מען האָט אַהער אַן איינגאַנג. ס׳איז דאָך אַזאַ הונט, אַזאַ רשע, וואָס די וועלט האָט עס ניט געזען!!! הערסטו, בונים־בער, כאַפּ זיך אַראָפּ דורכן הויף אויפן קלויזגאָרטן, און פון דאָרטן איבערן שליאַך צו משהן דער האַנ־טשאַרקעס. דאָרט איז ביי אַ זייט־אויס און אַ ביסל זאַטישנער. הערסטו? און מירן דיר שפּעטער אַ ידיעה געבן מיט אַ קינד...

און בונים־בער האָט זיך געלאָזט איינרעדן און איז אַריבערגעלאָפן צו משהן דער האַנטשאַרקעס, אויך אַ הארבאַרל אַ קלענער, וואָס פריער האָט ער אַלע יאָרן געאַרבעט ביי יענעם, איצט האָט ער שוין פון אַ יאָר פינף אַליין אַ האַרבאַרניעלע, ניט ווייט פון דער ציגעלניע. דאָרט האָט בונים־בער גערעדט אַ דערשראָקענער פון נייס, פון זיינע שותּפים, און צי ס׳לוינט היינט פירן סחורה אויף יארידן, אַז מען קען זי דאָ בעסער פאַרצוקערן.

צו פּאַר נאַכט צו איז משהס אַ יינגל מיט קורצע הייזלעך און מיט שיך אויף די באָרוועסע פיס אַריינגעלאָפן: אויף די שיפּץ נעז פון די

ווייסע פאַרשטויבטע שיך האָט ער זיך אַ ציִ געטאָן צום פאָטער אויף אים זאָגן אַ סוד אין אויער, אַז לוכט איז ערשט געווען און געשמעקט אין שטאָל...

אפשר איז עס געווען אָן אויפטו פון דער מוטער, אַז דאָס יינגעלע זאָל אַזעלכעס איינרוימען דעם טאַטן. זי וויל אפשר ניט ליידן איצט קיין פרעמדע צרות. זי וויל אויף זיך ניט קיין נאָפּאַסט, און זי האָט עפּעס אַריינגעזאָגט דעם יינגעלע, ער זאָל עס אָפּטראָגן...

— און ווו איז ער איצטער, לוכט ?

— ער איז געגאַנגען אַזוי ווי צום ציגלמאַכער, נאָר ער איז פאַרגאַנגען, איצט איז ער אַוועק ווייטער.

— איז שוין דאָ, הייסט עס, אויך ניט קיין באַהעלטעניש ?... — האָט בונים־בער אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך אַליין.

— טאַ, ווייסטו וואָס ? — זאָגט אים גאָלדע דער האַנטשאַרקעס שנור, — ס׳איז דאָך שוין באַלד נאַכט. טאָ זיי שוין איבער די שעה דאָ און נאָך ליכטבענטשן, אַז די יידן וועלן גיין פון שול, וועסטו זיך מיט זיי אויסמישן און דו וועסט זיך מיט זיי ערגעץ אַנדערש אַריבער־כאַפּן, אַבי דער שלאַנג זאָל ניט אָנשמעקן.

בונים־בער האָט געפאָלגט און האָט שוין געשאַפן פלענער, צו וועמען, הייסט עס, פאַלט מען אַריין אויף שבת. ווייטער האָט ער נאָך געוואָלט זיך אַלע רגע דערוויסן, צי מענטשן גייען שוין פון שול, ווער ער זיך טאַקע צווישן יידן אומבאַמערקט אַריבערכאַפּן. און ווען ביי גאָלדען האָבן אין די פענצטערלעך, אויסגעברענט די שבתדיקע ליכטלעך ביז האַלב, האָט מען אים אַ ידיעה געגעבן, אַז מען גייט שוין, מען גייט שוין פון שול. און ער איז אַריבער איבערן שליאַך און צוריק דורכן קלויזגאָרטן גלייך צו יחיאלן בנימין־לייבס אין שטוב אַריין. ס׳איז דווקא אַ פראָנט־שטוב, נאָר ווייל ס׳איז אין פראָנט וועט זיך אפשר דער פאַרשיווער לוכט ניט אָנשטויסן, און ווייטער זענען עס אַלטע אַליקער חסידים, קצבים אַליין, און אַז מען וועט דאַרפן וועט ער איבערזיצן אויפן בוידעם־שטיבל, ווו אַ קיילעכדיק יאַר טריקענען זיך דאָרטן פעל פון זייערע אייגענע זוויכעס (בונים־בער איז שוין דאָרט ניט איין מאָל אומגעקראָכן, געטאַפּט די פעל אויף די באַנטינעס און געמאַכט מסחר).

ביי יחיאלן איז געווען אַ פולע אָנגעשטאָפּטע שטוב מיט שבת. די סטעליע איז אפילו אַ נידעריקע, די פענצטער אויך ניט קיין הויכע, און נאָר די אַלטע מרים איז געזעסן אויפן באַנק־בעטל אַנטקעגן די ליכט אין איר רויטן אויסגענייטן פאַרטעך. איבערן גאַנצן שטוב איז געווען

אַ שטילקייט אויסגעגאָסן. יחיאל האָט געברומט אין דעם הויכן קאָטי־קענעם היטל. אַליין אַ הויכער, און פון די הויכע אַלטע ברעמען האָט ער געברומט עפּעס צו די מלאכי־השרת. דאָס שטיבל איז געווען פול מיט ברומען. די אייניקלעך זענען געווען געפּלעפט פון דעם זיידנס בייזער ברעם, מיט וועלכער זיי זענען שוין אפילו געווען געוווינט, אָבער כבוד איז דאָ געווען אַ מוזזאַך. זיצן זיי, ווי די סטאַטקעס און שווייגן. דער אורח איז דאָ געווען אַן אָנגעלייגטער, האָט מען צוגעמאַכט פאַר פּרי די לאָדן און מען האָט געמאַכט קידוש: פריער דער אַלטער, דערנאָך דעם אַלטנס זון מיטן בלינדן אויג, אויך אַזאַ הויכער און פונקט אַזאַ שפּיציקע באָרד ווי ביים פאָטער, נאָר אַ ביסל אַ יינגערע. דערנאָך האָט דער אורח געמאַכט קידוש, דערנאָך — די אייניקלעך. און אַזוי ווי אַליין איז מען קצבים און אַליקער חסידים דערצו, שמעקן די בענק כסדר מיט רויען פלייש, און די מאכלים זענען פעטע. יחיאל אַליין רעדט ביים טיש ווינציק, רעדן די איבעריקע אין גאַנצן ניט...

...שיינע איז געלאָפן דעם פרייטיק צו נאַכטס צו משהן דער האַנ־טשאַרקעס. דאָרט האָט מען איר געזאָגט, אַז בונים־בער איז שוין געווים ביי יחיאלן בנימין־לייבס. אַ יינגעלע זייערס איז אים נאָכגעגאַנגען, ביז ער איז פאַרגאַנגען און איז אַריבער די שוועל בשלום.

אויב אַזוי, האָט שוין שיינע אָפּגעלייגט עס אויף מאָרגן. און אַזוי ווי צו יחיאלן פאַסט ניט אומלויפן אין מיטן העלן טאָג, אַז דער הונט זאָל ניט אָנשמעקן, איז מען אומגעלאָפן צום ברודער, צו לייבטשיקן דעם בעקערס, און ציפּקע, לייבטשיקס מיטלסטע מיידל, איז שוין געווען די פּאַטשט.

אויפן וויהאָן אין שטוב איז שוין דער שבת געווען ניט אַזוי טשאַ־קנדיק. פאָרט ניטאָ דער גלאָוונער מאַנסביל, און דער אויבנאָן פּוס־טעוועט. נאָר שעווע האָט דערוויל געהאָט אַן אַרבעט לערנען די קליינע חברה, אַז מען וועט זיי פרעגן אויפן טאַטן, זאָלן זיי זאָגן „מיר ווייסן ניט״.

— ווי אַזוי וועסטו זאָגן? — פרעגט שעווע שמיליקלען, — ווי אַזוי וועסטו זאָגן, אַז מען וועט דיך פרעגן: — ווו איז דער טאַטע?

— איך וועל זאָגן, איך ווייס, איך ווייס! — האָט שמיליקל געענט־פערט, נאָכקרימענדיק זיך מיט פרייד...

און אַ גאַנצן שבת האָט זיך בונים־בער טאַקע אויפגעהאַלטן ביי יחיאלס בלינדן זון אין די שטיבלעך, וואָס איבער דער יאַטקע. פאַר נאַכט צו איז געקומען יחיאלס אייניקל און דערציילט, אַז לוכט האָט אים אָפּגערופן אין אַ זייט און האָט אים אין מיטן שבת געפרעגט עפּעס אויף

כשר פלייש און אויף טריפהס. מן הסתם איז עס ניט אומזיסט. בונים־בער איז געוואָרן אין כעס. ס'איז אים דערעסן געוואָרן דאָס דרייען זיך „קאַמער־קאַמער־טיר". און ער האָט באַשלאָסן, אַז וואָס סע וועט ניט זיין, וועט זיין: ער וועט זיך לאָזן אַהיים, און דאָרטן, אַבי ער'ט זיך נאָר אַריינכאַפּן אין דער קאָרע אַריין, האָט ער לוכטן אין דער ערד.

און אזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

**4**

אַ שטערנדיקע נאַכט איז געווען אין דרויסן. דער פראָסט איז אַ שטאַרקער און אַ פריילעכער, די שכנישע שייערן האָבן אויסגעבאַהאַלטן אין זיך זייער שטרויענע וואַרעמקייט און ווינטערדיקע זעט. אפשר זענען זיי אין איין וועגס אויך צופרידן, וואָס די האָרמאָטן קלאַפּן ערגעץ כ'ווייס וו, און ניט דאָ. דערווייל איז שוין דאָס דריטע יאָר, אַז מע שלאָגט זיך.

נאָך ביין אַ זייגער, אַז די מענטשן האָבן געוואָרפן די אַרבעט, איז שוין אין האַרבאַרגיע געווען פינצטער און שטיל, אַז אפילו קיין מויז טוט ניט קיין שקראָבע, ווייל מען זאָגט, אַז מייז האָבן ניט ליב קיין דזשעגעכץ. נאָר אויף די טאַפּליעס ראַנגלען זיך די פראָסטיקע קווייטן מיט דער היץ פון דער אָנגעהייצטער הרובע אין דעם טרוקענעם ווערקשטאָט. איין פּאָסיקל שיין פאַלט אַריין אין טרוקענעם ווערקשטאָט דורך אַ שפּאָרונגע אין וואַנט פון מאַטעסעס האַרבאַרגיע. ביי מאַטעסן ברענט נאָך איין לעמפּעלע. דאָס טריקנט מאַטעס אַליין אַ ביסל רימען. ער זשאַלעוועט די אָנגעהייצטע קאַכל זאָל אַזוי פאַרפאַלן ווערן. און ווייטער גרייט ער צו אויף מאָרגן די מענטשן פּאַסיעס*) צום צווייטן מאָל איבערגלעטן.

די אַלטע איז נאָך גאָרניט אַזוי אַלט ווי מען מאַכט עס אָפּ. אַז ס'איז אַ פראָסט, לויפט זי סיי ווי מיט אירע מייטקעס, און די שכנות זאָגן אויף איר, אַז ס'איז גאָר אויף איר קיין עלטער ניטאָ. זי לויפט דאָך נאָך אַזוי ווי אַ מיידעלע פון 16 יאָר. און איצט, אַז ס'איז אויף דער נאַכט, זעט מאָדנע אויס איר ווייסע פּאַטשיילע אויפן פראָסטיקן דרויסן. נאָר זי לויפט שוין צוריק אין שטוב אַריין. דאָס האָט זי אַריינגעכאַפּט אַ קעסעלע וואַסער פונעם אָנגעפרוירענעם און שלאָפנדיקן ברונעם, אַ פריש קעסעלע וואַסער, אויף שטעלן דעם סאַמאָוואַר פאַר די חברה: איידער זיי גייען אין לאָך אַריין שלאָפן, פּויעט מען זיך אָן אַ ביסל מיט טיי, איז דאָרט פאַרט וויפל ס'ניט איז וואַרעמער צו שלאָפן. ס'שטייען דאָך אַזעלכע

---

*) פּאַסיעס — אַ לעדער-פּאַס, וואָס גייט אויף פּאַדעשוועס.

פרעסט, שוין אפשר אַ חודש, אַז זיי גייען אַלע נאַכט אהין שלאָפן. ס׳איז עפּעס ניט שטיל אין שטאָט. פרעמדע שדים קומען אַן אַלע מאָל, און מען האָט שוין אַזוי ווי אומגערן איבערגעכאַפּט עטלעכע יידן.

ארל דוד־לייבעלעס, אַ סאָלדאַט, אַן אַנטלאָפענער פון דער מלחמה, חכמהט זיך מיט שעווקען. ער איז דוד־לייבעלעס אַ ברודער, ער האָט ליב חכמות. און יחיאל האָט אַ טעשל קליינע קערטעלעך נאָך פון חנוכה. בעט ער, טשעפּעט זיך צו אַרלען, אַז יענער זאָל מיט אים שפּילן אין „דוראַק״.

— נו, גוט, — כאַפּט זיך אַרל אַרויס מיט זיין קורצן געציינגלטן לשון — דורלאַק זאָל זיין דורלאַק! ווּפראַטשעם טוואָי אַטעץ סאַם דוראַק, נו, גיב אַהער!

יחיאל האָט זיך אַזוי דערפרייט, אַז פייגל אפילו, וועלכע זיצט ביים גרויסן טיש און שרייבט פון אַ פּאַפּיר דער לערערקע דעם אוראַק, האָט שוין אויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געוואָלט מקנא זיין.

— וואָס האָסטו אַרויסגעשטעקט די צונג, וואָס האָסטו? — האָט אויף איר שעווקע אַ טופּע געטאָן — איר האָט שוין געזען אַ מאָל, אַ מיידל זאָל כסדר שרייבן מיט דער צונג? — און זי לאַכט.

אָבער יחיאל רייסט שוין ווייטער אַרלען די זייטן. ער כניקעט, למאי האָט ער אים אָפּגענאַרט. אָט וועט ער איבערטאָשעווען נאָך אַ מאָל די קערטעלעך, אַרל זאָל אַליין זען און זאָלן זיי שפּילן שוין אויף דער אמת.

— נו, דאַוואַי! אויף דער אמת, טאָ זאָל שוין זיין אויף דער אמת, כאַפּט דיך דער גוטער יאָר מיט דיין מאַמען אין איינעם, איאָ? — פרעגט ער שייליקן, אַ בחור פון 4 יאָר, וועלכן ער האַלט בעת מעשה אויף די הענט.

און שייליק פרעגט אים איבער:

— וואָס, איאָ? אַלעלע, אַלעלע, — רייסט ער אים פאַר דער נאָז, ביי אים אויף די הענט זיצנדיק, — אַלעלע, וואָס איאָ, וואָס?

און שעווקע שטעלט זיך שוין איין.

— משומד איינער! איר וועט זיך ניט אויפהערן רייצן מיט די קינדער? שפּילט, כלבויניק! היינט איז אייער צייט, זיי וועלן ווערן גרויסע, וועט איר דאַרפן האָבן אַ זכיה, זיי זאָלן מיט אייך אפילו וועלן אויסרעדן אַ וואָרט!

— פּססס... איך שטעל זיך פאַר די גרויסע לייט, וואָס וועלן אַרויסקומען פון אַזאַ פּאַר ווי פון בונים־בערן מיט שעווען אין איינעם.

— ס׳שטייט אייך ניט אָן, אַרעלע? ווּעמען ס׳אַרט, דעם זאָל פאַר־

גייִן אין בויד. איאַ, אַרעלע? — און זי האָט אים דערווײַל קונציק אַנגעכאַפּט פֿאַר אַן אויער, ווײַל ער האָט זיך ניט געלאָזן.

— איר זעט, בונים־בער, — שטייט ער שוין מיט אַ נאָכגעלאָזענעם קאָפּ נאָך שעוועס האַנט און אַלע מאָל פֿאַרשטעלט ער די באַק מיט איין האַנט, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים וועלן אַ שנעל טאָן אָדער וואָס. — איר זעט, בונים־בער? — ראַנגלט ער זיך, — איר זאָלט דערנאָך צו מיר ניט האָבן קיין טענות און ניט זאָגן, אַז איך פּטר אייך אייער ווײַב. קוקט, יידן, זײַט עדות, ווער ס'טשעפּעט זיך צו וועמען: איך צו איר, צי זי צו מיר? — און ער האָט זיך קוים באַפֿרײַט פֿון אירע הענט.

נאָר בונים־בער קלײַבט זיך ניט אַרײַנמישן. ער כאַפּט שוין אַ דרימל אויפֿן קולעק, און ער וואָלט גאָר ניט געהאַט קעגן מ'זאָל היינ־טיקע נאַכט בכלל איבערנעכטיקן אין שטוב. זײַוול כראָפּעט שוין אויך אויף דער קאַנאַפּע ווי אַ געהרגעטער. נאָר איין אָרל חכמהט זיך ווײַטער:

— איך וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון איבערנעכטיקן די נאַכט אין שטוב. איך וואָלט זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט, — גיט ער צו פֿאַרשטיין מיט אַ ווונק, — נאָך פֿון עפּעס. נאָר מילא, ראַז, — זאָגט ער, — סאָבסטווענאָסט איז הייליק, טאָ כאַפּט אייך דער רוח...

אָבער ביי די ווײַבער קען מען ניט פּועלן, אַפֿילו איין נאַכט אי־בערשלאָפֿן אין שטוב. די אַלטע האָט דערלאַנגט צום טיש אַ טאָפּ קאַר־טאָפֿל אין מונדירן און אַ שיסל קרויט. און ברויט האָט מען דערלאַנגט צום טיש, מיט אַ מעסער, מיט זאַלץ און פּוטער מיט האָניק. און דער סאַמאָוואַר איז שוין געשטאַנען אויפֿן נײַעם סאַמאָוואַר־טישל, פּונקט אונ־טערן זייגער מיט די צוויי וואָגן, און האָט געזאָדן, ווי אַן אַלטער קאַזאַק נאָך אַ ביסל בראָנפֿן.

די אַלטע האָט קוים מיט צרות אויפֿגעריסן זײַוולען. בונים־בערן האָט זי אונטערגערוקט אַ פֿינף קאַרטאָפֿל (ניט קיין געשיילטע, נאָר הייסע, ערשט פֿון זאַד און מיט צעטראַסקעטע הײַטלעך) גלײַך אונטער דער נאָז. און ווילנדיק־ניט־ווילנדיק האָט זיך דער עולם גענומען צום רייבן. צעקייט אַ ביסל די שלייפֿן מיט דער קרויט און מיט די קאַרטאָפֿל, האָט מען זיך גענומען צו די איבעריקע געריכטן. בונים־בער, ווי אַ ציטערדיק און איין־און־איינציק קינד ביי זײַנע צוויי ווײַבער, האָט ניט איידל אַ טאָפּ געטאָן דעם ברויט, צוגענומען די האַנט צוריק, אונטערגעשפּאַרט אויפֿן עלנבויגן דעם קאָפּ און האָט זיך אַ ביסל פֿאַרקרימט אַן ווערטער.

— וואָס זשע האָסטו זיך פֿאַרקרימט יאַק סערעדאַ נאַ פּיאַטניצו? — איז שעווע אַרויס מיט לשון, און די אַלטע האָלט אויך אונטער.

— עס, עס, דאָס וואָס ס'איז דאָ. ניטאָ היינט גאָרניט קיין אַנדערע זאַכן. ס'עפּעס היינט אַ ליידיקע שטוב, — און שעווע זאָגט צו דער שוויגער שוין:

— אפשר אַ פּאָר לאַטקעס אים געבן? — און זי קוקט צוריק אויף בונימען: — לאַטקעס דיר געבן?

— לאַטקעס? זאָל זיין לאַטקעס! דערלאַנג אַהער. — און אין די רייד דערמאָנט ער זיך. — הערסט, חכמים? אַז איר האָט לאַטקעס וואָס זשע שווייגט איר?

און יחיאל חזרט איבער מיטן זעלבן ניגון. ס'איז אים ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן: — אַז איר האָט לאַטקעס, וואָס זשע שווייגט איר?

די אַלטע איז אַוועק צו דער שאַפע, וואָס שטייט אין סאַמע ווינקל אין שאָטן. זי האָט געגעבן אַ פּראַל אויף די טירלעך מיט אַ סקריפּ און דערלאַנגט אַ האַלבן סטאָס לאַטקעס, וואָס זענען נאָך געבליבן פון אין דער פרי. אויבן איז געלעגן אַ לאַטקע מיט אַן אויסגעריסענעם ווינקל, און דאָס פּוכקע, דאָס ווייכע, האָט זיך דאָרט אויסגעזען און מגושמדיק גערייצט דעם אַפּעטיט.

בונים־בער האָט אָפּגעריסן אַ שטיקל פון דאָס ווייכע און ער לייגט ניט אין מויל אַריין. ער קוקט, ווי אַ שלאָפער, מיט אַ פאַרקרימטער ליפּ אין דעם עזותדיקן בערדל אַריין. ער דרייט מיט דער האַנט און מיט דעם שטיקל לאַטקע, אַזוי ווי ער זאָל מישן אַ זיסע גלאָז טיי.

— האָניק? — פרעגט אים שעווקע.

— ניין.

— פּוטער?

— ניין.

שעווקע האָט אַ קוק געטאָן פריער אויף אים און דערנאָך אויף זייוולען און אַרעלען מיט אַ לאַכעלע אַזאַ, וואָס מען ווייסט ניט צי ס'איז ליבשאַפט, צי געשפּעט. זי איז אַוועק אין דער טונקעלער קיך אַריין און באַלד געקומען צוריק מיט אַ ווייסן געגלייזטן סלאָי אין די הענט. טיף אינעווייניק אינעם סלאָי איז עפּעס געווען. בונים־בער האָט גענומען דאָס שטיקל לאַטקע, עס אויפגעלייגט ווי אַ קאָכלעפל און איז אַריין מיט דער האַנט און מיטן אַרבל אין סלאָי אַריין. דאָרט האָט ער זיך געגעבן אַן עסק, אַנגעשעפּט אַ פולע לאַטקע מיט סמעטענע און האָט זי תאווהדיק געשטופּט אין דער אָפענער באָרד אַריין צווישן די ציין.

— זע נאָר, — האָט שעווקע געגעבן ביי אים אַ שלעפּ אַרויס פון די הענט דעם סלאָי, — ס'קען גאָר ניט צוואַרטן ביז מען וועט דערלאַנגען

אַ שאָל. איר זענט אַ מבין, ווי אַזוי דאָס פּיצל קינד איז, נעבעך, צוגעפּאַלן צו דער ברוסט ? !

אַרל האָט געזאָלט געווען אָפּבייסן אַ שטיקל צוקער אויף אויס־טרינקען די צווייטע שאָל טיי. נאָר אים איז פּלוצעם געפעלן געוואָרן דער געדאַנק, וואָס „דאָס פּיצל קינד איז צוגעפּאַלן צו דער ברוסט". ער האָט מיט צוויי פינגער אַרויסגענומען צוריק דאָס שטיקל צוקער, אי־בערגעלאָזן די ציין אין אַן ערב־ביס־צושטאַנד, און געזאָגט מיט טעם קוקנדיק אויפן עולם :

— אַזאַ יאָר אויף מיר, סאַראַ חכמה ער וואָלט געטאָן, — און אין אַ פּאָזע פון אַן פרומען יידן ענדיקט ער שוין : — ווען גאָט העלפט, איז פאָר וואָס טאָקע ניט ?

— דו זעסט, — טוט שעווקע אַ פיר מיט די אויגן — ער וויל דווקא ? ! אַ מכה פאַרן ווערן, אַרעלע... האָט חתונה, ווען איר האָבן אויף שטענדיק, ניטאָ היינט קיין דאַרמאַיעדן !...

די אַלטע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אין עק טיש. זי איז אויך געווען אַ בעלן זיך אַריינמישן אין די רייד, און זי האָט אָנגעהויבן מיט אַזאַ נוסח, אַזוי ווי זי רעדט שוין פון לאַנג און דאָס האָלט זי שוין אין דער מיט.

— אַמאָליקע יאָרן, אַז מען האָט חתונה געמאַכט קינדער צו דער צייט, האָבן זיי כאָטש געוווסט פון אַ לעבן. און איצט איז אַז אַך־און־וויי...

אַרל האָט אַנידערגעשטעלט די שאָל און אָנגעשטעלט אויף דער אַלטער אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויפן ווי איינער מיינט : — שיינע, גאָט איז מיט אייך ? — מיט אַזאַ בליק האָט ער אָפּט איבער יענעמס טענות, נאָר דאָ איז עס געווען אין גאַנצן אומזיסט. די אַלטע זאָגט זיך ווייטער אירס :

— איך מיין עס מיט אן אמת, — זאָגט זי, — וואָס איז ? דיין טאַטע אין דיינע יאָרן האָט שוין לאַנג געהאַט אַ האַלבע טוץ קינדערלעך. גלויב זשע מיר, אַז דיין טאַטע האָט אין זיך ניט פאַרמאָגט אַזעלכע שטיק.

— אַ וועלכע שטיק ?

— נו, איך ווייס אַ וועלכע. מע צעהירזשעט זיך אַזוי ווי די פערד, זאָלן מיר די קלענערע מוחל זיין. סע דען אַ גאַנג פאַר מענטשן ?

און די אַלטע טוט אַ טאָפּ מיטביידע הענט די פאָלע פונעם פאַרטעך און גייט אַוועק פון טיש. זי וויל ניט, אַז דער ממזר דער סאָלדאַט, זאָל

פון איר אַפּלאַכן. אַ דאגה איר אַ גרויסע, אַז ער לאַכט. אָבי זי האָט אירס געזאָגט.

און שעווע שטייט זיך די הענט אין דער טאַליע, דער פּוס אין באַר־וועסע שיכלעך, און זי פּירט אַרום מיט די אויגן, אַזוי ווי מיט זיי וואָלט זי בעסער געהערט און פאַרשטאַנען פון וואָס מען רעדט דאָ. און זי זאָגט גאָרניט.

בונים־בער האָט צו רעכט געמאַכט די לאָטקע מיט דער סמעטענע, קיין טיי האָט זיך אים היינטיקס מאָל ניט געוואָלט (אָבי מען האָט גע־שטעלט אומיסטן דעם סאַמאָוואַר), און ווילנדיק־ניט־ווילנדיק האָבן זיי זיך געלאָזן גיין. פון בונים־בערס וועגן איז נאָך געווען גרייט אין קיך אַ קעסעלע האָבער, ער זאָל אין איין וועגס אַריינשיטן דעם פערד אין זשאָלאָב אַריין.

אויף דער שוועל אין קיך האָט זיך בונים־בער שוין מיטן קעסעלע האָבער אין האַנט אָפּגעשטעלט און גענומען אויף שטום־לשון ווי איינ־רעדן:

— נו, וואָס וואָלט געווען, מיינט איר, מע זאָל איבערשלאָפן היינ־טיקע נאַכט ביי דער הרובע? איר קלערט געוויס, אַז ס׳וואָלט געווען אַ היזק אין באָד.

זייוול האָט זיך שוין געריסן שלאָפן. האָט אים פאַרדראָסן, וואָס בונים־בער פאַרהאַלט זיך.

דער אַלטער רייסט אָבער דאָס האַרץ אויף די יונגעלייט. זאָגט זי:

— גיי שוין, גיי, גימפּאָ, אַזוי ווי עמעצער זשאַלעוועט אים זיין שטוב מיט זיין קאָכל...

אַרל האָט אַ שטופּ געטאָן בונים־בערן אין פּלייצע און פרישט אים אונטער מיט אַ ניגון: — רוקט זיך שוין, רוקט זיך, זיידע־לעבן. אָט וועט באַלד ווערן וואַרעם, וועלן מיר זיך דאָרט מאַכן די אמתע דאַטשע. נישקשה, זיי וועלן זיך נאָך בעטן ביי אונדז. קומט, קינדערלעך!

און אַלע דריי האָבן זיך אַ ריר געטאָן, און זיי האָבן זיך אָוועקגע־שלעפּט מיט די שמאַטעס איבערן שנייי און איבערן קנאַקנדיקן פראָסט אין שאָפּע אַריין.

צו בונים־בערן אין שאָפּע איז דורך מאַטעסעס הויף נעענטער. ביי מאַטעסן אין האַרבאַרניע איז נאָך געווען ליכטיק, האָבן אַרל און זייוול דערווייל פאַרקערעוועט אַהין. בונים־בער איז אַוועק אויף אַ רגע פאַרשיטן דעם פערד האָבער און איז באַלד טאַקע אויך אַריין. מאַטעס האָט זיי

געפרעגט, ווי שפּעט ס׳איז. ער האָט שוין געהאַלטן דעם לאָמפּ אויף גיין אין שטוב שלאָפן.

אָבער נאָך איידער מען האָט זיך באַוויזן אויסדרייען, איז שוין זייוול געלעגן אויף אַ טיש מיט אַ פּאָר פּאָסיעס צוקאָפּנס אונטערגעשפּאַרט און האָט געשמאַק געכראָפּעט.

— אַן עבירה אַזאַ יונגער צווייג זאָל, נעבעך, גיין אַזוי פרי פון דער וועלט, — ווייזט אַרל מיט טרויעריקע אויגן אויפן שלאָפנדיקן.

— קיין ייִנגערע פון אים זאָלן ניט אַוועק, — גיט שוין צו בונים־בער פון זיין זייט מיט אַ זיפץ.

— שטיי אויף, קול!

— זייוול, לוכט איז נאָך דיר געקומען! — רייסן זיי אים. אָבער יענער איז שוין ניט אויף דעם עולם.

— אויך די אייגענע מעשה, — זאָגט אַרל, — וואָס וואָלט געווען, ווען מיר זאָלן אַלע בלייבן היגע אויף איין נאַכט.

— הערסט אַ חכמה, האָט מען דאָך געקענט דאָס אייגענע ביי מיר אין האַרבאַרניע. ביי מיר איז וואַרעם, ווי אין אַן אויער!!

מאַטעסן האָט זיך שוין ניט געגלוסט וואַרטן, ביז זיי וועלן זיך אויסדיינגען, האָט ער זיי איבערגעלאָזן דעם לאָמפּ מיטן שליסל און ער האָט זיי געזאָגט אַ גוטע נאַכט.

די שוואַרצע פאַרשוויצטע האַרבאַרניע־טיר האָט זיך אַן עפן געטאָן און אַריינגעלאָזט אַ וואָלקן קעלט. דורך דעם וואָלקן איז מאַטעס אַרויס. די יונגעלייט האָבן צוגערוקט דעם צווייטן טיש נעענטער צום קאַכל. פון דער ערד האָבן זיי גענומען אַ ביסל ווייסע געקאָטשעטע בוקאָטן, זיי אויסגעשפּרייט מיט די שמאַטעס. בונים־בער האָט נאָר געבעטן אַרלען, ער זאָל אָפּשטעקן אַ האַלבן קוימען, טאָמער אַ טשאַד.

— אַפּ־פּו, — האָט בונים־בער אַ בלאָז געטאָן, נאָר דער לאָמפּ האָט זיך ניט פאַרלאָשן. האָט ער געגעבן אַ צווייטן בלאָז. דער דרויסן איז געווען אַ ליכטיקער פונעם פראָסט, האָט די ליכטיקייט זיך אויך אַהער דערלאַנגט דורך די קליינע פענצטערלעך.

פוןביידע שאָפּעס האָט מען געהערט ווי די פערד כראָמטשען דאָרט דעם האָבער, און אין די שטאַלן האָבן די בהמות פון שלאָף געקרעכצט און געקייעט די זשויקע.

5

אויף מאָרגן אויף דער נאַכט איז געווען פרייטיק־צונאַכטס. דער אייגענער פראָסט און דער אייגענער ווינטער. נאָר דער געמיט אַ ביסל

אַ בעסערער. פון די שבתדיקע מאַכלים האָבן זיך די אויגן געקלעפּט אַליין פון זיך. פאַרט — שבתדיקע רו. די דריי יונגעלייט האָבן געפּועלט דאָס מאָל, אַז זיי וועלן נעכטיקן אין שטוב, און אפשר טאַקע נאָר אַרום דער הרובע. שלאָפן וועט מען צוליב היימלעכקייט וועגן אַלע דריי אין איין שטוב. איינס האָט מען יאָ באַוואָרנט: ביי דער אַלטער אין אַלקער האָט מען אַרויסגענומען דאָס ווינטער־פענצטער וואָס גייט אַרויס אין גערטל. טאָמער עפּעס וואָס — וועט עס צו נוץ קומען.

די פּרייטיק־צונאַכטיקע ליכט זענען פון זיך אויסגעגאַנגען, און דער עולם האָט זיך געהאַט יעדערער זיין גלעגער. זייוול איז געשלאָפן ביי דער הרובע. מ׳האָט אים נאָכגעגעבן. ס׳קאָסט דאָך קיינעם קיין געלט ניט.

און ווי אַזוי גייען דורך נעכט אין אַזאַ שטוב?

ווען אַ קינד בעט זיך ניט אַ מאָל ביי דער אַלטער צו דער נאַכט־שיסל, קערט מען זיך אַפילו ניט איבער אויף דער צווייטער זייט. אַלע געזונטע מענטשן אַזעלכע און פון טאָג־טעגלעכער געגוגער פראַצע. דער אַלטער האַלצערנער זייגער קלאַפּט זיך אויס לאַנגזאַם פאַר יעדער שעה אַ באַזונדערע צאָל קלעפּ, ניט־וויסנדיק צוליב וועמען און צוליב וואָס, אַזוי ווי עמעצער וואָלט זיך פאַרנויגן צו אַן אויסגעדאַכטן באַקאַנטן מיט אַ גוטן מאָרגן און יענער ענטפערט ניט. בלייבט דער פאַרנויג אַן אינדערלופטיקער און אַ פאַרשעמטער. אין אַזאַ נאַכט טרעפט, אַז ערגעץ אין אַ שטוב צעוויינט זיך אַ קינד און אין אַן אַנדער שטוב, ווו אַ יונגע פאַרפאַלק שלאָפט אין אַ באַזונדער פאַר זיי געאייניקטן צימער, מוז זיך ניט־ווילנדיק איינער פלוצעם אויפרייסן פון שלאָף און פון דער גרינג, אַליין ניט־וויסנדיק ווי אַזוי, זיך לאַשטשען מיט אַ פאַרשמירטן בליק און מיט שלאָף אויף די הענט, צום צווייטן; זיך לאַשטשען, זיך בעטן, זיך איינבעטן און אַנקומען. ווער ווייסט? ניט־ווינציקע קלערן, אַז אויף אַזעלכע אומוויסנדע פאַרנעפּלטע שעהען, שעהען און רגעס, האַלט זיך אַ גרויס שטיק וועלט, די שטויבעלעך פון דער וועלט. דורך פרייד און דורך ווייטיק ווערן זיי געשאַפן, דורך בלוטן און פריידן געבוירן, מיט טרערן און תענוג ציט מען זיי אויף אַזוי מינוט נאָך מינוט, רגע נאָך רגע, האַלב צו אונדז און אַ טייל צו גאָט, און אַזוי ניט באַמערקט פאַרקאָרבן זיך רינגען און ס׳בייטן זיך דורות.

איצט אויך דאָ, אין דעם פרייטיק־צונאַכטס, איז וואַרעם און פינצ־טער אין די צימערן. אויבן אויף איז אַזוי ווי ליידיק, מ׳זעט נאָר די קאַנטן פונעם אַלטמאָדישן מעבל. און וואָס נאָך? אַ וואַרעמקייט טראָגט זיך אַרום אין די צימערן פון יעדערנס באַזונדערן אָטעם. אַ שפּין טוט זיך ערגעץ

אונטער אַ קאַנאַפּע זיין מי. און אַ געדיכטע לופט איז אין שטוב פון דעם, וואָס געזונטע מאַגנס קאָכן אין שלאָף נאָך די פעטע שבתדיקע מאכלים. אָבער כאָטש ס'איז פּרייטיק־צונאַכטס אויף אַ גרויסער שטיק וועלט, און כאָטש ס'איז אַן אומבאַוווסטע שעה אין דער נאַכט, וואָרעם דער זייגער וויגט זיין אומרו, ווי עובר בטל, הין־און־צוריק, איז דאָך אין שטאָט עפּעס ניט שטיל. די שטאָט טרייסלט מען שוין דווקא פון לאַנג, נאָר דאָס האָט מען נאָך ניט געוווּסט אויפן וויהאַן. פּלוצעם האָט עמעצער אויך דאָ דערלאַנגט אַ שטאַרקן זעץ אין טיר.

בונים־בער מיט אַרלען זענען דאָס מאָל געווען גרינג ווי די האָזן, און זיי האָבן אויף קיין רגע זיך ניט פאַרפּלוטעט ביים פענצטער... וואָס זיי האָבן באַוויזן אויף זיך כאַפּן, האָבן זיי געכאַפּט, און וואָס ניט, זענען ביי אונדז די פרעסט ניט קיין סיבירער און — היידאַ! (דורכן וויהאַן אויף אַ פויערשן גאָרטן און צו דער ציגעלניע צו). אין טיר שיסן קלעפּ אומגעדולדיקע און מיט ווערטער אַזעלכע, וואָס שלאָגן זיך קוים דורך דורך צווייערליי טירן. נאָר שעווע מיט דער שוויגער שטייען שוין ביידע ביים טיר און זיי פרעגן „כטאָ טאַם”, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך גאָרניט געשטויסן. שעווס נאַקעטע הענט מיטן שויס וואָלטן געווען שיין, ווען זי האַלט ניט צו בעת מעשה קיין ווייס אונטערשט קליידל, וועלכעס איז איצט ניט אַהער און ניט אַהין. און די אַלטע, כאָטש זי איז אָפּגעשוירן, גייט זי דאָך אינעם טשיפּיק און אין אַ העמד מיט לאַנגע אַרבל. און ביידע ענטפערן „טשייטשאַס”! אָט וועלן זיי נאָר אויף זיך עפּעס אָנטאָן (אויך שוין אויסגעלערנט פון פריער) וועלן זיי עפענען. איינע איז צוגעלאָפן צו ארלס געלעגער און אַרייַנגעוואָרפן דאָס בעט־געוואַנט צו זיך אין בעט. די צווייטע איז אַוועק צו בונים־בערס בעט און אַריינגעלייגט אַהין אַ שלעפעריק קינד. דערנאָך האָבן ביידע גענומען רייסן זייוולען, אָבער דער באַוואַקסענער לוויתן כראָפּעט, כאָטש האַק אים פּלעקער אין קאָפּ אַריין. האָט שעווקע נאָר אין דער גיך צוגעשטעלט צוריק דעם טאָפּעלן פענצטער אין די אָפּגעבויגענע צוועקעס אַריין. און יענע דאָרט רייסן די טיר און שרייען — גיכער און אַנ'עק! די אַלטע האָט זיך שיער ניט באַנעצט פאַר שרעק, נאָר ס'העלפט ניט: מיט ציטערנ־דיקע הענט און מיט פינטלענדיקע אויגן האָט זי געעפנט די טיר.

די רמאים, די קאָזאַקן, די ביינאַכטיקע גאַנטעס, האָבן זיך אַריינ־געריסן צעכעסטע, די ביקסן טראָגן זיי אַפריער, ווי אין אַ בהלה־צייט. די שטיוול סקריפּען ביי זיי מיט פראָסט, טופּען זיי מיט די פריקלאַדן אין פאָל און שרייען: — פייער!

— שבת, סובאָטאַ היינט, — טענהט די אַלטע מיט אָפּגעהאַקטע צעשראָקענע ווערטער. אָבער פּייער האָט זיך אַרויסגעוויזן האָבן זיי אַליין. ס'איז נאָר דער אָנשטעל אַזאַ...

— פון די אַלקערס קוקן אַרויס יונגע צעוואַכטע קעפּלעך און זיי, די רמאים, פרעגן זיך אויף יונגע מענטשן.

— ניטאָ ביי אונדז קיין יונגע מענטשן, איך בין אַן אַלמנה, וודאָוואַ.

די אַלטע קלערט דערווייל: נאָך אַ נס, וואָס ניטאָ איטשעלע אין דער היים. ער איז גאָר אַוועק און זיך באַשטעלט פאַר אַ מלמד אין אַ דאָרף. זיי וואָלטן אים געטיאַהאַיעט, זיי דאַרפן יונגע מענטשן, דאַרפן זיי...

די סטראַזשניקעס האָבן איבערגעזוכט אַלע צימערן און גענומען לסוף טאַרמאַשען זייוולען. יענער האָט זיך געבריקעט מיט די קלעצערדיקע פיס און זיך געריִעט און געבורטשעט, ביז ער האָט אויף זיי צעעפּנט סוף־כל־סוף אַ פּאָר קעלבערנע אויגן און האָט ניט רעדנדיק אפילו קיין וואָרט גענומען שלעפּן פון די הויזן־קעשענעס פּאַפּירן און זיי אָפּגעשטעקט דעם ערשטן סטראַזשניק. דער ערשטער האָט איבערגעגעבן אַ צווייטן מיט וואַנציעס און מיט א ווינטערדיקער היטל, און יענער האָט אַנידערגע־שטעלט די ביקס אויף דער ערד צווישן די פיס און געלייענט. זייוול האָט זיך דערווייל איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זייט שלאָפן... צי דאָס איז ער, זייוול, געווען אַזוי קלוג, צי דאָס זענען זיי, די סטראַזשניקעס, געווען אַזוי פאַרגרעבט און נאַריש, נאָר זיי האָבן אויסגעלייענט פון די פּאַפּירן דאָס כשרסטע, וואָס ס'האָט נאָר געקענט זיין. זיי האָבן נאָך אויסגעקלאַפּט מיט די ביקסן דעם פּאָל צי ס'ניטאָ קיין קעלער, געכאַפּט נאָך אַ מאָל אַ קוק אונטער די בעטן, אויפן אויוון. און שעווקע איז זיך געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. נאָך פינף מינוט זוכן זענען די סטראַזשניקעס, כריפּענדיק און שטום שעלטנדיק, אַוועק מיטן אייגענעם קוראַזש, ווי זיי זענען געקומען, און ס'געוואָרן צוריק פינצטער און שאַ.

— אויפן גאָניק, — זאָגט די אַלטע, — און אַרום מאַטעסעס פענצ־טער זענען געשטאַנען נאָך אַ מאָל אַזוי פיל, ווי דאָ... און זי איז געווען בלייך, ווי די וואַנט.

— דאָס האָבן זיי געמיינט מן הסתם אויף מאַטעסעס פענצטער, אַז ס'אונדזערע...

און אין אַ רגע אַרום איז שוין ביי מאַטעסן פון יענער זייט וואַנט געווען דער אייגענער טומל.

— נו, וואָס זאָגט איר, שוויגער, אויף דעם לעמפּאַק? מ'האָט גע־

קענט מיט אים אָפּגעקוילעט ווערן אַזוי אין איין מינוט?!

— אַזאַ לעמפּאַק, אַזאַ לוויתן! — חזרט איבער די אַלטע. — ס'איז נאָך מיט גרויסע נסים.

— ער איז אַ באַוואָקסענער, — לאַכט שעוועקע, — אַזוי ווי אַ דאַמאַוויק, האָבן זיי זיך ניט געכאַפּט.

און אין שטוב איז שוין ווידער פינצטער. ס'שבת. די אַלטע לייגט זיך שוין ניט שלאָפן. די קינדער זענען אַלע איינציקווייז איבערגעוועזן לעם דער געלער מעשענער שיסל און האָבן יעדערער מיט זיין זמר אָפּגעקומען אַן אַרבעט. נאָר זיי האָבן זיך עפּעס ניט דערפרעגט. זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, געגנוג אָנגעהערט פון די גרויסע און פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאַרגעקומען.

וואָס שעוועקע האָט געקלערט איז שווער צו וויסן. עפּעס האָט זי כסדר געשמייכלט צו זיך אין פרישן נאַכטיק־העמדישן בוזעם אַריין. געשמייכלט און געהאַלטן, ווי אַ יונגע וווקסיקע מיידעלע, די העמד שטאַרק אָנגע־צויגן איבער די קניעס און אַן אויסגעפלאָכטענער דיקער צאָפּ איז איר געהאָנגען איבער די פּלייצעס.

זייוול האָט אין אַ שעה אַרום איינער אַליין אַן אָנגעפּעלצטער זיך אַריינגעגנבעט אין דער קאָרע אַריין. ס'איז זיי אַ ווייטאַק, הייסט עס, טאָמער האָט ער געוואָלט אַ נאַכט אָפּשלאָפן אין שטוב. קיין כאַליערע נעמט זיי ניט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר... איינער אַליין, נעבעך, האָט ער זיך דאָרט איינגעריעט אין דער פינצטער אין די קאַלט־אָנגעפרוירענע שמאַטעס, זיי ערשט פון דאָס ניי איינגוואָרעמען. און ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אַן אַ צאָן...

---

אין דער פרי האָט מען שוין געוווסט אַקוראַט וואָס און ווי אַזוי ס'איז פאַרגעקומען: דאָס איז געווען אַן אַטריאַד פון אויעזד. פאַר דער נאַכט האָט ער איבערגעכאַפּט אַ סך יידן. זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, אומיסטן אויסגעקליבן אויף פּרייטיק־צונאַכטס... און אַזעלכע יידן זענען אַריינגעפאַלן, וואָס מ'האָט זיך גאָר קיין מאָל אין לעבן ניט געשטויסן, אַז זיי זענען אפילו ראַב. ניט נאָר טאַטעס פון קינדער, נאָר אַנדערע שוין אפילו באַלד זיידעס. אַ פערציק יידן האָט מען איבערגעכאַפּט און אַ פינף פויערים.

— ס'איז אַ מסירה! — האָבן אַלע געטענהט.

און מאַטעסן איז געווען שלעכט אויפן האַרצן. די אנדערע שטוב

פון אים האָט מען צוגענומען דוד־לייבעלען, אַ טאַטן פון אַ שטוב מיט קינדער און אַ לייבלעכן חבר. און וואָס איז? זיי זענען דווקא אין איינע יאָרן, נאָר דוד־לייבעלע איז אַ „געדינטער" און ער, מאַטעס, ניט.

שפּעטער צו זענען יידן געגאַנגען פון שול. מאַטעס אויך. און פּונקט זיי אַנטקעגן האָבן אַ זעקס סטראַזשניקעס אויף פערד געטריבן אַ פּאַרטיע אַזעלכע היימישע יידן, אין מיטן שבת וואָכעדיק־אָנגעטאָנענע, אַז ס'ממש אַ ווייטיק געווען קוקן אייגער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין. דאָרטן זענען געווען משה־שמואל דעם געלנס איידעם, דער זיידענער יונגערמאַן, אויך אַ געלער און מיט ברילן, דוד־לייבעלע און אַנדערע יידן. זיי זענען געווען אַרומגעצוימט מיט די רייטער פון אַלע זייטן. די סטראַזשניקעס זענען געזעסן אויף די פערד מיט אַזאַ גדלות, פּונקט ווי ס'זיי נעכטן אין קאָפּ גאָר ניט געלעגן, אַז זיי וועלן היינט אַזוי גוט אָפּלייזן.

## הייץ און קעלט

בונים־בער איז פון דער נאַטור אַ פּחדן, נאָר צו באַרימעריי האָט עס ניט. אָט איז ביי אים קלאָר, אַז ער וואָלט אָפּגענאַרט די סטראַזשניקעס. איצט איז אים גרינג זיך באַרימען. און ווייטער פאַרגינט ער טאַקע ניט זייוולען, וואָס יענער איז אַזאַ אָקס, אַזאַ שטיק פלייש מיט אויגן און ס'האָט אים אָפּגעגאַלטן.

בונים־בער צאָלט שוין צוריק די אַכט האַלבן רובל אַ חודש. ראַבאַ־שאַפּקאַ זאָגט, אַז דעם אָטריאַד האָט מען צוגעשיקט אַהער אָן זיין וויסן, ס'איז געווען אַ מסירה. און בונים־בער בויט זיך שוין אַ נייע באַהעלטעניש. נאָר דאָס טאָר קיינער ניט וויסן, וואָרעם היינטיקע יאָרן דאַרף מען זיך היטן פאַר יידן אויך. און ניט נאָר אַזוי פאַר יידן, נאָר אפילו פאַר אַן אייגענעם, וואָרעם וואָס ווינציקער מ'ווייסט דיך און וואָס ווינציקער מ'זעט דיך — איז פאַר דיר געזינטער. טאָ זאָל זשע עס טאַקע זיין בסוד. מ'האָט גערופן מיכלען דעם מוראַוועטשיק. ער איז אַ שטיק משוגענער אָט דער מיכל. ריסל, מאַטעסעס ווייב, זאָגט אויף אים שטענדיק, אפילו אים אין די אויגן זאָגט זי עס, אַז „ווילנאַ סאָבאַצי נאַ באָהאַ ברעכאַטי". ער איז דיר שטענדיק אש להבה אויף די גוטע יידן. אַזוי ווי עמעצער פון זיי האָט אים אָפּגעקוילעט די קאָפּאָטע אָדער וואָס, און אין שטאָט האַלט מען אים טאַקע פאַר אַ משוגענעם, וואָרעם ס'איז אַ סברה, אַז שטילער־הייט גלויבט ער אפילו ניט אין גאָט אויך.

— פרעג איך אייך מער ניט, האָט עס אַ צורה פאַר אַזאַ יידן ניט

גלייבן אין גאָט? וואָס איז? אַן אַפּטייקער איז ער צי אַ פעלדשער. אַ פאַרשיוועד מוראַוושטיק, אַ קבצן הגדול הגיבור והנורא. און מ׳וואַלגערט זיך נאָך אין אַ פויעריש חורבעלע מיט דער ווייב און מיט די קינדער ערגעץ אין טכאָרין אין אַלדע שוואַרצע יאָר. און טכאָרין איז אַ דאָרף צוויי ווערסט פון סירניצע. זאָל אַזאַ ייד זיך פאַרגינען ניט גלייבן אין גאָט?!

נאָר גאָרניט, ווי באַלד אַז מ׳רעדט משוגע, איז שוין אַלעס צו גלייבן. איר קערט אוודאי מיינען, אַז ער איז אַ בעל צורה אָדער אַזוי אַן אַסאָבע פון אַ מענטשן? ווייס איך וואָס! אַ פּנים מיט אַ פּאָר סטאַרטשענדיקע שטשאָקעס, אַ נידעריקער, אַ כודאַליאַוועד און ער וואַשט זיך געוויס איין מאָל אין וואָך, אפשר שבת. נאָר פּרווו זאָג אים עפּעס, מאַכט ער דיך מיט דער בלאָטע גלייך.

נו, מילא, איז אָט דעם מיכלען, באַשר ער האָט אַ גוטן קאָפּ, האָט מען אים גערופן אַהער בסודי סודות (כאָטש גיי גלייב, אַז ביי אַזאַ וועט זיך איינהאַלטן אַ סוד) און מ׳האָט מיט אים אָפּגערעדט, ער זאָל אויס־מויערן אין אויוון אַזאַ לאָך, אַז בונים־בער זאָל אַהין אַריין דורכן אויפן אויוון, אָדער דורך אַ וואַנט, און ער זאָל קענען דאָרטן נעכטיקן, וואָרעם פון די פּרעסט מיט דער קאָרע איז ער שוין גאָר אויס מענטש. עפּעס אַ קליינינקייט אַ ווינטער אַ ווינטערדיקן נעכטיקן אין אַ שטאַל. ס׳האָט אים שוין אויסגעפרוירן דעם מאַרך פון די ביינער, אַזוי זאָגן די ווייבער, און אַזוי מוז עס זיין אויך אויף דער אמת. אַ מענטש איז דאָך ניט קיין האָלץ, און אפילו האָלץ ווערט דאָך אויך אויסגעפרוירן פון אַזאַ קעלט.

בונים־בער איז צופרידן פון דער המצאה. דאָס איז דאָך זיין גע־דאַנק. ער האָט שוין איבערגעקלערט פאַר דער צייט און איבערגעזיפּט אין קאָפּ זייער אַ סך באַהעלטענישן: ווי אַזוי פליט מען אַוועק אויף אַ לופטבאַלאָן און מ׳באַהאַלט זיך אויס ערגעץ ביי אַ רבין, ביי אַ גוטן־יידן ביז איבער דער מלחמה. ווייטער האָט ער געטראַכט, ווען מ׳קען זיך אפשר ערגעץ פאַרמויערן ביז איבער דער מלחמה, וואָלט ער דאָרטן געזעסן זיך און געשלאָפן. די האַרבאַרניע וואָלט זיך געפירט אָן אים. ער וואָלט נאָר מיטגענומען מיט זיך דעם טלית און תפילין. דורך אַ קליין לעכעלע וואָלט מען אים אַלע טאָג דערלאַנגט אַ כלי מיט עסן אויפן טאָג. אַהין וואָלט זיך געוויס צו אים קיינער ניט דערלאַנגט, דאָס וואָלט געווען אַ שכל, וואָס מ׳דאַרף גאָרניט בעסער.

און אַזוי אַרום איז טאַקע אויסגעוואַקסן דער געדאַנק וועגן אַ „סעק־רעט״ אין אויוון. ס׳איז אפילו אַ סך פּשוטער און ביליקער, ווי דאָס וואָס

ער האָט געקלערט פון דעם לכתחילה. דערפאַר קען מען עס טאַקע אויסבירן, און ער קען אפילו שלאָפן כסדר ביי זיך אין בעט, און טאָמער עפּעס וואָס — איז אַריינשפּרינגען צו זיך אין „סעקרעט" אַריין. די אַלטע פאַרשאַרט דעם אַריינגאַנג מיט שפּענער, אָדער שטעקט צו מיט דער זאָסלאָנקע און זוך אים.

וואָלט מען נאָר דאַרפן, אַז מיכל זאָל ניט זיין קיין פאַרשלעפּטע קרענק. ער זאָל פאַר צוויי אָדער פאַר דריי נעכט אָפּמאַכן דאָס שטיקל אַרבעט און מיט קאָפּ, אַז אי אַ מענטש זאָל דאָרט קענען זיצן, אי דעם אויוון זאָל מען קענען הייצן. ביי טייבלען אין מויל, ביי שיינעס טאָכטער, באַקומט זיך עס גאָר קלוג. זי זאָגט: — איר זאָלט עס מאַכן, ר' מיכל, אַזוי אַז אי ברויט זאָל ער קענען באַקן, אי אין געזעס זאָל אים ניט באַסן. אי בולקעס זאָל מען דאָרט קענען זעצן, אי דעם קאָפּ זאָל ער זיך ניט צעפּלעצן, — און זי לאַכט אַליין מיט א קול אַזוי ווי ס'ברעכן זיך טעפּ.

— האָט איר שוין אַ משל פּעטרישקע, — איז מיכל אַרויס מיט כּעס, וואָרעם ער האָט פיינט, אַנקוקן קען ער ניט קיין ווייבער, וואָס מיינען, אַז זיי זענען קלוג...

און דאָ האָט די גאַנצע שטוב אַרויסגעזען אַן אמתע בריהשאַפט פון מיכלען. אַזוי פלוצעם האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט, אַז אַזאַ שטיקל הויט און ביין, ווי דאָס איז, און ער האָט עס אַנגעלייגט בונים־בערן אין די יאָרן. ער האָט פון דעם לכתחילה לאַנג ניט געוואָלט, וואָרעם ס'גייט ניט אַריין אין זיין שניט „זיך פאַרנעמען מיט שלאָגן", און ער איז בכלל ניט קיין „קאָזעל", וואָס דאַרף אַנשטעלן אויף יעדערן די הערנער..... נאָר גאָרניט, בונים־בער האָט אים אויף דעם אַרויסגערופן.

אין קיך איז עס געווען. מ'האָט נאָר וואָס אָפּגעגעסן וועטשערע. דער אויוון איז געשטאַנען האַלב צעגומען מיט דעם קאַסטן ליים לעם אים. אויפן טאָפּטשאַן זענען געשטאַנען אַנגעשטעלטע כלים, און די אַלטע איז געווען פאַרנומען מיטן לאָמפּ: זי האָט עפּעס אַזוי ווי ניט געוווסט ווו אים אַוועקצושטעלן. און אַזוי ווי בונים־בערן האָט זיך געגלוסט אַרויסזאָגן אַ פּאַסיק וואָרט, איז ער געוואָרן פלוצלינג מיכלען געטריי, פאַר וואָס יענער עסט אַזוי ווינציק, און ער זאָגט אים:

— איי, איי, איי, ר' מיכל, כאַקילאַסכעס קינטעראַסכעם ווי אַזוי איר עסט, אַזאַ פּנים האָט איר.

נאָר מיכל איז דאָך אַ האָן, האָט ער אים גלייך אָפּגעפאָרן:

— ראשית, — זאָגט ער, זאָלט איר ניט זיין קיין גראָבער יונג. מ'זאָגט ניט „כאַקילאַסכעם", נאָר „כאכילתכם"! און מ'זאָגט ניט „קינ־

טעראַסכעם", נאָר „כך תורתכם". נו, גאַרניט. און, צווייטן, וועט ביי מיר נאָך קלעקן כּוח פֿאַר אַזעלכע יונגעלייט ווי בונים־בער.

— אַ־האַ, — מאַכט שוין בונים־בער באַרימעריש און צעלאָזט די נאַזלעכער, — „דאָוואַי פּאַבאַטשים", — און אַזוי ווי די לאַפּעס וואָלטן זיך שוין ביי אים הייבן פון זיך.

— יאָ, יאָ, — מאַכט מיכל געלאַסן, און ער שמירט אָן מיט דער קעלניע שיטערע ליים (מיט זאַמד געמישטע), געטריי שמירט ער זי אָן אויף אַ קאַנט פון אַ ציגל.

— יאָ, יאָ, — מאַכט ער, — איר מעגט מיר גלייבן אָן אַ שבועה, איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז איך האָב געשלאָגן אויף מיין לעבן גע־זינטערע פון אייך.

— ריבוינע דעהאָלבע קילע! האָט איר שוין געזען אַ בריה, וואָס האָט זיך אויסגערופן?

— יאָ, יאָ, אַזוי ווי איר הערט, מיין טייערער.

און אַזוי האָבן זיי געהאַהאַקעט און געיאַקאַקעט, אפשר אַ שעה כסדר, ביז מיכל האָט אַנידערגעלייגט די קעלניע פון האַנט, דעם ציגאַר האָט ער אַרויסגענומען פון מויל און פּאַמעלעכן אַוועקגעלייגט אויף דעם קאַנט פונעם אויוון, וואָס מויערט זיך, און ער זאָגט:

— נו, הייסט עס, ווילט איר מיר אויפֿן וואָרט ניט גלייבן, טאָ כאַפּט אייך דער גוטער יאָר, ניכאַי וואַש טשאָרט סטאַרשי! — און ער איז מיט אַ שמייכל, וואָס פּאַסט נאָר פֿאַר מיכלען, אַרויס אין דער גרויסער שטוב, בונים־בער נאָך אים, און מען האָט זיך גענומען צום בוטשקען. די קליינע חברה האָבן זיי אויפגעכאַפּט אויף „אוראַ". שעווקע האָט גלאָט אַנגעקוואָלן, און אַרל, וועלכער גייט כּמעט ניט אַרויס פון שטוב, האָט אַכטונג געגעבן אויפן גראַנגל און אונטערגעגעבן חשק.

— אָט אַזוי, מיכל, אָט אַזוי, מאָלאָדיעץ! אוי־וואָ, בונים־בער, אוי־וואָ!

די בענקלעך מיט די טישן האָבן גענומען אַרומפּאָרן איבערן שטוב. די צווייען האָבן זיך געראַנגלט שוין מיט פאַרדרייטע היטלען, און די אַלטע האָט זיך געשאָלטן און זיך געריסן צו זיי אויף זייי צענעמען. בונים־בער איז שוין שיער ניט געליגן אויפן קאַנאַפּע, האָט ער זיך נאָך אַ דריי אויס געטאָן און האָט זיך אַ פאַרסאַפּעטער אַליין אַנידערגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע, אַזוי ווי אַ מאָל אַ מיידל אין מיטן טאַנץ:

— פו, אין דער ערד זאָל עס גיין, — זאָגט ער, — דאָ איז ניט קיין אָרט אויף זיך שלאָגן, ס'איז אַ שטוב... אין דרויסן וואָלט איך אים געוויזן...

אָבער שעווע מיט אַרלען האָבן געהאַלטן מיכלס צד:

— בראַוואָ, מיכל! בראַוואָ!... די קליינע חברה האָבן גאָר אַנגעקוואָלן, וואָרעם ווער וואָלט זיך ריכטן אויף אַזאַ טרוקענעם כרושטש?! נאָר די אַלטע זאָגט, אַז כוח איז ניט אין קיין פלייש, כוח איז אין די ביינער, און מיכל האָט שוין, ווייזט אויס, אַזאַ נאַטור, וואָס פון גאָרניט ווערט ער ניט נתפּעל. ער האָט נאָר אַ הוסט געטון, און געזאָגט:

— נו, אויב אַזוי, טאָ גיט שוין כאָטש פאַררויכערן, אויב ביי עמעצן איז דאָ אַ גוטער ציגאַר.

דער ערשטער האָט אַרויסגענומען זיין פּאָרטאַבאַק אַרל, וואָרעם בונים־בער איז פון דער גרינג געווען אַ פאַרשעמטער און אַ צעמיאַלעטער.

— זאָל דאָס גיין אין דר׳ערד, — זאָגט ער, — היינטיקער ווינטער האָט ביי מיר פונדעסטוועגן אַרויסגענומען דעם חיות פון אונטער די נעגל.

און מיכל האָט באַהאַלטן צו זיך אין דער קיילעכדיקער קעסטעלע פון מאַכאָרקע זיין אַלטן ניט־דעררויכערטן שטיקל ציגאַר, און ביי אַרלען האָט ער גענומען אַ גוטן ציגאַר טיטון פון באַיאַרסקעס פּערווי סאָרט.

— ע, — מאַכט ער, — ס׳איז גאָרניט. דאָ ליגט ניט קיין שום שכל אין דרינען. אָקסן קענען זיך אויך שטויסן, ס׳איז חוזק.

מ׳האָט אים קוים צוגעטריבן צו דער אַרבעט און ער האָט געזאָגט, אַז בונים־בער זאָל ניט אַוועקגיין. ער דאַרף כאַפּן אַלע מאָל מיט די אויגן די מאָס.

— כאָטש אַז איר ווילט, — זאָגט ער, — אַרט מיך ניט. איר קענט, — זאָגט ער, — אַוועקשטעלן אַן אַנדער קלאָץ אויף זיין אָרט.

— ווי געפעלט אייך אַ לשון אַ ביסל פון אַ יידן, — איז אַרויס שעווקע מיט איר צעשמייכלטער מינע. דער מיכל איז איר געווען מיט עפּעס געפעלן.

און אָט איז די באַהעלטעניש שוין אויסגעבויט. אַריין דאַרף מען דורכן אויפן־אויוון. פאַרשאַרן קען מען דאָס ברעטל מיט צווייגן, שטיקלעך האָלץ און מיט שפּענער. ס׳איז אַ „סעקרעט״ אָבי געזונט, אַ רחמנות נאָר אויף אַרעלען מיט זייוועלען, נעבעך, אַזעלכע צוויי יתומים. ס׳איז נאָך אַ נס, וואָס ס׳איז זיי געבליבן אַ שטיקל ירושה — די לאָך אין דער קאָרע.

— נאָר זהיר וזהיר, — האָט זיי בונים־בער אָנגעזאָגט — איר זאָלט דאָרט ניט רויכערן און ניט צינדן קיין פייער, אויב איר ווילט בלייבן מיט גאַנצע קעפּ.

פון בונים־בערס באַהעלטעניש האָט מען זיך גענוג אָנגעלאַכט, כאָטש ניט איין מאָל איז אויסגעקומען לאַכן מיט בלוט אויך. געלאַכט האָט

מען פונעם אויפן־אויוון דערפאַר, וואָס ביי בונים־בערן איז עס די ערשטע צייט געוואָרן אַ מין ספּאָרט. טאָמער עפּעס און טאָמער עמעצער — איז די טיר אויפן קליאַמקע און ניטאָ בונים־בער. ס׳טייטש? מ׳האָט דאָך אים אָט ערשט געזען און געהערט, אים געפילט, דוכט זיך, אין שטוב. און פּלוצעם, אַזוי ווי די ערד וואָלט זיך אונטער אים געעפנט.

אַ מאָל, אַז ער פלעגט גלאָט וועלן כאַפּן אַ דרעמל, פלעגט ער אומבאַמערקט זיך אַריינכאַפּן אין באַהעלטעניש אַריין, און די אַלטע זוכט אים, זי קערט איבער דעם הויף. סטייטש, זי דאַרף האָבן בונים־בערן, זי איז שוין אויסגעלאָפן אַלע שכנים, טאָמער זיצט ער ערגעץ און דער־ציילט מעשיות, און דאָ האָט מען געבראַכט קאָרע פון לעווקאָוויטש, און אָט איז מען פון פּסח־שמערלען געקומען מאָנען פאַר פליש. ווהין האָט אים דער רוח אַוועקגעטראָגן!?

און שעווקע לייגט צו אַ קנייטל:

— וואָס איז? איר קענט ניט דעם ליגנער, ער האָט זיך ערגעץ פאַרזעצט און פּוצט ליגונים.

ביז יחיאלקען פאַלט איין, אַז מ׳דאַרף אַ קוק געבן אין לעכל. כאַפּט מען, מען פאַרשפּאַרט אויף אַ רגע די טיר, מ׳שטעלט צו אַ בענקל צום אויוון, מ׳קריכט אַרויף... יאָ, ס׳קלאָר ווי דער טאָג. ס׳דאַרטן פינצטער, נאָר מ׳זעט אַ קנויל אַ גרויסער ליגט און כראָפּעט... נו, ווי דען, ס׳איז בונים־בער!

און צרות האָט מען געהאַט פון דעם „סעקרעט״, ווייל ניט איין מאָל האָבן זיך די קינדער דורכגעוואַלגערט אהין צו מיט אַ דונער און מיט אַ געוויין. ס׳פּאַסט מער ניט, אַז אַ פרעמדער מענטש זאָל נאָך זיין בעת מעשה.

ווייטער איז דאָרט פריייטיק צונאַכטס געווען אַ דוכאָטע נאָר אויף צו דערשטיקט ווערן. און אויב אין שטאָט איז געווען אַ מאָל ניט רויק און בונים־בער האָט געדאַרפט אָפּליגן אַ ווינטערדיקן פרייטיק צו נאַכטס אין דעם אַ קבר, האָט ער דערנאָך אַ גאַנצע וואָך געפאַכעט מיט דער נשמה.

— וואָס ווילסטו? — זאָגט די אַלטע, — ווו איך האָב אַ שונא וואָלט איך אים געווונטשן אַזאַ „ראַשקעשׂ״. נישקשה, מ׳ווערט גוט אויס־געריסן פון אַזעלכע גליקן. וואָרעם מ׳טוט ניט קיין רשע אין גהינום, וואָס בונים שטייט דאָ אויס, — און זי זאָגט גלייך פאַר וואָס: — אין גהינום, — זאָגט זי, איז אַדער מיט היץ, אַדער מיט קעלט, און דאָ איז היץ מיט קעלט אין איינעם, און ס׳פאַלט נאָך יעדער שעה אַרויס די

נשמה... אוי, פאַלט זי אַרויס די נשמה! טאַקע נאָר פאַר אַן אַפּקומעניש זאָל עס אים זיין.

## אויס שותּפות

שעוקע זאָגט, אַז סאָכוועץ אַפּילו שטעכט אויך אין די אויגן, וואָס יידן זיצן אין דער היים. זי זאָגט: איר כוועדער איז אַן איין־און־איינ־ציקער זון ביי זיין מאַמען אין שטוב, פונדעסטוועגן איז ער שוין פון נאָך ווייס איך ווען אַוועק אויף דער מלחמה. און אָט־אָ יידן, געזונטע און שטאַרקע, וואָס זיי זענען צו עטלעכע ברידער אין איין שטוב, זיצן זיי אַלע אין דער היים! — און דערנאָכדעם ערשט דערוויסט מען זיך, פאַר וואָס איז אין כעס שעווע. איר איז ניט צום האַרצן למאַי זייוול דרייט זיך אָט דאָ אַרום און שטעכט יענעם די אויגן. אַזאַ לוויתן, און אַלע ווייסן סיי ווי, אַז ער איז געווען אַ סאָלדאַט.

— איז וואָס איז? — גלאָצט זיך זייוול אָן. און אַ באָרד האָט ער זיך פאַרלאָזן זינט ער איז אַ היגער, צי פון פרומקייט וועגן, צי צוליב מאַכן זיך גרויסע יאָרן, האָט זי ביי אים אַ וואַקס געטאָן ווי אָפּגעשני־טענע גראָז נאָך אַ רעגן. ער טראָגט שוין אַ גאַנצן וואָגן ליכטיק־גרינעם טרוקענעם היי אויפן פּנים. אַפּילו דער לאַנגער ווערצל ביים אויער זעט זיך קוים אָן. נאָר אויף די שלייפן זיצן ביי אים אַ פּאָר קנייטשעלעך, וועלכע ציען זיך גלייך און גלאַט ביז די אויגן. אַזעלכע קנייטשעלעך באַמערקן זיך אָפּט ביי מענטשן פון גרויסן וווקס, און זייוולען גיבן ניט צו אָט די קנייטשעלעך קיין איבעריקע חכמה. איצט האָט ער אויסגעגלאָצט אַן אָקסישן בליק: — איז וואָס איז? — טענהט ער און סמאָקעט צוריק דעם שפּייעכץ פון די נאַסע ליפּן. — איז וואָס, אַז זיי ווייסן? וואָס ווייסן זיי? איך האָב זיי אַלעמען אין דער ערד, האָב איך זיי. טאָמער וועט עמעצער קומען, אַפּילו דער איספּראַווניק אַליין, האָב איך פּאַפּירן, האָב איך, — און ער ענדיקט אַזוי ווי מיט אַ נאָכניגון און סמאָקעט צוריק דעם שפּייעכץ פון די ליפּן.

— דיינע פּאַפּירן, — מישט זיך אַריין בונים־בער — דו ווייסט אויף ווו דיינע פּאַפּירן טויגן? אין אָפּטרעט אַריין טויגן זיי אויך ניט, ניט נאָר אויף עפּעס רעכטס. פּאַפּירן! באַגיס זיי מיט גאַזע אַזעלכע פּאַ־פּירן, און שטופּ זיי אַריין גלייך אין אויוון. — און ער איז צופרידן פון זיין חכמה, ווייל ער איז דאָ מער ניט אויסן געווען.

זייוול האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אומצופרידן אויף ווייטער עפּעס זאָגן. שעוקע איז אָבער אַלץ און איבער אַ נייס ניט צופרידן.

שעווקע פרעגט מער שוין: פאַר וואָס איז ביי מאַטעסן אַ פולע האַרבאַר־ניע מיט „סטראַטשקעס", פאַר וואָס פּינטשיק דעם רבס און נאָך אַזעלכע יונגעלייט, מלמדים, וואָס קענען אַ קאָץ אָן עק ניט פאַרבינדן, פונ־דעסטוועגן דרייען זיי זיך אַרום פראַנק און פריי און האָבן גוטע פאַ־פירן, וואָס איז? ביי אונדז איז ניט די אייגענע האַרבאַרניע?...

און דערווייל האָט מען זיך אָפּגעטשעפּעט פון זייוולס יאָרן און מען איז אַרויף אויף פּייסיע פאַרך מיט די שותפים און זיינע גליקן...

— מען איז איבער זיי אומגליקלעך געוואָרן און אָנ׳עק. זיי ברענ־גען זיך אָהער צו שלעפּן אָט די גוטע יידן, מען ציט זיך אויס אויפן טיש און מען געגעצט אָפּ אַ פאַר שעה און דערפאַר גיב זיי טויזנטער קערבלעך חלק, אַ קרענק זיי אין דיביינער אַריין! קראַנק זענען זיי עפּעס טאָן?... אויב בונים־בער גיט אַכטונג אין האַרבאַרניע, זענען זיי ניט קראַנק זען, אַז ער זאָל שטיין מיט אַ רויקן קאָפּ און ניט דערציטערט ווערן און ס׳זאָל אַלע שעה אַרויספאַלן דאָס געזונט פאַר אַ ליאַדן שד?... און זייוול וואָלט טאַקע אויך מעגן האָבן אַ „סטראַטשקע", נישקשה, דער רוח וועט זיי ניט נעמען?!

און דאָ קלערט שוין זייוול, אַז ער האָט שוין בכלל גאָרניט וואָס צו זאָגן. אַלץ, וואָס מען האָט געקענט, איז שוין געזאָגט געוואָרן. פונ־דעסטוועגן וואַרפט ער אַריין אָן אוודאי, טוט אַ קוק מיט בעטלערישע אויגן פון דעם גרויסן פליישיקן גוף. אונטער דעם זשיליעט פאַרט ביי אים אַרום זייער אַ סך ווייכס, פאַרט אַרום אַזוי ווי דריליע, אַזוי ווי ביי אַ געהאָדעוועטן חזיר דאָס פעטס אונטער דעם האַלדז, בשעת יענער שטעלט זיינע קורצינקע פּיסלעך.

און ס׳בלייבט, אַז מען דאַרף זיי דורכוואַשן די אויגן, טאַקע ביי די געראָטענע שותפים. און שעווקע איז ווייטער דאָ מיט אַ בייס, וואָס ערשט פון נאָדל אַרויס, און זי האָט זיך קוים באַקלערט.

— בונים־בער, — האָט זי זיך דערמאָנט — טו נאָר אַ קוק פאַר וואָס האָסטו זיי עס ניט אַריינגערעכנט דעם פערד אין שותפות? און ווער איז מחויב צו האַלטן פון זייערט וועגן אַ פערד?! וואָס איז, עמעצער האָט דאָ אָנגעגרייט משרתים פון זייערט וועגן?!

— הערסט אַ מעשה, — האָט בונים געגומען צעקייען דעם גע־דאַנק, — אויב אַזוי זענען זיי דאָך טאַקע פּראָסטע גנבים.

— דער קאָפּ־מענטש האָט זיך ערשט אַרומגעקוקט?! — האָט זיך שוין זייוול אַריינגעמישט, — איך האָב מורא, אַז אין ביכעלע מאַכן זיי דיר אויך די אמתע חשבונות.

בונים־בער איז אפילו געוואָרן ברוגז פאַר אַזאַ געדאַנק. נאָר שעווע שרעקט זיך ניט איבער.

— מיין טייערער, — זאָגט זי, — אַ באַרימער איז גוט צו שלאָגן. איך ווייס דאָך אוודאי סאַראַ גרויסער בעל־מוח דו ביסט, איז אַ מציאה, אַז פּיישקע פאַרך זאָל דיך באַגנבענען פון קאָפּ ביז די פיס. שעם זיך ניט, בונימקע, און בעט בעסער פּינטשיקן דעם רבס ער זאָל דיר אי־בערקוקן די חשבונות.

און ס׳בלייבט אַזוי. מיט „סטראַטשקעס״ איז שוין סיי ווי פאַרפאַלן. „סטראַטשקעס״ האָט מען זיך געקענט געוועזן מאַכן אײדער מען איז געוועזן ראָבע, און מיטן פאַרך וועט מען גיין צו אַ רב און מען וועט זיך צעטיילן.

— ווער האָט עס דיך אָנגעשטעלט אַזוי? — האָט פּיישקע אַ חכמהלע געטאָן זיך פון זיין גאַנצער לענג מיט גאָר ניט קיין צופרידענער מינע. — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, בונים־בער, דו האָסט צו אַ קלוגע ווייב. איך האָב זיך מורא, אַז דו וועסט זיך לאָזן צו פיל פירן, וועט זי דיך נאָך פאַרפירן אין דער אמתער בלאָטע אַריין.

— פאַר מיין ווייב האָט אייך דער קאָפּ ניט וואָס צו דאַרן, — האָבן זיך ביי בונימען צעבלאָזן די פליגלען פון די נאָזלעכער און די אויגן האָבן זיך ביי אים ברייטער צעעפנט.

— זע, ביסט דאָך טאַקע אַ שייגעץ אויך, איך האָב גאָרניט געוווסט.

— צי איך בין אַ שייגעץ, ווייס איך ניט, נאָר אַז איר זענט גנבים, ווייס איך געוויס. ווי אַזוי נעמט מען עס און מען פאַררעכנט ניט אַ גאַנצן פערד, ווי אַזוי? אָט דאָס טוען יידן? וואָס איז, אַ פערד איז עפּעס אַ שפּילקעלע.

פּיישקע האָט זיך אַ דריי געטאָן און זאָגט שוין ווייכער אַ ביסל

— נו, נו, מען ווייסט שוין לאַנג, אַז דו ביסט אַ בור. קלוג זיך ניט, גיי שלאָף זיך אויס. איך וועל מיט דיר איצטער ניט רעדן, מאָרגן וועל איך אַרויפקומען אין האַרבאַרניע.

און בונים־בער איז ניט־פליישיק, ניט־מילכיק אַוועג אַהיים.

אין אָוונט איז פּיישקעס טאַטע אַליין מיט די גראָבע אויפגעגאַנגענע פּיאות און מיטן שפּרינגענדיקן קול געקומען און זיך גענומען דערפרעגן וואָס, און ווען, און צו וואָס בזיונות?

— זיי וויסן, אַז מיין פּיישקע איז אַן איידעלער יונגערמאַן, אַ ייד אַ בעל־תורה!... און צו וואָס איז בכלל מחלוקת? ענדיקט כאָטש דעם יאָר אַזוי ווי אין כתב שטייט!...

ס׳געווען אין אָוונט. די קינדער זענען שוין געשלאָפן. שעווקע האָט דערלאַנגט טיי צום טיש. די אַלטע האָט זיך אַרומגעדרייט אַזוי ווי אַ הון מיט אַן איי און ניט געוווּסט, וועמען מען האָווירט דאָ פריער. זי וואָלט ניט וועלן די גליקן מיט די ביכעלעך, מיט די טויזנטער, מיט די חשבונות. זי וויל צוריק, זאָגט זי, וואָלטשען פאַר אַ קונה, און משה־שמואלן דעם געלן, און נחום־בערן יידלס, און מען זאָל לעבן, אַזוי ווי מען האָט אַמאָל געלעבט. אָבער בונים־בער האָט גענומען קלאַפּן מיט די קולעקעס אין טיש און אַרויסוואַרפן חריפות: — סטייטש, מיט אַ היימישן מענטשן אַזוי זיך באַגיין?...

האָט וואָלטשע שוין געזען, אַז ניט אַהין גייט עס, האָט ער געזאָגט:

— הער זשע מיך אויס, בונים־בער. איין זאַך וויל איך דיך בעטן. מילא, גאָט, דער וואָס לעבט אייביק, וועט געבן מיין זון פרנסה אַזוי אויך. נאָר אָן בזיונות. אָט גיי איך צו אים, איך וועל אים בעטן, אַז אָן רבנים און אָן בזיונות. טאָמער וועט דיר עפּעס זיין אַ קריוודע טאָ קום צו מיר, — איך וועל אויף אים אָנשרייען.

און ס׳איז אַזוי געווען. צום רב האָט, ווייזט אויס, פּיישקען ניט געלוינט צו גיין. האָט ער פאַררופן בונים־בערן צו זיך, און מען האָט געחשבונט, און מ׳איז אַלע ווייל אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, אַזוי ווי מען וואָלט זיי עמעצער אונטערגעגאָסן זודיקן אָקרעפּ.

— זאָג נאָר מיר, אפשר בין איך דיר מחויב צו שענקען מיין גוטס? דו ביסט שוין פון לאַנג אַזאַ קלוגער?

---

און מען האָט געבראַכט צו בונים־בערן פון פּיישקעס קלייט די ענגלישע וואָג, און שייקע מיטן שטעקעלע איז געווען נערוועז, ניט ווי זיין שטייגער איז. שפּעטער האָט מען מיט פורן אַרויסגעפירט די חלקים סחורה זייערע, סיי טרוקענע, סיי נאַסע, צו פּיישקען אין דער נייער האַרבאַרניע.

די אַלטע איז געווען צעטראָגן, זי איז אומגעלאָפן הין און צוריק און געקאָלופּעט די נאָז. טאָמער מאַכט מען זיך אפשר ערגער און טאָמער וואָס? און ביי מאַטעסען גייט מען אום אויף די שפּיץ פינגער און מען הערט זיך געוויס צו און מען פרייט זיך.

די מענטשן זענען אויך עפּעס געווען ניט־פליישיק און ניט־מילכיק. עפּעס האָט זיך זיי ניט געגלוסט שלעפּן די סחורה פון די ביטן, אַז מען זאָל זי אַרויספירן פון האַרבאַרניע ניט קיין דעראַרבעטע. ס׳איז עפּעס

אַזוי ווי ניט שיין פאַר מענטשן. און שמיליע האָט געקוקט אַלע ווײַלע צו בונים־בערן אין די אויגן אַרײַן: אײַן ווונק — טרײַבן זיי דורך דעם פֿאָרך פון האַרבאַרניע, מע צעברעכט די וואָג און מען לאָזט צוריק די סחורה אין די זאַלעס אַרײַן. בונים־בער האָט אָבער ניט אין זינען געהאַט שמיליען. ער איז אומגעלאָפן אַלע מאָל אין שאַפּע. ער האָט זיך געוואָלט אָננעמען מיט געדאַנקען און טאַקע אויסחשבונען. האָט ער געבורטשעט צו זיך אַליין און געחשבונט אויף זײַן אופן. און דער עיקר האָט מען געקענט דערקענען אין די צווײ קנײטשן, וואָס פֿאַלן פון שטערן אויף דער נאָז, אַז אים האָט אינטערעסירט, ווער ווּעמען האָט פּאַרט אָפּגע־נאַרט?... אַז זיי האָבן אים פֿאַררעכנט, אים מיט איטשעלען, פֿאַר הונדערט פופציק טעג הונדערט און פופציק פינפערלעך — האָבן מיר דאָך אַזוי גרויס, ווי הונדערט פינפערלעך. הונדערט פינפערלעך האָבן מיר אַ תק״ער קערבלעך, און 50 פינפערלעך, פופציק פינפערלעך... פופציק פינפערלעך האָבן מיר, הייסט עס, האַלב פון פינף הונדערט קערבלעך, דריט האַלבן הונדערט קערבלעך. איז עס אײַן אײנעם אַזוי גרויס ווי אַכט האַלבן הונ־דערט קערבלעך, אויב אַזוי, האָט ער דאָך זיי געשטעלט צום צעטל, ניט זיי אים!... נישקשה, ליגן זיי טאַקע אין דער ערד! ס׳גלאָט אַן עוולה, וואָס זייוולען האָט ער גערעכנט כסדר צו 8 גילדן אַ טאָג, נישקשה, מען האָט געקענט בײַ זיי אײַנרײַסן פֿאַר דער גאַנצער צײַט צו 12 רובל אַ וואָך אויך... וואָס איז, קאַרג שלעפּט ער, אַזאַ לעמפּאַק? און נאָך אים איז געווען אַ חידוש, וואָס אַזוי פיל סחורה פירן זיי אַרויס פון זאַוואָד. פון וואַנען האָבן זיי עס אָנגענומען אַזוי פיל סחורה? נאָר מילא, דאָס איז שוין אַ קלײניקייט, מען האָט דאָך אַלץ גערעכנט פון ביכעלע...

## דאָס חדר־שטעטל

ווער ס׳קען ניט סירניצער בלאָטע, דער האָט נאָך קיין רעכטע בלאָטע אויף זײַן לעבן ניט געזען. אין אַ יאַריד־טאָג, אַז די פורן און צענדליקער טויזנטער שטיוול צעקנעטן זי, איז אויף מאָרגן גאַנץ סירניצע איין גרויסע ראָשטשינע. און נאָך וואָס פֿאַר אַ ראָשטשינע — אַ צעגאָסענע, אַן אויפגעגאַנגענע און אַ טיפֿע, קיין עין־הרע ניט! זייער אַ טיפֿע! אין אַנדערע ערטער קען מען אײַנגעזונקען ווערן, אַז מען זאָל ניט דער־לעבן אַרויס אויך.

איצטער איז אויך נאָך יאַריד. און איצטער שפּאַנט פּינטשיק דעם רבס, טאַקע אָט דער יונגערמאַן מיט די גאָלדענע ברילן און געל־גאָל־

דענעם בערדל, וואָס האָט אַ פּען אין האַנט, וואָס לייענט גוט אַ בלאַט און וואָס שפּילט נאָך דערצו אויפן פידל אויך. איצט האָט ער אפילו קיין צייט ניט צו שפּילן אויפן פידל. ער איז דאָך ביי מאַטעסן אויף אַן „אַטסראַטשקע״, ער אַרבעט אויף דער „אַבאַראַנע״, הייסט עס. נאָר אַז מען דאַרף אַ מאָל איבער אַ נויטיקער זאַך וואַרפן די אַרבעט אין מיטן, איז עס אים אַוודאי ניט צום האַרצן, אָבער ער טוט עס. איצט האָט ער אויך נאָר וואָס געוואָרפן די אַרבעט, אַ צוויי שעה פאַר וואַרמעס, און ער טיאַפּקעט מיט בײדע שטיוול אין דער בלאָטע, ער דאַרף ווייט גיין, אַזש אין דאַלינע. צו וועמען אין דאַלינע? צו שעוועלן דעם מלמד. נאָך וואָס צו שעוועלן? איז עס ווייטער אַ גאַנצע מעשה: פּינטשיק איז שוין אפילו אַליין ניט געוען: ס׳איז וועגן דער ביבליאָטעקע. פון אויעזד זענען אַנגעקומען צוויי גאַראַדאָוואָיען.

און וואָס איז עפּעס צו שעוועלן דעם מלמד? — אַזוי!

ערשטנס, איז שעוועל אַליין אויך אַן איידעלער ייד. ער לייענט אויך ביכער. און, צווייטנס, האָט ער דערוואַקסענע קינדער, און די קינדער האָבן עס ביי אים געפּועלט: פאַר די ציוניסטן אַליין פּאַסט ניט האַלטן קיין ביבליאָטעק. ווייל אויב זיי האַלטן אַ ביבליאָטעק דאַרף מען וויסן — ווער ס׳האַלט? און אויב ווער? — זענען זיי שוין אַן אָרגאַניזאַציע, און אויף אַן אייגענער אָרגאַניזאַציע דאַרף מען פּאַפּירן און איינס מיט אַן אַנדער. אַמער האָט מען געקויפט אַ שטעמפּל אויף אַ פּריוואַטן נאָמען, ס׳זאָל הייסן, אַז שעוועל דער מלמד (אַ „אוטשאַני יעוורעי״ איז ער דאָך סיי ווי סיי), טאָ זאָל ער נאָך הייסן דער באַלעבאָס פון ביבליאָטעק אויך... בלייבט נאָך קשה איין זאַך. וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַהער פּינטשיק? האָט איר זיך אַזוי: פּינטשיק איז דאָך אויך ניט אַבי ווער. טאָ זאָל דאָ פּינטשיק זיין אַ „טשלען״ אין דער זעלבער ביבליאָטעק טאַקע, זאָל ער זיין אַ „טשלען״ פון דער רעוויזיאָנער קאָמיסיע! פאַרדריסט אים טאַקע איצטער אויף וואָס האָט ער געדאַרפט זיך מיט דעם אין גאַנצן אָנהייבן. איצטער אין אַזאַ צייט דאַרף ניט ליגן אין זינען קיין ביבליאָטעקעס און... פאַרן אַוועקגאַנג פון האַרבאַרגיע האָט ער אויסגעשמירט נאָך אַ מאָל די הענט. מ׳איז דאָך פאַרט אַ ביסל אַ רבס אַ זון, און אַלע ווייסן, אַז צו אַ רב איז זיך גרינגער טשעפּען, ווי צו עמעצן אנדערש.

---

אין דער דאַלינע האַלטן זיך אויף די גרעסטע צאָל חדרים פון שטעטל. דאָרט, ערשטנס, האַלט זיך אויף דער גרויסער אַלטער בית־מדרש; צוויי־

טנס, דער אַלטער ניט־דערבויטער הקדש; דריטנס — אַ טייך, און ווייטער האָבן זיך דאָ אויסגעקופּעט אַ ים מיט חדרים! פון שעוועלן דעם מלמד ווייסט איר דאָך שוין מן הסתם. הינטער זיין שטוב גייט איטשע דער מלמד. דערנאָך קומט חיים, וועלכער איז אויך חזן אין דער אַליקער קלויז. אַ ביסל רעכטס פון שעוועלן איז פּייוול דער מלמד מיט זיין חדר, און אַנטקעגן פּייוולען איז זיין זון בעריש, וועלכער וווינט אין אַ נייער שטוב און איז אַ כבוד פאַר זיין טאַטן, וואָרעם ביי אים לערנען יינגלעך עלטערע. ביי אים לערנט מען שוין חומש מיט רש״י און אפילו גמרא „למתחילים״. נאָך רעכטער אין סאַמע מיט פון דאַלינע, צווישן דעם אַלטן בית־מדרש און צווישן דעם ניט־דערבויטן הקדש, איז אברהם־יצחק דער מלמד מיט זיין אייגענער שטוב, מיט זיין אייגענער ציג און מיט אַ חדר. דערנאָך איז זלמן דער באַקאַליאַר און זיין איידעם דער משכיל אברהם־שיע אַרקין. דאָ טיילט איבער די דאַלינע זומער־צייט אַ קליין פּאַסיקל יבשה און אַ גרויסע קאַליוזשע מיט אַ בלאָטע האַרבסט־צייט. און אין דעם לינקן טייל, אַזוי ווי ס׳שוין ניטאָ דאָרטן ניט קיין בית־מדרש און ניט קיין הקדש, האָט איר נאָר דריי מלמדים מיט דרדקי־קינדער: יאַנקל דער אַלטער, גאָרקינס טאַטע, יאַנקל שרה־חיימס, דער שמש פון טשערנאָבילער קלויז, און שלמה שרהלעס. אין שטאָט זענען נאָך דאָ מלמדים מיט נאָך חדרים, נאָר דער צענטער, די סאַמע הושטשע, איז אין דאַלינע.

איז וועט שוין אייך קיין חידוש ניט זיין, וואָס פּינטשיק איז אין דער בלאָטע אַרויף אויף אַ גאַנצער ריי חדר־יינגלעך, אַזוי ווי אויף אַ כמאַרע קאָמאַרעס. און אַלע זענען זיי זייער אויפגעלייגט, און אַלע רעדן זיי הויך. מען דרייט זיך אין דער בלאָטע, מע גרופּירט זיך און מע האַנדלט אויף וואָס די וועלט שטייט מיט קנעפּ, מיט לאַמטערנעס פון אַלע סאָרטן, און מיט וואָס הערן און קלערן. און פאַר וואָס אַזוי פרי? מען גייט דאָך נאָך ניט וואָרמעס עסן? אָט דאָס איז דאָך טאַקע די גאַנצע מעשה! אַזוי ווי׳ מען האָט זיך דערוווסט, אַז צו שעוועלן זענען אַראָפּגעקומען צוויי זשאַנדאַרמעריעס פון אויעזד, האָבן די מלמדים אַ סמך אויף זיך מודה האָבן: טאָמער נאָך אַ „שמעקטער״ (אַן אינספּעקטער) צו די צרות, וואָס גייט אַרום איבער די חדרים און פרעגט אויף בלעטלעך?! און אַ בלעטל האַלטן אַלע אין איינעם (איינע אַן איינציקע), ביי שעוועלן דעם מלמד הענגט זי אין אַ רעמל מיט זיין פּאָרטרעט צוגעבייט. אים האָט מען געשיקט קיין איסקאָראָסט זיך אַראָפּנעמען, און אים האָט מען געקויפט אַ בלעטל, און אַז ס׳קומט אַ „שמעקטער״, דאַרף ער גיין אַהין צום סאַמע

ערשטן, און ביי די איבעריקע אַנטלויפן דערווייל די קינדער ווו מע קען נאָר.

לויפן איצט די קינדער אַהיים, כאָטש וואָרמעס עסן איז נאָך פרי. און די סידורים טראָגן זיי אויך אַהיים, ווייל מען דאַרף. און אַ סך זייערע מעסטן די בלאָטע סאַמע דאָרט, ווו זי איז טיפער. און פינטשיק גייט זיי אַנטקעגן מיט די פאַרשמירטע הענט און אים גלוסט זיך זייער אַ רוף טון: „צאן קדשים"! — און זיי זאָלן אים ענטפערן — „מע־ע־ע", אַזוי ווי שמחת־תורה פּראַקטיקירט זיך. אָבער ס'ניט שיין פאַר קיין בחור פון 28 יאָר, וועלכער קומט אַרויס פון אַזאַ שטוב און שטייט אין שידוכים, איז ניט שיין אַריינפאַלן צו דער שטאָט אין מויל.

— קינדער, — שטעלט ער זיך אָפּ מיט פאַרהייבענע פּאָלעס אין מיטן דער בלאָטע און אין מיטן דער מחנה — וואָס עפּעס אַזוי פרי?

— דער רבי האָט זיך מורא פאַרן שפּעקטער, פאַרן שמעקטער! — ענטפערן געטריי פאַרשיידענע קינדערשע קולכלעך, ווער באַזונדער און ווער אין כאָר, ווער מיט פרייד און ווער מיט נייגעריקייט, וואָס פינטשיק דעם רבס זון אַליין זאָל עס וועלן וויסן.

און דאָ האָבן דערווייל די רביצינס דערזען דורך די פענצטער, ווי פינטשיק דעם רבס מעסט די בלאָטע אין דאָלינע אַריין. האָבן זיי אין דער גיך אונטערגעשטורכעט זייערע מאַנען, די מלמדים, און איינס נאָך אַנדערן (דווקא אַן אַ טעלעפאָן) האָבן זיי זיך אַלע אַרויסגעשאָטן, ווער אין די וואַטאַווע לייבלעך מיט די מילטענע אַרבל, און ווער אַזוי אין גאַנצן אַן אַן אויבערשטס; ווער מיט אַ גרויסן בויך פון כסדרדיקן זיצן אויף איין אָרט, און ווער מיט אַ דאַרן האַלדז און מיט אַ קנאָפּ אויפן גאַרגל. אַלע זענען זיי אַרויס, אַז קיין איינער האָט ניט פאַרפעלט, וואָרעם אָט ביי וועמען, ביי פינטשיקן, קען מען זיך דערוויסן עפּעס נייס.

און ביי פינטשיקן איז דאָס בערדל אַ גאָלדנס, די ברילן ניי־גאָלדענע, דאָס פּנים איז ביי אים אַ גרויסלעכס, און דער שמייכל אויך אַ גאָלדענער. זיין מאַמעס שמייכל. נאָר אַז ער לאַכט טוט ער אָפּט אַ וויש מיטן אַרבל די וואָנצעס, צי פאר געוווינשאַפט, צי ווייל ער האָט ליב אַ שפּריץ טאָן, בעת ער לאַכט. און אַזוי ווי ער איז אַ מענטש, וואָס אין שטאָט דאַרף ער סיי ווי מיט איטלעכן זיין גוט, בפרט מיט מלמדים, און אַזוי ווי ער ווייסט נאָך ניט פון וואָס מען הייבט אָן, ווייזט ער מיט אַ שמייכל די הענט:

— ראַבאָטשי! — מאַכט ער צו זיי כמעט אויף שטום־לשון און מיט אַ שמייכל. און פון דעם, וואָס ער ווישט כסדר מיטן אַרבל די וואָנציעס

זענען זיי ביי אים שטענדיק פֿאַרבויגן אינעווייניק אין מויל אַריין.

— ראַבאַטשי, — ווייזט ער זיי און דערזעט דערווייל דעם באַקאַ־ליאַרס איידעם אַרקינען. דאָ קען ער שוין ניט אָפּקומען מיט קיין הלצה. יענער איז פּאַרט אַ משכיל און ווייסט שוין פון „חינוך" און נאָך זאַכן. דאָ מוז מען האָבן דרך־ארץ. זאָל זיין אפילו איינער פאַרן אַנדערן.

— וואָס זאָגט איר, — מאַכט ער שוין צו אים אויך מיט אַ שמייכל, נאָר שוין אויפן לשון פון די צייטונגען: — איך ספּעציאַליזיר זיך, איך פּראָלעטאַריזיר זיך. עפּעס אַ קליינינקייט „פּראָאיזוואָדסטוואָ דליאַ אַבאַראָני גאָסודאַרסטוואָ ראַדי ? !"

און ביי אַרקינען איז אויך דאָס בערדל עטוואָס אונטערגעגלייכט, כאָטש די האָר זענען דאָ גראָבע און גלייכע, זיי ווילן זיך ניט בייגן און זיי ווילן זיך ניט קרייזלען. און ער ענטפערט שטיל. ער איז אַ מענטש, וואָס האָט אַ מיחוש אין האַרצן. רעדט ער שטענדיק שטיל און געלאַסן. ער רעדט אַזוי זינט ער האָט זיך געעצהט מיט אַ דאָקטאָר.

זינט פון דעמאָלט, איז אַז ער רעדט מיט אַ מענטשן שטייט ער גלייך, די הענט האַלט ער ביידע אָדער אַראָפּגעלאָזן, אָדער צונויפגענומען פון דער גרינג, אַ ביסעלע נידעריקער פון דעם בויך, און ער זאָגט שטיל אויך מיט אַ ווערטל: עתידה ארץ־ישראל, — ענטפערט ער, — שתתפשט בכל הארצות. דאָס מיינט מען דאָך, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, ווען ס'וועט ניט שאַטן, אַז יעדער ייד זאָל קענען אַ מלאכה.

און שעוועל דער מלמד איז שוין אויך דאָ אין זיין וואַטאָוון לייבל מיט די קוויטנדיקע מילטענע אַרבל. ער איז אויך אומיסטן אַרויס צוליב פּינטשיקן. ער, שעוועל, האָט ליב שטענדיק דעם געשפּעט מאַכן איבער זיך אַליין, גיט ער זיך אונטער חשק ביים צוגאַנג און רופט אויס:

— אַרמיאַ סטרויס! — אויף די מלמדים אַזוי.

און ער טאַקע גיט אויף, אַז אין בלאָטע שטיין ביז די קני מיטן אייגענעם ווילן איז גאָר ניט אַזוי כדאי. אלא וואָס? אַז ס'איז דאָ אַ געלעגנהייט און נייס הערן ווילט זיך, טאָ קומט יידן, לאָמיר גאָר אַריינ־גיין אין בית־מדרש אַריין און אויב קאָפּל דער פּאָליצמייסטער האָט שכל געהאַט האָט ער נאָך מן הסתם דורכגעהייצט די הרובע אויך...

און דער לעצטער איז געגאַנגען אַרקין. ניט אַזוי צוליב נייס, ווי צוליב ניט אָנטאָן אַ קאָלעגע קיין אומכבוד. און ער איינער איז געגאַנגען ניט אין קיין לייבל, נאָר אין אַ טונקל־גרויער פּאַלטאָ, ווו אַלע לעכלעך ביים פּאַרשפּיליען זיך זענען כסדר אויסגעריבן. ווייזט אויס, פון לאַנגן נוצן...

## דורכגעקומען

די אייגענע בלאָטע האָט אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אַריין צו די האַרבאַרעס דאָס ערשטע מאָל באַבראַוון פון סודזשער זעמסטווע, דעם אינסטרוקטאָר. אַזוי פלעגן די האַרבאַרעס פאַרן אַהין צו, און איצט איז ער דאָס ערשטע מאָל געקומען, מען זאָל פאַרשפּאַרן פירן צוריק בראַטשנע סחורות, בראַקעווען וועט ער אויפן אָרט.

פאַר די קאָמפּלעקטן איז טאַקע אויסגעבראָכן אַ שטיקל מחלוקת אויך צווישן די האַרבאַרעס. בונים-בער זאָגט, אַז ער האָט ניט קיין אָטס-ראַטשקע איז ער ניט מחויב געבן קיין קאָמפּלעקטן אויף קאַזנאַ. ער האָט געגנוג זיינע אייגענע אויסרייסעניש. און די האַרבאַרעס זאָגן, אַז ער איז אַ האַרבאַר גלייך מיט איטלעכן, און וואָס איז שייך צו פאַרמעגן, פאַרמאָגט ער נאָך מער פון אַן אַנדערן.

די אַלטע האָט אַ סך מאָל געשאָלטן די שונאים פאַר אירע צרות, פאַר די קאָמפּלעקטן און פאַר אַלצדינג. בונים-בער אָבער, אים קאָסט עס אויך געגנוג געזונט. נאָר דערפאַר, אַז דער אינסטרוקטאָר פון סודזשע קומט צופאָרן, רעדט ער שוין אין איין גאַנג אויס דאָס האַרץ. סודזשע איז דיר גאָרניט די אַנדערע שטוב פונעם פאַרשפּיל. פון דאָרט דאַרף שוין זיין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען צו אים, צו ניקאָלאַיקען אַליין. ס׳איז דאָך עפּעס טיף ראַסייע. טאָ זאָל ער טאַקע, באַבראַוו, דערציילן, וואָס ער ווייסט.

אַלע רופן אים שוין ביי דער פאַמיליע באַבראַוו, אַזוי ווי אַ היימישן מענטשן. אַ גידעריקער גויעץ, נאָר אַ מבין אויף סחורה, דער רוח נעמט אים ניט. אפשר איז ער גאָר געווען אַ שוסטער אַליין.

שיין איז ווי אַזוי מען האָט אים דאָס ערשטע מאָל „פאַרשטאָכן״ די האַנט ביי מאַטעסן אין שטוב. ניט מאַטעס ווייסט, ווי אַזוי מען „גיט״, ניט באַבראַוו ווייסט ווי אַזוי מען „נעמט״. יענער איז נאָך, ווייזט אויס, געווען אַ נקי כפיים, קענטיק אַ נייער טשינאָווניק אין זעמסטווע. איז טאַקע געווען אַ חן צו קוקן, ווי אַזוי מאַטעס מיט דער שוואַרצער באָרד און מיט דער שבתדיקער געפּרעסטער העמד, אין דעם קווייטנדיקן זשיליעט און אין דעם זיידענעם אַרויפגערוקטן קאַשקעטל, גיט אים, באַבראַוון, צו פאַרשטיין, אויף אַ שטאַמלענדיקן רוס׳יש, דעם טעם פון קוגל. און דער „ערלע״ איז אין גאַנצן מסכים, וואָרעם אָט זיצט ער טאַקע דאָ ביים טיש און קען קיין וואָרט ניט אויסרעדן. ביי אים איז דאָך פאַרקלעפּט דאָס מויל און פאַרשאָטן מיטן פעטן מעלקוגל.

— טאַ נעמט זשע נאָך אַ גלעזעלע, — ווערט שוין מאָטעס היימישער און ער גיט אים צו פאַרשטיין אַזוי: דער אינסטרוקטאָר פון זעמסטווע איז ניט דער ערשטער ביי גאָט. אַ יידיש שטיקל פיש איז שוין פון לאַנג פאַרלויבט אין דער וועלט, איז מעג מען דאָך פאַרזוכן...

און ערשט אַרום דעם פינפטן גלעזעלע האָט מאָטעס איינגעשטעלט דאָס לעבן, אַ ווונק געטון דער הויזגעזינד מען זאָל אַרויס אויף אַ רגע, און ער האָט אַריינגעשטופּט באַבראָוון דריי בלויע ניקאָלאַיעווער פּינ־פערלעך גלייך אין קעשענע אַריין. ער האָט זיך צוליב דעם איבערגע־בויגן איבערן טיש צו יענעמס רעקל, און איבער דעם האָט ער זיך געפּאַרעט שבת ביים בומאַזשניק און געהאַלטן געלט אין האַנט.

— פאַרשעם מיך ניט, — זאָגט ער מיט אַ ציטערל אין קול — און נעם צו ביי מיר אָט די מתנה.

— צו וואָס, — האָט זיך יענער, נעבעך, ווי פאַרשעמט. — צו וואָס כ׳לעבן? — און די אייגעלעך זענען ביי אים שוין צעשווומען, און צווישן דער צונג מיט די ציין איז שוין ביי אים אַ קאַשע פון ציבעלע מיט אייער מיט געגדזענעם שמאַלץ.

באַבראָוו דערמאַנט זיך, וואָס דאָ קומט פאַר און פרעגט נאָך אַ מאָל איבער מיט טרערן אין די אויגן:

— צו וואָס?

און אַלע זעען, אַז ער איז אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט! נאָר מאָטעס האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דער עסק איז געמאַכט. האָט ער אָנגעגאָסן נאָך אַ באַגילדעטן בעכערל מיט משקה און אים דערלאַנגט:

— פאַרבייסט, איך בעט אייך.

— ריסל — רופט ער די ווייב, — דערלאַנג, פּאַזשאַלוסטע, נאָך אַ ביסל קאַרטאָפלעס פון טשאָלנט. „עטאָ איז טשאָלנט" — גיט ער אים צו פאַר־שטיין.

און די שטוב־לייט האָבן שוין געוווסט: ביים צייכן פון קאַרטאָפל האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז געשען, און מען האָט געמעגט פאַר־נעמען צוריק די ערטער. באַלד איז שוין ווידער דאָ אויסגעוואַקסן בונים־בער און ער האָט געגומען, ווי זיין שטייגער איז, מאַגען בייס. בייס פון דער מלחמה און פּאָליטיקע. און צי ס׳איז טאַקע אַן אמת, וואָס ער האָט געהערט, אַז איינער אַ גרויסער גלח האָט זיך אַנידערגעשטעלט אין דעם קיסרס קלויסטער רעדן שלעכטס אויף יידן.

— מערזאַוועץ, — שטעלט זיך באַבראָוו איין פאַר די יידן.

אין אַ שעה אַרום איז שוין ביי אַלע האַרבערס געווען צעפּויקט: סע

גוט, סע וועט שוין זיין רעכט. דער אינסטרוקטער פון דער זעמסטווע „געמט".

און צו פאַר נאַכט, האָט מען שוין ניט געוואַרט אויף קיין שטערן. מע האָט צונויפגעטראָגן די כאַליוועס מיט די קראַיעס, ווער וויפל סע האָט זיך אויף אים אָנגענומען. באַבראָוו האָט זיך צו קיינעם ניט גע־טשעפּעט ביים צונעמען די סחורה, ביי קיינעם גאָרניט געבראַקעוועט. אַלץ גוט און פיין. לעם שטוב איז שוין געשטאַנען די פור מיט די גלעקלעך, מיט וועלכער ער איז אין אַ שעה אַרום אַוועקגעפאָרן.

ביים זעגענען זיך האָבן זיי אים געבעטן, אַז ביים צווייטן קוואַרטל, צו דער נייער פּאַרטיע סחורה, זאָל ער אויך קומען. נישקשה, מיר וועלן ווי עס איז דורכקומען...

## אין סירניצע איז מען געוווירע געוואָרן

בונים־בער וואָלט איבערגעלאָזן דעם בעסטן מאכל און געדעדט פון נייס. נייס איז זיין לעבן. גיט אים נייס, וועט ער אייך מאַכן פון דעם אַ גאַנצן צימעס. איצט האָט ער, למשל, אַזאַ ידיעה, וואָס האָט זיך גע־טראָפן נאָך זיין דעה נאָך אפילו מיט זיינעם אַן אייגענעם קרוב, וועלכער האָט אויף דער עסטרייכישער פּאָזיציע געשטאַכן אַ יידן. אַ ייד אַ יידן! און ווי ער האָט דערהערט, אַז יענער האָט אויסגעשריען „שמע־ישראל!" איז ער אַראָפּ פון זינען. און נאָך ווייסט ער, אַז נאָענט צו די פּאָזיציעס איז געווען ביי אַן אָרעמען יידן אַ ברית. איז אַריין אַהין אַן אַלטער עסטרייכישער סאָלדאַט, און אַזוי ווי דער ייד איז געווען זייער אָרעם, האָט ער אים אויסגעהאַלטן גאַנצע ברית־הוצאות און ער האָט נאָך אי־בערגעלאָזן אַזוי אויך אַ סך געלט. פאַרן אַוועקגיין האָט דער אַלטער געזאָגט, אַז ריכט זיך נאָך, ס'וועט אָנקומען אַ סך גוטס אויף יידן, און איז אַוועק. אַלע האָבן געמיינט, אַז ס'איז אליהו הנביא, נאָר דער סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען פראַנץ־יאָזעף אַליין. דאָס האָט ער זיך אַזוי איבערגעטאָן פאַר אַן אַלטן און פּראָסטן סאָלדאַט. און דאָס איז געוויס אַן אמת, — גיט שוין צו בונים־בער פון זיך — וואָרעם יענער איז אַ מלך־חסד.

ס'נאָר שלעכט, וואָס ער האָט שוין ניט, בונים־בער, קיין נייע מענטשן, וועמען דאָס אַלץ איבערצודערציילן.

אַנומעלט האָט אים גאָט צוגעשיקט שלומען דעם האָראָבניער, זייע־רער און מאַטעסעס אַ קרוב. שלום מיט דער געזינד האָבן שטענדיק גע־

דאַרפט האָווירןביידע שטיבער — אי שיינעס, אי מאַטעסעס. פלעגן זיי אַזוי טאָן: אַ מאָל פלעגן זיי צושטעלן זייערע פערד און וועגל פאַר מאַטעסעס הויף און אפילו די בייטש אַוועקשטעלן ביי מאַטעסן אין הייפל פאַר אַ סימן, נאָר אַליין פלעגן זיי אַריבערגיין צו בונים־בערן, און אַ מאָל — פאַרקערט. קיין גרויסע נוץ פלעגט פון דעם ניט אַרויסקומען, ווייל סיי ווי פלעגן זיי שטענדיק מוזן בלייבן צו איין געזינד אַ בעל־חוב. נאָר אַ שטיקל שכל איז דאָך געווען אין דרינען, און נאָר שלום קען אויף דעם איינפאַלן.

אַ מאָדנער ייד איז ער געווען אָט דער שלום האָראַבניער. ביי אים איז אַ געלע באָרד, אַזוי ווי פון ווייכע ווידלהאָר. ביי אים שאָקלען זיך כסדר די פאָרנטע ציין, און אַז ער רעדט קומט אויס, אַז ס׳שאָקלען זיך ביי אים אי די באָרד, אי די ציין, און אפילו די ליפּן, אָט פּונקט ווי ביי אַ ציג די ליפּעלעך מיט דער באָרד, בשעת זי שטייט איבער אַ מולטער און פּאַמפּלט אַריין שאָלעכץ מיט קלייען. אַז ער דאַוונט זאָגט הונדערט מאָל איין וואָרט, אַזוי ווי ער וואָלט אים איבערגעוואָרפן אָט דעם וואָרט איבער זיינע שלאָבערדיקע ציין, און אים מיט יעדער צאָן און נאָך מיט די ליפּן פאַר צוגאָב, אַ פּרווו טאָן פון דער גרינג, צי אָט דאָס וואָרט איז נאָך אַלץ אַ גאַנצס און ניט קיין צעביסנס. אַזוי שוין פון אַלע יאָרן. ער מאַכט קיין מאָל ניט קיין געשעפט פון דער אכילה, כאַטש עסן, עסט ער נאָך לענגער, ווי ער דאַוונט, און ער האָט ליב אַ יידיש וואָרט עפּעס אָן איידלס, וואָס ער קען אים קיין מאָל ניט אַרויס־זאָגן. און ווייטער איז ביי אים פאַראַן אַ מיידל אָן עלטערע, וואַרפט ער מיט זיין ווייב אַ קוק אויף מאַטעסעס יינגל. זיי וואָלטן וועלן צוליב דעם טאַקע, וואָס ס׳איז פריינט.

איצט איז ער געקומען אין שטאָט אַריין נאָך צוויי זאַכן: איין מאָל דאַרף ער אָנקומען צו זעלדען דער לאַנגער נאָך אַ זאָלב. ביי אים האָט, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט, אָנגעריסן אַ מכה גאַר־גאָר אויף אַ שלעכטן אָרט. סאַמע אונטערן פּאַכווע פון דער רעכטער האַנט, אַז פאַר אים איז איצטער אַפילו אַ טירחה דעם פערד אָנטרייבן. דאָס איז איינס. און, צווייטנס, איז ניסנדל (טאַקע אַ נאָמען נאָך שעוועס טאָטן, זאָל אים זיין צום לעבן), אַ יינגעלע פון 4 יאָר, האָט ער געכאַפּט אין קלייט די קוואָרט מיט גאָזע, און על־פּי־טעות זיך אָנגעטרונקען... אַ ווילער יינ־געלע אָט דער ניסנדל. אָט־אָ זיצט ער אויפן זאַק אין קיך און וויל בשום אופן ניט אַריין אין שטוב. מ׳וועט דאַרפן מיט אים באַלד גיין צום פעל־דשער, וועט מען מיט אים דאַרפן גיין, און אַחוץ דעם האָט ער נאָך,

שלום, אַ פּאָר ווייצענע ניט געבייטלטע זעקלעך מעל אין שליטן. נו, נו, ס'גאַרניט, אויב בונים־בער וועט זיי ניט צונעמען, האָט אים געבעטן חיים־וועלוול ער זאָל ברענגען. נו, מילא, ס'גאַרניט. ס'אַ קלייניקייט.

איצט האָט אים בונים־בער געפּאַקט און ער וויל אים דערציילן ווי אַ זנאַכער האָט געוואָרפן אויף קאָרטן ניקאָלאַיקען אַליין. אין אַ וואַגאָן איז עס געווען, ווו דער קיסר איז דורכגעפאָרן אויף אַ „סמאָטר" קיין האָמליע. איז ער זיך אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ פאַרשטעלטער דער קיסר אי־בער אַלע וואַגאָנעס און זיך אונטערגעהערט, וואָס די סאָלדאַטן רעדן צווישן זיך. קומט ער אַריין אין איין וואַגאָן און דערזעט, אַז ס'זיצט אַ זנאַכער און טרעפט איטלעכן יעדעס פּיצעלע. שטעלט ער זיך צו, און ס'האָט אים אַ ביסל פאַרהאַרט, וואָס יענער טרעפט אַזוי אַלץ. נעמט ער און לייגט דעם זנאַכער אַרויף אַ זילבערנעם רובל און זאָגט: — „זאָג מיר אויך עפּעס, זיי אַזוי גוט"... רופט זיך אָן צו אים דער זנאַכער: — „ביי דיר נעם איך קיין געלט ניט. בפרט דו גיסט מיר אַ מטבע, אויף וועלכער דיין פּנים איז אויסגעגאָסן..." — אַז ניקאָלאַיקע האָט דערהערט אַזאַ מעשה, איז ער פאַרציטערט געוואָרן און זאָגט: — „שווייג, רעד ניט מער! איך וויל נאָר וויסן, אויב דו קענסט מיר זאָגן עפּעס וועגן דער מלחמה..."

זענען זיי אַוועק ביידע אין אַ באַזונדער חדר און דער זנאַכער האָט אים אויסגעלייגט אויפן טיש קאָרטן אַזעלכע און ער האָט אים געזאָגט: — „וואָרצלען האָט אייער מלוכה געשלאָגן גרויסע אין דער ערד. נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן איבער עפּעס טריקענען... אָט זענען די מלוכות, — ווייזט ער אים, — וואָס זיי שלאָגן זיך 4 אַנטקעגן דריי. די מלחמה וועט ניט ברענגען צו גאָרניט. מ'וועט זיך אַזוי לאַנג שלאָגן, ביז מ'וועט אַלע פאַרשטשאַדעט ווערן. נאָר אָט איז דיין קאָרט און אָט איז אַ קאָרט פון עפּעס אַ יידן, וועלכער וועט אַלץ איבערנעמען צו זיך אין די הענט, ווייל דאָ וועט דאַרפן פאַרקומען אַ גרויסע „סומאַטאָכע".

שלום האָט געסמאַקעט מיט די ליפּן און מיט די שאָקלענדיקע ציין און געזאָגט, אַז ס'איז טאַקע הפלא ופלא אַ זנאַכער זאָל עס אַזוי זאָגן?... נאָר בונים מיט זיין אויסוואַרטנדיקן בליק לאָזט אים ניט אָפּ, און ער פאַרענדיקט: — דער קיסר האָט שוין דעם זנאַכער, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּגעלאָזן. כאָטש וואָס וועט ער אים טאָן?... נאָר אַליין איז ער גע־בליבן ביז גאָר אָפּהענטיק...

יאקאָס האָט זיך ביי אים שלום אָפּגעבעטן, אַז ער וויל כאָטש אַרויס־גיין און אַרומשמייסן אַ ביסל די בהמות פון שליטן, זיי זאָלן ניט אויפעסן

דאָס היי. דאָרט האָבן זיך געקערט אַנקלייבן אַ סך בהמות. „אַ שטאַטישע בהמה, — זאָגט שלום, — איז די ערשטע זלידניע אין דער וועלט. ס׳איז נאָך ניט געהערט געוואָרן, — זאָגט ער, — קיין זשעדנערע זאַך, ווי אַ שטאַטישע בהמה. ערגעץ גיט איר זיי ניט קיין עסן, אָדער וואָס?״

דעם זעלבן טאָג נאָך מנחה איז בונים־בער געקומען מיט אַ נייס צו מאַטעסן, ערשט פון נאָדל אַרויס.

— איר ווייסט, — גיט ער איבער אַ פאַרסאַפּעטער מיט דערשראָ־קענעם אימפּעט — ס׳איז אַ סברה, אַז מ׳ר האָבן שוין ניט קיין טאַטן?...

— וואָס טאַטן? ווער טאַטן? — קוקט מען אים אַלע אָן.

— בהמות! גיב זיי אַ פינגער אין מויל, שלעפּן זיי די גאַנצע האַנט!... נאָר איר זאָלט זיך, גאָט באַהיט, ניט אויסרעדן פאַר קיינעם, וואָרעם ס׳איז נאָך אַ סוד: ס׳איז אַ סברה, אַז ס׳איז שוין נאָך ניקאָלאַיקען, — נאָר שאַ!

פון בונים־בערן איז עס געוועזן ניט דער ערשטער ליגן און ניט די ערשטע באָבע־מעשה צו הערן דאָ אויפן וויהאָן. און בונים־בער איז איצטיקן מאָל שטאַרק מטושטש, וואָס מ׳גלייבט אים ניט. איז ער אַריין נאָך מאַטעסן אזש אין דריטן אַלקער און ער דערציילט אים דאָרט, אַז דאָס האָט אים די ווייב, ניקאָלאַיען, אַליין אונטערגעשטעלט אַ פּיסל, די ווייב אַלעקסאַנדראַ, — נאָר דאָ ווערט ער ביי זיך נאָך מער אַפּהענטיק, ווען ער זעט, אַז מ׳קלערט ניט און מ׳הייבט ניט אָן אפילו אים צו גלייבן. טענהט ער שוין דערווייל צו זיך אַליין: „אַ מעשה, אַ מעשה״... איצט טוט אים האַרציק באַנג, וואָס שלום דער האַראַבניער קען שוין זיין לאַנג מיטן זאַלב און מיט ניסנדלען ביי זיך אין דער היים. ווען ניט וואָלט ער אים דאָ פאַרהאַלטן אויף נעכטיקן און ער וואָלט אים ערשט באַוויזן, ווי אַזוי אַ וועלט שלאָפט ניט: „אַ מעשה! אַ מעשה!״.

---

פינטשיק אַרבעט ניט ביי נאַכט. פון זיינעט וועגן איז גענוג דער טאָג. נאָר אין דער פרי, אַז ער איז געקומען האָט אים שלוימקע פונ־דעסטוועגן איבערגעפרעגט וואָס איז עס, וואָס דער „ליגנער״ לאָזט ניט לעבן. ער כאַפּט די ערד אין איין קול, אַז מ׳האָט אַראָפּגעזעצט ני־קאָלאַיען?.

פינטשיק האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס:

— זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז! אין די בלעטער, — זאָגט ער, — איז זייער שלעכט פון אַרום און אַרום: אי מיטן פראָנט, אי מיטן יקרות,

אי מיטן „אַבשטשן קריזיס", נאָר ס'זאָל האַלטן אַזוי ווייט, גלייבט זיך עפּעס ניט.

ערשט ווען די באַלעגאַלעס זענען געקומען פון קראַסנע, האָבן שוין אַלע געוווּסט די אומגעריכטע נייס, און אויפן וויהאָן, כאָטש איין מאָל פאַר אַלע יאָרן האָט מען אָפּגעגעבן בונימען דעם געוועכט. די גאַנצע שטאָט האָט זיך געזאָגט איינער דעם אַנדערן „מזל־טוב!"

— אַ־האַ, — האָט בונים־בער געזאָגט, — וויפל איך האַק מיט זיי האָלץ, מיט די פערד, און איך קען זיי ניט אַריינדויבען אין קאָפּ אַזאַ זאַך!... וווּ איך דערוויס זיך וועט איר זיך ניט דערוויסן! — און ער קען זיך בשעת מעשה ניט אָפּטשעפּען פון דער אַלטער: וווּ ער זאָל ניט לויפן, דאָרט זוכט זי אים אָפּ. זי האַלט אים אין איין שעלטן און אָפּשלעפּן פון די רעדלעך מענטשן. די אויגן זענען ביי איר צעבויטעט, און זי שרייט, אַז ער זאָל זיך ניט מישן, דער געשמדטער, ער זאָל זיך ניט מישן. זי האָט מורא, און וואָס דאַרף אים דער קאָפּ ווייטאָן פאַר עמעצנס געשעפטן.

— אַהיים גיי, זאָגט מען דיר!

אָבער ווי? וואָס? גאַנץ סירניצע קלייבט זיך אין רעדלעך. צו אַ באַן איז ווייט, קיין טעלעפאָן איז אין שטאָט ניטאָ, אָבער מע זאָגט, מע רעדט שוין, אַ וועלט רעדט...

— הלוואי, רבונו־של־עולם, — האָט לייבטשיק דעם בעקערס ווייב אויסגעשאָסן. ביי איר איז אַ פליישיקער פּנים און אַ ווייכער מויל אָן ציין. לייבטשיק האָט אויף איר אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, ווי איינער מיינט: „זע נאָר, שרה־ריווע, דו מישסט זיך שוין אויך אין פּאָליטיקע?"...

און בונים־בער? ווער אַרבעט, וואָס אַרבעט? ווער עסן, וואָס עסן? פון רעדל צום צווייטן, פון איין קלייזל צום אַנדערן און באַלד געקומען אויפן וויהאָן, אויסגעשאָטן די נייס, צוגעפּוצט און איבערפּאַרקויפט, און ווייטער געלאָפן אין גאַס אַריין. די נאָזלעכער צעבלאָזן, די פּאָלטע צע־שפּיליעט:

— אַ מעשה, אַ מעשה! האָסטו שוין געזען אַ ביסל, ווי אַזוי אַ וועלט שלאָפט ניט? אָנגעוווירן ניקאָלאַיען! אַ מכה דער מאַמען זיינער! שלוימקע, וואָס זאָגסטו? אפשר אים צונעמען אין האַרבאַרניע אַריין שלעפּן די זאַלעס! ער איז דאַך, נעבעך, געבליבן אָן טועכץ, ווי צו זיינע יאָרן אוודאי...!

## דריטער טייל

# דאָס שטעטל האָט זיך אַ ריר געטאָן

### 1

ביי שיינען איז געלעגן אין קיך, אַרום אויוון, אַ ראַב קעלבל, מיט הויכע פיסלעך, אויף וועלכע סע קען זיך נאָך ניט שטעלן, און די קליינע חברה האָבן געגעסן הייסע לאַטקעס מיט קאַלטער מאַלאַזעווע, און ס'איז געווען אויף זיי אַ שמחה.

די אַלטע זאָגט צו זיי:

— פרעסט, פרעסט, איר וועט דערנאָך לויפן אויף די בייכער!

די טיר האָט זיך געעפנט, און לייבטשיקס בן־יחיד מיטן קלייענדיקן פּנים און מיט דער פאַרלייגטער נאָז איז געקומען צו לויפן מיט אַ נייס, אַז איינער אַ פעטראַ פון קאָמענע האָט דערקענט אַ סטראַזשניק פון פּריצישן הויף. יענער איז שוין דווקא אַרומגעגאַנגען אָן פּאַגאָנעס. האָט דער פּויער זיך גענומען יאָגן נאָך אים, אַז ער זאָל אָפּצאָלן פאַרן וואָגן האָלץ, וועלכן ער האָט אים פאַראַכטאָגן פאַרקערעוועט צום פּריץ אין הויף אַריין. פינף רובל זאָל ער אים באַצאָלן פאַר דער פור האָלץ. אויב ניט, זאָגט ער, וועט ער אים אָפּשלאָגן די כריפּעס!

— דער וואָגן האָלץ, — זאָגט שיינע, — וועט שוין דעם סטראַזשניק אויספּאָלן באַקאָם.

— און די איבעריקע סטראַזשניקעס, — דערציילט לייבטשיקס בן־יחיד, — זענען שוין אַלע אויסגעטריקנט געוואָרן. נאָר איין וויוודיטש גייט נאָך אַרום אין אַ וואַכעדיקער גימנאַסטיאָרקע, ממש ער בעט זיך מיט די אויגן, מ'זאָל אויף אים רחמנות האָבן און אים ניט טשעפּען.

פון איבער דער וואַנט האָט מאָטעס אָנגעקלאַפּט. ווייזט אויס, אַז ער האָט געהערט, פון וואָס סע רעדט זיך דאָ און וואָס דאָס יינגל דערציילט פון די סטראַזשניקעס.

— און וואָס טוט מען, — האָט ער אָנגעקלאַפּט, — מיט זייוולס אַכט גילדן? זיי זענען דאָך שוין אָפּגעלייגט פאַר וויוודיטשעס וועגן.

— איך ווייס? — האָט די אַלטע אַ קאַלופּע געטאָן די נאָז, — איך מיין, אַז טייבלען וועט זיין מער מצווה... מילא, נו, איך ווייס דען זייער?

איר זענט דאָך אַ מאָנסביל, קערט איר בעסער וויסן.

— ווי דען, באַלד שטעק איך זיי אים, — האָט מאָטעס געענטפערט, — פאַרקערט, מען קען נאָך ביי אים איינמאָנען יענע געלט אויך.

פאַר נאַכט, אין קלויז ביי מנחה, האָט אברהם־שיע אַרקין אַזוי ווי אַ פרעג געטאָן ביי פּינטשיקן דעם רבס, צי מען דאַרף ניט עפּעס זאָגן דעם עולם, — אַזוי גלייך־שטייענדיק, מיט זיין שטילן לשון, און די האַנט האַלט ער, ווי כסדר, צונויפגעלייגט אַ ביסל נידעריקער פונעם בויך — און ער עצהט זיך, הייסט עס, אַזוי מיט פּינטשיקן.

פּינטשיק האָט אין האַרצן געלאַכט. ער האָט געוווּסט, אַז סירניצע קען זיך באַגיין אָן „זאָגן", נאָר ער איז דאָך אַ מזג־טוב, פּינטשיק, וועט ער דאָך ניט גיין איבערשפּאַרן אַרקינען, זאָגט ער:

— איך ווייס, אפשר וואָלט מען זיי טאַקע דאַרפן געבן צו דער־קלערן מיט אַ פּאָר ווערטער, זיי זאָלן זיך אָריענטירן אין איצטיקער „פּאָלאַזשעניע".

איז אברהם־שיע אַרקין צוגעגאַנגען צו אַ ווינקל פון דער בימה, אפשר ווייל אין מיטן, ווען ער שטעלט זיך, וואָלט עס אויסגעקומען אַזוי ווי אַ בעל־דרשער, — און דאָס שטייט אים ניט אָן, — און ער האָט אויף זיין שטילן קול אָנגעהויבן אַזוי ווי פון אַ מיט, טאַקע אַזוי אינעם מאַנטל שטייענדיק, מיט די אָפּגעריבענע לעכלעך אַרום אַלע קנעפּ, און ער האָט געזאָגט:

— פון אייער ערלויבעניש, געערטע פּובליקום, וואָלט ניט שאַטן מיט אַ פּאָר ווערטער אפשר מאַכן קלאָר די היינטיקע „סאָביטיעס"... — פון דער ערשטער רגע האָט דער עולם ניט געוווּסט, צי דאָס רעדט ער צו אַלעמען און צי דאָס איז מיט אָן ערנסט. וואָרעם וואָס איז? ער איז שוין געוואָרן אַ בעל־דרשער אין מיטן דרינען? — דערנאָך האָט מען זיך פונדעסטוועגן פון די טונקעלע קלויז־ווינקלען פויל אַ צי געטאָן צום בימה. קיין פולע קלויז איז סיי ווי ניט געווען, ס'איז דאָך אַ וואָכעדיקע מנחה, נאָר מ'האָט געוואָלט הערן אפשר רעדט ער טאַקע עפּעס בייטיקס, דעם באַקאַליאַרס איידעם. אפשר וועט ער עפּעס אַזעלכעס דערציילן פון בלאַט, וואָס מ'האָט נאָך ניט געהערט. און ער, אַרקין, האַלט שוין אין מיטן. ער רעדט שטיל אַזוי ווי צו אַ חבר און ביים שפּיץ־בימה אַזוי שטייענדיק... דער שמש האָט אָבער ניט געקענט פאַרנעמען די וואָכע־דיקייט, האָט ער אַראָפּגענומען צוויי לייכטערס פון עמוד מיט ברענענ־דיקע ליכט און האָט זיי אַנידערגעשטעלט אויף דער בימה.

— נו, מילא, — זאָגט ער, — אויב דו רעדסט שוין יאָ, טאָ רעד אַזוי

מ׳זאָל הערן אַ וואָרט! אַזוי אַ, — און ער האָט גענומען בידיים און אַ שטופּ געטון דעם רעדנער צו דער מיט פון בימה...

אַרקין האָט זיך ניט אויסגעמאַכט פון דער גראָבקייט פון דעם שמש און ער האָט פאַרגעזעצט ווייטער אינעם אייגענעם טאָן, אויפן נייעם אַרט שטייענדיק. ער האָט געזאָגט: „היסטאָריש־געשיכטלעך, מ׳זאָל אייגנט־לעך אַ קוק טאָן, איז דער שטריימל ניט קיין מלבוש פון כבוד... אומזיסט האָט מען פאַרהייליקט... איצט, ווען די זעלבסטהערשונג איז געשטורעמט, איז פאַרשטענדיק, אַז גלייכבאַרעכטיקונג קומט פאַר אַלע פעלקער און פאַר יידן אויך בכלל, און מען דאַרף אַליין זען, דער יידישער קרעמער, אַז די זעלבסטווירדע זאָל זיך אַ ביסל אויפהייבן. און ס׳איז אויך נייטיק, אַז מ׳זאָל באַהאַנדלען דעם „אינו יהודי״ אַזוי ווי דעם „יהודי״ אָן רמאות און דאָס גלייכן. און ווערדליק די בלעטער שרייבן, קאָן מען האָפן גרויסע ישועות אויף יידן, ווי צום ביישפּיל, אַ ייד וועט אפילו קענען פאַרנעמען אַ געזעלשאַפטלעכע שטעלע אויך, גלייך מיט אַלע אין לאַנד...

— שוין? — פרעגט דער שמש?

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט? — פרעגט אברהם־שיע מיט אַ שמייכל פון ביטול.

— נו, איז גוט, טאָ זאָג פּייוול „והוא רחום״.

און פּייוול דער שוסטער, אָן אָבל איז ער, האָט זיך געשטעלט צום עמוד און מ׳האָט זיך גענומען דאַווענען מעריב.

— האָט מיר אַ מאַכט, — זאָגט בונים־בער צו פּינטשיקן שוין — אין קיעוו זאָלסט אָנקוקן אַ טאָלפּאָ, צי אין פּייטערבאָרג, דאָרט מאַכט מען מיט די טיכעלעך פון די גאַנקעס און אויף אַלע גאַסן שרייט מען הורא, אַז די גאַסן צעלייגן זיך. טאָג און נאַכט פאַרלעשן זיך ניט די לאַמטער־נעס און דאָרט איז טאָג אַזוי ווי נאַכט הילולא וחינגא.

אָבער יחיאל בנימין־לייבס, דער פאַרבאַקטער אַליקער חסיד זאָגט, אַז ס׳מחויב זיין די טעג פון אַליק אַ בריוו, וועט מען וויסן אַקוראַט מיט וואָס ס׳שמעקט — צי יידן האָבן זיך מיט וואָס צו פרייען, צי ניין.

דערווייל האָט דער אייגענער אברהם־שיע צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר לערער אָנגעפאַרענע פון „קאַנדיציעס״ זיך גענומען און פאַרפּאַסט אַ טעאַ־טער־שפּיל ווי אַזוי ניקאָלאַי דער שיכור און זיין אויסגעלאַסענע ווייב אַלעקסאַנדראַ און די מיניסטאָרן־גנבים האָבן געדרייט דאָס רעדל. איין זאַך איז נאָר געווען שלעכט, וואָס קיין פרויען האָבן זיך ניט איינ־געשטעלט גיין שפּילן. און ס׳איז ניט געווען קיין „אַלעקסאַנדראַ״, ביז מ׳האָט געמוזט אָנקומען צו מרדכעלען דעם זאַגאַטאָווטשיק. יענער האָט

זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, מ׳האָט אים אַנגעטאָן אין אַ קליידל, אין אַ פּאַריק און אין קאַרעלן און ער האָט געשפּילט די קיסרינע.

אַ שטאָל האָט מען געליען אין פּאַטשט. אַ גרויסע שטאָל, אַ ריינע און אין סאַמע מיט שטאָט.

אַרום 7 אַ זייגער פּאַר נאַכט, אין איינעם אַ טאָג אַרום חול־המועד פּסח, איז אַרויס דער טעאַטער. די לערער האָבן נאָך פריער געוווּסט, אַז דאָס שטעטל וועט זיין זייער קאַרג ביים אויסלייען זאַכן. נאָר מילא, ניט אין דער שיינקייט גייט דאָך עס. ס׳גייט אינעם תוך, און דער בית־מדרש האָט אפילו קיין גרויסן לאָמפּ ניט געוואָלט געבן. דאָס איז שוין טאַקע אַן אמתע חזירײַ: וואָס — וואָס, די לאָמפּן זענען דאָך שוין געוויס אַ קהלשע זאַך?

קיין בענק זענען אין שטאָל אויך ניט געווען. איז מען געשטאַנען און מ׳האָט זיך געצויגן איינער איבערן אַנדערנס אַקסלען. פאַרשטייט זיך, אַז די אומגליקלעכע זענען געווען די קליינע מיידעלעך מיט די נאַסע ערשט אויסגעצוואָגענע צעפּעלעך. זיי האָבן זיך געגרייט און געגרייט און ערשט קענען זיי גאָרניט זען. מ׳האָלט זיי נאָר אַלע ווילע אין איין פאַרטרעטן די פיס.

ס׳האָט געברענט אַ טונקל לעמפּל, און דער קיסר, וואָס אין די פּאַגאָנעס, האָט אַלע רגע גערופן צו זיך דעם משרת און האָט אַלע ווײַלע געקערט די גלעזלעך משקה אין האַלדז אַרײַן. פּלוצעם האָט לייזער שרה־ביילעס, דער סטאָליער, אַרויפגעקלעטערט אויפן טיש... לייזער שרה־ביילעס, אַ יינגל, אַ יתום, וואָס לעבט כסדר פון שטאָט און מען האָט פון אים קיין מאָל ניט געהערט אַ וועלכן קול ער האָט אפילו, האָט ער זיך אַרויפגעקלעטערט אויפן טיש און ער האָט גענומען האַלטן אַ „רעטש". די אַרטיסטן האָבן אויף אים גענומען שרייען און טופּען מיט די פיס ער זאָל אַראָפּקריכן. דאָס פּובליקום אָבער האָט אויך אַ דעה, האָט מען גענומען שרייען אויף די אַרטיסטן, אַז מ׳פרעגט זיי ניט, זאָל ער רעדן.

— לייזער, רעד! רעד, לייזער! זאָג וואָס דו דאַרפסט! — און ער האָט גאָרניט געדאַרפט אַזעלכעס, ער האָט נאָר געוואָלט זאָגן עטלעכע ווערטער.

— חברים, — האָט ער געזאָגט. — מע דאַרף לייגן די בורזשואַזיע אין דער ערד אַרײַן, וועט די רעוואָלוציע האָבן אַ מאַכט. מיר ווילן ניט האָבן קיין מלחמה. נידער מיט די בורזשויעס און די פּריצים, זאָל לעבן די פרייהייט...

און ער קריכט שוין פון טיש. מ׳האָט אָנגעהויבן פּאַטשן בראַוואָ, און

ס'האָט זיך געטומלט אין טעאַטער ביז שפּעט אויף דער נאַכט. ס'האָט שוין אַפילו ניט געסטייעט קיין גאַזע אין די לאָמפּן.

אויף צוריק וועגס פון טעאַטער איז שלוימקע געגאַנגען מיט אַ גאַנ־צער קאָמפּאַניע. שעווקע איז געווען איבערראַשט: — וואָס זאָגסטו אויף לייזערן? אָט דאָס הייסט גערעדט!

שלוימקע איז געווען פאַרקלערט. אים האָט געאַרט, וואָס ער קען ניט אַרויסזאָגן אין דער רגע אַלץ, וואָס ער וויל. אַז ער איז שוין געווען אין דער היים און אַלע זענען שוין געשלאָפן, איז ער געזעסן און האָט געשריבן אַ מעשהלע וועגן דער פרייהייט. ער האָט אָנגעשריבן אין קיך ביי אַ לעמפּל, אַז „די דאָמע אין ווייסן, די פרייהייט האָט זיך סוף־כל־סוף אויסגעלייזט פון געפענקעניש און צו איר ציען זיך אַ סך הענט. דער האַראַפּניק מיטן קולאַק זיצן אין די פינצטערע ווינקלען און זיי קענען זיך ניט ווייזן אויף דער ליכטיקער שיין. נאָר אַלע מענטשן, וואָס ציען זיך צו דער פרוי אין ווייסן, האָבן פּלוצעם דערזען אויפן שלעפּ פון איר קלייד אַ רויטן פלעק:

— בלוט! — האָבן זיי אויסגעשריגן און זענען צוגעפאַלן צו דער ערד. און אַז זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איז געוואָרן אַ מהומה צווישן פאָלק אַליין. ברידער זענען אויפגעשטאַנען אויף ברידער, און פריינד אויף פריינד. און די פרוי אין ווייסן האָט פאַרבראָכן אירע קלאָרע ווייסע הענט און זי האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ וואָלקן מיט דונער, מיט בליצן און מיט געוויין"...

**2**

אין מיטן זומער איז געווען אין שטאָט דער צווייטער טעאַטער.

ס'איז אַראָפּגעקומען פון ווייטן אַ ציוניסטקע אַ בעל־דרשערקע, און זי האָט אָפּגערעדט, וואָס זי האָט געדאַרפט. שבת איז זי געווען מיט די ציוניסטן אין הויפגאָרטן אויפן גראָז און מ'האָט אַלע פריינדלעך פאַר־בראַכט. און מיטוואָך פאַרן אָוועקפאָר האָט זי געמאַכט מיט אַלע חברה אַ טעאַטער. ביי פּייוול דעם שוסטער האָט מען אָפּגעדונגען די האַלבע ניט־דערבויטע שטוב מיט די פאַרקלאַפּטע פענצטער פאַר אַ טעאַטער. דאָ האָבן שוין יאָ געשפּילט מיידלעך, דווקא די שענסטע פון שטאָט. זיי האָבן זיך צו ערשט געשעמט, נאָר אַז זי האָט זיי געגעבן צו דערקלערן, אַז ס'איז פּשוט נאַריש זיך שעמען, זענען זיי שוין איינגעגאַנגען. און איינעם אַ יינגל האָט מען אויסגעקליידעט פּונקט ווי דעם דאָקטער הערצל. ער האָט געדאַרפט שטיין סאַמע אַנטקעגן און שווייגן די גאַנצע צייט, ווייל

ער איז אַ געשטאָרבענער. אויפֿן סצענע אַליין האָבן די שענסטע מיידלעך פֿון שטאָט, דעם רבס מיידל און נאָך אַ פּאָר, האָבן זיי זיך געדאַרפֿט אויסטאָן באָרוועס און זענען אַרויסגעגאַנגען מיט די ווייסע אויסגעוואַשענע באָרוועסע פֿיס און האָבן געקליבן אַ סך שטרוי פֿון דער ערד און האָבן געזונגען „גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער"... און דער דאָקטער הערצל האָט אויך זיי געוויזן פֿון שאָטן און געשוויגן. דערנאָך האָט די ציוניסטקע אַליין געזונגען „וואָס איז העכער פֿון אַ דאַך, און וואָס איז טיפֿער פֿון אַ טייך", און בערישעס יינגל, דער עלטערער, האָט זי אונטערגעהאַלטן אויפֿן פֿידל.

פֿייגל מיט יחיאלן זענען געקומען אַהיים און האָבן געזאָגט, אַז ס׳דווקא געווען אַן אינטערעסאַנטער טעאַטער. נאָר פֿון די ברעטלעך האָט געבלאָזן אַ ווינט און שוסטערלעך מיט נאָך שקצים האָבן געוואָרפֿן אַהין מיט שטיינער.

און די שטאָט האָט געזאָגט אין איין וואָך אַרום, אַז ס׳טאַקע געווען אַן אינטערעסאַנטער טעאַטער, נאָר ווען מען באַקומט זי צוריק אַהער די בעל-דרשערקע, וואָלט מען זי ניט אַרויסגעלאָזט פֿון דאַנען קיין לעבעדיקע.

פֿאַר וואָס?

פֿאַר דערפֿאַר, וואָס זינט נאָך דעם טעאַטער, איז ניטאָ קיין איין שטוב ס׳זאָל דאָרט ניט זיין קיין קראַנקע. מ׳זאָגט, אַז דאָס האָט זי געבראַכט מיט זיך אַזאַ קראַנקייט, וואָס הייסט „שפּאַנקע". נאָר דאָס זענען אַלץ פּוסטע מעשיות. דערווייל ליגן אין אַלע הייזער קראַנקע און מ׳פּאַכעט זיך מיט די נשמות. ווער ס׳ברעכט מיט דער גרינער גאַל, און ווער ס׳ווערט אַזוי אויסגעריסן. אַ נס, וואָס די גויים ווייסן ניט פֿון וואַנען ס׳האָט זיך אַהער גענומען, אַז ניט וואָלטן זיי חרוב געמאַכט די שטאָט.

פֿייוולען האָט מען אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך מער ניט דערוועגן פֿאַרדינגען די שטוב פֿאַר קיין טעאַטערס. ער מעג דאָרט זעצן געגנדז. ער מעג אַהין אַנטרייבן בהמות, דעם „באָק" פֿון שטאָט מעג ער דאָרטן האַלטן, נאָר ס׳זאָל מער ניט דערמאָנט ווערן אין שטאָט דער נאָמען טעאַטער. און משה דער האַנטשאַרקעס איז טאַקע, נעבעך, אַוועקגעשטאָרבן. און וואָלטשע איז אויך געשטאָרבן. דוכט זיך, אַזאַ וואָלטשע און אַלץ איבערן טעאַטער... אויס! איר מעגט זיך שוין אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ די חצופֿישע „פּיסטאַקן" מיט די טעאַטערס.

און אַזוי ווי פּייסיע ווייסבאָרד איז אַ ייד, וואָס קען לערנען און איז נאָך אַזאַ פּאַרנעם אין שטאָט, האָט ער געוואָלט זיין טאָטן אָנטאָן כבוד

און ראשית־כל געזען, אַז די תלמוד־תורה־קינדער זאָלן לויפן פאַר דער לוויה און שרייען „צדק לפניו יהלך". צווייטנס, האָט ער געטיילט צדקה ביי דער לוויה און האָט פאַרגאָסן אַ טרער. דריטנס, האָט ער געזאָגט פאַר איטלעכן, אַז ער טרעט אָפּ זיין חלק ירושה דעם שטומען ברודער און, פערטנס, האָט ער געלאָזן דעם טיש צעברעכן, דעם טיש, אויף וועלכן זיין טאַטע האָט געלערנט תורה, און האָט געהייסן מאַכן פון דעם פאַרן פאָטער אַ שטיבל.

בונים־בער מיט שיינען זענען געווען אויף דער לוויה, און פּייסיע, אַזוי ווי ער איז אַ ייד, וואָס האָט שוין געזען אַ וועלט, האָט ער געזאָגט, און ס'איז אים אפילו געווען ניט שיין רעדן מיט אַ פּראָסטן געוויינלעכן קול בעת ער גייט נאָך נאָך דעם פאָטערס מיטה, נאָר צוריק וועגס האָט ער שוין זיך ניט געקענט איינהאַלטן און האָט געזאָגט: — שפּייט זיך אויס, — האָט ער געזאָגט, — ס'ניט איבערן טעאַטער. אָט שפּילט מען אויף אַ גרויסער וועלט אומעטום טעאַטערס און ס'גאַרניט. מ'זאָל אַזוי אָנהייבן שטאַרבן, וואָלט די גאַנצע וועלט דאַרפן צעשטאַרבן ווערן. אַ טעאַטער איז זיך אַ טעאַטער, און אַ כאָליערע איז זיך אַ כאָליערע. און דאָס איז אפילו ניט קיין כאָליערע, ס'איז אַזאַ שווערע קראַנקייט, און אויף זייער פאָלק לייגט עס זיך נאָך שווערער, ווי אויף יידן.

3

אַז בונים־בער איז געקומען פון דער לוויה האָט ער געטראָפן די האַרבאַרניע ליידיק און ווי אַ באָד ניט קיין צוגעקליבענע:

— ווו זענען די מענטשן?

מ'האָט זיי אָוועקגערופן אויף אַ סאָבראַניע.

בונים־בער האָט זיך ניט געפילט און איז אַליין אָוועקגעלאָפן צוריק אין שטאָט. די נאָזלעכער האָבן זיך ביי אים צעבלאָזן. הונגעריק איז ער געווען און אין כעס אויך. צוריק איז ער שוין געגאַנגען מיט אַלע 4 אַרבעטער (אַנדערע זענען געווען מיט עפּעס אומצופרידן), און ער האָט געטענהט:

— נאָך דער אַרבעט, — האָט ער געטענהט, — אויב איר ווילט ניט שלאָפן, קענט איר מאַכן סאָבראַניעס, וויפל אייער האַרץ גלוסט.

און ביי דער אַרבעט שוין שטייענדיק, ווען דער עולם האָט זיך שוויי־גנדיק און פויל געשאָקלט ביי די טישן, האָט זיך שמיליע דערמאָנט און האָט זיך יינגלש צעלאַכט:

— מ'וויל אונדז מאַכן, — זאָגט ער, — פאַר גאַנצע קנעפּעלעך.

ראַז ס׳אַ סלאַבאָדע, זאָגן זיי, דאַרף מען אַרבעטן 8 שעה נאָכן הודאַק נאָך?...

— נאָכן הודאַק? — האָט זיך בונים־בער אָנגעכאַפּט. — נאָכן הודאַק וועט איר גיין צו אייערע ווייבער אין די בעטן אַריין, און אַרבעטן וועט מען אַזוי פיל, וויפל מען דאַרף! אַ זאַוואָד האָט פיינט אַזעלכע שטוקעס. אַ מאָל אַרבעט מען דריי שעה און אַ מאָל דרייצן, וויפל ס׳טרעבעוועט זיך, אַזוי פיל אַרבעט מען. האָסטו געהערט אַ ביסל, הודאַק?.

---

שבת אין שול צווישן די ווייבער, איז שיינע קיין מאָל ניט קיין רעדנערין. נאָר אויף היינטיקס מאָל האָט זי זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און געמוזט אַריינמישן, אַז ווי קען שוין זיין גוט אויף דער וועלט, אַז אַזעלכע, ניט דאָ געדאַכט, טאַרבעס, נעמען און ווערן באַלעבאַטים אויף אַ שטאָט.

און אַז די ווייבער האָבן געוואָלט וויסן, וואָס איז געשען, האָט זי דערציילט אין איין כּעס, אַז אַזאַ טאַרבע, ווי דער לייזערקע, וואָס די שטאָט האָט אים פון קליינוויז אויף, אַלע פּרייטיק האָט זי דאָך אַליין אַריינגעוואָרפן אַ חלהלע פון זיינעט וועגן דער אַלטער שמער־טשיכען אין זאַק אַריין, איז אַזאַ לייזערקע מיט דער אָנגערוקטער היטל איבערן גאַנצן קאָפּ, זאָל ווערן באַלעבאָס אויף אַ שטאָט. און דאָ אַנו־מלטן איז ער געקומען מיט אַ גאַנצער כאַפּטיע שקאָצים און שלעפּט אים, איר בונים־בערן, אין רעסטאָנקע אַריין... ער גייט דווקא אָן אַ שאַשקע, גייט ער... און די מענטשן האָט מען צעטריבן זיי זאָלן נאָר אַרבעטן אויפן זייגער... האָט איר שוין געהערט אַ מאָל אַזאַ אויסרייסעניש? אַז די מענטשן אַליין ווילן דאָס גאַרניט! ווער וויל דאָס נעמען אומזיסט געלט?

און זי פאַרענדיקט, אַז טאַמער האָט שמיליע גאָלדע־ביילעס אויס־געריעדט אַ וואָרט, האָט מען אים אויך פאַרבעטן אין רעסטאָנקע אַריין אין איינעם מיט די באַלעבאַטים. וואָס איז? מ׳איז ניט אָפּגעזעסן, מיינט איר, קיין גאַנצע דריי טעג?

און אויב איר מיינט, אַז שיינע רעדט פון דער הוילער הויט, האָט איר פּונקט אַ טעות. וואָרעם אַז די האַרבאַרעס, די שוסטערס און די מיל־נערס האָבן זיך געבונטעוועט, זיי האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען קיין „אַרבעטן אויפן זייגער”, האָט אין איין שיינעם טאָג לייזער פּאַלאַטנע צונויפגערופן די „ווערעמענע מיליציע”, און מענטשן פון „סאַיוז” — ברוכן דעם בעקער, לייבלען מאַנטלס, דעם טכאָרינער הויכן שייגעץ מיטן געלן

קאָפּ אינעם לאַנגן שינעל, און נאָך אַ פּאָר, און מ׳האָט צונויפגעשטעלט אַן אַקט, אַז „פּאָסקאָלקו" די באַלעבאָטים זענען נאָך אַנגעשמעקט מיטן אַלטן רעזשים און זייערע „טרעבאָוואַניעס" צו די אַרבעטער טראָגן אַ קאָנטררעוואָלוציאָנעם כאַראַקטער, „פּאָדווערגאַיען" זיי זיך אַלע אַן אַרעסט דאָ „ראַזבאָרא דיעלאַ" און... ווי באַלד ס׳שוין דאָ אַ פּאַפּיר און מ׳האָט שוין געקליבן אַ „סאָיוז", איז מען אומגעגאַנגען איבער די פּרעדפּריאַ־טיעס און מ׳האָט אַרעסטירט די באַלעבאָטימלעך. יענע האָבן ווילנדיק ניט־ווילנדיק זיך געמוזט אָנטאָן און גיין. ביי זיי איז אויסגעקומען, אַז די יידישע מיליציע איז גאָרניט אויסן, ווי נאָר מאַכן אַ געשפּעט פון זיך אַליין און אַ סוף. און טאָמער האָט שמיליע גאָלדע־ביילעס געוואָלט אַרויסוואַרפן אַ שטוקע און זיך אויף צו כלומרשט איינשטעלן פאַרן באַ־לעבאָס, האָט לייזער געזאָגט, אַז אַזעלכע זאַכן הערט ער דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן, „אַז אַן אַרבעטער זאָל זיך איינשטעלן פאַר אַ בורזשוי"...

שמיליע איז צעמישט געוואָרן. ער האָט גענומען טאַנצן, אַז ער האָט אַ ווייב מיט קינדער און וואָס האָט מען צו אים? דער דינער בעזל אויפן פּנים האָט ביי אים באַקומען אַ קלאָגעדיקן אויסזען, און די טונקל־געלע באָרד איז געוואָרן אין גאַנצן צעפּלאָשעט. אַז ער ווערט צעטראָגן, שטעלן זיך ביי אים גלייך טרערן אין די אויגן:

— וואָס האָט איר צו מיר? — טענהט ער, — אַז איך דאַרף מיט מיינע צוויי הענט פּאָהאָדעווען אַ ווייב מיט קינדער. יידן, וואָס שווייגט איר? — האָט ער זיך פּלוצעם געווענדעט צו די איבעריקע בעלי־מלאָ־כות. — און דאָ האָט ווייטער לייזער געזאָגט האַלב אויף יידיש און האַלב אויף גוייש: — זאָלט איר טאַקע וויסן, ר׳ שמיליע, אַז מ׳דאַרף מער קיין נאָר ניט זיין. „אָטפּוסטים יעוואָ פּאָקאָ..." און איז אַוועק.

און ווער, מיינט איר, האָט זיך דער ערשטער אונטערגעגעבן? אָנו, טרעפט! פּיישקע ווייסבורד! ער האָט געזאָגט, אַז מע האָט גלייך געדאַרפט רופן אין סאָיוז, און דאָרט האָט ער מיט זיין חכמעלע און מיט אַ גנביש שמייכעלע געטענהט:

— ווער וויל דען ניט? נאָך אים נאָך האָט מען געדאַרפט געוועזן שוין לאַנג איינפירן ראַבאָטשי דיען. וואָס איז? אין די גרויסע שטעט איז עס דען אַ בייס? אַ־האָ, נאָך פון ווען אַן ס׳איז שוין איינגעפירט! נאָר גיי טו עפּעס אויף מיט די היגע אייזלען, מיט די היגע פערד. און ווייטער טאַקע דאָס אייגענע. אויף וואָס דאַרף מען זיך קריגן, אַז מע קען דאָס אַלץ מאַכן מיט גוטן? — און ער האָט טאַקע דער ערשטער אונ־

טערגעשריבן דעם קאָנטראַקט, און די קלענערע באַלעבאַטים האָבן זיך מיט חשד איבערגעקוקט צווישן זיך און סוף־כל־סוף אויך אונטערגעשריבן.
און אַז זיי זענען אַרויס, האָט מען אין סאָיוז געזאָגט:
— אַ פוקס אָט דער ווייסבורד! — און לייזער האָט געזאָגט צו די חברה:
— יאָ, דעם חברה־מאַן דאַרף מען האַלטן אין אויג.

## אין אַ לויטערן באַגינען

ס'איז געווען אַ קילער, נאָר אַ לויטערער פרימאָרגן.
שעווקע איז געווען לעם מאַטריען אין גאָרטן, און זיי האָבן געזעצט פּאַסאָליעס, אוגערקעס, האַרבוזעס און קייעכעס.
ביי מאַטריען איז געווען אַ שוואַרצער צאָפּ, פון אויבן — אַ גראָבער און צום סוף אַ דינער, און ביי שעווקען איז געווען אַ ליכטיקער צאָפּ, אַ שיינער פון אויבן ביז אַראָפּ, צייטנווייז פאַרפלאָכטן אין אַ קובליק, און צייטנווייז פלעג ער זיך צעפלעכטן און אַראָפּפאַלן אויף די פּלייצעס.
מאַטריע איז געווען אַ מיידל, שעווקע — אַ ווייבל. נאָר מאַטריע האָט שוין געוווסט זאַכן מער, ווי אַ מיידל דאַרף וויסן. שעווקע האָט זי ניט שטאַרק געמאַכט שולדיק. שעווקע האָט זי אפילו ליב געהאַט. מאַטריע איז געווען אַ קלוגע, זי איז געווען אַ מבין אי אויף זיך, אי אויף אַ צווייטן.
שעווקע פלעג זי כסדר רופן אויף טאָן אַן אַרבעט, און אָפט פלעג מאַטריע קומען צולויפן צו שעווקען, יענע זאָל איר אויפשטעפּן אַ קאָפּטל אָדער צושטעפּן אויף דער מאַשין אַ פּאָר אויסגענייטע אַרבל צו אַ העמד.
דער גאָרטן איז געווען אַ גרויסער. ביידע פרויען זענען געזעסן ווייט אין אַ ראַזאָרע, און זיי זענען געווען ווי אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט.
אַן אַנדערש מאָל וואָלט שעווקע גאָר אָנגעקווועלט פון אַזאַ אַרבעט. נאָר איצט האָט איר עפּעס געסמאָקעט ביים האַרצן.
מאַטריע האָט גענומען פון דעם שיסעלע די צעוואָקסענע בעבלעך, האָט פאַרוואָרפן אויף אַרונטער דעם צאָפּ, וואָס האָט איר כסדר געשטערט, און דערביי אַ זאָג געטאָן אין גאַנצן אומגעריכט:
— פאַיכאַוו שליאַמקאַ?!
שעווקען האָט אַזש אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן פון דער פלוצעמדיקער פראַגע. קיין מאָל האָט זי מיט קיינעם ניט גערעדט וועגן אירע

געפֿילן צו שלוימקען. טאַקע אַ גרויס יינגל, אַ שיין יינגל, אָבער דאָך אַ יינגל, און זי איז שוין אַ מאַמע פֿון קינדער. זי האָט זיך איצט אויך ניט געריכט, זי זאָל פֿון אים רעדן. מיט וועמען וועט זי רעדן? מיט שיינען? מיט בונים־בערן? צי מיט שלוימקעס עלטערן?

— פּאַיִכאָוו, — האָט שעווקע אין אַ ווײַלע אַרום געענטפֿערט. זי האָט ווי אויספּרוווּנדיק אַ קוק געטאָן מאַטריען אין די אויגן אַרײַן, און איר שמייכל איז איצט געווען אַ פֿרעגנדיקער. שעווקע האָט איצט נאָך מער באַקומען ליב מאַטריען. זי איז איר פּשוט געוואָרן נאָענט.

— אַ ווויל יינגל? — האָט שעווקע אַ פֿרעג געטאָן.

— אוי, אַ ווױלער, איך וואָלט אַפּגעגעבן האַלב לעבן פֿאַר אַזאַ.

מאַטריעס אומגעריכטע ווערטער האָבן איר געמאַכט שלוימקען נאָך טײַערער און נעענטער.

זיי האָבן געשוויגן אַ ווײַלע. שוויליקל האָט גערופֿן פֿון גאַניק שעווקען, און שעווקע האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. שפּעטער אַ ביסל האָט שעווקע געזאָגט:

— אָבער ווען דו האָסט אַ מאַן?

— סע געוועגדט אַ וועלכן...

— און לײַטישע צינגער?

— אוי, שעווקאַ, זאָלן זיי בעסער קוקן אויף זיך, וועט זיי אויך סטייען איבערגענוג.

און שעווקע האָט דעם זעלבן אויף דער נאַכט געשריבן אַ בריוו צו שלוימקען. זי האָט דאָך אים אַליין צוגערעדט, ער זאָל פֿאָרן קיין כאַר־קאָוו זיך עקזאַמענירן. ס׳האָט איר אַ ביסל באַנג געטאָן פֿאַר די גרײַזן, וואָס זי מאַכט, און דער כתב אירער, האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז אויך ניט שטאַרק קיין שיינער. אָבער דאָס וואָס זי זיצט איצט און רעדט צו אים אַפֿילו דורך פּאַפּיר, האָט זי שוין אויך געמאַכט פֿילן זײַן נאָענטקייט.

יאָ, זי האָט אים אַליין צוגערעדט, ער זאָל פֿאָרן קיין כאַרקאָוו זיך עקזאַמענירן. פֿון קיין אוניווערסיטעטן האָט ער ניט געקענט טראַכטן. אָבער ער האָט געוואָלט אַנקומען אין אַ לערער־סעמינאַר. ס׳זענען דער־גאַנגען בלעטער קיין סירניצע, און שלוימקע האָט אין די בלעטער דער־זען, אַז סע עפֿנט זיך אַ סעמינאַר פֿאַר יידישע לערער. זי האָט אים דאָן געזאָגט: לערן זיך, שלוימקע, און נעם מיך אויך אַרויס אַהין צו.

די דאָזיקע אַלע רייד פֿלעג זי זאָגן ווי אין אַ געלעכטער, ווי אַ זאַך, וואָס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך ניט צום פֿאַרווירקלעכן. אָבער דאָס האַרץ האָט איר געסמאַקעט, און די לעצטע צײַט האָט זי אָנגעהויבן אויף

זיך באַמערקן, אַז זי ציט זיך דורך די נעכט צו אים, צו שלוימקען, און אין דער זעלבער צייט קוקט זי אויף זיך, ווי אויף אַ לייכטזיניקן מענ־טשן. שוין אָפּגערעדט, אַז זי איז אַ ווייב פון אַ מאַן און אַ מאַמע פון קינדער, — דאַרף זי דאָך נאָך ניט פאַרגעסן, אַז שלוימקע איז יונג, שלוימקע וועט דאַרפן חתונה האָבן און פירן אַ לעבן. וואָס פאַר אַ רעכט האָט זי מיט אירע בענקענישן אַריינקריכן אַהין, ווו סע וועט דאַרפן זיצן אַן אַנדערע.

ריסל און מאַטעס האָבן שטאַרק ניט געוואָלט ליידן, אַז שלוימקע זאָל אַוועקפאָרן. ס׳איז אַפילו שיר ניט דערגאַנגען צו אַ קריג. מיט איין זאַך האָבן זיי זיך נאָר געטרייסט, אַז ער וועט ניט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען.

שיינע האָט אויך געהאַלטן, אַז סע וועט קיין קיום ניט האָבן:

— אַז ניט, — זאָגט זי, — וועט ער זיך קענען צוגעוווינען צו דער שטאָטישער ענגשאַפט מיט די שטאָטישע עסעכצן? אייסעך וואָס! ער וועט קומען צולויפן און נאָך אַנקלאַפּן אין פענצטער און פרעגן: „ווו זיצט איר?״

שעווקע האָט אָנגעהויבן אַריינגיין אָפטער צו ריסלען מיט אַן אַרבעט אין האַנט. זי האָט גאָר ניט געוווסט ביז איצט, אַז זי האָט אַזוי ליב אי מאַטעסן, אי ריסלען. עפּעס אויף יעדער טראָט וואָלט זי זיי וועלן אָדער פאַרשפּאָרן עפּעס אַן אַרבעט, אָדער פאַרשאַפן אַ באַקוועמלעכקייט.

„איי, שעווקע, שעווקע, — האָט זי איין מאָל שיער ניט אַ זאָג געטאָן הויך אויף אַ קול צו זיך אַליין, — דיר איז דאָך שוין ניט קיין אַכצן יאָר!״...

## געקומען נאָך ירושה

בונים־בער איז אַ ביסל באַליידיקט אויף „לייזערס מלוכה״. ער טענהט, אַז די אַרבעטער פילן הייגט ניט, ווער עלטער איז, און ער זאָגט, אַז פאַר אים איז איצט ניפּאַטשאַם זיך אויפהייבן און אין גאַנצן אַוועקפאָרן קיין קאַנאַדע, קיין מעקסיקע, קיין אַמעריקע, צי קיין פּאַלעסטינע. קערענסקי, זאָגט ער, האָט געמאַכט אַן אָפענע וועלט פאַר איטלעכן. וואָס, איר גלייבט ניט? — זאָגט ער. — איר מיינט, כ׳וועל זיך אַנידערזעצן אָט דאָ אויף די חורבות און כ׳וועל זיצן? איך שווער אייך, ווי איר זעט מיך אַ יידן, אַז איך פאַרקויף אַלץ אויס ביז אַ פּיצל, און אויף פסח האָט איר שוין פון אונדז אַ בריוול פונעם אָרט.

אויף די רייד איז אַראָפּגעקומען איטשעלע פון יאַנאַווער רודניע,

ווו ער איז געווען צוויי יאָר ביים פעטער לייבקען. ער האָט געלערנט מיטן פעטער לייבקעס צוויי מיידלעך און מיטן קלענערן ייִנגל. גאַנצע צוויי יאָר, אַז ער איז ניט געווען אין דער היים. האָט קיינער פון אים ניט געדענקט, קיינער האָט נאָך אים ניט געבענקט, חוץ דער אַלטער. פּלוצעם פאַלט ער אַראָפּ אַהיים, און מע חידושט זיך אַלע, ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן.

בונים־בער האָט געזאָגט:

— טו נאָר אַ קוק אויף אים, ס׳איז שוין אַ גאַנצער מאַפּס.

און שעווקע האָט געלאַכט:

— מיט אים, — זאָגט זי, — איז שוין אַ מורא. ער וועט שוין גיך בעטן אַ כּלה!

אָבער איטשעלען איז ניט געלעגן אין זינען קיין געלעכטער. ער איז אַראָפּגעקומען גאָר מיט אַן אַנדער נייס. אים איז אַריין אַ טראַנץ אין קאָפּ: ער האָט אַ שותף מיט געלט און ער וויל זיין חלק הארבאַרניע מיט זיין חלק גאָרטן. קען זיין, אַז ער וועט זיך קויפן אַ פּויעריש שטיבעלע פּאָר אַ זעכציק—זיבעציק רובל און ער וועט עס דאָ אַנידערשטעלן אין הויף. ער איז ניט מחויב זיין ביי בונים־בערן אַ משרת.

... אַזאַ מעשׂה!

בונים־בער איז געוואָרן אין כּעס און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט זיך נאָר וואָס באַרימט, אַז אויף פּסח איז ער שוין מיט דער משפּחה און מיט האָקל־באָקל ערגעץ אין קאַנאַדע אָדער אין אַמעריקע שוין אויפן אָרט; ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען, זאָגט ער, אַז פּלאַץ קען ער אים געבן, איטשעלען, 4 איילן... און דאָס ניט דאָ, נאָר אונטערן באַרג, ווו אַלע יידן רוען.

און ער וויל אפילו ניט הערן, וואָס אַ משוגענעם הונט קען איינ־פאַלן אין געדאַנק.

זאָגט שוין איטשעלע פון זיין זייט, אַז אויף משוגע ווערן און לויפן איבער גאַסן אין איין העמד אפילו איז דער עלטערער ברודער בילכער, און ס׳וועט אים העלפן אַזוי ווי אַ טויטן באַנקעס. חלק קומט אים, סיי על פּי דין, סיי על פּי יושר, און ער וויל אפילו ניט קיין געלט, ער וויל חלק, און ער איז ניט קיין קליין קינד, מען וועט אים שוין פון שטוב ניט טרייבן...

— נאָך אַ מין טרייבן! אַזוי ווי אַ הונט וועל איך דיך אַרויסטרייבן, אַז דיין טרייפער סליאַד זאָל מיר דאָ ניט זיין!...

און בונים אַליין זעט, אַז ס׳זענען נאָר רייד, כאָטש אינעם אַלטנס

צוואה, האָט ער אַ שטיקל טרייסט. יענער איז דאָרט אַפּילו ניטאָ. ער איז דאָך נאָך ניט געווען אויף דער וועלט. נאָר ער פאַרשטייט, אַז ס'שלעכט, אַז ס'רייסט זיך אויף דיר אויס אַן אויסרייסעניש, אַ „משוגענער הונט", און דו קענסט זיך פון אים ניט אַרומוואַשן מיט קיין צען וואַסערן. אים דאַכט זיך, אַז ס'איז זייוועלס אַרבעט. גיי האַלט אין שטוב אַ חזיר און נעם זיך פון אים אָן, וועט ער דיר דערנאָך אָפּדאַנקען.

און ביידע ברידער האָבן זיך נאָך דעם זעלבן אָוונט אָוועקגעזעצט יעדערער ביי זיך אין אַלקער, מ'האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און מ'שרייבט בריוו צו לייבושן קיין אַמעריקע. דער מסרט בונים־בערן: „וואָרעם דו ווייסט דאָך אַליין זייער גוט, — שרייבט ער, — מיין טייערער ברודער, — דעם טעם און ווי אַזוי מען מוטשעט אונדזער טייערע מאַמע און מ'פאַרגינט איר ניט דעם ביסן אין מויל. אַזוי ווי אַ דינסט ווערט זי פאַרשוואַרצט אַלע יאָרן"... און דער צווייטער אין זיין בריוו לויבט לייבושן אין טאָג אַריין, אַז לייבוש איז דאָך אַלע יאָרן געווען אַ גאָלד און „אָט דאָס" איז אַלע יאָרן געווען אַן אויסרייסעניש, אַ מאַפּסיילע, אַ משוגענער הונט... און ביידע ברידער קומען אויף מאָרגן צו איין אַפּטייקער, ער זאָל זיי שרייבן אַדרעסן. ביידע, פאַרשטייט זיך, ברוגזע צווישן זיך.

און איטשעלע גייט שוין אַרום צו מענטשן (די אַלטע מישט זיך ניט אויף צו כלומרשט) און ער שיקט דעם שמש, ער לאָזט, הייסט עס, רופן דעם עלטערן ברודער צום רב. ער איז אויך אַ יורש... און טאָמער וויל ער חתונה האָבן? — דאַרף ער קוקן דעם ברודער און דער שוועגערין אין די אויגן אריין? אין אַ וועלכן שולחן־ערוך שטייט עס אַזוי געשריבן?

און ס'איז מאָדנע צו קוקן, ווי אַזוי אַ בחור, נאָך אָן אַ באָרד, לאָדט זיך און ער זעצט נאָך בוררים. נאָר גלאַט, אַזוי ווי אַ דין — איז אַ דין, קענען מענטשן קיין חזירים ניט זיין און מען מוז פּסקענען. שעווען איז די גאַנצע מעשה געווען, קען מען זאָגן, ניט שטאַרק צום האַרצן. אין די טעג פון דער לאָדעניש האָט איטשעלע נאָך מער פאַרמיאוסט איר דאָס לעבן אין דער שטוב: ער עסט ניט ביים טיש, ווו אַלע עסן, נאָר אין דער מאַמעס אַלקער, ווו ער שלאָפט.

דער אַלטער איז דאָס געווען אַ גרויס צעזעצניש. זי האַלט, אַז ניט פון היינטיקן טאָג האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבן, און אַז פאַר אַלעמען איז קלאָר, וועמען ס'דאָ באַלעבאָסטע: אַז זי, שיינע, זאָל ניט האָבן דאָס רעכט געבן אָפּעסן איר אייגן קינד?!... וואָרעם ווען ניט די מרשעת, וואָס

אויסגערונען האָט זי נאָך געמעגט ווערן ביי איר מאַמען אין בויך, ווען ניט זי, וואָלטן זיך דען ברידער געקריגט צווישן זיך, צי ברידער וואָלטן זיך געטיילט ?

און פאַר וואָס איז יענער, נעבעך, פאַרטריבן געוואָרן פון אירע אויגן אויף אייביקע יאָרן ?

די אַלטע האָט געבאַקן איטשעלען באַזונדערע חלות און געקאָכט באַזונדערע טעפּעלעך. שבת, האָט זי ניט געוווסט, די אַלטע, צי זאָל זי זיך זעצן מיט בונים־בערן ביים טיש מיט דער גאַנצער משפּחה, צי ס׳איז, נעבעך, אַ רחמנות אויף איטשעלען, ווי ער מאַכט איינער אַליין קידוש דאָרט אין אַלקערל און זאָגט זמירות פרום און הויך אויף אַ קול אויך איינער אַליין.

אפילו שויליקל פרעגט זיך :

— מאַמע, פאַר וואָס דאַוונט איצל דאָרט אין אַלקער ? פאַר וואָס דאַוונט ער ניט דאָ מיטן טאַטן ?

— גיי פרעג אים, — ענטפערט שעווע מיט כעס.

די אַלטע האָט זיך געגנוג געבראָכן דעם קאָפּ, און ס׳איז ביי איר געבליבן, אַז זי איז נאָך ניט אַזוי נאַריש, אַז זי זאָל כאַפּן אַליין און צוּוואַרפן זיי דעם טיש :

— אַז ניט דערהאַרן וועלן עס נאָך מיינע שונאים, אַז איך זאָל אַוועק פון מיין טיש. וואָס איז ? געגנוג וועט שוין זיין אין גאָטס אויגן, וואָס די קינדער קאָלאָטן זיך אַזוי... נאָר, נישקשה, זיי זענען יתומים, און ס׳נאָך דאָ ווער ס׳זאָל זיך איינשטעלן פאַר יתומישער קריוודע.

אַ מאָל האַלט זי זיך ניט איין און זאָגט אויס, מיט צעמישטע אומ־לויפּנדיקע אויגן זאָגט זי אויס פאַר שעווען, וואָס זי קלערט.

— זאָלסטו וויסן זיין, שעווע, — זאָגט זי — אַז זיי זענען יתומים ! און דו האָסט אויך קינדער...

ביי אַזעלכע רייד ווערט שעווען עפּעס מאָדנע און זי ענטפערט :

— און אַז זיי זענען יתומים, נעם איך ביי זיי עפּעס צו ? זייער שאָדן אויף מיר געזאָגט געוואָרן, נישקשה, זיי קענען שוין זייער שטעטל באַשטיין.

און ווי שעווע זאָגט אַ וואָרט, אַזוי איז עס קודש־קדשים :

און שעווע זאָגט, אַז קיין האַרבאַרניע טיילט מען ניט, און קיין גאָרטן שניידט מען אויך ניט. אלא וואָס דען, אַז איצל וויל, קען מען אים צולאָזן אַ ביט און זאָל ער זיך אַרבעטן מיט אַ שותף, צי אָן אַ שותף, ווי ער וויל. פון שטוב טרייבט מען אים אויך ניט. אָט זעט איר —

צום פערד און צו דער סטאַמפּ האָט ער קיין שייכות ניט. נאָר מילא, די סטאַמפּ וועט מען אים אויך ניט זשאַלעווען, און אַ פערד וועט ער זיך דינגען, אַז ער וועט דאַרפן. און נאָך וואָס: וואָס ס׳וועט זיין שאָדן אין האַרבאַרניע, וועט איצל צאָלן אַ פינפט־חלק. טאָמער צעבערעכט זיך אַ פענצטער, אָדער וואָס! און איצט מעגן קומען הונדערט רבנים און פסקע־נען מיט הונדערט סודיעס, וועט שוין אַנדערש ניט זיין. גאָט אַליין מעג אַפילו אַראָפּקומען, אויב מען וויל ניט, אַז בלוט זאָל געגאָסן ווערן... און אַז איטשעלע וועט אַ מאָל חתונה האָבן, וועט מען דעמאָלט זען.

איטשעלע איז איינגעגאַנגען, און דער שותף איז שוין, ווייזט אויס, די גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער די פּלייצעס און האָט געוואַרט:

דאָס איז געווען חיים־וועלוול דער רבי. אַזוי זיך אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר. ער איז זיך אַ ייד אַ סוחר. מלחמה־צייט האָט ער זיך געלאָזן דורך אַזאַ זאַלב אָפּעסן דעם ווייז־פינגער פון דער רעכטער האַנט. ס׳קען זיין, אַז בעת־מעשה האָט עס אים פאַרשאַפן אי אנגסטן אי עגמת־נפש, נאָר איצט איז עס שוין גאָר פון די קלייניקייטן... אַ רבי מיט ניין פינגער אָבי ער האָט געלט, קען ער זיי אויך ציילן. איצטיקע צייט האַנדלט ער מיט פעל. מיט פעל און מיט לעדער, וואָרעם פאַר וואָס זאָל ער ניט האַנדלען מיט דעם, אַז ס׳פאַרט אַ גוטער מסחר, און צום יתום (אַזוי רופט ער איבער עפּעס איצלען) איז ער צוגעשטאַנען פאַר אַ שותף צוליב „מילא״־זאַכן: מילא, זאָל זיך שווענקען אַ ביסל סחורה. און ס׳אַרט אים אפילו ניט, וואָס פיישקע, וועלכער קען אַ סך ווינציקער לערנען פון אים, פאַרט יענער אַרויס רייך, און ער, חיים־וועלוול, פאַרט אויף נפתלעס שקאַפּע, איז ווידער מילא, דערפאַר א׳ז ער חיים־וועלוול, און ניט עמעצער אַנדערש...

און עס פירן זיך שוין איצט ביי בונים־בערן צוויי ביכער, מיט צוויי בוכהאַלטעריעס. בונים־בער האָט זיך זיין בוך מיט זיינע חשבונות, און איצל מיטן פרומען פנים האָט זיך זיין בוך מיט זיינע חשבונות. ניט איין מאָל שלעפּן די ברידער די ביכער אויפן זאַוואָד אַזוי ווי עפּעס אַ געוויסן אויטאָריטעט, אַ בורר. טאָמער ס׳האָבן זיך עפּעס צעמישט די פעל און מ׳דאַרף קלאָר מאַכן אַ צייכן, דאַרף דער בוך ווייזן דעם אמת, און דער־נאָך מיטן זעלבן יראת הכבוד טראָגט מען דעם בוך צוריק און מ׳לאָזט אים ליגן אויף זיין באַזונדער אָרט: ביי דעם — ליגט דער בוך אין קאַנטאָרקע אין דער גרויסער שטוב, און ביים קלענערן — אין דעם ווייסן האַלצערנעם קעסטעלע, וואָס מיט לעדערנע זאַוויסקעס, ביי דער מאַמען אין אַלקער אונטער דער רויטער בעט.

א י צ י ק   ק י פּ נ י ס

## דאָס האַריץ קלעמט

ביי פּיישקען ווייסבורד איז בר־מצווה געוואָרן אַ ייִנגל. אַזוי ווי יענער האָט אין זיך גבירישע שטיק, האָט ער געמאַכט אַ סעודה און גערופן צו זיך מענטשן.

בונעם־בערן איז שוין, דעם אמת געזאָגט, נימאס געוואָרן גיין אויף שמחות מיט דער מאַמען. ביז וואַנען איז אַ שיער? דוכט זיך, ער האָט אַ ווייב, וואָס מע קען מיט איר ניט פאַרשעמט ווערן, און זי איז ניט חולה גיין מיט אים אומעטום, אַזוי ווי סע טוט זיך ביי לייטן.

— בפרט יענער פאַרפרעמדט זיך ניט און פאַררעכנט אונדז פאַר מענטשן, — האָט די אַלטע געוווּסט פון וואָס סע רעדט זיך און צו ביסלעך אונטערגעיאַדעט. — נו, נו, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, — מע האָט שוין מיט איר גוט געטראָפן אין אַזעלכע זאַכן, אַז ווו איך האָב אַ שונא, רבונו של עולם.

בונים־בער האָט אויסגעשאָסן הויך אויף אַ קול, און ער האָט צעבלאָזן די נאָזפליגל און ניט געקוקט אין שעווקעס זייט:

— דו ווייסט אַ מאָל הערן, וואָס מע רעדט צו דיר אָדער ניין?

ביי שעווקען איז פאַרזאָדן געוואָרן דאָס בלוט, אָבער זי האָט אַ זאָג געטאָן אומיסטן שטיל, קוים וואָס מע האָט געהערט:

— פאַר וואָס שרייסטו ניט אַ ביסל העכער?... מע זאָל הערן אויף דער גאַס אויך? — און זי האָט ברייט צעעפנט די פענצטער.

די אַלטע שמירט זיך דאָס האַריץ. בונים־בער האָט גענומען שמיצן און וואַרפן, קידען אַלץ צו וואָס ער רירט זיך נאָר צו. אָט זוכט ער דאָס טלית־זעקל און טוט אַ זעץ מיטן טירל פון דער גלעזערנער שאַפע; אָט זוכט ער אַ טיכעלע און טוט אַ קנאַק מיטן שופלאָד.

פייגל האָט ניט ליב אַזעלכע סצענעס, גייט זי גאָר אַרויס פאַרטרייבן די בהמה אין שטאַל אַריין. שוויליקל שאַרט זיך לעם דער מוטערס פיס און מונטערט זי:

— מאַמע, מאַמע, אויף וואָס דאַרף ער שרייען, דער טאַטע? — און סע נאָך דאָ אַ קליינע בלימעלע. יענע שפּילט זיך אין דרויסן און וויל נאָך בכלל ניט וויסן פון קיינע מעשיות.

שעווקע איז אַוועק צו זיך אין אַלקער אַריין, זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער, וואָס גייט אַרויס אין גאָרטן אַריין. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ווען סע עפנט זיך אַ גרוב, וואָלט זי אַהין אַריין. זי וואָלט געגאַנגען און געגאַנגען דורך פינצטערניש, דורך וויסטענישן, ביז זי וואָלט

פלוצעם דערזען אַ שיין פּאָר זיך, און דאָרטן אין דער שיין שטייט שלוימקע.

ביי איר האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

בונים־בער איז אַריינגעגאַנגען, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט דאָ אין אַלקער, און האָט אַ פרעג געטאָן — „וואָסי?"

און שעווע האָט מיט אַ גוטן קול, ניט צו דערקענען, אין גאַנצן אומגעריכט אַ זאָג געטאָן:

— בונים־בער, דו ווילסט אויף מיר רחמנות האָבן? זוך זיך אַן אַנדער ווייב. ס'וועט דיר ניט זיין גוט מיט מיר. איך וועל עס מער ניט אויסהאַלטן. — און די אויגן זענען איר פאַרלאָפן מיט טרערן.

בונים־בער האָט זי לאַנג אָנגעקוקט. די בערישע צוויי הענט זענען ביי אים איצטיקס מאָל אָפּהענטיק אַראָפּגעהאָנגען, ווי איבעריקע, ווי אַן שום נוץ. פּלוצעם האָט ער געגעבן אַ שפּיי און זיך אָנגערופן:

— טפו! אויף דיין קאָפּ און אויף דיינע הענט און פיס! — און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַוועק.

שעווען איז איצט מער ווי אַלע מאָל אָפּגעגאַנגען אַ מענטש אויף אויסרעדן פאַר אים דאָס האַרץ. זי וואָלט גערעדט מיט מאַטריען, אָן־אַ פּאַרעט זי זיך אין גאָרטן. פּאַסט איר עפּעס ניט. ווען ברײַנדל קומט צו פאָרן, איר שוועסטערקינד פון דער גרויסער שטאָט! שלוימקע שטייט דאָרט איצט אויף סטאַנציע. מער האָט זי דאָך קיינעם ניט, און דאָס בעסטע וואָלט געווען שלוימקע אַליין. מיט אים פלעג זי דאָך אַזוי גרינג רעדן פון אַלץ אין דער וועלט. אָבער דענסטמאָל זענען זיי געווען גוטע נאָענטע פריינד און ניט מער. איצט, אַז דער קאָפּ פירט זי ווער ווייסט וווהין, וואָס וועט איצט זיין?... זי וועט אַנטלויפן פון דער היים, זי וועט זיך שטעלן ערגעץ אַרבעטן, זי וועט זיין אַליין אַ מענטש. זי איז מיט קיין זאַך ניט פאַרבונדן. די קינדער וועט זי דערנאָך צונעמען, און דאָ וועט זיי אויך דער גוטער יאָר ניט כאַפּן. און פאַר וואָס האָט זי עס ביז איצט ניט געטאָן?

שעווקע האָט אַליין ניט באַמערקט, ווען זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט. דער קאָפּ איז איר געווען איבערגעדעקט, און די געדאַנקען האָבן זיך געריעט ווי די בינען אין אַ צערודערטן בינשטאָק.

שפּעטער האָט זי געהערט, אַז בונים־בער איז דאָ צוריק. ער דער־ציילט פאַר עמעצן, אַז ער פאַרקויפט אַלץ אויך און טוט אַ שפּיי. ער פאָרט אַוועק פון דאַנעט. דאָ איז קיין לעבן ניט.

אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן, פלעג איר זיין ליב פון אים הערן

אַזעלכע פֿאַנטאַזיעס: פֿאַרקויפֿן, אַוועקגיין, אַוועקפֿאָרן, ערגעץ אַרבעטן... זי וועט נייען אויף דער מאַשין... מע וועט לעבן אַליין... איצט אַרט זי שוין ניט, אַז ער זאָל דאָ בלייבן, און זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. זיי זענען פֿרעמדע מענטשן. איצט איז עס קלאָר... ס'איז ניט איר שטוב, ניט אירע מענטשן, ניט איר לעבן. וואָס דאַרף מען מער, אַפֿילו די קינדער זענען איר, דוכט זיך, ניט אַזוי ליב ווי אַ מאַמען...

סע האָט זיך אָן עפֿן געטאָן די טיר, און בלומע מיט שוויליקלען האָבן ווי די פֿעסעלעך זיך אַריינגעקאַטשעט אין אַלקער און גלייך צו איר אין בעט אַריין. שעווקע האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, זי האָט זיי ביידן צוגעטוליעט צום האַרצן און לאַנג געקושט. זיי ברוטשקען זיך אין בעט, און זי קושט זיי. דערווייל איז יחיאל אויך געקומען פֿון חדר.

— מאַמע, די באָבע פֿרעגט, צי מע זאָל ראַשטשינען ברויט אויף מאָרגן?

האָבנדיק די קינדער אַרום זיך, האָט שעווקע זיך מיט אַ מאָל דער־פֿילט אַזוי יונג און אַזוי מונטער, אַז איר איז גאָר געוואָרן אַ חידוש אויף זיך אַליין, פֿון וואַנען נעמט זיך דער שווערער געמיט, וואָס קומט אַלע מאָל אויף איר אָן.

און דער שענסטער איז טאַקע געווען יחיאל, אין גאַנצן אין איר געראָטן — אַ גלייכע נאָז, שיינע אויגן, אַ לויטערע הויט אויפֿן פּנים.

— נו, עסן! — האָט ער פּלוצעם אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, און שעווע איז אַרויס מיט איר גאַנצן „וויוואַדאָק" אין דער גרויסער שטוב אַריין. די אויגן האָבן ביי איר זיך קינדעריש אויפֿגעלויכטן, ווי דער יונגער גאָרטן נאָכן רעגן. איין זאַך האָט זיך איר נאָר אויסגעוויזן, אַז ווען זי גייט מיט זיי אַוועק און פֿאַרפֿירט זיי ערגעץ ווייט־ווייט פֿון דאַנען, אויף אַן אַנדער אָרט, ווו סע וועט איר זיין בעסער, וואָלט זי זיי דאָרטן מערער ליב געהאַט.

## אַזאַ גאַסט

יחיאל איז געגאַנגען אַהיים פֿון חדר און זיך געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו פֿאַרלענגערן דעם וועג. ער האָט פֿאַרקערעוועט דורך אַלע געס־לעך, ווו ער איז נאָך קיין מאָל ניט געווען, און איז געגאַנגען און געגאַנגען. לעם דער סאַמע היים האָט ער אָנגעהויבן גיין נאָך פּאַמעלעכער און ניט געוווסט, וואָס צו טאָן. ער איז שוין דווקא אַ גרויס יינגל, נאָר ער שעמט זיך פֿאַרגיין אין שטוב אַריין. אין שטוב, ווייסט ער, איז דאָ

אַ גאַסט אַזש פון כאַרקאָוו, דער מאַמעס אַ שוועסטערקינד. ער ווייסט שוין פון לאַנג, אַז זי דאַרף קומען. איצט האָט ער געהערט, די ייִנגלעך האָבן אים דערציילט, אַז דער בעל־עגלה איז אַוועקגעפאָרן דורך ליסט־ווינער גאַס גלייך צו זיי אַהיים. אויפן וואָגן איז געזעסן עפּעס איינע, אַזוי ווי אַ דאָקטערשע, אין אַ שליאַפּע, און לעם איר זענען געשטאַנען טשעמאָדאַנעס.

נו, יאָ, דאָס איז דאָס. אָבער ווי אַזוי וועט ער אַריינגיין אין שטוב אַריין? וואָס וועט ער איר זאָגן?

צום גליק איז פייגל געזעסן אין דרויסן, אין הויף ביים ברונעם, און געשאָבן קאַרטאָפל. זי האָט זיי גענומען איינציקווייז פון דער אייזער־נער שיסל, אָפּגעשאָבן און אַריינגעוואָרפן אינעם גרויסן טאָפּ אַריין. יחיאל איז צו איר צוגעלאָפן:

— נו? האָט ער אַ פרעג געטאָן און געהאַלטן אין איין קוקן צום גאַניק.

— נו, גאָרניט, — האָט פייגל געענטפערט, — גיי אין שטוב אַריין, וועסטו שוין זען.

— ניין, איך וועל בעסער עסן אין דרויסן.

— ווו, נאַרישער קאָפּ, — האָט אים פייגל אָנגעקוקט, — אייביק וועסטו דאָך אין דרויסן ניט עסן. און ווייטער האָט זי זיך געלייגט שלאָפן. די מאַמע האָט אפילו אומיסטן פאַרהאַנגען דעם פענצטער.

יחיאל איז אַוועקגעלאָפן צו דער טיר, נאָר לעם סאַמע גאַנעק האָט אים פייגל גערופן צוריק:

— דו ווייסט, זי גייט אַזוי שיין אָנגעטאָן. אַבי מע זאָגט, אַז זיי לעבן אָרעם.

— טאַקע?

— דו הערסט, און שלוימקע דעם פעטער מאַטוסעס שטייט ביי זיי סטאַנציע. ער האָט צוגעשיקט מיט איר אַ בריוו.

— וואַרט נאָר וואַרט, — שרייט זי ווייטער צו יחיאלן, וואָס איז שוין ווייטער געווען לעם גאַניק, — זי האָט געבראַכט צוקערקעס אין אַ שיינער פּושקע. זיי נעמען זיך אַרויס מיט אַזאַ ווייס גלאַנציק אָפּצווענ־געלע, אַזוי ווי אַ זילבערנס.

— וויל איך אַ קוק טאָן, — האָט יחיאל אויסגעשריען און איז אַוועקגעלאָפן אויף די טרעפּ.

און דאָס איז טאַקע געווען אַלץ אמת. קוים דערלעבט, אַז שעווקעס שוועסטערקינד פון כאַרקאָוו זאָל אַראָפּקומען איין מאָל אויף איר לעבן

אַהער אויף דאַטשע... נו, דער וועג איז טאַקע אַהער אַ שווערער, און ווען ניט שלוימקע, וואָלט זי איצט אויך ניט געקומען. שלוימקע איז ביי איר געשטאַנען סטאַנציע, ער האָט זי צוגערעדט. ער האָט געוווּסט, אַז שעווקע וועט זיין דערפון צופרידן.

איצט ווייסט שעווקע ערשט ניט, וועלכן אַלקער זאָל זי איר אָפּגעבן. אַז מע וויל, קען בונים־בער שלאָפן אין דער גרויסער שטוב, און זי מיט ברײַנדלען וועלן שלאָפן אָט דאָ.

— וואָס טוט דאָרטן עפּעס שלוימקע? — האָט שעווקע אַ פרעג געטאָן ביים אויפגיסן ברײַנדלען די וואַסער.

— מירן שוין רעדן, — האָט ברײַנדל געענטפערט.

ברײַנדל גייט אין אַ ברייטן פּעניואַר מיט לאַנגע אַרבל, און אַלצדינג טיילט זיך ביי איר אויס דורכן דינעם צייג. זי לאַכט. פון אַלצדינג איז איר אַ געלעכטער — ווי אַזוי מע וואַשט זיך אין קיך מיט דער קוואַרט, ווי אַזוי די שטוב עפנט זיך גלייך אין דרויסן אַרויס.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שעווקע? — האָט זי זיך אָנגערופן אין מיטן וואַשן. — שעווקע האָט געטראַכט, וואָס וועט זי איר זאָגן אַזעלכס.

— דאָ איז שוין טאַקע גאָרניט אַזוי שלעכט.

— נו, זעסטו שוין? און מע האָט דיך ניט געקענט דעררופן, דו זאָלסט אַהער קומען.

און פון שלוימקען האָבן זיי גערעדט שפּעטער. ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען אַלע קינדער זענען געשלאָפן. ניט נאָר די קינדער, אויפן גאַנצן וויהאָן זענען שוין אַלע געשלאָפן.

ביידע יונגע פרויען זענען געווען ניט ווייט פון וועלדל. זיי זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט לעם פּלויט פון די ערשטע ניווקעס. אין דרויסן האָט זיך נאָך געפּילט די דושנעקייט פונעם הייסן טאָג, אָבער אַ לינד ווינטעלע האָט אַלע מאָל געגלעט זיי ביי די העלדזער און ביי די האָר. אונטער די פיס האָט זיך געשפּרייט גרינע ווייכע ערד. זיי האָבן גערעדט שטיל, נאָר זייער ערנסט.

מערער האָבן זיך געדרייט די רייד אַרום שלוימקען.

— ער בענקט דאָ נאָך עמעצן, — האָט ברײַנדל באַטאָנט. — מע דערקענט עס אין יעדן טראָט זײַנעם. איאָ, ער איז זייער אַ ווילער?

— אַ ווילער זאָגסטו? — האָט שעווקע געענטפערט מיט אַ פראַגע.

— איך ווייס ניט, וואָס איז ער אַזוי פאַרטראַכט. איך האָב געזען איין

מאָל דיינעם אַ בריוו צו אים, נאָר ער דערציילט ניט, וואָס דאָרטן שרייבט זיך.

שעווע האָט זיך פאַרשעמט, און אין דער זעלבער צייט איז זי געווען צופרידן מיט דער מעשה, וואָס אירע בריוו זענען אים טייער. זי האָט זיך גענומען פאַרשטעלן, ווי אַזוי איז אים דאָרטן, וואָס ער טוט דאָרטן...

— סע וואָלט געווען גוט, — האָט בריינדל פּלוצעם אַ זאָג געטאָן, — ווען ער קומט איצט אויף אַ חודש. ס'וואָלט געווען אַ ביסל פריילעכער.

שעווקען איז פּלוצעם דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז בריינדל טראַכט אויך וועגן שלוימקען. זי זיצט דאָך שוין אַזאַ צייט אַליין.

שעווקען איז ווידער אַריין אַ געדאַנק, וואָס פון דעם ערשטן אויגנ־בליק האָט עס אויסגעזען ווי אַ ווילדער חלום, אָבער פון רגע צו רגע האָט זי גענומען אויף דעם קוקן פּראָסטער. אַז פאַר וואָס טאַקע ניט? זי טאָר ניט צופאָרן אויף אַ חודש אין דער גרויסער שטאָט?... יאָ, אויף אַ חודש, — האָט זי ווייטער פאַרגעזעצט. — נו און דערנאָך?

סע איז געווען שטיל אין דרויסן. קענטיק, אַז די שעה איז געווען אַ שפּעטע, און ביידע ווייבלעך האָבן מיט שטילע פּאַמעלעכע טריט זיך גענומען דערנעענטערן צום שטוב. זיי האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, נאָר שעווקען איז געווען גוט, וואָס זי האָט לעם זיך אַ נאָענטן מענטשן. און ס'האָט זיך געפילט, אַז זיי וועלן נאָך רעדן און רעדן.

— אויב מע וועט אים לאָזן לערנען, — האָט בריינדל אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן, — וועט ער זייער גיך אויסוואַקסן. ער האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. דאָס ערשטע מאָל, אַז איך זע, אַז אַ מענטש זאָל אַזוי פיל אַרבעטן. נאָר ווער ווייסט. סע פילט זיך, אַז אָט־אָט דאַרף זיך ווידער עפּעס פאַרדרייען אין די שטעט און דערפער. ס'איז ניט שטיל. די אַרבעטער גייען מיט די באָלשעוויקעס, זיי וועלן זיכער איבערנעמען די מאַכט צו זיך אין די הענט.

שעווקע האָט אַלץ געהערט און, דוכט זיך, אַלץ פאַרשטאַנען, כאָטש די געשעענישן זענען פאַר איר דורכגעגאַנגען ווי דורך אַ געדיכטן נעפּל...

## אין שטוב און אין גאַס

**1**

אַז די שטוב איז זיך איינס, די שטאָט עפּעס אַנדערש און די וועלט גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש!

אין שטוב לעבט מען זיך מיט קנישעס, מיט לאַטקעס, מיט ראָסל־

פליישן, מיט גרינע באָרשטשן, שוואַרצע יאַגעדעס, געלע קיכלעך און פאַרברווינטער ציקאָריע. אין דרויסן, באַלד ווי מע גיט נאָר אַן עפן די טיר, איז שוין די לופט אַן אַנדערע. דאָרטן איז שוין אין גאַנצן עפּעס אַנדערש. נעמט אפילו מיכטאָרן מיטן שטשעטינעדיקן פּנים — ביי אים איז אַ פּנים, וואָס איז באַוואַקסן מיט גאָלע שטעכיקע האָר. ניט איין מאָל הערט מען פון אים זונטיק אויפן קלויסטער־פּלאַץ, אַז וואָס איז די פּעולה? ניטאָ קיין קיסר, ניטאָ קיין פּריסטאַוו. טאָוואַריש אַהער, טאָ־וואַריש אַהין, נאָר דער, וואָס איז געוועזן רייך, איז איצט אויך דער איי־גענער גביר, און דער קבצן, אַז מ׳טוט אים נאָר אַ קוועטש, מוז ער אָנקומען צום גביר.

סע זענען אויך דאָ מענטשן, אייניקע פון זיי זענען ניט לאַנג גע־קומען פון פראָנט, זיי רעדן ווינציק, נאָר אַז זיי צערעדן זיך שוין יאָ, הערט מען פון זיי אַזעלכע נייסן, אַז סע נעמט דווקא אַן אַ ציקאַוועסט.

— האָט צייט אַ ווײַלע, — זאָגן זיי, — דער איצטיקער רעזשים האַלט זיך אויף הינערשע פיסלעך. ס׳איז דאָ אַ מענטש — לענין, סע זענען דאָ באָלשעוויקעס, — רעדן זיי אויס שטיל, ווי מע וואָלט עס נאָך דאַרפן איבערגעבן בסוד, — נו, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. זיי ווייסן שוין, וואָס מע האָט צו טאָן. די ערד, הייסט לענין, זאָל מען צעטיילן צווישן די פּויערים אָן אויסקויפגעלט... זאָל עס נאָר ווערן, וועט שוין קיין שוואַרציאָר זי ביי אונדז מער ניט קענען צונעמען אויף צוריק. וואָס איז? ווינציק ערד פאַראַן? איבערן קאָפּ! ס׳וועט קלעקן פאַר יעדן!... דאָ ווערט שוין מיכטאָר אַנטשוויגן, און די גאָר רייכע באַלעגופים, וואָס האָבן בערד, נעמען אָן אַ מויל מיט וואַסער. זיי ווערן נאָך מער פאַרביסן און קלערן, אַז ס׳שלעכט, וואָס ערד לאָזט זיך ניט באַהאַלטן, אַזוי וואָלטן זיי זי אַרויפגעלייגט אויף אַ פור, אָפּגעפירט אין וואַלד און פאַרשטעקט, אַז דער טייוול אַליין זאָל זי ניט געפינען. מיטן ברויט טוען זיי אַזוי. נאָך ברויט קומט מען שוין איצט אויך אַלע מאָל, האָבן זיי אים טאָקע פאַרגראָבן און פאַרבאַהאַלטן.

בונים־בער חלשט, אַזוי וויל ער כאַפּן אַ נייסל, דער עיקר וואָלט ער וועלן כאַפּן דעם שכל דערפון. וואָס איז, מע זעט ניט, אַז סע קאָכט זיך עפּעס? ער האָט נאָר מורא פאַר איין זאַך: ער זאָל אויף זיך אַליין ניט אָנשלעפּן קיין נאַפּאַסט. מע פאַדערט שוין, ס׳שוין אָנגעקומען אַ פּאַפּיר, אַז מע זאָל נעמען אַלע האַרבאַרניעס אויפן אוטשאָט. דערצו פאַדערט מען נאָך זאַכן פון קרייזשטאָט אַלע מאָל. דאָס וואָס די אַרבעטער גייען אַוועק „האַלבן טאָג״ אַהיים און צאָלן צאָלט מען זיי דאָס איי־

גענע, דאָס איז זיי ווינציק. איצט וויל מען נאָך וויסן אַ חשבון, וואָס סע טוט זיך ביי דיר אין די ביטן און אין פּערעסיפּ... זייער שיין! און וואָס וועסטו מיר טאָן, אַז איך קען ניט חשבונען?! איך בין ניט קיין גראַמאַטנער! וויפל פּעל איך האָב, ליגן זיי אַלע אין די ביטן! נו, צוואַנציק!

...צוואַנציק פּעלכנס ליגן ביי בונים־בערן אין די ביטן און צוואַנציק אין זאַלע! שוין? כשר? נו, איצט דאַרף מען זיי מכבד זיין און זיי גערן אָפּלאָזן פון דאַנען. עפּעס קומען צו פאָרן אַזעלכע מענטשן פון קראַסנע און פון ווייטער, אַז ווייסט זיי דער רוח. פריער יאָוועז זיי זיך אַראָפּ מיטן בלאָז, מיטן טראָסק און מיטן אַנשטעל, און דערנאָך קומט מען פונ־דעסטוועגן מיט זיי דורך. אָבער לעניין איז דאָך שוין עפּעס אַ נייער נייס. און בונים־בער האָט מורא זיך דערפרעגן אַקוראַט. בונים־בער פילט, אַז דאָס שמעקט מיט עפּעס אַנדערש. פאַר געוווינטשאַפט קריכט ער גאָר אַריין אין דער לאָך, וואָס ער האָט געמאַכט אין אויוון, און ליגט דאָרטן איבער אַ פּאָר שעה. דאָרט, אויב ער ווערט ניט אַנטשלאָפן, באַטראַכט ער די וועלט פון אַלע זייטן.

ביי בריינדלען איז ער אַלע מאָל אַ בעלן געווען אויספרעגן מיט וואָס שמעקט עס. ער רעדט מיט איר, געוויינלעך, זייער ווינציק. בונים־בער האָט ניט ליב אַזעלכע מענטשן. אַ מענטש איז גוט, אַז ער לאָזט זיך רעדן, און זי וואָלט זיך נאָר געפּרענדעט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט אין אירע קליידלעך. איינס אויסגעטאָן, דאָס צווייטע אָנגע־טאָן. באַהיט זאָל מען ווערן! די אַלטע זאָגט אויף איר, אַז ס'איז עפּעס אַ שמענטשע־דרענטשע. נאָר זי פּוצט זיך!

אַז זי וויל, דעקט זי אָפּ די פּלייצעס אין גאַנצן נאַקעט און זעצט זיך אַוועק אין גאָרטן דווקא גאָר אַנטקעגן דער זון. (לייטן, אַז זיי גייען אַרויס אין גאָרטן, זוכט מען זיך אַ שאָטן, און דאָ איז אַלץ פאַרקערט). זי וויל, זאָגט זי, אַ שיינעם „זאַגאַר". נו, נו!... ס'איז אַ חרפּה פאַר די פּויערשע שכנים, וואָס גייען אַ מאָל דורך פאַרן גאָרטן. יענע מיינען, אַז מ'איז, ניט דאָ געדאַכט, געריירט פון די געדאַנקען.

2

אין שטעטל איז דערווייל פאָרגעקומען אַ נייס: ס'האָבן זיך געלאָזט הערן גנבות. ביי איינעם אַ פּויער פון יענער זייט טייך, האָט מען צוגע־גנבעט אַ האַלבן זאַק מיט קאָרן גלייך פון שייער. און צו בונימען האָט זיך געמאַכט אַן איינגאַנג מאַקסימקע לוכטאָנס און אַלע וואָך שלעפּט ער אָפּ אַ יוכטל פון בוידעם.

בונים־בער וואָלט זיך גאָרניט געכאַפּט, נאָר מע האָט גערופן די האַרבאַרעס דערקענען, האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז סע זיינע. ס'איז אים גאָר אַליין מאָדנע: ער האָט אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן, צעבלאָזן אַ ווײַלע די נאָזלעכער און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין: „ע, פע, דאָס איז שוין גאָר מיאוס! אַזוי וואָלט מען דאָך געקענט נעמען און נעמען".

די אַלע זאַכן, אי דעם קאָרן, אי די יוכטן, האָט מען געפונען ביי זעלדען דער לאַנגער. זי פלעגט עס צונעמען ביי די גנבים אַ מאָל פאַר אַ דרייערל און אַ מאָל פשוט פאַר אַ פלעשל סאַמאַהאָן.

וואָס זשע איז זיך מישב דער עולם פויערים? אַזוי ווי קיין רעכ־טער באַלעבאָס איז אין שטאָט ניטאָ, די מיליציע האָט מיר דאָרט אַ גרויסע מאַכט — געוויינלעכע יאָטן אָן בענדלעך, אָן אַ קנעפּל און אָן גאָרניט — באַשליסן זיי אַליין אָנלערנען די גנבים. נעמט מען מאַקסימען מיט אַכרי־מען, דער ערשטער איז דער תבואה־גנב, דער צווייטער איז דער פעל־גנב, און מע בינדט זיי צו מיט די הענט איינעם צום אַנדערן. זיי זענען ביידע אגב, געוואָקסן אין הייך, געזונטע, ברייטפּלייציקע פאַרשווינדלעך. ס'נאָר וואָס דער ערשטער איז געוועזן אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן, און דער צווייטער, שלימזל אים, איז נאָך אַ יונגער אַזאַ, הלוואי צוואַנציק יאָר. דערנאָך לייגט מען זיי אַרויף אויף די פּלייצעס דעם געגנבעטן קאָרן און די געגנבעטע פעל, און זעלדע די לאַנגע, דערפאַר וואָס זי האָט צוגענומען די גנבות, מוז זיצן פריער ביי מאַקסימען אויף די פּלייצעס אויפן פעקל פעל, דערנאָך זיך איבערזעצן צו אַכרימען אויף די פּלייצעס אויפן זאַק מיט קאָרן. און אַזוי פירט מען זיי „מיט קלעזמער" איבער די גאַסן אין מיטן פאַר נאַכט. עפּעס איינער גייט אַפריער און קלאַפּט מיט אַ פּויק, דער צווייטער גייט נאָך פון הינטן און טרייבט מיט אַ בייטש און גיט אַכטונג, אַז מע זאָל גיין ריכטיק, און זעלדע זאָל ניט אויפהערן, ווי אַ טריפהנער פויגל, ווי אַ פּאַפּוגיי ביים קאַטערינשטשיק אויפן אַקסל, אומקריכן פון איינעמס אַקסל אויפן צווייטנס. און פאַרפירן וועט מען זיי אַזש אין וואָלאָסט. דאָרטן וועט מען אַרויסטראָגן אַ טיש, און מע וועט זיי שמייסן מיט נאַסע ריטער.

בונים־בער האָט אויף האַלב וועג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין:

— אַ!... ווערן זיי איינגעזונקען! פאַרברענט און פאַרשרפהעט זאָלן זיי ווערן אָן מיין שאָדן! — און ער האָט זיך אין מיטן וועג אויסגע־דרייט, באַדיי אפילו די יוכטן זיינע זאָלן פאַרפאַלן ווערן. ווייטער וויל ער ניט גיין.

דער רעש איז געווען גרויס: דער שלאָגט, דער שרייט, אַ דריטער קאָמאַנדעוועט, און סע גאָר שווער געווען אַרויסגיין מיט אַ טאָלק ווער, וואָס, ווען.

אַז ס'איז שוין געוואָרן פינצטער, איז יחיאל געקומען צו לויפן אַהיים און דערציילט מיט שמחה, אַז זעלדען האָט מען הסתם גאָר ניט ווי געטאָן, מע האָט זי געשמיסן איבער די קליידלעך.

בונים־בער האָט אויף אים געקוקט מיט אויגן, וואָס מע האָט ניט געקענט פאַרשטיין, צי וויל ער, מען זאָל דערציילן, צי מע זאָל אויפהערן. און נאָר ברײנדל דער גאַסט האָט אָנגעקוקט איטלעכן מיט אַ מאָדנעם בליק און אַ זאָג געטאָן: „פו, דיקאַ...״

## אויפן פּלאַץ

ס'איז אָנגעקומען אַ פּאַפּיר אין וואָלאָסט, אַז מע זאָל אַרעסטירן לייזערן און מע זאָל אים צושטעלן קיין קראַסנע. איז געוואָרן דער אמתער גערודער. די שרייבערלעך אין וואָלאָסט האָבן זיך געוואָרגן מיט דעם און גאָר מורא געהאָט וועגן דעם צו רעדן הויך אויף אַ קול. סוף־כל־סוף האָבן זיי זיך איינגעשטעלט און אויסגעמעקעט פאַר לייזערן אַליין, וואָס איז אַקוראַט געווען אויף אַ זיצונג מיט די שפּיטאַל־טוער. אַז זיי האָבן אים אָפּגערופן אין אַ זייט און שטילערהייט געוויזן דעם פּאַפּיר, האָט זיך לייזער צעלאַכט און געזאָגט:

— אַ ביסל צו שפּעט...

די שרייבערלעך האָבן אָנגעקוקט דערשראָקן איינס דעם צווייטן און געקנייטשט מיט די אַקסלען. זיי האָבן נאָר געהערט, אַז ס'גרייט זיך אין שטאָט אַ מיטינג. אָט דאָס איז מן הסתם ניט אומזיסט.

אברהם־שיע אַרקין האָט זיך באַגעגנט מיט פּינטשיקן לעם קאָאָפּע־ראַטיוו און זיך דערפרייט — מע וועט קענען אַ שמועס טאָן וועגן בייס.

בונים־בער איז פון ערגעץ געלאָפן, האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי מעג ער פרעגן, מיט קיין אַנדערע וואָלט ער וועגן דעם ניט גערעדט.

— איך האָב געהערט זאָגן, — מאַכט ער, — אַז מע קלייבט זיך אָפּפירן לייזערקען קיין קראַסנע? — ער איז געווען שטאַרק צעמישט פונעם בייס און געוואַרט, וואָס וועלן זיי אים זאָגן. אָבער יענע האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און געשמייכלט. דערנאָך האָט אברהם־שיע אַרקין מיט זיין צעקראַכענער רעדמאַניר זיך אָנגערופן צו בונים־בערן מיט אַזאַ אָפּשיי אינעם טאָן, וואָס נעמט זיך אַ מאָל פון גרויס

אַפשיי צו אַ מענטשן און אַפּטער — פּאַרקערט.

— אַ ביסעלע צו שפּעט, — האָט אַרקין געענטפערט, — סע איז שוין דאָ אַ בלאַט פון פּעטראָגראַד: דער קייזערלעכער פּאַלאַץ איז געפאַלן...

בונים־בערן איז ניט אָנגעשטאַנען, וואָס ער כאַפּט ניט אַקוראַט דעם מיין. אַלע יאָרן איז ער געוווינט נייס, גרויסע נייס, פאַרשטיין אויפן ווונק. איבערפרעגן איז ניט שיין. און אין דער זעלבער צייט חלשט ער עפּעס וויסן:

— אַ ביסל קלאָרער רעדט! אָפענע דיבורים! דער קיסר איז דאָך שוין פון לאַנג ניטאָ. איך פאַרשטיי ניט.

אברהם־שיע האָט ווידער אַ באַרוטן שמייכל געטאָן און געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר ער האָט דערזען, אַז פּינטשיק מיטן געל־געשוירן בערדל און מיט די גאָלדענע ברילן האַלט שוין ביי דערקלערן, האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. אין יענעמס רייד מישט מען זיך ניט. און פּינטשיק האָט אים געזאָגט, אַז דער קיסר איז שוין טאָקע לאַנג אַראָפּ, נאָר דער קייזערלעכער פּאַלאַץ, ווו ס׳איז געזעסן די צייטווייליקע רעגירונג, איז געבליבן. איצט איז ער געפאַלן און איז ביי די באָלשעוויקעס אין די הענט.

— אַ־האַ, — האָט בונים־בער אַ בריטן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אַזוי גאָר!? זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, — האָט ער נאָך אַ מאָל אַ פרעג געטאָן, — זאָגט מיר, נו, און לענין?

— און לענין איז טאָקע זייער פירער, — האָט אים שוין אַרקין געענטפערט מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט פאַרטייטשט עפּעס אַ פּסוק צו אַ תלמיד.

— אָט דאָס איז דאָס? — האָט בונים־בער אַ שטאַרקן סמאָקע געטאָן מיט די ליפּן און אָפּגעזאָגט: — אַ מעשה! אַ מעשה! איז ביז איצט, הייסט עס, נאָך ניט געווען די אמתע רעוואָליוציע!? די אמתע הייבט זיך ערשט אָן?

— באַרויִקט זיך, זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן, — האָט אים אַרקין געענטפערט.

ניט ווייט איז לייזערקע דורכגעלאָפן מיט נאָך אַ פּאָר מענטשן אין פּאַראַיין אַריין. לויט דעם גאַנג אַליין זייערן האָט בונים־בער פאַרשטאַנען, אַז סע טוט זיך שוין עפּעס. טאָמער איז נאָך ווינציק, האָט לייזערקע אַ הוקע געטאָן צו אים פון דער ווייטנס:

— בונים־בער, די אַרבעטער זאָלן קומען היינט צוויי אַ זייגער

אויפֿן מיידאַן! סע וועט זיין אַ גרויסער מיטינג. אַלע זאָלן קומען ביז איינעם.

בונים־בער האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי אַזוי ער האָט זיך פֿאַר־קרימט, פּונקט ווי סע וואָלט אים שטאַרק־שטאַרק זויער געוואָרן לעבן סאַמע שלונג.

גיך האָבן זיך פּויערים און שטעטלשע בעלי־מלאכות גענומען קלייבן רעדלעכווייז אויפֿן פּלאַץ. קינדער האָבן אַרומגעטאַנצט צווישן די עלטערע און פֿריילעך געפֿילדערט. די פּויערים האָבן אָפּט געטייטלט מיט די פֿינ־גער צום אַריבערן שטעטל, צו די פֿעלדער, וועלדער, צו די גרויסע, גרינע לאָנקעס. די פֿרייד האָט געשפּילט ביי זיי אויף די פּנימער. דער לאַנג־דורותדיקער טרוים — אָט־אָט ווערט ער פֿאַרווירקלעכט! — די ערד איז שוין זייערע. דעם דעקרעט, האָבן זיי געוווסט, האָט שוין אונ־טערגעשריבן לענין...

אויפֿן סכאָד וועט מען באַלד פֿון דעם רעדן. און ערד וועט סטייען, ס׳וועט סטייען פֿאַר איטלעכן.

סע האָט זיך געקליבן דער מיטינג, און אין דער לופֿט האָבן זיך אָן אויפֿהער געטראָגן די ווערטער: „לענין, ערד, שלום, פֿרייהייט, די גאַנצע מאַכט — די ראַטן!“...

## ווייט פֿון דער היים

שלוימקע האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער גרויסער שטאָט. ער האָט שוין געקענט די גאַסן און פֿאַרשפּאַרט אַלע מאָל פֿרעגן, ווי אַזוי טרעפֿט מען אַהער אָדער אַהין. מיט אַ קוואַרטיר האָט אים אָפּגעגליקט — מענ־טשן אי אייגענע אי שטילע. ער האָט זיך געקראָגן אַ פּאָר אוראָקן, האָט ער געהאַט אויף זיין באַשיידן אויסקומעניש. דאָס לערנען איז אים געווען זייער צום טעם. נאָר איינס צום אַנדערן האָט ניט — אַהיים האָט זיך אים זייער געבענקט: אין דער היים שטייען די ווינשל־ביימלעך אַנט־קעגן סאַמע פֿענצטער. אין דער היים — גייסט אַרויס אַ פּאָר טריט פֿון שטוב, טרעטן די פֿיס אין ווייכן גראָז. הייגט שעווקע!...

שעווקע, — „אַ זאַך, וואָס סע קען ניט זיין“, אַזוי האָט זי אַ סך מאָל געשריבן אין אירע בריוו. זי האָט אים אין די בריוו געזאָגט אַ סך, אַן אַן ערך מערער, ווי ער וואָלט זיך אַליין געקענט אָנשטויסן. זי בענקט נאָך אים, זי דאַרף אים, ער גייט איר אָפּ. ניט ווינציקער ווי זי אים. נאָר זי זאָגט, אַז זי ווייסט, זי איז עלטער און זי ווייסט בעסער,

אַז מע דאַרף עס ניט. זי האָט פיר קינדער, גרויסע קינדער, און ער איז אַ יינגל, נו, זאָל זיין אַ בחור, נאָר נאָך זייער אַ יונגער בחור. און דערנאָכדעם האָט זי גערעדט זייער אָפענע רייד. אָבער ער האָט געפילט, ווי אירע אויגן שמייכלען דערביי שטיפעריש אויף איר אופן, נאָר ווי ווי זי איינע קען עס. ער האָט אויף אַ ווײַלע אָוועקגעלייגט די געאָמעט־ריע און ארויסגענומען איר לעצטן בריוו, וואָס ער האָט שוין געלייענט אַ סך מאָל און יעדעס מאָל, ווען ער נעמט אים, קען ער זיך פון אים ניט אָפּרייסן. ווי אַזוי אַ מענטש רעדט עס אָפן און פּראָסט: „טייערער שלוימקע! מיר דאַרפן זיך עס ביידע אַרויסשלאָגן פון דעם קאָפּ. דאָס איינציקע, אויף וואָס עס וואָלט נאָך ביי מיר יאָ געקענט סטייען כוח, איז... מיר זאָלן וווינען אין איין שטאָט, אפילו אין איין שטוב. איך וויל, אַז די קינדער זאָלן דיך קענען טייער האַלטן. אַן אייגענער און אַ פריינד קענסטו זיין דער שענסטער און דער בעסטער אי פאַר מיר, אי פאַר זיי. און מעג אפילו אַ וועלט רעדן און אונדז האַלטן אין די מיילער, שרעק איך זיך ניט פאַר קיין לייטישע צינגער. מאַטריע זאָגט: „זאָלן זיי קוקן אויף זיך, וועט פאַר זיי אויך סטייען איבערגענוג". אָבער אַ טאַטע ?... נו, זאָג אַליין. צי דען זענען מיר אַזעלכע מענטשן, וואָס דאַרפן פעל־שעוועץ פאַר זיך און פאַר יענעם ? וואָס פאַר אַ טאַטע קענסטו זיין פאַר יחיאלן ? אין געדאַנק בין איך אין גאַנצן מיט דיר זינט דו ביסט אָוועק־געפאָרן, און איך האָב דערויף קיין חרטה ניט. מיט דער שטוב און מיט אירע באַלעבאַטים האָב איך שוין פון לאַנג געמאַכט אַ סוף. דאָס, וואָס איך געפין זיך נאָך דאָרטן, איז גאַרניט. אַ ביסל קירצט עס מיר די יאָרן, נאָר ס'איז שוין אַ זאַך פון צייט: נאָך אַ חודש, נאָך אַ יאָר. איך וועל גיין און פאַרדינען. אַז ניט, קען זיין, אַז היינטיקע צייטן זאָל איך זיך דערשלאָגן צו אַ בעסערער אַרבעט אויך. איך בין ניט שטאַרק קיין גראַמאַטנע, אָבער ס'איז איצט אַ נייע וולאַסט, און איך וועל קענען צו נוץ קומען דער נייער מלוכה. אפילו איך זאָל פירן אַ סטאָלאָווקע אָדער זיין אין אַ קינדערהיים. סע וועט שוין זיין רעכט. און אויב דו ווערסט וועלן זיין מיט אונדז צוזאַמען, איז דאָס בעסטע, אַז דו זאָלסט זיך דערווייל לערנען. איך וועל אַריבערפאָרן מיט די קינדער אין שטאָט אַריין. ברײַנדל וועט מיר די ערשטע צייט אונטערהעלפן מיט קוואַרטיר, און דאָס איבעריקע וועל איך זיך אַליין העלפן.

זיי געזונט, טייערער שלוימקע, איך קוש דיך און דריק דיך צום האַר־צן. איין זאַך איז מיר גוט, איך בין ביי זיך עפּעס פעסט און איך פיל, אַז איך וועל מיט מיינע צען פינגער אין ערגעץ ניט פאַרפאַלן ווערן.

ווערליק דו קענסט מיך, וואָלט איך עס שוין פון לאַנג־לאַנג אויפ־געטאָן. נאָר איך האָב טערפּעניע. איך וויל ניט, אַז די קינדער זאָלן זיך אָננעמען און אָנזען צו פרי מיט דעם, וואָס מע דאַרף ניט. איך וועל פּאַמעלעך אָנטאַפּן דעם דופק און וויסן צי גיט ער מיר אָפּ די קינדער, צי לאָזט ער מיך אָפּ מיט גוטנס. אויב ער קלייבט זיך פירן מלחמות, וועל איך דאָן מוזן גיין אויף כיטראַסט, און איך וועל זיך פאַר דעם אויך ניט אָפּשטעלן.

אַ ביסל איז אויף אים אַ רחמנות, וואָס ער האָט זיך אונטערגעריסן דאָס געזונט מיט די ווינטערדיקע נעכט, ווען ער פלעגט אויספּרירן אין דער קאַרע. אָבער זאָלסט נאָר וויסן, אַז ס'איז מיר דאָ אַלץ פרעמד...

...און אַ מאָל קוק איך אויף זיך אַזוי, ווי איך וואָלט געוועזן ניט איך. דו פאַרשטייסט, וואָס איך מיין? אַזוי ווי איך וואָלט געוועזן די, וואָס איך וואָלט געקענט זיין. אַז איך דערזע זיך אַזוי אין געדאַנק צווישן מענטשן, צווישן לעבעדיקע מענטשן, צווישן אַ סך מענטשן, און זע מיין לעבן צווישן זייער לעבן, ווער איך ביי זיך אַליין אויך מער מענטש.

גו, געגוג. איך קוש דיך, מיין טייערער שלוימקע, און פיל אין דיר די בעסטע טעמען.

דיין שעווקע".

ווי אַ מענטש, וואָס פאַררויכערט דעם צווייטן ציגאַר, איידער ער לעשט אויס דעם ערשטן, אַזוי האָט שלוימקע ניט באַוויזן ענדיקן דעם בריוו, ווי ער האָט אים אָנגעהויבן לייענען צוריק פון ס'ניי. ער האָט זיך אי לעבעדיק פאַרגעשטעלט אי אַליין ניט געגלויבט, אַז סע וועט קומען די שעה, ווען שעווקע וועט טאַקע מיט אים ווירקלעך זיין נאָענט. וויפל וואָלט ער אָפּגעגעבן, ער זאָל זי שוין זען אין דער רגע לעם זיך. שעווקע... אירע העלע האָר, איר פאַרשייטער שראָם אויפן שטערן, אירע צוויי שטיפערישע אויגן, אַ לעבעדיקע, דאָ לעם אים...

## נאָך ערגער פון אַ פרעמדן

איין פּאַפּיר נאָכן צווייטן, איין פּאַפּיר נאָכן צווייטן, אַז מע זאָל צונויפנעמען די פעל פון אַלע האַרבאַרניעס און איבערגעבן אין איין האַרבאַרניע, מיט אַ שטרענגן דיסקאָנט!

די איינע האַרבאַרניע האָט מען שוין אַפילו פאַרשטאַנען וועמעס מע מיינט: פּייסיע ווייסבורד האָט דאָך באַוויזן פאַר דער צייט אויסבויען אַ האַרבאַרניע, ממש אַ שפּיגל, — אַ ליכטיקע, אַ גרויסע, מיט ביטן, מיט

פערעסיפן, מיט זאַלעס, נו, אַט די האַרבאַרניע דאַרף מען טאַקע אָפּגעבן דער מלוכה. וואַדען? יענע חורבהעלעך? וווהין טויגן זיי?

משה דער טכאָרינער האָט זיך צערעדט ביי דער אַרבעט. ער זאָגט:

— סע האַלט שוין מיט זיי שמאַל, מיט די באַלעבאַטים!

און שמיליע מיט דער ברייט באַוואַקסענער באָרד זאָגט:

— אוי, איך בעט דיך, רעד בעסער ניט: זיי זענען דאָך די אייגענע גבירים, וואָס געווען!

— ניט ביי די באַלשעוויקעס! — האָט משה ווייטער געענטפערט.

משה איז שוין איצט געווען אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פראָפּ־פאַראיין. משה, חוץ דעם, וואָס ער האָט געהערט, ווי אַזוי די רעדנערס רעדן, האָט ער נאָך ליב געהאַט אַליין אויך אַריינקוקן אין אַ בלאַט, אין אַ בראָשור. ער האָט ליב געהאַט צעקייען די זאַך אַקוראַט און וויסן, וועגן וואָס עס רעדט זיך. דעם חילוק פון דער פעווראַלער ביז דער אָקטאָבער־רעוואָליוציע האָט ער אַזוי אויך געפילט. ער האָט עס געזען מיט די אויגן, אָבער אַז מע טייטשט עס אויס מיט אַ פּאָר פאַרשטענדיקע ווערטער, איז עס עפּעס, פונקט ווי אַ קורצזיכטיקער זאָל אָנטאָן אַ גוטע בריל.

— אָט הערט מיך, וואָס איך וועל אייך זאָגן, און איר וועט מיך דערנאָכדעם מעגן אָנרופן, ווי אַזוי איר ווילט נאָר אַליין: פּיישקען ווייס־בורד, אַזוי ווי דעם גרעסטן גביר, וועט מען אין גאַנצן געבן דעם וועג פון דאַנען, אַ קני אין הינטן אַריין און גיי דיר...

— איר וועט שוין זען! און אָט די אַלע קלענערע האַרבאַרלעך, מילא, זיי וועט מען פאַראייניקן אין איין אַרטעל, און זיי וועלן אויסאַרבעטן לעדער פאַר דער מלוכה.

יאַנקל מענדלס האָט שוין ניט געאַרבעט. פאַר אים האָט זיך דער פאַראיין גלייך אויסגעסטאַרעט אַ פּענסיע. עפּעס אַ קלייניקייט — אַזוי פיל יאָרן האָט אַ מענטש אָפּגעהאָרעוועט אויף יענעם. פון זיינע זיבן און זיבעציק יאָר קען מען אָן אַ גוזמא זאָגן, אַז זיבן און זעכציק יאָר האָט ער געאַרבעט ביי יענעם. און ווען די באַלעבאַטים זאָלן נאָך האָבן אַ דעה, וואָלט ער אויף דער עלטער געוויס אויסגעגאַנגען אין הקדש. אָבער איצטער זענען שוין אַנדערע רייד. הלמאי לייזער זאָגט, אַז מע קלייבט זיך אין פאַראיין מאַכן אַ גרויסע סעודה און מע וועט „טשעס־טעווען" יאַנקלען דעם אַלטן ווי אַ וועטעראַן פון פראַצע. ווייסט אים דער גוטער יאָר, אָט דעם לייזערן, וואָס ער טראַכט דיר צו. און אפשר האָט ער עס ניט פון זיין קאָפּ אויסגעטראַכט? אפשר איז אים אָנגעקומען אַזאַ פּאַפּיר? ווי אַזוי די מעשה זאָל ניט זיין, קוועלט דערווייל יאַנקל

אַן פֿון זיין עלטער. סע גייט אים ניט אַזוי, זאָגט ער, אין דער פּענסיע, ווי סע גייט אים אין דעם, וואָס ער האָט דערלעבט, ער זאָל זען מיט זיינע אויגן אַן אַנדער וועלט.

— איך האָב דאָך שוין געזען עפּעס, — זאָגט ער, — פֿאַר מיין לעבן... נו, נו!

און אַלע גלייבן אים, אַז ווען אַט דער־אָ יאַנקל איז אַ ביסל באַרע־דעוודיקער, האָט ער שוין גראָדע וואָס צו דערציילן.

איצט איז יאַנקל אין זיין יום־טובדיקן בגד אַקוראַט געזעסן ביי דעם שמועס וועגן די האַרבאַרעס און די באַלעבאַטים. ער האָט זיך פֿאַרדרייט אַ גראָבן ציגאַר טוטין און האָט געזאָגט:

— איין חסרון איז אָבער דאָ, — זאָגט ער. — מען טאָר זיי ניט פֿאַרגלייבן קיין מלוכישע סחורה. באַלעבאַטים בלייבן באַלעבאַטים. זיי וועלן צוגנבענען.

— זיי גנבענען שוין נאָך איידער עפּעס, — איז משה דער טכאָ־רינער אַריינגעפֿאַרן.

— וואָס דאַרפֿן זיי גנבענען ביי זיך אַליין? אויך מיר באַקלערט?! — האָט שמיליע זיך אַריינגעמישט.

— איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס ביסטו עפּעס אַ קליינינקער, אָדער וואָס? — האָט משה בייזלעך אַ קוק געטאָן אויף שמיליען. — דו זעסט ניט, אַז בשעת די יוכטן קומען צום פּערטן דוב, ווערן די ביטן אַלץ לײדיקער און לײדיקער?

— אמת טאַקע!...

— נו, אמת טאַקע, אמת טאַקע! וווהין זשע, מיינסטו קומען זיי אַהין?... אַזוי ווי זיי זענען שוין אויסגעדובעט, וואַרטן זיי ניט, ביז זיי וועלן זיך אויסקאָנטשען. זיי טריקענען זיי צו, און מע פֿאַרשטעקט, ווי מע קען נאָר.

— פֿאַר זיך האָבן זיי שכל. דער קאָפּ איז נאָך זיי ניט אַראָפּ, — האָט דער אַלטער יאַנקל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. שמיליע האָט פֿאַר־קנייטשט דעם שטערן און אַזש צעעפֿנט דאָס מויל. אויב אַזוי, וואָלט מען דאָך טאַקע דאַרפֿן דערציילן אין פֿאַראיין.

אויף די רייד האָט זיך צעעפֿנט די טיר, און סע זענען אַריין צווייען, אַ פּנים, פֿון קראַסנע, נאָך מיט די וועגמאַנטלען אויף די פּלייצעס. איי־נער האָט געהאַלטן אַן אייזערנעם האַמער אין דער האַנט. אויף איין זייט איז דער האַמער געווען גלאַט, און אויף דער צווייטער זייט זענען געווען אויסגעקוועטשט ציינערדיקע אותיות. מיט אַזעלכע האַמערס צייכנט מען

פעל אין די גרויסע שטאָטישע האַרבאַרניעס.

— אַ גוט־מאָרגן, חברים, — האָבן זיי בײדע אין איין קול אויסגע־רופן. — צי קען מען אַ רוף טאָן אַהער דעם באַלעבאָס?

— איר זעט, אַז מע זאָל דערמאָנען משיחן... — האָט שמיליע אַ זאָג געטאָן שטילערהייט צום אַלטן יאַנקלען.

— אור־הום! — האָט יאַנקל געענטפערט און שוין ניט געוואָלט אַוועקגיין. ער וועט שוין בעסער צוּוואַרטן און זען, וואָס וועט דאָ זיין.

לייבל מיט דער צעהאַקטער ליפּ, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אין נאָסן וועראָקשטאָט, איז אַוועקגעלאָפן רופן בונים־בערן, און משה דער טכאָ־רינער רופט זיך אָן צו די אינסטרוקטאָרס:

— מע וואָלט דאַרפן, חברים, דער פאַראיין זאָל גלייך פאַנאַנדער־שיקן מענטשן אין יעדער האַרבאַניע, אַז זיי זאָלן דאָרטן ביז עפּעס וואָס ניט צעשלעפּן די סחורה!

אָבער די אינסטרוקטאָרס האָבן אַ שמייכל געטאָן, און דער עלטע־רער אינעם לעדערנעם רעקל און מיט אַ קאַלאָש אויף איין פוס (ווייזט אויס ערגעץ געכאַפּט אַ קלאַפּ) האָט געזאָגט:

— מאָלדאַצי, חברים! אַ באַוווסטזיניקן אַרבעטער דערקענט מען גלייך פונעם ערשטן קוק. וואָס גערעכט, איז גערעכט! נאָר מיר האָבן דאָס שוין באַוואָרנט. מיר זענען געקומען צופאָרן אַכט אירע, און דאָרטן אַרבעטן שוין אונדזערע מענטשן.

שמיליע האָט זיך לאַנג איינגעהערט אין די רייד, ביז ער האָט גע־כאַפּט, אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין, מע וועט פון אַלע האַרבאַניעס צונויפ־פירן די סחורה צו פיישקען אין דער נייער האַרבאַרניע. יענע האַר־באַניע איז שוין נאַציאָנאַליזירט, און דאָס וועט זיין אַ מלוכישער לעדער־זאַוואָד.

— דער מלוכהס — דאָס איז גלייך אַזוי ווי אונדזערס, — האָט דער אַלטער יאַנקל חשיבותדיק צוגעגעבן.

— נאָך אַ מין אונדזערס, — האָט דער עלטערער מיטן לעדערנעם רעקל געענטפערט. און דערום, חברים, דאַרף מען זען אָפּהיטן יעדעס פּיצעלע סחורה, ווי דאָס אויג פון קאָפּ. מיר דאַרפן געבן שטיוול פאַר אונדזער רויטער אַרמיי. ס'איז ניט קיין קלייניקייט.

בונים־בער און אויך די איבעריקע האַרבאַרעס זענען דעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען ווי פאַרטשאַדעטע. שיינע איז אומגעלאָפן אַ צעמישטע פון איין טיר צו דער צווייטער, פון איין וואַגן צו דעם צווייטן (ס'זענען שוין געשטאַנען גרייטע פורן אויף איבערפעקלען די סחורה צום ערשטן

מלוכישן זאוואַד), און זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

די קינדער האָבן אָנגעקוקט אי דעם טאַטן, אי די באַבע, אי די אָנגעפּאַרענע יעדע יונגעלייט. ביז עפּעס־וואָס זענען זיי אומגעקראָכן אויף די וועגענער און זיך געריוועט אין דער אונטערגעבעטער שטרוי. אָבער וואָס מאָדנער פון אַלץ איז, אַז שעווקע — אָט דאָס דאַרף מען שוין טאַקע קענען — בשעת זי האָט דערהערט, אַז מע פירט אַרויס די סחורה פון האַרבאַרגיע, האָט זי זיך אַנידערגעשטעלט אויפן גאַניק און גענומען קוקן. און די אַלטע שווערט מיט שבועות, אַז זי האָט אַליין געהערט, ווי די קליפּע האָט געזאָגט: „אָט אַזוי וועט עס נעמען אַ סוף!"

— נו, וואָלסט זיך ריכטן אויף אַזוינס, — איז זי דערנאָך אומגעלאָפן איבער אַלע שכנים און זיך ניט געקענט באַרויִקן — דאָס איז דאָך נאָך ערגער פון אַ פּרעמדן. לאָמיך אַזוי געזונט זיין, אַז ערגער! דאָס הייסט, אַז סע זיצט אין שטוב אַן אייגענער שונא. באַהיט און באַוואָרנט זאָל מען ווערן... וואָס פאַר אַ ניט־גוטער האָט זיך עס אַריינגעזעצט אינעם דאָזיקן ווייבל? נו, נו!...

## א שווערער ווינטער

### 1

דער עולם קרעמערלעך אין שטעטל האָט פאַרלאָזט די קלייטן מיט די שטעטלעך און זיך אַ כאַפּ געטאָן צו אַן אַנדער פּרנסה. אויבן אויף איז מען כלומרשט אַרומגעגאַנגען ליידיק — וואָס איז? אַ ייד, אַ יונגערמאַן טאָר גאָר ניט אַרומגיין ליידיק? ווו שטייט עס געשריבן? און בגנבה, צווישן טאָג און נאַכט, פלעגט מען אַ האַנדל טאָן מיט קאָנטראַבאַנדע. ווער סע לויפט אַליין צו פּופּציק ווערסט צו דער גרענעץ, און ווער סע קויפט איבער דאָ אויפן אָרט האַנט־צו־האַנט.

דאָס שטעטל האָט איצט שאַרפער, ווי אַלע מאָל, זיך צעטיילט אויף צווי לאַגערן, וואָס האָבן שלעכט געקוקט איינס אויפן צווייטן, ניט געקענט איבערטראָגן איינס דעם צווייטן, געגאַנגען אין לעבן אַריין איינס דעם צווייטן. וואָס דאַרף מען מער — זיי האָבן זיך אונטערשיידט איינער פון צווייטן אפילו לויטן קאָליר פון די מלבושים, אפילו לויטן אימפּעט פון די באַוועגונגען. שוין אָפּגערעדט פון די טועכצן און פון די גענג. איין טייל האָט געטעמט מיט דער ראַטנמאַכט, געבויט די אַנשטאַלטן, געפירט אַגיטאַציע, אָרגאַניזירט אַ טעאַטער, קורסן, אַ שול, צוגע־

שטעלט ברויט פאַר דער מלוכה אָדער גאָר זיך אָוועקגעלאָזט אין דער רויטער אַרמיי זיך שלאָגן מיט די ווייסע, מיט די גענעראַלן, מיט די באַנדיטן. און די צווייטע האָט זיך געוואָרגן מיט דער ראַטנמאַכט, געטאָן קידער־ווידער, זיך באַהאַלטן פון דער רויטער אַרמיי, געשאָלטן, געשפּיגן, געהאַנדלט אין דער שטיל מיט ניקאָלאַיעווסקע געלט, מיט זאַלץ, וואָס מע האָט אַריבערגעפירט פון דער פּוילישער גרענעץ, מיט צייג און מיט פּוטער (וואָס מע האָט געפירט צו דער גרענעץ), און מיט טיכעלעך. ניט איינער פון די סוחרימלעך האָט זיך פאַרדינט דערביי דעם טויט און נאָך מיט געברענטע ליידן דערצו. אייניקע האָבן צו דערציילן, ווי אַזוי מע האָט זיי געפּאַקט אויף דער פּוילישער גרענעץ און זיי האָבן געטאַנצט פאַר די פּאָליאַקן באָרוועסע אויפן פראָסט. אַ סך האָבן געלייזט צו פינף און צוואַנציק שמיץ, און מע האָט זיי מיט אויסגעליידיקטע קעשענעס אָפּגעלאָזט אויף צוריק.

זינט די ווייס־פּאָליאַקן און די פּעטליוראָוצעס האָבן זיך גענומען פאַרען אין דער געגנט, האָבן זיך אויך באַוויזן באַנדעס און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען אויף יידן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. סירניצער יידן האָבן זיך ניט געריכט, אַז אויך צו זיי וועלן זיך דער־קייקלען די פּאָגראָמען. זיי האָבן גענומען און אַליין פאַרמאַכט אויף דעם די אויגן און געמיינט, אַז זיי וועלן זיך ניט־זעענדיק מאַכן, וועט עס אַזוי דורכגיין.

מ׳האָט געקלערט, אַז אַלע יאָרן האָט סירניצע ניט געוווסט פון קיין שלעק: מ׳איז ביי דער זייט פון דער וועלט, און יידן לעבן זיך שטיל און האָבן שטיל פּרנסה. אָט האָט די יאַפּאַנישע מלחמה אין גאַנצן אויס־געמידן סירניצע, די וועלט־מלחמה אויך כמעט און דאָ, אַז ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן הערן פּאָגראָמען, איז סירניצע אויך געוועז ווי אָפּגעטיילט. מ׳האָט געמיינט, אַז סירניצע איז מיט עפּעס לייטישער ביי גאָט אין די אויגן, סירניצע איז ניט ווי אַלע שטעט. לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז שוין לאַ־דווקא און ס׳איז שוין גאָר ניט אַזוי די מעשה, ווי מ׳האָט זיך פאַרוויגט.

ס׳איז אָנגעקומען אַ משוגעת אויף אייגענע שטילע פּויערים, און מ׳האָט גענומען אַ שטאָט און צעבראָכן; צעשטאָכן אויף שטיק־שטיק־לעך, מ׳האָט גענומען אייגענע מענטשן און צעהרגעט, צעקוילעט, קינדער געשלעפּט פון די וויגן, כלה־מיידלעך האָבן זיך געוואָלגערט איבער די גאַסן, ווי מיסט און ווי שפּייעכץ, יידן מיט בערד זענען געלעגן אויס־געשאָכטענע מיט קאָסעס... און פון וועמען האָט זיך עס גענומען? נאָר

פון היימישע! אַז היימישע פויערים מיט שכנים, מיט וועלכע מע גייט אַלע יאָר אויף איין סטעזשקע, זאָלן אַזוינס אויפטאָן?...

די וויהאָגנער האַרבאַרעס האָט אָפּגעגליקט. די הצלחה האָט, קיין עין־הרע, געשפּילט. מע ווינט ווייט אויסער שטאָט, אָממיינסטן צווישן פויערים, און מ׳איז טאָקע ניט אַזוי אָנגעשראָקן, ווי דער שטאָטישער ייד. נאָר ס׳מאַכט ניט אויס, מ׳האָט זיך געגוג געבאָדן אין ליידן, און דאָס לעבן איז גענוג געשטאָגען אויף אַ האָר פיר טעג נאָך אַנאַנד: ווו מ׳האָט געטאָגט, דאָרט האָט מען ניט גענעכטיקט. און ס׳איז גרויס געוועזן דער ווייטיק צום האַרצן הערן, ווי יידישע קינדער שרייען גוואַלד און לאָזן אַרויס זייערע לעצטע חיותן אונטער די מערדערישע הענט, ווען אַליין זיצט מען אונטער אַ בוים, אָדער ביי אַ שכן אין שטאַל, און מ׳וואַרט אויף דאָס אייגענע.

די אַלטע שיינע האָט געהאַלטן אין בעטן זיך, אַז זי גייט אין אַ קויטיקער העמד, און אַז אויב שטאַרבן, וואָלט זי זיך דאַרפן איבערכאַפּן אַהיים און אָנטאָן אפשר אַ ווייסע העמד...

יאַקאָס זענען די וויהאָגנער לייט אַרויס מיט לעבן. אמת, שעווע האָט נאָך אַ צייט זיך אויסבאַהאַלטן אין סקרעבעליטש ביי די פּריינט, ביז מ׳האָט זיך אין דער היים אַ ביסל איינגעהויטעט און בונים־בער איז געקומען מיט אַ פערד און זי מיט די קינדער פאַרנומען אַהיים.

דער גאָרטן אַרום שטוב איז געווען אויסגעטאָפּטשעט און איבער־געריעט. די פּאַסאַליעס, די האַרבוזעס — איינגעטראָטן אין דער ערד, אַזאַ תכלית האָט מען געמעגט זען אויף די שכנים, וואָס האָבן דאָס אַלץ געמאַכט. און ווען שיינע, זיך טרעפנדיק מיט מאַרטינקאָ דעם קרומען, האָט אים געזאָגט:

— אויף ווענען, אויף ווענען, — האָט זי געזאָגט, — אויף די שכנים האָט מען געוויס ניט געריכט זיך זיי זאָלן אַזוינס טאָן.

האָט ער איר געענטפערט:

— אומזיסט, שיינע, זינדיקסטו אויף דיינע שכנים. וואָס איז? איך וואָלט ניט געוועזן קענען הרגענען דיך, ווען איך זאָל געוועזן וועלן? איך האָב דאָך סיי ווי געזען יענעם שבת אָנטקעגן זונטיק, ווי דו האָסט זיך געקובלעט, אַזוי ווי אַ הון, דאָרט אין שאַפּע אונטערן סטאָמפּ. ניש־קשה, איך האָב גוט געזען, נאָר אומזיסט זינדיקסטו אויף דיינע שכנים.

איז שוין גוט. איצט ווייסט שוין שיינע, ווזהין ס׳האָט זיך אַהינ־געטאָן דער גאַנצער גוטס פון שטוב. סע זייער אַרבעט! וואָרעם די ערשטע נאַכט, בעת זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ניט טויט ניט לעבעדיק

אונטערן סטאַמפּ, האָבן זיי זיך געפּאַרעט ביי איר אין שטוב... ער זאָגט דאָך אַליין!

---

דערנאָך האָבן זיך אין שטעטל פאַרפירט אַנדערע צרות און אַזעלכע, פון וועלכע מ׳האָט פריער קיין מאָל ניט געוווּסט — אַ קראַנקייט אַזאַ — טיף! מענטשן לייגן זיך אַוועק און רעדן אָפּ פון היץ אַ וואָך צי צוויי און דערלעבן שוין ניט אויפשטיין. דערצו ליגט מען דאָך אין צעבראָכענע הייזער, און אַליין איז מען אויך צעבראָכן, אָן אַ קישן אונטערן קאָפּ און אָן אַ מלבוש אויף דעם לייב צודעקן.

ביי מאָטעסן אין שטוב האָבן זיך אויך אַלע אַנידערגעלייגט שלאָף, אַזוי איינציקווייז, איינציקווייז, ביז ס׳האָבן זיך אַנידערגעלייגט אַלע אין שטוב. איין ריסל, פּונקט די שוואַכסטע פון זיי אַלע, האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס. שלוימקען האָבן זיי וועגן דעם ניט געשריבן. זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל ניט קומען און זיך אויך ניט אָננעמען מיט דער שלאָפקייט.

שעווע האָט געזאָגט, אַז ווען די טיר איז אָפּגעקלעפּט און אָפן, וואָלט זי זיך אפשר אַריינגעכאַפּט צו די חולים, זי וואָלט געהערט, וואָס דער פעלדשער זאָגט, און זי וואָלט אפשר אַ מאָל אָפּגעקאָכט אַ פערטל עוף. שיינע האָט זיך לפנים געבייזערט אויף איר און האָט געזאָגט, אַז יענע וויל זיך עפּעס אָנשלעפּן אי אויף זיך, אי אויף דער גאַנצער שטוב.

אין איינעם פון די אויפדערנאַכטן איז בונים־בער געגאַנגען אויף דער וואַכטע (די שטעטלשע איינוווינער פלעגן גיין לויט דער ריי באַוואַכן ביי נאַכט די שטאָט פון אַ שרפה, פון אומגעריכטע אָנפאַלן). ביי אַלעמען איז אויסגעקומען, אַז איצל איז ייִנגער מיט אַ טאָג, און אַזאַ זאַך איינ־שפּאָרן וואָלט ער, דוכט זיך, געמעגט, ניט בונים־בער זאָל גיין זיך וואַלגערן די לאַנגע ווינטערדיקע נאַכט אין אַזאַ פוילער קעלט. אָבער גיי רעד מיט אים, אַז יענער איז איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל, און די אַלטע האָט זיך נאָך אויך איינגעשטעלט. זי האָט געבעטן און געגעבן צו פאַרשטיין מיט שכל, אַז ער איז נאָך אַ ייִנגל, ער האָט מורא, מע דאַרף אים ניט טשעפּען. מילא, זאָל שוין בונים־בער זיך איבערוואַלגערן די נאַכט.

און בונים־בער האָט זיך אָנגעטאָפּטשעט די נאַכט אינעם נאַסן שניי. אין דער פרי, אַז ער איז געקומען, האָבן אים געבראָכן די ביינער. די אַלטע האָט אים געגעבן וואַרעמע מילך טרינקען, ווייטער האָט זי אים געהייסן, ער זאָל זיך לייגן, וועט זי אים איינרייבן מיט זאַלצוואַסער.

האָט ער אָבער קיין צייט ניט געהאַט זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַכן. מ׳האָט געוועזן פאַרקויפט אַנגעפּאַרענע סוחרים אַ פּאָר פּודלעך סחורה, דאַרף מען זיי נאָך היינט ביי נאַכט איבערטראָגן פון דער באַהעלטעניש אין שטוב אַריין, און פאַר טאָג וועלן קומען די סוחרים און וועלן עס אַרויספירן.

און בונים־בער האָט זיך טאַקע ניט געוואָלט אונטערגעבן.

אַזוי האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ ברעכעניש אינעם גאַנצן לייב, מיט אַ מאָדנער צעחלשקייט אפשר גאַנצע אַכט טעג, ביז ער האָט זיך טאַקע סוף־כל־סוף אַנידערגעלייגט. מ׳האָט אים אויסגעבעט אין דער גרויסער שטוב לעם דער הרובע, און ער האָט צו ביסלעך געהוסט און געהאַלטן אין איין טענהן אַז ס׳איז אים שפּל, ס׳איז אים שלעכט.

ביי מאַטעסן פון יענער זייט וואַנט האָבן שוין אַנדערע גענומען זיך אויסקאַטשען פון דער שלאָפקייט, און דאָ האָבן זיך דערוויל צו די אַכט טעג אַוועקגעלייגט בײדע יינגלעך און עפּעס ביי שעוועקן אַליין זענען אויך געוואָרן געדיכטע אויגן. האָט זי ניט געוואָלט, ניט געוואָלט און פונדעסטוועגן אויפן פערטן טאָג זיך אַריינגעלייגט אין בעט.

**2**

שוין צוויי טעג, אַז די באָלשעוויקעס זענען אַרויס פון שטעטל.

ניט ווייט קומען פאַר גרויסע שלאַכטן. מע שלאָגט אָפּ דעם אָנגריף פון די ווייס־פּאָליאַקן. לייזער מיט זיינע חברים זענען אַוועק פון שטעטל די לעצטע. אין שטעטל הערשט אַ שטילקייט, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט שרעק. מען זיצט פאַרשפּאַרט אין די הייזער, און מע היט זיך אָן איבעריקן מאָל אַרויסגיין אויף דער גאַס.

פּלוצעם האָט מען דערהערט, אַז אַ פּוילישע ראַזוועדקע איז אַריין און טרייסלט די שטאָט.

ביי שיינען און ביי מאַטעסן אין די פענצטער האָט מען געזען, ווי צוויי פּוילישע לעגיאָנערן טרייבן בערטשיקן, דעם געוועזענעם קרעמער. מע האָט ביי אים אויסגעטרייסלט אַ זאַק זאַלץ, און איצט דאַרף ער אים, ווייזט אויס, אַליין פאַרטראָגן, ווו זייערע פערד שטייען. זיי שלאָגן אים מיט די פויסטן איבער די זייטן.

ביי יאַקימען אין הויף האָבן זיי דערזען אַ מיליטערישע קיך, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן איבערגעלאָזן. האָבן זיי געהרגעט, געשלאָגן יאַ־קימען מיט יאַקימעכען, זיי זאָלן די רגע איינשפּאַנען די פערד אין דער קיך, און זיי וועלן אַוועקפירן זי מיט זיך. יאַקים מיט יאַקימעכען זענען

געפאַלן צו די פיס, די איינציקע צוויי פּוילשע ווערטער, וואָס זיי האָבן געוווּסט, זענען געווען „פּראָשע פּאַנע״. זיי האָבן זיך געבעטן, זיי האָבן געוויינט, מע זאָל ניט טשעפּען די פערד, ווייל דאָס איז זייער גאַנץ לעבן. האָבן זיי אָבער נאָך מער געכאַפּט קלעפּ מיט קאַנטשיקעס, און ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. יאַקים האָט מיט אַ סך רחמנות אויף זיך אַליין געשפּאַנט זיינע קליינע צוויי פערדלעך אין דער אייזערנער קיך, און יאַקימעכע מיט די קינדער האָבן זיך מיט אים געזעגנט, וואָרעם ווער ווייסט, צי מע וועט אים שוין דערלעבן זען אויף צוריק. אַזעלכע זאַכן האָבן זיך שוין געטראָפן. ערגעץ נאָך, דערציילט מען, האָבן די פּאָליאַקן פאַרנומען צוויי קראַסנער יידן. האָט זיך איינער פון זיי געלאָזט אנט־לויפן, און מע האָט אים פאַרווונדעט אין קאָפּ. אין דאָלינע ביי שמייען ליגט ער, און דער איבערגעבונדענער קאָפּ האַלט ביי אים אין איין בלוטיקן. ס׳קען זיין, אַז ער וועט נאָך איבערלעבן אין די ווייטיקן ביז איבער שבת... און דעם אַנדערן יידן האָבן זיי פאַרנומען מיט זיך. שפּעטער האָט מען ווייטער דערציילט, אַז ביי לייזער פּאָלאַנטע האָבן זיי איבער־געקערט די שטוב און איבערגעטרייסלט יעדעס ווינקעלע. עמעצער האָט זיי אָהין אָנגעוויזן. דעם אַלטן פויער, דער באַלעבאָס פון דער דירה, האָבן זיי געהרגעט־געשלאָגן, אַז ווער ווייסט, צי ער וועט דערלעבן די נאַכט.

אזוי האָבן זיי וואָסערע צוויי שעה געווילדעוועט אין שטעטל און זיי זענען אַוועק צוריק אויפן האָראָדקיער שליאָך.

דערנאָך איז געוואָרן צוריק שטיל אין שטאָט. און אזוי ווי ס׳איז געווען פרייטיק און שוין שפּעט נאָך האַלבן טאָג, האָבן איינזקע עלטערע יידן זיך אָנגעהויבן באַוויזן אין גאַס. מע האָט נאָך אַ סך מאָל איבער־געקייט צווישן זיך די נאַר וואָס פאַרגעקומענע מעשה, און איינער דעם אַנדערן האָבן דערגאַנצט, וואָס דער אַדער דער צווייטער האָבן ניט געוווּסט. און אזוי ווי זיי האָבן געזען, אַז דער דרויסן איז זיך אַ דרויסן, ס׳נאָר ווינטער, און ס׳איז אַ פּוילע קעלט, איז געבליבן, אַז ס׳שוין מחויב צו זיין שטיל, און מ׳מעג אויף אַ רגע צוגיין אין מרחץ אַריין זיך אַ וואַש טאָן.

אַרום דער אָפּגעברענטער הויכער פּאָדמאַרווקע פון דער אַלטער קלויז האָבן זיך געגומען קלייבן יידן מיט די ראַשקעלעך און בעזעמער. איין ייד וואָרט אויפן צווייטן, איין שכן — אויפן אַנדערן. פון היימלעכקייט וועגן וועט מען גיין אין איינעם אין באָד אַריין. די באָד שטייט אויף דער ברו־קירטער קראַסנער גאַס. פרייטיק, אַז די באַלעגאָלעס פאָרן דורך פון קראַסנע מיט פולע פורן פאַרשוינעץ, זעען עס כסדר די יידן אין באָד אויף

דער אייבערשטער באַנק דורך די פאַרשוויצטע פענצטערלעך, און זיי ווייסן, אַז ס׳פאַרן קיין סירניצע געסט אויף שבת. נאָר איצט זענען דאָך מערסטן טייל די שליאַכן פאַרשטעלט. דאָס מאָל איז די באָד נאָך געווען צו אַלע גליקן אַן אויסגעקילטע. „ניטאָ קיין היץ״, — האָבן עטלעכע בלויע און מאָגערע, נאַקעטע, צעפּאַסעוועטע גופים אַזוי ווי געטענהט צווישן זיך, — „ניטאָ קיין היץ״... און מע האָט זיך אומזיסט געריבן די לייבער מיט די דערקאַטשעס. „כאָטש די מיקווה זאָל זיין אַ הייסע״, — זאָגן זיי אַזוי ווי איינער צום אַנדערן. פּלוצעם האָבן זיי דערזען דורך די קויטיקע נאַסע פענצ־טערלעך איבער דער אייבערשטער באַנק, אַז מע פאָרט אין שטאָט אַריין אויף פערד. יאָ, אויף פערד! דער עולם אין באָד האָט זיך צעפּאָלאָכעט איבער כמה טעמים. איין מאָל, אפשר וועט מען זיי כאַפּן, אַז זיי זיצן אין באָד, און, צווייטנס, ווייסט מען ניט, ווער דאָס איז. אויב דאָס זענען באַל־שעוויקעס — איז גוט. אָבער טאָמער... ווער ווייסט? האָט מען געכאַפּט, מע האָט אפילו ניט אָפּגעשווענקט די בערעזעווע בעזעם־בלעטלעך מיט די סטוהעס בלאָטע פון די בלויע לייבער. מע האָט געכאַפּט און צוריק אָנגעטאָן אויף זיך, ווער וואָס ס׳האָט פאַרמאָגט. מערסטן טייל טראָגן סירניצער יידן שאָפענע טולעפּער, האָט מען זיי אַרויפגעכאַפּט, ווער אויף איין אַרבל און ווער אויף ביידע, און מע איז אַרויס אין הויז, און דערנאָך האָט מען זיך איינגעשטעלט און מע איז טאַקע אַרויס פאַר דער באָד.

— אַ ים, אַ ים חייל פאָרט!

— יאָ, ס׳זענען באָלשעוויקעס!

— איינער, דער סאַמע ערשטער, האָט פּלוצעם דערלאַנגט אַ שטעל אָפּ דאָס פערד. ער האָט אַ ווייז געטאָן, אַז די יידן זאָלן צו אים צוגיין נעענטער. און אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ס׳זענען טאַקע באָלשע־וויקעס, האָבן שוין אַלע געוואָלט רעדן, און יעדערער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן, און דער עיקר וועגן דער ראַזווערקע, וואָס איז אַט־אַ גאָר ניט לאַנג אַרויס פון שטאָט... מע קען זיי נאָך געוויס כאַפּן. און מע האָט שוין געוויזן מיט דער האַנט, ווּהין זיי זענען אַוועקגעפאָרן. אַהין, אויף האַראָדקיער שליאַך! אַט דאַ־אַ רעכטס! יאָ, צווישן די קלענאָווער אַלייען און אַרויף־באַרג אין דער לינקער האַנט. דער עלטסטער האָט זיך ניט געזאָמט און האָט גלייך אַוועקגעשמיסן ווייטער. לעם דער פּאָד־מאַרוווקע פון דער אָפּגעברענטער קלויז האָט ער ווייטער אַ מאָל זיך אָפּגעשטעלט. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ רעדל מיט פויערים און שטע־טלשע בעלי־מלאכות. ער האָט ביי זיי איבערגעפרעגט דאָס אייגענע און

גלייך אויסגעשטעלט פינף און צוואַנציק מאַן מיט פערד פון פאַרשיי־דענער גרייס און קאָליר, און ער האָט מיט זיי אַוועקגעריטן אַהין, וווּ מע האָט אים געוויזן. און דאָ, די רעדלעך האָבן געקוקט, ווי פון קראַסנער שליאַך ציט זיך אַהער אַ סך, גאָר אַ סך, מ׳זעט ניט קיין עק. אַ סך פוסגייער, טאַקע גאָר אַ סך. און פון הינטן טראַסקעט אַ קיך און פורלעך מיט קעסט־לעך, און פון אַ ביידל קוקט אַרויס אַ וואָיענער מיט ברילן און מיט אַ גרויסן פינף־שפּיציקן שטערן אויף דער קוטשמע.

און ס׳גייען האַרמאַטן צו עטלעכע פּאָר פערד געשפּאַנט.

— ס׳איז אַ גאַנצער פּאָלק, — האָבן מבינים געזאָגט.

די רויטאַרמייער זענען געווען ניט שטאַרק אָנגעפּעלצט און דאָך ניט שטאַרק דערפרוירן. ס׳איז שווער געווען צו דערקענען, צי דאָס שטעלן זיי זיך אָפּ אין שטעטל, אָדער זיי וועלן אַוועק ווייטער.

דערווייל איז אין שטעטל געוואָרן פריילעכער. ס׳האָבן זיך אַרויס־געשאָטן אי ייִנגערע אי עלטערע, און מע קוקט. ווער ס׳שטייט פון דער ווייטנס און ווער ס׳גייט צו נענטער. קליינע חברהניקעס דרייען זיך אַרום, מע שטעלט זיך אפילו איין און מע טוט אַ גלעט אַ פערד ביי דער מאָרדע. אַ סך חברה בעטן די רויטאַרמייער אין שטוב אַריין, זיי זאָלן זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען.

אַ בחורל פון די רויטאַרמייער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו אַ רעדל און געפרעגט, — אפשר האָט עמעצער שוועבעלעך. איינער איז אַוועק־געלאָפן צו זיך אין שטוב און פון דעם טשאַלנטדיק־אויסגעהייצטן אויוון אַראָפּגענומען אַ טרוקן קעסטעלע שוועבעלעך און אין גרויס איילעניש עס אַרויסגעטראָגן — דער רויטאַרמייער זאָל זיך כאָטש ניט פאַרלירן, ער זאָל אָפּזוכן צוריק זיין אָרט אין סטרוי.

— ס׳פון קראַסנע? פון קראַסנע אַזוי פאָרט איר?

אונדזער חברה־מאַן, וועדליק ער האָט געענטפערט, איז ער שוין דווקא גאָר ניט אַזאַ צוגעלאָזענער. ער האָט געענטפערט:

— זנאַמאַ אַטקודאַ יעדיעם!

— הערסט אַ מעשה! בשעת ער האָט געבעטן אַ שוועבעלע, האָט מען געקענט מיינען, אַז ער וועט זיך לאָזן רעדן.

— הייסט עס, — האָט אַ צווייטער זיך משער געווען, — אַז ביז נאַכט קען מען זיי איטלעכן ברענגען אויף צוריק, — און ער האָט אַ ווייז געטאָן אויף האַראַדקיער שליאַך.

דער עולם האָט זיך געשטופּט אינעם צעקנאַטענעם שניי אויפן מאַרק־פּלאַץ און אויפן שליאַך. „ס׳וואָלט געווען גוט, — האָט דער עולם גערעדט

צווישן זיך, — ווען דער פֿאָלק שטעלט זיך אויס דאָ ביז מע וועט פּטור ווערן פֿון די פֿאָליאַקן״.

3

יוכימעכע די אַלטע וווינט אינעם קליינעם גאָרטן־געסעלע. איר אייניקל פֿונעם עלטערן זון פּאַשעט ביי שיינען די ראָבע בהמה, וועלכע איז גרעסער פֿון אַלע בהמות אויפֿן וויהאָן. יוכימעכע, אַז זי דאַרף אַ ביסל סאָדע, אַ קאָפּ זאַלץ, אַדער אַ שוועבעלע, גייט זי ניט צו קיינעם, זי גייט נאָר צו שיינען. איצט איז זי געקומען, יוכימעכע, מיט אַ געוויין, אַז אַלעקסאַנדער, דער ייִנגערער בחור אירער, ליגט ווי אַ פּלאַכע אין איין היץ... וואָס טוט מען אויף דער וועלט און וואָס הייבט מען אָן צו טאָן? אפֿשר אים קריגן ערגעץ אַ ליכטיק שטיקל ברויט צום עסן אַדער וואָס?!

— קוילע אים אַ הון, — זאָגט שיינע, — און קאָך אָפּ. אַט ליגן דאָך ביי מיר אויך אי די שנור אי דער זון די אַנדערע וואָך.

— ווער, שעווע?

— יאָ, שעווע און בערקע... מע דאַרף זיי אויך קוילענען אַ שטיקל הון, זי נעמט גאָרניט אין מויל אַריין, אפֿילו אַ ביסל וואַסער דאַרף מען איר אַריינשטופּן מיט גוואַלד. גאַנצע נעכט, אַז זי הערט ניט אויף צו רעדן פֿון היץ...

און דאָ מישט זיך שוין אַריין פֿייגל, ווי אַן אַלטער קאָפּ. אַז ביי נאַכט כאַפּט זי זיך אויף, די מאַמע, פֿון שלאָף און שרייט, אַז פּאָליאַקן לויפֿן אום אונטער די פֿענצטער מיט אַרויסגעשטעלטע באַגנעטן. און טאַמער דוכט זיך איר, אַז מע רעדט עפּעס אין שטוב פֿון איר, זאָגט זי: „איך הער, איך הער! איך הער סיי ווי אַלצדינג״. צום סוף, אַז מע גייט צו און מע פֿרעגט זי עפּעס, ווייסט זי גאָרניט, זי ווייסט אפֿילו ניט קיין איין וואָרט.

— נאָ, — האָט שיינע אַרויסגעטראָגן אַ שטיק ווייצענע בולקע, — זאָל אים זיין צו רפֿואה... צי דו וואָלסט אפֿשר גאָר געגאַנגען אַ רוף טאָן די דאָקטערשע.

— אָ, מיין טייערע, — גלוסט זיך נאָך יוכימעכן ניט אוועקגיין, — זאָלן זיי אזוי פֿיל האָבן אויף זייערע ביינער פֿלייש, וויפֿל זיי ווייסן אין גאַנצן. אָט דער פֿעלדשער, זעסטו, איז נאָך נישקשה פֿון אַ מענטשן, ער איז אַנומלטן שבת אַנטקעגן זונטיק געזעסן ביי אונדז, געזעסן, געזעסן און איז דערנאָך אַוועקגעגאַנגען.

אין שטוב איז געווען שטיל. אין איין אַלקער זענען געלעגן ביידע

יינגלעך, און אין צווייטן, אין שעוועס, איז שעווע געלעגן אַ צעפּאַליעטע מיט צעלאַזענע האָר. אויפֿן נאַכט־טישעלע, וווּ ס׳שטייט כסדר דער גרוי־סער שפּיגל — אַ שפּיגל, וואָס דרייט זיך אויף צוויי שרויפֿן — אויף דעם־אַ נאַכט־טישעלע האָבן זיך אין אַן אומאָרדענונג געוואַלגערט אַ סך רפֿואות. די אויגן זענען ביי שעוועטן געווען גרעסערע, ווי שטענדיק, נאָר פֿאַרצויגענע ווי מיט אַ כמאַרע. אַ מאָל פֿלעג זי צורופֿן פֿייגלען און זי פֿרעגן מיט אַ פֿאַרשלאָפֿענעם לשון און מיט אויגן, וואָס קוקן אין ערגעץ ניט:

— פֿייגל, אפשר בעטן שלוימקען, ער זאָל שפּאַנען דאָס פֿערד און מיך פֿירן קיין קראַסנע?

פֿייגל, כאָטש זי איז שוין אַ גרויס מיידל, האָט זי דאָך עפּעס מורא געהאַט און זיך געהאַלטן ווייט פֿון בעט.

— מאַמע, — זאָגט זי, — וואָס, דו געדענקסט דען ניט, אַז שלוימקע איז דאָ ניטאָ, אַז שלוימקע איז אין כאַרקאָוו? און דעם פֿערד געדענקסטו ניט, אַז דער טאַטע האָט אים פֿאַרקויפֿט נאָך דענסטמאָל, אַז איר זענט געווען געזונט?

און פֿייגל וואַרט זי זאָל זיך עפּעס דערמאָנען, שעווע. אָבער שעווע קוקט, אַזוי ווי ניט צו איר רעדט מען, און זי איז עפּעס אַזאַ פֿרעמדע. פּלוצעם כאַפּט זי זיך אויף, ווי קליינער וואָלט לעם איר ניט געשטאַנען, און רופֿט, אַזוי ווי צו דער קיך רופֿט זי, אַז מע זאָל גיכער אַ וויג טאָן דאָס קינד, דאָס קינד וויינט.

סיי די שטוביקע, סיי די שכנים האָבן געהאַלטן, אַז בונים־בערן וועט עס דורכגיין זייער גרינג. ביי די יינגלעך אויך. נאָר שעווען — דאָס ווייסט מען שוין ניט. מיט שעוועטן האַלט עס שמאָל. אַ סימן האָט איר, אַז בונים־בער ווייסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים, און יענע איז פֿאַר־טראָגן קיילעכדיקע מעת־לעתן דורך אַנאַנד. זיי זענען געלעגן אין באַ־זונדערע צימערן. בונים־בער — אין דער גרויסער שטוב, און זי — אין אַלקער. אנומלטן אויף דער נאַכט האָט זיך בונים־בער דערמאָנט אַ פֿרעג טאָן אויף שעוועטן און האָט אַן שום קלערענישן אויפֿגעגעבן, אַז די מאַמע אָדער איצל זאָלן דינגען אַ פֿור און פֿאָרן קיין קראַסנע נאָך אַ גוטן דאָקטער. אויפֿן אויסגעבלייכטן פּנים האָבן זיך ביי אים צעבלאָזן די נאָזלעכער. ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַן ערנסט:

— הערסטו, מיט אַזעלכע זאַכן שפּילט מען זיך ניט. אַז אַ מענטשן איז אַזוי שלעכט, דאַרף מען אים ראַטעווען.

און געמיינט האָט ער, קענטיק, שעווען.

4

די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן אין האַרבאַניע אַריין רייסן צו זיך דעם דאָקטער. סטייטש, אַ דאָקטער אַזש פון קראָסנע! וואָס הייסט, מע גיט ניט דעם דאָקטער אויף פיקוח־נפש? און דאָ אין שטוב האָט מען געקוקט אויף די שטאָטלייט, ווי אויף משוגעים.

ווער ווייסט, אפשר זענען זיי גאָר אויף אַזוי פיל ניט שולדיק, די שטאָטלייט? דער, וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך פאַר אַ שטרוי. נאָר דער דאָקטער אַליין איז אַן אומגליק, אַ פאַרשלעפּטע קרענק. ער הינקט גאָר, ביי אים בלייב עס, און ער איז פשוט משוגע. הערט, וואָס אַ מענטשן פאַרגלוסט זיך אַ זאַג טאָן: ער האָט, פאַרשטייט זיך, איטלעכן באַטראַכט שיין, פיין, און צום סוף האָט ער אויפגעגעבן איין קליינִיקייט, אַז שעווקע איז אַזוי זיך, די יינגלעך זענען נישקשה, זיי וועלן שוין עסן קאַשע, שלעכט האַלט עס נאָר מיט איינעם — „ס'עטים סטאַריטשקאָם", — האָט ער אַ זאָג געטאָן און ווייזט אויף בונים־בערן.

משוגע בלייבט משוגע! געפעלט אייך עפּעס אַ „סטאַריטשאָק"?! איי ער האָט זיך אויסגעבלייכט פון דער שלאָפקייט, און דאָס בערדל איז ביי אים צעשויבערט, די אויגן איינגעפאַלן... איז קומט שוין ביי אים אויס — „סטאַריטשאָק"!

— אויף זיין קאָפּ און אויף זיינע הענט און פיס זאָל עס זיין!

ביי שיינען איז געווען געפועלט, אַז מער לאָזט זי אים אין גאַנצן ניט אין שטוב אריין.

5

...ווער וואָלט זיך גאָר קענען ריכטן אויף אַזאַ מין קלאָג, אויף אַזאַ אויסרייסעניש?

שיינע איז אומגעלאָפן אַ פאַרזאָרגטע און אַ דערשלאָגענע פון איין שכנה צו דער צווייטער. אַנדערע האָבן גאָר ניט געוואָלט, וואָס זי גייט צו זיי אריין, זי קען נאָך אַנטראָגן די שלאָפקייט.

— איר זעט ניט, — זאָגט זי, — אַז ער איז שוואַרץ ווי די ערד? נישקשה, ער איז דאָך סיי ווי פון אייזן, וואָס ער האָט ביז איצט אויס־געהאַלטן. קאַרג איז אים אויסגעפרוירן דער מאַרך פון די ביינער אין דער קאַרע ליגנדיק?!

פייגל זאָגט, אַז זי וועט באַלד משוגע ווערן, וואָרעם זי פילט שוין ניט אירע פיס און זי לויפט אַרום פון איין בעט צו דער צווייטער און הערט זיך אַן אַזעלכס, אַז די האָר שטעלן זיך איר קאַפּויר. די מאַמע,

גאַנצע נעכט טענהט זי, אַז ברײַנדל וועט אים צונעמען... ווער זאָל אים צו־
נעמען? וואָס צונעמען? גיי פרעג זי! די ייִנגלעך ווילן ניט אײַננעמען
די רפֿואות. זי שטופּט זיי קוים אַרײַן. דער טאַטע הוסט, נאָ דיר גאָר
אַ הוסט אויף אירע יאָרן! ער כראַקעט אויס גאַנצע שטיקער בלוט. נאָך
יעדן מאָל, אַז ער פֿאַרהוסט זיך, טוט ער אַ קוק מיט אַזעלכע אויגן, אַז
ס׳רײַסט אויס אַ שטיק האַרץ... הלמאַי די היגע דאָקטערשע זאָגט גאָר,
אַז ס׳איז שוין ניט קיין טיף...

— ביי אים איז די סקאַראַטעטשנע, — אַזוי האָט זי אײַנגערוימט
דער אַלטער, ווײַל דעם חולה אַליין האָט זי ניט געטאָרט זאָגן.

שיינע וואָלט אַ בעלן זײַן וויסן, וואָס דאָס הייסט „סקאַראַטעטשנע",
דאָס איז דאָך, ניט דאָ געדאַכט, די סוכאָטע.

— פּלאַכאַ, באַבושקאַ, — זאָגט זי, — אָטשען פּלאַכאַ".

ביי שיינען פּאַטויפּעט זיך עס פֿונדעסטוועגן ניט אין מוח, וואָס האָ־
בן זיי זיך עס אַרײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ אַרײַן „פּלאַכאַ" און „פּלאַכאַ"?
וואָס זעען זיי אויף אים?

די אַלטע האָט זיך גאָר געמאַכט אַ מאָדע — די לעצטע טעג איז זי
אַרומגעגאַנגען מיט אַ כּעס. אַ מאָדנע זאַך, אַפֿילו צו בונים־בערן אַליין
האָט זי גערעדט מיט כּעס, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אין עפּעס שולדיק.

— איך בעט דיך, הער שוין אויף, — האָט בונים־בער צו איר גע־
זאָגט, און מע זעט, אַז דער מלאָך טרעט אים אָפּ פֿון האַרצן.

— דו ווייסט, פֿייגל? — האָט די אַלטע שפּעטער אַ ביסל זיך אָנגע־
רופֿן, — איך וועל גאָר לויפֿן רופֿן מענטשן. זאָל אפֿשר לייבטשיק דאָ
נעכטיקן. מע זעט דען ניט, צו וואָס דאָס גייט?

פֿייגל האָט געקוקט אויף דער אַלטער, ווי זי וואָלט זי וועלן צערייסן
פֿאַר אַזעלכע רייד.

און בונים־בער האָט גאָר אָנגעהויבן דערציילן חלומות. אים האָט
זיך געחלומט, אַז די באָבע פֿייגל איז לעם אים געשטאַנען און זי זאָגט:

— אַזאַ בונים־בער, וואָס איז אַלע יאָרן געוואַקסן אַ יתום און האָט
אַלע יאָרן אַזוי גוט אָפּגעהיט זײַן באַלעבאַטישקייט, וועט שוין דאָ אויך
ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן...

ער האַלט צו מיט זײַנע קאַלטע פֿאַרשוויצטע פֿינגער פֿייגלס האַנט,
קוקט איר אַ פֿאַרקרימטער אין די אויגן אַרײַן און זאָגט:

— נו?...

פֿייגל ווייס אים ניט וואָס צו ענטפֿערן. זי רײַסט אַרויס איר האַנט
פֿון זײַנער.

— די ייִנגלעך, — זאָגט זי, — בעטן דאָרטן אַ טרונק געזאָטענע וואַסער. איך וועל באַלד קומען.

און זי צעוויינט זיך.

ס'איז געווען פרייטיק, פרייטיק גאַנץ פרי. מ'האָט אפילו געמיינט, אַז ס'איז אים בעסער, בונים־בערן. ער האָט עפּעס די גאַנצע צייט גערעדט און גערעדט.

— ווען שלוימקע איז דאָ און דער פעטער מאָטעס, וואָלט ער זיי געבעטן, זיי זאָלן אים אַזוי־אַ, אויף אַ ליילעך אָדער אויף וואָס, אַרויס־טראָגן אין דרויסן אַרויס. ער וואָלט זייער וועלן אַ קוק טאָן אויפן טרויסן.

לייבטשיק, שיינעס ברודער, איז דערביי געזעסן. די גרויסע וויינ־שלדיקע בראָדעווקע האָט ביי אים אַרויסגעקוקט צווישן דער באָרד אויף דער רעכטער באַק, און ער איז אַרויסגעגאַנגען צו שיינען אין קיך אַריין און אַ זאָג געטאָן מיט ניט גאָר קיין איידעלער אָנצוהערעניש:

— דו ווייסט, שיינע, וואָס איך קלער?... ער זאָל כאָטש ניט אַריינ־ציען אין שבת אריין...

שיינען זענען אַריינגעקומען אַלע קאָלירן אין פּנים אַריין. קיין ווײַ־נערין איז זי דאָך, זינט זי לעבט, ניט געווען, איז זי נאָר געבליבן בלייך, ווי די וואַנט, און ס'האָט זי אָנגעהויבן טרייסלען ווי אין אַ קדחת, טאַקע אָט דאָ לעם אויוון שטייענדיק.

— הערסט, אַזאַ משומד! — זאָגט זי. — אויף דערויף האָב איך אים געהאָדעוועט, אויף דערויף האָב איך אַזוי מיינע יאָרן פאַרשפּילט, אַז איך זאָל אים אַ יונגן באַגראָבן? ווײַ געשריגן! — און זי קען ניט דעררעדן: די ציין טראַסקען ביי איר אין מויל.

אין איין גאַנג איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז אויב ער שטאַרבט טאַקע אַוועק, וואָס וועט איר דענסטמאָל שעווקע זאָגן?

— קום נאָר אַרויס אין דרויסן, — האָט זי אַ רוף געטאָן לייבטשיקן.

— אַזאַ גזר, אַזאַ גזר! — האָט זי געחזרט, אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּ, און די ציינער הערן ניט אויף באַמקען ביי איר אין מויל.

— שעווע! מאַמע! — האָט בונים־בער פלוצעם אַ רוף געטאָן.

פייגל איז צוגעלאָפן צום בעט.

— שעווקען זעט מען ערגעץ ניט אין דרויסן?

— טאַטע, וואָס איז מיט דיר? די מאַמע איז דאָך אַזוי שלאָף, וואָס וועט זי איצט טאָן אין דרויסן? — פייגל האָט פּשוט ניט פאַרשטאַנען, ווו איז דער שכל זיינער.

— שלאָף? — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ מאָדנער טויטקייט

אין דער צונג און אינעם קול. — דו וועסט מיך אפשר אַ ביסעלע אַרויפּ־רוקן ?...

פייגל האָט אים געוואָלט לעם באַנקבעטל אַ ביסל בעסער איינ־מאָסטן דעם צוקאָפּנס.

אָבער ער האָט זיך מאָדנע צעכאַרכלט און פאַרגלאָצט די אויגן. אַ פינע האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויף די ליפּן. האָט זיך פייגל געגעבן אַ ריס פון אָרט, זי איז שיער ניט אומגעפאַלן און איז אַ באַרוועסע אַרויסגעלאָפן אויפן שנײ רופן די באָבע.

— לאָז מיך לעבן! — האָט די אַלטע אויף איר געשריען.

און ערשט דענסטמאָל, ווען פייגל האָט זיך מער ניט געקענט איינ־האַלטן און האָט אויסגעשאָסן אַ געוויין, איז די אַלטע ערשט מיט לייב־טשיקן אַוועק אין שטוב אַריין.

— זעסטו שוין, וואָס איך האָב געזאָגט? — האָט זיך לייבטשיק אָנגערופן, און איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט. — מע האָט אפילו דורכ־געלאָזן יציאת־נשמה, — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די נעגל און פרום אָפּגעזוגט: — „ברוך דיין אמת". די אַלטע איז געוואָרן גרין און דער־נאָך בלאָס. אַ גזר האָט זיך אויף איר אויסגעריסן, אַז זי קען גאָר ניט וויינען. און פייגל האָט די ערשטע רגע גאָרניט פאַרשטאַנען. זי האָט געמיינט, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים פשוט אַראָפּגערוקט אין אַ זייט און מע דאַרף אים אַרויפרוקן, אָבער ווי זי האָט דערזען זיינע צונויפּ־געקלעמטע ציין און די אונטערגעקערטע אויגן, האָט זי דערלאַנגט אַזאַ קוויטש, אַז אפילו די אַלטע האָט אויפגעציטערט.

און לייבטשיק איז טאַקע געווען גערעכט.

6

בונים־בער האָט ניט אַריינגעצויגן אין שבת אַריין. פייגל האָט זיך געביסן די פינגער, געוויינט. זי האָט זיך אָפּגעלאָזט און גערעוועט אַ פאַרפאַליעטע מיט צעווייקטע סמוהעס בלאַטע אויפן פנים. זי האָט געוויינט און געווישט די הייסע טרערן איבער די באַקן מיט אַזאַ ניגון, פונקט ווי זי וועט עס גאָר קיין מאָל ניט אויפהערן.

פון דוד־לייבעלעס שטוב איז מען אויך אַריין און מע האָט אויך געוויינט (זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט, אַזוי ווי דאַר־שטיקע פאַר אַ טרונק וואַסער). זיי האָבן דאָך ערשט ניט לאַנג געהאַט אָן אייגענעם אומגליק. די אַלטע איז אַרומגעגאַנגען, האָט זיך געבראָכן די הענט, געוויגט דעם קאָפּ מיט די אַקסלען צוזאַמען אויף הין און צוריק,

אין בײדע זײַטן, נאָר דער קוואַל פֿון טרערן איז בײַ איר געװוען פֿאַר־שטאָפּט. נאָך שכנים זענען אַרײַנגעקומען. מ׳איז געקומען פֿון מאַטעסן. לײבטשיק האָט זיך מיט אַלץ מתעסק געווען. די ליכט און די לײַכטערס האָבן דאָ געברענט אויפֿן פֿאַל און אויפֿן טיש. זײ האָבן געברענט, גע־טשאַדעט און זיך געשמאַלצן. פֿרישע מענטשן פֿון שטאָט זענען שפּעטער אַ ביסל אויך צוגעקומען און ווײַטער געבראַכט ליכט און געצונדן. מע האָט שוין זײ צוגעשמאַלצן, ווו סע האָט זיך געמאַכט, וואָרעם סע איז שוין גאָר ניט געווען ווו צו שטעלן אַזוי פֿיל.

דעם טיש האָט מען פֿאַררוקט ווײַס־איך־ווו, און בונים־בער איז געלעגן אויף דער ערד און האָט פֿאַרנומען אַזוי ווינציק אָרט, גאָר אויף חידושים.

— קוקט זיך אומיסטן צו און זעט דעם סוף פֿון אַ מענטשן, — האָט שאול־בער דער שוסטער געזאָגט. — אַלע יאָרן געהאָרעוועט, זיך געשלאָגן פֿאַר יעדער פּיצעלע, און איצטער דאַרף ער שוין גאָרניט.

מע האָט אים געוואַשן, געררייניקט און אָנגעטאָן תכריכים.

פֿייגל האָט זײַער מורא געהאַט אים פֿאַרבינדן די ווײַסע זאָקן־בענדלעך, וואָס העגגען אַראָפּ פֿון די תכריכים, האָט חיה, דוד־לײבעלעס אלמנה, אויף איר אָנגעשריגן, זי זאָל ניט זײַן קיין נאַר:

— מ׳דאַרף עס, — זאָגט זי, — ס׳וועט אים זײַן גרינגער צו ליגן אין קבר.

האָט פֿייגל געפֿאָלגט און מיט ציטערדיקע הענט זיך געפּאָרעט לעם די סטאַרטשענדיקע קאַלטע, פֿאַרהילצערטע פֿיס.

אין מיטן דרינען האָט שעווע אַ רוף געטאָן פֿון אַלקער.

— וואָס איז? — האָט פֿייגל אָן עפּן געטאָן די טיר און זי גע־פֿרעגט.

— בעט די סאָלדאַטן, זײ זאָלן דאָרט אויפֿהערן זינגען. איך קען ניט פֿאַרנעמען...

— ווער זינגען? וואָס זינגען? — איז פֿייגל אַרויס פֿון צימער און מיט אַ כעס געגעבן אַ האַק די טיר.

די האַרבאַרניע איז געווען געשלאָסן. זי האָט שוין ניט געאַרבעט פֿון ווײַסעך ווען. נאָר אײן מאירל דער טויבער איז געקומען גלאַט אַזוי. ער האָט, קענטיק, דעם טאָג ניט געאַרבעט אָדער וואָס. איז ער זיך געקומען און האָט געהאַלטן אין אײן שאָקלען מיטן קאָפּ, אײנער מײנט: „אַ מענטש איז אַ נאַר... יעדער מענטש איז אַ נאַר״.

עס זענען געקומען די לעצטע מינוטן... אַ מענטשן צוואַנציק, אויב ניט מער, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מיטה. יעדערער האָט געגומען געבן עצות, ווי אַזוי מע זאָל אַראָפּטראָגן דעם מת פונעם הויכן גאַניק און מ׳זאָל זיך קיין גליטש ניט טאָן פון די אָנגעפרוירענע טרעפּ. די ייִדן האָבן גערעדט פון דעם, וואָס פון דער האַרבאַרניע ביזן הייליקן אָרט איז אַ גרויסער מהלך.

— סע דאַרף דאָס אייגענע, ווי פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן.

— ביי לייטן איז אַ מנהג, — האָט איינער אונטערגעכאַפּט, — אַז מע מעג פירן אַ בר־מינן אויף אַ פור. און דאָ איז עס ניט איינגעפירט.

די אַלטע איז געבליבן אין שטוב מיט די שלאָפע. פייגל איז נאָכ־געלאָפן אַ פּאָר טריט:

— אוי, טאַטע, אויף וועמען לאָזסטו אונדז איבער!? — האָט זי אויסגעשריגן מיט אַ ברוסטיק־אויפגעריסענער שטים, און זי האָט זיך אויך אומגעקערט.

די ראָבע גרויסע בהמה, וואָס אויף די הויכע פיס, איז געשטאַנען לעם שטאָל אין דער גאַנצער ברייט פונעם טויער און האָט געגעסן פון צעבער. וועד האָט עס געקענט זי איצט אין זינען האָבן אין אַזאַ שעה? זי האָט אַ נאַטור זיך שלאָגן, אָט די דאָזיקע בהמה, האָט זי געגעבן אַ מוקע צום הייפל ייִדן, וואָס האָבן זיך ארויסגעשאָטן פון שטוב מיט דער שוואַר־צער מיטה. מאירל דער טויבער איז אויף איר געוואָרן אַזוי אין כעס, אַז ער וואָלט זי צעריסן ווי אַ פיש. — זע נאָר, אַ בהמה בלייבט אַ בהמה, — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אויף איר אַ קרומען קוק געטאָן: — וויי, וויי, ווו איז דער שכל? — ער האָט לאַנג געשאָקלט אויף איר מיטן קאָפּ: — מע טראָגט דעם באַלעבאָס אויף יענער וועלט, און זי? ס׳איז איר גליק, וואָס ער האָט ניט קיין שטעקן אונטער דער האַנט. — פּלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אָפּגעשטאַנען פון דער לוויה, האָט ער זיך שטאַרקער אַ קוטע געטאָן אין זיין געמיינעם ווינטערדיקן אָנטאָן און זיך געלאָזט נאָכלויפן אַהין, ווו אַלע זענען אַוועק. ער איז געלאָפן איבערן קליינעם גאָרטן־געסל, וואָס לאַנגע יאָרן פלעגן די האַר־באָרעס שיטן אַהין ווייכע זדיביצע. אַ טויבער, איז ער נאָכגעלאָפן מיט זיין געלן בערדל, און אין געדאַנק האָט ער זיך אויך געבייזערט אויף בונים־בערן: וואָס הייסט אַ מענטש נעמט און שטאַרבט אַוועק? איצט איז שוין פאַרפאַלן, איצט וועט מען אים שוין באַגראָבן. און ער איז דאַך געווען אַזאַ געזונטער, אַ־האַ!...

## זומערצייט

— אָ, האָספּאָדי!

מאַטריע האָט אַזש צעגומען די הענט און אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— טאַ צע טי???

איר אויסגעשריי האָט זיך באַקומען אַזוי נאַטירלעך, אַז שעוקע האָט זי פּונקט מיט דער זעלבער נאַטירלעכקייט אַרומגענומען און געשמאַק אַ קוש געטאָן.

— ניין, שעווקאַ, לאָז נאָר אַ קוק טאָן, ס'איז דו?

שעוקע האָט געשמייכלט.

קיינער פון די, וואָס האָבן געקענט שעווקען, וואָלטן ניט געקענט זאָגן, אַז דאָס איז זי: אַן אָפּגעשאָרענער קאָפּ, עפּעס אין גאַנצן אַן אַנדער פּנים. און דער קול האָט זיך אויך אַזוי ווי געענדערט.

— וואָס טוסטו, שעווקאַ, — האָט זי מאַטריע געפרעגט.

— גאָרניט, מאַטריע.

— דו האָסט געהערט, אַז מע וויל לייזערן אַריבערנעמען קיין קראָסנע?

— יאָ, מאַטריע, איך האָב געהערט. ער איז אַ ווילער בחור.

— און וואָס טוט שלוימקע דאָרטן אין כאַרקאָוו?

— ער לערנט, מאַטריע, ער וויל ווערן אַ לערער.

מאַטריע האָט זיך גענומען איינקוקן אינעם לייבעלע, אין וועלכן שעווע איז געגאַנגען.

— אַזאַ קאַפּטל, שעווע, וואָלט איך אויך וועלן האָבן.

— עס געפעלט דיר?

— יאָ, — האָט מאַטריע גלוסטיק אַ זאָג געטאָן.

— זייער גוט, אויב עס געפעלט דיר, וועסטו עס האָבן.

— וואָס הייסט?

— איך פאָר אַוועק, וועל איך עס דיר שענקען.

— וווּהין איז, שעווקאַ? — האָט זיך אויף מאַטריעס פּנים ווידער אויסגעגאָסן אַן אויסדרוק פון שרעק.

— וווּהין ס'ניט איז, מאַטריעטשקאַ, דאָ איז מיר ניט גוט.

— נו, און די קינדער?

— די קינדער נעם איך מיט זיך.

— און פון וואָס וועסטו לעבן?

— איך וועל אַרבעטן, וועל איך האָבן.

מאַטריע האָט אַרומגענומען שעווקען. זי האָט זיך צו איר צוגעטוליעט

און ס׳האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן.

ס׳זענען אַריין יחיאל מיט שוויליקן,ביידע אויסגעבלייכטע אַזוי ווי פליגן, וואָס הייבן אָן אין פרילינג אַ ביסל אויפלעבן און קומען צו זיך.

— ס׳איז גוט, אַז מע האָט קינדער? — האָט מאַטריע אַ פרעג געטאָן און געקוקט שעווקען גלייך אין די אויגן אַריין.

שעווקע האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן יינגלש־געשאָרענעם קאָפּ אויף יאָ־יאָ. שעווען איז מאַטריע געווען ליב אַזאַ, ווי זי איז. מיט איר איז גוט צו רעדן. אַזאַ מין מאַטריע איז גוט צו האָבן פאַר אַ פריינד אומעטום.

— און ווען איך וואָלט אויך מיט דיר געפאָרן? — האָט מאַטריע פאַרקוקט שעווען אין די אויגן אריין.

— וואָלט געווען שטאַרק גוט, — האָט איר שעווע געענטפערט.

— דו ווייסט, פייגל וועט ניט וועלן אַוועקפאָרן פון דאַנעט, — האָט מאַטריע אָנגעשטעלט אויף שעווען אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן.

שעווע האָט באַשמירט די יינגלעך צו שטיקלעך ברויט מיט פּוטער, זענען זיי אַוועק מיט דעם אין דרויסן, און מאַטריען האָט זי געענטפערט:

— דו האָסט געטראָפן, זי וויל טאַקע ניט, אָבער אַז מיר בלייבן וויל זי אויך ניט.

— וויפל זשע וועסטו נאָך דאָ זיין, שעוואַ?

— ביז סע וועט ווערן גוט וואַרעם.

---

לייזער פּאַלאַנטע האָט זיך דערוווּסט, אַז שעווע לערנט די מיידלעך פון קינדערהיים נייען. זי איז זייער צוגעלאָזן צו די קינדער, און די קינדער האָבן זי ליב. דערציילט האָט עס אים טימאָשענקאָ פון ביל־דונגס־אָפּטיילונג.

אַנומלטן האָט לייזער באַגעגנט שעווקען פאַר נאַכט אין גאַס. האָט ער זי אָפּגעשטעלט, זיך צערעדט מיט איר וועגן דער קינדערהיים, וועגן איר אַרבעט דאָרטן.

— איר ווייסט, — זאָגט ער, — וועגן אייער אַרבעט האָט מען גערעדט אין פּאַראיין, — ס׳קען זיין, אַז מע זאָל אייך אפילו אין גיכן שיקן אויף קורסן.

שעווקע האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— דאָס וואָלט געווען זייער גוט, נאָר איך פאָר אַוועק.

— אויף לאַנג?

— אויף שטענדיק.

— אַזוי? — האָט זיך לייזער אָנגערופן. — דערפאַר לויפט עס אַרום אייער שוויגער און האַלט זיך אין איין זוכן באַוואָרענישן.

שעווע איז געוואָרן צוגעשטילט און אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט:

— זי טוט עס ניט איבער קיין צופיל חכמה און ניט איבער קיין צופיל איידלקייט. נאָר איך דאַרף ביי איר גאָרניט. זי פאַרשפּאָרט זיך באַוואָרענען.

— פונדעסטוועגן איז אַ שאָד, וואָס איר פאַרט אַוועק, — האָט זיך לייזער נאָך אַ קורצן שוויַגן אָנגערופן. — מיר נייטיקן זיך דאָ זייער שטאַרק אין מענטשן.

— נו, זייט געזונט, מירן זיך נאָך אפשר זען אין דער גרויסער שטאָט אויך.

שעווקע איז אַוועק אַהיים, און אַ מאָדנע זאַך — ס׳האָט איר אַ גאַנצן פאַרנאַכט הנאה געטאָן פון דעם דאָזיקן צופעליקן שמועס. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז פאַר איר אַליין אַן אָנצוהערעניש אויפן אָנהייב פון אַ נייעם וועג אין לעבן, פונקט ווי ביים קאַיאָר דערפילט מען דעם אָנקום פונעם געגאַרטן טאָג, פון פרישער ליכט, וואָס טראָגט מיט זיך אי מוט, אי טרייסט.

---

בריוו פלעגט שעווקע באַקומען אָפּט פון ברײַנדלען און נאָך אָפטער פון איינעם אַ נאָענטן און ליבן מענטשן, וועמען זי האָט געבעטן, אַז כדי קיין איבעריקע נעזער זאָלן זיך אַהין ניט שטופּן, זאָלן די בריוו גיין „דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ״.

שעווקע האָט זיך עפּעס אַזוי ווינציק געשראָקן פאַר דער צוקונפט, פאַרן פּשוטן און ערשטן געדאַנק: „ווי אַזוי זשע שלאָגט מען אויס חיונה פאַר זיך און פאר די קינדער?״ זי האָט אַזוי ווינציק געטראַכט וועגן דעם, ווייל זי האָט געהאַט אַ פעסטן גלויבן אין איר אייגענעם כוח און זי איז געווען זיכער, אַז איר אָרט אויף דער וועלט וועט זי באַשטיין ניט ווינציקער און ניט ערגער פון יעדן איינעם.

אַז ס׳איז געוואָרן גוט וואַרעם, די לאָנקעס זענען שוין געווען גרין, די ברויטן זענען שוין אויפגעגאַנגען און דער גאָרטן האָט זיך געבעטן, מען זאָל אים זייען, האָט שעווע זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין.

די אַלטע האָט נאָך מער גענומען אומלויפן, כדי זיך צו באַוואָרענען. וואָס זי באַהאַלט, וואָס זי פאַרשטעקט, ס׳זאָל ניט ליגן פון אויבן אויף.

ביי איר האָט זיך גאָר בשום אופן ניט געקענט פּאַטויפּען אין מוח, אַז שעווקע וועט זי ניט באַנעמען, ניט אויסליידיקן, ניט איבערלאָזן, ווי מע שטייט און גייט. זי האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אי דורך לייבטשיקן, אי דורך מענטשן, אי דורך וועמען איר ווילט נאָר אַליין, אַז די שנור קען זי נאָך קריוודען, מע זאָל אַריינגיין אין איר לאַגע פון אַ וויסטער אלמנה און אַן אומגליקלעכער מוטער.

צום סוף, פאַרשטייט זי גאָר ניט, וואָס דאָ טוט זיך. שעווקע האָט גאָר פאַרפּאַקט אַ ביסל בעטגעוואַנט, כלים, אירע און די קינדערשע זאַכן, און מער גאָרניט.

— נו, קינדער, — זאָגט זי, — זעגנט זיך מיט דער באָבען און מיט דער מומע ריסל. פאָר טאָג פאָרן מיר.

יחיאל איז געווען גוואַלדיק איבערראַשט פון דער מעשה. פייגלען האָט, דעם אמת געזאָגט, געצויגן אי אַהער, אי אַהין, אָבער זי האָט גאָר ניט געוואָלט קלערן פון דעם, אַז זי וועט בלייבן אָן דער מוטער. שוויליק איז געווען אַזוי גוט און צוגעלאָזן צו דער מאַמען, אַז ס'איז ביי אים בכלל ניט געווען קיין פראַגע פון יאָ און פון ניין.

— פאָרן מיט דער מאַמען? פאַר וואָס ניט?!

און בלומקע, די איז דאָך בכלל געווען אַ קליינינקע.

...די אַלטע האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און איז ווייטער אַוועק צו לייבטשיקן.

— ס'טייטש, וואָס קען דאָס זיין? זי איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, זי איז אומגעקראָכן איבער די פינצטערע חדרים.

שעווקע האָט עס אַלץ געהערט, וואָרעם זי איז, דעם אמת געזאָגט, אויך שלעכט געשלאָפן די נאַכט. זי האָט זיך דערמאָנט אין די קינדער־יאָרן, וואָס זי האָט פאַרבראַכט דאָ אין שטעטל, אין דער מוטער, אין איר אָרעמער היים. זי האָט געטראַכט וועגן שלוימקען, אַז זי וועט זיך קיין מאָל ניט אָוועקשטעלן צו אים אַזוי, ער זאָל קענען מיינען, אַז ער איז איר עפּעס מחויב. זי האָט געטראַכט וועגן ברײַנדלען, וואָס לעבט אַליין, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז געבילדעט און שיין. זי האָט געקלערט פון די קינדער, פון יעדערן באַזונדער, ווי אַזוי וועט זי זיי דערציען. צווישן איין געדאַנק און דעם צווייטן איז אַלע מאָל אַרײַנ־געקראָכן די פּוסטקייט, וואָס איז געבליבן נאָך בונים־בערן, אַ פּוסט־קייט, וואָס וואַרפט אַן אפילו אַ מורא.

נאָך לאַנגע קלערענישן איז זי ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן. זי האָט אַליין ניט געוווסט ווען. נאָר ניט אויף לאַנג איז דאָס געווען, וואָרעם

אין גיכן האָט זי דערהערט לעם די סאַמע פענצטער אַ טראַסק פון רעדער. מאַקאַר איז געקומען צופאָרן מיט דער אויסגעבעטעטער פור. ס'האָט שוין געבלויט אין דרויסן.

---

אין שטוב איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. די אַלטע האָט ניט געוווּסט, צי זי איז אַ מחותן צו דעם אָדער ניט. עפּעס וואָלט זי גאָר דאַרפן אין דער גיך שטעלן דעם סאַמאָוואַר און אָפּגעבן טיי דעם עולם. און ענדלעך האָט ביי איר אַ ציטער געטאָן די אייבערשטע ליפּ, וואָס איז כסדר ווי רויטלעך אונטער דער סאַמע נאָז, און זי האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן מיט אַ מאָדנעם איינבראָך אין איר קול — אַזאַ קול טרעפט ביי אַ מענטשן דאָן, ווען ער רופט זיך אָפּ צו עמעצן דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ לאַנגן ברוגז.

— וואָס איז דאָס, וואָלט איך וועלן וויסן? — האָט זי זיך אָנגע־רופן. — די שטוב איז פאַר דיר ענג?...

אַז קיינער האָט איר גאָרניט געענטפערט, האָט זי ווייטער געזאָגט:

— אַזאַ זאַך טוט מען עפּעס אויף אייגענעם באַראָט? ס'זענען שוין ניטאָ קיין מענטשן, מ'זאָל זיך מיט זיי אָן עצה האַלטן?

נאָר שעווקע איז שוין געשטאַנען אין איר סעקל און מיט אַ פּאַ־טשיילקע אויפן קאָפּ. איר שטענדיקער לעבעדיקער שמייכל האָט זי אויך איצט באַגלייט. די זאַכן האָט שוין מאַקאַר אָפּגעטראָגן אויפן וואָגן.

— זייט געזונט, שוויגער! — שעווקע האָט אין מיטן שטוב שטייענ־דיק, אַ קוק געטאָן אויף די ווענט, אויף דער גרויסער הרובע, אויף דער טיר, וואָס פירט אין קיך אַריין. איר האָט זיך ניט געגלייבט, אַז זי זעגנט זיך אויף שטענדיק מיט דער דאָזיקער שטוב. — האָט קיין פאַר־איבל ניט, — האָט זי געזאָגט, — טאָמער האָב איך אייך אַ מאָל מיט עפּעס אָנגערירט...

די אַלטע האָט פּלוצעם אויסגעשריגן:

— ווי איז צו מיינע יאָרן! איך גיב דיר ניט אָפּ די קינדער! די קינדער זענען מיינע. איך האָב זיי געניאַנטשעט, איך האָב זיי געהאָדע־וועט!...

אָבער פּונקט ווי אירע אייגענע אויערן זאָלן ניט הערן, וואָס דאָס מויל אירס רעדט, האָט זי גענומען קושן די קינדער אין די קעפּ אויף זעגענען זיך. יחיאל מיט שוויליקן האָבן זיך אַרויסגעריסן. זיי זענען יינגלעך, זיי האָבן ניט ליב, אַז מע קושט זיי.

— זיי געזונט, באָבע. אַ גוטן טאָג, אַ גוט יאָר, זיי געזונט, — האָבן זיי עפּעס ביידע אָן אַן איבעריקן סדר געטאַראַראַמט.

בלומקען האָט שעווע, נאָך אין גאַנצן אַ שלעפעריקע, אַליין אָני־דערגעזעצט אויפן וואָגן, און פייגל האָט זיך צעקושט מיט דער אַלטער און זיך טאָקע צעכליפּעט הויך אויף אַ קול איבערן גאַנצן הויף. פון דער ווייטנס זענען שוין פּרייַקע פויערטעס געגאַנגען אויפן פעלד, האָבן זיי זיך אָהער אומגעקוקט.

שעווע האָט געהייסן דעם פויער, ער זאָל פאָרן, און אַליין איז זי אַוועק צו פוס.

— דורך די גערטנער, — האָט זי געזאָגט, וועט זי אַרויסגיין אויפן שליאַך.

די אַלטע איז נאָכגעלאָפן אַ פּאָר טריט נאָכן וואָגן און זיך אָנגע־האַלטן פאַר דער דראָבינע.

— קינדער, — האָט זי געשריגן, — איר וועט אַוועקפאָרן, וועט איר שוין אין גאַנצן ניט וועלן קוקן אין דעם ווינקל.

פּלוצעם האָט זי זיך דערמאָנט, אַז די שטוב איז איינע אַליין און נאָך מיט צעעפנטע טירן. איז זי אַוועקגעלאָפן צוריק.

— קינדער, — האָט זי זיך ווייטער אָפּגעשטעלט און געוואָלט, קענטיק, זאָגן: „פאָרט געזונט", אָבער דאָ האָט זיך ביי איר דער קול אַ ריס געטאָן, און דאָס ערשטע מאָל, ווען ביי דער אַלטער האָבן אויף אַן אמת אַ שטראָם געטאָן טרערן פון די אויגן.

— רבונו־של־עולם, — האָט זי גענומען הילכיק שנייצן די נאָז און זי ווישן מיטן עק פאַטשיילע, — גוואַלד, רבונו־של־עולם, ווו איך האָב אַ שונא... זאָל ער קומען צו דעם שטאַנד.

ווייטלעך, וואָסערע צוויי ווערסט פון שטאָט, האָט איבערן זאַמדיקן שליאַך צווישן די גרינע אויפגעגאַנגענע ברויטן זיך רויִק געטרייסלט אַ פויערשע פור. אַ יונג ווייבל איז געזעסן מיט איר „וויוואַדאָק" אויפן וואָגן. די חברה האָבן זיך שלעפעריק געטוליעט איינס צום צווייטן, זיך געקוטעט אינעם אָנטאָן און זי, דאָס ווייבל, האָט טיף געעטעמט און געשלונגען די פרישקייט פונעם קילן זומערדיקן גאַנצפרי. זי האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט קלערן, וואָרעם די פערדלעך האָבן אונטערגעפריכעט און זענען געלאָפן אַלץ פאָרויס און פאָרויס אַהין, ווו ס'וועט זיך פאַר איר עפענען אַ נייַ, גאָר אַ ניי לעבן.

## סלאָוועשנע און אומגעגנט

סיי פון פאַרן, סיי פון גיין ערגעץ איז ניט געווען שייך צו רעדן און אפילו צו טראַכטן.

איך בין געזעסן אויף איין אָרט ווי אַ ציגל, ווי אַ שפּאָן אַן אָפּגעבראָכענער פון שטאַם, וואָס וואַלגערט זיך אין וואַלד־געדיכטעניש און קיין שום בעלן זוכט זיך אויף אים נישט אָפּ.

אין שטעטל איז אַקוראַט געווען פריייטיק. סלאָוועשנע איז ווייט פון זיך ניט אַוועק. ווי באַלד פרייטיק, איז שוין מיט אים אין איינעם געבונדן שבת. און פאַר וואָס זאָל עמעצן איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער פרייטיק קען זיך דורך אַבי וועלכן אופן אָפּרייסן פון זיין שבת. און איך, וואָס בין איינגעטונקען אין קליינשטעטלדיקייט, זאָל זיך דורך וואָס עס איז אָפּרייסן פון זיי ביידן.

די פּאַגראָמען האָבן שוין אָפּגעהוליעט, אָפּגעטאָן זייערס; צעבראָכענע, צעשטאָכענע, גודיען מיר זיך און טריקענען די ווונדן. בוזיס שוועסטער רחלע האַלט זיך לעם מיר. מיר האַלטן זיך אפילו זייער שטאַרק איינס אַנעם צווייטן. איך ווין שוין צוריק ביי מיינע עלטערן. קיין שטאַרק אַנגעלייגטער גאַסט בין איך ביי זיי ניט, נאָר מען האָט זיך שוין אַריינ־געצויגן אין דעם אומעט און אינעם לאַנגווייל. די טעג ציילן זיך לויט זייער אַלטן שטייגער. אַזוי ווי ס'איז היינט פרייטיק, שטייט די מאַמע אין קיך און גרייט דעם שבת. אין שטוב איז שטיל, אַ סברה, אַז די קלענערע קינדער שלאָפן נאָך. איך עסק זיך נאָך ביי זיך אין אַלקער. דער טאַטע איז אין הויף, פריידקע איז ערגעץ אַוועק. גיי ריכט זיך אויף אַ צעטומלטער נייס, אַז אַ שיכורער צעבושעוועטער אינוואַליד אויף זיין הילצערנעם קלעצל מיט אייזן אונטערגעשמידט, וועט זיך אַריינרייסן צו דיר אין שטוב און זיך אַרויפוואַלגערן גלייך אויף דיר, אַ נייס, וואָס ווען זי וואָלט טרעפן אפילו צו אַ זייטיקן, מוז זי אָנוואַרפן ציטערניש און אימת־מותדיקע שרעק. אָבער ווינציקער פון אַלץ האָט מען זיך געקענט ריכטן, אַז דעם פאָטשיז

זאָל מען מאַכן דווקא מיט אונדז. מיר זענען צו פיל אָפּגערוקט פון שטאָט, צו שטיל גייט אונדזער לעבן, אַז פּונקט מיט אונדזערן אַ נאָמען זאָל מיט אַ מאָל נעמען קלינגען קינד־און־קייט. אָבער טשעפּעט ניט, לאָזט הערן — סע קלינגט שוין.

— ריסל, גייט נאָר גיכער, אַ באַנדע איז אין שטאָט. מע האָט אייער פריידקען פאַרטריבן צו ברוך־אייזיקטשיכען אין שטוב און זי, ניט־דאָ־געדאַכט, שיער ניט איזגוואַלדעוועט. ריסל, וויינט ניט, איר האָט נאָך אַ גרויסע ווערט ביי גאָט. זי האָט זיך מיט נסים אַרויסגעראַטעוועט קיין עין הרע אַ גליקלעכע. קומט, איך וועל אייך זאָגן ווו זי באַהאַלט זיך איצט. דער גזלן יאָגט זיך נאָך איר, ער זוכט זי איבער דער גאַנצער שטאָט!..

און דער עיקר איז, וואָס ס'איז אַלצדינג אמת:

אַ מחנה רוצחים האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין שטאָט אַריין. זיי האָבן אפילו אַ פּנים פון אַנשטענדיקע מיליטער־לייט. זיי האָבן אַ נאָמען אויך: „באַלאַכאָוועצעס״, הייסן זיי, זייער גענעראַל הייסט בולאַק באַלאַכאָוויטש און דער דונער האָט זיך דווקא אַנגעהויבן פון אונדז. זיי האָבן זי צעשאָטן איבער די גאַסן. איינער האָט דערזען מיין פריידקען, די טריפהנע אויגן האָבן זיך ביי אים צעגלאָצט און ער האָט איר גענומען נאָכגיין. זי מאַכט גיכערע שפּאַן און ער — נאָך איר. זי האָט באַשלאָסן זיך אַריינכאַפּן צו די ברוך־אייזיקס אין שטוב אַריין, ווי זי וואָלט פּונקט אַהער געגאַנגען, אָבער ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזט; נאָך מער, ער האָט אפילו באַפוילן מע זאָל אַלע אַרויס פון שלאָפצימער, וווהין פריידקע איז פאַרלאָפן, און איר, פריידקען, האָט ער פאַרצאָמט דעם וועג.

ברוך־אייזיקטשיכע ברעכט זיך די הענט. אַלע אין שטוב זענען בלייך ווי קרייד.

ראַטעווען? ווער וועט ראַטעווען?

אַנטלויפן? וווהין אַנטלויפן?

נאָר פריידקען האָט גאָט געגעבן אין דער ענגער שעה אַ ביסעלע געזונט, פאַרשטאַנד און מוט.

זי האָט לכתחילה געפּרווט רעדן מיט גוטנס.

— דערמאָנט זיך, הער אָפיציר, איר האָט ערגעץ אין דער היים אַ פרוי, אַ שוועסטער. לאָזט מיך אָפּ און מאַכט מיך ניט אומגליקלעך אויף אַלע יאָרן.

נאָר אירע רייד קלעפּן זיך ניט אין ערגעץ, כאָטש ער זעט אויס אינטעליגענטיש, דערצו איז ער רייך געקליידט, הויך און שטאַלטנע, נאָר

די אויגן זענען אים מיט ווילדקייט פאַרלאָפן, ניט ער רעדט, — ער בילט אַרויס קורצע און אָפּגעהאַקטע ווערטער.

אויב זי וויל זיך אַליין ניט אויסטאָן, וועט ער זיך אַליין מטריח זיין מיט זיין עלטער־כבוד.

פריידקע, אַן אויסגעשפּילט שטעטלדיק מיידל, קיין עין הרע שיין, שטאַלטנע און אויסגעוואַקסן, איז דאָך ביי איר גאַנצער דערוואַקסנקייט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן מיט אַ מאַנספּאַרשוין אין אַזאַ ענגער נאָענט־קייט. זי פילט איבער זיך זיין טריפהן, צעהיצטן אָטעם. אַ נייער מין חתן זיך געפונען! באַשלוסן פינקלען געשווינד ביי איר אין מוח, איינער געפער־לעכער פונעם צווייטן.

ער ראַנגלט זיך שוין מיט איר. ער רייסט פון איר ס׳קאַפּטל. די ברוך־אייזיקס עקן זיך ממש פון יענער זייט טיר. דאָ בלייבן קענען זיי ניט, אַוועקגיין לאָזט עס זיי ניט.

פלוצעם דערהערט זיך אַ קנאַק און אַ מאַנסבילשער קרעכץ.

פריידקע האָט זיך אָנגענומען מיט כוח, זי האָט שוין אויך פאַרגעסן איר איידלקייט. זי האָט דערלאַנגט דעם פריץ מיט איין פויסט אין דער צעהיצטער צורה אַריין, מיט דער צווייטער האָט זי אים אויסגעדראַפּעט אַ שטיק אויג, אַזוי אַז ער האָט זיך אין אַנגסטן אַראָפּגעלאָזט צו דער סאַמע ערד. דער גזלן האָט זיך ניט באַוויזן ראַסטשוכען, ווי פריידקע איז שוין געווען פון יענער זייט דרויסנטיר.

די ברוך־אייזיקס דאַנקן גאָט: פריידקע האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט! אַ ידיש קינד איז אַרויס ריין פון גויִישע הענט! די ברוך־אייזיקס ציטערן אָבער, סע וואַרפט זיי אין דער צעניאַריקער. דער גזלן האָט אַן איבערגע־קרימטער און אַ צעבלוטיקטער זיך אַוועקגעלאָזט נאָכן מיידל. וואָס וועלן זיי טאָן, אויב ער וועט זיך אומקערן צוריק און זיי אויסשטעכן, זיי ברענגען אויף פייער און אָפּמעקן פון דער ערד?!

אָט אַזוי האָט אָפּגעדונערט אַ נייס פאַר איינע פינף מינוט.

פריידקע איז אַרויס גליקלעך. מיר ווייסן וווּ זי איז, מע דאַרף איר אָפּשיקן אַ גאַנץ קאַפּטל, עפּעס עסן.

די רוסישע לערערין, די איידעלע און יונגע זאַגאַראָושטשיכע, פרייט זיך מיט אונדזער פרייד. זי האָט שוין באַוויזן זיין ביי אונדז און איינ־רוימען דער מאַמען אַלץ, אַלץ.

פריידקע איז שטאַלץ און מאַדנע דערהויבן ביי זיך. אינעם צעריסענעם קאַפּטל זעט זי אויס ווי אַ יונגע לייבעכע, ווי אַ העלדישער קריגסמאַן נאָך אַן געוווּנענער שלאַכט.

ווי אַזוי רופט מען דיך דאָרט, דו, שיינער אידלמאַן? איוואַן איוואַ־נאָוויטש, אָדער מאַקסים פּעטראָוויטש? דו וועסט שוין האָבן לאַנג, לאַנג צו געדענקען איינע ניט קיין געלונגענע באַגעגעניש מיט אַ געזונט יידיש מיידל, ערגעץ אין אַ פּאָליעסיער שטעטעלע אין איינעם אַ זומערדיקן פרייטיק גאַנץ פרי. אויב דו וועסט נאָר ארויס אַ לעבעדיקער, וועט דיר, נישקשה, בלייבן אַ סימן אויף דיינע אַלע יאָרן!

יאָ, ס׳איז פרייטיק אין דער פרי. איצט זענען מיר אַלע מאַנסבילן אין הויף לעם דעם הינטערטויער, וואָס קוקט צום שטעטל אַהין, איבער מיקיטע דעם באַנדערס גאָרטן.

דער טויער איז פאַרמאַכט, זיינע ברעטער, וואָס זענען שוואַרץ פון עלטער, האָבן זיך אַנגעוואָרעמט אַנטקעגן דער זון. מיר טוליען אונדזערע פּנימער צו דער וואַרעמקייט פון דעם ניט־געהובליוועטן האָלץ.

דאָס אויג, דער אויער ווילן דורך דער שפּאַרונע אויפכאַפּן, וואָס הערט זיך עפּעס אין שטעטל.

„שומר, מה מליל! שומר, מה מליל?!"

דורכן קליין געסל גייט אַהער אַרויף אַ שכן. ער גייט פון שטעטל, דער שכן, דער קריסט. ער האָט געוויס וואָס צו דערציילן, נאָר מע קאָן זיך ניט אַנטאָן אַזוי פיל בזיון און אים גיין פרעגן.

ער אונדז זעט דאָך ניט און מיר — עלעהיי מיר זעען אים אויך ניט.

שטייענדיק אין דער טיף פון הויף האָבן מיר דערווייל דורכגעלאָזן אַ שאַנס, אַ געלעגנהייט צו געשלאָגן אָדער געזידלט ווערן. צוויי גזלנים זענען שוין געווען ביי אונדז אין שטוב, האָבן שוין פאַמעלעכן באַוויזן אַ ראַבעווע טאָן. זיי האָבן זיך געפרעגט ביי דער מאַמען און ביי די קלענערע חברה אויף „מאַנסבילן" און זיי זענען אַוועק צום שטעטל צו.

אַזוי, אַז דאָ איז ניט קיין אָרט צו שטיין און זיך שפּיגלען: די צוויי זענען אַוועק און אַנדערע פינף קענען קומען.

יעקב־בער דער מומעס, איך, דער טאַטע און פיניע דער לאַנטעך זענען אַוועק און דורך די מעזשעס זיך דורכגעשלייכט צו די ניווקעס אַהין, צווישן די גרינע ביימלעך.

ביי די דאָזיקע ביימלעך האָבן מיר זיך שוין אַמאָל געטוליעט אין די פּאָגראָם־טעג, כאָטש נעם און אַנטשולדיק זיך פאַר זיי, וואָס מענטשן קומט אויס זיך באַהאַלטן מער ווי איין מאָל אין לעבן. דערצו זענען נאָך די ביימלעך ניט גלאָט קיין ביימלעך, זיי האָבן אויף זיך באַלעבאַטים און בפירוש ניט קיין יידישע.

נאָר פון יענער זייט פּלויט, אַנטקעגן אונדזער באַהעלטעניש שטייט

די היגע שקאָלע. דאָרטן, ווייסן מיר, אַז ביי זאַגאָראָוושטשיכען באַהאַלטן זיך אויס פריידקע און נאָך אַ פּאָר שטעטלשע מיידלעך.

אונטן אין שטעטל איז, דוכט זיך, שטיל. מער האָט מען ניט געהערט, אַז זיי זאָלן עמעצן באַפאַלן.

ערשט נאָך האַלבן טאָג האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

איין שאָס.

— וועמען ? ? ?

מער ניט ווי איין יידן געהרגעט!

אַשרן דעם שוסטער (אַשערקען פּאָטשקעס). אַ מאָדנע היץ צעגייט זיך איבערן לייב און הייבט אָן קאָכן ביים האַרצן.

אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט אָט דער אַשר. שוין אַ טאַטע פון קינדער... פאַראַכטאָגן פרייטיק בין איך מיט אים געווען אין באָד. ס׳האָבן זיך ניט פאַרגעזען קיין שום מניעות ער זאָל אויך היינטיקן פרייטיק און אויך איבער אַכט טאָג פרייטיק זיך שמייסן אין באָד, שטיפן און באַלאַגורעווען, ווי ער האָט ליב. נאָר אַן איידעלער באַלאַכאָוועץ האָט זיך פאַרקוקט אויף זיין ווייב. אַ פראָסט ווייבל ביי אַשרקען, נאָר אַזוי זיס, נישקשה אויפן אויסזען — און האַלט זיך אין לייב. דער אָפיצער האָט אויף איר ניט קיין איידעלן קוק געגעבן און אַ ווונק געטאָן צו אַשרן ער זאָל אויף אַ ווײַלע אַרויס פון שטוב.

אַשר, וואָס איז געווען פיר יאָר סאָלדאַט, און ווייסט וואָס באַנדיטישע אָפיצערן זענען, האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך גענומען בעטן:

— פּאַניע פּריץ — הייסט עס — איך וויל בעטן ביי וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע זאָלסט אונדז פּאַשאַנעווען, זי איז אַ מאַמע פון קליינע קינדער...

— הייסט עס אין גאַנצן איין יידן געהרגעט ?

טאַמעוואַטע זייטיקע געדאַנקען קריכן אומגעבעטן אין קאָפּ אַריין:

„מע וועט אים נאָך באַווייזן היינט באַהאַלטן, צי ער וועט אַריינציען אין שבת אַריין ?״

הייסט עס, אַז אַשר איז שוין ניט דער וואָס ער איז געווען...

און שוין ? און שטאָט איז שוין פריי! צי סע נאָך ניט געענדיקט ?

חנה אַשרקעס, צי קלערט זי ניט אויך דאָס זעלבע, אַז מיר אַלע זענען איר עפּעס שולדיק ?

אַ גאַנצע שטאָט און מע קען איר ניט אומקערן איין־און־איינציקן אַשרן...

קען זיין, אַז ער ליגט נאָך אינעם שוסטערשן פאַרטעך אין זיינעם, אין די פאַרקאַטשעטע אַרבל און אַ סך זאַכן ביי זיין ווערקשטאַט האָבן זיך

אָפּגעשטעלט ניט אַהער ניט אַהין, עפּעס אַזוי ווי אַ מין געשפּעט, אין אַ חוזק־צושטאַנד.

---

די מאַמע אונדזערע האָט געבענטשט ליכט. דאָס האַרץ איז איר עפּעס געוווען אַזוי ווי רויק. אמת, זי וואָלט אוודאי געוואָלט האָבן אונדז אַלעמען אין שטוב, נאָר בשעת הדחק מוז מען איבערטערפּען.

אַזוי ווי מען ווייסט ניט אַקוראַט, וואָס עס הערט זיך אין שטאָט, האָבן מיר באַשלאָסן איבערצוּנעכטיקן אין היי. איך און דער טאַטע אין איין שטאָל, יעקב־בער און פּיניע — אין דער צווייטער.

און פריידקע? פריידקע איז שפּעט פאַר נאַכט אַוועק פון שטאָט. זי און נאָך דריי היגע מיידלעך. זיי זענען אַוועק אויפן וועג קיין סטאַרבעני.

דעם וועג וויסן זיי גוט.

די נעכט זענען איצט וואַרעמע. ערגעץ לעם אַ סטויגל היי וועלן זיי איבערזיצן די נאַכט און אינעם נאָענטן שטעטל וועט זיי אויסקומען איבער־זיין ביז מען וועט דאַרפן.

דורך די שפּאַרונעס פונעם שטאָל זעען מיר דעם שטוב־פּענצטער און די שבתדיקע ליכטלעך, וואָס ברענען אויס מיט אַ מאָדנער אומגעהערטער וואָכעדיקייט. מחשבות פּלאָנטערן זיך אין קאָפּ פאַרשיידענע, אי ווידער־שפּעניקע, אי גאַטספאַרכטיקע, נאָר פון אַלע מחשבות וואָלט זיך וועלן איינס: וויסן אויף געוויס, אַז די סכנה לויערט ניט איבער דער שטאָט, אַז דו קענסט זיך גיין געוויינלעך אויף דער געוויינלעכער ערד, אַריינגיין אין שטוב ווי געוויינלעך דורך דער טיר, אָטעמען פריי די געוויינלעכע לופט.

קאַיאָר האָט אַ סקריפּע געטאָן דער טויער. אוליטאַ, די שבת־מעלקערין, איז געקומען אָפּלאָזןביידע קיען (מיינע און דער מאַמעס) אויף דער פּאַשע.

פון דעם, וואָס זי שמועסט מיט דער מאַמען איז צו פאַרשטיין, אַז די באַלאַכאָוצעס זענען אַוועק פון שטעטל נאָך פרי פאַר נאַכט אַהין צו קאָוואַנקע צו. צי וועלן זיי קומען נאָך אַ מאָל אַהער מיט זייער גאַנצן חייל, דאָס ווייסט מען ניט. אונדזערע שטייען דאָ ערגעץ ניט ווייט.

אין אומזיסטער מורא דורכגעפירט אַ נאַכט.

די מאַמע איז געגאַנגען זיך צולייגן פון ס׳ניי. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל זיך לאָזן קיין סטאַרבעני.

— אַזוי גלאַט. זען ווו פריידקע איז.

דער מאַמעס ענטפער איז געווען עפּעס ניט יאָ, ניט ניין.

— זאָלסט זשע זאָגן רחלען ווו איך בין.

און איך בין אַוועק אויפֿן ניכטערן האַרצן פֿאַרביי די גערטנער, פֿאַרביי די נאַוואַזעס, אַהין צום באַקיעווטשישינער שליאַך.

ווער פֿאַרלאָזט עס אַזוי זיין שטאָט אין אַ גוטן טאָג, ווער לאָזט זיך עס אין וועג אין אַ טאַרבע, אין אַ שטעקן, אין אַ „נאָך וואָס" און אין אַ „נאָך ווען"? קיינער פֿרעגט מיך ניט און קיינעם דאַרף איך קיין חשבון ניט אָפּגעבן.

אויף די פֿעלדער איז איצטער שטיל, אויף די גערטנער שאַרט מען אין קאַרטאָפֿל, נאָר ניט אומעטום. ס'איז נאָך פֿרי. אין פֿאַרבייַיקן דערפֿל גייט פֿון די קוימענס אַ רויך. מענטשן וועלן באַלד עסן אָנבייסן און זיך שטעלן עפּעס טאָן.

און איך? פֿאַר וואָס בין איך עפּעס אַזוי זאַרגלאָז? אַזוי יינגלש־בחוריש און אַזוי וואָכעדיק?

און אַז אַ פּויער וועט מיך באַגעגענען און פֿרעגן וווהין גיי איך אין מיטן שבת גאַנץ פֿרי?

טאַקע, וווהין?

כאָטש, אַז איך וועל ערגעץ טרעפֿן פֿריידקען, וועט ווערן אין גאַנצן אַנדערש. לאָמיך זיך טאַקע צוקוקן צום וועג און זוכן אין זאַמד זייערע שפּורן.

איך ווייס מיט וועמען זי איז געגאַנגען.

אין ערך איז זי געגאַנגען מיט חנהקען, — מיט אונדזער שכנהס מיידל — צפּורהן און מיט שיינדלען, איצל דעם קלייטניקס. אַלע נאָענטע מיידלעך, אַלע גוטע באַקאַנטע.

ווי באַלד איך גיי צו זיי איז שוין עפּעס אַנדערש.

זייערע טריט אין זאַמד זע איך ניט. איך דערזע אָבער אַ שפּור פֿון געקאָוועטע פֿערד. אַלע פּוסטע געדאַנקען טוען זיך אַהין ווייס־איך־ווו. עס ווערט מיר הייס. דער טעם פֿון קלעפּיקן טויט טוט מיך מיט אַ מאָל אַ ריר אין ביים סאַמע שפּיץ האַרצן.

אַ סברה, אַז איך וועל זיך דאָ אַנטרעפֿן מיט די דריי רייטער און אַלע דריי — באַלאַכאָוועצעס!

קיין שהיות וועלן זיי דאָך מיט מיר ניט מאַכן!

אָט דאָס הייסט אַליין גיין דעם טויט אַנטקעגן!

די מעלקערין האָט דאָס געזאָגט, אַז די שטאָט איז שוין פֿריי. וווהין זשע איז דאָס גיין? דערפֿאַר ווייל איך האָב מער קיין טועכץ ניט! ווייל איך האָב זיך ניט ווו אַהינצוטאָן?!

נו, וואָס טוט מען איצטער?

גיין פאָרויס? גיין צוריק?, צי — גאָר אָפּקערעווען אָן אַ זייט? אויך מיר אַ גייעכץ. אונטער דער האַנט ניט קיין ביכל, ניט קיין ריטל, קיין פלעשל וואַסער, קיין שטיקל ברויט...

אַ מענטש גייט.

אַז די גזלנים וועלן אַ פרעג טאָן:

— פאַרט, וווהין גייסטו, אַז דו טראָגסט גאָרניט, און פירסט גאָרניט? שפּיאָנירן גייסטו?

און... איך דערזע אַ פעלד־וועגעלע, וואָס קערעוועט אָפּ אָן אַ זייט און אַלע דריי פאָר פערדישע פּידקאָוועס לויפן אַוועק אַהין טשוואַלאַם אָן ספקות און אָן וואַקלונגען.

פּטור! בין איך, הייסט עס, צוריק אַ מענטש. די ברוסט צעעפנט זיך, כדי אויפצונעמען אַ גאַנצע כוואַליע פרישע לופט.

גיי, אייזיקל, לעב ווי דיר ווילט זיך. דיר איז באַשערט לעבן אויף דער וועלט, הערסטו איטלעכן פאר אַ דרייער.

איך גלייך זיך אויס. איך דערפיל, אַז איך בין דאָ. איך בין אַנוועזנדיק אָט דאָ אויפן וועג צווישן די גרינע פעלדער. איך זע מיין שאָטן נאָכגיין נאָך מיר. איך הער דעם פריילעכן הילך פון מיינע אייגענע טריט.

ווען איך ווייס אויף געוויס, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָלט איך אויסגערופן הויך אויפן קול די אַלטע דערהויבענע ווערטער: „מה רבו מעשיך, אדוני!"

זאָנגען קאָרן, זאַנגען ווייץ, נידעריטשקע, גריקע, ווייסבלויע טעפּיכלעך לייַן, און אָט איז אַ דערפל, וואָס איך גיי עס דורך אי פעסט ביי זיך, אי אָן מורא, און אָט איז דער דאָרפישער צווינטער. אפשר אונטערן שאָטן פון אַ בוים זיך אויסציען און כאַפּן אַ דרימל. דער שבת פּענטעט מיך אַ ביסל, ווען ס'איז נישט שבת, וואָלט זיך פונדעסטוועגן אַנדערש געגאַנגען.

---

אין סטאַרבעני בין איך אָנגעגאַנגען צום גרויסן שטיין וואָס ליגט אין מיטן מאַרק, אַרום אים — רייען פאַרמאַכטע קלייטן מיט אייזערנע באַציעכצן אויף די טירנדיקע פלייצעס, אויף אייזערנע פרענטן געשלאָסן. קען זיין, אַז דער דאָזיקער שטיין, דער זכר פון אייביקייט, ליגט דאָ פון לאַנגע צייטן, נאָך איידער די הייזער האָבן זיך אַרום אַרומגעבויט, איידער די ערשטע סטאַרבעניער איינוווינער האָבן געוווסט צו זאָגן: „מיר זענען פון סטאַרבעני."

איצט איז דער שטיין אָנגעהיצט פון דער זון און די סטאַרבעניער יוגנט, ייִנגלעך און מיידלעך, קומען זיך צונויף אַהער נאָך די פּעטע שבתדיקע מאכלים, ווי צו אַ קלוב.

מען שמועסט זיך אַ ביסל דורך, מען וואַרט אויס — יעדער אויף דעם, אויף וועמען ער קוקט אַרויס, און מען לאָזט זיך דערנאָך אַוועק — ווער צום טײַך, ווער אין די ביימלעך און ווער עס זוכט פֿאַר זיך אַן אָפּגעזונדערט שטילן ווינקל. די מיידלעך זענען דאָ פֿאַרשיידענע — אי שיינע, אי פּרישטשעוואַטע, אי איידעלע פּנימער, אי פּאַרגרעבטע. ווער אין זיידענע, ווער אין באַטיסטענע קאָפּטעלעך, ווער אין סאַטין, ווער אין פּאָפּלין.

די בחורים אויסגעפּוצט אין מאַנישקעס מיט ווייסע קעלנער, אין אַלערליי שניפּסן, די גאַרניטערס — אויסגעבערשטלט, די הויזן —פֿאַר־פּרעסט.

איך האָב נישט אויסגעמיטן דעם מאַרק־פּלאַץ. ער איז מיר אַזוי גוט באַקאַנט ווי גאַנץ סטאַרבעני. נאָר איצט, אין מײַן שבתדיק־וואָכעדיקן שפּאַציר, וואָלט פֿאַר מיר אוודאי געווען געזינטער, ווען איך גיי אים אַרום מיט אַ פּאָר זײַטיקע געסלעך. איך בין, דוכט זיך, מיט דער סטאַרבעניער יוגנט אי היימיש, אי באַקאַנט. מען פֿאַרט זיך אָפּט צונויף, מען באַגעגנט זיך ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, און אויב איך זע אויף זיי איצט אַ גוט פּנים, צי דען דאַרף עס מיך קימערן ?

נאָר עפּעס נעמען זיי מיך אויף אי היימיש, אי פֿרעמדלעך, אי מיט אינטערעס, אי גלייכגילטיק.

— פֿריידקע און חנהקע ? אַ־האַ, יאָ, זיי האָבן געגעכטיקט ביי יהושע הענעכס, ביים היגן דאַמען־שניידער, און איצט זענען זיי אַוועק קיין סענדעריווקע... יאָ, וואָס זשע הערט זיך עפּעס אין סלאָוועשנע ? טאַקע געהרגעט אַ ייִדן, בעבעך ? און שוין ?... און איצט זענען זיי שוין אַוועק.

דינע קאָפּטלעך ביי די מיידלעך, קאַלטע לעבער ביי די ייִנגלעך. יעדערער איז זיך אַרויס פֿון זײַן שבתדיקן טיש. דאָס אומגליק האָט זיי גליקלעך אויסגעמיטן, קומען זיי אָפּ מיט אַ זאַטן גענעץ און אַז איך הייב זיך אויף אויף אַוועקצוגיין, פֿרעגט מען מיך, פֿון יוצא וועגן, וואָס זשע אײַל איך מיך אַזוי ?

— איך וויל אָניאָגן אונדזערע חברה.

— אָ, דאָס יאָ. זיי מוזן נאָך זיין ניט ווייט, אונטער פֿריביטקע אוודאי.

— אַ גוטן, מירן זיך נאָך מסתמא זען.

— נו, יאָ, אוודאי... גייט געזונט...

און איך וויל עטוואָס צוגעבן מיין וואַכעדיקייט און אָפּגעלאָזנקייט אַ ביסל אַ מונטערערן אויסזען.

זיי קוקן מיר נאָך אין דער פּלייצע... וואָס דען זאָלן זיי טאָן, פֿאַר־מאַכן די אויגן?

זיי ווייסן ניט, אַז איך האָב נאָך פֿון נעכטן אָן אין מיין מויל ניט געהאַט.

נו, יאָ, זיי ווייסן טאַקע ניט. און ווען זיי ווייסן יאָ? וועלן זיי מיך אַלע מיט אַ מאָל רופֿן צום טיש? צו זיך אין די שטיבער אַריין? אין אַזאַ פֿאַל איז דאָס בעסטע, אַז מען פֿאַרגייט צו אַ קרוב אָדער אַ נאָענטן באַקענטן. דאָרטן ווערט מען אַזוי אָדער אַנדערש געהאָלפֿן. יענע בעטן דיך עסן, זאָגסטו אַ דאַנק. פֿרעגט מען דיך איבער נאָך אַ מאָל — גייסטו צום טיש און שוין.

אָבער איצטער איז גוט, וואָס איך בין שוין ענדלעך פֿריי פֿון זייערע גלייכגילטיקע כלומרשטע רחמנות־בליקן. איך בין שוין ווייט פֿון זיי. אָט גיי איך פֿאַרביי דער קרעניצע, ווו יאַרידניקעס פֿאָיען שטענדיק די פֿערד זייערע. איך קען זי, די קרעניצע, מיטן געטעלע און מיטן צלם אויפֿן סטויפּ. נאָך אַ פֿינף מינוט, און נאָך אַ פּופּציק שפּאַן און איך בין שוין אויסער דער שטאָט.

אין פֿריביטקע, האָט מען געזאָגט, שטייען אונדזערע, די רויטע. אפשר פֿאַרגיין, דערציילן?

איך האָב אָנגעהויבן שטעלן ברייטערע שפּאַן. דער זומערדיקער הייסער דרויסן שעמט זיך ניט מיט מיין אָפּגעלאָזנקייט, ער האַלדזט מיך אַרום ווי אַן אייגענעם און איך האָב ווייטער די רעכט זיך פֿילן מעשה מענטש — איך בין איך און גיי טו מיר עפּעס.

דער וועג קיין סענדעריווקע איז גלאַט ווי אַ לייוונט, ווי אַ לאַנגער אויסגעשפּרייטער טישטעך, אַן בערג און אַן טאָלן... ס'איז אַ סברה, אַז אַן־אָ פֿון דער ווייטנס זע איך אונדזערע חברה גיין. עפּעס אַ ליבשאַפֿט צעגייט זיך ביי מיר אין האַרצן... נאָר, דוכט זיך, אַז ניין. דוכט זיך, אַז ביימלעך עטלעכע פֿון דער ווייטנס האָבן זיך מיר אויסגעוויזן ווי מענטשן און אפשר זענען עס פֿאַרט מענטשן? איך דערנעענטער זיך אויף אַ הונדערט שפּאַן. ס'זענען מענטשן. ס'זענען מיינע לייט, וואָס פֿילן זיך אויף גאָטס ערד געזונט און מונטער. איך בין גרייט אונטערטאַנצן, אַזוי הייבט עס מיך פֿון אָרט.

אַ ביסעלע גיכער און נאָך גיכער.

יאָ, דאָס זענען זיי! ס'איז מיין משפּחה!

פריידקע גייט אַזוי פעסט ביי זיך, די מיידלעך לעבן איר, און נאָך עמעצער גייט דאָרטן. לויטן גמרא־לשון דאַרף עס, דוכט זיך, הייסן, אַ קלייניקע שיירה.

אַ רוף טאָן, צי צוואַרטן?

איך האָב צייט. זיי גייען פּאַמעלעכן, כ׳וועל זיי אָניאָגן. עפּעס אַ קינד גייט דאָרט מיט זיי און עטלעכע פרויען אַ פּאָר.

שאַ, עמעצער האָט מיך שוין דערזען.

מ׳האָט זיך אַלע אויסגעקערעוועט און פריידקע האָט זיך די ערשטע מיר געלאָזט אנטקעגן.

„מזל טוב דיר, מיין שוועסטער״ — וויל איך איר זאָגן, נאָר איר בליק נעמט מיך אַרום און מוטיקט מיך בעסער ווי שטאַרקער ווײַן... זי איז שיין און צעוואַקסן, זי איז קיין עין־הרע געזונט, זי איז פריילעך און פעסט ביי זיך.

חנהקע איז בלייך ווי שטענדיק און אומגעדולדיק.

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט זי די ערשטע.

צפּורה איז ווי ניט צופרידן, וואָס מען האָט זי אָפּגעשטעלט אין מיטן גיין, און שיינדל איז גלאָט פאַרצאַרנט: עס שוואַלט איר אַ באַק, האָט זי זיך אַרומגעבונדן. זי קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. מיך דערזען, האָט זי זיך מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן מיר, ווי איינער מיינט: טאָמער וועסטו מיר עפּעס העלפן.

— אוי, אייזיקל, איך גיי אויס מיט די לעצטע כוחות.

די ייִדענעס זענען יהודית פון דער דאַלינע מיטן אייניקל און יהודית דעם שוסטערס. איר מאַן הייסט אויך אָשר. אַז מען האָט געהרגעט יענעם אָשרן, האָט זי זיך זייער שטאַרק דערשראָקן, האָט אָפּגעבענטשט פאַר פרי ליכט און איז אַוועק פון שטאָט. זי האָט אין סענדעריוּוקע אַ שוועסטער, וועט זי ביי איר איבערזיין דאָס שטיקל צייט.

אפשר וויל איך אַ טרונק — פרעגט זי — אין פלאַש ביי איר איז נאָך דאָ אַ ביסל וואַסער. סענדעריוּוקע דאַרף שוין זיין גיך, אַזוי אַז זי קען זיך שוין באַגיין אָן דעם.

זי איז ניט קיין שיינע, יהודית דעם שוסטערס, נאָר די גוטסקייט ליגט איר אויפן פּנים און גיט איר צו חן.

אין דער בעט פון אַ טייך, וואָס גייט שוין ניט דורך דאָנען, לעבן די סטויפּעס פון דער געוועזענער וואַסערמיל, האָבן מיר זיך צוגעזעצט.

פריידקע האָט צעבונדן איר פּעקעלע, מיך מכבד געווען מיט אָן איבערבייס. אַ כפּרה די בעסטע סטאַרבעניער קוגלען פאַר איין היימיש

שטיקל ברויט, פאַר אַן אָפּגעשיילט אויסגעקאָכט איי מיט אַ ביסעלע זאַלץ.

איך האָב פאַרטרונקען מיט יהודיתעס וואַסער, וואָס איז געווען היפּש־לעך וואַרעם און מיר זענען אַוועק.

יהודית, די אַלטע פון דער דאַלינע, פירט נאָך זיך אַן אייניקל, אַשר דער מאַזשאַרוווטשיקס אַ קינד.

דינע פיסעלעך, דינע הענטעלעך ווי די שטרויעלעך, נאָר עס וויל ניט מען זאָל עס טראָגן אויף די הענט, ס׳וויל אַליין גיין. זאָלן זיך געזונטע רוצחים אָראָפּנעמען פון אים אַ מוסר.

מיר ווילט זיך טוליען אָט דאָס קינד, וואָס איז גובר די אייגענע שוואַכקייט מיט אַזאַ גרויסער אינעווייניקסטער קראַפט.

שיינדלען איז קענטיק געוואָרן גרינגער. זי האָט זיך אָנגעלייגט אויף מיר מיט איר גאַנצער גרויס. זי האָט פאַרטייעט אין זיך דעם ווייטיק און קרעכצט שוין כמעט אין גאַנצן ניט.

מיר איז ליב צו טראָגן אויף זיך איר מאַסע, נאָר מיר ווילט זיך ניט אָפּלאָזן קיין אויג פון מיין שוועסטער.

ווי אַזוי איז זי פאַרלאָפן אין שקאָלע צו זאַגאַראָוושטשיכען? ווי אַזוי איז זי זיך צונויפגעקומען מיט די איבעריקע חברה? ניט קיין מיידל, נאָר אַ קאָזאַק.

זאַגאַראָוושטשיכען לויבן אַלע חברה. אַ מענטש שטעלט איין דאָס לעבן פון עמעצנס וועגן און מיט קיין זאַך גיט זי עס ניט צו פילן.

דעם לייטער האָט זי צוגענומען פון די ווישקעס (פונעם הייבוידעם), קיינער זאָל זיך ניט אָנשטויסן, אַז דאָרט איז עמעצער פאַראַן. זי האָט זיי איבערגעגעבן אַהין עסן, אָנטאָן און גרוסן פון שטאָט.

אַ גרוס איר, דער איידעלער לערערקע, פון מיר.

איך וואָלט דאַרפן עפּעס טאָן אַזוינס, אַז מיין גרוס זאָל ביי איר זיין אָנגעלייגט, האָבן אַ ווערט, אָבער צוליב דערויף דאַרף מען אַליין באַקומען מערער וואָג.

זי ווייסט דאָך, מן הסתם, אַז דאָ, אין זייער ווינקל, לעבט אַ יונגער־מאַן מיט אַזאַ און אַזאַ נאָמען און וואָס ביי אים איז זייער אָנגעלייגט איר שיינע מסירת־נפשדיקע אויפפירונג.

אפשר וועל איך נאָך אַ מאָל עפּעס זיין, און מיין מיינונג וועט האָבן אַ ווערט ביי איר, ביי איר און ביי נאָך עמעצן, נאָר ביז דאַן איז נאָך זייער ווייט און צו סענדעריוקע איז שוין נאָענט. אָט הייבט זיך שוין אָן די פויערשע גאַס און אויב מירן ניט וויסן וואָס צו ענטפערן די יידן פונעם שטעטל, וועלן מיר דאָך די ניט־יידן אוודאי נישט וויסן וואָס צו

זאָגן. וואָרעם טאָקע אין דער אמתן, צוליב וואָס איז דאָס אומשלעפּן זיך אַזוי פון דער העלער הויט און באַלעמוטשען די לופט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. וואָס איז? ס'איז דען ניט ליבער זומער אויף גאָר דער וועלט? ס'דען ניט די ליבסטע צייט אין יאָר פון אַכטונג געבן אויף די פעלדער, אויף די גערטנער? אַ צייט ווען אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ און די אַרבעט איז דיר ליב ווי דאָס לעבן?!

אַזאַ יאָר אויף מיר, סאַראַ קלוגע רייד דאָס זענען. כאָטש ווען עמעצער זאָל אונדז אויסהערן מיט געדולד, זענען מיר אויך ניט אין גאַנצן אומגערעכט. נאָר אַז אַך און ווי איז דעם גערעכטן.

אַט־אָ מיר, די גערעכטע, וואָלטן זיך איצט ניט אָפּגעזאָגט אַנטאָן אַזעלכע מיצעלעך אין וועלכע מיר וועלן זען איטלעכן און אונדז — קיינער ניט. און אַזוי זאָלן מיר דורכגיין די גאָס מיט די הויכע מויערן ביי די הויפן, מיט די הילצערנע ווענט פון שייערן און שטאַלן, וואָס האָבן קיין איין פענצטער צו דער גאָס ניט ארויסגעשטעלט.

אדרבא, זאָל אונדז דאָ קיינער ניט אָנקוקן און אפילו דער הונט, וואָס נעצט דעם פּלויט, זאָל אויף אונדז קיין קול נישט הייבן.

„מען דאַרף ניט, מען דאַרף ניט!" — בעטן זיך אונדזערע ציטערנדיקע טריט און די פאַרשטומטע קלאַפּנדיקע הערצער. קוקט אויף אונדז ניט. זעט אונדז ניט. באַמערקט אונדז ניט. מיר פאַרלאַנגען מער גאָרניט, ווי נאָר שטיל און אומבאַמערקט דורכגיין דעם טויבן ווינקל.

---

אונדזער שטעטל צוזאַמען מיט סטאַרבעני און מיט סענדעריוּוקע זענען דריי לייבלעכע שוועסטער. אַלע דריי זענען זיי טעכטער פון קראַסנער אויעזד. אַלע דריי שטייען שוין נענטער צו פּאָליעסיע, ווי צו וואָלין. בעסער געזאָגט — זיי זענען שוין כמעט אַליין פּאָליעסיע. הייגט ווי באַלד סענ־דעריוּוקע איז מיר אַן אייגענע מומע, פרעגט זיך — ווער זשע קען איך דאָרט און ווער קען מיך? דוכט זיך, אַז איך קען דאָרט קיינעם ניט און קיינער קען מיך ניט?! מען זאָגט, אַז אין דעם אַ שטעטל האָט אַ מאָל געוווילט דער סאַמע גרעסטער פון אַלע גרויסע יידישע שריפטשטעלער — חיים־נחמן ביאַליק. און ער האָט דאָ אָנגעשריבן זיינע אַ באַוווסטע ליד, „איבער אַן עפּל". נאָך דערציילט מען, אַז דאָ געפינט זיך נישט נאָר דער גאָרטן, ווו דער שרייבער האָט יונגערהייט געשטיפט און זיך פאַרווײַלט, נאָר דאָ מוז נאָך אויך זיין דאָס מיידעלע (איצט שוין אַ באַיאָרטע פרוי), נאָך וועלכער ער האָט זיך יינגלווייז געיאָגט פון בוים צו בוים און מיט

װעלכער ער האָט געביסן פון איין עפּל. נו, דאָס אַליין איז שוין ניט אַזױ פּראָסט. איך האָב ליב שרייבער. איך װאָלט אָפּגעגעבן איך װייס אַליין ניט װאָס, איך זאָל אַ מאָל זען אַ לעבעדיקן שרייבער, כאָטש פון דער װייטנס זיך אױף אים גוט־גוט אָנקוקן. נאָר דאָס איז דאָך ניט מעגלעך. מיר איז מאָדנע צו אױפדאַכטן, אַז ס׳זענען דאָ מוטערס, װאָס געבוירן שרייבער...

און װער דאַרף דאָ נאָך זיין פון סענדעריװוקע ?.. געזען האָב איך אים װינציק און געהערט פון אים אַ סך — דאָס איז װאָװע זינגער. ער איז אַ היגער. ער האָט דאָ אפילו עלטערן. נאָך פאַר אים זענען שוין אונדזערע שטעטלעך ענג. אַ בחור, װאָס איז כאָטש איין ביסעלע אַ מענטש, װערן פאַר אים ענג די שטעטלעך אונדזערע און ער רייסט זיך אַרױס, אויב ניט קיין קיעװ, איז קיין זשיטאָמיר, אויב ניט קיין זשיטאָמיר איז כאָטש קיין קראָסנע. קראָסנע איז שוין אַ שטאָט מיט מויערן, מיט שפּיטאָלן, מיט שקאָלעס און מיט אַ קינאָ. איין מאָל אין חודש, צי איין מאָל אין צװיי װאָכן, שפּילט מען דאָרט טעאַטער. ער, װאָװע זינגער, שפּילט דאָרט אױך טעאַטער. זיינס אַ לידל, װאָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט, איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע אונדזערע שטעטלעך. ס׳שוין דאָ צו דעם אַ ניגון :

טראָגט זיך, טראָגט זיך,
שװערע װאָלקנס,
אױף די פליגלען פון דעם װינט,
טראָגט גרוסן
צו דער מאַמען
פון איר אָרעם,
עלנט קי—ינד,
טראָגט גרוסן צו דער מאַמען...
א. אַ. װ.

נאָר קיין שרייבער װיל װאָװע זינגער ניט זיין. ער װיל בעסער זיין אַן אַרטיסט.

אַמאָל, אַז ער איז געװען אַ בעזשענעץ ביי אונדז אין שטעטל צוזאַמען מיט אַ סך קראָסנער בחורים, האָב איך מיט אים גערעדט. איך האָב אים אפילו געגעבן די האַנט. אָבער ער קען מיך נישט געדענקען.

מען האָט דעמאָלסט געדאַרפט מאַכן איבער דער שטאָט אַ ביסל אָנטאָן : הויזן, העמדער, קליידלעך, לייבלעך, רעקלעך, קאַמזוילן. בין איך געװען צװישן די, װאָס האָבן געקליבן און ער איז אַריינגעגאַנגען אינעם קאָמיטעט, װאָס האָט געטיילט. ער איז געגאַנגען איןברילן, געדענק

איך און מען האָט אַלע פון אים שטאַרק געהאַלטן. אַז איך האָב מיט אים אויסגערעדט די צוויי ווערטער, וואָס איך האָב געדאַרפט זאָגן, האָב איך זיך געפילט, ווי ניט ער וואָלט געווען דער בעזשענעץ ביי אונדז אין שטעטל, נאָר איך בין דער בעזשענעץ און האַלט זיך אָפּהענטיק אַנטקעגן אים. נאָר דאָס איז ניט קיינעמס שולד, נאָר בלויז מיינע אָן אייגענע. ווער ס'האָט אַ שטאַרקערע נאַטור און ווער אַ שוואַכערע.

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, נאָר איצט זענען מיר שוין בעזשענצעס ביי זיי אין שטאָט.

---

אין דער פרי בין איך אָנגעקומען צו דער שטוב, ווו פריידקע מיט נאָך צוויי מיידלעך האָבן געגעכטיקט. אַ גרויסע אַלטע שטוב מיט גרויסע פענצטער. זי טיילט זיך אויס מיט איר גרייס און מיט איר הייך פון אַ סך הייזער אויף אָט דער גאַס, נאָר מיט איין חסרון, — ס'ניטאָ אויף איר קיין פריילעכקייט.

איך בין אינעווייניק ניט אַריין. צו וואָס זאָל מען איבעריקס דאָקוטשען פרעמדע מענטשן? איך האָב צוגעוואָרט ביז פריידקע וועט אַרויס צו מיר, און מיר האָבן זיך געשמועסט אַ ביסל אַזוי אין מיטן גאָס שטייענדיק. ס'איז שוין קענטיק געווען זונטיק אין דער פרי. קלויסטער־גלעקער האָבן גערופן די דאָוונער. מן הסתם איז ביי אונדז אין סלאָוועשנע איצט דאָס זעלבע. עס האָבן זיך דערנענטערט פויערים, פויערטעס שטייף אויסגע־גאַרטלט מיט דער וואָלענער פאַרביקער קרייקע. כמעט די זעלבע פויערים, וואָס ביי אונדז, נאָר אַ ביסל פרעמדלעכער.

מיר האָבן דערציילט איינס דעם צווייטן וועגן אונדזערע נאָכטלעגערס. איך האָב געגעכטיקט ביי איינעם אַ לערער, עפּעס אַ געלינקער יונגער־מאַנטשיק, וואָס האַלט, אַז ער איז אויסגעוואַקסן ניט פאַר סענדעריווקע. די גאַנצע וועלט, טענהט ער, האַלט זיך אויף מאַטעמאַטיק און אויף פאָטאָ־גראַפיע. (זיין ווייב איז מיידלווייז געווען אַ פאָטאָגראַף). די וועלט, דרינגט ער, מוז שטיין אויפן אמת, און אמת איז מאַטעמאַטיק, ווייל מאַטע־מאַטיק איז פינקטלעך. און פאָטאָגראַפיע איז דער שפיגל, אין וועלכן די וועלט האָט אַ מעגלעכקייט זיך אויסשפיגלען פון אַלע זייטן און זען וואָס פאַר אַ פנים זי האָט.

איך האָב, ווי אַלע מאָל, ניט געפילט אין זיך קיין שטאַרקייט איך זאָל אַריינשטעלן מיינע אַ מיינונג אָדער איך זאָל ווען איבערשפּאַרן זיינע רייד. איין זאַך, וואָס איך האָב נאָר אויף אָן אמת ניט געקענט פאַר־

לײדן, איז געװען, װאָס ער זאָגט אויף קאָמוניסטן „קאָמוניסטלעך״ און אויף פּאָעטן „פּאָעטלעך״. דאָס װאָרט „קאָמוניסטלעך״ האָט ער נאָך אויס־גערעדט מיט אַ האַרטן „נון״, און ער איז מיר פון מאָל צו מאָל געװאָרן אַלץ מער דערװידער. זאָגט אויף מיר װאָס איר װילט, נאָר איך קאָן ניט פאַרנעמען, אַז מען מאַכט פון אַ באַרג אַ בערגל, פון אַ מענטש אַ מענטשל און פון אַ קאָמוניסט אַ קאָמוניסטל. איך האָב געזען קאָמוניסטן, אַ סך פון זײ זענען געװען אָנגעפּאַרענע, נאָר דאָס ערשטע געפיל, װאָס זײ האָבן אַרויסגערופן איז געװען: אָט דאָס זענען מענטשן, װאָס זענען ניט אַזוי װי איך און ניט װי הונדערטער מײנע גלײכנס. באַנאַנד מיט דעם געפיל איז געגאַנגען אַ צװײטס: װאָס אויב מען זאָל אים אויסדריקן אין װערטער, דאַרף זיך עס באַקומען אַן ערך אַזוי: װי גליקלעך זענען די דאָזיקע מענטשן, װאָס זײ טראָגן הויך דעם קאָפּ און װײסן ניט פון קײן מורא. איך האָב געקוקט מיט קנאה אויף זײערע הענט. — מיט די הענט, — האָב איך געקלערט, — מאַכן זײ איבער די װעלט! אָך, סאַראַ שװערע, סאַראַ בכבודיקע אַרבעט דאָס איז און דאָס ביסל געזונט, דער אײגענער גוף, איז בײ זײ גאָר ניט אַזוי אָפּגעהיט. ס׳אַרט זײ ניט, אויב זײ טוען אויף אים אַן אַ פּראָסט פּעלצל, צי אַ גראָען שינעל. זײ שלאָפֿן אָפּט אויף דער הוילער ערד, אַ מאָל אפילו ניט אין קײן שטוב און ניט אין קײן שטאָל, נאָר פּשוט אונטערן אָפּגעדעקטן הימל. נאָך מער. זײ פירן דאָס לעבן זײערס דורך אַזעלכע ערטער, װו ס׳פליען קוילן און װערן אויפגעריסן אויף יעדן טראָט. זײ גיבן זיך װײניק װאָס אָפּ מיט זײער אײגענער פּערזאָן, זײ האָבן אין זינען עפּעס מער, עפּעס גרעסערס. זײ האָבן אין זינען אַלעמען, אפילו מיך, װאָס איך האָב עס דערװײל נאָך מיט קײן זאַך ניט פאַרדינט.

— נײן, — זאָג איך צו פרײדקען — איך װעל צו זײ מער ניט גײן. זײ האָבן מיך דווקא צוגענומען מיט אַ געלעגער און מיט װעטשערע, נאָר איך בין ניט מחויב אויסצוהערן הונדערט מאָל אַ שעה: „מענטשלעך״, „קאָמוניסטלעך״...

פרײדקע קוקט מיך אָן אַ װײלע. (איך װײס, זי איז מיר אַלע מאָל גרײט אָפּגעבן אַ שטיק נשמה, אַ שטיק לעבן פון אירס). און זי רופט זיך אָן:

— און אַז זײ זאָלן דיר געפעלן, קלײבסטו זיך בײ זײ אָװעקזעצן אויף קעסט?

געזונט זאָל זי זײן, װי אַזוי זי איז בײ זיך געשטעלטער און פעסטער, װי איך. — טאָקע אַזוי. װאָס איז? איך קלײב זיך דען בײ זײ אָװעקזעצן

אויף קעסט? מען דאַרף דאָך שוין עפּעס קלערן טאָן?! איבערגענעכ־טיקט? געוועזן אַ נאַכט אַ גאַסט? גענוג!

דערווייל זענען אַרויס פון שטוב חנה און צפורה. אַזוי ווי צפורה איז כסדר געפּאַקט און פאַררויטלט, אַזוי איז חנהקע איידל און בלייך. נאָר זי איז זייער אַ שיינע. אירע אויגן, דוכט זיך מיר, פאַרשטייען אַלע מאָל, וואָס איך קלער. דערפאַר היט איך זיך אין איר אַנוועזנהייט ניט נאָר צו רעדן אַ סך, נאָר אפילו קלערן. זי איז אַרויס פון שטוב היימישלעך און מילד, מיט אַ ווייס טיכעלע אויפן קאָפּ, קענטיק די זון זאָל זי ניט בראָטן.

— נו, — זאָגט זי, — קומט, לאָמיר גיין אָפּזוכן שיינדלען.

אויפן וועג האָבן די מיידלעך געזעדט פון זייער אכסניא און עס האָט שוין מיר באַנג געטאָן, וואָס איך בין אהין ניט אַריין. איך האָב אָבער באַלד דערקענט, אפילו אין דרויסן שטייענדיק, אַז ביי דער דאָזיקער שטוב טרויערן די ווענט. (און טרויער איז די לעצטע צייט געוואָרן מיינע אַ גוסט־זאַך. אויב עס זענען ערגעץ דאָ מענטשן, וואָס טרויערן, שיקט מיך אַהין צו. די לעצטע צייט וואָלט איך זיך נאָר געקוויקט מיט אייגענע און מיט פרעמדע צרות. מיט צרות קען מען זיך קוויקן אַזוי ווי מיט גוטן וויין).

ווערליק די מיידלעך האָבן דערציילט, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז אין דער דאָזיקער שטוב האָט זיך דער אומעט באַזעצט גאַנץ פעסט.

ערב פסח, טאַקע הייַנטיקן פרילינג, האָבן דאָרטן דריי שוועסטער (אַלע דריי מיידלעך) באַגלייט זייער מוטער אויף יענער וועלט. אַ מיוחס־דיקע משפחה אין סעדערייזוקע, וואָס איז אין די מלחמה יאָרן שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. די עלטערע צוויי מיידלעך, ווען זיי שטייען איין אין מער פאַרמעגלעכע הענט, וואָלט מען שוין געדאַרפט לאַנג חתונה מאַכן.

ניט אומזיסט האָט וואָוע געשריבן אין זיין ליד:

„טראָגט זיך, טראָגט זיך
שווערע וואָלקנס
אויף די פליגלען
פון דעם ווינט..."

אָבער צי איז ער כאָטש געווען אויף זיין מאַמעס לוויה פאַריקן ערב פסח? — דאָס ווייס איך ניט. אַ רחמנות אויף אַ מאַמע, וואָס דאַרף איבערלאָזן אַזעלכע קינדער. דאָס איז באמת אַ רציחה. אויב ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, מוז ער האָבן אַ הארץ פון אַ גזלן. אלא, ס'ניטאָ קיין גאָט! איז דאָס נאָך ערגער. טאָ ווער וויל זיך עס טישען מיט מענטש־לעכע אומגליקן?

פרײדקע װאָלט מיר באַלד עפּעס אָפּגעענטפערט, װען זי װײס, װאָס איך קלער. דערפאַר זאָג איך איר װעגן דעם גאַרניט. איך קוק אויך ניט אין חנהקעס זײט, װאָרעם יענע קען זיך נאָך אַלײן אָנשטויסן און דערװײל קלער איך נאָר װעגן אײן זאַך: איך בין דאָך אַ פרײער מענטש. מײן װײב װעט שוין צו מיר קײן טענות ניט האָבן. װער שטערט מיר נעמען און חתונה האָבן פאַר אײנער פון די דרײ שװעסטער? און די ייִנגערע זאָל דערװײל זײן בײ מיר אויף קעסט, און אפשר װאָלט איך זיך גלאַט אײנגעשפּאַנט עפּעס אין אַ װאָגן צי אין אַ מאַשין און געהאָרעװעט אויף אַלע דרײ שװעסטער מיט אַ מאָל? איך װאָלט געטראָגן מײן פאַרדינטן ביסן ברויט אַהער, זאָלן מיר אַלע עסן און זאָל מײן נאָמען אָנגערופן װערן אויף זײ, זאָלן זײ האָבן אין מיר אָן אָנשפּאַר. דערנאָך װאָלט איך נאָך געבראַכט רחלען אַהער און אשרן מיט שואלן, טאָמער װעלן זײ קומען, איז אויך אַהער. דאָס זענען מײן פאַרשטאַרבענער בוזיעלעס גאַנץ געבליבענע ברידער און שװעסטערל. אַז זײ זענען אירע, זענען זײ מײנע אויך. איך װעל זײ אַלעמען איבערנעמען אַהער קײן סענדעריװוקע און װעל װערן אַן אַנדערער, װי אין דער הײם. איך װעל אומיסטן װערן אַ סך עלטער װי איך בין אין דער אמתן, קײנער זאָל מיר מער ניט אָנגײן. איך װעל װערן ניט איך. איך װעל װערן אַ סענדעריװוקער אַלטגעזעסענער באַלעבאָס.

— זײ האָבן נאָך אַ טאַטן, — הער איך װי די מײדלעך רעדן (און אפשר דוכט זיך מיר) — איז ער אויך זײער שלאַף און אַז מען איז אָרעם נעמען זיך די הענט צו גאַרניט.

איצט פאַרשטײ איך, אַז איך בין ניט אײנער, אַז אויף דער װעלט זענען דאָ נאָך אַזעלכע מענטשן װי איך, מיט הענט, מיט פיס און מיט געדאַנקען, נאָר מען איז טויט. מען קאָן זיך צו גאַרניט ניט נעמען.

נײן, איך בין מיט די דאָזיקע מענטשן פרײנד. איך קאָן זיך מיט זײ ניט און װײס ניט, צי װעלן מיר זיך אַ מאָל קענען, נאָר איך װעל זײ נאָך לאַנג פילן װי פרײנד.

שײנדל איז ארויסגעגאַנגען פונעם הײפל פאַר דער נײער שטוב, װוּ זי האָט געװעכטיקט. זי האָט אונדז ארויסגעטראָגן אַנטקעגן אַ שײנעם גוט־מאָרגן און מיר האָבן זיך צערעדט, אַז מירן גאָר אפשר הײנט זיך לאָזן צוריק אַהײם. שײנדלס פרײנד האָבן אַ שװאָגעריק, װאָס דינט בײ אונדז אין סלאָװעשנע. הײנט װעט ער קומען צו װאָרמעס און אפשר נאָך פריער, ער װעט איר ברענגען פון אירע עלטערן אַ קװיטעלע און דאַן װעלן מיר שוין װיסן װאָס צו טאָן.

## שרייבן ספרים

ווייל איז דעם מענטשן, וואָס קען גוט אַן אַרבעט. מעג עס זיין נייען שטיוול, שאַרפן מעסערס, וואַלקעווען כאַמוטעס, טעסען קלעצער, פאַרבן דעכער. קען עפּעס אַ מענטש טאָן און האָט נאָך דערצו ליב זיין אַרבעט, איז אים שוין גוט. צום ביישפּיל: — אַ לערער. מיר דוכט זיך, אַז זיין אַ לערער אין אַ דאָרף, צי אין א שטעטל, צען יאָר, צוואַנציק יאָר, דרייסיק יאָר און כסדר לערנען מיטן ערשטן קלאַס און כסדר זען פאַר זיך קינדערשע ליבע פּנימער, ווי זיי הייבן אָן לויכטן ווען זיי דער־וויסן זיך עפּעס, דוכט זיך מיר, אַז פון דעם איז אויך קיין גרעסער גליק ניטאָ. אַזאַ מענטש קען זיין אייביק יונג, אפילו ביזן טיפן עלטער.

איך גופא קען אויך אַן אַרבעט. די אַרבעט איז, דעם אמת געזאָגט, פאַר דעם, וואָס איז צו איר ניט געוווינט, זייער אַ שווערע און זייער אַ קויטיקע. דאָס איז אויסאַרבעטן פעל. פאַר מיר איז די אַרבעט געווען גאָר ניט אַזוי שווער און גאָר ניט אַזוי איבלדיק, נאָר מיין אַרבעט האָט אין יענער צייט באַקומען אַ ים אַנדערע חסרונות.

דער ערשטער חסרון איז, וואָס איצט איז די ארבעט אויסגעגאַנגען, ניט געבליבן. מען האָט צעראַבעוועט די האַרבאַרניעס נאָך אינעם ערשטן פּאָגראָם.

אָבער אַז די ראַטנמאַכט האָט זיך ביי אונדז פאַרפעסטיקט, האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז די מלוכה וועט עפענען איינע אַ גרויסע האַרבאַרניע און אלע די, וואָס האָבן געאַרבעט אין די קליינע האַרבאַרניעלעך מיט די געוועזענע קלענערע באַלעבאַטים צוזאַמען זאָלן זיך דאָרטן שטעלן אַרבעטן, פּשוט געזאָגט, ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן גרינדן אין שטעטל אַ האַרבאַרסקן אַרטעל. איז שוין דאָ דער צווייטער חסרון: ס'איז אַ פראַגע, צי מיר, די אַרבעטער, וועלן דאָרטן קענען עפּעס האָבן; ווייל דער אַרטעל וועט באַשטיין איבערהויפּט פון געוועזענע באַלעבאַטימלעך. מען איז שוין אפילו געגאַנגען אָנקוקן שמואל־וואָלפס גרויסע האַרבאַרניע.

דער וועג אַהין איז דורך דער שיניצע. גרינע ביימלעך, גרינע גראָז. און אַז מען פאַרגייט אַהין אין הויף איז דאָרטן קיל און כמעט ווי ס'אַרבעט זיך עפּעס. שמואל־וואָלף מיט די זין האָט פיינט ביי זיך זיין אַראָפּגעפּאַלן. ב'יז עפּעס וואָס, שווענקען זיך דאָרט ביי אים אַ ביסל פעל אין די ביטן. ער קוקט ניט, צי מען מעג צי מען טאָר ניט. אַ גראָבער נפש אָט דער שמואל־וואָלף. און די זין זענען אויך ווי די וועלף. אַז זיי דערזעען אַ פרישן מענטשן, וואָס פאַלט צו זיי אַראָפּ פון שטאָט, טוען זיי אַ קנאַק מיט

די ציינער אַזוי, אַז ס׳נעמט אָן אַ פּחד. ערשט דערנאָכדעם, אַז מען גע־ווינט זיך צו זיי צו אַ ביסל, קען מען מיט זיי אין איינעם פאַררויכערן אַ ציגאַר און זיך אַפילו צערעדן פון נייס, פון וועלטזאַכן. שמואל־וואָלף און די זין שפּאַרן זיך אַלע אָן אינעם אויסגעשפּאַנטן וואָגן, וואָס שטייט אין מיטן גרויסן הויף, די אַרבל פון די העמדער זענען ביי זיי פאַרקאַ־טשעט העכער די עלנבויגן, זיי קוקן אונדז אָן בייז און מיט אומצוטרוי, ווי אַט־אַט כאַפּן זיי אונדז אין אַ ליגן אָדער אין אַ גנבה.

— אַרטעל, שמאַרטעל, — מאַכט דער אַלטער שמואל־וואָלף מיט דער רויטער באָרד און מיטן צעקאָרבטן קלייענדיקן האַלדז. — וואָס וועל איך פון דעם האָבן, וויל איך וויסן ?...

---

נאָר דערווייל איז עס נאָך אַלץ אויפן הימל אַ יאַריד. קיין טועכץ איז ניטאָ און סע גייט מיר כמעט ווי ניט אָפּ. פון מאָל צו מאָל פאַרגנבע איך זיך נאָך אינעם ווייטסטן אַלקערל ביי מיין טאַטן אין שטוב (איך ווין דאָך מיט רחלען שוין צוריק ביי מיינע עלטערן) און פאַרשרייב דאָרטן אויף פּאַפּיר פאַרשיידענע געדאַנקען. דער טאַטע איז אויף מיר אין כעס, ער וואָלט מיך דערשטאָכן פאַר אַזעלכע זאַכן.

איך מאַך אים ניט שולדיק, איך פאַרשטיי זיין האַרץ. אַ מענטש דער־לעבט אַזאַ מין זון, אַ יונגערמאַן אין די שענסטע און בעסטע כוחות, וואָלט ער וועלן עפּעס האָבן פון אים. און דאָ, ניט זינדיקן זאָל מען מיט די רייד, איז עפּעס ניט צו גאָט, ניט צו לייט און ווי דו קוקסט עס אָן, האַלט עס נאָך פון זיך: מען פאַרקאָטשעט דעם שטערן און מען שרייבט געדאַנקען... וואָס־ווען ? ווּהין טויג עס, וואָס פאַר אַ טעם האָט עס און ווער וועט אויף דעם וועלן אַ קוק טאָן ?

נאָר דעם אמת געזאָגט, האָט ער שוין לאַנג אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, אַפילו אַזאַ זאַך ווי נחת פון קינדער נעמט מען זיך דאָך ניט אַליין. ס׳איז אַ גאָטזאַך. ניט יעדערער איז זוכה, ניט יעדערער פאַרדינט עס.

איך ווייס דעם טאַטנס באַציִונג, איך גיב אים אָפּ דעם גערעכט אויך, נאָר דאָך, אַז איך גיב זיך אָפּ קאָנטנעט, אַז איך שרייב זיך אַ ביסל אָן אינעם טיפסטן אַלקערל אין אונדזערן, גייט מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן און דאָן באַהערשט מיך גלייך אַן אַנדער באַדערפעניש, כאַפּן ביי פריידקען אַ פרייע מינוט (אויך ווען דער טאַטע וועט מיט אונדז ניט זיין צוזאַמען און ניט שרייען אויף אונדז) און איר עס גלייך איבערלייענען, אויב ניט, דאַרף מען ערגעץ כאַפּן חנהקען אָדער שיינדלען. נאָר שיינדלען, אַז איך

פּאַק שוין ערגעץ, פֿאַרגעס איך, אַז איך וויל איר לייענען, מיר זוכן זיך אַפּ אַנדערע שפּילן. מערסטן טייל רעדן מיר אין צווייען, דערויף בין איך אַ בריה. ווען דאָס איז אַ באַשעפטיקונג אָדער אַ פּרנסה, טאָ פֿרעגט ניט, דאַן וואָלט איך געגאַנגען אין גאָלד.

אגב, בין איך אזוי אויך אַ ביסל באַזאָרגט: — די בהמה.

אונדזער שוואַרצע בהמה גיט מיר אַ ביסל צום לעבן. איך און רחלע זענען ביי איר אויף קעסט, דאָס הייסט אויף קעסט זענען מיר ביי מיינע טאַטע־מאַמע, נאָר אזוי ווי אונדזער שוואַרצע שטייט צוזאַמען מיט זייער רויט בהמהלע, איז שוין אונדזער אויסהאַלט אַ ביסל באַזאָרגט. ווינטער קויפט מען היי פֿאַר ביידע בהמות וועגן און זומער, זומער איז דאָך בכלל אַ פֿרייע וועלט. די בהמות גייען זיך אויף דער פּאַשע, פֿאַר אַ צוגאָב שניידט מען אָן אַ ביסל קאַרטאָפליאַנעק און מיר באָדן זיך אין מילכיקס. און טאָן טו איך נאָך אַלץ גאָרניט.

פֿאַר אַ ליידיק־גייער איז עס אַן אַרבעט, פֿאַר אַ טוער קיין טועכץ ניט. למשל: ווען סע טוט מיך נאָר אַ ציִ, מעג עס זיין ביי טאָג, פֿאַר נאַכט, צי גאַנץ פֿרי אפילו, בין איך גלייך אויף די פֿיס און טו מיר אַ שפּרונג אויפֿן הייליקן אָרט, ווו מיין קליינע ליגט באַהאַלטן.

דאָרטן שטייען אַ סך רייען שטיבלעך פֿון די פּאַגראַמען שוין, אַנדערע אפילו ברייטע — צו צוויי, צו דריי, צו פֿיר קדושים אונטער איין דאַך, נאָר צו מיין בוזיעס שטיבעלע איז מיר גרינג צו טרעפֿן. זי איז דווקא געמאַכט פֿון פּראָסט האָלץ, צונויפֿגעקלאַפּט פֿון פּראָסטע ניט געפֿאַרבטע ברעטלעך, נאָר אַ שטעל איז ביי דעם עפּעס ווי פֿון אַ מלכותדיק געביי. סע גייט עפּעס פֿון דעם אַ יונגשאַפֿט און א פֿריילעכקייט. קיין מאָל לעב איך ניט איבער קיין עצבות ביי מיינע דאָרטיקע באַזוכן. איך בין ביי איר אַן אַנגענומענער גאַסט, מיין אָפּט אַראָפּווייזן זיך אַהער איז אָנער־קענט און נאַטירלעך. אמת, אין שטעטל ווייסט מען פֿון דעם און מען קוקט אויף דערויף ווי אויף אַ שטיקל משוגעת, ווילדע שטיק פֿון איינעם אַזאַ, וואָס הערט אויף זיך קיין וועלט נישט.

איך ווייס, אַז מע ווייסט און מיך אַרט עס נישט. אייגנטלעך דורכ־גיין די דאָלינע און אפילו דעם קלויסטער־פּלאַץ גיי איך דורך מיט אַ פֿאַרנומענער מינע. מאָלע ווו אַ מענטש דאַרף דאָרט צוגיין וועגן געשעפֿט אָדער שטובזאַכן און אַהין ווייטער, נידעריקער פֿונעם לעסניטשעס שטוב, גיי איך מיר ווידער אַ מאָל באַשעפֿטיקט עלעהיי איך דאַרף צוגיין אין אַ נאָענט דאָרף — קיין קראַסנע, קיין טכאָרין און דאָ צווישן יידישן און קריסטלעכן הייליקן אָרט, דורכן שמאָלן שטעגל, וואָס פֿירט אַרויף צום

סטראַמקן, נאָר יונג־באַוואַקסענעם באַרג, שפּרינג איך אַרויף פלינק ווי אַ ציג און דאָ צווישן די יונגע גרינעביימלעך, פאַרביי דעם עקסטן פלויט פונעם יידישן הייליקן אָרט, בין איך שוין פריי און אויסער געפאַר ווי דער נאָכגעיאָגטער, וואָס כאַפּט זיך אָן אין די ווינקלען פונעם מזבח, פריי פון לייטישע צינגער (זיי זענען שוין געווינט צו מיר און איך צו זיי) און אויך באַזאָרגט מיט אַ גרינג האַרץ: יעדע שווערקייט און יעדע לאַסט ווערן פון מיר אַראָפּגענומען. איך טו דאָרט אפילו גאָרניט. אַ מאָל ליג איך אויפן גראָז אַ מינוט אָדער צוויי נאָכן פלינקן קלעטערן אויפן באַרג און אַריבערן עקסטן פּאַרקן, אַ מאָל באַטאַפּ איך די שטיבלעך, וואָס זענען וואַרעם פון זון און וואָס איך פיל צו זיי אַ פריינדשאַפט — איינס פון זיי איז דעם רבס שטיבל, אין וועלכן ער האָט אָפּגעלעבט אַ שטיק לעבן.

אַז דער גזלן האָט אים אין דער פּאָגראָם־נאַכט אַזוי אומגעריכט דער־שטאָכן, איז, דוכט זיך, זיין גוטסקייט און אָנשטענדיקייט סיי ווי געבליבן אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים, דער גזלן איז געבליבן אַ גזלן און ער איז געבליבן ער.

די לעבן־געבליבענע אינעם חרובן שטעטל האָבן אים באַהאַלטן אויפן נייעם פעלד צווישן אַלע קדושים, נאָר אַליין אין אַ באַזונדער קבר, און א שטיבל אים אַוועקגעשטעלט לויט זיין כבוד נאָך. אַז איך כאַפּ זיך אַרויף אויפן פעלד בין איך לעם אים אויך אַ גאַסט. זיין שטיבל איז אויך יונג און נעמט מיך אויף ווי ער פלעגט מיך אין לעבן אויפנעמען שטענדיק מיט אַ פריינדלעכער מינע.

מיר קומט אויס אויך דורכגיין פאַרביי אַ ברייט־ברייט שטיבל, וווּ פיר קדושים ליגן צוזאַמען — צוויי קינדער און צוויי עלטערע מענטשן: מלכקע און יאַסעלע (רחלס ברידערלעך) און דער אַלטער שאול מיט נאָך איינעם אַ יידן אברהם־שמואל. עפּעס דאָ איז ניט אַלץ כשורה, זייער ניט היימלעך. עפּעס קינדער און אַלטע מענטשן אויף שטענדיק און שטענדיק. דער וועקסל, וואָס דאַרף פאַר קינדער צוגעשטעלט ווערן, איז אין גאַנצן אַן אנדערער.

פון דאָרטן מוז איך זיך אומקערן צו יעקב־בערס שיינער און יונגער ווייב, דער יונג־פאַרשטאָרבענער. זי ליגט מיט אירס אַ יאַטל אונטער איין שטיבל. דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש און פון דאָרטן איז שוין צו בוזיעלען גאָר נאָענט. דאָרטן איז מיר גרינג, דאָרטן איז מיר ליב און היימלעך. ניין, זאָגט עס ניט, ס׳איז ניט קיין פוסטער גאַנג, ניט קיין אַרויסגעוואָרפענע צייט.

---

דער טאַטע איז טאַקע אַוועק זיך דולן מיטן אַרטעל. די מאַמע איז אויפֿן גאָרטן, די קליינע חברה שפּילן זיך לעם שטוב.

— גיי, מען רופֿט דיך, — מאַכט צו מיר די קלענסטע, ווי איך וואָלט קיין נאָמען ניט געהאַט.

איך טו אַ קוק אין פֿענצטער — שיינדל האָט זיך צוגעשטעלט.

אפֿילו איך זאָל וועלן, קען איך דעם שמייכל פֿון צופֿרידנקייט מיינער ניט אויסבאַהאַלטן. יאָ פּאַסיק, ניט פּאַסיק, נאָר אין דרויסן איז אַ זון, אַז מען וויל בין איך נאָך גאָר ניט אַזוי אַלט, און אָט שטייט פֿאַר מיר אַזאַ שטיק קיין עין הרע, אַזאַ יונגע זאַך, און וואַרט אויף מיר.

וואָס וועלן מיר טאָן ?

גאָרניט.

זי האָט זיך אַרויסגענאַרט פֿון דער היים עפּעס אַ גאַנג אין אונדזער ווינקל און דערווייל קענען מיר אין מיטן וואָכעדיקן פֿרימאָרגן מאַכן אַ געשמאַקן שפּאַציר אויף דער שיניצע.

פֿון איר לייכט קאַפּטל, פֿון אירע אָפּגעדעקטע פֿרישע הענט ברויזט מיט איבערפֿלוס פֿון יונגן געזונט און וואָס איר ווילט נאָר אַליין.

— יעקב־בער איז שוין געקומען מיט דער נייער ווייב ? — פֿרעגט זי מיך, אַבי קענטיק פֿון עפּעס אָנהייבן דעם געשפּרעך.

יעקב־בער איז מיין שוועסטערקינד, דער אלמן, מיט וועלכן מיר וווינען אונטער איין דאַך און מיר זעען זיך מיט אים הונדערט מאָל אַ טאָג. איז זי, וואָס קומט פֿון שטעטל אַהער איין מאָל אין אַ יובל, ווייסט, אַז ער דאַרף ברענגען אַ נייע ווייב און איך קוק איר אין די אויגן, איך זאָל כאָטש אָנהייבן וויסן פֿון וואָס זי רעדט.

— נו, אדרבא, דערציייל, איך הער דאָך עס ערשט פֿון דיר.

— איי, גיי, דו ווייסט טאַקע פֿון גאָרניט ?

איך קוק אויף איר, ווי איך וואָלט געזאָגט — נו־נו, רעד, דערציייל.

זי רייצט מיך מיט איר יונגן אומבאַהאַלפֿענעם לוסט. דאָך זעצט זי פֿאָר :

— נו, ער איז דאָך אַוועקגעפֿאָרן קיין סענדעריוווקע און זיך דאָרטן באַוואָרנט אַ באַלעבאָסטע, אַ מאַמע די קינדער.

— וועמען ?

— משולם דעם בראָקערס טאָכטער.

— אָט יענע, וווּ סע זענען דאָ דריי שוועסטער אין שטוב ?

— יאָ, יאָ. זי איז די עלטערע... אַ מאָל האָט זיך דווקא צו איר געשדכנט אַשר דער מאַזשאַריער, נאָר זי האָט צעלאָזן דעם שידוך.

— נו?

— נו, זי וועט שוין האָבן פאַר אים דעם זיסן לעבן!

— און פאַר איר, ווער ס'וועט חתונה האָבן, וועט האָבן אַ זיסערן לעבן?

שיינדל האָט מיר אַ קניפּ געגעבן די האַנט לעם סאַמע אַקסל און איר פּנים איז מיט אַ מאָל געוואָרן עלטער פון כּעס און פון ניט באַהאַל־טענער בייזקייט. זי איז ניט מיינע קיין ווייב און ניט מיינע קיין שוועס־טער, נאָר אַ מאָל ווערט זי אויף מיר אין כּעס פּונקט זי וואָלט עס געווען. זי האָט ניט ליב, אַז איך רעד אויף זיך שלעכטס... אָבער וואָס קען איך העלפן, אַז ס'איז אַן אמת. ווען זי קלערט זיך אַריין, וואָלט זי אַליין מודה געווען, אַז איך זאָג אַזוי ווי ס'איז.

אמת, ביי יעקב־בערן דער מומעס וועט משולם דעם בראָקערס טאָכ־טער טרעפן די שוויגער פאַר דער גאַנצער באַלעבאָסטע און נאָך פיר גרייטע קינדער פאַר אַ צוגאָב. זיין אַ מאַמע צו פיר פרעמדע קינדער איז ווירקלעך ניט פון די זיסע זאַכן.

שיינדל איז געגאַנגען מיט מיר אַרויף אַ באַרג און געשוויגן. סיי ווי דאַנק איך איר אין האַרצן דערפאַר, וואָס זי איז מיט מיר גוט. און איך ווייס, איך בין זיכער, אַז ניט געקוקט אויף אַ סך אויסערלעכע און אינערלעכע סימנים וואָס טיילן אונדז שטאַרק אָפּ איינס פונעם צווייטן, וועט זי מיר דאָך אויף לאַנג פאַרבלייבן מיט עפּעס נאָענט.

און איך וויל איר זאָגן:

— שיינדל, דו מאַכסט מיר מיט עפּעס שענער מיין לעבן. נישקשה, ס'איז גוט, וואָס אין מיטן שטאָט שטייט אַ שטוב מיט אַ צוגעבויטער קלייט, וואָס אינעווייניק אין קלייט שטייט דאָרטן אַ גרויסער צוואַקסענער ייד, אַ יונגער נאָך אויפן פּנים. ער גענעצט פון גאַרניט ניט טאָן. סע קומען ווינציק קונים. נישקשה, וואָס אינעם גלעזערנעם גאַניק אין זייערן גייט אַרום זיין שטאָלטנע הויכע ווייב מיטן קאָלטן לונג און לעבער, אויס־געפּוצט אין מיטן אין דער וואָכן און איז ברוגזלעך אויף אַ האַלבער וועלט.

איך האָב זיי דווקא ליב, אָט די צוואַקסענע פאַרפאַלק, כאָטש זיי האָבן מיך ניט ליב. זיי זענען מיר צום האַרצן. ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי זענען פון רייכן גראַד. איך האָב זיי ליב מיט זייערע אַלע חסרונות. און אַלץ נאָר דערפאַר, ווייל דו גייסט לעם מיר אַקסל צו אַקסל אַזוי אין מיטן וואָכעדיקן זומערדיקן דרויסן. ווען ניט זיי וואָלסטו דאָך דאָ לעם מיר ניט געווען.

איך הייב אויף דעם קאָפּ. איך וויל זי בעסער באַטראַכטן, נאָר זי דרייט אָפּ איר בליק.

נאַרישער פּנים! — סע שטייען ביי איר טרערן אין די אויגן.

איך טוליע צו איר האַנט צו מיינע ליפּן. נאָר איך דערזע אין מיטן דרינען ווי עס גייט אַ באַרוועס מיידעלע, געבויגן אונטער אַ גרויסן אָנגעפּוישטן זאַק, ביז האַלב אַ פולן און אין דער צווייטער פרייער האַנט שלעפּט זיך ביי איר נאָך כמעט ביי דער סאַמע ערד דער סערפּ. עס קען זיין, אַז זי האָט אונדז ניט געזען אויך, אַזוי איז זי פאַרטאָן אין איר אַרבעט.

— ר־ח־ל־ע! רחל־ע — האָט שיינדל אַ הילך געטאָן איבער דער גאַנצער שיניצע און מיר האָבן זי אָנגעיאָגט. איך האָב אַרויפגעוואָרפן צו זיך דעם זאַק אויף די פּלייצעס. רחלע האָט קינדעריש ממזריש אַ קוק געטאָן אויף שיינדלען און אויף מיר, אָבער איר בליק איז א פריילעכער און אַ גוטער. און אויב אַ קלוגער איז וואָס? קלוגשאַפט שאַדט ניט.

— די בהמות זענען שוין געקומען? — האָט רחלע א פרעג געטאָן. קענטיק מערער צוליב דעם, כדי עפּעס פרעגן.

---

אין שטעטל גייט אַרום אַלע נאַכט אַ וואַרטע. וויטשענקאָ, דער פאַרזיצער פון וואָלרעווקאָם, פוילט זיך ניט און קומט אַליין צוגיין קאָנטראָלירן ווער ס'איז דאָ און ווער ניט. ער, וויטשענקאָ, זיצט ביי שמואל־אברהמען אין דער דירה. ער פאַרנעמט דאָרטן אַן אַלקער. און דערפאַר איז דאָרט כסדר פול מיט מענטשן אויף און אָפּ. אברהם־שמואלן שטערט עס ניט צו דער אַרבעט. פאַרקערט, ער האַלט, אַז ס'איז אים נאָך פריילעכער.

די נאַכט וואַרטעוועט מען און אין דער פרי הערט מען נייס.

אַ פרימאַרגן אָן נייס איז גאָר קיין פרימאַרגן ניט. טאָמער האָט זיך גאָר ניט געטראָפן אין שטעטל גופא, האָט זיך געמוזט עפּעס טרעפן אין אַ דאָרף אַרום שטעטל, אָדער אויף די שליאַכן צי אין די וועלדער. אָט האָט מען געבראַכט צוויי געהרגעטע פון לוטשעניקער שליאַך: ברוכן דעם קלייטניק און עליען פּאַליאַקאָוו. אָט דער עליע, כאָטש ער איז אַ היגער אַ געבוירענער, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ בחור אַ דורכגעטריבענער האָט ער אַלע יאָרן, ממש פון קינדווייז אָן, זיך אויפגעהאַלטן אין קאַטערינאָסלאַוו. דאַרף אים אָנטראָגן דער גוטער יאָר קומען צופאָרן און חתונה האָבן מיט אַ היגער מיידל, און דווקא דאָ הייבט ער זיך אָן פאַרנעמען מיט געשעפטן: האַנדל־וואַנדל, ציבעלעס, רויכוואַרג, טשער־

ניצעס, פאַרב. דאַרף, שטאָט, דאַרף, ביז ער ווערט דערהרגעט דווקא אויפֿן שליאַך אַהיים פֿאַרנדיק פֿון די לוטשינקעס, און דאָס פֿערדל אַליין ברענגט צו פֿירן די ביידע שותּפֿים, ביידע געקוילעטע, איינער זיצנדיק און איינער ליגנדיק. קענטיק, אַז עמעצער איז דורכגעפֿאָרן אין דער נאָענט און איבערגעשלאָגן די באַנדיטן אין סאַמע מיטן אַרבעט, ווייל די סחורה איז געבליבן גאַנץ.

גאַנץ פֿרי, דער סטאַראַזש פֿון קלויסטער איז נאָר וואָס אַוועק אַהיים צו זיך. די קרעמער זענען געקומען פֿאַרקערן לעם די קלייטן (דאָס האָט טאַקע וויטשענקאָ אַרויסגעגעבן אַזאַ באַפֿעל, מען זאָל אַלע אין דער פֿרי מיט א בעזעם פֿאַרקערן די הויפֿן) און דאָ איז אָנגעפֿאָרן דאָס פֿערד און וועגעלע און זיך אָפּגעשטעלט, ווי ס׳וואָלט וויסן, אַז ווייטער פֿאַר־שפּאַרט עס שוין פֿאַרן. גייט צו אַ קרעמער, וואָס אַרט אים, אַז ער וועט אַ פֿרעג טאָן — „עליע, פֿון וואַנען פֿאַרט מען עס?"

און ער האָט טאַקע אַזוי געטאָן.

אָבער ווער עליע, וואָס עליע? פֿון אַזאַ מין עליען קען נאָר פֿינצ־טער ווערן אין די אויגן. ס׳האָבן זיך צונויפֿגעלאָפֿן ווייבער, וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט די בהמות אין טשערעדע אַריין. ס׳זענען אָנגעלאָפֿן די ווייבער פֿון די צוויי סוחרים אַליין, מיט שוויגערס, מיט קינדער, מיט מחותנים, מיט פֿריינט און ס׳האָט זיך אַ קאַלאַטע געטאָן די שטאָט, אין מיטן ריינעם און וואַרעמען גאַנץ פֿרי, אַזוי ווי איר קענט זיך נאָר פֿאָרשטעלן.

און אויסגעלאָזט האָט זיך ווי אַלע מאָל, אַז די, וועמען דער בראָך האָט געטראָפֿן, האַלטן זיך מיט אים. און די איבעריקע קייען און טראָגן אַרום פֿון שטוב צו שטוב, פֿון הויף צו הויף דאָס נייס. דער האָט אַליין געזען, דער האָט כמעט אַליין געזען, דער האָט געהערט ווי איינער האָט דערציילט, איינער איז גרייט לויפֿן און אַליין אַ קוק טאָן, נאָר ס׳פּאַסט שוין עפּעס ניט. די הרוגים זענען שוין יעדערער אין דער היים ביי זיך.

וויטשענקא האָט גלייך די שעה אַרויסגעשיקט אַן אַטריאַד, אַנדערע זאָגן, אַז ער איז אַליין אַוועקגעפֿאָרן מיטן אַטריאַד. און פֿאַר נאַכט האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז דער אַטריאַד האָט געבראַכט מיט זיך באַנדיטן, אי געשאָסענע, אי געבונדענע.

צו וויטשענקאָן איז געקומען צו לויפֿן אַ יונגע פֿויערטע אַ קירפּאַטע, נאָר אַ קרעפּטיקע, מיט אַ מויל ווייסע ציין. זי איז געווען אין אַ ניי ציצן קליידל מיט אַ יאַטל אויף די פּלייצעס (אין אַ טישטעך איבערגעבונדן). זי איז געפֿאַלן איטעלכן צו די פֿיס און געזאָגט, אַז אירער איז ניט שול־דיק, אירער טשעפּעט ניט קיין פֿליג אויף דער וואַנט.

וויטשענקאַ קען רעדן מיט מענטשן. וויטשענקאַ האָט איר געזאָגט, אַז זי פֿאַרשפֿאַרט ווייגען. איר מאַן איז טאַקע אַ לייטישער מענטש. ער וועט אים מן הסתם גיך אָפּלאָזן, קען זיין, אַז ער וועט אים נאָך מאַכן פֿאַר אַן עלטסטן ביי זיך אין דאָרף. אויב זי וויל, זאָל זי דאָ בלייבן כאָטש אויף אַ טאָג אָדער אויף צוויי. ער האָט איר אפילו אָנגעוויזן אַ פּלאַץ ווו זי קען איבערזיין... און ביז עפּעס וואָס האָט מען זיך דערווייל דערוווסט, אַז זי איז אַ באַנדיטקע נאָך אַן ערגערע פֿונעם מאַן.

דאָס יאַטל האָט מען געזאָלט געווען אָפּגעבן אין אַ קינדערהיים. נאָר דער זיידע מיט דער באָבען האָבן זיך ניט איינגעהאַלטן. זיי זענען געקומען אין שטאָט און עס צוגענומען. דערווייל האָט זיך וויטשענקאָ מיט זיי אויך באַקענט. ער האָט זיך ליב באַקענען מיט פֿרישע מענטשן...

ביי נאַכט גייט מען אום אויף דער וואַרטע, ביי טאָג אַרבעט מען. יעדערער האָט זיין אַרבעט. יעדערער טוט עפּעס.

פֿריידקע אַרבעט אין וואָל־איספּאָלקאָם. אין איר רשות גייט אַריין די קינדערהיים אויך. עס זענען פֿאַראַן אַ סך שטובזיצער און אַ מאָל, ווען מען דאַרף פֿוילט מען זיך ניט און מען שיקט נאָך זיי אַ מיליציאָנער. אַזוי איז אויך געווען מיט שיינדלען דעם קלייטניקס, מיט מיין נאָענטער חברטע. מ׳האָט נאָך איר צוגעשיקט אַ מיליציאָנער און זי איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געניית זעק. מען האָט געדאַרפֿט זעק אויף צונויפֿשיטן ברויט, האָט מען לייוונט געקראָגן און נייען דעם לייוונט זענען געגאַנגען מיידלעך, געוויינלעכע שטאָטישע מיידלעך, ווייל דער שניידער־אַרטעל איז פֿאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן.

— פֿאַר וואָס זיצסטו און טוסט גאָר ניט? און פֿאַר וואָס טשעפּעט מען דיך ניט? — פֿרעגט מיך שיינדל מיט פֿאַרדראָס און מיט אָפֿענער קנאה.

דאָס איז אַקוראַט געווען פֿאַר נאַכט. איך בין צו איר אַריין און זי איז נאָר וואָס געקומען אַ צעכעסטע פֿון די זעק.

פֿריידקע פֿרעגט מיך ניט אַזעלכע זאַכן, פֿריידקע ווייסט כסדר וואָס עס טוט מיר וויי און וואָס עס לאָזט מיך רוען. פֿריידקע ווייסט אויך, אַז מיין ניט־אַרבעטן ציט זיך גאָר ניט אַזוי לאַנג, ווי מען קען עס אָפּמאַכן. געאַרבעט האָב איך ביי משהן אין האַרבאַרניע, ביי זלמנען אין האַרבאַניע, און נאָך די אַכט שעה אַרבעט פֿלעג איך נאָך קומען אין פּראָפּפּאַראַיין און פֿירן דעם קולט־אָפּטייל און גיין אויף פֿאַרזאַמלונגען און שרייבן פֿאַרן טעאַטער פּיעסן... שרייבן אייגענע אָדער איבערשרייבן גרייטע געדרוקטע און זיי צעטיילן צווישן די אַרטיסטן.

וויטשענקאָ אַליין האָט אפילו געשפּילט אין איינער אַ פּיעסע, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. ער האָט זיך נאָר געקלאָגט אויפן לשון.

— אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך, — פרעגט ער, — האָט איר עס געשריבן? איר האָט עס געוואָלט מן הסתם אָנשרייבן אין אוקראַיִניש?

ער איז א פריילעכער יונג, אַ קרעפּטיקער, אַ דרייסטער און אַ בראַ־ווער. מיט פריינד האַלט ער זיך אַזוי פּראָסט און אַזוי היימיש, אַז ס'איז גאָר שווער צו דערקענען, אַז אַזאַ יאַט זאָל אָנוואַרפן אַ מורא אויף אַ גאַנצן ראַיאָן באַנדיטן און מיט אַזאַ אימפּעט חרוב מאַכן זייערע נעסטן.

— ווי אַזוי זאָל איך שרייבן? — האָב איך אים געענטפערט, — אַזוי ווי מען רעדט דאָ. אַלע רעדן דאָ אַזוי.

אין דער דאָזיקער פּיעסע האָט שיינדל געשפּילט אַ דאָרפישע כלה און פריידקע — אירע אַ שוועסטער. זיי האָבן אָנגעטאָן אויסגענייטע אוקראַיִנישע העמדער, האָבן זיך אָנגעפלאָכטן פאַרביקע קאָסניקעס איז די צעפּ.

נאָר די פּויערים האָבן סיי ווי דערקענט, אַז דאָס זענען שטאָטישע.

— באַטש, באַטש! — מאַכט איין פּויערטע, — צע מאָבוט איצקאָוונאַ!..

(זע, זע! דאָס דאַרף זיין איצקעס טאָכטער!...).

נאָך גוט, וואָס די מיידלעך האָבן זיך ניט צעלאַכט. איך בין געזעסן אין סופליאָרקע און זיי אַלץ אונטערגעזאָגט.

איצטער טו איך גאָרניט. איך ווייס אַליין אויך ניט, פאַר וואָס נעמען זיך ניט די הענט צו קיין זאַך, אָבער ווען שיינדל גיט מיר אָנצוהערן אַז מען דאַרף שיקן נאָך מיר אַ מיליציאָנער, וואַכט זיך אויף אין מיר אַ פונק פון אייגנווירדע. צי איך זאָג עס איר צי ניט, נאָר אַזוי באַקומט זיך עס:

— חכמה (כאָכאָמע), נאָך קיין אייגענע מענטשן שיקט מען ניט קיין מיליציאָנער. אייגענע מענטשן, ווייסט מען דאָרט, וועלן אַליין קומען...

## אין דער „ווייטער" וועלט

אַז פריידקע איז געקומען פון דער אַרבעט, האָב איך איר אויפגעגעבן, אַז איך וויל זיך דורכגיין קיין קראַסנע.

דער מיין פון דעם, כאָטש איך האָב אים ניט אַרויסגעזאָגט, איז קענטיק געווען אַ פּראָסטער: שרייבן שרייב איך צו ביסלעך, אָנקוקן אַ וועלט דאַרף מען, טאָן, טו איך סיי ווי גאָרניט, טאָ וואָס וועט מיך אַרן, אַז איך וועל זיך אַ ביסל דורכפאָרן? איי, סע איז ניטאָ אויף קיין

פורגעלט — קען מען גיין צו פוס. — דאָס איז נאָך אפשר בעסער.

די אַלטע קאַטשקע, די מאַמע פון אַנדערסענס העסלעכן קאַטשערל, מאַכט צו די נאַר וואָס אויסגעפּירטע קינדערלעך צו אירע אַזוי:

— „איר קערט דאָך מיינען, אַז דאָס איז די גאַנצע וועלט. ניין, ניין. די וועלט ציט זיך נאָך העט ווייט פון דאַנען. אַהין צו פון יענער זייט סאָד און נאָך ווייטער פונעם גלחס פעלד. נאָר דאָרטן, דעם אמת געזאָגט, בין איך נאָך קיין מאָל ניט געווען...״

מיר איז אויך געווען באַוווסט, אַז די וועלט איז אַ גרויסע. פון יענער זייט סטאַרבעני און פון יענער זייט סענדעריוועקע, געפינט זיך אונדזער אויעזד־שטאָט קראַסנע. דאָרטן גייען שוין די מיידלעך אין היטעלעך, ניט אין קיין פאַטשיילקעס אָדער אין קיין שאַלעכלעך, ווי ביי אונדז. דאָרטן זענען די הייזער מערסטן טייל געמויערט. דאָרטן אַרבעט אין אורעוווקאָם טשאַבאַטאַריאָוו, אַ העלדישער הויכער מאַנספּאַרשוין אין די פּערציקער יאָרן, וואָס פירט אַן שוין ניט מיט קיין איין וואָלאָסט, נאָר מיט אַ סך וואָלאָסטן. דאָרטן גייען רויטאַרמייער אַלע טאָג אויף אוטשעניע. יאָ, דאָרטן איז די וועלט אַ סך אַ גרעסערע, ווי ביי אונדז און זי ציט זיך נאָך ווייטער אויך. נאָר דאָרטן בין איך, דעם אמת געזאָגט, נאָך קיין מאָל ניט געווען.

פריידקע האָט מיך ניט געפרעגט, וואָס וועל איך דאָרט טאָן אין קראַסנע. ווי אַלע מאָל האָט זי מיר נאָר דערציילט די נייסן, וואָס זענען פאָרגע־קומען אין שטעטל פאַרן טאָג. אין קינדערהויז איז געווען אַ רעוויזיע. טאַקע פון קראַסנע אָנגעפאָרענע מענטשן, וויטשענקאָ איז אויך בייגעווען ביי דער רעוויזיע. נו, נישקשה, טייבל, אונדזער חברטע, אברהם־שמואל דעם שוסטערס טאָכטער, אַרבעט טאַקע זייער גוט.

— דו האָסט געמעגט אָנקוקן ווי זי האָט געשיינט בשעת די רעוויזיע האָט איר פאַרן אַוועקפאָרן געמאָלדן:

— ס׳איז אַ סברה, אַז אין אייניקע פּרטים וועלן די קראַסנער קינדער־הייזער נאָך האָבן ביי אייך זיך וואָס צו לערנען.

...צי דען וואָלט איך ניט געקענט אַרבעטן אין אַ קינדערהיים? איך וואָלט קענען לערנען מיט די קינדער גראַמאַטע, איך וואָלט קענען אַכטונג געבן אויף דער באַלעבאַטישקייט. דאָרט איז דאָ אַ פערד, צוויי בהמות, אַ הויף, אַ שטאַל, צוויי וואַרשטאַטן (אַ ביי־וואַרשטאַט און אַ סטאָליער־וואַרשטאַט), וויפיל אַרבעט פאַר אַ מענטשן? נאָר עפּעס אַ מאָדנע אינע־ווייניקסטע אָפּהענטיקייט האָט זיך אין מיר אַריינגעזעצט. אַ געפאַלנקייט, וואָס פאַראַליזירט מיך, וואָס נעמט ביי מיר אָפּ דאָס מינדסטע ביסעלע מוט.

נו, מילא, איך וועל זיך דורכגיין קיין קראָסנע און דערנאָך וועלן מיר זען.

פריידקע האָט מיר עפּעס צוגעגרייט אויפן וועג (אויף הין און צוריק), וואָרעם איך דאַרף זיך אַזוי קערעווען, אַז איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו דער קעשענע, וואָרעם אויסער אַ קנעפּל אָדער אַן אַלט פּאַפּירל פון מיינע כתבים וועל איך דאָרטן גאָרניט ניט געפינען.

אמת, איך האָב נאָך אַ זייט־קעשענע. אין זייט־קעשענע זענען דאָ אַ פּאָר בייגעלעך פּאַפּיר פאַרשריבן מיט דריבנעם געפינטלטן כתב. אויב איך וועל טרעפן עמעצן אין קראָסנע אַזאַ, וואָס האָט פאַרשטאַנד און ליבע צו אַזעלכע זאַכן, און איך וועל זיך פאַר אים ניט שעמען, וועל איך אים עפּעס לייענען.

ס׳וואָלט מיך ניט אַרן, ס׳זאָל זיך פאַרלויפן אויפן וועג עפּעס וווּנ־דערלעכס.

איך ווייס? די וועלט איז אַ גן־עדן. אומעטום פּיטערן זיך אויף די לאָנקעס פעטע שאָף און רינדער. אַלע באַגעגנטע זענען אָנגענערט און אָנגעזעטיקט מיט גליק. דאָס פעלד אַקערט זיך, די הייזער בויען זיך, די שליאַכן ברוקירן זיך, די שולן אַרבעטן, די ישובים זענען באַלויכטן, די טעאַטערן שפּילן, און איך? מן הסתם בין איך אויך עפּעס אַזעלכעס. ניט אומזיסט האָב איך חן ביי אַ וועלט אין די אויגן. ניט אומזיסט גיט מען מיר אַרויס פון די שטאַלן אַ ווייכע קאַרעטע און אַ געשמאַקע פּאָר פערד, וואָס רירט זיך כמעט נישט צו צו דער ערד. זיי פירן מיך אין דער קלענסטער אָנשטרענגונג. ניט זיי לויפן, נאָר זיי שוועבן... ווו איך פאָר, וואַרט מען שוין אויף מיר. איך האָב זיי דאָרטן וואָס צו דערציילן און קענטיק אַז מען ווייסט, דער עולם ווייסט, אַז ס׳וועט זיין וואָס צו הערן. ווי? ניט אַזוי?

נאָר דערווייל, אַז סע פאָרט דורך פאַרביי מיר אַ פור, שפּרינג איך אָפּ, דער שטויב זאָל מיך ניט פאַרהילן. דערווייל שטעל איך ניט קיין שטאַרק גיכע טריט, ווייל די שיך האַלטן זיך קוים, מען מוז זיי אָפּהיטן, קיין נייע זעען זיך, אַזוי גיך, ניט פיר. נאָר סיי ווי איז מיר גוט אויפן האַרצן. איך שמייכל און אַלץ אַרום מיר שמייכלט. ניין! די וועלט קאָן נאָך זיין זייער אַ גוטע און איך זאָל אין דער דאָזיקער וועלט אויך ניט פאַרפאַלן ווערן.

מיין ערשטע סטאַנציע איז סטאַרבעני. וווהין פאַרגייט מען דאָ? איך קען פאַרגיין אין דער דאַלינע, צו אַ משפחה האַרבאַרעס. אַ ביסל זענען זיי מיט אונדז מחותנימשאַפט און אַחוץ דעם זענען זיי גלאַט

שטילע און ליבע מענטשן. זי, די באַלעבאָסטע, איז פּשוט און ליב — איך האָב ליב אַזעלכע יידענעס. איך קען עס איר נאָר מיט קיין זאַך ניט אַרויסזווייזן. ער, דער מאַן, אויך דאָס זעלבע: אַ פּראָסטער ייד, קען קוים דאַווענען. איצט אַרבעט ער מיט די זין ביי זיך אין אַ קליין האַרבאַרניעלע. האָט אין שטעטל אַ גוטן נאָמען... אַמאָל, גאָר אַמאָל האָט ער געאַרבעט ביי יענעם. דוכט זי, אַז ער איז געווען אַן אַרבעטער ביי יאַנטלען דעם האַרבער. פאַראַן ביי אונדז אין שטעטל אַ בלינדער אויף איין אויג, אַ געוועזענער גביר, יאַנטל הייסט ער, און אַט דער אַ עליע־לייב, דער סטאַר־בעניער אַרבעטער זיינער, האָט געהאַט אַ מנהג, אַלע ערב שבת אויפ־שטיין אַ גרויסן פאַרטאָג, זיך איינפּאַרן פּאַר פּרי מיט דער אַרבעט און אַוועקגיין נאָך האַלבן טאָג קיין סטאַרבעני אויפן שבת צו זיין ווייב און צו די קליינע קינדער.

אויף פאַרגיין קיין סטאַרבעני ביי אַ גוטן וועג אין אַ שיינעם טאָג איז געגנוג צוויי שעה, אבער וואָס טוט מען אין אַ בלאָטע, אין אַ רעגן, אין אַ שניי? נאָר ווי באַלד עס איז שוין אַריין אין אַ מנהג, האָט זיך עליע־לייב פאַר אַזעלכע זאַכן קיין מאָל ניט אָפּגעשטעלט. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז איין מאָל איז ער אַרויס אין אַ פרייטיק צווישן פּורים און פּסח, ווען די שנייען האָבן געלאָזן, פון די בערג איז געלאָפן ליימיקע וואַסער מיט אַ רויש אויף טויב צו ווערן. די ריוועס, וואָס שטייען ביי אַ זייט, זענען איבער דעם וואַסער נאָך מער צעפּרעסן געוואָרן. ס'איז דווקא אַזוי זוניק אין דרויסן, אַזוי ליכטיק, אַזוי שיינענדיק, נאָר גיין איז שרעקלעך שווער. די נאַטור פייערט קענטיק אירן אַן אינעווייניקסטן יום־טוב און זי וויל ניטליידן קיין זייטיקן אַרום זיך. דער פעלץ אויף עליע־לייבן וועגט אפשר צען פוד. עליע־לייב פּילט ווי ער איז אָפּגעגאָסן מיט שווייס. און אָט איז פלוצעם פאַר אים אויסגעוואַקסן אַ מין קעסל־גרוב, וואָס ס'איז ניט מעגלעך ניט דורכצוגיין, ניט דורכצופאָרן, ניט אַהער, ניט אַהין. בלויז אָפּגעריסענע שטיקלעך זשערדקעס פון די פּלויטן דרייען זיך אַרום אין מיטן דער קאַלעמוטנער שוימיק־קאָכנדיקער וואַסער. קריכט ער איבער אין אַ גאָרטן און הייבט אַן זינקען אין טיפן האַלב־צעגאַנגענעם שניי. אויבן שטיקער שניי פאַרלאָפענע מיט שוים און אונטן כליופּעט וואַסער. ער האָט שוין אָט־אָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן. רבונו של עולם — טראַכט ער —ס'דאַך טאַקע באו מים עד נפש! און ס'גאָר ניטאָ קיין לעבעדיקע נשמה אַרום!

...בשעת די חלבנע בענטש־ליכטלעך האָבן שוין געהאַלטן ביים אויס־גיין איז ער קוים מיטן לעבן אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין. ערשט דאָ

האָט ער פאַרשטאַנען וואָס הייסט אַ מענטש איז אַן עקשן.

שבת אין דער פרי ביים דאַווענען האָט ער געבענטשט גומל. ער איז ביי זיך גאָר געווען געפאַלן, וואָס ער קען אַליין ניט איבערלייענען די שווערע עברי און אפרים דער ליטוואַק האָט עס אים געדאַרפט פיר־זאָגן. ער האָט דערציילט פאַר די יידן אין שול און מער האָט ער פון דעם ניט גערעדט. ער האָט פשוט ניט ליב געהאַט קיין סך רייד.

אַלע מאָל ווען מיר קומט אויס פאַרגיין צו זיי אָדער אים טרעפן ביי אונדז אין שטעטל, דערמאָן איך זיך אין דער אַ מעשה. פונעם ערשטן בליק איז ער ניט קיין שיינער. אַ בערדל ווי אַ שמאָל פאַרטעכל פאַרן פנים. פאות לאַנגע, גראָבע און גלייכע, וואָס ווילן זיך אפילו קיין קאַפּעלע ניט גרייזלען. די גראָבע פאַרגעלטע נעגל אויף די געלע פינגער גלאַנצן פון דער שווערער האַרבאַרסקער אַרבעט. און איך פיל צו אים אַ ליבשאַפט.

מען בעט מיך דאָרטן עסן. כ׳האָב אַקוראַט געטראָפן צום וואַרמעס. איך וואַש זיך און זעץ זיך צום טיש. אַרום איז שטיל, פאַר פינף מינוט קען איך הערן איין וואָרט, וואָס ווערט אויך זייער שטיל און מיט אַ מאָדנער מין אויפגעהאַלטנקייט אַרויסגעבראַכט:

— וואָס מאַכט עפּעס דער טאַטע?

אָדער:

— דו פאַרסט ערגעץ?

אויסגעהערט מיין ענטפער, עסט מען זיך ווייטער, און איך היט זיך, איך זאָל ניט זשלאָקען צו הויך פון דער לעפל דעם גרינעם באַרשטש, אָדער ניט שלינגען צו שטאַרק די וואַרניטשקעס, וואָס זענען איבערגע־טרייסלט מיט סמעטענע.

אין אַ היפּשער ווילע אַרום:

— ווען זיך אפשר מטריח זיין און מיטנעמען עפּעס אַ פּעקעלע... פאַר שלום דעם בראַקערס קינדערס וועגן...

איך ווייס. איך שטויס זיך שוין אָן פון וואָס סע רעדט זיך. שלומס קינדער, דאָס זענען יענע מיידלעך, פון וועלכע מיר האָבן שוין ניט איין מאָל גערעדט. וואָווע זינגערס שוועסטער פון סענדעריווקע. דאָס האָט דאָך מיין שוועסטערקינד טאַקע אַ שידוך געטאָן מיט דער עלטערער, מיט דער סאַמע פאַרזעסענער. דאָרט אין שטוב איז קענטיק הונגעריקלעך און ער, עליע־לייב, וואָלט וועלן מיט וואָס ס׳ניט איז אַהער פאַרקוקן, זיי געהערן זיך, דוכט זיך, אַן ווייטע אייגענע.

און מען האָט מיר מיטגעגעבן אַ פריש פלעצל פון אַ צוויי־דריט־האַלבן פונט. אַ שטיקעלע פּוטער גוט פאַרפּאַקעוועט אין אַ בערעסטענער

פושקע און אינעווייניק, צוליב קילקייט וועגן, פארוויקלט אין אַ גרויסער בלאַט פון קרויט, און ענדלעך, אַ פּאָר שיך. פּראָסטע יוכטענע שיך פאַר דער קלענערער מיידלס וועגן.

ס׳מיר געוואָרן אַזוי גוט אויפן האַרצן פון די דאָזיקע זאַכן, אַז אפילו מיין שטאַמלען וועגן דעם, וואָס איך האָב צו טאָן אין קראָסנע האָט מיר שוין אויך ניט געשטערט. איך האָב זיי נאָר געזאָגט, אַז אויף צוריקוועגס וועל איך זיי ברענגען אַ קבלה־קוויטעלע.

— צו וואָס? — האָט דער עלטערער בחור קורץ און ווי פאַרשעמט אַ זאָג געטאָן.

און דער פאָטער האָט אים אונטערגעהאַלטן.

— ניט נויטיק.

ערשט שפּעטער, די מאַנסבילן זענען שוין געווען לאַנג אויף דער אַרבעט און די באַלעבאָסטע האָט מיך אַרויסבאַגלייט פונעם שטיבל מיט די קליינע פאַרהאַנגענע פענצטערלעך, האָט זי ניט פאַרגעסן איבערחזרן:

— נאָ דיר גאָר אַ קבלה. נישקשה, מען מעג דיר פאַרגלייבן אַ ביסל בעסערע זאַכן אויך. זאָלסט זיי גריסן די יתומים דאָרטן. נעבעך, לייטישע קינדער.

---

אויפן וועג קיין סענדעריווקע בין איך געווען רייכער ווי אויפן וועג קיין סטאָרבעני. ערשטנס, האָב איך געטראָגן מיט זיך אַ פּאָר שיך, וואָס זענען ווערט אפשר פיר פוד קאָרן, אַ קליינקייט אַ פּאָר שיך?! אויסער דעם, אַ פרישן געשמאַקן פלעצל מיטן פושקעלע היימישער פוטער. צווייטנס, האָב איך געטראָגן מיט זיך אַ גוט האַרץ וואָס העלפט טאָן גוטע זאַכן.

עליע־לייב, אַ פּראָסטער ייד, געדענקט זיינע אָרעמע ווייטע קרובים. און איך, אַ פּראָסטער יונגערמאַן, העלף אים דאָס אויסצופילן. איך גיי טאַקע צו פוס, נאָר מיינע פּלייצעס וואָלטן זיך פאַרגינען גרעסערע משאות טראָגן צוליב אַזאַ מין זאַך.

איצט, אַז מען וויל זאָגן, גיי איך שוין ניט אַזוי אומזיסט. אָט טו איך עפּעס. אָט האָב איך עפּעס אַ שליחות צום אויספילן.

שטעלט זיך פאָר, אַז אַ מענטש, וואָס איז איינער אליין, וואָלט אפילו געקאָנט אַזוי זיך דורכלעבן. ער גייט זיך פון שטעטל צו שטעטל. דאָ פאַלגט ער אַ גאַנג. דאָ טראָגט ער עפּעס צו, גיט עפּעס איבער. גיט מען אים אָפּעסן. בעט מען אים אויס אַ געלעגער, און אין אַן אַנדערער, אַ

פּראָסטערער שטוב, וואָשט מען אים אפילו אויס אַ העמד און ער גייט זיך אַזוי ווייטער און ווייטער און שלאָגט זיך דורך אַ וועג אין לעבן.

איצטער דריטנס, ס׳איז נאָך דאָ אַ דריטנס אויך! איך דאַרף שוין זיך ניט זוכן קיין אויסרייד אויף אַריינגיין אַהין צו, צו די דריי שוועסטער אין שטוב אַריין. אַז מען וויל, זענען מיר שוין מיט זיי מחותנימשאַפט אויך. יאָ, יעקב־בער האָט דאָך געשטעלט חופּה פאַר דער עלטערער. ס׳נאָר וואָס מיט דערויף וואָלט מען זיך דאַרפן מעלדעווען און איצט, אַ דאַנק עלי׳ע־לייבן און זיין גוטסקייט האָב איך אַן אַדרעס גלייך צו זיי אין שטוב אַריין און פאַרשפּאַר זיי זוכן אַן איבעריקן אויסרייד.

צו פאַר נאַכט צו בין איך שוין געווען אין סענדעריווקע.

פאַר נאַכט אין אַ פרעמדן שטעטל. די בהמות גייען זיך פון דער טשערעדע. אַ באַרוועס מיידל עמעצנס לויפט אין גאָרטן אריין אַנשניידן קראָפּעווע. מיך דערזען, בלייבט זי שטיין און פאַר גרויס פאַרוואונדערונג בלייבט זי אַזוי ווי פאַרגליווערט עטלעכע רגעס דורך אַנאַנד.

געקומען צו דער שטוב, וואָס איז מיר שוין באַקענט אַ ביסל, בין איך אַריין אין אַ שמאָלן גלעזערנעם גאַניק, אַ גרויסער, אַ לאַנגער באַגלאָזטער גאַניק, נאָר ס׳גייט אים עפּעס אָפּ, וואָלט איך געזאָגט. ס׳גייט אים אָפּ פריילעכקייט.

איך בין דורכגעגאַנגען דעם פאָדער־צימער. און אינעווייניק אין שטוב איז שוין טאַקע געווען פינצטערלעך.

אינעם צווייטן צימער, וואָס מען קען עס אָנרופן עסצימער, איז ביי אַ וואַכעדיק אָפּגעדעקטן און הוילן טיש געזעסן אַ מיידל — אַ וווקסיקע. זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע. דוכט זיך — אפילו אַן אומעטיקע. דערזען דורך דער טונקלקייט אַ פרעמדן מענטשן עפּעס אַזוי אומגעריכט, האָט איר ענטפער אויף מיין „גוט־אָוונט" געקלונגען ווי ניט צופרידן. ווייזט אויס דערפאַר, וואָס אויב אירע מחשבות זענען אפילו געווען אומעטיקע, האָבן זיי דאָך געהאַט זייער אייגענעם גאַנג, זיי זענען זיך געפלאָסן אויף זייער אייגענעם שטייגער. און דאָ איז זיך מישב איינער אַזוינער און שטעלט זיך אַריין אומגעבעטערנערהייט צו פרעמדע מענטשן אין אַ פרעמ־דער שטוב אַריין.

— אַ גוט־אָוונט אייך. איר וועט אַריינלאָזן אַ יידן?..

— איר זייט דאָך שוין אַריין — איז דאָס מיידל אויפגעשטאַנען פון פאַרן טיש און ווי אַ קורצזיכטיקע מיך פון דער גרינג באַקוקט. ענדלעך האָט זי זיך אָנגערופן שוין אפילו מיט אַ שמייכל.

— איר זייט טאַקע, דוכט זיך מיר, אַ ייד, נאָך אַ מין ייד! מען

דערקענט עס אין דער פינצטער. נו, גוט, פאַר אונדזער פאָלק (ווייבער) איז דאָס גאָר ניט אַזאַ גרויסער חסרון... קומט אַריין.

וואָס האָט זי מיר געזאָגט אַזעלכעס? דאָ אין דעם דאָזיקן וואָרט שטעקט בפירוש עפּעס אַ נעדעלע, נאָר סע וועט זיין ניט שווער זיך דערוויסן. דער עיקר איז דאָס וואָס איך דערפיל אין זיך אַ שטיק ממשות־דיקייט. וויל איך, ווער איך אַ באַלעבאָס איבער אַ גאַנצער שטוב. איר ווייסט ניט פאַר וואָס? איך ווייס שוין. אָט זעט, ווייבער דאַרפן מיך אפילו אַזאַ ווי איך בין...

איין חסרון נאָר, די שטוב איז אַזוי ליידיק, אַז אפילו אַזעלכע דער־וואַקסענע מענטשן ווי איך און ווי זי פילן זיך דאָ ניט אָן. אפילו אויף כי הוא זה. פון דעם ווערט אַ ביסל מאָדנע און אומהיימלעך. ביי עליע־לייבן איז די דירהלע אַ קליינע. כמעט אַ פּויערשע, נאָר אין דעם־אַ זינען איז זי שוין טייערער פון דער שטאָטישער שטוב, מיט די גרויסע חדרים, מיטן גלעזערנעם גאַניק. דאָרטן פילט זיך אָן אַטעם פון וואַרעמע געקעכצן, פון שטילער האַרעוואַניע, פון אַ געמיטלעך לעבן. און דאָ איז ליידיק און ס'איז קאַלט. אפילו ניט קיל, וואָס זומער איז עס א מין אָפּפרישונג.

כסדר דאַרף זיך אַ מענטש צוקוקן צום ערשטן איינדרוק. ווייל דער־נאָך, ממש אין א רגע אַרום, הייבט זיך דער מענטש אָן אומברחמנותדיק צופּאַסן צו דעם, וואָס רינגלט אים אַרום און אַ סך קרומע זאַכן הייבן ביי אים אָן ווערן רעכט און נאַטירלעך.

מיר האָבן זיך זייער גיך צערעדט, און צערעדט ביז גאָר היימיש. זי הייסט פּאַליע, אויף יידיש — פּערל, איך הייס — אייזיק. אויף רוסיש? מן הסתם אויף רוסיש אויך דאָס זעלבע — אייזיק. דאָס איז זי, הייסט עס, די מיטלסטע פון די דריי שוועסטער. די עלטסטע איז טאַקע היינט אָוועקגעפאָרן צו אונדז אין שטאָט אַריין. פירן אַ לעבן. איך האָב זיך מיט איר ערגעץ אויסגעמיטן. איך ווייס אַליין ניט ווו. קען זיין אַז אין סטאַרבעני. ניט נאָר צו אונדז אין שטאָט איז זי אָוועקגעפאָרן, און ניט נאָר צו אונדז אין ווינקל, זי איז פּשוט אָוועקגעפאָרן אַזוי ווי צו אונדז אין שטוב אַריין. זי וועט זיין ביי מיין מומען אַ שנור, ביי יעקב־בערן אַ ווייב און ביי די פיר קינדער אַ מאַמע. מהיכי תיתי, זייער שיין... אייגנטלעך איז דאָס שוין גאָר ניט אַזוי שיין. ס'קען זיך טרעפן, ס'זאָל זיין אפילו זייער מיאוס, נאָר גאָרניט. דער עיקר איז, וואָס קיינער האָט דערביי ניט געהאַט קיין שלעכטן מיין. קיין בייזן כיוון. פאַראַן אַזאַ מין אַלטע טראַנטע, אַ שטיקל קרובה דער וועלטס, וואָס זי איז שוין אַלט

ווי די וועלט אַליין, און איר נאָמען איז „נויט". אָט די דאָזיקע זקנה פֿאַרשטעלט זיך אָפּט פֿאַר אַ שדכנטע און פֿירט צונויף אַ קאָסע מיט אַ לוח, אַ שליטן מיט אַ קאַטשערע. ביטע זייער! האַלט זיך און שטיקט זיך צוזאַמען. טאָמער איז אייך איינציקווייז געווען שלעכט, וועט אייך אם ירצה השם אין צווייען זיין נאָך ערגער.

נו, נו, גוט. זאָל שוין זיין אַזוי. איך ווייס נאָר ניט פֿאַר וואָס באַקומט זיך, אַז איך בין אויך פֿאַרמישט אין דער מיט? און פֿאַר וואָס פֿיל איך זיך שולדיק אינעם שידוך, וואָס איז פֿאַרביידן קיין מציאה ניט.

ניין, ווי די מעשה זאָל ניט זיין, האָט מיר דאָך מיין שוועסטער־קינד דער בור און דער עזותניק, ניט געצילעוועטערהייט געטאָן אַ געפֿע־ליקייט. מיר האָט זיך אַמאָל געדאַכט, אַז כדי מיין אומגליק זאָל באַהעפֿט ווערן מיט נאָך אַן אומגליק, אפֿשר מיט אַ גרעסערן ווי מיינער, דאַרף איך קומען אַהער און ווערן דער אָנשפּאַר פֿון אַלע דריי שוועסטער. איצט זענען געבליבן צוויי, און אויב מיר זאָלן געדענקען, אַז די ייִנגסטע איז נאָך אַ קינד, פֿון וואָסערע זיבעצן־אַכצן יאָר און ביי דער גאַנצער היגער אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט איז זי דאָך פֿריש און צופּקע, שיין און שעמעוודיק, ניי טיקט זי זיך בכלל ווינציק וואָס אין מיינע קרבנות. בלייבן מיר נאָר אין צווייען. איך — דער מענטש, וואָס טראָגט אויף זיך אַ האַק פֿון רחמנות אין טאַרבע און אָט דאָס־אַ גרויס און צעוואַקסן מיידל, וואָס איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען אין דער פֿינצטער, אין אַ ליידיקן צימער ביי אַ הוילן טיש.

איך זע איצטער פֿאָליען צום ערשטן מאָל. און זי מיך?

זי מיך האָט שוין, דוכט זיך, איין מאָל געזען. זי האָט מיך געזען דורכן פֿענצטער אַנהייב זומער, ווען איך האָב באַגעגנט מיין שוועסטער מיט די חברטעס אַרויסגייענדיק פֿון זייער טיר. און ביי מיין גאַנצן באַשיי־דענעם אויסזען, האָט זי נאָך דענסמאָל באַשטימט, אַז איך בין אַ „ייִד" און נאָך פֿון יענע „ייִדן"...

דאָס וואָרט „ייִד", ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָ, ביי די מיידלעך אין שטוב און ביי זייערע חברטעס אין אַנדערע הייזער, געוואָרן אַ באַגריף פֿון אַ גאַנצער קאַטעגאָריע מענטשן.

אַנומלטן, קיין חילוק ניט מיט וויפֿל יאָרן צוריק, איז אַ סטאַרבעניער אַלטער ייִד געקומען קיין סענדעריווקע אָנקוקן אַ ייִדענע און פֿאַר איר חופּה האָבן. דער ייִד איז געווען הויך, אויסגעוויקסט און דאַר. די באָרד אַ קאָזוניע, די וואָנציעס פֿאַרפּאַפּט מיט טאַבעקע. ער האָט זיך צוגעקוקט צו יעדער ווייבל און צו יעדער פּויערטע, וואָס איז פֿאַרביי אים דורכגע־

גאַנגען (דענסטמאַל איז אַקוראַט געווען אַ מאַרקטאָג), און אַז עמעצער פון די שטוביקע האָט אים אַ פרעג געטאָן צוליב וואָס גייט ער חתונה האָבן, ס'איז דאָך שוין ביי אים די פינפטע אָדער די זעקסטע ווייב, דערצו איז ער שוין אַ מענטש קיין עין־הרע אין די יאָרן ?... האָט ער אַ קרעכץ געטאָן און געענטפערט:

— נו, יאָ. מע איז דאָך עפּעס אַ ייד!

דאָס זאָל באַטייטן, אַז יעדער ייד, פּונקט ווי ער טאָר קיין חזיר ניט עסן, פּונקט ווי ער טאָר ניט קוילענען קיין מענטשן, פּונקט אַזוי טאָר ער, נעבעך, ניט זיצן אָן אַ ווייב.

פון דענסטמאָל אָן האָט זיך אָפּט אַרויסגעכאַפּט ביי די חברטעס דאָס וואָרט „ייד" אפילו אויף אַ באַקאַנטן קריסט און אַ מאָל אפילו אויף אַ פרוי, מעג זי זיין פון וועלכן גלויבן זי וויל זיך: „אוי, איז זי אַ 'ייד'!" און דאָס אַליין איז שוין גענוג געזאָגט. דאָס הייסט, אַז די דאָזיקע פרוי, קיין חילוק ניט, צי איז זי אַליין אָדער מיט אַ מאַן, צי איז זי אַ פאַרנעם אָדער ניט, צי איז זי אַ שטאָטישע אָדער אַ דאָרפישע, נאָר זי איז — ביי איר־בלייבט־עס — געבענטשט מיט וועלעניש. ביי איר איז יעדער מאַנס־ביל באַוואָרנט, אַז אויב דער מזל וועט אים אַהין פאַרפירן, וועט ער שוין פון דאָרט קיין מאָל ניט אַרויס קיין דערפרוירענער און נויט־באַ־דערפטיקער.

האָט זי מיך דערקענט, הייסט עס, נאָך דענסטמאָל, און קיין ליגן ניט געזאָגט. נו, מילא, אַ דאַנק גאָט דערפאַר. פון דעם אמת קען מען ניט אַוועקגיין און זיך אויסבאַהאַלטן פון לייטישע בליקן איז ניט שייך.

ס'האָט זיך געעפנט אַ זייטיקע טיר און ס'איז אַריינגעקומען אַ יונגע יאַטעכע. זי האָט זיך אין דער פינצטער איינגעקוקט ווער דאָס איז.

אָפּגעזאָגט אויף יעדן פאַל אָן אייליקן גוט־אָוונט און שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאָר פאַליע האָט זי אָפּגעשטעלט:

מילקעלע, דו זיצסט דאָרט אין די פּאַקאַיעס און ווייסט פון גאָרניט. עליע־לייב האָט דאָך דיר געלאָזט גריסן.

— אַט־אַ באַלד צעקראַץ איך זיך.

— נאַרעלע, די שוויגער האָט דיר צוגעשיקט אַ פּאָר קאַריקוזן ווי די שפּיגלען און טאַקע אַ גוטן איבערבייס מיט אַ ליבן פריינדלעכן גרוס פאַר אַ צוגאָב.

— איי גיי. סע הייבט זיך שוין אָן. — האָט זי אָנגעהויבן שיר ניט מיט אַ וויינענדיקן צעכעסטן קול.

— באַקען זיך, מילקעלע, דאָס איז אַ יידישער „ייד" אַזש פון

סלאָוועשנע. און ער גייט קיין עין־הרע צו פוס אין עושר און אין כבוד דורך סטאַרבעני און דורך סענדעריוועקע אַזש קיין קראַסנע. נו, האָט אים גאָט צוגעשיקט אויפן וועג אַ מצוה צו פאַרדינען און עליע־לייב מיט עליע־לייבעכען האָבן מיט אים צוגעשיקט אַהער אַלע גוטע זאַכן.

— טאַקע? — איז מילקע געוואָרן לאַכנדיק און מיר בעת מעשה אַ שטעק געטאָן די האַנט. — וויַיז נאָר אַ קוק טאָן.

— צוויי שיך אַזוי ווי די צוויי שיינע גאָלדן! דער חתן האָט זיי אַליין אויסגעאַרבעט.

— אוי, וויי, זי רעדט שוין וויַיטער. דו הערסט ניט אויף? אָט נעם איך און וואַרף זיי אַריין גלייך אין אויוון אַריין.

— דער אויוון איז קיין עין־הרע קאַלט ווי אינעם גרעסטן פראָסט און ס׳וועט זיי גאָרניט שאַטן.

— נו, געגוג. גיב, וועל איך גאָר אָפּשניידן אַ שטיקל פלעצל און אַוועקגיין צו די חברטעס.

— רב ייד, — מאַכט זי שוין צו מיר. — אַז איר וועט זיי נאָך אַ מאָל זען, לאָזט זיי גריסן. זאָלן זיי זיך ניט צעיאָגן מער מיט קיין פלעצלעך און מיט קיין שיך. וואָרעם סע וועט סיי ווי גאָרניט זיין.

איך שוויַיג. ס׳מיר גוט אויפן האַרצן, וואָס כ׳בין אין אַ פרעמדער שטאָט, דאָס ערשטע מאָל ביי יענעם אין שטוב און פיל זיך אַזוי היימיש.

מילקע האָט באַשמירט אַ שטיקל ברויט און האָט מיט קינדערשן חן, עסנדיק אויפן וועג, זיך געזעגנט מיט אונדז און אָנגעזאָגט מיר זאָלן נאָך איר שטאַרק ניט בענקען. זי איז אַוועק טאַקע צו די חברטעס און מיר זענען מיט פאַליען אַרויס אויפן גאַניק און זיך אַוועקגעזעצט אויפן טרעפּל אַ ביסל שמועסן.

אָט דאָס איז די אַלטע יורדישע שטוב, פון וועלכער איך האָב אַ סך מאָל געהערט. די מאַמע איז שוין ערב פסח אַוועק אויפן עולם האמת. די פרישע פאַריתומטקייט שוועבט נאָך אַרום איבער די ווינקלען פון די הויכע חדרים און שלום בראָקער מיט דער געלער באָרד און הויכן שטערן, דער אָפּגעשוואַכטער איידעלער ייד, וואָס איז אַמאָל פאַרטאָן געווען מיט גרויסע געשעפטן, זיצט גאַנצע טעג ביי דער אָפענער גמרא און לערנט מיט אַ ניגון, ווי אַ מענטש, וואָס איז אפילו גאָר אויפגעלייגט, כאָטש אין אמתן איז ער שוין זייער אָפּגעשוואַכט אין זיין געזונט. ער גייט שוין ניט אַרויס פון צימער. אַז ער דאַרף אפילו אַ באַדערפעניש, ברענגט מען אים אַריין אַן עמער. וויפל וואָלט ער אָפּגעגעבן, אַז די ווינטן, מיט וועלכע די געדערעם זענען ביי אים אָנגעבלאָזן, זאָלן אַזוי ניט הילכן

איבער דער ליידיקער שטוב. נאָר דאָס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. צו גאָט אַ האָפענונג, אַז אין גיכן וועט ער שוין פון דעם אויך פטור ווערן.

אָך, אַן אייניקל. ווען אַן אייניקל זאָל קומען צו פאָרן, וואָלט ער זיך מיט דעם געשפּילט. ער וואָלט עס אפשר אפילו געהאַלטן אויף די קני, און אַ כמאַרע גייט אַרויף אויף זיין בלייכן פּנים. ער טוט אַזש אַ וויש דעם שטערן (פון יעדער פּיצעלע, אפילו פון אַ מחשבה, באַשלאָגט אים איצט אַ שווייס), און ס'איז אים אַ גרויס רחמנות אויף איטלעכן... די סאַמע עלטסטע טאָכטער, ברכהקע, וואָס וווינט אין קראָסנע, האָט אים געגעבן קיין עין־הרע עטלעכע אייניקלעך. אַלץ געלינקע — דער פאָטער אויסן אויג, נאָר ס'איז איר נעבעך שלעכט. דעם מאַן האָבן באַנדיטן געהרגעט. זיי האָבן געהרגעט נאָך יידן. און ער, אַזאַ שיינער, אַזאַ זיידע־נער יונגערמאַן, איז, נעבעך, אַהין אויך אַריינגעפאַלן און זיין נאָמען איז איצט פאַרשריבן צווישן די, וואָס זענען אַריין אינעם אייביק לעבן. איר, ברכהקען זיינער, איז איצט לעצט־שלעכט, עד ככר לחם (ביז אַ שטיקל אַרעם ברויט). דאָס הייסט, אַז זי פאַרגייט דאָרט מיט די קינדערלעך ממש אָן אַ קאַרטאָפל, אָן אַ ביסן ברויט און ווער שמועסט פון אַ לעפל מילך פאַרן פּיצעלע וועגן. ווי געשריגן, מיר האָבן זיך אוודאי פאַר־זינדיקט צו דעם וואָס לעבט אייביק, אַז מיינע קינדער דאַרפן, נעבעך, אַזעלכס אויסשטיין. די ליידן פון הונגער זענען פיל פּייניקנדיקער ווי די ליידן פון שווערד. און ער רופט אַריין צו זיך דאָס מיטלסטע מיידל.

— פּערעלע, ברכהקען איז שווער... מיט פיר קליינע קינדערלעך...

פּאַליע זיצט און שווייגט. זי קערעוועט זיך נאָר אָפּ פון מאָל צו מאָל, אַז די טרער, וואָס שטעלט זיך אין אויג, זאָל אַראָפּפאַלן אומבאַמערקט.

— פּערעלע, טאָמער דאַרף מען פאַרקויפן אַ האַלבע שטוב און ראַ־טעווען ברכהקען?

ער איז זיכער, אַז ער באַגייט דאָ אַ גרויסע רציחה. די שטוב איז ביי אים דער איינציקער אַנלעג, וואָס דאַרף העלפן די מיידלעך חתונה האָבן. ער איז אַנטקעגן זיי אַ גרויסער בעל־חוב. און איצט די פיר ווענט, די פיר ווענט וויל ער אויך ביי זיי אַוועקרויבן.

פּערל ענטפערט שטיל, זי קען די טרער ניט פאַרהאַלטן.

— טאַטע, — ענטפערט זי — מע קען פאַרקויפן אפילו די גאַנצע, נאָר ס'איז ניטאָ היינט ווער ס'זאָל קויפן...

— ניטאָ ווער?

— אפשר אומזיסט, ווען מע לייגט עמעצן פאַר. אָט־אָ די שוחטקע זי בעט זיך מיט איר פייגעלען אַהער פאַר אַ שכנה.

— די שוחטקע? זי וואָלט וועלן גיין אַהער צו אונדז אין אַלקער אריין? ווען ס׳ניט אַזוי הויל אין שטוב, וואָלט מען זי מעגן אַריינלאָזן פאַר פריילעכקייט וועגן. איין ביסעלע וועלן מיר נאָך אפשר צווואַרטן.

און אַ באַהאַלטענע דאַנקבאַרקייט צום טויט, וואָס וועט זיך שוין לאַנג ניט לאָזן בעטן, קוקט ביי אים אַרויס פון די אויגן. זיי ווילן ניט קיין איבעריקע איינגייער, קיין איבעריקע פרעמדע מענטשן. סע איז אפשר ניט רעכט, אַז אַ פרעמד אויג זאָל זען ווי אַ שטוב מיט פיינע קינדער גיבן אויס אַזוי פיל כוחות אויף דורכצוקומען מיטן הונגער.

— און ווען מיר נעמען איבער וואַוועלען אַהער?

— דאָס קען מען! — ענטפערט פאַליע מיט אַ טאָן פון באַקלערטקייט. דאָ וועט אים אַוודאי זיין בעסער ווי דאָרט. ער וועט זיך אַרומלויפן אין סאָד און אויפקלייבן אַ פאַר שאָלקאָוויצעס.

— לאַנג לעבן זאָלסטו, טאָכטער! — און ער טוט זיך ווייטער אַ וויש דעם נאָסן שטערן מיט דעם אַלטן רויטן טיכל, כאָטש דאָס פּנים איז צעשמייכלט. ער פילט, ער האָפט, אַז אינעם קינדס מזל וועט גאָר די גאַנצע שטוב ווערן פריילעכער און ברכהקען וועט דאָרט אויך זיין גרינגער.

— גוט, — האָט זיך פאַליע אויפגעהויבן אויף אַוועקצוגיין. — דער לערער פאַרט, דוכט זיך, איבערמאָרגן קיין קראָסנע, וועל איך אַהין קענען איבערזאָגן, זי זאָל צושיקן וואַוועלען צו אונדז כאָטשבי אויף אַ חודש.

— דו גייסט שוין אַוועק?

— ניין, איך גיי אַ קוק טאָן, אפשר זענען דאָרטן אויפגעזאָדן די עפל, וועל איך דיר ברענגען.

און שלום בראָקער האָט די מידע אויגן ווייטער אַראָפּגעלאָזט צו דער גמרא.

גיי טרעף, אַז עפל זענען אַ נמאסע זאַך, אַ קללה, אַ מאכל וואָס מע שלאָגט עס קוים אַריין אין האַלדז און סע קריכט צוריק.

יאָ, יאָ. סע גיט אַזעלכס אויך אין לעבן, אַז עפל זענען אַ קללה. זעקס זומערדיקע טעג אין וואָך און אַ מאָל אַלע זיבן, אַז סע קומט אויפן טיש ניט קיין שטיקל ברויט. ניט קיין ווייצנס, ניט קיין קאָרנס, אַז די טעפּלעך זעען אין זיך ניט קיין גרויפּ. און ס׳נאָר דאָ אַ שפּענדל אויף צעפירן פייער. ס׳איז דאָ וואָסער, וואָס מע קען ברענגען פונעם שכנישן ברונעם און אַ פאַר גרינע ניט קיין צייטיקע עפל, וואָס מען קען אָנקלייבן ביי זיך אין סעדל אונטער די ביימער. יאָ, אויב אַזוי, איז שוין קיין ווונדער ניט, וואָס די ביימער ווערן אָן זייער חן און די עפל — זייער טעם.

נאָר אַזוי ווי דאָס אַלץ איז אַזאַ זאַך, וואָס מע צעקלינגגט עס ניט פֿאַר לייטן, דערום קען איך וועגן דעם ניט וויסן אויך. ניט עמעצער האָט עס מיר דערציילט, ניט עפּעס האָט עס מיר געשטופּט אין די אויגן. דער צימער, ווו דער טאַטע לערנט, איז אַ זייטיקער. קיינער געפֿינט ניט פֿאַר נויטיק מיך פֿירן אַהין מיט אים זיך צו באַקענען. חוץ אַלע זאַכן בין איך פֿאַר אים אַ קליינער יחוס. גאָרניט. אַז איך בין געקומען, בין איך געקומען.

זיצן מיר זיך מיט פֿאַליען אין גאַנעק אויף אַ טרעפּל און מיר פֿאַר־ברענגען. ס'איז אַ זומערדיקער אויפֿדערנאַכט און נאָר אַ מאָל איבער אַ שאָרך, אָדער אַ סימן, וואָס איך באַמערק אים אפֿילו ניט, כאַפּט זיך מיין שכנה אויף, לויפֿט אַוועק אויף אַ רגע צום שלאָפֿן. אַ מאָל גייט אַזוי אַוועק אַ יונגע מוטער אַ קוק טאָן צי איר קינד שלאָפֿט, צי האָט ער זיך ניט צעדעקט און זי איז באַלד אין אַ רגע אַרום דאָ צוריק און מיר קענען זיך פֿאַרזעצן אונדזער געמיטלעכן שמועס.

די שטאָט שלאָפֿט שוין. און אפֿילו דאָס שוועסטערל, וואָס איז געקו־מען פֿון די חברטעס, האָט זיך שעמעוודיק דורכגעדרייט אין דער פֿינצ־טער, אַ ביסל זיך באַקענט מיט מיר, אַ ביסל נאָך ניט, און מען מעג קלערן, אַז זי שלאָפֿט שוין אויך.

---

דאָס פּלעצל, וואָס איך האָב געבראַכט פֿון עליע־לייבן, דאָס שטיקל פּוטער אינעם בערעסטן פּושקעלע, ווי אויך די פּאָר פּראָסטע מיידלשע קאָריקוזן, האָבן ווירקלעך עפּעס אין שטוב אַריינגעבראַכט. אין אַ שטוב, ווו ס'איז אַלץ הויל, איז אַ ברעקל, איז אַ סקאָרינקע אויך אַ יש. און דערפֿאַר האָט מיך טאַקע אַ ביסל געאַרט, וואָס מיר איז ניט געקומען אַנטקעגן ניט די דערפֿרייונג, אויף וועלכער איך האָב זיך אַ גאַנצן וועג גערעכט, ניט די וואַרעמע, זאָל זיין אפֿילו אויפֿגעהאַלטענע, דאַנקבאַרקייט, סיי צו דעם פּראָסטן יידן עליע־לייבן, סיי צו מיר.

נו, אויב ניין — איז ניין. אַז ס'איז ניטאָ, וועסטו עס פֿון זיך ניט מאַכן. מסתּמא זענען זיי אַזעלכע מענטשן. זי האָט זיך נאָר דערפֿרייט, פֿאַליע, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז איך גיי קיין קראָסנע, וועט זי טאַקע מיט מיר אָנזאָגן, אַז די שוועסטער זייערע זאָל צושיקן וואָוועלען אהער. און אויב איך וועל גיין צוריק אויף סענדעריווקע, אויב ס'מיר ניט שווער, וואָלט געווען אפֿילו גוט, אַז וואָוועלע זאָל גיין מיט מיר צוזאַמען.

איצט האָבן מיר געגעסן אין דער פֿינצטער וועטשערע. אויפֿן טיש

איז געלעגן אַ היפּש אַנגעהויבענער פּלעצל און אַ גרויס שטיקל פּוטער. ווערליק מיר זיצן דאָ נאָר אין צווייען, וואָלטן מיר זיך מעגן פאַרגינען שניידן גרויסע שטיקער פּלעצל און שמירן גראָב מיט פּוטער. ביי זיך פון טאַרבעלע האָב איך נאָך דערלאַנגט קעז.

— אָט דאָס איז פון יענער שוואַרצער בהמה — האָב איך געזאָגט. — פון וועלכער מיר האָבן גערעדט.

— ווען איך האָב אַזאַ בהמה, — האָט פאָליע שטיל ווי אומגערן אַ זאָג געטאָן, — וואָלט איך געבעטן ראָזענשטיינס מיידלעך, זיי זאָלן זי מיר אַראָפּנעמען אויף אַ קאַרטע!

זי האָט עס אַ זאָג געטאָן אַזוי ווי אין אַ שפּאַס, נאָר דאָך איז אין דעם געווען אַ סך ערנסט. פון אונדזערע רייד האָט זי געוווסט, אַז די בהמה איז ביי מיר עפּעס מער ווי אַ שטומע צונג. אָט די בהמה, וואָס גייט מיט אַלע בהמות אויף פּאַשע און עסט, דוכט זיך, גראָד גלייך ווי אַלע, האָט דאָך אין זיך עפּעס מער נשמה, מער גייסט. זי איז מיר געבליבן פון דער צייט, ווען איך בין געווען אין איינעם מיט בוזיען. ווען ס'איז אונדז אין איינעם געווען זייער גוט. דער זעלבער אייזיק האָט דענסטמאָל קיין שום מעגלעכקייט ניט געהאַט צו קלערן, אַז ער איז גאַרניט, אַז ער איז נישטיק, אַז ער קען עמעצן זיין נמאס אין די אויגן. און פאר וואָס עפּעס עמעצן? פאַר וואָס ניט זיך אַליין!..

אַ ביסל האָבן מיר געמוליעט די שיך. 25 ווערסט, אפילו אַז מען גייט זיי פּאַמעלעכן זענען זיי אויך 25. ווייטער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז טאָמער הערט זיך פון מיינע פיס: שווייס, דזשעגעכץ, שטויב. מיר האָבןביידע געשוויגן וועגן גיין צוריק אויפן גאַניק. ס'איז שוין טאַקע שפּעט אויך. אַן אַנדערש מאָל וואָלט יעדער פון אונדז שוין לאַנג געשלאָפן. נאָר איצטער זשאַלעווען מיר, קענטיק, איינלאָזן אַזאַ געלעגנהייט, וואָס מאַכט זיך אונדז ניט אַזוי אָפט.

מיר זיצן שוין צוריק אויפן אינעווייניקסטן טרעפּל פון זייער גלעזערנעם גאַניק. ס'איז קיל, טוליען מיר זיך איינס צום צווייטן און מיר שוויגן. מיר שווייגן, ווייל עפּעס אינעווייניק אין האַרצן איז אפשר יעדן פון אונדז ניט שיין, וואָס מיר טוען אַזוי. מיט אונדזערע שעפּטשענדיקע רייד, מיטן שטילן אויסדערציילן איינס פאַרן צווייטן אַלץ פון אונטערן האַרצן, האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט איינע פאַרן אַנדערן ווי ניט אַביי ווער און איצט טוליען מיר זיך איינס צום צווייטן גאַנץ געוויינלעך. מיר ווילן געניסן פון וואַרעמקייט. מיר האָבן ערשט געגעבן דעם מויל עסן, איצט קענען מיר ניט אָפּזאָגן אונדזערע פאַרשעמטע לייבער אין אַ קאַפּעלע

געגנבעטער וואָרעמקייט, וואָס שטראָמט פון מאַן צום ווייב און פאַרקערט. יאָ. נישט געקוקט אויף אַלע צרות, אויף אַלע אומברחמנותדיקע קלעמענישן בלייבן מיר אין לעצטן סך־הכל סיי ווי פרוי און מאַנסביל, מיידל און יינגל.

ס'איז אפשר ניט שיין פאַר מילקעלען, וואָס מיר זיצןביידע אַזוי שפּעט אויפן גאַניק. וואָס איז? זי איז אַזאַ קליינינקע. איר קאַפּטעלע איז ניט געווען הויך און אויפגעהויבן לעם דער יונג־מיידלשער ציפּקער ברוסט, אירע באַקן רויטלען זיך ניט פון אַ בחורישער אַנצוהערעניש. וואָס איז? 16 יאָר, 17 יאָר איז אַ קלייניקייט?

נאָר פאַליע, פילנדיק, ווייזט אויס, מיינע געדאַנקען, זאָגט מיר שטיל, זי רוימט מיך איין, אַז מילקע, מיר זאָל זיין פאַר אירע אברים, שלאָפט און סע חלומען זיך איר ליכטיקע חלומות. זי האָט זיך אַנגעלאָפן מיט די חברטעס און דערצו נאָך פאַרביסן מיט אַ זאַטער וועטשערע.

— די עליע־לייבס זענען דווקא ווילע מענטשן, — הער איך ווייטער ווי איר קול גייט צו מיר ערגעץ פון אנדערע, פון זייטיק־אינעווייניקסטע קעמערלעך. דאָס זענען אַזעלכע קעמערלעך, וואָס לאָזן אַרויס דעם מענטשס קול אַ צעחלשטן, אַן אַנגעדראָלענעם, מיט א סך אַפּהענטיקייט און מוט־לאָזיקייט אפילו ביי פראָסטע מענטשן.

— נאָר, — דערציילט זי מיר ווייטער שטיל און איך פיל איר אָטעם ביי זיך אויף מיין הוילן האַלדז און דערפאַר קלאַמערט עס מיינע הענט נאָך שטאַרקער אַרום. — נאָר, — דערציילט זי מיר שטיל — זיי וואָלטן וועלן אונדזער מילקען פאַר אַ שנור. זיי האָבן יינגלעך, האָבן זיי. פשוטע יינגלעך. ערלעכע און שטילע, אַזוי ווי דער פאָטער זייערער. זיי זענען ווייטע קרובים אונדזערע און זיי שטאָלצירן מיט אונדזער יחוס.

איך האָב ניט געפרעגט, „פאר וואָס זשע טאָקע ניט?", נאָר ס'איז געווען אַזוי ווי געפרעגט, און פאַליע האָט מיר דערציילט, אַז מילקעלע האָט זייער אַ גוטן קאָפּ און אַ גרויסן גלוסט צום לערנען. זי וועט ניט פאָרן קיין סטאַרבעני חתונה האָבן אין האַרבאַרניע אַריין. זי וועט זיך אויסטאַרען און אפשר וועט זיך וואָווע — דער ברודער — אויסטאַרען, זי זאָל פאָרן אין א גרויסער שטאָט אַריין לערנען.

— זי איז שוין געווען, — הער איך ווייטער פאַליעס שטיל קול. — זי איז שוין געווען אין קראָסנע.

און איך הער עפּעס פּרטים, איינצלהייטן אַזעלכע, וואָס כאָטש מען קען זיי אַ מאָל דערציילן אויף אַ שטילן געוויינלעכן אופן, דאָך ווערט פון זיי זייער סטראַשנע און ס'גייט דורך אַ גרויל איבערן לייב.

— מילקעלע איז געווען אין קראָסנע ביי דער שוועסטער, ווו איר

וועט מאַרגן זיין, יענע איז נעבעך זייער אומגליקלעך.

און איך ווייס שוין, דאָס איז די שוועסטער, ביי וועלכער מען האָט געהרגעט דעם מאַן. אַ יונגן, אַן איבערגעגעבענעם טאַטן, און אין שטוב זענען געבליבן פיר קינדערלעך. מילקע איז דאָרט געווען אַ פּינפּטע. לערנען האָט זי זייער ליב, נאָר ס'ניטאָ וואָס צו עסן און ס'ניטאָ וואָס צו געבן די קליינע קינדער. און אַט דאָס וואָס אין וויגעלע, איז זייער שלאָף און ברכהקע האָט עס ניט מיט וואָס צו זויגן. וואָס טוט מילקע, זי לערנט נאָך גאַנצע נעכט אין קיך אויפן אויוון לעם דעם טשאַדנדיקן קאַנעצל און אין מיטן ביי נאַכט קריכט זי אַראָפּ און גנבעט אַרויס דריי פיר קאַר־טאָפל פון אַ שכנהס קעסטעלע און לייגט זיי איבער צו ברכהקען אין קעסטעלע. אין דער פרי, ברכהקע שטייט אויף מיט אַ דערשלאָגענעם געמיט, וואָס וועט זי טאָן, אַז אומעטום איז הויל און אויסגעבלאָזן און אין מיטן דרינען דערזעט זי, אַז זי האָט נאָך אַן אוצר: אין קעסטעלע ליגט איר פיר קאַרטאָפל, וועט זי זיי צעשיילן, צעבראָקן אויף קליינע שטיקעלעך און אָפּקאָכן אַ קוליש. אויב אַ שכנה וועט נאָך לייען אַ טראָ־פּעלע זאַלץ אויף צוזאַלצן, וועט שוין גאָר זיין גוט.

— ביסט אַ מבין — זאָגט ברכהקע ביים אָנבייסן צו מילקען, — איך האָב גאָרניט געוווסט, אַז בראַצקי איז צו מיר ניט גלייך. אין קעס־טעלע האָבן זיך פּארוואַלגערט גאַנצע פיר קאַרטאָפּליעס. קום, וועסטו אָפּעסן אַ ביסל וואַרעמען געקעכץ...

נאָר מילקע קען זיך ניט אָפּרייסן פונעם ביכל. אינעם ביכל זעט זי, אַגב, ניט די געאָמעטרישע פיגורן, נאָר זי זעט פאַר זיך קעסטעלעך מיט קאַרטאָפל. און זי איז זיכער, אַז סע וועט אייביק ניט זיין אַזוי. די קינדער וועלן אונטערוואַקסן, ברכהקען וועט ווערן גרינגער. (אפשר וועט זי גאָר ביי זיך פועלן די קינדער אָפּגעבן אין אַ קינדערהויז און אַליין אַוועק אַהין פאַר אַ קעכין אָדער אויף אַן אַנדער אַרבעט). זי, מילקע, וועט אונטערוואַקסן און ווערן אַ דאָקטערשע אָדער אַ כעמיקערין. זי וועט גיין שיין אָנגעטאָן, צו איר וואָרט וועלן זיך די מענטשן צוהערן און דאַן וועט זי אַראָפּקומען אַהער קיין קראַסנע און פאַר יעדער קאַרטאָפל, וואָס זי האָט צוגעגנבעט אין די שפּעטע ביינאַכטן, וועט זי אומקערן לימענעס און מאַראַנצן פאַר די קינדער און אייניקלעך וועגן, און זי וועט זאָגן:

— נעמט אייך אָפּ, מיינע טייערע, דעם חוב, ווייסט, אַז איך האָב ניט געגנבעט, איך האָב נאָר געליגן, און נאָך אַ זאַך זאָלט איר וויסן, אַז וויפל איר האָט דענסטמאָל געזען, אַז ס'איז אונדז שלעכט, האָט איר

נאָך ניט געוווּסט אפילו קיין חלק. ביי טאָג האָט איר געהערט ווי איך לאַך, ווי איך שפּאַס, ווי איך וויש דעם פּאַל, ווי איך שייער דאָס געפּעס, נאָר געוויינט האָב איך אויפן אויוון לעם קאַנעצל. אוי, געוויינט. ביי נאַכט, ווען קיינער האָט ניט געהערט. און נאָר מיינע ביכלעך האָבן איינגעזאַפּט אין זיך אַלע טרערן און זיי האַלטן זיי טייער. זיי וועלן זיי קיינעם ניט אָפּגעבן און פאַר קיינעם ניט אַרויסגעבן.

— און פון וואַנען ווייסטו עס אַלץ? איר רעדט אַ מאָל פון דעם?

— רעדן, רעדן מיר פון אַלץ, נאָר ניט פון דעם. פון דעם איז זייער שווער צו רעדן... איך האָב עס אומגערן אויסגעלייענט אין אירע טאָג־ביכלעך.

פּאַליעס קול ווערט אָפּגעשוואַכטער. מיינע ליפּן טאַפּן אָן אויף אירע באַקן טרערן. כאָטש זיי זענען נאַס און געזאַלצן, זענען זיי דאָך געשמאַק פאַר זייער אמתדיקייט.

— און פייגל דעם רבס? — פרעג איך.

געווען דאָ אַ מיידל. איך האָב זי ניט געקענט, נאָר איר נאָמען האָט געקלונגען אויף דער געגנט. זי איז פיל מאָל געווען אַרעסטירט, ניט איין מאָל פאַרשיקט. איר טאַטן, דעם רב, האָבן פּאַליציי־לייט ניט איין מאָל אָנגעטאָן דעם כבוד און געקומען צו אים אַזש פון קראַסנע און אַ מאָל אפילו פון זשיטאָמיר אַליין. אָט די אַ פייגל האָט זיך אָפּט געקריגט מיט דער וועלט. איצט, ווער ס'הערט פון איר, ווייסט, אַז איר שטים קלינגט שוין אין גאַנצן אַנדערש. די וועלט ווערט איבערגעמאַכט, אמת, ניט דורך אַזעלכע ווי איך און ווי פּאַליע. אָבער פייגל און אירע חברים, אַזעלכע ברענענדיקע מענטשן, האָבן אין דרינען אַ גרויסן חלק. ווען איר גלוסט זיך אויספרעגן אַלץ. זי האָט דאָך דאָ צווישן די היגע מיידלעך געלעבט און אפילו געווען חבר! נאָר דערויף האָב איך קיין ענטפער אין יענעם זומערדיקן פאַרטאָג נישט געקראָגן.

---

ניט געקוקט דערויף, וואָס איך בין קיין סך ניט געשלאָפן, בין איך דאָך אויפגעשטאַנען מיט אַ קלאָרן קאָפּ. איין זאַך האָט מיך נאָר אַ ביסל געוווּנדערט. ווערדליק מען זאָל מיך פרעגן, בין איך שוין מיט די מענטשן גאָר נאָענטע, אייגענע, פאַר וואָס זשע, האָב איך אין דער פרי געטראָפן די גאַנצע פרעמדקייט פון נעכטן פאַר נאַכט. אַ פרעמדקייט, וואָס דערמאָנט מיר, אַז איך בין נאָר אַ דורכגייער, אַ צופעליקער אורח אויף נאַכטלעגער. אַז ער וועט פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר, וועט ער

נאָך זיך גאָרניט לאָזן און מען וועט פון אים ניט געדענקען, ווי ער וואָלט דאָ קיין מאָל ניט געווען.

אין לייטישע הייזער דאַרף טאָקע אַזוי זיין. צי ס'איז נאָר אַן אָנ־שטעל? אָבער ווי די מעשה זאָל ניט זיין, גיין דאַרף מען.

איך האָב געזאָגט אַ גוטן טאָג. פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך. אויבּ סע וועט מיך באַגעגענען אויפן וועג אַ רעגן, וועלן זיי זיך אָדער דערמאָנען אין מיר, אַז איך גיי נאָר אין איין פּידזשאַקל און וועל זיך ניט האָבן וווּ צו באַהאַלטן, אָדער זיי וועלן אין זייער טאָג־טעגלעכער שטוביקייט עס אין גאַנצן ניט געדענקען.

פונדעסטוועגן בין איך צופרידן, וואָס ס'איז כמאַרנע אין דרויסן. כאָטש ניט אַזוי הייס צו גיין.

דורך וואָגנען גייט מען דאָ אַרויס אויפן שליאַך קיין קראַסנע, האָב איך זיך געשעמט אין שטוב צו פרעגן. און זיי איז אויך ניט איינגעפאַלן מיר עס צו זאָגן. איך בין אַוועק פּשוט מיט דער גאַס, וווּ יענער לערער האָט געוווינט, לענג־אויס די פּלויטן. על פּי שכל קומט עס אויס ריכטיק. ווי באַלד איך וויל ניט גיין צוריק קיין סטאַרבעני, דאַרף איך גיין אין דער ריכטונג וווּ איך דערווייטער זיך פון סטאַרבעני. על פּי שכל איז דאָס ריכטיק, נאָר אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ טעות. דער וועג קיין קראַסנע ליגט גאָר פאַרביי דער שטוב, מיט וועלכער איך בין פונדעסט־וועגן געוואָרן היימיש, און אפשר טאָקע אַ ביסעלע פריינד.

אויך פאַרביי זייער שטוב דאַרף איך גיין אין דער רעכטער האַנט און נישט אין דער לינקער, ווי איך האָב עס נאָר וואָס געטאָן.

איצטער גיי קער זיך אום. זיי מוחל און בעט גאָט, סע זאָל דיר אָפּגליקן, אַז קיינער זאָל דיך פון פענצטער ניט דערזען. אויף יעדן פאַל האָב איך דערווייל צוגעגרייט אַ תירוץ, אַז איך האָב זיך אומיסטן אומ־געקערט, איך וויל פּינקטלעכער איבערפרעגן זייער שוועסטערס אַדרעס אין קראַסנע.

איך זאָל זאָגן דעם גאַנצן אמת, האָב איך שוין אַ ביסל אָנגעווווירן דעם חשק צו דער נסיעה. ערשטנס, וואָס האָב איך דאַרטן צו טאָן? ווער קען מיך און וועמען קען איך דאָרטן? צווייטנס, האָב איך נאָך די שטוב, מיט וועלכער איך וויל און איך קען ווערן פריינד, כמעט ניט געזען ביי טאָג. געזען האָב איך זי נאָר ביי נאַכט, און די נאַכט האָט אין זיך אָפּט אַזאַ טשאַד, אַזאַ פאַרמאַראַטשעטקייט, אַז אַ סך זאַכן וואָס מען נעמט אויף ביי נאַכט אַזוי, זעען אויס ביי טאָג אין גאַנצן אַנדערש. נאָר איך האָב דאָך געזאָגט, אַז איך גיי קיין קראַסנע, מיינען לייטן, אַז

איך האָב דאָרט אַ טועכץ. וועלכער קלאָרער מענטש וועט זיך דען לאָזן צוליב שלינג־און־שלאָנג־זאַכן גיין וועלכע 35 אָדער 40 קילאָמעטער צו פוס? כאָטש איצט, ווען איך וויל, האָב איך שוין דאָרטן אַ שטיקל ענין אויך. אמת, דער ענין האָט זיך מיר ערשט געמאַכט אונטערוועגנס, נאָר דאָס מאַכט ניט אויס: איך וועל דאָך ברענגען אַהער דעם קליינעם גלעזל יאַטעלע, דעם פּלימעניקל זייערן... זיי האָבן מיך געבעטן, אַז איך וועל נאָר קענען...

ווי דען? פאַר וואָס זאָל איך עפּעס ניט קענען? איך האָב דען דאָרטן בילכערע געשעפטן? נישקשה, סע וועט שוין זיין רעכט.

אַ ביסעלע איז עס מיט מיר מאָדנע טאַקע. אויב אַנדערע מענטשן קומט אויס זאָגן ליגנס צוליב עפּעס, כדי עפּעס אויסנאָרן, עפּעס געווינען, עפּעס צוכאַפּן, קומט מיר אויס זאָגן ליגנס צוליב גאָרניט. דער טאַטע וועט מיך קאָלט אַ פרעג טאָן, נאָך וואָס בין איך געגאַנגען קיין קראַסנע, וועל איך אים ענטפערן קורץ: „איך האָב געדאַרפט". ער וועט אוודאי מיינען, אַז איך האָב זיך געדאַרפט זען מיט אַ מענטשן וועגן דעם סאַיוז (פּראָפּפּאַראיין), ווו איך האָב מיט חדשים צוריק געאַרבעט. און דעם סאַיוז האָט ער ניט ליב, וועט ער מער ניט פרעגן. באַקאַנטע, אַז זיי פרעגן מיך, קום איך אויך אָפּ מיט שהי־פּהי. און צוליב וואָס דאַרף איך עס?

אבי אויסטראַכטן ליגנס, וועלכע איך האָב ניט ליב.

אָט איז מיר אָנגעקומען אַ דאָרף אַנטקעגן. איך קוק אים אין די אויגן. אַ גרויסער דאָרף, מיט אַ לאַנגער, לאַנגער גאַס, וואָס וויל זיך גאָר ניט ענדיקן און איך ווייס אים אויך ניט וואָס צו ענטפערן. (אַ מיט־גייער וועט מיך געוויס נעמען פרעגן):

— זוויטקעליאַ טשאָלאָוויק? (פון וואַנען איז אַ מענטש?)

— ז׳סלאָוועשני... (פון סלאָוועשנע).

— אַ קודי צע סאַמע אידעמאַ? (און וווהין גייסטו?)

— דאַ קראַסנאַהאַ. (קיין קראַסנע).

ערשט דאָ ווערט יענעם אַ חידוש די מעשה. קיין קראַסנע האָב איך דאָך געקענט גיין דורך פּאָקאָליאַוו, וואָלט איך דאָך איינגעשפּאָרט כ׳ווייס וויפל וועג.

— נו, יאָ. — ענטפער איך, — נאָר איך האָב געמוזט פאַרגיין קיין סטאַרבעני און קיין סענדעריוווקע.

— אַ־האַ! אויב אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש.

און איך ווער ביי יענעם אַ סך חשובער אין די אויגן, וואָרעם דאָס, וואָס איך רעד, איז ניט פון וועג. איי, ס׳איז אַ ליגן? נו, דאָס וועל

איך דאַרף ניט גיין יענעם דערציילן.

דורך יענעם דאָרף, אַז איך בין געגאַנגען אין צווייען איז מיר טאַקע געווען פריילעכער. דערפאַר בין איך דורך שאַלאַמקע געגאַנגען איינער אַליין. איז מיר אַרויסגעפאַלן דאָס געזונט. פון דער זייט וואָלט מען געקענט מיינען, אַז איך האָב ניט קיין מורא פאַר קיין הונט, אַז ס׳שרעקט מיך קיין שטיינדל (וואָס אַ יאָטל וועט אַ וואָרף טאָן דורך אַ פלויט גלייך מיר אין קאָפּ אַריין.) איך מאַך דעם אַנשטעל, אַז אַזעלכס קומט מיר גאָר ניט אויפן זינען, אָבער דער פּחדנישער געמיט טאַטשעט אין אַזעלכע רגעס ווי ער קען נאָר. פאַר וואָס נאָר אַ הונט? פאַר וואָס נאָר אַ שטיינדל? ס׳קען זיך נאָך טרעפן ערגערס. אין אַן אַנדער דאָרף קען מען זיך נאָך אָנשטויסן אויף אַ רעשטל פון אַ באַנדע און דערנאָך זאָל מען שיין אויסזען...

איז שוין גוט? און פונדעסטוועגן בענקט זיך צום דאָרפישן הויף, צו דער טונקעלער הויז, וואָס שמעקט מיט תבואה און מיט פּראָסטן לייוונט. ווייטער דוכט זיך, אַז די מיידלעך און די בחורים דאָ אין די דאָזיקע ערטער האָבן אין זיך עפּעס אַ באַזונדער מין קרעפּטיקייט, אַ באַזונדער מין שיינקייט, פריילעכקייט, אויף וועלכער ס׳איז גאָר ניט שווער צו מקנא זיין. אָט־אָט קענט איר ביי מיר פועלן, איך גופא זאָל זיך באַזעצן אין אַ דאָרף, זיך איינשרייבן צו זיין אין קהל און ווערן אַ דאָרטיקער תושב. ניט טרוימען וועגן קיין שטאָטישע באַקוועמלעכקייטן, מיט איין תנאי, אַז עמעצער זאָל מיר נאָר צוזאָגן, אַז איך וועל ווערן אַזוי פעסט, אַזוי קרעפּטיק, אַזוי זיכער און לעבנסטלוסטיק ווי זיי. סע קען זיין, אַז זי, אָט די דאָזיקע סענדעריוקער מיידל, וואָלט מיר אויך מוחל געווען אַזאַ שריט און אפשר זי, די איינציקע, וואָלט עס ניט געהאַלטן פאַר קרום.

---

נאַריש, טאַקע נאַריש ביז גאָר. פאַר וואָס האָב איך ניט אויפגעגעבן פאַליען, זי זאָל גיין מיט מיר צוזאַמען קיין קראָסנע? זי וואָלט דאָך עס געקענט טאָן מיט אַלע כבודן און מיר וואָלטן אַציגד אַזוי רחבותדיק געשפּאַנט האַנט ביי האַנט איבער דעם ברייטן ליכטיקן שליאַך: איינס, צוויי! איינס, צוויי!

אָט אַ פליט אַ בושעל און ס׳קומט אויס, אַז ניט ער פליט, נאָר ער רוט אין דער לופטן. ס׳איז אין אים אַנגעצויגן עפּעס אַן אינעווייניקסטע פרוזשינע און איצט פאַרשפּאַרט ער שוין מאַכן מיט די פליגל.

עפּעס אַן אַנדער כּוח פון דער אָנגעצויגענער פּרוזשינע העלפט אים זיך האַלטן אין דער לופטן. ניט נאָר זיך האַלטן, נאָר אפילו זיך באַוועגן אַהין וווּהין סע ציט אים. און ציען ציט אים איצט צו זיין חברטע. ווען פֿאַליע גייט איצט לעם מיר, וואָלטן מיר אפשר אַ סך זאַכן דערשמועסט וואָס מיר האָבן נעכטן ניט געקענט און ניט געהאַט די מעגלעכקייט אַרומצורעדן. אַז בוזיע זאָל מיט מיר גיין ביינאַנד, איז שוין ניט קיין מעגלעכע זאַך. דאָ איז שוין אַלץ פֿאַרפֿאַלן, און ס׳וועט מיר גאָרניט העלפֿן, איך זאָל זיך אפילו אויסציִען. וואָס זשע קען איך יאָ? איך קען גיין מיט פֿאַליען און רעדן פון בוזיען... פֿאַליע קען מיר דערציילן פון אירע אומגלויבלעכע מענטשלעכע ליידן, זי רעדט וועגן דעם אַזוי רויִק און שטיל, אַז אַ זייטיקער קען מיינען, אַז מיר רעדן גאָר פון איך ווייס וועלכע געמיטלעכע זאַכן.

איך, פון מיין זייט, וואָלט פון ס׳ניי דערציילט פֿאַליען פון בוזיען, פון מיין שוועסטער פריידקען, פון רחלען, פון מיין טאַטנס שטוב און...

אַט־אָט איר, בעסער ווי ווען ס׳איז, וואָלט איך מעגן אָפּן און פּראָסט אויסזאָגן, ווי אָפּהענטיק און נישטיק איך פיל זיך די לעצטע צייט. מיט איר האָבן מיר שוין פון די זאַכן צו ביסלעך גערעדט. דאָ איבערן ליכטיקן שליאַך, וואָלטן מיר זיך ביידע געשפּאַנט און ווער וואָלט צו אונדז גלייך געווען?

ס׳איז דאָך אַזוי גוט זיך באָדן מיטן גאַנצן וועזן אין אַזאַ פרייקייט און אַזאַ זאָרגלאָזער זומערדיקייט פון גאָלע דרויסן, פון גאָלע ליכטיקייט.

איינס, צוויי! איינס, צוויי! און אַזוי ביז די ברעגן פון דער אייביקייט, ביז די ענדלאָזע רחבותן.

---

לאָזט זיך אויס, אַז דער קאָזיאַנער רב באָרסקי (דאָס הייסט, דער געוועזענער קאָזיאַנער ראַבינער. איצט איז ער אַ לערער פון רוסיש אין דער זיבניאָריקער שול) קען מיך, ער האָט געהערט פון מיר. נאָך מער. ער ווייסט אפילו, אַז איך שרייב. און וועגן שרייבן האָט ער מיר וואָס צו דערציילן. ער וויל מיר דערציילן וועגן די גרויסע טראַדיציעס פון גרויסע, טאַקע גאָר גרויסע שרייבער. ער אַליין קען אפילו פּערזענלעך איינעם אַ נישקשה פון אַ שרייבער. מילא, פון יענעם איז דאָך ניט שיין צו רעדן, יענער האָט זיך דאָך כּסדר געדרוקט אין דער „ביוואָ"...

— קומט, קומט! קומט אַריין צו מיר, מירן זיצן אַ ביסל. מיר שוין שמועסן אַ ביסל.

און איך גיי אַריין צום אַלטן מאַן מיט דער שטשעטינענדיקער באָרד, דעם ראַבינער, וואָס האָט אַ מאָל געהאַט אַ פֿרוי, אַ שטיק יידישע פּריצטע. (איצט האָט ער זי שוין ניט). ערגעץ ווייט אין דער וועלט זענען ביי אים דאָ דערוואַקסענע קינדער. זיי פֿאַרנעמען, — זאָגט ער, — ביי דער נייער מאַכט גאָר אַ גרויסן אָרט. נאָר ער גופא איז ביי היינטיקן טאָג אַליין און לעבט ווי אַ כאָלאָסטיאָק.

ביי מיר איז זייער אָנגעלייגט, וואָס ער רעדט מיט מיר, נאָר איין קליין שטיקעלע חשד סמט מיר אָפּ דעם פֿאַרגעניגן פֿון פֿאַרברענגען מיט אַן אַלטן געבילדעטן מענטשן.

מיר פֿאַלט איין אַ חשד, אַז ער דאַרף מיך ניט אַזוי צוליב מיר, ווי צוליב זיך. אים ווילט זיך כאַפּן אַן אויער, וואָס זאָל אויסהערן ווער ער איז, וואָס ס׳האָט פֿון אים געקענט ווערן, ווען ער וואָלט ניט געבוירן ווערן קיין ייד, און וויפֿל ער ווייסט. ער ווייסט דאָך טאַקע אַ וועלט. וואָס איז? אין גאַנץ קראַסנע קען ער דען געפֿינען אַ מענטשן, מיט וועמען מען זאָל זיך קענען דורכרעדן? אייסעך וואָס!

איך האָב מורא. מיר לויפֿט דורך אַ געדאַנק, אַז דאָ אין קראַסנע איז ער שוין איטלעכן גוט נמאס געוואָרן און מיינער אַ באַקאַנטער, וואָס האָט מיך דערזען גיין מיט אים, האָט אויף מיר געקוקט פּשוט מיט רחמנות: דו וועסט זיך שוין מירצעשעם אָפּנודיען די פּאָר שעה... נאָר מיך אָרט עס פֿונדעסטוועגן ווינציק.

ס׳וואָלט גאָרניט געווען שלעכט, קלער איך, ווען אַזאַ מענטש, וואָס שלאָגט זיך צו מיר אַליין אָן, ווען ער ווינט מיט מיר אין איין שטאָט. ער וואָלט דאָך מיר זייער פֿיין צו נוץ געקומען. אָט אפילו מיר זאָלן נעמען רוסיש. בין איך דען ניט אומגעגאַנגען אַ טאָג איבער אַ טאָג פֿאַר פֿינף ווערסט קיין בעהון צום אַלטן לערער, וואָס אָן דעם פּוס, ער זאָל מיט מיר לערנען רוסיש? בפֿירוש געווען אַ גרויסער קענער און ער האָט בפֿירוש אַרויסגערופֿן צו זיך פֿיל אַכט. ער האָט מיך געלערנט געטריי און מיר געגעבן לייענען שרייבער, פֿון וועלכע כ׳האָב ס׳ערשטע מאָל געהערט. צום ביישפּיל בונינען.

ביי באָרסקין אין שטוב האָב איך געטראָפֿן אַ פּאָר סאַמעטענע האַלבחרובע שטולן, אַ סך שטויב אויף די פֿענצטער און אויסגעבאַקטע רעדלעך פֿונעם זודיקן טשייניק אויפֿן אָפּגעדעקטן טיש. איין לעדל פֿון פֿענצטער איז געווען צוגעמאַכט און אויף דער וואַנט קעגן איבער איז געהאַנגען אַ בילד פֿון עפּעס אַ גרויסן מאַן, אויך מן הסתם אַ ייד מיט אַ רוסישער פֿאַמיליע. זאָל איך זאָגן, אַז דאָ איז עס אַ מאָל געווען די קאַנצעליאַריע,

און דאָ איז אַמאָל מיין טאַטע געשטאַנען אַן אַ היטל (פּאַר ניקאָלאַי דעם קייסערס בילד) און האָט פּאַר אַ רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס געלאָזן אויסשרייבן אַ מעטריקע, אַז ער גופא, ווי אויך זיין געליבטע פרוי ליבע מאָרדוכאָוונע גאַרבער, זענען אַריין אינעם בונד פון הייראַט... האָט איר זיך איין מאָל אָוועק. איצטער — ווייטער. אין איין יאָר אַרום איז דער טאַטע ווידער געקומען צו פאָרן פּאַר דרייסיק ווערסט אַהער און געלאָזן פאַרצייכענען אין די געשנורעוועטע ביכער מיטן קייסערלעכן שטעמפּל געשטעמפּלטע, אַז ביי אים איז געבוירן געוואָרן אַ זון ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר מיטן נאָמען אייזיק־מאָרדוך פון לייב מאָטוסאָ גערשכאָי־מאָוויטשאָ און ליבע ריסל מאָרדוכאָוונאָ.

זייער פיין. די וועלט וועט עס דאַרפן וויסן. איך האָב געוואָלט אפילו אַ פרעג טאָן וועגן דעם, טאָמער געדענקט ער עס, אָבער ער האָט דערווייל אַראָפּגעוואָרפן מעשה פריץ דאָס היטל פונעם האַלב ליסן קאָפּ, האָט אַן עפּן געטאָן אַ פענצטערל און גענומען רופן גאַנץ הויך מיט אַן אַלטן בורטשענדיקן קול:

— ווייבל, ווייבל! וווּ זייט איר עס ערגעץ? איר האָט ניט געקענט אַ וואַש טאָן דעם דיל אין אַזאַ הייסן טאָג? וואַרט נאָר וואַרט... ווי אַזוי הייסט איר דאַרטן? אַ גלעזל טיי? יאַ, יאַ! אַ גלאָז טיי פאַר צוויי פערזאָנען וועגן!

אינטערעסאַנט צו וועמען רעדט ער עס?

נו, יאָ! דאָס איז דאָך דאָס זעלבע ווייבל, וואָס איז פריער געשטאַנען אין פאָדער־צימער און געקוקט אויף אונדז. איצט האָט זי געעפנט די טיר און אַריינגעשטעלט אַהער אַן עמער קויטיקלעך וואַסער, מיט אַ שמאַטע. דערנאָך איז זי אַליין אַריין און אַנשטאָט עפּעס זאָגן, איז זי געבליבן שטיין און מיך גענומען אָנקוקן.

— הערט נאָר, דאָס זייט איר דער סלאָוועשנער, וואָס איז היינט ביי מיר געוועזן און מיך ניט געטראָפן אין שטוב?..

לאָזט זיך אויס, אַז דאָס ווייבל, וואָס האָט, נעבעך, אַזאַ פאַרוויסטן אויסזען און וואָס דער געוועזענער קאַזיאָנער רב קען אויף איר בורטשען און שרייען „ווייבל" (אפילו ניט אָנרופן זי ביים נאָמען), לאָזט זיך אויס, אַז דאָס דאָזיקע ווייבל קער זיך מיט מיר אַן גאָר נאָענטע קרובהשאַפט. אין דער פרי, אַז איך בין דאָרט געוועזן, האָט מען מיר טאַקע געזאָגט, אַז זי איז אַוועקגעלאָפן אויף אַ פּאָר שעה אין דאָרף אַריין טאָמער וועט זי אויסבעטן אַ קאָפּ מעל צי אַ הייפל גרויפּן. און איצט, איצט איז זי שוין דאָ צוריק פון דאָרף. איך וואָלט זי ווייטער ניט געטראָפן אין שטוב,

ווייל זי איז אַ פּאַרדינערין, זי איז פאַרטאָן אין פּרנסה.

אַז באַרסקי האָט גענומען בורטשען און קאָמאַנדעווען, זי זאָל אויפ־הערן רעדן און גיכער אַריינטראָגן אַ גלעזל טיי, האָט זי אָפּגעלאָזן די פּאָלע פונעם פאַרשטעקטן קליידל און אַ זאָג געטאָן: „באַלד־באַלד״.

אינעם „באַלד־באַלד״ אין אירן האָב איך גלייך דערקענט, אַז דער פּאַטראָן האָט ביי איר גאָר ניט אַזאַ גרויסע ווערט.

דער ראַבינער האָט מיר מיט ביטולדיקן בורטשען איבערגעפרעגט, אַז וואָס האָב איך ביי איר געקענט טאָן? מסתמא אַ בריוול פון עמעצן? נו, נו, אַ ווייבל! חוץ דעם, וואָס זי איז בכלל גאָרניט מיט גאָרניט, איז זי נאָך אומגליקלעך אויך צו אַלע מעלות. „זאַקאָנטשעני טשע־לאָוויעק אי ווסיאָ!״ דער מאַן איז געהרגעט, קינדער — אַ פולע שטוב, טאָן עפּעס קען עס ניט... קאָנטשענאָ!.. — דאָס אַלץ האָט ער אָפּגעזאָגט מיט אַזאַ טאָן, ווי איינער וואָלט זיך קלאָגן, אַז דער סאַמאָוואַר איז קאַלט, דער קנויט פונעם לאָמפּ דרייט זיך ניט אַרויס, ס׳איז אַ לאַד — אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן און גיי שריי חי וקים!

דאָס ווייבל האָט אַריינגעטראָגן צוויי מאָל טיי אין אַ קרומער גלאָז און אין אַ פּאַליוועגער טשאַשקע. דער ראַבינער האָט אַנידערגעלייגט צוויי זערנעלעך סאַכאַרין, איינס לעם מיר און איינס לעם אים (טאָמער ווילן מיר זיסע) און אויף אַ שאָל, וואָס פליגן האָבן געדיכט באַפּינטלט, זענען געלעגן שטיקלעך מיט אָפּגעהאַקטן צוקער, שוין אַ סך מאָל איבער־געטאַפּטע מיט די פינגער און דאָך ניט קיין פאַרנוצטער, טאָמער וויל אַ גאַסט טרינקען „ווּפּריקוסקו״.

דאָס ווייבל האָט ניט געלייגט דעם מינדסטן אַכט אויף דעם ראַבינער און אויף זיין רוגזה. זי הערט אים פּשוט ווי המן דעם גראַגער און זי פרעגט מיך היימיש און מיט אַ באַקאַנטער אויסשפּראַך. (אַזאַ אויסשפּראַך און אינטאָנאַציע זענען דאָך ביי אונדז אין די שטעטלעך זייער גע־וויינטלעך).

— אויב אַזוי, — זאָגט זי — קענט איר דאָך וויסן, וואָס מאַכט עפּעס דאָרטן מיין שוועסטער, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַרן הארבאַרניק? זי וועט דאָרט כאָטש ניט האָבן קיין וויסטע, קיין פינצטערע וועלט?

אָט דאָס האָב איך ליב. נאָך איידער עפּעס — טראַך! — מיט דער וויסטער און פינצטערער וועלט. אויב מען איז שוין אַלע פון פריער אַזוי אָנגעגרייט צו דער פינצטערער דאָליע און מען איז דערויף געגאַנגען, איז דאָך שוין גאָרניט קיין מוז אַרויסקוקן אויף קיין בעסערער?

און ס׳איז מיר עפּעס ניט גוט. מיר קריכן שוין ניט אין קאָפּ די גרויסע

ליטעראַרישע טראַדיציעס, מיט וועלכע דער ראַבינער וויל מיך אויפקלערן. איך בעט זיך ביי אים כמעט אַפּ. דאָס הייסט, איך אַנטשולדיק זיך און זאָג אים צו אַ צווייט מאָל זיך אַריינכאַפּן אויף אַ לענגערער ווײַלע און איצט, איצט האָב איך נאָך אַ סך ענינים צו דערלייִדיקן אין קראָסנע. זאָכן, נאָך וועלכע איך בין אומיסטן געקומען. אַלזאָ, מיר וועלן זיך נאָך זען.

— אַדיע!

נו? אין דרויסן האָב איך ערגעץ אין אַ זייט צוגעוואַרט ביז מײַן נייע באַקאַנטע איז פאַרטיק געוואָרן ביים ראַבינער מיטן פאָל־וואַשן, און מיר זענען פון ס'ניי אַוועקגעגאַנגען צו איר אהיים.

נו, איך האָב צו איר אַ גרוס פון דער היים.

—הערט, וואָס זשע שווייגט איר? גיכער, דערציילט! וואָס זשע מאַכט דאָרט דער טאַטע? — איר האָט אים געזען?

— ניין, דעם טאַטן האָב איך ניט געזען. איך האָב פּשוט ניט באַוויזן. איך בין דאָרטן ווינציק געשטאַנען. איך ווייס נאָר, אַז ער האָט געבעטן, איר זאָלט צושיקן וואַוועלען. אַזוי, דאַכט זיך, הייסט עס, דאָס עלטערע פונעם קלענסטן?

— סע שוין, אַ דאַנק גאָט, דאָס קלענסטע. — שלאָגט מיך מײַן קרובה איבער. — הינדעלע האָט זיך נאָך יענע וואָך, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר יענע קינדער געדאַכט, געפּעלט — און איר דאַרער פאַרחושכ־טער פּנים פאַרקרימט זיך ווי פון זיך אַליין און טרערן הייבן אָן לויפן פון די מאָגערע אויגן.

מאָדנע, דאָס ווײַבל איז אַזוי פאַרוויסט און פאַרחושכט, אַז זי איז שוין גאָר ניט ענלעך אויף קיין מענטשן. נאָר אָט־אָ זענען אָנגעקומען טרערן, שיינע מאַמעשע טרערן, און זי ווערט מיר נאָענט, כאָטש טוליע זי צו צום האַרצן. ווו האָט זיך אהינגעטאָן די פרעמדקייט און דערוויי־טערטקייט, וואָס איך האָב געפילט צו איר ביים ראַבינער אין שטוב?

האָט זיך שוין דאָס קלייניקע געפּעלט? און אין דער היים ווייסט מען ניט פון דעם. ס'איז, נעבעך, פּשוט פאַרצערט געוואָרן און ס'האָט דעם ניט געסטייעט קיין כוחות זיך דערוואַרטן אויף גרינגערע צייטן.

איך קאָן שווערן, אַז ס'האָט מיר אין דער רגע אַ לויכט געטאָן פון דער ווייטנס די צייט, ווען אונדזערע קינדער וועלן געקעכלט ווערן מער ווי אין דער גאַנצער וועלט! טאַקע נאָר אויף איין אויגנבליק האָט עס מיר אַ לויכט געטאָן. און אפשר איז עס נאָר אַן אָפּקלאַנג פון איצטער, פון דער רגע ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווען אונדזערע קינדער

וואָלט מען לאַנג דאַרפֿן דערקלערן, וואָס הייסט אַזעלכעס סאַכאַרין.

אָט דאָס פּיצעלע האָט ניט ליב געהאַט קיין סאַכאַרין און ס׳איז געשטאָרבן. איצט איז שוין וואָוועלע דער קלענסטער. זי זשאַלעוועט אים אַהין צו לאָזן.

אָבער דער זיידע און פּאַליע האָבן אים געבעטן אַהין צו זיי פּשוט צוליב פֿריילעכקייט וועגן, — האָב איך נאָך אַ מאָל צוגעגעבן.

דערויף האָט מיר ברכהקע געענטפֿערט:

— אָבי רעדן... זייער גבירעשאַפֿט אויף אַלע מיינע שונאים! וואָס איז? איך ווייס דען ניט? זיי האָבן אַליין ניט מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבן.

און איצט האָט זי מיך אַריינגעפֿירט טאַקע צו זיך אין צימער אַריין.

וויפֿל איך האָב זיך פֿאַרגעשטעלט אָרעמקייט, איז עס קיין צענט־חלק ניט פֿון דעם, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפֿן.

פֿינצטער, חושכדיק, הונגעריק און הויל!.. און זי בעט מיך זיצן. זי שטויסט זיך אפֿילו ניט אָן, אַז ס׳דאָ ניטאָ ווו זיך צו זעצן. אויפֿן אייזערנעם, האַלב־צעבראָכענעם בעטל, וועל איך זיך דאָך ניט זעצן. ס׳איז אַ געלעגער און ס׳איז ניט באַקוועם.

— נו, וואַרט שוין צו, — האָט זי זיך גלייך געכאַפּט אין וואָס דאָ גייט און זי איז אַוועק און אַריינגעטראָגן אַ טאַבורעטל פֿון קיך.

— נאָך גוט, וואָס די שכנה איז ניט געווען, — טוט זי צו מיר אַ מאַך מיט אַ שפּאַסנדיקער מינע. — זי קען נאָך מאַכן אַזעלכע געשרייען, אַז מען זאָל איר דאַרפֿן אָפּטרעטן די שטוב אין גאַנצן.

— ווו זשע זענען די קינדער?

— יאָ, די קינדער, — האָט זי זיך דערמאָנט. — סרוליק איז שוין ביי מיר אַ לייט. ער האָט ליב פֿערד, דרייט ער זיך אַרום לעם די באַלעגאָלעס. אַז ער טרייבט די קאָץ פֿון טיש, שרייט ער צו איר: „אַקאָטאַ, שטשאָב טעבע זשידי ז׳ילי!״ זאָל איך אַזוי געזונט זיין! איך ווייס גאָרניט, ווו האָט ער זיך אויסגעלערנט אַזעלכע ווערטער?!.. אסתר איז אין קינדערהיים. זי פֿאָלגט דאָרטן אַ גאַנג און לערנט זיך אַ ביסל נייען. זיי וואָלטן זי אין גאַנצן צוגענומען, נאָר זי איז שוין אַ ביסל עלטער פֿון די יאָרן. מנשהקע מיינער, ווייסט איר דאָך, מן הסתם איז אין פֿלען ביי די פּאָליאַקן.

— וויפֿל איז ער אַלט?

— 16 יאָר דאַרף אים ווערן אָט־אָ דאָ היינטיקן תשעה באב. ערב שבת נחמו איז ער געבוירן געוואָרן. נאָר ער וועט שוין קומען. מען דאַרף

זיי אַלע אַפּלאַזן. מיר האָבן שוין ידיעות.

— און וואָווע ?

— וואָוועלע, מיר פאַר זיין קאָפּ, וועט באַלד קומען. אויפן „מיידאַן" גיט מען די קינדער וואַרעמס. ווען ניט די וואָלאָסט, וואָס זי טוט אַ קוק אויף די קינדער, וואָלט איך מיט זיי שוין לאַנג פאַרשווומען געוואָרן... ווען גאָט שיקט אונדז צו פאַר פּאַליען עפּעס אַ גלייכן שידוך, — מילקע איז נאָך אַ קליינע.

— מילקע וויל, מסתמא, לערנען ?

— אוי, פרעגט שוין גאָר ניט. איך קען אייך גאָר ניט אויסמעל־דעווען ווי אַזוי דאָס אַ קינד וואָלט ניט געגעסן און ניט געטרונקען... אַבי גיב איר ביכלעך. אַבער וואָס איז די פעולה, אַז זי האָט ניט געקענט צוזען אונדזערע צרות און האָט, נעבעך, געמוזט פון דאַנען אַוועקפאָרן. וויפל ביכלעך, מיינט איר, האָט זי אויסגעלערנט און איבערגעלייענט דאָ אַ אין דער קאַלטער קיך אויפן אויוון ?

— פאַר וואָס עפּעס אין קיך ?

— ביי נאַכט, האָט זי געטענהט, איז דאָרטן שטיל און קיינער שטערט איר ניט לערנען.

— איך וויל איר זאָלט זיצן אַ ביסל, — האָט ברכהקע ווייטער אָנגעהויבן — איך וועל אייך מאַכן עפּעס עסן. איך האָב היינט געבראַכט פון דאָרף אַ גאַנצן מאַגאַזין מיט זאַכן. צוועלף קאַרטאָפל אַזוי ווי די הייפּטלעך קרויט די גרויס. און אָט איז נאָך אַ ביסל מאָן אין אַ פּאַפּירעלע. וועלן מיר אָפּקאָכן די קאַרטאָפּלעיס און זיי צערייבן מיט מאָן, וועט איר שוין זען, וואָס פאַר אַ מאכל דאָס איז. פּאַליע אונדזערע, ווען זי ווייסט, וואָלט זי געקומען אַהער צו פוס, אַזוי האָט זי עס ליב.

און איך דערצייל איר, אַז עס טוט מיר טאַקע באַנג, וואָס איך האָב ניט צוגערעדט פּאַליען זי זאָל צוגיין, ד. ה. זי זאָל צופאָרן מיט מיר אין איינעם אַהער כאַטש אויף אַ טאָג.

— איר הערט אַ מעשה, — זאָגט זי, — ס'וואָלט דאָך געווען אַזוי ווי אין טאָג אריין! מיר וואָלטן זיך אין איינעם כאַטשבי גוט אויסגעוויינט! איר ווייסט, אין צווייען וויינט זיך בעסער!

איך וואָלט מעגן שווערן, אַז איך בין גרייט צושטיין צו זיי פאַר אַ שותפות. וואָרעם פון די אַ פּראָסטע ווערטער האָט מיך שוין געגומען שטיקן אין האַלדז און איך האָב נאָר אַ קלער געטאָן:

— „מענטשן" ווער איז נאָך אַזוי שטאַרק ווי מיר? מען זאָפּט אין זיך אַריין אַזוי פיל צרות מיט אומדערטרעגלעכעליידן און מיר טויגן

נאָך אַלץ צום לעבן. מיר זענען אפילו אימשטאַנד אָפּקומען די ערשטע געריכט מיט אַ טרער און די צווייטע מיט אַ שמייכל.

---

אינעם קראָסנער טעאַטער בין איך ניט געווען. איך בין בלויז עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען פאַרביי אים און געזען אפילו גרויסע געדרוקטע אַפישן. פאַר וואָס קען איך ניט אַריינגיין אין טעאַטער אַריין? נאָך וואָס בין איך בכלל געגאַנגען קיין קראָסנע! צי האָב איך דאָרטן געבענקט נאָך עמעצן, צי האָב איך זיך מיט עמעצן נויטיק געדאַרפט זען?

נאָך אַ נס, וואָס קיינער וועט מיך ניט רופן צום געריכט פאַר מיין אומזיניקייט. קיינער וועט מיך ניט צווינגען ענטפערן פאַר מיינע נאַרישע גענג. ס'איז מיין קאָפּ. וויל איך, קלאַפּ איך אים אין וואַנט, וויל איך, זעץ איך אים אָן אַ פּלויט.

איך בין אין קראָסנע דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם קינאָ און אין קינאָ בין איך אויך ניט געווען. פאַר וואָס? איך האָב זיך געשעמט? איך האָב ניט געהאַט קיין פּופּצן קאָפּיקעס אויף צו באַצאָלן פאַרן בילעט? איך האָב זיך דאָרטן ניט געוואָלט טרעפן מיט קיין באַקאַנטע? איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל דאַרפן שפּעט קומען און דאַרפן וועקן די באַלעבאַטים. אַז איר ווילט זענען עס מניעות, וואָס מען קען בייקומען. אַז איר ווילט זענען זיי אַלע אין איינעם וויכטיק, נאָר אין קינאָ בין איך ניט געווען. ס'איז אַן עוולה? ווערליק איך פאַר קיין מאָל ניט אַרויס פון דער היים, איז עס אוודאי אַן עוולה.

אין קראָסנער קלוב וועל איך אפשר זיין.

אין קראָסנע איז דאָ אַ מיידל כאָמעלע גאָלדפיין... אַז מען וויל זאָגן דעם אמת, קען איך זי. זי איז אַ מאָל געווען מיט די קראָסנער בעזשעני־צעס ביי אונדז אין שטעטל. זי איז אפילו געשטאַנען ביי אונדז סטאַנציע. זי איז אַ גרויסשטאָטישע און איך — אַ קליינשטעטלדיקער. אויפן פּאַפּיר האָב איך מיט איר גערעדט אַ סך מאָל. און אַזוי ניט. איך האָב איר אָנגעשריבן אַ ליד, „די בערעזקע". זי איז שלאַנק ווי אַ בערעזקע און זי איז אַ ליכטיקע, אַ העל בלאָנדע. זי וועט מסתמא טאַנצן היינט אין קלוב. דאָס האָב איך געהערט. געדענקען וועט זי מיך מסתמא אַזוי ווי גאָרניט, פון וואַנען זאָל זי מיך געדענקען?

אין קלוב, אינעם רויטן צוויי־שטאָקיקן, געמויערטן הויז, בין איך געשטאַנען פאַררוקט צווישן די צונויפגעשטופּטע בענק. איך בין געשטאַנען מיט נאָך אַ פּאָר דאַרפישע דורכגעפאָרענע מענטשן, וואָס זענען אויך פארגאנגען אויפן רוף פון די טרובעס און מיר האָבן צוזאַמען

גערקוקט אויף די טאַנצנדיקע. פאַר וואָס ניט? מיינע שכנים האָבן אויך געשלונגען יעדן קלאַנג פון דער מוזיק, יעדע באַוועגונג פון די טענצער. כאַמעלע האָט געטאַנצט מער פון איטלעכן. איר מאַמע איז אַן אַקו־שאַרקע. איר מאַמע האָט מיר איין מאָל געטאָן אַ פערזענלעכע טובה. אויב איך געדענקט מיין בוזיעלען, איז זי דאָרטן איין מאָל געלעגן ביי איר אין געבורטהויז... איך האָב דערמאָנט בוזיען. טאָמער איז פאַר איר גאָר אַן אומכבוד, וואָס איך קוק דאָ אַזוי אויף דער דאָזיקער? האָ? טאַקע אַזוי? אָבער שטייט אַ רגע, וואַרט נאָר צו. אַן־אַ טאַנצט דאָך איינע, איז עס בוזיע. ס׳זאָל פעלן אַ האָר. אַזוי יונג, אַזוי רירעוודיק און אַזוי איינפאַך אָנגעטאָן. ס׳ברינזלט אַזש פון איר ריינקייט. און דאָס בעזעלע, דאָס קליינע קירפּאַטע נעזעלע מיט די קלייענדלעך. כאַמעלע מעג זיך זיין כאַמעלע, נאָר נאָך דער וואָלט איך נאָכגעגאַנגען צו איר אַהיים. איך זאָל נאָר ניט מורא האָבן פאַר קיין בזיונות, פאַר מיינע און פאַר אירע. איך וואָלט געשטאַנען ביי איר אונטערן פענצטער און איך וואָלט געקוקט ווי זי גייט שלאָפן. איך וואָלט געקושט די שויב, וואָס לאָזט מיך זען אַזעלכע און איך וואָלט אפשר אויסגעגאַנגען אויף דער שויב הענגענדיק. ווי אַ פליג, וואָס לאָזט אַרויס איר הויך.

ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ באַקאַנט מיידל פון די זינגערמאַנס.

— אַ־אַ! — מאַכט זי, — קומט נאָר אַהער, וואָס האָט איר זיך אַזוי ווייט פאַררוקט?

— ווען איך זאָל קענען טאַנצן... און אַזוי צוליב וואָס זאָל איך פאַרנעמען עמעצנס פּלאַץ?

— זעט, איר זענט שוין לאַנג דאָ? אויף וויפל זענט איר אַהער געקומען?

— איך פאַר מאָרגן אַוועק.

— שוין צוריק?

— יאָ!

— איר אַרבעט נאָך אַלץ אין די פּראָפּפּאַראַייבען?

— יא. דאָס הייסט אַזוי ווי יאָ...

— וואָס הייסט עפּעס אַזוי ווי?

— צייטווייליק בין איך איצט ניט דאָרטן. נאָר אָפּיציעל בין איך נאָך פון דאָרטן ניט אַוועק.

— אַנטשולדיקט. איין רגעלע. כאַמעלע, כאַמעלע. קום נאָר אַהער. דו זעסט ווער ס׳איז ביי אונדז דאָ?

גאָט מיינער, נאָך וואָס בין איך אַהער פאַרגאַנגען? ווועלכער שוואַר־

צער יאָר האָט עס מיך אָנגערעדט פאַרקריכן אַהער אין אַזאַ וואַכעדיקן הילוך, אַזוי אַלט און אַזוי שלימזלדיק?

כאַמעלע איז צוגעלאָפן אַהער, אַ שלאַנקע, אַ שיינענדיקע, אַ צעהיצטע. מיר אַ דריק געטאָן די האַנט, אַ פרעג געטאָן, וואָס מאַכן מיינע שוועס־טער און זיך גלייך אָפּגעבעטן אויף צוריק.

— אַנטשולדיקט. איין רגעלע.

אַ צווייט מיידל האָט זי גערופן אויף גיך, אויף גיך, און לעם יענער איז געשטאַנען אַ יונגער קאָמאַנדיר און אפשר גאָר ניט אַזאַ יונגער, נאָר זייער אַ שלאַנקער. כאַמעלע, אַז זי האָט אים אָנגענומען פאַרן פּאַסעקל פון דער פאַרטופּע, איז זי אים געווען עטוואָס העכער פונעם אַקסל און איך האָב דערווייל געהאַט אומבאַגרינדעטן פאַרדראָס אויף זיי ביידן.

דערפאַר איז אָבער יענע, די קליינינקע, וואָס כ׳האָב אָנגענומען פאַר מיין נייער בוזיעלען, אַזוי ריין, אַזוי ציכטיק, און באַשיידן...

כדי סע זאָל זיך מיט מיר גאָרניט ניט טרעפן, קיין טרערן, קיין שטאַמלעריי, קיין לעפּישע לאַגע, האָב איך זיך געזעגנט מיט דער זינגערמאַן און געזאָגט, אַז כ׳וועל ספּעציעל צו זיי אַריינקומען. און בשעת כאַמעלע איז געווען צוריק לעם מיין פריערדיק אָרט, בין איך שוין געווען פון יענער זייט טיר. פטור און גאָר. נאָר... נאָר פאַר וואָס דוכט זיך מיר, אַז די קלאַנגען פונעם אָרקעסטער לאַכן מיר נאָך הינטער די פּלייצעס. זיי יאָגן מיך נאָך מיט אַ מאָדנעם אויסגעלעכטער:

— שלימזל דו, דו פאַרדאַרבענער הויקער, — נאָך וואָס ביסטו אַהער געגאַנגען? מיינסט קיינער שטויסט זיך ניט אָן, קיינער ווייסט ניט? מען ווייסט. אַ וועלט איז ניט בלינד!..

און אַהין, ווו איך האָב געוואָלט און געדאַרפט גיין, בין איך ניט געגאַנגען. פאַר נאַכט האָב איך געקלערט פון דעם. זיך אַראָפּלאָזן צום הינטערן שטאָט אַהין, ווו די דאָלינע איז, איך ווייס אָן ערך ווו דאָס דאַרף זיין. דאָרטן נידעריקער געפינט זיך דער קראָסנער בית־עולם, דער שטאָטישער הייליקער אָרט. קראָסנע איז אָן אַלטע שטאָט. דאָרטן זענען דאָ אַלטע מצבות און דאָרטן וואָלט איך זיך אמת אָפּגערוט. דאָרטן וואָלט איך זיך געפילט פריי. דאָרטן לאַכט פון מיר קיינער ניט. קיינע איבעריקע פאָדערונגען ווערן צו מיר ניט געשטעלט. שטילקייט און רו. רו איבער אַלעס.

אָט אַהין, אהין דאַרף איך זיך לאָזן, און ווען סע קומט נאָר אַריין אַ געדאַנק דער נייער בוזיעלען, וואָס איז ריין און פאַרשייט ווי אַ קינד, ווען ס׳קומט איר אַריין אַ געדאַנק מיר נאָכגיין און קומען אַהער

צו מיר און מיר זאָגן דווקא בלשון „איר״: „איך ווייס, איך ווייס, איר זענט אַן אַנדער מענטש. נאָר מיך קימערט ניט, מיך אַרט ניט. אויב מען וועט אויף אונדז עפּעס זאָגן... האַלט איר, אַז איך דערמאָן אייך שטאַרק אייער בוזיעלען?.. און זי מאָסטעט זיך ליב און באַשיידן איין לעם מיר און ס׳ווערן ערגעץ פאַרשווונדן מיין וואַכעדיקייט, מיין אָפּגע־לאָזנקייט... בוזיע, די וואָס איז פון מיר אָוועק, וועט מיר פאַר דער אַ בוזיען גאָרניט זאָגן, ווייל דאָס איז זי אַליין, נאָר אַ מין באַנייונג. אין אַ מין איבערבאַשאַפונג... געבענטשט זענען, קינד מיינס, די עלטערן, וואָס האָבן דיך געבוירן און אויפגעצויגן. איך וועל צו זיי שרייבן לידער און לויב־געזאַנגען. געבענטשט זאָל זיין די ערד, אויף וועלכער די פיס דיינע טרעטן. ווי ליב זענען מיר די מענטשן, וועלכע ס׳הערן דיין קול. זונעלע, שיינעלע, לעבנדל מיינס, חיותל, אוצרל, מלאכל, זיי מיין גאָט און איך וועל צו דיר דינען.״

אַ מאָדנע זאַך, פון קיין שלעכטס האָט מיין האַרץ אין דעם זעלביקן אָוונט מער ניט געוווסט. מיין האַרץ האָט געוווסט פון שיינע טרוימען, פון וועלכע ס׳איז מיר געווען אי גרינג, אי ליב...

אהיים קיין סלאָוועשניע גיי איך טאַקע מאָרגן פון גאַנץ פרי און דווקא ניט דורך סענדעריווקע, זאָל בעסער זיין פּאָקאָליאָוו, דאַן וועט זיך באַקומען אַ קרייז. ווייטער האָב איך אויף יענעם וועג באַקענטע דערפער, באַקענטע שליאַכן און מיר דוכט זיך, אַז אפילו אייניקע נעסטן אויף די ביימער, וואָס שטייען ביי די זייטן שליאַך, זענען מיר באַקענט. און זאָל קיינעם ניט איינפאַלן, אַז איך בין געגאַנגען קיין קראָסנע אומזיסט. ווי באַלד איך בין געגאַנגען, האָב איך מסתמא באַדאַרפט, און טאָמער האָב איך פון אָנפאַנג ניט געוווסט, וואָס נעמלעך איך האָב אַזעלכעס באַדאַרפט, איז עס מיר אַליין געקומען אַנטקעגן. איך האָב דאָ געקראָגן שפּייז, אַזאַ שפּייז, וואָס מען פאַרשפּאַרט צו אים שופלאָדן און פאַליצעס. דערצו האָב איך אים אַ סך אָנגענומען — אַ סך, אַ סך. איך וועל אים טראָגן אַהיים דורך סאָקאָלאָוו און דורך לעווקאָוויטש. אין דער היים וועל איך טרעפן געזונט אַלע מיינע פריינד און וועל מיט זיי רעדן און דערציילן פאַרשיידענע זאַכן, נאָר אין די שעהן ווען איך וועל זיין מיט זיך אַליין, וועל איך זיך געפינען אַ ווינקעלע אויף שטעלן דעם טינטער, אויף אויסשפּרייטן אַ בויגן פּאַפּיר, מיט אים, אַז איך טייל זיך, מאַכט ער מיך קיין מאָל ניט צום נאַר. ער זוכט אויף מיר קיין מאָל ניט קיין חסרונות. פאַרקערט. ער העלפט מיר זיך שטאַרקן. און ניט איין מאָל רוימט ער מיר איין גלייך אין האַרצן אַריין: נאַרעלע,

קלער ניט אַזוי, פֿאַל ביי זיך ניט אַראָפּ. פֿאָלג מיך, דו ביסט ניט ערגער פון לייטן! — אונדז אַלעמען די גוטע יאָר, אין וויפל פּרטים דו ביסט נאָך בעסער... נאָר גאָר ניט, אַ מענטש דאַרף מען זיין.

## צווישן זומער און ווינטער אָדער

## די גבורה פונעם שוואַכן

ביז ס׳וועט זיך עפענען די מלוכישע האַרבאַרניע, איז ביי מיר געבליבן, אַז איך נעם צונויף עטלעכע אוראַקן און וועל לערנען רוסיש מיט אַזעלכע, וואָס קענען ווינציקער פון מיר. אַט וועלן זיך ביי מיר לערנען יוכבד שמואליקס, שפרה יאַנקלס, גדליה הערשל־גדליהכעס און ראובן חיהס.

אַנדערע זענען יינגער פון מיר מיט אַ פּאָר יאָר, און ווער ס׳איז אין מיינע יאָרן.

איך האָב פון זיי ניט געלייקנט, און זיי ווייסן אַליין אויך, אַז איך קען ווינציק. נאָר איך בין פּאָרט אומגעגאַנגען אַ צייט קיין בעהון צום אַלטן לערער, און איך ווייס ווי אַזוי סע עפנט זיך אַ ביכל, ווי אַזוי מע דאַרף לערנען סקלאָניעניעס, און זיי ווייסן דאָס אויך ניט.

מיט די תלמידים מיינע האָב איך זיך שוין כמעט ווי דערערדט. מיר האָבן נאָר אין איין זאַך זיך ניט אויסגעגלייכט, צי זיי דאַרפן גיין צו מיר, צי איך זאָל אַריינקומען צו יעדן פון זיי, דאַן וואָלט איך שוין אויסגעזען טאַקע ווי אַן אַמתער לערער, וואָס גייט אַרום אויף שטונדן. צוליב אַזעלכעס וואָלט איך שוין מעגן אַנטאָן אפילו אַ זייגער מיט אַ קייט און זיך איינקויפן אַ שטעקל, אַ קאַפּעליוש. איך האָב אַמאָל געזען ביי אונדז אַנגעפּאַרענע לערער, האָבן זיי אַזוי געטאָן.

נו, מילא, סע מאַכט ניט אויס, די מענטשן זענען דאָ אַלע היימישע. די ערשטע פּאָר מאָל וועט עס פּאָר בייקייט אויסקומען מאָדנע. נאָר נאָך דעם וועט זיך עס איינפּאָרן. וואָס איך קען, דאָס וועלן זיי ביי מיר קענען.

שיינדל איז שוין אפילו געקומען צו מיר און מיך גענומען באַטראַכטן ווי אַזוי איך זע אויס אין דער נייער פּראָפעסיע. זי האָט זיך געוויצלט און איך האָב איר געענטפערט מיטן זעלביקן.

ווי געזאָגט, האָלט מען זי אין שטעטל פּאָר אַ שלעכטער. איך בין גענויגט צו קלערן, אַז פון זייער זייט זענען זיי גערעכט. נאָר איך פון מיין זייט בין אויך גערעכט. מיר איז מיט איר גוט, דערפאַר וואָס איך

פֿאַרשפּאַר זיך פּוצן אין איר אַגוועזנהייט און איך פֿאַרשפּאַר מיך פֿאַרבן. אַזאַ ווי איך בין, פֿאַר אַזאַ נעמט זי מיך צו. דער טאַטע אירער, דער קרעמער, און די מאַמע, די שטאַלטנע און קילע יידענע, האָבן שוין עטלעכע מאָל מיט איר גערעדט האַרבע רייד, אַז זי שוואַרצט זיי דאָס פּנים און אויב זי וויל שוין יאָ מיט עמעצן אַרומגיין, זאָל זי זיך כאָטש געפינען עפּעס רעכטס און נישט „אַט דאָס אָ". און דאָ גייט אַוועק אַ צעטל חסרונות, וואָס מען מעג זיי נישט אויסרעכענען, וואָרעם זיי זענען דאָס רוב נישט קיין גערעכטע.

מיר דוכט זיך, אַז זי, פֿאַר מיר פּוצט זיך אויך נישט. ניט איין מאָל זאָגט זי מיר אויס אויף זיך אַזעלכע זאַכן, וואָס זי וואָלט זיי אפשר אַן אַנדערן ניט דערציילט.

— זיי וועלן דיך פֿאַר קיין איידעם ניט וועלן, — האָט מיר די מאַמע אַנומעלטן אַ זאָג געטאָן. — טאָ צו וואָס דאַרפסטו מיט איר אַרומגיין. אַבי אויפרייסן לייטן די אויגן.

ביי מיין מאַמען זאָל זיך אַזוי גרינג אַרויסרעדן, אַז עמעצער וועט מיך ניט וועלן!.. דאָס איז שוין ניט אַזוי פּראָסט, דאָ מוז שוין ליגן באַהאַלטן עפּעס אַ בייגעדאַנק. סע קען זייער זיין, אַז שיינדלס אַריינ־קומען צו אונדז זעט ביי איר אויס ווי אַן ענין, וואָס האָלט שוין צו נאָענט, און דער מאַמע מיינער זענען דער פֿאַרגרעבטער קרעמער און די שטאַלטנע קאַלטע פרוי זיינע מיט עפּעס ניט צום האַרצן. דערצו האָט זי מורא, אַז שיינדל איז טאַקע ניט קיין גוטע אויך. און אַזוי ווי זיך מישן אין אַ שידוך איז ניט פֿון די פיינע זאַכן, האָט זי עס אַ נעם געטאָן אַ ביסעלע פֿון אַ זייט.

---

טייערע מאַמע! וויפֿל וואָלט איך אָפּגעגעבן, אַז דו זאָלסט זיין די מאַמע און איך דער זון פֿון צוריק מיט אַ יאָר צען. דענסטמאָל פֿלעגט דיין זון זען אויפֿן הימל אַלערליי שיינע כמאַרעס, ווי די ווייסע זויבערע שוואַנען, וואו ניט ווו באַזוימטע מיט ראָז. ווייסע בערג באַשאָטענע מיט הורבעס שניי און אַ מאָל אין אַ זומער פֿאַר נאַכט האָב איך זיך אַנגעזען אויפֿן הימל מיט אַזוי פֿיל וווּנדער: אַ קעמל מיט איין הויקער, אַ קעמל מיט צוויי הויקערס, אַ קאָפּ פֿון אַ לייב, אַ שטערן, אַ נאָז און אַ באָרד פֿון אַ גרויסן, גרויסן מאַן. אַ מענטש, וואָס שטייט צו מיר מיט די פּלייצעס און אַ ביקס שטעקט אַרויס ביי אים איבערן אַקסל. דעם דאָזיקן מענטשן פֿלעג איך כסדר באַגלייטן מיט בענקעניש, וואָס ער גייט אַוועק ווייט

פון דער היים און איך פלעג אים נאָכקוקן אַזוי לאַנג, ביז ער פלעג זיך פאַר מיינע אויגן אָנהייבן ענדערן, ענדערן און אומבאַמערקט איבער־גיין אין עפּעס אַנדערש, אין אַ ווייסן אויוון מיט אַ גרויסן קוימען, פון וואַנען ס׳גייט אַ ווייסער רויך. אין יענער צייט האָב איך ניט געוווּסט אַ וועלכער איך וועל זיין אין צען יאָר אַרום.

ניין, מאַמע, סע מאַכט ניט אויס. כדי שיינדלען זאָל זיך אָננעמען אַזאַ דאַליע ווי איך, וואָלט זי שוין דאַרפן זיין גאָר אַ שלעכטע, אַ ביטערע ווי גאַל. דערווייל האָט זי נאָך, גלויב מיר, ניט פאַרדינט אַזאַ שטראָף. זי איז אַ ציכטיקע, אַ געזונטע. די פּאָלן אין שטוב ביי איר זענען גע־פאַרבט און זיי גלאַנצן ניט דערפאַר, וואָס איר טאַטע האָט מער געלט פון אַ צווייטן, ניין, בלויז דערפאַר, וואָס איר טאַטע פאַרמאָגט אַ געראָטענע טאָכטער מיט געראָטענע צוויי הענט. זי האָט ליב ריינקייט, זי האָט אַ ציונג צו שיינס און ווי באַלד זי האָט עס ליב, סטאַיעט ביי איר דערויף אי צייט אי כוח. איך האָב אַזוי ליב מענטשן וואָס סע דינען זיי זייערע אייגענע הענט! און דיין זון איז דערווייל — עט! — אַזוי זיך. ניט אַזאַ גרויסע מציאה. ערשטנס, האָט ער געהאַט אַ ווייב, מיט וועלכער ס׳איז אים געווען גוט. דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער חסרון צו אַ שידוך. צווייטנס, איז ער טאַקע צו פיל אָפּגעלאָזן. אַ מענטש טאָר ניט זיין אַזוי אָפּגעלאָזן — טויט אָדער רויט! עפּעס דאַרף מען טאָן, ערגעץ דאַרף מען זיין. אָט־אַ זענען אָנגעפאָרן צו וויטשענקאָן עטלעכע יונגעלייט רייטנדיק אויף פערד און וויטשענקאָ האָט זיי צעשטעלט, וועמען קיין בעהון, וועמען קיין טכאָרין און וועמען קיין בלופליאַן. אַלע זענען זיי קינדער ביי זייערע מאַמעס, אויף יעדערן פון זיי וואַרט זיכער זיין היים. און דאָך, אַז מען דאַרף, דאַרף מען. פאַר וואָס, זאָג, דערהערן זיי לעבינס רוף גלייך פונעם ערשטן מאָל, און איך שטיי ביי אַ זייט און קוק עס אַלץ אָן מיט אַ צעעפנט מויל, ווי ניט מיך מיינט מען. מע האָט אויף מיר געמאַכט פּאַגראָמען, מיין לעבן איז שטאַרק צעלאָפּטשעט געוואָרן פון דער איצטיקער פּאָגאָדע! אָבער ווער מאַכט די פּאָגאָדע? די פּאָגאָדע מאַכן דאָך מענטשן און זי וועט זיך אויסלייטערן. און אַז סע וועט זיך אויסטריקענען און אויסלייטערן אין דרויסן, וועט דאָך ווערן אַ לעבן פאַר אונדז איטלעכנס וועגן. דו ווייסט, מאַמע, וואָס איך וויל דיר זאָגן? ביי מיר נעמען אַזעלכע יונגעלייט ווי דיין זון ווינציק וואָס אויס. כאָטש ער איז ניט קיין שאַדן־ווינקל, ניין, ניין! אין אַ רויִקער צייט קען מען אים צושפּאַנען צו אַ גוטער קאָמפּאַניע, וואָלט ער זיך ערלעך אָפּגעטאָן זיין חלק אַרבעט. ער איז ניט קיין גנב, ניט קיין פאַר־

קויפטער, ניט קיין פֿאַלשעווניק, אפילו ניט קיין לא־יוצלח. ער איז נאָר אַ ביסל אַ פֿאַרחושטשטער... איי, שיינדל? וואָס האָט זי אין מיר געפֿונען? נאָך וואָס קומט זי טאַקע אַהער אַריין און ס׳אַרן איר אפילו ניט קיין פֿרעמדע רייד? דאָס ווייס איך טאַקע ניט, אויב ס׳איז שוין יאָ געקומען וועגן דעם צו רייד, וואָלט איך עס אפשר קענען דערקלערן מיט צוויי זאַכן: אַ מיידל, אַז סע קומט איר צייט, וויל זי עמעצן האָבן לעם זיך. זי זאָל האָבן לעם דער האַנט עפּעס בעסערס, וואָלט זי אפשר מיך ניט באַדאַרפֿט. דאָס איז איינס, און דאָס צווייטע באַשטייט אַן ערך אין דרינען, וואָס ווי איר קוקט זי אָן, פֿון וועלכער שטוב זי זאָל ניט זיין, האָט זי דאָך ליב, זי גייט אויס נאָך אַ ביכל. און אַז מע לייענט איבער אַ גוט ביכל, ווינענדיק אין אַ שטעטל מיט אַזאַ שיינעם הימל, מיט אַזאַ פֿיינער לופֿט, לויפֿט מען, מע קען ניט איינזיצן אויף קיין אָרט, און מע וויל מיט עמעצן אויסרעדן כאָטש אַ וואָרט. אירע און פֿריידקעס חברטעס, אונדזערע באַקענטע מיידלעך — צפּורה, גיטל, מלכה — לייענען אויך ביכלעך. זיי האָבן צייט און מע האָט זיי געלערנט לייענען. נאָר רעדן מיט זיי פֿון די דאָזיקע ביכלעך קען מען ניט. „פֿאַן" איז ביי זיי געוואָרן אַ שיינער, „עדוואַרד" ניט איבריקס — און שוין. אָט דאָס איז דער גאַנצער שמועס. און פֿאַר שיינדלען איז דאָס ווינציק. זי, אַז זי לייענט איבער אַזאַ מין ביכל, מוליעט שוין זי, זי קען ניט איינשטיין און ניט איינזיצן אויף קיין אָרט.

צי בין איך אויף גאַנץ סלאָוועשנע איינער אַזאַ צו ניין, דאָס קען איך ניט וויסן. נאָר זי טרעפֿט דאָן גלייך צו מיר, אָדער איך אַליין גיי אַן אויף דער מינוט און זי קלאַפּט מיר אָן אין פֿענצטער, און מיר האָבן שוין אַ ביסל וואָס צו שמועסן.

און פֿאַר קיין מחותנים, מאַמע, זוכט זי אונדז ניט. דו ווערסט זען, אַז זי וועט נאָך האָבן אַזאַ מאַן, וואָס אנטקעגן אים וועלן זיך אַזעלכע יונגעלייט, ווי דיין זון, מעגן באַהאַלטן אין הרובע.

— קום, שיינדל, לאָמיר גיין אַ ביסל... רחלע, אז מע וועט אויס־מעלקן די בהמה, וועסטו אָפּעסן וועטשערע און זיך לייגן שלאָפֿן... יאָ, און אַז פֿריידקע וועט קומען, וועסטו זאָגן, אַז מיר זענען אַוועק אויף דער שיניצע.

---

אונדזער שטעטל, אַז סע גייט אָפּ אַ ביסעלע פֿון די פּרעסט מיט די זאַווערוכעס, פֿון די פּעטליוראַווצעס מיט די באַלאַכאָווצעס, פֿון קרענק און פֿון אַנדערע אומגאַנגען, ווערט עס אַ שיין שטעטל. אַרום און אַרום

איז גרין. אָט איז דאָ אַ לאָנקע, אָט איז דער וואַלד, אָט זענען די ווינט־מילן, אָט־אָ זענען די אַנטאָנאָוויטשער טויערלעך, אָט איז פּאָדאָלסקיס מיל מיטן שיינעם טייכל און אָט זענען ביידע הייליקע ערטער מיט די לאַנגע צוויי אַלייען פון קליאָנען און פון דעמבעס. פאַר איינע אָדער פאַר צוויי שעה גייען מיר אַרום דאָס שטעטעלע פון אַלע זייטן.

סיי די פויערטע, וואָס פּראַטשעט גרעט ביים טייכל, סיי דער דאָרפס־ייד, וואָס גייט שוין אַהיים מיט אַ שווערן זאַק אויף די פּלייצעס, סיי די פּאַסטעכלעך, וואָס שווינדלען דורך פון דער ווייטנס, סיי דער רייטער, וואָס הייבט אויף אַ שטויב אויפן שליאַך — אַלע זענען דיר ליב. ס'איז גאָרניט קיין פאַרברעכן, וואָס איך גיי איצט מיט שיינדלען, כאָטש איך בין פאַר איר קיין פּאַר ניט און ס'איז אויך ניט קיין פאַרברעכן, וואָס איך האָב אָנגענומען אוראָקן. זיי, מיינע תלמידים, וועלן צו דעם בפירוש ניט דערלייגן. אַ דאַנק מיר וועלן זיי עפענען אַ ביכל, אַ דאַנק מיר וועלן זיי זיך לערנען לייענען און שרייבן. כ'לעבן, אַז דאָס אַלץ גייט ניט צו פוס. ווען בוזיע אַליין קומט צו מיר צו גיין אַ לעבעדיקע און אַ געזונטע, און זי זאָגט מיר, אַז דאָס איז דאָך קיין אַרבעט ניט, וואָלט איך איר פּשוט און אויפריכטיק געענטפערט:

— ס'איז דאָך ניט אויף שטענדיק...

— איך בין נאָך ניט אַזוי נידעריק געפאַלן, אַז איך זאָל צו גאָרניט טויגן אין לעבן און דאָס וואָס חברים פאַרגלויבן מיר און ווילן זיך ביי מיר לערנען, כאָטש איך האָב פאַר זיי ניט געלייקנט און זיך ניט געריממעוועט, דאָס איז דאָך אַליין אַ סימן, אַז זיי ווילן זיך אויף מיר פאַרלאָזן. אָט זענען דיינע ברידערלעך, אשר און שאול, אויכעט לערערס, מיינסטו, אַז זיי קענען שוין אויף אַזוי פיל מערער פון מיר?

מיר האָבן זיך אָנידערגעזעצט אויפן אויסגעבעטן בערגל לעם פּאָדאָלסקיס מיל. דאָס הייליקע אָרט אויפן באַרג זעט זיך אויס אָנטקעגן אונדז אַ גרינער, אַן אָפּגעפרישטער מיט די רייען שטיבלעך צווישן די גראָזן. שיינדל האָט געקוקט גלייך אַהין. זי האָט ניט אָנגערופן בוזיעס נאָמען און האָט געזאָגט:

— ווען דאָס איז אַן איינצל פאַל, וואָלט אַנדערש געווען. ס'דאָך אָבער אַזאַ צייט ווען ס'זענען געשטאָרבן און אומגעקומען אַ סך, אַ סך מענטשן, און אַלע יונג, פאַר דער צייט.

איך פאַרשטיי. איך פאַרשטיי זייער גוט צו וואָס זי זאָגט עס איצטער. ס'איז איר גוט, וואָס מיר זיצן אַזוי אין צווייען אין אַזאַ מין שיינעם פאַר־נאַכט און מיר לעבן. איך בין ניט אין כעס אויף שיינדלען טאָמער האָט

זי דאָ עפּעס אַ הינטערמיין — לעבן, שטאַרבן, שטאַרבן, לעבן. איך ווייס שוין ניט אַקוראַט וואָס דאָס איז. אַן־אַ איז פון יענער זייט טייכל דער באַרג מיט ביידע הייליקע אָרטן, דאָרטן שלאָפט בוזיעלע מיינע מיט אַ זיסן שלאָף און דאָרטן איז איר מאַמע נאָענט און נאָך אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געקענט און געדאַרפט לעבן. און ווייל סע וואַקסן אַרום זייערע קברים אַ סך גרעזער, ביימער און קרייטעכצער, ווערט ביי מיר אויסגעווישט די גאַנצע גרויליקייט פונעם וואָרט „טויט", און סע קרענקט מיך ניט פאַר מיינע נאָענטע. מיר דוכט זיך, אַז זיי האָבן זיך זייער לעבן. סע נאָר, וואָס מיר גייען ניט אויף קיין איין סטעזשקע, מיר זיצן ניט ביי קיין איין טיש און מיר טרעפן זיך ניט אין דעם זעלבן קלוב, צי אין דעם זעלבן בית־המדרש.

זיי דאָרטן, און איך מיט שיינדלען דאָ, זענען אַלע דאָיִקע אינעם גלעטנדיקן וויכן גראָז, צווישן צוויטשער פון פייגעלעך און צווישן די פאַרגייענדיקע ווייסע כמאַרעס, אַבי דו קענסט נאָר אויספירן אַ פּאָר מינוט דורך אַנאַנד, מיט אָפענע אָדער מיט פאַרמאַכטע אויגן ליגן מיטן פנים אַרויף און פון גאָרניט ניט קלערן.

---

אַ פויער האָט געבראַכט צו אונדז אין שטוב אַריין אַ קאָרב מיט עפּל און אַ פּעל צום אויסאַרבעטן. ער זיצט געדולדיק און וואַרט, טאָמער וועט מען ביי אים צונעמען די פּעל אויף אויסאַרבעטן. פאַרקויפן וויל ער זי ניט. ער וואָלט איבערגעלאָזן די עפּל פאַר אַן אָדרויף און אַרבעט־געלט וועט ער באַצאָלן ווען די פעל וועט ווערן פאַרטיק. ס'ניט געווען ווער ס'זאָל אים ענטפערן. ער האָט געטראָפן אין שטוב נאָר דאָס קליינ־וואַרג. די חברה, סיי אייגענע, סיי שכנישע האָבן אַרומגעשטעלט זיך אַרום אים, אַזוי ווי זיי וואָלטן קיין פּעל אויף זייער לעבן ניט געזען, אָדער אַזוי ווי אַ פויער אַ דאָרפסמאַן וואָלט ביי זיי געווען אַ נייס.

דער פויער איז געזעסן אַפּהענטיק און האַלב־פאַרלאָרן. ער ווייסט, אַז די קינדער וועלן אים גאָרניט אָפּטאָן. נאָר אַזוי ווי קיין עלטערע האָט ער דאָ אין שטוב ניט געטראָפן, זיצט ער און וואַרט מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט האָבן איינגעחזרט פעסט און אויף זיכער:

— אַז מען וועט צונעמען די פעל, וועט ער איבערלאָזן די עפּל.

און דער עיקר, וואָס די באַדינגונגען קען ער ניט איבערמאַכן, קיין אַנדער וועג קען דאָ ניט געמאָלט זיין, מיט אַזאַ באַשלוס גייט ער פון דער היים און ער האָט עס אַלץ גוט איינגעחזרט פאַר די זיבן ווערסט

גאַנג פון זיין דאָרף אַהער צו אונדזער שטוב, וואָס שטייט הינטער דער שטאָט און האָט לעם זיך אַ האָרבאַרניע.

איך האָב זיך צוגעקוקט צום פויער און ווייטער אַ מאָל געוואָלט טראַכטן וועגן זיך, אַז איך בין ניט אַזוי זינדיק און שולדיק, ווי איך מאַך עס ביי זיך אָפּ. סע זענען פּשוט פאַראַן אַזעלכע מענטשן, מיט הענט און מיט פיס, מיט לייב און מיט לעבן, מענטשן, וואָס וואָלטן בפירוש קענען אריינטראָגן אויך זייער חלום אין דער וועלט־אויסקומעניש, נאָר זיי דאַרפן, אַז עמעצער זאָל זיי פירן פאַר אַ האַנט. זיי דאַרפן האָבן אַן עלטערן איבערן זיך, — יאַנקעלע, גיי פאַרלייג דעם פערד עסן. יאַנקעלע, טרייב אויס די ביטן, דערנאָך וועסטו קומען, וועלן מיר טרינקען טיי... מען דאַרף ברענגען דאָס פערד פון דער פּאַשע און צופאָרן נאָך אַ פעסל וואַסער. און יאַנקעלע (אָדער איך), וואָלטן ניט געגעסן אונדזער ברויט אומזיסט. און נאָכן טאָג אַרבעט, וואָלט יאַנקעלע זיך אויסגעוואַשן און אַוועק אין מאַרק שטיין אַ ביסל לעם די קלייטן און הערן בייס. זען פון וואָס מענטשן רעדן. איך, אויף יאַנקעלעס אָרט, וואָלט געלייענט אַ ביכל, וואָלט געשריבן אַ געדאַנק, אָדער איך וואָלט געוואָרט אויף אַ חבר. קיין השגה איז עס ניט קיין גרויסע, אָבער סע זענען דאָ גענוג מענטשן, וואָס סע גליקט זיי גראָדע אָפּ אין אַזעלכע זאַכן און זיי לעבן זיך אָפּ אַ לעבן, וואָס איז פריי פון בזיונות, פון גניבה, פון שווינדל און פון אומכּבוד. אַזעלכע מענטשן — חוץ דעם, וואָס זיי פאַרהאַרעווען ערלעך זייער וואָרעם ביסל געקעכץ, זייער געלעגער און זייער ריינעם ווינקל, האָבן נאָך אַ סך מאָל אומשולדיקן שיינעם פאַרגעניגן. טאַקע ווי מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט: פון אַ ביכל, פון אַ פריינדשאַפט מיט אַ באַטעמטן חבר, פון שיינע טרוימען, פון בענקשאַפט צו אַ פרוי, וועלכע דו האָסט נאָך קיין מאָל ניט געזען און נאָר געהערט פון איר און דיר דוכט זיך, אַז אייערע וועגן דאַרפן זיך נאָך ווען עס איז צונויפגיין. אָט דאָס איז אַלץ געמאָלט אין רויִקע און אין איינגעשטאַנענע צייטן. איצט אָבער איז אַ צייט, ווען די וועלט ענדערט זיך פאַר אונדזערע אויגן.

מיר וואָלט זיך וועלן עפּעס בולטער אויסקלאָרן פאַר זיך אַליין:

— אין פלוג גערעדט, וואָס טוט זיך עס דאָ? וואָס קומט דאָ פאַר אַזעלכס?

— ענדלעך האָט אַ פאָלק פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך. סע האָט אַראָפּגעשליידערט פון זיך די „בעלי־טובות", די פאַבריקאַנטן און די גוטבאַזיצערס מיט אַלע איבעריקע בלוטזויגערס, מע האָט זיי אָנגערופן ביי זייערע אמתע נעמען: גנבים, בלוטזויגערס, פּיאַווקעס, באַטריבער!

פרעגט זיך: אויב מע האָט אייך שוין געכאַפּט ביי דער האַנט און ס׳איז אַלץ אויפגעדעקט געוואָרן, טאָ שטייט זשע, זייט מוחל, אויף, פאַר־לאָזט דאָס אַנגעראַבעוועטע און זאָלן קומען צום רודער די, וואָס ווייסן דעם פּרייז פון ערלעכער מענטשלעכער מי... איז ניין. לאָזט זיך אויס, אַז די הינט און טרייפניאַקעס ווייסן שוין גראָדע פון לאַנג, אַז זיי זענען בלאָטערס אויפן פאָלקס לייב. מע האָט פאַר זיי קיינע אַמעריקעס ניט אַנטדעקט און אַוועקגיין ווילן זיי ניט. פאַרקערט — זיי בריהן זיך נאָך און זיי האָבן זיך אַזוי איינגעזויגן אינעם לייב פון פאָלק, אַז אַראָפּרייסן זיי קומט אויס צוזאַמען מיט אַן אייגן שטיקל הויט, מיט אַ שטיקל לעבע־דיקן לייב.

אויסוואָרצלען וועט מען זיי!

די ווונדן וועלן זיך פאַרהיילן. ס׳וועט ווערן ליכטיק אין אַלע ווינ־קעלעך. און אפילו דער דאָזיקער פויער וועט מער ניט דאַרפן קומען מיט דער קאָראָבקע עפּל און מיט דער פעל אַזוי אַפּהענטיק ביי זיך צו אונדז אין שטוב אריין, ווייל שטיוול און שיך, אפילו העמדלעך און זאָקן פאַר שניר און טעכטער וועגן, וועלן טרעפן צו אים אין דאָרף אַריין און די עפּל, וואָס וועלן ביי אים איבערבלייבן פון זיין גערע־טעניש, וועלן אויך טרעפן צו אונדזערע מיילער אויף אַן אנדער וועג. דער פויער וועט זיך דאַן ניט דערקענען, איך וועל זיך אויך ניט דער־קענען אינעם געראַמען ליכטיקן בנין, וואָס אונדזער לאַנד וועט אין די נאָענטע יאָרן מיט זיך פאַרשטעלן.

## קאָפּישטש און אומגעגנט

אונדזער שטעטל עוואַקויִרט זיך. די ווייס־פּאָליאַקן זענען שוין גאָר נאָענט. ווישעניקאַ האָט שוין גערעדט וועגן דעם אַפּן. פאַרן קינדער־היים האָט מען אויסגעטיילט געלט און פּראָדוקטן.

פריידקע פאָרט ניט מיט איר אַנשטאַלט. זי בלייבט איבער מיטן קינדערהיים — ס׳איז אַזוי אָפּגערעדט געוואָרן.

דאָס שטעטל ווערט צו ביסלעך אויסגעליידיקט. מאַמעס טראָגן מורא אין די אויגן. ביי טאַטעס לאָזן זיך אַפּ די הענט. דער דרויסן, כאָטש ער איז נאָך אַ זומערדיקער, פאַלט ער דאָך אַריין אין אַן אומבאַשטימטן קאָליר, ווי מיר וואָלטן מיט אים וואָס אַ רגע ווייטער, געוואָרן אַלץ ווינציקער זיכער.

איך און נאָך א בינטל אַזעלכע בחורים און יונגעלייט לאָזן זיך צום

אַרויס־פֿון־שטאָט, ווו ס׳וואַרט אויף אונדז אַ פֿור.

סרוליק דער בעל־עגלה האָט אָנגענומען אַ פֿור מיט פֿאַרשווינען און ער פֿירט זיי אַזש קיין קאַפּישטש.

אַ וועג, ווו איך בין קיין מאָל אויף מיין לעבן ניט געפֿאָרן און קיין מאָל ניט געקלערט פֿאָרן.

אגב, בין איך שוין ביי סרוליקן אויף דער פֿור געווען אָן אָנגעוואַרפֿענער. די דראָבינעס האָבן זיך שוין אָן מיר אויך גענוג צעשפּרייט. נאָר סרוליק איז צו מיר גוט פֿאַר אַ סך זאַכן, וועט ער מיך לאָזן נאָכגיין נאָכן וואָגן. דאָרטן, ווו מע וועט קענען, וועל איך זיך אַרויפֿכאַפּן צו אים אויף דער קעלניע, אַז די פֿיס זאָלן אַ ביסל אָפּרוען.

דער וועג אַהין איז אַ וויַיטער און אַ זאַמדיקער. אויך די אָנגעלייגטע פֿאַרשווינען טאָפּטשען דעם שיטנדיקן זאַמד, און גייען נאָך נאָכן וואָגן ווי די קאָטעקלעך.

מיט אונדז אין איינעם איז געפֿאָרן משה־הערשל דעם קצבס. אַ מאָל האָב איך זיך געחברט מיט זיין עלטערן ברודער. אַ ביסל זענען מיר מיט משהן פֿון דער וויַיטנס, ווייל ער האָט אַ שייכות צו מסחר, מעג זיין אפֿילו אָרנטלעכער, איז עס מיר ניט צום האַרצן. ער פֿאַרענטפֿערט זיך אַליין, אַז ער טוט עס גאַנץ צייטווייליק. ער וועט עס וואַרפֿן און אפֿילו גאָר גיך. ער וועט בעטן ביים „זעמאָטדיעל״ אַ שטיקל ערד הינטער דער שטאָט, ער וועט זיך דאָרטן אַוועקשטעלן אַ שטוב און, אַז סע וועט זיך אים מאַכן מיט וועמען צו חתונה האָבן, וועט ער בלייבן ביי ערדאַרבעט. מער וויל ער גאָרניט און צו קיין אַנדערע זאַכן ציט אים ניט.

ער האָט זיך אַ סך מאָל געשדכנט, אָט דער משה, צו מיין פֿריידקען. זי כאַפּט זיך ניט אָן אָן אים. מסתמא דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ וויַיסער, אַ בעלאָבריסער, אַזוי האַלט זי גראַדע פֿון אים. אַ שטילער און אַ גאַנץ באַשיידענער מענטש.

איצט גייען מיר ביידע נאָך נאָך סרוליקס וואָגן, ס׳זאָל זיין די פֿערד גרינגער. ניט נאָר מיר — אַלע פֿאַרשווינען שלעפּן זיך איבערן זאַמד צו פֿוס. ווער סע גייט מיט אַ שטעגעלע דורכן וואַלד און ווער ס׳שלעפּט זיך נאָך פֿון הינטן. אייניקע, די מער בראַווע, שפּאַנען אָן־אַ העט אָפּריער פֿאַר דער פֿור. מיר ביידע האַלטן זיך אָן ביים זאַדאָק פֿונעם וואָגן און מיר שמועסן זיך געמיטלעך. מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אינעם אונטערוועגנס און מיר האָבן כמעט ווי אַרויסגעלאָזט פֿונעם געדאַנק דאָס, וואָס מיר גייען אַוועק פֿון דער היים, ווייל סע דאַרפֿן אַהער קומען מענטשן,

וואָס האָבן אונדז פּיינט נאָך איידער זיי האָבן אונדז געזען אָוועלכע מיר זענען. זיי גייען מיט גאָלדענע פּאַגאָנעס און זיי האָבן ליב שניידן ביי אַלטע יידן בערד און ביי יונגע די צינגער פון די מיילער. אין כאַטשען (דאָס איז אַ דאָרף אַזאַ) האָבן זיי ביי אַלע דריי זין ביי וועלוולס אויסגעשניטן די צינגער.

מיר האָבן שוין גערעדט מיט משהן פון דעם אויך. ער האָט זיך פאַרגינט זאָגן, אַז אפשר זענען מיר אַ פאַסקודנע אומה אַזאַ, וואָס מע מעג אונדז טאָן, וואָס מע טוט קיין מענטשן ניט. האָבן מיר פון דעם גע־שמועסט. איצטער האָבן מיר זיך צוגעוווינט צום וועג, און מיר מיינען, אַז מיר זענען פון שטענדיק אָן אַזעלכע: אונטערוועגנס־מענטשן, וואַנ־דערער און גאָר.

אָט האָט זיך סרוליק גאָר געשטעלט פּאַשען די פערד, און מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אין קופּקעלעך. יעדער בייסט איבער לעם זיין קאָמ־פּאַניע. משה האָט אַרויסגענומען אַ שטיק געבאַקטן לעבער פון אַ פּאַ־טשיילקע. ער האָט אָנגעשניטן מיטן מעסערל גרויסע ריפּטלעך. מיר זאַלצן אים צו און מיר עסן איםביידע אָן ברויט. משה איז פעסט ביי זיך, אַז ער וועט פאַרפירן אָן אייגענע ווירטשאַפט.

— און איך וועל צו אייך קומען צו גאַסט, — זאָג איך. — איר וועט מיך פירן צו אייערע בינשטאָקן. אַ געלעגער וועט איר מיר געבן אין שייער אויפן פרישן היי.

— איר וועט דענסטמאָל זיין אַ באַוווסטער שרייבער, — האָט מיר משה געענטפערט. — און איך מיט מיין משפחה וועלן האַלטן פון אייערט וועגן אַ באַזונדער אויבער־שטיבל, וואָס וועט שטיין צוגעקליבן פון יאָר צו יאָר און וואַרטן נאָר אויף אייך.

איך בין געוועזן צופרידן, וואָס סע שוין טונקל אין דרויסן און משה זעט ניט ווי איך בין רויט געוואָרן. איך האָב געדאַנקט אין האַרצן אָט דעם אַ שטילן בחור. איך האָב זיך געוואָלט פאַרשטעלן זיין קומענדיקע ווייב אין האַלב־שטאָטישן, האַלב־דאָרפישן אָנטאָן, מיט אָפּגעברענטע הענט אונטער די פאַרקאַטשעטע אַרבל. ער איז אויך אָפּגעברענט, אַז אפילו די ווייסע ברעמען זענען ביי אים טונקלער געוואָרן און איך, פאַר וואָס לייגט זיך אים אַזעלכס אויפן געדאַנק, אַז איך קען ווערן אַ שרייבער און וווינען אין די גרויסע שטעט? אין זיין אַרט רעדן פילט זיך עפּעס אַזאַ שיינער אָפּשיי צו מיר... אויב אַזוי האָב איך צו אים אָן אנדער בקשה. אויב ס׳איז אמת, אַז ער האָט השגות פאַר שרייבער, וועלן זיי געוויס צו אים פאַרפאַרן דורך אַנאַנד און מיר, וואָלט איך וועלן, זאָל

זיין דערלויבט אין יענער צייט צו אים קומען, זיך אַרומדרייען אין הויף, ווי אַן אייגענער מענטש. און נאָך האָב אים איך געקלערט, אַז ווען דער זעלבער משה נעמט זיך אָן מיט כּוח און אָרגאַניזירט ביי אונדז אַ גרויסע ביי־שטעטלדיקע קאָלאָניע און אפשר גאָר אַ קאָמונע, וואָס האָט לעם זיך סאָד און פעלד, אַן אייגענע מיל, אַ סאָזשעלקע, אַ קוזניע, אַ טאַרטאַק. ווען ער טוט זיך אַ נעם, וואָלט ער עס ביי היינטיקער צייט אויסגעפירט. ער איז אַ גוטער באַלעבאָס און דאַרטן... דאָרטן וואָלט זיך אָפּגעזוכט אַן אַרבעט פאַר מיר אויך. מעג זיין אַ האַרבאַרניע, מעג זיין אַן אַנדער זאַך.

מען נעמט צונויף אַהין צו די אַרעמשאַפט פון שטעטל, מיט זייערע ווייבער און קינדער — אַרבעט, קינדערלעך! די קרעמערלעך, די קליינע הענדלער, די דאַרפסגייער, די בעלי־מלאכות וואָלטן זיך אויך אַ צי געטאָן צו אונדז, און מירן האָבן ברויט מיט קוילעטש און מיט דער הילף פון דער ראַטנמאַכט וועלן מיר אָפּטאָן פון זיך דעם אומחן, וואָס האָט זיך צו אונדז דורות לאַנג געקלעפּט.

---

אין קאָפּישטש האָט מען אונדז אויפגענומען פאַר געסט, ווי מיר האָבן זיך אַליין ניט געריכט. דאָס איז אַ גרויסער דאָרף מיט אַ פּאָר צענדליק יידישע משפּחות, צעוואָרפן איבער דער גאַנצער דער גרויס און לענג פונעם פויערשן יישוב. די יידן זענען דאָ אַלע באַזעסענע און פעסטע.

מיט אונדז איז געווען גוט די יוגנט און צו אונדז האָבן זיך אויך געשאַרט די אַלטע לייט. יעדערער האָט געוואָלט געווינען אַן אורח צו זיך אין שטוב אַריין. רו זיך אויס, עס, טרינק און דערצייל, דערצייל, ברודערקע, וואָס הערט מען עפּעס אויף דער וועלט?!

אייניקע פון זיי ווילן אפילו ניט גלייבן, אַז סע קומט אויס ציטערן ווי אַ לולב פאַרן אָנקומען פון אַ פּעטליורען, פון אַ באַלאַכאָוויטשן. ווייזט אויס, אַז דאָס דאָרף שטייט אַ ביסעלע באַזייט אויס פון דעם שליאָך און אַזוי אַרום אויך ווייט פון די געשעענישן. זיי הערן אויס די אַלע זאַכן ווי אַן אַלטע מעשה פון דער פּורימדיקער מגילה. כאָטש זיי שאָקלען אַ ביסל צו מיט די קעפּ, גאָר פון אַלץ איז צו דערקענען, אַז קיין אמונה האָבן זיי אין דעם ניט, ס׳איז פּשוט אַ טשיקאַווע מעשה. געווען אַ המן, האָט ער געוואָלט פאַרטיליקן דאָס גאַנצע פאָלק מיט יידן... אייסעך וואָס! און ווי דער אמת איז, האָט ער דאָך דערנאָך טאַקע געקראָגן די מפּלה! איז דאָך אוודאי גוט, פאַרשפּאָרט מען דאָך אוודאי אַלע געשעפטן

און דערום דאַרף מען נעמען צו ביסעלעך בראַנפן. אויב ניט, אויב איר טרינקט ניט קיין סאַמאַהאָן, טאָ נאָט אייך אַ ביסל עפּלווייִן, וואָס איר האָט נאָך אַזאַ מתיקות און אַזאַ שטאַרקייט ניט פאַרזוכט זינט איר לעבט.

קלאָר. די קאַפּישטשער יידן קענען צונעמען אַ גאַסט, דער עיקר — שבת, ווען זיי האָבן צייט, ווען זיי זענען מערער אין שטוב.

דערצו וואַקסן ביי די קאַפּישטשער יידן שיינע מיידן, געזונטע און ניט קיין פאַרשלאָפענע. דער איינער חסרון איז נאָר אין דרינען, וואָס אפילו די קאַפּישטשער מיידלעך, אַז זיי וואַקסן אונטער, האָבן זיי אַ נאַטור אַרויסקוקן אויף חתנים, ניט אַזוי זיי, ווי די מאַמעס זייערע... אַזוי, אַז אויף מיין חבר משהן האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן בעלנים פון אַלע זייטן און ס׳איז שיער ניט אויסגעבראָכן קיין מחלוקת צווישן אייגענע גליד־שוועסטערקינדער..

מיר האָט דאָ באַזונדערס אָפּגעגליקט. איך האָב דאָ געטראָפן ביידע שוואָגערלעך, אשרן און שאולן, בוזיעס יינגערע ברידער, ביידע זענען זיי דאָ לערער און זיי פילן זיך דאָ ווי גאַנצע שטאָט באַלעבאַטים.

קומט שבת נאָך מיטאָג, ווען די עלטערע לייגן זיך שלאָפן, שיט זיך אַרויס דאָס יונגוואַרג אויף דער גאַס. אשר מיינער איז דאָרט דער גאַנצער ראש וראשון, און סע גייט. די גאַנצע כאָפּטע גייט צו גיטלען דער אלמנה.

גיטל די אלמנה זיצט אין אַ נייער שטוב, נאָך אַ יונגע פרוי, וואָס דער מאַן איז ביי איר פרי געשטאָרבן, און ביי איר איז דאָ אַן אײדל טעכטערל פון זיבעצן־אַכצן יאָר, אויב צוואַנציק איז שוין טאָקע אַ סך, און קיינער וועט ניט זאָגן, אַז ס׳איז אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער — שוועס־טער און געננג! אַהין צו, אַז מע קומט זיך צונויף שבת ביי טאָג, נעמט מען אויף פון אַלעם ערשטן דעם עולם שטיל און בנעימותדיק. און דער־נאָך, אַבי מע צעגייט זיך אַ ביסל, קען מען שוין טאַנצן און זינגען, שפּילן אין פאַנטן און צוקלערן אַלערליי פריילעכע פאַרווייַלונגען. קיינער וועט דיר קיין קרום וואָרט ניט זאָגן... אַ מאָל נאָר אַ פויערטע שטעלט זיך אַריין ביי איר גאַנצער פאַרנומענקייט, טוט אַ וויש די ליפּן און רופט זיך אָן מיט אַ שמייכל... „או היטלי יאַק נאָ וועסילי, יעי באָהו״, דאָס הייסט, אַז ביי גיטלען איז קיין עין־הרע פריילעך, ווי אויף א חתונה, זאָל איך אַזוי געזונט זיין.

איך וואָלט געדאַרפט בלייבן אויף מיין אכסניא און זיך צולייגן אַזוי ווי מיינע באַלעבאַטים טוען. אויב ניט שלאָפן, איז ליגן און אריינ־קוקן אין אַ ביכל, אַדער אין אַן אַלט ספרל, אָבער אשר מיט שאולן

ווילן עס ניט דערלאָזן און משה אויך. שלעפּט מען מיך נאָך נאָך זיך און איך זיץ ווי אַ געליימטער אי ביי גיטלען דער אלמנה מיטן איינציק טעכטערל, אי ביי יצחק דעם אַלטן, וואָס ער האָט קיין עין־הרע פיר מיידן, אזוי ווי די דעמבן, און אַלע שוין צייט צו לייטן.

— פאַר וואָס זייט איר געקומען אַזוי ווינציק? — פרעגט ער, אָט דער יצחק, — סלאָוועשנע איז דאָך נישקשה פון אַ שטאָט.

ס׳איז ניט גאָר באַקוועם, אַז אַלע טאַנצן און זינגען און מאַכן זיך פריילעך און דו זיצסט ווי אַ זייטיקער עדות. אויב גיטל גייט ניט אַוועק פון שטוב, רעד איך נאָך מיט איר, כאָטש זי רעדט ווינציק און איינגעהאַלטן. אָבער אשר האָט זיך פון מיינעט וועגן אויך פאַסטאַרעט. אשר האָט, צי עפּנטלעך, צי בסוד אַרויסגעלאָזט דעם קלאַנג, אַז איך, דער שוואָגער זיינער, זיין געשטאָרבענער שוועסטערס מאַן, בין ניט אַבי ווער. איך שרייב. פון מיר ווייסט מען שוין אפילו אין קראָסנע, אויב ניט נאָך ווייטער, און אַז היינט וועלן מיך אַלע בעטן, אַז איך זאָל פאַר זיי עפּעס פאַרלייענען.

משה האָט ערנסט און סאָליד צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

פון דעם מאָמענט אָן האָבן ניט נאָר די מיידלעך, נאָר אפילו די יינגלעך פון קאָפּישטש אָנגעהויבן קוקן אויף מיר גאָר אַנדערש. אייניקע, שוין גאָר פון די קלוגע, האָבן גענומען דרייען מיט די פּיסקעס און וואָרפן אפילו שטעכווערטלעך, איינער מיינט צי קלייב איך זיך אָפּט מאָל זיי ניט באַשרייבן. וואָרעם, נישקשה, סע מאַכט ניט אויס, וואָס זיי זענען דאָרפישע, זיי זענען אויך מבינים אויף אַ טשאַד.

יצחק דער אַלטער איז שוין עטלעכע יאָר אַן אַלמן. ער איז ניט קיין בייזער טאַטע ביי זיינע געדולדיקע פיר טעכטער.

ביי דעם דאָזיקן יצחקן בין איך איין מאָל אין מיטן דער וואָך געווען אין שטוב. ער לעבט טאַקע אַרעמער פון אַנדערע קאָפּישטשער יידן. והראיה, זיין שטוב, ווי זי איז גרויס, באַשטייט זי נאָר פון איין צימער און דער דיל איז אַן ערדענער און די טעכטער נייען קליידלעך פאַר די דאָרפישע מיידלעך און ווייבלעך.

ערגעץ ווו האָט מיר אויף זיי געריסן דאָס האַרץ. אַ קוק טאָן אויף זיי זענען זיי דווקא געזונטע און פרישע, לעבעדיקע און באַרעדעוודיקע. נאָר אַז מיין גלוסט צום שרייבן איז געקומען צו מיר אַהער, אין מיין קאָפּישטשער גלות, און מיך גענומען אונטערשטורכען איך זאָל זיך ערגעץ פאַרשטעקן אין אַ ווינקל, ווו קיינער זעט ניט און זאָל שוין גיכער עפּעס נעמען פאַרצייכענען.

און שרייבן — שרייבן אין קורצע שורהלעך, אין גרויסע און גרע־סערע. מיט אַ פּען צי מיט אַ בליישטיפט, אין העפט אָדער אויף אַ גלאַטן בויגן, אַבי שרייבן, האָב איך געזען פאַר זיך אַ בילד אַ ביסעלע מאָדנע און אַזאַ, פון וועלכער קיינער האָט דאָ אין מיין אַנוועזנהייט ניט גערעדט. איך האָב געזען אַ דאָרפישע שטוב. רופט עס, אויב איר ווילט, יצחקס שטוב, כאָטש זי מוז זיין אַ ביסעלע נידעריקער פון דער ווו איך בין געווען. איך האָב געזען אַ זומער פאַרנאַכט, ווען די זון פאַרגייט און גיסט רויטע שיין גלייך אַהער אין די פענצטער אַריין. נאָר פון אינע־ווייניק צו די פענצטער שלאָגט זיך צוריק אָפּ אַ שיין פון אַ סך ברענענ־דיקע ליכט, וואָס שטייען אין די לייכטער אויפן ערדענעם דיל אויס־געשטעלט און צווישן דעם ליכטקרייז ליגט אַ מאַמע, אַ געשטאָרבענע דאָרפס־מאַמע, נאָך גאָר ניט קיין אַלטע.

דער ייד, זאָל ער הייסן יצחק, זיצט אין זיינע צעבראָכענע צעטרי־קנטע שטיוול אין דער קאָרענער קאַפּאָטע און ווי ער וואָלט זאָגן: „האָדי! הלוואי זאָל עס געווען אַלצדינג אויסגעכאַפּט און אויסגעריסן געוואָרן נאָך איידער איך בין צו מיין שכל געקומען... אַז וואָס וועל איך טאָן אָן איר?״

און פיר גרויסע מיידלעך אין ציצענע ברייטע קאַפּטעלעך וויינען געשמאַק. אַזוי געשמאַק, אַזוי הייס, אַז די קליידלעך קלעפּן זיך צו זייערע לייבער.

די מאַשינעס שטייען צוגעדעקטע. ביי זיי איז היינט שבת. זיי נייען ניט און דער אַוועקגייענדיקער מאַמען איז עפּעס מאָדנע גוט פון דעם, און זי קלערט:

„מיר זאָל זיין פאַר מיינע טעכטער!״

צוויי קליינע פויער־מיידלעך מיט באָרוועסע פיסלעך און צעליאַמ־צעוועטע צעפּלעך ציען זיך פון דרויסן אויף די שפּיץ פינגערלעך. אָן־אַ האָבן זיי איינגעקוועטשט ביידע נעזעלעך אין איין טאַפליע און זיי שטורכען איינע די צווייטע מיט די עלנבויגנס.

אַ טייערער ייד אָט דער יצחק. טייערע מיידלעך די טעכטער זיינע. ווען איך בין אַ גאָט, גיב איך אים אַרויס אין איין טאָג פיר אָרדערס אויף חתנים, יעדער חתן איז אַ מענטש, וואָס מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן און איז באַזונדערס צוגעפּאַסט צו איינער פון די שוועסטער. די שוועסטער וועלן זיך צעגיין אין פיר באַזונדערע הייזער, נאָר ווו וועלן מיר אהינטאָן דעם אַלטן יצחק? די טעכטער וועלן דאָך אים וועלן יעדערע צו זיך?

איך האָב צוגעזאָגט די שוועסטער, אַז איך וועל זיך נאָך אַ מאָל צו זיי אַראָפּכאַפּן אין זייער עק דאָרף, כאָטש פון יענעם פאַל אָן זע איך אַלע מאָל זייערע פענצטער באַגאָסן מיט יענער רויטער שיין און איך בין מיט עפּעס געגליכן צו די צוויי פויערשע מיידעלעך, וואָס ציען זיך אויף די שפּיץ פינגער און שיר וואָס זיי קוועטשן ניט אויס מיט די נעזער די אונטערשטע טאָפּליע פונעם פענצטער. איך וואָלט זיך אויך אַהין צוגעשטעלט. איך וויל אויך עפּעס זען.

---

„קנישעס מיט סימיע און סמעטענע מיט וואַל", וואָלט דאָס דאָזיקע קאַפּיטעלע געקענט הייסן.

ניט נאָר איר און אייערע גלייכנס, נאָר אויך איך האָב קיין מאָל ניט געגעסן קיין סמעטענע, וואָס זאָל זיין געדיכט איבערגעמישט מיט לאַנגע דינע האָר פון שעפּעלעך, דאָס הייסט מיט וואַל, מיט שוואַרצער צי מיט ווייסער נאָך ניט קיין איבערגעאַרבעטער. דערפאַר האָט זיך מיר עס פאַרגעדענקט אויף לאַנגע יאָרן.

איך האָב זיך פיל מאָל געייִשובט מיט אָשרן און מיט גיטלען דער אלמנה (וואָס אָשר האָט צו זיי אָן אַריינגאַנג און דערום זענען זיי געוואָרן אויך מיינע עצה־געבער) צו וואָס איך קען זיך דאָ נעמען. און ס'איז געבליבן, אַז די „וואָוונאָטשעסקעס", די וואָלבערשטער, קענען מיר געבן עסן און טרינקען, דערפאַר, וואָס איך וועל לערנען מיט זייערע פיר אייניקלעך. קיין געלט וועלן זיי, אמת, ניט צאָלן (געלט וואָלט מען מיר געגעבן, ווען איך האָב א מעגלעכקייט אָנצונעמען נאָך אַ פינף אָדער זעקס קינדער). טאָ זאָל דערווייל זיין אָן געלט. אגב, צו קיין געלט בין איך ניט איבריקס געוווינט געווען און האָב אָן דעם גרינג געקענט אויסקומען.

מיט די באַלעבאָטים האָט זיך צונויפגערעדט פאַר מיר אָשר אַליין. שאול איז נאָך אַ יונגער און זייער אַ שעמעוודיקער. קען זיין, אַז אויב איך וועל דאָ בלייבן, זאָל איך אים צולערנען אַ ביסל רוסיש. ער דאַרף עס נויטיק האָבן. און גיטלס טאָכטער, די שטאָטיש־איידעלינקע, וואָס איז נאָך קיין איין מאָל אייגנטלעך אין קיין גרויסער שטאָט ניט געווען, זאָל ביי מיר אויך נעמען אָן אוראָק.

די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן זיך געדולט וועגן מיינע באַלעבאָטים, בין איך ביי זיי קיין איין מאָל אין שטוב ניט געווען. אָשר האָט אַליין געפירט די אונטערהאַנדלונגען און מיר דערנאָך אַלץ איבערגעגעבן.

איצט ווייס איך שוין אָט וואָס: לערנען מיט די קינדער וועל איך

ביי זיי אין שטוב, נאָר אין די פּרימאַרגנס, פון ניין ביז צוועלף, און קעסט גיבן זיי מיר אַ קיילעכדיקע וואָך. שלאָפן וועל איך קענען ביי גיטלס שוועסטער און שוויגער — צוויי אַלטע לייט, וואָס וווינען אין אַ גרויסער און גרוימער דירה. דאָס איז אַן אַלטע אויסגעוואַרעמטע היל־צערנע שטוב, און זיי האָבן גאַרניט קעגן אַזאַ שכן, ווי איך בין. און פאַרטיק.

זונטיק אין דער פרי בין איך אין אַ גוטער שעה אַוועק צו מיינע נייע באַלעבאַטים.

יענע האָבן מיר קוים געענטפערט אויף מיין גוט מאָרגן. ניט ווייל זיי זענען צו מיר שלעכט, נאָר ווייל זיי זענען פאַרנומען. ביי זיי שטייען אין שטוב צוויי וואַוונאַטשעסקעס, וואָל־באַרשטן, ווי די העלפאַנדן אין דער גרויס, און די פויערים ברענגען אַהער וואָל צום קעמען, אַזוי, אַז ווען האָבן זיי צייט אויסצורעדן מיט אַ מענטשן אַ וואָרט?..

אויב איך וועל וועלן מיט זיי רעדן, — האָט מיר אַ דיק פאַרשמאַלצן ווייבל, ווייזט אויס אַ שנור זייערע, אַ זאָג געטאָן אין מיטן דעם טומל — זאָל איך צו זיי קומען שבת.

— שבת, זאָגט זי, — האָבן אַלע צייט. און זי שמייכלט. ווייזט אויס אַ ליטוויטשקע.

— שלמה, ברכהקע, חנה, כאצקל! וווּ זענט איר דאָרט? דער נייער רבי איז געקומען!

דאָס איז געווען אַ מאַנסבילשע שטים, וואָס האָט זיך געגעבן אַ טראָג פון דעם רוים מיטן שטויב, וואָס די צוויי מאַשינעס האָבן אויפגעהויבן.

געזען האָב איך אים ניט און ווער דאָס איז איז מיר דערווייל שווער צו טרעפן. איך בין צוגעגאַנגען צום אָפּגעדעקטן באַשטויבטן טיש — דאָס פאַרשטיי איך וועט זיין מיין ווערקשטאַט און איצט דאַרף מען זוכן דאָס געצייג.

שלמה, מיין עלטערער תלמיד, וואָס האָט זיך דער ערשטער באַוויזן מיט באַרוועסע קויטיקע צוויי פיס, האָט מיר תיכף אָפּגעשטעקט אַ קורצן און קאַלטלעכן שלום־עליכם... ער האָט נאָך קיין האַלב וואָרט מיר ניט געזאָגט און איך אים. ער איז גלייך אַרויפגעקראָכן מיט די באַרוועסע פיס אויף דער לאַנגער באַנק און גענומען עפּעס שלעפּן פון דער געקאַ־לעכטער ווינקל־פּאָליטשקע.

— שלמה, גיכער, דערלאַנג כאַלימאַנטשעכן אַ קוואָרט וואַסער, — האָט דער זעלבער מאַנסביל אַ רוף געטאָן.

און שלמה איז אַוועק אַ פריילעכער, שאַרכענדיק מיט די באַרוועסע

צוויי פּיס איבערן קויטיקן פֿאַל, פֿאַלגן דעם טאַטן אָדער דעם זיידן אַ גאַנג.

איך האָב זיך ניט באַוויזן אומקוקן וווהין מיין איינציקער תּלמיד איז פֿארשוווּנדן געוואָרן, ווי אַן עלטערע ייִדענע מיט אַ טונקל געקנייטשטן פּנים האָט מיר צוגעטראָגן אַ גראָבן לייוונטענעם טישטעך און אַנידער־געלייגט אויפֿן ברעג טיש און באַלד דערלאַנגט אַ האַלבן לעבל ברויט, אַ מעסער, גראָבע זאַלץ (אין אַן ערדן זעלצערל) און אַ טעלער סמע־טענע. דאָס ערשטע מאָל זינט איך לעב, אַז מע גיט מיר עסן סמעטענע פֿון אַ גרויסן טעלער.

— גייט וואַשט זיך!

אָט דאָס זענען געווען די דריי ווערטער, וואָס איך האָב פֿון איר געהערט.

און איך בין אַוועקגעגאַנגען אין קיך אַריין זוכן די קוואָרט, וואָס שלמה האָט מיר אין אַ רגע אַרום געבראַכט, ווייל ער האָט אין איר געטראָגן דער פֿויערטע אַ טרונק. ער האָט די קוואָרט אַוועקגעשטעלט, אָבער ער האָט זי גלייך צוריק אַ כאַפּ געטאָן, מיר אָנגעשעפּט אינעם הילצערנעם עמער אַ פֿולע שעפּ וואַסער און האָט מיר אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן — אַ סימן, אַז ער איז מיט מיר געוואָרן היימישער.

— יענער רבי, — האָט ער אָנגעהויבן און מיך אין איין וועגס נאָך אַ מאָל באַקוקט, — איז געווען אַן אַלטער, ער האָט שוין ניט געקענט אַרומגיין.

אויף די הענט האָבן זיך ביי מיר אָנגעצויגן הערעלעך וואָל, וואָס זענען קענטיק אַרומגעשווומען אין דער וואַסער. דער האַנטעך האָט אויך אויף זיך געהאַט ניט ווינציק וואָל. איך האָב געקוקט אויפֿן ברענענדיקן אויוון, אויף דער שטוב, וואָס איז פֿול מיט רעש און מיט פּאַרעך. כ'האָב נאָך אַ מאָל, ווי אומגערן אַ וויש געטאָן די הענט מיטן נאַז טיכעלע און בין אַוועק מיט שלמהלען צום טיש. אייגנטלעך האָב איך נאָך אפֿילו ניט געקלערט וועגן עסן, נאָר ווי באַלד די ייִדענע האָט עס מיר דערלאַנגט און געהייסן זיך גיין וואַשן, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דער אָפּמאַך איז דאָך ביי אונדז אַזוי געווען — קעסט אַ גאַנצן טאָג און לערנען מיט די קינדער נאָר אַ האַלבן טאָג.

אַן אַנדערש מאָל איז עס גאָרניט אַזוי שלעכט.

סע שאַדט ניט זיך אָפּקילן מיט אַ ביסל פֿרישער סמעטענע. ס'מיר נאָר ניט באַקוועם, וואָס אַ גאַנצער טעלער. ווער ס'ניט געוווינט עסן סמעטענע אויף אַ טעלער קען עס אים נאָך פֿאַרשאַטן אויך.

שלמה איז אַוועקגעלאָפֿן צונויפֿקלייבן די איבעריקע קינדער און איך

האָב אָפּגעטריבן פון זיך ערגעץ צו אַלדי שוואַרצע יאָר דעם „ניט שיין״.

— יאָ שיין, ניט שיין. עס, אַז מען גיט דיר.

איך האָב זיך אָפּגעשניטן ברויט און געגומען טונקען אין טעלער אריין. נאָר וואָס טוט מען — צוזאַמען מיט דער סמעטענע שלעפּן זיך נאָך לאַנגע זשמוטעס האָר, ד. ה. ניט קיין האָר, נאָר וואָל, אמתע שאָפּענע וואָל. די סמעטענע ווערט גאָר ווי שענער דערפון: ווייס, ווייס און אין מיטן אַ סטעזשקעלע שוואַרץ.

— נו, מהיכא־תיתי. ז״י שיינקייט בין איך שוין מוחל, אָבער ווי אַזוי עסט מען דאָס? ערשטנס, גיט עס ניט צו קיין אַפּעטיט און, צווייטנס, איז עס שלעכט צום שליגגען.

נו, וואָס טוט מען איצטער? ווען איך האָב דאָ אַשרן וואָלט איך אים געפרעגט.

— עסן? צי ניט עסן?

עסן האָר געדיכט איינגעפּעסטיקט אין סמעטענע קען איך ניט. איך קען עס פּשוט ניט אַראָפּשלינגען. וואָס וועלן אָבער מיינען די נייע באַלעבאַטים מיינע? זיי וועלן מיינען, אַז איך בין אַן איבערקלייבער און איך קען נאָך פּשוט בלייבן אָן אַ שטעלע.

— אייזיק, — מאַך איך צו זיך אַליין, — פאַרמאַך די אויגן און עס. אויב ניט, טאָ טו אַ מאַגיע צו זיך די קאָץ, וואָס זיצט אַן־אַ אַנט־קעגן דיר אויפן פענצטער, רוף זי צו און טייל זיך מיט איר צו ביסלעך: דיר אַ לעפל, איר אַ לעפל, פאַר געדיכטער סמעטענע וועט דיר יעדע קאָץ זאָגן אַ דאַנק.

און די מאַשינעס טראַסקען אין שטוב און די פויערים דרייען זיך אַרום אויף און אָפּ און מיינע תלמידים זיצן שוין אַלע אַרום טיש. דעם אַלטן צעבלעטערטן חומש, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן, האָב איך באַטראַכט און ער געפעלט מיר ניט. איך וועל קריגן ביי אַשרן אַנדערע ביכער.

— גיט אַהער, קינדער, אייער פּאַפּיר, וועלן מיר דערווייל שרייבן. נאָר פונעם טינטער שלעפּן זיך אַלע מאָל אַרויס גרויסע האָר און זיי טוען אַ פּיר איבערן פּאַפּיר, אַ קלעק אויף אַ האַלבער פּערטל. פונ־דעסטוועגן לערנען מיר. מיר שרייבן טאַקע אונדזערע איי־גענע נעמען:

ש ל מ ה,
ב ר כ ה ק ע,
ח נ ה,
כ אַ צ ק ל.

שלמה איז אַלט 12 יאָר, כאַצקל 8. כאַצקל קען נאָך אַליין ניט שרייבן, שרייבט ער ביי מיר אויף קריץ. ברכהקע שמאָרעט צו פיל מיט דער נאָז און זי קוקט אַלע מאָל צום פענצטער. זי וויל ארויסלויפן אין דרויסן, אַז זי חלשט. זי גייט אויס. דאָרטן שפּילן זיך אירע חברטעס פּריסקע מיט האַדזשען. זיי מאַכן ברויטלעך פון זאַמד. איך פּיל איר מיט. איך וויל אויך אין דרויסן אַרויס. איך וואָלט זיך מחיה געווען. נו, אויף דערויף וועט אין גיכן זיין צוועלף אַ זייגער. חנה קער שוין זיין דער צווייטער שנורס.

זי זאָגט ניט „קום", זי זאָגט „קים".

— רבי, — זאָגט זי צו מיר און שטעלט אַן אויף מיר אַ פּאָר אויגן מיט אַ צעעפנט מויל, — איך וועל באַלד קימען.

זייער איידל פון איר זייט. אַזאַ קליינס זאָל שכל האָבן אַנשטאָט „איך וויל דאָס אָדער יענעס", זאָגן „איך וועל באַלד קומען". דאָס איז דאָך אַ חידוש אין דער וועלט. דאָס אַליין זאָגט עדות, אַז ביז מיר זענען דאָ אויך געווען לערערס און תלמידים און זייער האָרעוואַניע איז ניט געגאַנגען אומזיסט.

ס'נאָך ניט געווען קיין פולע צוועלף, ווי די שנור, די ליטוויטשקע, שוין ניט די שוויגער, האָט ווייטער געבראַכט צום טיש יענעם גראָבן טישטעך און דאָס זעלבע זעלצערל, דעם מעסער, דעם האַלבן ברויט און אויף וואָרעמס האָט מען מיר געגעבן הייסע, פרישע קנישעס מיט סימיע און ווייטער — סמעטענע.

איך האָב געהערט, אַז מען עסט סימיע. פּויערים מאַכן פון אים פאַרשיידענע מאכלים. נאָר איך האָב נאָך ניט געזען ווי אַזוי מען עסט דאָס. דאָך האָב איך זיך גלייך אַנגעשטויסן, אַז ס'איז סימיע און איך האָב גענומען עסן. פון דעם טונקעלן ווייצענעם טייג און פונעם געפּילעכץ שלאָגט אַ פּאָרע, נאָר סע קומט מיר אויס שלעפּן פון מויל גאַנצע זשמע־ביעס האָר, און די סמעטענע איז כמעט ווייטער די זעלבע, וואָס אין דער פריִ. ווייטער געשמאַקע, קילע, ווייטער אין אַ גרויסן טעלער, נאָר ווי אַזוי קען מען אויספירן, אַז זיי זאָלן דערלאַנגען די סמעטענע באַזונדער און די וואָל באַזונדער?

— איר זייט ניט הונגעריק? איז דורכגעלאָפן די דיקלעכע שנור און מיך אַ פרעג געטאָן מיט אַ שמייכל.

— אָ, וואָס רעדט איר וואָס? — האָב איך איר געענטפערט און געפילט ווי עס קיצלען אין גאָרגל די ניט־אַראָפּגעשלונגענע צעפּלעך וואָל. — אין שטאָט זעען מיר עס דען?

אין דער זעלבער רגע האָב איך אָבער געפילט, אַז איך מעג זיך שוין רעכענען אַרבעטסלאָז. און סע איז אַזוי געווען.

אויף מאָרגן בין איך צו דער קנעלונג ניט געגאַנגען.

אַז די שנור, די ליטוויטשקע, האָט אין טעג אַרום באַגעגנט אַשרן, ביי זיי אין געסל גייענדיק, האָט זי אים אומיסטן אָפּגעשטעלט. ביי איר גאַנצער פאַרנומענקייט האָט זי דאָך פאַר אים געוואָלט אויסרעדן דאָס האַרץ.

— אַ ניט — זאָגט זי, — האָבן מיר פון דער אַדראַזע ניט געזען, אַז ס'ניט פאַר אונדז קיין רבי, אַז דער מענטש קוקט גאָר ניט אַהער. אים דאַרף מען אוועקסטעלן אין אַן אַפּטייק, דאַרף מען אים אוועקסטעלן.

אגב, ס'טוען מיר באַנג די חברה, דער עיקר שלמהלע מיטן ברייטן נעזל און מיט די געזעצטע אברים. איך האָב בפירוש געזען, אַז מיט דער צייט וואָלט איך מיט אים געקענט ווערן חבר. און אַ חבר, אַז מען האָט אפילו אַ קליינינקן, איז עס זייער פון די גוטע זאַכן.

---

אַשרן האָב איך דערציילט, אַז איך גיי קיין וויקאַוויטש און קיין לעסקעוויטש. דאָרטן שטייען רויטאַרמייִשע טיילן, איך וועל זיך אפשר צושלאָגן צו אַ טייל.

זיך געזעגנט און באַדאַנקט פאַר גאַסטפריינדלעכקייט.

יצחקן מיט די טעכטער אויך געזאָגט אַ גוטן טאָג.

— שוין ? אַזוי גיך ? — האָבן זיי מיך אַלע ווי אין איין קול געפרעגט.

און איך האָב זיי געענטפערט, אַז אויב ס'וועט זיין באַשערט, וועלן מיר זיך נאָך זען.

ס'האָט מיר אָפּגעגאָלטן — ס'האָבן מיך אָנגעיאָגט צוויי רויטאַרמייער, וואָס האָבן געטראָגן אַ פּאַקעט פון קאָפּישטש קיין וויקאַוויטש. איז מיר אי פריילעכער, אי איך פאַרשפּאָר פרעגן דעם וועג. איינער איז אַן עלטערער מיט אַ באָרד און דער אַנדערער איז נאָך גאָר אַ יונג בחורל, הלוואי — זיבעצן. אַ גאַנצן וועג האָבן מיר פריילעך פאַרבראַכט, נאָר ערשט שפּעטער, אַז איך האָב זיך דערוווּסט מיט וואָס זיי קערן זיך אָן איינס צום צווייטן, האָב איך ערשט באַמערקט ווי געראָטן זיי זענען איינער אינעם צווייטן. ס'מיר אָרויף אויפן געדאַנק וועגן זייער היים און איך האָב דערזען ווי לעבעדיק, אַ פרוי, פילימאָנאַ הייסט זי, פילימאָנאַ איוואַ־נאָוונאַ און זי טוליעט אַזוי שטאַרק צום האַרצן די בריוו, וואָס זי דער־האַלט פון אָט די צוויי רויטאַרמייער, וואָס איינעם געהערט זי זיך אָן ווי אַ ווייב און איינעם — אַ מאַמע.

זיי זענען שוין צוויי יאָר אין דער רויטער אַרמיי. די גאַנצע צייט זענען זיי געווען אין באַזונדערע ערטער און ערשט מיט אַ חודש צוריק האָבן זיי זיך צונויפגעטראָפן. איצט האַלטן זיי זיך אַזוי שטאַרק איינער מיטן צווייטן, אַז אַפילו אַ געוויינלעכן גאַנג, אַז זיי האָבן געדאַרפט אויספירן, האָט דער פאָטער אויך געפועלט מען זאָל זיי שיקן אין צווייען.

די פעלדער זענען אָפּגעשניטן און זיי ליגן ברייט און רחבותדיק. אַהין, ווייטער פון שליאַך איז אויך ווי אַ ליכטיקער שפּיגל איינגעפאַרעמט אַ קיילעכיקע אַזערע און ווייסע ברינזלדיקע גענדזעלעך שווימען אויף איר אַרום — אַ סימן, אַז אַ דאָרף איז שוין ניט ווייט.

פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ טויבער שאָס און נאָך אַ שאָס און אַ כמאַרע האָט זיך גלייך אַנגעצויגן אויפן שיינעם דרויסן און מסתמא אויך אויף אונדזערע פּנימער.

דער טאַטע האָט אַ זאָג געטאָן מיט זיין רוסישער ברייטער אויסשפּראַך:

— יעטאָ דאַליעקאָ. (ס'איז ווייט).

דאָך האָבן זיי ביידע אַ צי געטאָן אויף די אַקסלען די רימענס פון די ביקסן און גענומען פעסטער שטעלן דעם טראָט.

איך האָב זיך איצט קלאָר אויסגעמאָלט, ווי אונטערן זעלבן הימל און אויף די זעלבע פעלדער, וואָס מיר טרעטן, איז פאַראַן „די זייט" און „יענע זייט". יענע זייט איז דאָרט, וווּ די ווייסע פּאַליאַקן זענען. און פאַר יעדן שאָס, וואָס ס'האָט געטאָן פון דאָרטן, האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן און איך האָב זיי געווונטשן דעם אייביקן טויט.

זייערע שאָסן טראָגן מיט זיך פינצטערקייט, ווילדקייט און רציחה. און מיט אַ מאָל, מיט אַ מאָל איז מיר געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. מיין האַרץ איז געוואָרן פול מיט טרייסט. יעדער שאָס איז פאַר מיר געוואָרן ווי אַן אויפגעעפנטער פענצטער צו גרעסערער ליכטיקייט, צו פרייערער לופט. און געוואָרן איז עס צוליב איין וואָרט, וואָס מיין שכן פון דער רעכטער זייט האָט נאָך א לאַנגער פּויזע מיט אַ ברייטן שמייכל און הנאה אַרויסגעזאָגט:

— יעטאָ נאַשי ביוט! (דאָס שלאָגן די אונדזעריקע!)

מען טרייבט דעם פּאַליאַק אין האַלדז און נאָקן אַריין. ס'איז מיר פּשוט געוואָרן ליכטיק אין די אויגן.

די דערפער מיט די שטעט, די נעענטערע און די ווייטערע, וועלן אַלע ווערן צוריק אונדזערע. די מענטשן, וואָס זענען אונדזז ברידער, וועלן צוריק אַן עטעם טאָן מיט אַ פרייער ברוסט. די מיידלעך מיט די בחורים וועלן ווייטער זינגען איבער די פאַרנאַכטן אוקראַאינישע לידער און

די לערער וועלן צוריק רופן די קינדער אין די שולן. דאָס לעבן וועט ווייטער ווערן ווי אַ לעבן דאַרף זיין.

אויפן פעלד האָבן זיך געפיטערט אַ פּאָר פערדלעך. די האַרבסטיקע זון האָט געוויזן אויפן האַלבן טאָג און סע האָבן זיך שוין אויסגעזען די פּלויטן פונעם נאָענטן ניט באַקאַנטן דאָרף.

---

אין וויקאָוויטש האָב איך געטראָפן אַ קליינעם רויטאַרמייִשן אָפּטייל איך האָב זיך געמעלדעט צום קאָמאַנדיר און איך האָב אים דערלאַנגט מיינע פּאַפּירן.

ער האָט זיי באַקוקט, מיר פאַרגעבן קורצע עטלעכע פראַגן און מיר געהייסן בלייבן. פאַררעכענען אין אָפּטייל וועט מען מיך קענען ערשט אינעם נאָענטן דאָרף, ווייל דאָרט געפינט זיך די קאַנצעלאַריע און דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק.

דער קאָמאַנדיר פון מיין „וזוואָד" האָט זיך מיט מיר געטיילט מיט זיין שינעל. איך בין מיט קיין זאַך ניט געווען צוגעגרייט צום האַרבסט און סע האָבן זיך אָנגעהויבן קאַלטע אויפדערנאַכטן — איז ער געבליבן אין זיין וואַרעמער ארמייִשער גימנאַסטיאָרקע און אויף מיר האָט ער אָנגעפּיאַלעט זיין שינעל, ווייל איך בין נאָך ניט געווען אין גאנצן קיין צוגענומענער האָב איך קיין אייגענע מונדיראָוואַניע ניט געהאַט, נאָר געגאַנגען זענען מיר שוין אין איינעם פון וויקאָוויטש קיין ליסקעוויטש. און אַז מיר זענען געשלאָפן אין אַ יידישער שטוב, האָב איך שוין אויף זיך אַליין געמיינט, אַז איך בין שוין אַן אַרמייער, נאָר אַ פריש אַריינ־געקומענער האָט מיך מערער אויפגענומען פאַר אַ שטוביקן.

מיין וזוואָדנער קאָמאַנדיר האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער ט'מיך לערנען שפּילן אויף אַ האַרמאָניע און איך זאָל אים לערנען שפּילן אויפן פידל. מיר זאָלן אין איינעם גרייטן די פּאָליט־פאַרגעבונגען, אַז מירן האָבן צייט. אָט־אָט האָט ביי מיר געדאַרפט געבוירן ווערן און אויסוואַקסן אַ גוטע חברשאַפט. אָט־אָט האָב איך געמיינט, פאַל איך אַריין אין אַ גוטער שול, וו איך וועל זיך אויסרייבן פאַר אַ שטיקל מענטש. אָבער אַ נישטיקע קרענק, אַ צוקילונג, אַ ביסל היץ, וואָס האָט מיך אָפּגעמוטשעט אַ קאַרגע וואָך צייט, האָט מיך אָפּגעריסן פון מיין נייעם וועג, אויף וועלכן איך האָב זיך געזאָלט געוועזן שטעלן. דער קאָמאַנדיר אַליין, אַ הויכער, אַ פעסטער מאַנספּאַרשוין, — פאַר וועלכן איך האָב זיך געפילט אַ ביסל אָפּהענטיק — איז געשטאַנען לעבן מיין קאַנאַפּע. ער האָט מיך היימיש און חבריש

אַ טאַפּ געטאָן דעם קאָפּ און מיר אָנידערגעלייגט אונטערן קישן מיינע דאָקומענטן.

פאַר וואָס האָט ער עס געקוקט אויף מיר אַזוי מילד, גערעדט ווי מיט אַ גלייכן? פאַר וואָס האָט דער קאָמאַנדיר פון מיין ווזוואָד זיך מיט מיר געהאַלטן אַזוי נאָענט? צי דען האָט מיין אויסערלעכער אויסזען ביי זיי געקענט אַרויסרופן גוטע געפילן?

אין דער פּרי האָבן זיי מיט מיר גערעדט, זענען לעם מיר געשטאַנען און וואַרמעסצייט זענען זיי אפשר געווען פּונקט אין אַזאַ שטוב און פּונקט אין אַזאַ דאָרף פאַר צען אָדער צוועלף ווערסט פון מיר. אָבער די צוועלף ווערסט זענען שוין געווען ניט קיין צוועלף, נאָר פינף הונ־דערט, ווייל איך בין געבליבן צוריק אין מיין ציווילן וואָכעדיקן אָנטאָן און זיך אָפּגעשטעלט צוריק צווישן שטוביקע ציווילע מענטשן. צווישן אַזעלכע בין איך אויסגעוואָקסן און צווישן אַזעלכע וועל איך שוין מסתמא שטאַרבן.

איין זאַך האָט מיך נאָר אַזוי ווי געפרייט: סע האָבן מיך, דוכט זיך, פיינט געהאַט די שטוביקע לייט און געוואָלט פון מיר פּטור ווערן... און אפשר גיב איך ניט אַזוי ריכטיק איבער דעם דאָזיקן געפיל, אפשר האָבן זיי נאָך ניט געוווסט, אַז דאָס בין איך דער, וועמען זיי האָבן פיינט.

די מעשה דערפון איז גאָר פּשוט און איז כמעט אפילו ניט ווערט, מע זאָל זי דאָ ברענגען אויף פּאַפּיר.

אָט די אַ ליסקעוויטשער באַלעבאַטישע געזינד האָט קרובים און זייער פאַרמעגלעכע ביי אונדז אין שטעטל, און עמעצער פון די דאָזיקע פאַרמעגלעכע און פאַרפרומטע קרובים איז געווען דאָ אין ליסקעוויטש ניט לאַנג צוריק צוליב מסחר־זאַכן.

שבת ביים טיש האָט דער גאַסט זייערער, איך ווייס ניט אַקוראַט צי דאָס איז געווען זי אַליין, אונדזער בריינדל, די שניט־קרעמערין, צי איר מאַן פייטל די ציג, נאָר שבת נאָך וואַרמעס איז אַרויפגעגאַנגען אַ רייד וועגן סלאָוועשנער גוטע און שלעכטע „גייסטער" און מען האָט געשאַלטן איינעם אַן אייזיקלען, וואָס מאַכט אומגליקלעך די שטאָט, וואָס לערנט אַ שטאָט מיט קינדער מחלל שבת זיין בפרהסיא, וואָס שלעפּט די קינדער אין די טעאַטערס און אין די שקאָלעס אַריין און מען האָט שוין, דוכט זיך, באַלד צוגעמאַכט ביז איין חדר.

מילא, נו... לאָמיר זיך משער זיין, אַז די היגע שטוביקע דאָרפס־יידן ווייסן נאָך ניט מיט וועמען זיי רעדן און פון וועמען זיי רעדן, נאָר

דערווייל שעלטן זיי מיך גאַנץ פֿיין, און בשעת מען זאָגט אויף מיר אייזיקל, זאָגט מען עס מיט יאַשטשערקעס... נו, אויב ס׳איז אַזוי, אויב גבירים שעלטן מיך, בין איך דאָך שוין גאָר ניט אַזוי פּוסט און אויס־געליידיקט ווי איך מיין... און אויב ברײַנדל די שניט־קרעמערין און פּייטל די ציג בּאַרעדן מיך, וואָלטן מיך ווילן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער, איז דאָך שוין גאָר קיין עוולה ניט, וואָס דאַנילאָוו, דער קאָמאַנדיר, האָט אויף מיר געקוקט גוט. אַלנפֿאַלס, איך האָב זיך ניט וואָס צו פֿילן שולדיק דערפֿאַר. און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז פֿון דער שטוב מעג איך וואָס פֿרייער אַוועקגיין, וואָרעם דערוויסן זיי זיך, אַז דאָס בין איך דער, וועמען זיי און זייערע קרובים שעלטן, קענען זיי נאָך מיר אָפּטאָן דער רוח ווייסט וואָס.

און איך דער נאַר בין נאָך אַלץ אַזוי נאַיִוו און ס׳איז נאָך בײַ מיר אַלץ געפּועלט, אַז די גבירים, די פּיאַווקעס, די בלוטזויגערס און די פּרומע צורות האָבן זיך ניט וואָס צו ברוטשקען. מען האָט דאָך זיי שוין געכאַפּט בײַ דער האַנט. מען האָט דאָך שוין פֿון זיי אַראָפּגעריסן די מאַסקע: אויס גאַטס גנבים, אויס פּרומע צורות, כשרע בהמהלעך, נאָר פּשוטע גנבים. בלוטזויגערס, זיך אַנגעקאָרמעט מיט פֿרעמדס. וואָס זשע קענען זיי מערער טענהן? זאָלן זיי ענטפֿערן ווי יעדער פּראָסטער גנב.

— ס׳איז אייערס? נאָט אייך אָפּ.

ניין, דאַרפֿן זיי נאָך חדרים פֿאַר די קינדער. פֿאַר וועמענס קינדער? זייערע אייניקלעך האָבן זיי דאָך אַנגעטאָן אין קנעפּ און צעשיקט אין די גימנאַזיעס אַרײַן? איז פֿאַר וואָס זשע גייט זיי אַזוי שטאַרק אָן דער חדר? און איר זאָלט זיי אָנקוקן, איז בײַ פּייטלען אַ באָרד, ווי אַ בהמהשער ווײַדל און זי, ברײַנדל, גייט אין אַ פֿאַטשיילע מיט צוויי עקן און די פֿאַלי־צעס האָבן זיך בײַ זיי געבראָכן פֿון די בעסטע געוואַנטן און די בעסטע זײַדנסן. אמת, זיי האָבן אַלע מאָל געגעבן אַ שיינע נדבה.

— אָט קוקט אונדז אָן אינמיסטן, מיר גייען ניט נאָר פֿאַר דער־וועלט, מיר ווילן זיך עפּעס אײַנשאַפֿן פֿאַר יענער וועלט אויך.

און זיי האָבן זיך בפֿירוש פֿאַרגעשטעלט יענע וועלט אין דעם זעלבן געמיטלעכן אויסזען ווי די היגע: אַ שטאָט מיט קבצנים, אַ שטאָט מיט משרתים און ער, פּייטל די ציג, כסדר מיט אַ גוט וואָרט, כסדר מיט אַ נדבה, מיט אַ גמילות חסד. קען דען זײַן עפּעס לייטישער? און דאָ קומען מענטשן און מען וואַרפֿט אַראָפּ דעם קייסער, און נאָכן קייסער, דעם פֿריץ מיטן גלח — פּייטל דער ציגס בעסטע קונים. אַראָפּ, אַראָפּ צו אַלדע שוואַרצע יאָר. וואָס זשע וועט ווערן מיט פּייטלס קלייט מיטן גאַניק,

וואָס איז אַזוי געוווינט פון אַלע יאָרן, אַז שיינע קאַרעטעס זאָלן זיך לעם אים אָפּשטעלן ?...

דערמאָנסט זיך נאָר אין פייטלס גאַניק, אַזוי וואַקסן אויס פאַר דיינע אויגן פריצישע קאַרעטעס מיט ברענענדיקע פערד, מיט אָנגעפּרינצטע שמייסערס און אויבנאָן זיצן פּריצים און פּריצאַלקעלעך און דער מאַ־זשאַריער גלח גיט פייטלען די האַנט. און דער פּעטרעשיער פּריץ בייט זיך איבער מיט פייטלען מיט אַ גמילות־חסד.

אַזעלכע פּייגע מענטשן! אַזעלכע איידעלע לייט און אין מיטן דרינען...

אויס!... ניע נאַדאָ!... מען דאַרף ניט קיין פּריצים, מען דאַרף ניט קיין געלטזעק, מען דאַרף אויך ניט קיין שטעטלדיקע גבירים מיט קיין איידעלע שניטקרעמער.

דענסטמאָל ווערט פייטל פרום און פרעגט מיט אַ כשרער מינע, ווער זשע וועט געבן אַ נדבה דעם אָרימאַן, ווער וועט אויסהאַלטן דעם בית־המדרש ?

זאָגט מען אים, אַז ביי מאַרקסן און ביי לענינען שרייבט זיך, אַז מען דאַרף ניט קיין נדבה, מען דאַרף ניט קיין רב, מען דאַרף ניט קיין תלמוד־תורה. דאָ ווערט פייטל בלייך. די לאַנגע שמאָלע ווידלדיקע באָרד נעמט זיך שאָקלען ווי ביי אַ דערשראָקענער ציג. ער האָט געמיינט, אַז דאָס אַלץ וואַקסט נאָר פון די היגע סמאַרקעס. צום סוף הערט ער גאָר זאַכן, וואָס די אויערן ווערן ביי אים צעדויבעט: הייסט עס, אַז סע גייט פון גרויסע קעפּ און איצט ווערן איינגעפּלאַנצט אָט די דאָזיקע דינים אין לעבן.

— באַטיושקאָ! קאָק זשע וואַשי זאַקאָני? קאָק זשע וואַש באָג? — פרעגט פייטל די ציג ביים מאַזשאַריער גלח.

אים וואָלט ניט אָרן סע זאָלן גילטן דעם גלחס זאַקאָנעס. דעם רב וואָלט ער אָריינגעשיקט נאָך אַ זעקל ווייצענע מעל, נאָך אַ פונט טיי און וואָלט עס אַלץ איינגעלאַדעט.

אָבער דער גלח שווייגט אַ ביסל און ענטפערט אים אין אַ היפּשער ווילע אָרום

— פּאָניע פייטעל. אָ וואַשי זאַקאָני? אָ וואַש באָג?...

אָבער אייער גאָט, דער יידישער, איז דאָך עפּעס אַ היפּש ביסל עלטער פון אונדזערן. אדרבא, זאָגט איר!...

אוןביידע לייט צענעמען די הענט. וואַש באָג, נאַש באָג. — אַז סע גייט אָן, איז עס אַ סחורה און אַז ניט, איז כאַטש לייג זיך און לאָך. אגב, אָפּן האָט ער עס ניט אָרויסגעוויזן, פייטל, אַז ער האָט אונדז

אַזוי פיינט. איך הער פון אים כסדר:

— קום אַריין, אײַזיקל, זיץ אַ ביסל. ס׳הײַנט סיי ווי ניטאָ וואָס צו טאָן. דער מסחר איז געשלאָגן. אַלץ איז געשלאָגן.

דערנאָך האָבן אים די פּאָגראָמען אויסגעשלאָגן די פענצטער און ער האָט שטילערהייט אַרויסגעקוקט אויף די פּאַליאַקן. האָט ער די טאַפּליעס צוריק אַרײַנגעשטעלט. אין דער גרויסער שטוב האָט מען צו אים אַרײַנגעזעצט דעם „סאָיוז" (פאַראיין) און אין די קלענערע חדרים, וואָס לעם קלייט, וווינט ער אַליין. און דער מסחר איז ביי אים אַלץ געשלאָגן. די קינדער זענען זיך ביי אים צעפאָרן לערנען און ער עפנט נאָך אַפּ אַלע טאָג די קלייט, קוקט אַרויס. דער עיקר, וואָס אויסערלעך איז ער גוט, כאָטש לייג אים צו צו אַ מכה, און אינעווייניק איז ער פול מיט גאַל, און מיט קללות.

אַנומלטן האָב איך אים אין אַ שבת ביי טאָג באַגעגנט, ווי ער איז געגאַנגען נאָכן שלאָף. אײַן הויז איז ביי אים געווען פאַרשטעקט איבערן אויער פון שטיווליעט און די ווייסע גאַטקעס האָבן זיך אַרויסגעזען. מיך דערזען, מאַכט ער:

— אייזיק, סערדצע, גייסט מסתמא אין בית־המדרש אַריין לערנען פּרק?

— איך גיי אייך דאָרטן אַפּ צו אַ מנין?

— פאַר וואָס טאָקע ניט? וואָס איז? דו קענסט חלילה ניט? דיין טאַטע האָט דיך ניט געלערנט?

---

ווען אָשר ווייסט, אַז איך בין ניט געזונט, וואָלט ער מיך אַליין ניט אַפּגעלאָזן. ער וואָלט מיר אָדער געדונגען אַ פור, אָדער ער וואָלט אויך מיטגעגאַנגען סע זאָל זיין פריילעכער. סיי ווי לאָז איך איבער ביי די היגע יידן אַ קוויטעלע, אַז זיי ווען גיין קיין קאַפּישטש אין וואָלאָסט אַריין, זאָלן זיי עס אים איבערגעבן און אַליין פרעג איך דורך וואָנען מען גייט קיין סלאָוועשנע.

ביי אונדז אין דער היים איז שוין צוריק שטיל. די פּאַליאַקן זענען דענסטמאָל אפילו ביזן שטעטל ניט דערגאַנגען.

זיי ווייזן מיר אָן דעם קירצסטן וועג. דאָס איז אויף וואָראָביאָווער קרעטשמע.

פון וואָראָביאָווער קרעטשמע האָב איך געהערט. ביי אונדז אין שטעטל זענען פאַראַן צוויי משפחות וואָס מען רופט זיי די וואָראָביאָווער. זיי

זענען פון דאָרטן אַריבערגעפאָרן צו אונדז און זיי זענען געוואָרן אויס יישובניקעס.

איך זאָל אַ מאָל אַליין אַנשפּאָרן אין דער דאָזיקער קרעטשמע האָב איך זיך קיין מאָל ניט פאַרגעשטעלט, און דער עיקר איינער אַליין גיין טאַפּן אַ וואַנט און זיך דערפרעגן ווי אַזוי דערלאַנגט מען זיך צו דער וואָראָביאָווער קרעטשמע?

אַ מאָל גייסטו אַזוי איבער אַ פרעמדן ליידיקן שליאַך, און דיר דוכט זיך, אַז דו קומסט אַרויס פון אַ שטיין, דו האָסט ניט קיינס און קיינעם. אָט דאָ איז דיין ווינונג, אָט דאָ אויפן שליאַך איז דיר באַשערט צו טאָגן און צו נעכטיקן און דער וועג איז לאַנג ווי די אייביקייט און די פיס דיינע שטייט נאָך פאָר אַ סך צו מעסטן און צו שפּאַנען, ביז דו וועסט צום סוף פון דיינע יאָרן, צום סאַמע זונפאַרגאַנג דיינעם, זיך דערלאַנגען צו אַן אָפּשטעל און ווי אַ גאַסט אויף אַ סטאַנציע איבערזיין דאָרט אַ שטיקל צייט ביז דער טויט וועט צו דיר אַ קלאַפּ טאָן אין טיר און זאָגן:

— קום!...

---

אַ מידער און אַן אָפּגעשוואַכטער בין איך דערקראָכן צום ערשטן און בעסטן הויף אין וואָראָביאָווער קרעטשמע. איך ווייס ניט, צי האָב איך אַ קלער געטאָן וועגן אַן אויסוואַל צי ניט, איך בין שוין געווען צו פיל מיד, איך זאָל צייט האָבן קלייבן, סיידן מען וועט מיך פון דעם הויף אַרויסטרייבן, אָדער ניט אַריינלאָזן, וועל איך שוין דאַן זיך לאָזן זוכן עפּעס אַנדערש.

די פאַרגייענדיקע זון האָט זיך געל געזעצט אויף די שייערן, ווי אויך אויף דער אָפּגעקאַלעכטער דאָרפישער שטוב. אַ הינטל, האַלב ווייס, די צווייטע העלפט צוגעמישט מיט לאַנגע טונקעלע האָר, האָט מיך פאַר־זיכטיקלעך באַשמעקט און פון זיין מינע האָב איך געקענט מאַכן אַן אויספיר: — דו ווילסט גיין אין שטוב, דאָרטן איז אַן דיר שוין אויך דאָ גענוג. נאָר גיי שוין, גיי. אַן אַנדער ברירה האָסטו?...

פון דעם ערשטן קבלת־פּנים בין איך געווען ווי צופרידן. דאָס הייסט, פאַר אַ שטיל הינטל דאַרף מען זיך גראָדע היטן, ס'זאָל ניט אַ ביס געבן הינטן אַרום. אָבער פאַר דעם דאָזיקן הינטל אַנטשולדיק איך זיך. טאָמער איז מיר, חלילה, אַרויפגעקומען אַ צענטל מחשבה אַזאַ. ס'איז בפירוש ניט פון יענעם שניט און ניט אין אַזאַ שטוב איז עס אויסגעוואַקסן.

ווערדליק איך האָב זיך געפילט מיד און גלייכגילטיק צו אַלץ, האָב איך זיך צו אַלעם ערשטן געוואָלט אַ וואַלגער טאָן אויף דער פּריזבע.

אבער ערגעץ צאַנקט נאָך אַ שטיקעלע גלייכער געדאַנק:

מען דאַרף פריער אַ פרעג טאָן צי וועט מען דיך לאָזן איבערנעכטיקן, וואָרעם סע ווערט דאָך שוין נאַכט אין דרויסן. אין דער פינצטער וועט מיר זיין ערגער אומצוגיין טאַפּן אַ וואַנט אין אַ פרעמדן דאָרף.

אין שטוב איז שוין געווען אין גאַנצן טונקל. אַ מאַטע רויטע שיין איז נאָר געפאַלן אויף די אַבראַזן. אינעווייניק האָב איך געטראָפן עטלעכע מיליטער־מענטשן. ס'האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ מלאָש צו חלשן, צי בין איך אָפּט מאָל ניט אַריינגעפאַלן אין קיין נעץ; וועלכע ערטער אויסגעמיטן, פון וועלכע שלעק ניצול געוואָרן און דאָ ניט געוואָרט און ניט געריכט און דער עיקר ווען? בשעת איך האָב ניט קיין כוח פאַר קיין פליג.

— טאָוואַרישטשי — דערהער איך פון דער טונקל אַ קול, — ווו נאַשעם פּאָלקו פּריבילאָ שטאָ־לי? — און איך דערזע שוין אַ רויט בענדעלע, אַ שטערנדל, און סע גייט מיר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן.

— כ'וועל ביי אייך קענען איבערנעכטיקן, באַלעבאַטים? — טו איך שטיל אַ פרעג.

— יאַקאָס פּאָמיסטעמאָס, — ענטפערט מיר אַ פויער אין א לייוונ־טענער העמד, וועלכן איך האָב נאָך אפילו גוט ניט געזען, און ער איז צו מיר שוין אַזוי גוט.

איצט גיי זוך אָפּ די וואָגשאָלן, אויף וועלכע מען זאָל קענען וועגן דעם מענטשנס גוטסקייט.

— פון וואַנען גייט אַ יונגערמאַן?

— איך גיי פון קאָפּישטש, פון ליסקעוויטש, קיין סלאָוועשנע גיי איך.

— פון ליסקעוויטש, נאָך היינט?

— היינט...

— ווער שטייט איצט אין ליסקעוויטש?

— זנאַמאַ נאַשי! — האָט אַ באַסאָווע שטים געענטפערט פון צווישן די רויטאַרמייער.

איצט האָב איך אים שוין געזען גוט. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן מיט צוויי שוואַרצע וואָנצעס, מען זעט גלייך, אַז ס'איז אַ וואַיאַקע. ער איז געזעסן אויפן דיל און געריכטעוועט אַ זאָטל און אַ צווייטער אַ יינגערער האָט בשכנות מיט אים געסטרויעט דאָס ציימל.

— איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס שלעפּט איר זיך אַרום פון ליסי קיין סטריסי. פונקט איר וואָלט ניט געהאַט וואָס צו טאָן? — האָט דער וואַיאַקע זיך אויפגעהויבן מיט אַ קרעכץ פון דער ערד און זיך אויסגע־

קערעוועט צו מיר. — ווייז נאָר אַ קוק טאָן די דאָקומענטן דיינע. — און ער איז צוגעגאַנגען צו מיר מיטן גרייטן.

איך האָב אים געוויזן מיינע פּאַפּירן, איינעם, דעם צווייטן, געהאָלפן איבערלייענען.

— מילא, זאָל שוין זיין אַזוי. — און אַז ער האָט אַ ביסל אויסגע־גלייכט די אברים נאָכן לאַנגען זיצן אויפן דיל, האָט ער צוגעגעבן ווי מיט ביטול:

— נעכטיק יאָ, נעכטיק ניט!...

אַוודאי איז מיר געווען ליבער די באַציונג פון דאַנילאָוון דאָרטן אין ליסקעוויטש און פון מיין ווזוואָדנעם קאָמאַנדיר. נאָר איך טאָר דאָ אויך ניט זינדיקן, בפרט איך בין קיין בעסערס ניט ווערט.

זיך אָפּגערוט אַ ביסל אין הויף אויף דער פריזבע. דער פאַרגאַנגענער טאָג איז געווען אַ זוניקער אַזוי אַז אין דרויסן איז נאָך איצט אויכעט וואַרעמלעך, און די מידקייט האָט זיך צו ביסלעך אָפּגערוקט פון מיר. פאַרקערט, איצט בין איך גרייט, ווען דאָס זאָל, למשל, זיין סענדעריווקע, זיצן מיט פאַליען, מיט דער מיטלסטער פון די שוועסטער, אויפן גאַניק און אפשר אַריינשמועסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מיר איז ליב, וואָס האַלב וועג האָב איך שוין דורכגעמאַכט און דווקא צו פוס געטראָפן דעם וועג, כמעט ניט פרעגנדיק ביי קיינעם. וואָס דאַרף מען מער: אפילו דער באַלעבאָס אַליין האָט באַמערקט, אַז איך בין גוט געגאַנגען...

אין גיכן האָט אַ שיין מיידלקעלע פון וואָסערע 15—16 יאָר, נאָר זייער אַן איידעלינקע, געבראַכט צו טרייבן די פי פון פעלד און אפשר פון וואַלד. דאָ זענען דאָ ביידע זאַכן. זי האָט מיך אַ רגע באַקוקט ווי עפּעס אַ נייע זאַך און דערנאָך פונדעסטוועגן שטיל אַ זאָג געטאָן: גוט־אָוונט!

אַ יונגיטשקער רויטאַרמייער, טאַקע נאָך גאָר אַ יונגס, ממש בלוט און מילך, איז אַרויסגעשפּרונגען פון שטוב און איר געהאָלפן פאַר־טרייבן די פי. ער האָט זי אפילו גוטמוטיק אָנגענומען פאַר די פינגער פון דער לינקער האַנט, וואָס זי האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן, און זי האָט אים אויך קינדעריש און חבריש געקוקט אין די אויגן אַריין. טאַקע צוויי שיינע חברימלעך, — האָב איך אַ קלער געטאָן צו זיך, — יונגיטשקע, ליבינקע, נאָר זיי האָבן מיר אויסגעזען מערער ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. קען זיין, אַז דערפאַר האָב איך אַזוי געקלערט, וואָס איך האָב זי קיינעם ניט געוואָלט פאַרגינען. אָט דאָס־אָ קינד האָב איך גע־

וואָלט טוליען צו זיך, האַלטן ביי זיך אויפן שויס, ביי זיך לעם בוזעם און זיך טישען מיט איר. צוויי שיינע בלויע אויגן. ליכטיקע, שיין אויס־געפּלאַכטענע צעפּ און אַזאַ איידלקייט איז ביי דעם אויסגעגאָסן אויפן פּנים, אַז כאָטש לייג זיך די רגע און שטאַרב צוליב איר.

אין שטוב, אַז די עלטערן האָבן געגעבן וועטשערע, האָבן זיי אויך אַזוי געמאַכט, אַז די טאָכטער זאָל זיצן לעם דעם יונגינקן רויטאַרמייער. זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, היפּש געקאָכעט אין זייער איינציק טעכטערל און פּאַר פּאַטיעכע וועגן האָבן זיי זיך געוואָלט צוקוקן ווי אַזוי וועט זי אויסזען, אַז זיי וועלן זוכה זיין און זי דערלעבן זען מיט אַ גלייכן. די מאַמע איז אויך אַן אָנשטענדיקע, אַ געשטעלטע און כאָטש זי איז גענוג פאַרהאָרעוועט, אָבער ס'איז דאָ אַ שיינקייט אין איר גאַנג און ס'זענען דאָ אויף איר פּנים סימנים פון יוגנט, וואָס ווילן זיך נאָך ניט אויסלעשן. מיר איז ניט שווער אויסצומאָלן, ווי ליב ס'איז מיר געווען די דאָזיקע שטוב צוזאַמען מיט אירע מענטשן. וואָס דאַרף מען מער. ס'האָט זיך מיר די גאַנצע צייט אויסגעוויזן, אַז איך בין דאָ אַ היגער, אַ שטוביקער און ניט פון ערשט. אַלע ווינקעלעך זענען מיר נאָענט און באַקענט. אָט וועלן זיך די רויטאַרמייער אין אַ פּאָר טעג אַרום צעפאָרן, וועלן מיר זיך בלייבן אַליין „דיד דאָ באַבאַ״ און מירן זיך טאָן אונדזערע טאָג־טעגלעכע, וואָכעדיק־באַשיינטע אַרבעט. איך וועל גיין מיטן ציפּ דרעשן אויפן שייער. דער שווער וועט פאָרן אין וואַלד אַריין אויסקאָסען אַ ביסל פּאַרשפּעטיקט גראָז. נאַסטיושקע מיינע וועט אַכטונג געבן אויף די פּי און מיר עפּעס פּאַרנייען און פּאַרשטשאָבען, וואָס מען דאַרף, און די שוויגער וועט אַכטונג געבן אויף דער שטוב, וועט ווייקן פלאַקס צו קעמען. אַרבעט, ניט פּאַרשטערט זאָל ווערן, איז דאָ גענוג.

אַז דער יונגער רויטאַרמייער האָט געזאָגט נאָכן עסן: אַ דאַנק — האָט דער מיט די שוואַרצע וואָנצעס אים זייער גראָב איבערגעקרימט. ער איז, ווייזט אויס, אַ רובאַקאַ, נאַר פון יענע. און דערפאַר האָט ער ניט ליב קיין סענטימענטן. נאָר סע מאַכט ניט אויס, זיינע חברים האַלטן פון אים סיי ווי, פינף פּאַרשוין זענען זיי, דוכט זיך, דאָ.

און נאָך וועטשערע זענען אַלע געגאַנגען שלאָפן. מיך האָט נאַס־טיושקע דורכגעפירט אין שטאַל אַריין, געגעבן אַ ריינעם זאַק אויף פּאַרשפּרייטן דאָס היי און אַ סוויטקע אויף זיך איינדעקן. דאָס הינטעלע איז איר געטריי נאָכגעלאָפן. דאָס הינטעלע, וואָס איז אַ שטומע צונג, האָט, ווייזט אויס, אויך ליב נאַסטיושקען מיטן גאַנצן הינטישן הערצל. היינט, וואָס זאָל טאָן אַ מענטש, אַז ער דערזעט אַזאַ ליב און איידל

קינד? מענטש, מענטש, פאַר וואָס ביסטו ניט ייִנגער אַ ביסעלע, ניט ספּריטנער און ניט געזינטער? דאַן וואָלסטו אפשר געקענט אויף עפּעס האָפן. ווי? און איך האָב זיך געטוליעט אונטער דער סוויטקע און גע־פילט, אַז איך גיי אויס, אַזוי וואָלט איך וועלן זיין איינס מיט דער־אָ קליינער נאַסטיושקען מיט מיינער. און איר טאַטע, און איר מאַמע, און איר שטוב, און איר בהמהלע זענען מיר אַזוי נאָענט, זיי זענען מיר אויף אַזוי פיל מיינע, אַז איך ווייס טאַקע ניט ווי אַזוי בין איך ניט אויסגע־וואַקסן אין אָט דעם וואַלד, מיט די קאַריאַווע דעמבעס, מיט די קוריניעס, וווּ פויערים זומערן און ווינטערן דאָ לעם זייערע קושאַרעס. ניין, סע קען ניט זיין! איך בין געוויס אַ היגער און בין געוויס אויסגעוואַקסן אונטער איין הימל מיט נאַסטיושקען, זיך געקייקלט מיט איר צוזאַמען אויף איינע און די זעלבע לאָנקעס, וואָרעם, אויב ניט, ווי אַזוי וואָלטן זיי מיך ליב געהאַט און ווי אַזוי וואָלטן זיי מיך געלאָזן, איך זאָל זי אַזוי געשמאַק אַרומנעמען און דריקן צו מיין האַרצן. אַ געזונט אויף דיר, מיין שיינס, מיין ציכטיקס און מיין איידעלינקעס.

נו, שלאָפן, שלאָפן.

און געשמאַק צונויפגעדריקט זיך אינעם היי, אַ סך ייִנגער ווי איך בין אין דער אמתן, מיט א באַטעמטער רו נאָך דער מידקייט, וואָס האָט גענאָגט אין די קני, ווער איך אַנטשלאָפן. ניט ווי אין דער פרעמד, נאָר ווי ביי זיך, אַנדערש געזאָגט, ווי די דאָזיקע פרעמד וואָלט שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיינס אייגנס.

---

גאַנץ פרי האָב איך זיך ווייטער אויפגעכאַפּט מיטן געדאנק וועגן נאַסטיען. איך האָב צו איר געשמייכלט, און ס׳איז מיר געווען גוט אויפן האַרצן.

אין שטוב האָב איך געטראָפן נאָר די מוטער. אָבער ס׳איז געווען פרי. סע קען ניט זיין, אַז אַלע זאָלן זיך שוין האָבן צעגאַנגען. קען זיין, אַז די רויטאַרמייער שלאָפן נאָך אין קאַמער אָדער אין שייער אויף דער פרישער שטרוי. די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ, און נאַסטיענקע, אַ פרישע, אַן אויסגעשלאָפענע, אַ טייערע האָט געבראַכט צו טראָגן צוויי עמער וואַסער און אַוועקגעשטעלט לעם דער דייזשקע. איך בין צוגעלאָפן און געהאָלפן אויסגיסן דאָס וואַסער. די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן מיך אָנגעקוקט מיט גוטע אויגן; דערנאָך האָט מיך די מאַמע געפרעגט ווי אַזוי איך קלייב זיך גיין. מיטן שליאַך, צי מיט דער סטעזשקע? ווייל מיט דער סטעזשקע איז אַ סך נעענטער.

און ס׳איז געבליבן, אז די מוטער אַליין וועט אַרויסטרייבן די בהמות און נאַסטיושקע זאָל מיך אַ ביסל דורכפירן און מיר ווייזן ווי צו גיין.

אַ גלאָז מילך געשמאַקע אויסגעטרונקען, מיט אַ שטיקל פרישן גע־שמאַקן הרעטשאַניק צוגעביסן און ווען איך קען נאָך פּאַר דאַנקבאַרקייט צו דער שטוב און די באַלעבאַטים, וואָלט איך זיך געגרן מיט זיי צעקושט.

— זייט געזונט. אַ דאַנק. אַז איר וועט זיין אין סלאָוועשנע, בעט איך אייך פאַרגיין צו אונדז.

— גייט געזונט, — ענטפערט מיר די באַלעבאָסטע היימיש, — און האָט קיין פאַראיבל ניט. אַז איר וועט זען אונדזערע וואַראַביאָווער יידן, לאָזט זיי גריסן.

און ס׳טוט מיר אַזוי באַנג, וואָס איך האָב זיך ניט גענוג איינגעקוקט אין הויף, אין די ווענט פון שטוב, וואָס איך האָב זיך ניט גענוג איינגעקוקט אין די שטריכן פון דער מאַמעס פּנים, ניט איינגעזאַפּט אין זיך די ריינקייט, די שיינקייט און די ערלעכקייט פונעם קול פון אירן.

און נאַסטיושקע גייט אַפּריער, און דאָס הינטעלע לויפט צווישן מיר מיט איר און מיר שפּאַנען איבער אַ פּלויט. אָט זענען מיר אַרויף אויף אַ קלאָדקע פון גראָבע ברוסעס און איך דערזע נאַסטיעס פיסלעך אין אַ שפּיגל פון וואַסער און די צעפּ אירע די שיינע, און דאָס הינטעלע איז אויך דאָרט אָפּגעשפּיגלט און איך אויך. און פון ביידע זייטן קלאָדקע וואַקסט עפּעס אַזאַ מאָדנע טשערעט. אַהין, עטוואָס ווייטער אַ פּאָר ביימער געדיכטע, און אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ אינעווייניק מיט אַזאַ ריינקייט, מיט אַזאַ צויבער. מיין טייער פיסעלע, רופן זיך דאָן מיינע מחשבות איבער מיטן קליינעם 16־יאָריקן מיידעלע. — אויב דיינע יונגע קרעפּטיקע פיסעלעך טרעטן דאָ אַלע טאָג, איז דאָך קיין חידוש ניט, וואָס דאָ איז אַלץ אַזוי שיין. איך הייס אויף יידיש אייזיק, אויף רוסיש איסאַק. און דער יידישער יונגערמאַן, דער באַרימטער רוסישער קינסטלער — לע־וויטאַן — האָט אויך געהייסן איסאַק. גאָט, מיין גאָט! אַ ביסעלע, אַ קאַפּעלע גיב מיר כוח אַנצושעפּן כאָטש עטלעכע טראָפּנדלעך שיינקייט פון דאַנעט. שיינקייט, טיפקייט, לויטערקייט, אייביקייט און אָוועקטראָגן מיט זיך אויף וויפל ס׳איז מיר נאָר באַשערט זיך וואָגלען איבער דיין וועלט, וואָס פאַרמאָגט אין זיך, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אויך גענוג העסלעכקייט, פּיין און אכזריות.

— נאַסטיושקע, ביי אייך איז דאָ אַלץ אַזוי שיין?! נאַסטיושקע, דו ביסט שוין אַ מאָל געווען ביי אונדז אין שטאָט?

נאַסטיע, מיין קרוין, בשעת זי רעדט מיט אַ מענטשן, קוקט זי אים

גלייך אין די אויגן. און אין אירע קינדערשע בליקן איז דאָ אַזוי פיל לויטערקייט, אַזוי פיל ריינקייט, אַזוי פיל טעם און אַזוי פיל מענטש־לעכער פאַרשטאַנד.

— וואָס זאָגט איר, וואָס? זי קען נאָך ניט שרייבן, ניט לייענען? זי קען זיך אפילו ניט חתמענען? הערט שוין אויף, שעמט זיך צו זאָגן אַזעלכע זאַכן און דערצו ווען קיינער פרעגט ביי אייך ניט.

— אָט דאָ, — ווייזט מיר נאַסטיע — זאָלט איר גיין גלייך, גלייך, וועט איר לעם די ווערבעס אַרויסגיין אויפן שליאַך.

און שוין. איצט קען זי שוין גיין אַהיים. און דאָס הינטעלע פאַר־קערעוועט ווי אַן אויטאָמאָטל און לויפט שוין צוריק. מיר זעען שוין נאָר דאָס ווײדעלע זיינס.

הינטעלע, ווייסינקער, אפשר וועסטו מיט מיר מאַכן אַ בייט? דו גיי זיך קיין סלאָוועשנע און איך וועל נאַכגיין טאָג און נאַכט נאָך דיין יונגיקער באַלעבאָסטעלע. איך וועל אומעטום באַגלייטן איר די טריט און זיך איינשטעלן פאַר איר, טאָמער וועט מען דאַרפן. און אויב ניט? אפשר וועסטו צוטראַכטן אַזוי, אַז מיר זאָלן אַלע דאָ פאַרבלייבן. איך קען אַריבערנעמען אַהער רחלען און די שוואַרצע בהמה אויך, און מיר זאָלן דאָ אַלע ווערן פריינט. קיין אַרבעט איז מיר ניט פרעמד, לאָמיך זיך נאָר צולערנען, וועל איך האָרעווען באַגלייך מיט אייך. זומער אויפן פעלד און ווינטער אין שייער. געבענטשט זאָל זיין די ערד, וואָס טראָגט אויף זיך אַזעלכע ווי איר זענט.

---

אַנדערע מענטשן גייען, ווייל זיי דאַרפן ערגעץ קומען. איך גיי (אַזוי דאַכט זיך מיר איצט), ווייל איך האָב דאָ ניט וואָס צו שטיין. און דערצו איז דער מענטש אַזוי געבויט, אַז ער האָט צוויי פיס, און אַז מען לאָזט זיי אָפּ די ווישקעס טעלעפּען זיי זיך, זיי באַוועגן זיך און שלעפּן מיט אין איין גאַנג די איבעריקע טיילן קערפּער, די הענט מיט די פּליי־צעס, די אויגן, דעם קאָפּ און אפילו די געדאַנקען.

אַ טאַרבעלע אויפן אַקסל, אַ שטעקן אין דער האַנט און פּאַמעלעך. שפּאַן נאָך שפּאַן, לאָזסטו איבער הינטער זיך איין ווערסט געדיכטן וואַלד נאָכן צווייטן. ווו ניט ווו וואַרפט זיך דורך אַ פּליך, נאָר וואָס מאַכט עס אים אויס, דעם וואַלד, אויב ער איז אפילו ווו ניט ווו פּליכעוואַטע, אַז די זון לייגט זיך אָפּ מיט אַזעלכע שיינע פלעקן און אַז פויגלען שפּאַצירן איבער זיינע געל־גרינלעכע לאַטעס מיט אַזאַ רחבות, מיט אַזאַ

שטאָלץ, ווי אמתע באַלעבאַטים, וואָס אַז זיי גייען, גייען זיי אויף זייערס. אַן־אַ פּיקט אַ פּיקהאָלץ מיט אַזאַ פלייס די קאָרע פון אַ בוים און אנדערע זאָגן, אַז דאָס איז גאָר זיין לשון, קיין אַנדער שפּראַך האָט ער ניט אויסער דעם, וואָס ער פּייקלט אויס מיטן פּיסקל איבערן האַרטן קליג־געגדיקן האָלץ.

ווייזט אויס, אַז ס׳איז מיר נאָך ווייט צו גוט. ווען ניט, וואָלט איך דאָך גאָר אַנדערש הנאה געהאַט פון אַזאַ שיינעם דרויסן אין מיטן וואַלד. איך וואָלט ניט געדאַרפט קלערן פון דעם, וואָס איך האָב געלאָזן הינטער זיך און פון דעם, וואָס עס וואַרט אויף מיר פאָרויס. ווען איך בין ביי גאָט אַ בן־יחיד, וואָלט איך אי געגאַנגען צו פוס אי געפאָרן אויף קאַ־רעטעס און וואָלט געשווומען איבער וואַסערן און זיך געטראָגן אין דער לופטן. יעדעס מאָל וואָלט איך גענוצט אַזאַ מין אופן פון באַוועגן זיך, וואָס וואָלט געווען מער צוגעפּאַסט צו דער געגעבענער שעה. איצט, למשל, וואָלט איך געוואָלט זיצן מיט נאַסטיענקען אויף אַן אָנגעצויגענעם פליענדיקן טעפּעך. אַ גרינג ווינטעלע זאָל אונדז גלעטן און דער טעפּעך זאָל זיך שוועבן פון דער גרינג... נאַסטיענקע שפּילט זיך אויפן גרינעם טעפּעך, איך שפּיל זיך אויך. אַז מען וויל, זענען מיר נאָך ביידע קליינינקע.

ווו וואָלט איך נאָר ניט אָנגעשפּאַרט? סע זענען דאָ וועלדער און פעלדער, ימים און מדבריות. אפשר וויל איך זען ווי אַזוי סע וואַקסט רייז. אפשר וויל איך זען ווי אַזוי מען טריקנט טיי? אפשר וויל איך זען די מענטשן, וואָס פלעכטן זיך אויף די ביימער ווינונגען פון צווייגן? נאָר דערווייל האָב איך ניט אַזעלכע מעגלעכקייטן, דערווייל אַז דער גבר מיט די וואָנצעס, מעג ער אפילו זיין אונדזערער, נאָר אַז ער קוקט אויף מיר פרעמד און וויל ביי מיר דאָקומענטן, מוז איך זיי אים ווייזן. זאָל ער וויסן ,אַז מיין טאַטע הייסט לייב, און געבוירן בין איך אין האָצעקלאָץ, און קיין מענטשן האָב איך ניט געהרגעט און קיין שפּאָר־קאַסע האָב איך ניט באַגנבעט, און אַז ער קערט מיר אום די פּאַפּירן און זאָגט מיר „מילא”, בין איך צופרידן, ווי איך וואָלט נאָר וואָס אָפּגע־מאַכט אַ גוט געשעפט. ניין. ס׳איז מיר נאָך ווייט צו גוט. אַ סימן האָב איך: אַט־אַ גייט צום ווינטער, און מען מוז קלערן וועגן פּשוטע זאַכן, ברענגען אין אָרדענונג אַ מאַנטל פאַר זיך און פאַר רחלען, אין זינען האָבן כאַרטש פאַר דער שוואַרצער וועגן, זי דאַרף אַוודאי ניט וויסן צי מיינע געדאַנקען פליען אָדער זיי גייען צו פוס. איר דאַרף מען ווייזן הייַ אין שטאָל און פאַרפּאַרעטע פּאָלאָווע אין צעבער.

ס׳אַ טייערע זאַך ס׳איז צו זיין אַ בהמה ביי אַ גוטן באַלעבאָס. דו

קומסט אים אפילו מיט עפּעס צו נוץ, נאָר דערוויייל האָסטו ווער ס'זאָל פּאָר דיר זאָרגן און אפילו ווער סע זאָל דיר אויף מענטשן־לשון זאָגן פון מאָל צו מאָל אַ גוט וואָרט, אַ צאָרטס, אַ ווייכס און אַ האַרציקס.

קאָרג מאָל הערן מיר ווי אַזוי דער פויער זאָגט צו זיין פערדעלע „זדאַראָוו" בשעת יענער טוט אַ פאַרשקע מיט די נאָזלעכער אָדער אַ פּשוטן ניס...

מחשבות, מחשבות און עסן גלוסט זיך. די זון ווייזט שוין באַלד אויף האַלבן טאָג, אַן־אַ שטייט אַ קושאַרע מיט בהמות. ווען איך גיי צו צו די פּאַסטעכלעך, וואָלט איך מיט א מענטשן אויסגערעדט אַ וואָרט, אי מען וואָלט מיך אפשר צוגענומען צו אַ קאָמפּאַניע אויף איבערבייסן. אָבער צו אַלע גליקן ביז איך נאָך אַ ביסל אַ שעמעוודיקער אויך. וואָס וועל איך זיי זאָגן? אַמער וועל איך אָט־אָ איבערזיצן אַ רגע אויף אַן אָפּגעהאַקטן קאָרטש, טאַקע נאָר אַ קליינער ווײַלע און דערנאָך אָפּלאָזן די רגלים זאָלן זיי ווייטער שפּאַנען.

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, נאָר איך ווער וואָס אַ מאָל נעענטער צו דער היים.

...טו אַ קוק, בוזיעלע, וואָס דו האָסט פון מיר געמאַכט! מיין מאַמעס שטוב איז מיר עפּעס געוואָרן פרעמדער זינט איך האָב דיך דערקענט. דו האָסט מיר געגעבן אַ היים אַן אייגענע, אַ פרישע און אַ יונגע מיט לייכטע פאַרהאַנגלעך אויף די פענצטער. דערנאָך ביסטו ניט פויל און מאַכסט דורך פּאָר אַ גאַנץ קורצער צייט זייער אַ ווייטן וועג, פאַרגייסט אין דער אייביקייט און מיך לאָזטו איבער ניט אַהער ניט אַהין. די נייע היים צעבראָכן, די אַלטע — אָפּגעפרעמדט. ווי קלערסטו, טייערע, כ'וועל שוין אַזוי בלייבן אויף שטענדיק?

מיר דוכט זיך, אַז אומזיסט טראָג איך אַזאַ בייזע מינע אויפן פּנים. מיט וועמען, מיט וועמען, מיט דער מאַמען, מיט מיין אייגענער מאמע, וואָלט איך זיך מעגן דורכשמועסן אָפענער און פראָסטער. פון דעם אַליין וואָלט מיר געוואָרן אַ סך גרינגער אויפן האַרצן. איין זאַך נאָר, וואָס עפּעס איז אין מיר איבערגעפּירט געוואָרן אַזעלכעס, וואָס עס איז שוין ניט צום אויסלופטערן אויפן פרישן דרויסן און צום אויסוואַרעמען אַנט־קעגן דער ווייכער זון.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָב איך ביי אַ גוטן דיכטער געלייענט, וועגן אַ שימלפלעק, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין שאַצקאַמער אַריין. אָט דאָס בילד דעם דיכטערס איז אַ ביסל געגליכן צו מיין איצטיקן צושטאַנד, אָבער צו דעם רוגז מיט דער מאַמען האָט עס ניט. פאַרקערט,

אַ מאַמע העלפט. דאָס וואָרט „מאַמע" אַליין איז עפּעס אַזוי פיל! יאָ, איך מעג מיט איר רעדן און דאַרף מיט איר רעדן און איך בין זיכער, אַז פונעם איינעם שמועס מיט איר וועט מיר דערנאָך ווערן אַ סך גרינגער.

די שטאַרקע מידקייט און די אָנגעקלאַפּטע פיס מיינע לאָזן מיר וויסן, אַז איך דאַרף זיך שוין אין גיכן טרעפן מיט אַ דאָרף, און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. איך האָב אים דערזען פון דער ווייטנס, ווי אַ לאַנג געגאַרטע זאַך. אַן־אָ זענען די שפּיצן פונעם קלויסטער. אַן־אָ זעט מען שוין אַ רויך פון די קוימענס. אָט הייבן זיך שוין אָן די גערטנער מיט די באַשטאַנעס. יאָ, ס'איז אַ דאָרף, וואָס דערמאָנט שוין מיר אפילו די היי־מישע דערפער. אַ מין בעהון, וואָס איז אין גאַנצן פינף ווערסט פון דער היים, כאָטש פאַר בעהון איז עס נאָך צו פרי.

איך באַגעגן אַ פויערטע, איך באַגעגן אַ פויער, איך באַגעגן אַ יאָטל. איטלעכן גיב איך אָפּ אַ גוט־מאָרגן, פון איטלעכן קריג איך אַ גוט־יאָר און אַן־אָ איז שוין אַ ייד און זאָל איך אַזוי געזונט זיין. ס'איז טאַקע בעהון, וואָרעם דער ייד איז אַ בעהונער.

בעהון איז שוין אַזוי ווי ביי מיר אין דער היים. קיין בעהון בין איך געגאַנגען אַ טאָג איבער אַ טאָג לערנען רוסיש צום אַלטן לערער (מיטן איינעם פוס און מיט די געהאַקטע גלעזער אין די ברילן). קיין בעהון פלעג איך אַ מאָל אין אַ שבת ביי טאָג זיך פאַרשפּאַצירן מיט אַ חבר. בעהון האָב איך ליב, בעהון איז מיר געפעלן.

אמת, דער ייד איז דאָ ביי זיך אין דאָרף אַ סך אַנדערש ווי אַלע פרייטיק, ווען ער קומט צו אונדז אין באָד אַריין.

איך בין אַריינגעגאַנגען צום יידן אַהיים. זיין הילצערנע קאַנאַפּע, וואָס די רויטע פאַרב איז שוין פון איר לאַנג אויסגעשאָבן, האָט מיר געגעבן אַ ביסל רו פאַר מיינע גלידער. אמת, ס'איז אַ ביסעלע שאָטנדיק, אַ ביסעלע קילבלעך. דער ייד און די יידענע זענען צו מיר אויך ניט אַזוי וואַרעם, ווי איך וואָלט עס וועלן. דאַרפסלייט, דאַרפסלייט, ווו איז אייער גאַסטפריינדשאַפט? כאָטש צו די דאָזיקע יידן קען איך קיין טענות ניט האָבן. ערשטנס, קומט מיר פון זיי גאָרניט. צווייטנס, אפשר איז זיי עפּעס אָנגעזאָלצן אויפן האַרצן פון אַ שטוביקן ענין. אַ מאָל צעקריגט מען זיך מיט אַ שנור. אַ מאָל לאָזט זיך אויס, אַז אַן אייגענער שוואָגער האָט ביי דיינעם אַ שכן אויסגעדונגען אַ בהמהלע, וואָס ער האָט בפירוש געוווסט, אַז דו האָסט זי געוואָלט קויפן. ביי אַזאַ מין דרך, האָט עס טאַקע בפירוש געהאַלטן. פונדעסטוועגן, האָט מען מיך געפרעגט, צי איך קום נאָר וואָס פון סלאָוועשנע און דאָס האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט איינגיין אויף

אַ ליגן. זייער אָפּט בין איך אַליין ניט פֿעיִק צוצוטראַכטן אפילו דעם פּראָסטן ליגן ביז דער פֿרעגער שטעלט מיר אים אַליין ניט צו. אין אמתן, וואָס קען נאָך פּראָסטער זיין? איך האָב עפּעס געדאַרפֿט קיין בעהון, בין איך צוגעגאַנגען פֿון דער היים און באַלד גיי איך צוריק אַהיים. און אַ דאַנק דעם פֿאַרשפּאַר איך דערווייל דערציילן לאַנגע מעשׂיות.

קאַלט און אַן איבעריקע רייד, האָט מיר די האַלב בלינדלעכע באַ־לעבאָסטע אָוועקגעשטעלט אויפֿן טיש און נאָך דעם נענטער אַ רוק געטאָן צו מיר אַ ריינדעלע געבאַקטע קאַרטאָפֿל און זאַלץ אין אַ זעלצערל. האָב איך אָפּגעשיילט אַ פֿינף קאַרטאָפֿל מיט דעם געדאַנק, אַז איך וועל זיי ווען עס איז אָפּפֿאַלגן מיט אַזאַ מין זאַך, אַבי אין אַ גוטן אופֿן. דערנאָך האָב איך לעם דער דייזשקע אָפּגעזוכט דאָס קווערטל, געטאָן אַ גוטן טרונק וואַסער, באַדאַנקט און בין אַוועקגעגאַנגען.

ניט איין מאָל האָב איך געזען אַן אָרעמאַן אַ הייזער־גייער, וואָס טוט אויך אַזוי. נאָכן געשענקטן עסן, וואָס מען גיט אים אַ מאָל, זוכט ער שוין אָפּ אַן יענעמס הילף דאָס קווערטל וואַסער און טרינקט זיך אָן געשמאַק. נאָר צו וואָס זענען אַלע חקירות? ס׳איז פֿיין, ס׳איז זייער פֿיין, איך געפֿין זיך שוין אין בעהון און בעהון דאָס איז שוין מיין היים.

איך גיי אַרויס פֿון דאָרף און זעץ זיך טאַקע גלייך אַוועק אויף אַ גרינעם, ווייכן בערגעלע אונטער אַ גרויסן קליאָן.

ווען איך האָב אַ שטיקל פּאַפּיר ביי זיך וואָלט איך אים פֿאַרשריבן:

„מענטש, צו וואָס זאָלסטו זיך קלאָגן אומזיסט? איצט איז אַ צייט, ווען די רעגנס דאַרפֿן שוין קלאַפּן איבער די צווייגן. ווען די קעלט דאַרף זיך שוין אַרויפֿצייען אויף די פֿעלדער און טו אַ קוק, אָט־אָ האָט מען דיר מיטגעגעבן אויפֿן וועג אַ גוטן געשמאַקן וועטער. פּונקט ווי יענע פּרוי פֿון וואָראָביאָווער קרעטשמע, וואָס האָט מיטגעשיקט נאָסטיו־שען, זי זאָל דיר ווייזן דעם וועג. מען האָט דאָך דיר מיטגעשיקט די זון פֿון סאָמע ליסקעוויטש אָן: „פֿיר אים דורך אַ ביסל, ער גייט, נעבעך, אַ הוילער, אַ וואַכעדיקער, אַ צעבראַכענער, אַ פֿאַרקלעמטער. זאָל אים כאָטש זיין וואַרעם דער וועג. באַזונדערס פֿאַר אַ מענטשן, וואָס פֿילט זיך אַ ביסל געפֿאַלן און וואָס שעמט זיך אַליין בעטן...

איצט קען איך זיצן דאָ אויפֿן זוניקן בערגעלע און אָפּרוען די פֿיס, אפילו אַ האַלבע שעה דורך אַנאַנד און דערנאָך גיין צו מיינע באַקאַנטע ערטער, וואָס איך קען אפילו מיט פֿאַרמאַכטע אויגן טרעפֿן דעם וועג. און אויב מיינע לייט וועלן נאָך זיין אַזוי גוט און וועלן מיך אין דער

היים פריינדלעך באַגעגענען, וועט עס ביי היינטיקן טאָג זיין גענוג איבער גענוג.

---

אַז מען וויל איז עס אפילו שיין. איך גיי און גיי פון גאַנץ פרי אָן און פון נעכטן אָן. וויפל האָב איך שוין איבערגעזען, וויפל האָב איך שוין איבערגעקלערט און דאָ גייט עס קיינעם ניט אָן. דווקא אַ שטאָט מיט מענטשן און מען קען דווקא איינער דעם צווייטן אויסגעבונדן, נאָר יעדער איז אַזוי פאַרנומען מיט זיין ציג, מיט זיין קעלבל, מיט זיין שאַ־לעכץ, אַז זיי הייבן אפילו ניט אָן צו וויסן צי בין איך בכלל לאַנג פון דער היים. איי איך גיי פון דער דאָלינע, מסתמא זענען עס מיינע אייביקע גייענישן אַהין צום בית־עולם, אָדער צום באַרג, וואָס איז בשכנות מיטן בית־עולם.

ניין, אַ גוטע באַציונג וועמענס זי זאָל ניט זיין, איז ניט אָפּצושאַצן.

אַז מען וויל איז עס נאָך אפילו בעסער. דאָן פאַרשפּאָר איך דאָך זיך אָפּשטעלן לעם יעדן איינעם און אָפּגעבן דין־וחשבון ווו איך בין געווען, וואָס איך האָב געטאָן און מיט וואָס איך בין געקומען.

און אָט איז שוין אונדזער שטוב, די זעלבע, וואָס געווען. אַ ביסל פרעמדלעכער ווי אַמאָל, אָבער סיי ווי נעענטער ווי אַ סך איבעריקע, אויב מען זאָל ניט רעכענען דער פויערטעס שטוב מיט די אויסגעקאָלעכטע ווענט פון דרויסן און וואָראָביאָוער קרעטשמע.

אָן־אַ דרייט זיך אַרום דער טאָטע טיף אין הויף, ערגעץ לעם די שאָפּעס און איך וויים ניט, צי זאָל איך זיך לאָזן גלייך צו אים, צי פריער פאַרגיין אין שטוב אַריין.

צי דען איז דאָ נאָך אַזוי פרי, אַז מען מעלקט ערשט די בהמות פאַר דער בייטאָגיקער פּאַשע? די מאַמע האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פולן מעלקשעפל אויפגעשוימטע מילך און איז צו מיר.

— זיין זאָלן מיר מיינע זין!

און כאָטש די הענט זענען ביי איר פאַרנומען, האָט זי דאָך געטראָפן און מיר אַ קוש געטאָן גלייך אין שטערן אַריין.

אַ גרויסער זון, אַ גרויסער. שוין אַ צו גרויסער, אַז די מאַמע זאָל אים קושן, נאָר דאָך ווערט דערפון גרינגער.

רחלע איז געקומען צולויפן און גענומען טאַנצן אַרום מיר אַ דער־פרייטע. און אין אַ פערטל שעה אַרום איז אפילו פריידקע געקומען פון אַנשטאָלט (עמעצער האָט איר געזאָגט). זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן ברעג פון מיין אייזערן בעטל, (ווו איך בין געלעגן און געפּראַ־

וועט פֿאַר זיך דאַטשע). אינעם ווייטסטן אַלקערל האָב איך געהאַט מיין געלעגער אויף אַן אייזערן בעטל, וואָס סקריפּעט און פּאַרט אַרום ווי אויף רעסאָרן. אהין צו האָב איך זיך פֿאַרקליבן, כדי זיך אויסצורוען אונטער דער אייגענער סטעליע. פֿאַר הייַנט, פֿאַר נעכטן, פֿאַר פֿאַר־אַכטאָגן. אַהער האָב איך זיך אויך פֿאַרקליבן, כדי איך זאָל פֿאַרשפּאָרן אַ סך פֿאַרבערענגען מיטן טאַטן. מיטן טאַטן איז גוט צו פֿאַרברענגען בשעת מען טיילט קוגל, וואָס וועט סטאַיען פֿאַר איטלעכן. אויך ווערט דער טאַטע זייער גוט, קינדעריש און גוואַלדיק צוגעלאָזט, ווען סע שטייט פֿאַר אַ סכנה און מען דאַרף זיך ערגעץ זוכן אַ באַהעלטעניש. דערפֿאַר אַבער, אַז די צייט גייט נודנע און אַן פּרנסה איז בעסער זיך מיט אים האַלטן פֿון דער ווייטנס, וואָרעם, אַז ער טוט עפּעס אַן אומצופרידענעם בורטשע, ענטפּערסטו אים אַפּ מיט כעס, גיט ער דיר אַ מיאוסע אָנצוהער־רעניש, און אַז ער גיט מיר אָנצוהערן, אַז איך בין דאָ ביי אים אַן איינ־געבעטענער שכן איז שוין ניט נאָר אויף מיר אַ רחמנות, נאָר ס׳ווערט אויך אַ רחמנות אויף רחלען און אויף דער מאַמען און אויף די קלענערע קינדער. ס׳איז אויף זיי אַלע אַ צער צו קוקן בשעת מיר קריגן זיך אין שטוב און מען רעדט העכער ווי געוויינלעך.

די איינציקע, וואָס פילט זיך אין שטוב מער תקיף ווי איטלעכער, איז טאַקע פּאַרט פריידקע. און איך ווייס, איך ווייס זייער גוט פֿון וואָס דאָס נעמט זיך. זי איז מיט עפּעס פֿאַרנומען. אַ מענטש, אַז ער איז מיט עפּעס פֿאַרנומען, קומט צו אים אַ פעסטקייט און אַ געשטעלט־קייט, אַז ער ווייסט גאָר אַליין ניט פֿון וואַנען.

— נו, וואָס האָט זיך דאָ אין דער היים געטראָפֿן פֿאַר דער צייט? כמעט ווי גאָרניט. די ווייס־פּאַליאַקן האָבן ניט דערלעבט אַריינצוגיין אין שטעטל אריין. מען האָט זיי באַצייטנס אָפּגעטריבן, און וויטשענקאָ, איציק שענקמאַן און אַלע איבעריקע האָבן זיך גלייך אומגעקערט צוריק און מען האָט צוריק צעפּאַקעוועט די קאַנצעלאַריעס.

פּאַליעס שוועסטער ריוול, יעקב־בערס ווייב, איז געזעסן שבעה (אין סענדעריוועקע איז געשטאָרבן דער פֿאָטער אירער משולם דער בראָקער). ס׳האָט מיר דערלאַנגט אַ שטאָך אין האַרצן פֿונעם נייס. אים, משולמען דעם בראָקער מיט דער געלער דין־פּאַרמעטענער הויט אויף זיין פּנים קען איך ווינציק, נאָר איך זשאַלעווע אים אַ סך. נאָר דאָס איז נאָך ניט אין גאַנצן. גראָדע ער איז געגאַנגען צום טויט ווי צו אַ טיר, וואָס עפֿנט זיך אין ווייטע ליכטיקע ערטער. דער עיקר רייסט מיר דאָס האַרץ אויף די מיידלעך זיינע. ווער האָט זיי, אויסער חברה און קהילה־לייט,

געהאָלפן באַווײנען און אַרויסטראָגן זײער ײדישן טאַטן? ווו האָבן זײ אויף דער צײט אַהינגעטאָן זײערע אויגן? זײ האָבן דאָך זײער ניט ליב אַז מען האָט אויף זײ רחמנות! און אויב אָן אַ שיעור בליקן גײען דורך פאַר דיר מיט פשוטער גלײכגילטיקער און קאַלטער נײגעריקײט, ווערט דאָך דאָס האַרץ נאָך מער צעפליקט אויף שטיקלעך. איך שטעל זיך פאָר די שעה ווען זײ האָבן זיך אומגעקערט אין צווײען פון פעלד, זיך פאַרגנבעט אין די גרויסע לײדיקע הײזער אַרײן, צוגעשפּאַרט אין דער גיך די טירן, אַז קײנער זאָל אַהער ניט גײן און זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אַלעמען. פאַליע זיצט אין אײן ווינקל, די הענט אַרום די אונטערגעהויבענע קני אַרומגענומען. און מילקע זיצט אינעם צווײטן ווינקל, דאָרטן צווישן שאַפע מיט דער וואַנט. זי שיסט פון מאָל צו מאָל אויס מיט אַ ברוסטיקן קינדערשן געוויין, נאָר זי רײסט אים גלײך איבער, שיער ניט מיט די צײן און צווינגט אים, ער זאָל טליען אינעווײניק און ניט דערוועגן זיך אַרויסרײסן אויפן דרויסן.

נײן, איך בין טאַקע מיט זײ קײן מאָל גאָרניט געווען, נאָר איצט דאַרף איך זײן לעם זײ. איך האָב זײ אַרויסגעגעבן אַ וועקסל ניט קײן געשריבענעם, אַז איך וועל קײן מאָל ניט בלײבן גלײכגילטיק צו זײערע צרות. אַ שותף. אַ שותף מעג זײן אפילו ניט אויף קײן גלײכע חלקים, אָבער אַ שותף.

פרײדקע פרעגט מיך, צי האָב איך אין די דערפער ניט באַקומען זײער בריוול, וואָס מען האָט מיר פון דער הײם איבערגעשיקט? דער עיקר האָט פאַרשטײט זיך געשריבן פאַליע און מילקע האָט נאָר צוגעשריבן אַ גרוס.

מיט דער אָ ידיעה האָט מיר פרײדקע צוגעטראָפן, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. דעם בריוו האָב איך טאַקע ניט באַקומען (מסתמא וועט מיר אים אָשר איבערשיקן צוריק אַהער), אָבער דאָס אַלײן איז דאָך שוין אַ סימן, אַז זײ ווײסן אויך פון דעם, אַז זײ האָבן אין מיר דערקענט אַ חבר „אח לצרה״ — איז דאָ אַ העברעיִשער אויסדרוק, — דאָס הײסט, אַ ברודער אין אַ נויט.

— צו דיר איז אויך דאָ אַ גרוס? פרעג איך פרײדקען.

פרײדקע שמײכלט:

— ווי דען? — זאָגט זי — ס'איז ניטאָ? אַז מען דאַרף דעם בעל־דרשן, דאַרף מען זײנע קלומקעס.

איך זע און דערקען אין פרײדקען אַז סע ווילט זיך איר זײער, איך זאָל פון זיך אָנהײבן האַלטן מער ווי איך האַלט פון זיך. איך זאָל סוף־

כל־סוף אָנהייבן גלייבן, אַז עמעצער שטייט אין מיר, אַז עמעצער דאַרף מיך, אַז איך בין נאָך ווייט ניט קיין אָפּגעשלאָגענע הושענא, ניט קיין אָפּגעריסן צווייגל.

נו, מהיכא־תיתי, זאָל זיין אַזוי. סע טוט מיר אויך הנאה.

— צו שיינדלען יצחקס, — דערציילט מיר פריידקע, — האָט ווייטער אָנגעהויבן אָנפאָרן דער אינסטרוקטאָר קאָלטאָנסקי פון קראָסנע. די על־טערן וואַרפן זיך און שמיצן זיך מיט אים. און זי, ס׳איז אַ סברה, אַז זי וויל אויך אויף אים ניט קוקן. אָ, אָט־אָ גייט זי אויף די רייד.

רחלע האָט שטיפעריש אָן עפן געטאָן די טיר און וויזט עמעצן מיט איר קלוגן בליק ווו מיר זענען.

שיינדל, אַז זי האָט מיך דערזען, איז זי געבליבן שטיין, האָט דורכן שמאָלן אַלקער־טירל זיך אַ בויג געטאָן צו אונדז אין צימער אַריין און זיך צעלאַכט. איר לאַכן האָט דאָס מאָל באַדייט עטלעכע זאַכן:

ערשטנס:

צי קען מען אַריין?!

צווייטנס:

זעט אומיסטן סאַראַ חזיר איך בין! דאָס אייגענע האָב איך דאָך געקענט אַ ביסל צוואַרטן און קומען שפּעטער?

און ענדלעך אָן אייגענע רעזאָלוציע אויף די ערשטעביידע ספקות:

— מילא, פאַרפאַלן. צווישן אייגענע וועט דאָס בלייבן. איאָ?... און זי גייט אַריין און צעקושט זיך מיט מיר פאַר פריידקען און פאַר די קינדער אין די אויגן.

— זיץ, שיינדל.

און רחלע שלעפּט שוין אַהער אַ הויכן און שווערן דעמבענעם בענקל. דעדאָ דער סטאָליער האָט זיי אַמאָל צו דער חתונה מיר געמאַכט און איצט זענען זיי אין מיין טאַטנס שטוב־סקאַרב. די מאַמע האָט מיר ליב אָנצוווייזן אַלע רגע, אַז דאָס איז מיינס און דאָס איז נאָר מיינס. איך האַלט דאָ גאַרניט פאַר מיינס. מיינע איז נאָר רחלע און אונדזער ביידנס איז די שוואַרצע, יונגע און ביסטרע בהמה. די בהמה, דאָס איז עפּעס אַנדערש. דאָס איז אונדז געבליבן פון בוזיען.

וועגן שיינדלען גלוסט זיך מיר זאָגן נאָך אַ מאָל, אַז איך בין איר בפירוש דאַנקבאַר פאַר אַ סך זאַכן. אָט קומט זי פון שטעטל אין שיניצע אַריין און וויזט אויף מיר און די אַרומיקע, אַז איך בין דער, וואָס אינטע־רעסירט זי. איי עמעצער וועט מיר קומען און זאָגן, אַז זי האָט זיך אין זינען און ניט מיך, אַרט דאָס מיך אוודאי ניט. ס׳איז נאָך בעסער, ווי דען,

רחמנות דאַרף איך ? אָנשטעל דאַרף איך ?

און אויף וויפל קענען סטייען רחמנות און אָנשטעל, אויב אַ מענטש זאָל מיך אפילו וועלן אויפהאַלטן מיט דעם ?

וויפל מאָל ס'איז מיר אויסגעקומען זיך צוקוקן צו די פרוכטן פון אָנשטעל און רחמנות, האָבן זיי די אייגנשאַפט פון שניי אין אַן אַדליהע — זיי ווערן וואָס ווייטער אַלץ קויטיקער און איינגעשרומפּענער.

שיינדל איז פריילעך און אויפגעלעבט, זי זאָגט, אַז זי האָט געהאַט פון מיר גרוסן, אַז איך בין דאָרט אומגעגאַנגען מיט אַ טשערעדע מיידלעך, אַ כמאַרע אַ גאַנצע.

דאָס איז אַן אמת. איך האָב זיך דאָרטן באַקענט מיט אַ סך מיידלעך און בחורים און בפירוש לייטישע חברה. זיי זענען גאָר ניט אַזוי דאָרפיש ווי מען קען עס אָפּמאַכן. נאָר איין מיידל, וואָס וואָלט אייך אויך ביז גאָר געפעלן געוואָרן, איז נאָך אין גאַנצן אַ קליינינקע און זי וווינט אין וואָראָביאָווער קרעטשמע. איך ווייס ניט צי איר וועט זיך אַ מאָל מיט איר באַקענען. און צי איך וועל זי נאָך אַ מאָל ווען עס איז זען — נאַסטיענקע הייסט זי.

## ווינטער אין די גרויסע פרעסט

פרייטיק פאַר נאַכט איז די שטאָט געווען פול מיט נייס.

פייטל דער מאַנופאַקטוריסט, פייטל די ציג, ווי מען רופט אים, איז געגאַנגען קיין באַראַווע צו פוילן נאָך גאַזע. און מען האָט אים געכאַפּט. טאַקע די פוילן אַליין האָבן אים געכאַפּט און מען האָט אים געטאָן גע־ברענטע ליידן. ער האָט געטאַנצט אַ באָרוועסער אויפן פראָסט, און איצט טאָר מען זיך צו זיינע פיס ניט צורירן. ער איז קוים אַ לעבעדיקער געקומען אַהיים.

ברײַנע, דאָס ווייב זיינס, איז אויך נאָר וואָס געקומען מיט איצלען דעם באַלעגאָלע פון אַ צווייטן אָרט. זי האָט זיך געדאָרפט דורכרייסן פון די דעניקינצעס, און זי האָט צו גאָט קיין טענות ניט. זי האָט אויפן וועג געבעטן נדבות. לייטן האָבן איר געגעבן אַ שטיקל ברויט, אַ גלאָז זויער־מילך אויף איבערכאַפּן דאָס האַרץ. אויף אַ וועג, וואָס מען מאַכט גע־וויינלעך דורך פאַר צוויי מעת־לעת, האָט זי איצט אָפּגעגעבן צוויי חדשים און איז אַריינגעפאָרן פונעם זומער אין ווינטער אַריין. די פויערים, וואָס האָבן זי אונטערגעפירט, האָבן איר אַלע מאָל אויסגעליען אַ סוויטקע אָדער אַ פּעלצל און אַזוי האָט זי זיך איבערגעפעקלט פון איין אָרט צום צווייטן.

זי איז דאָס מאָל גראָד ניט געפּאָרן צוליב ספּעקולאַציע־זאַכן. איר האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל חרפּה אויף דער עלטער — אַ שווערער טראָגן — איז זי געפּאָרן אין אַ גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטער. אַז זי איז אָוועקגעפאָרן אַהין, האָט זי נאָך געהאַט אַ גאָרטן ניט קיין צוגע־קליבענעם, אַ פּאָר קניפּלעך ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש פאַרשטעקט אין צוויי גרויסע הייזער. אויפן וועג האָבן אָבער יענע ערטער איבערגע־קרענקט מיט די דעניקינצעס און דאָס ניי־געבוירן קינד האָט זי דווקא דערפירט אַ לעבעדיקס ביז בענדעריער סלאָבאָדע. אַלן פאַלס אין בענ־דעריער סלאָבאָדע האָט נאָך דאָס קינד געלעבט, ווייל זי האָט עס געהאַט איבערגעוויקלט און געגעבן זויגן. נאָר פון דאָרטן האָט זי אויף אַן איינ־געבעטענער פור, שוין אַריינפאָרנדיק אין שבת אַריין, זיך דערלאַנגט קיין לאַכוויצע מיט אַ טויט פאַרהילצערט פּעקעלע אַנשטאָט אַ קינד. דאָרטן האָט זי איבערגעשבתט, די לאַכוויצער יידן האָבן איר געהאָלפן ברענגען צו קבורה דאָס עופעלע און זי האָט אין פויערשע מלבושים, וואָס אַ פּויערטע האָט אויף איר רחמנות געהאט און אויסגעליען (ביז איר מאַן דער פורמאַן וועט זיך דאַרפן קערעווען צוריק) זיך דערלאַנגט קיין בעכיע, און פון דאָרטן אַהיים איז שוין מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען. דאָרטן האָט זי שוין אומעטום געטראָפן היימישע מענטשן, וואָס ווייסן וועד ברײַנע די ליסקאָוויטשער איז.

אמת, צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך טאַקע גע־שטעלט צום חזיר אויך. נאָר אייניקע ווייטע און דווקא קליינע מענטשע־לעך זענען איר געגאַנגען אַנטקעגן. למשל, שמואל דער בעכיער שוסטער, האָט זי פּשוט דערהאַלטן ביים לעבן, האָט איר געליען אַ פונט זאַלץ און האָט איר אַליין נאָראַיעט אַ פורמאַן, וואָס האָט זי איבערגעפירט קיין סוויעטשאַן. און די ווייב שמואלס האָט איר חוץ עסן און טרינקען נאָך געגעבן שטילערהייט אַ ריינע העמד און אַ פּאָר סגולות צו ווייבערשע זאַכן. זי איז דאָך דערוויילֿ מער ניט ווי אַ קימפּעטאָרין (אַ געווינערין): די מילך שפּאַרט אין די בריסטן, און ס'האָט איר שוין אויסגעפּעלט אַ העמד אויפן לייב.

הקיצור, אָרעמע מענטשן, — איז זי ענדלעך געקומען צום אויספיר, — זענען אַ מאָל לייטישער פון רייכע. יאָ, יאָ, ברײַנע, איר האָט קיין טעות ניט געהאַט. נאָר ביז מען דערוויסט זיך עפּעס נייס, דאַרף מען צאָלן רבי־געלט.

פון קראַסנע האָט זי שוין איצל פאַרפירט אַהיים אין זיין בורקע און אין באַסיע דער שוחטקעס וואַליענקעס, וואָס ער האָט געפירט אויף

צוריק פון דער באַן. און זי איז איצט געקומען צו ליכטבענטשן און זי איז שוין טאַקע פאַרפאַרן גלייך צו איצלען. מען האָט איר געזאָגט, אַז איר פייטל איז דאָרטן, ביי איצלען אין דער נייער שטוב, מען מונטערט אים און מען ראַטעוועט אים די אָפּגעפרוירענע פיס. אָט אויף דעם כיבוד איז זי אָנגעקומען און האָט צום אַלעם ערשטן אָפּגעבענטשט ליכט, גנעסיע האָט איר געגעבן ערדענע לייכטערלעך און חלבנע קליינע ליכט, געשניטן אויף צווייען. און ערשט דערנאָך האָט זי גלייך געשיקט רופן סטעפּאַנידען, סידערקעס שנור. יענע האָט איר געמאַכט אַ מולטער וואַרעמע וואַסער, האָט זי זיך אַליין אַ שווענק געטאָן און דערנאָך האָט זי געלייגט וואַרעמע שמאַטקעס פייטלען צו די פיס.

צי זענען עס שלעכטע נייס? צי איז אַ רחמנות אויף מענטשן? ס׳איז בפירוש אַ רחמנות אויף מענטשן. אָבער די שטאָט קען זיי פונדעסטוועגן ניט מוחל זיין די צוויי מויערן, וואָס זיי האָבן געהאַט, דעם גוטס, וואָס מען וואָלט געקענט באַטיילן מיט דעם אַ האַלב שטעטל. און ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אפילו געזאָגט, אַז אַ מענטש, וואָס טיילט אַלע יאָרן גרויסע נדבות, וואָס האָט אַן אָפענע האַנט, זאָל אַ מאָל אַליין דאַרפן אָנקומען נאָך אַ נדבה. דעם טעם פון געבן ווייסן זיי שוין. דאַרף מען פאַרזוכן דעם טעם פון נעמען אויך.

און כאָטש די דאָזיקע ברײַנע האָט מיך ניט ווינציק געשאָלטן ביי אירע פרייַנט אין ליסקעוויטש, מוז איך דאָך זאָגן, אַז איך קען זי. איך האָב מיט איר אַ סך גערעדט און זי איז איינע פון די ענערגישסטע פרויען אין דער געגנט. זי קען נייען, זי קען שטריקן, זי קען האַנדלען, זי קען וואַשן אַ פאַל, זי קען קאָכן און זי שפּאַרט אַליין אַן קיין פייטערבורג, ווען ס׳קומט אויס, כאָטש זי קען נאָך קיין טאָבליצע ניט איבערלייענען. זייער אָפט פאַרדריסט מיך, פאַר וואָס גיט אָפּ אַ מענטש זיינע כוחות, זיין גוואַלדיקע ענערגיע אויף ספּעקולאַציע, אויף קאָנטראַבאַנדע: אויף זאַלץ און אויף טיכלעך, אויף גאַזע און אויף פּוטער, אויף טאַקערס און אויף דאָלערס.

ברײַנע, ווענד איך זיך אָפּט צו איר אין געדאַנק, ווען איר טרעט מיר אָפּ האַלב פון אייער ענערגיע, וואָלט איך שוין איצט געהאַלטן אַ־האַ. אָט־אָ וואָלט מען דאַרפן אַוועקשטעלן די בילדונג ביי אונדז אין קרייז ווי סע באַדאַרף צו זיין. אויב סע רעדט זי וועגן בילדונג האָט עס גראָדע אַ שייכות צו מיר. ניט דערפאַר, וואָס איך בין אַליין אַזוי געבילדעט. ניין, חלילה! נאָר בשעת איך האָב געאַרבעט אין פּראָפּאַראַיין האָב איך פאַרוואַלטעט מיט דער קולטור־און בילדונג־אַרבעט און אַז איך

בין געפאָרן אַלס דעלעגאַט אויף א לערער־קאָנפערענץ האָב איך אין יעדן דאָרף זיך צוגעקוקט צו די שולן. געוואָלט, אַז סע זאָל דאָרטן זיין ליכטיק, געמיטלעך. דער דאַך זאָל ניט רינען. די לערער זאָלן זיין אויף זייער אָרט און ס׳זאָלן זיין גענוג „פּידרוטשניקעס״, דאָס הייסט לערנ־ביכער.

אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב געקלערט און געשמאַק געקלערט וועגן די „פּידרוטשניקעס״, בין איך פון פריביטקע, ווו די פור האָט מיך אַראָפּגעלאָזט, פאַרגאַנגען צו פוס קיין סטאַרבעני אין אַ בלאָטיקער, פינצטערער, סוף־ווינטערדיקער נאַכט און פאַרגעסן, אַז מען דאַרף מורא האָבן פאַר באַנדיטן. ערשט אין סטאַרבעני, אַז מען האָט מיך דערזען און אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז זיי זענען טאַקע גערעכט, ווער גייט עס איצטער איינער אַליין אין מיטן נאַכט פון איין דאָרף צום צווייטן, ווען מ׳יאָגט דיך ניט אין האלדז?

און ביכער פאַר די קינדער דאַרף מען טאַקע שטאַרק האָבן. איך דערמאָן זיך ווי אַזוי איך, אַ ייִנגל פון צען יאָר, בין געגאַנגען צו פרעמדע יונגע לייט בעטן אַ זשורנאַל, אַ קינדערשן זשורנאַל און אויב איך האָב געפועלט, אַז מען האָט מיר אים געגעבן, בין איך געגאַנגען צוריק אַזוי אויפגעלייגט, אַז קיין שום דימענט, קיין שום בריליאַנט וואָלט מיר אַזוי ניט געלויכטן, ווי דער געליענער זשורנאַל. מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעפיל האָב איך אים געטראָגן אַהיים! ווי אַזוי האָט מיין גאַנץ וועזן געשמייכלט צו דעם ווינקל, ווו איך וועל זיך באַלד אַוועקזעצן און עפענען פאַרגאַפט איין בלעטל נאָכן צווייטן פון דעם זשורנאַל, וואָס איז געשריבן און געדרוקט געוואָרן שיער ניט דירעקט פאַר מיר! נאָר מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז עס גייט צו דעם, אונדזערע קינדער וועלן האָבן גוטע ביכער אין שיינע געפוצטע איינבונדן און אויסער „פּידרוטשניקעס״ וועלן ביי זיי זיין ביכער צום לייענען און צום פאַרוויילן זיך. ביכער וועגן העלדן, וואָס האָבן געשטעלט זייער לעבן פאַרן פאָלק. ס׳וועלן זיין באַשרייבונגען וועגן שטעט און לענדער, וועגן שבטים און פעלקער, וועגן געלערנטע און גבורים, ווי אויך וועגן חיות און פויגלען, וועגן ימים און טייכן. ס׳קען געבן, אַז מיר אַליין זאָלן האָבן אַ חלק אינעם צונויפשטעלן די דאָזיקע ביכער. ס׳קען אַ מאָל געבן אַזעלכעס אויך.

---

אויפן פּראָסטן קעסטלדיקן פּאַפּיר פון אַריפמעטישע העפטן שרייבט מיר פּאַליע אירע בריוו. איך לייען זיי און דאַרף מודה זיין, אַז לייענען גלוסט זיך זיי צו עטלעכע מאָל. אַ שאָד נאָר, וואָס מיט דער „יידישער

פֿאַטשט״ קומען זיי אָן אי ניט צו דער צייט, אי צעקנייטשט פֿון לאַנגן ליגן אין פֿרעמדע קעשענעס. אַ מאָל באַקומען זיי זיך אַפֿילו אויפֿגעעפֿנט און קענטיק פֿריער גוט איבערגעלייענט, נאָר דאָס אָרט מיך בלויז אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל סע זאָגט עדות וועגן מענטשלעכער קליינלעכקייט און געמיינקייט, ווייל קיין איבעריקע סודות וועלן זיי דאָרט ניט אויס־לייענען און שפּייז פֿאַר רכילות און באַרייִדערייִ וועלן זיי דאָרט אויך ווינציק געפֿינען.

איך ווייס ווי אַזוי די מיידלעךביידע לעבט זיך שווער, כאָטש וועגן דעם שווייגן די בריוו און ווילן זיך ניט אַרויסרעדן אַפֿילו מיט קיין איין וואָרט. איך ווייס ווי אַזוי פֿאַליע טוט אַ מאָל אָן דאָס אַלטע סאַמע־טענע זשאַקעטל, באַקוקט די שיך אירע צי וועלן זיי אויסהאַלטן אַ ווייטן גאַנג און זי גייט אַוועק פֿונעם ערשטן בליק אַ מונטערע מיט אַ ווערטל, מיט אַ שפּאַס.

וווּהין ?

אין דאָרף אַריין קיין זשאַשקאָוו אָדער קיין קראַסילאָווקע אויסבייטן אַ פּאָר אָפּגענוצטע שטובזאַכן פֿאַר עפּעס צום עסן.

ס׳איז איר אַזוי פֿריקרע אַריינצוקומען צו יענעם אין שטוב אַריין און צעלייגן פֿאַר זיי די „סחורה״, דאָס אַלטע שאַלעכל אין קווייטן, אָדער די פּאָר שפּיצן, וואָס מען האָט זיי אָפּגעטרענט פֿון אַן אַלטער ירושה־קאָפּטע, אַז זי האָט איין מאָל אין מיטן „מסחר״ מער ניט געקענט אויסהאַלטן און פּשוט גענומען ברעכן מיט דער גרינער גאַל. איך ווייס, ס׳איז געשען מיט איר איין מאָל אַזעלכעס. נאָר וועגן דעם אַלעמען האָבן די בריוו אירע קיין זאַך ניט דערציילט. די בריוו זענען זיך געווען ווי בריוו. פֿאַליע איז, צום ביישפּיל, מקנא אונדז מענער פֿאַר דערפֿאַר און פֿאַר דערפֿאַר... מילקע וואָלט וועלן אַוועקפֿאָרן לערנען, נאָר זי זשאַלעוועט איבערלאָזן פֿאַליען אין דער היים...

— נאַרעלע, — מאַכט זי צו איר — פֿאָר ! עמעצער דאַרף דאָך אָנהייבן דער ערשטער !... איך וועל שוין דאָ אויך לאַנג ניט זיצן. ערגעץ וועט מען זיך מוזן רירן... פֿון מאָל צו מאָל פֿאָרט זי אַריין מיט אַ שפּאַס, אַז וועדליק זי קען מיך פֿאַר אַ „יידן״, איז זי זיכער, אַז מיינע נסיעות האָבן מיך באַרייכערט מיט אַ פּאָר טשיקאַווע פּאַסירונגען.

אַזעלכע אָנדייטונגען אין די בריוו רופֿן ביי מיר אַרויס אי שמייכל, אי פֿאַרדראָס. גוט, וואָס זי געדענקט אַ וועלכער איך בין און וואָס זי האָלט עס אויפֿן זינען.

איך האָב פֿריידקען געגעבן אָנצוהערן, אַז איך קלייב זיך קיין סענ־

דעריוועקע און קומען מיט פּאַליען צו אַ באַשלוס: אָדער זי פֿאָרט אַריבער צו אונדז, אָדער איך בלייב ביי זיי.

פֿאַר וואָס האָט זיך פֿריידקע ווינציק געפֿרייט מיט מיין אויפֿטו, איז מיר געווען ניט אין גאַנצן קלאָר. עמעצער פֿון מיינע נאָענטע האָט אפֿילו אָפֿן, אָן איבעריקע אָנצוהערענישן, אַרויסגעזאָגט מיט אומצופֿרי־דנקייט: „צוויי מתים גייען טאַנצן"...

אפֿשר האָט פֿריידקע אויך עפּעס ענלעכס געזאָגט אין אַ צוגע־דעקטער פֿאָרם, נאָר ס'ווערט זשוטקע און גרויליק, אַז מען טראַכט זיך אַריין אין אַזאַ מין זאַך: „צוויי מתים גייען טאַנצן"... פֿאַר זיך אַרט מיך ווינציקער. דער עיקר אַרט מיך פֿאַר פּאַליען. צי דען איז פֿאַר איר אָנגעמאָסטן אַזאַ בילד? זי איז איז דאָך אַ וווקסיקע, אַ שטאַלטנע און קלוג ווי צען רוחות. אמת, דער אומעט קוקט ביי איר אַרויס פֿון די אויגן, פֿון פּנים, פֿון די טריט וואָס זי שטעלט, פֿון די שטענדיק אַראָפּ־געלאָזטע הענט. דאָס איז ריכטיק. דער אומעט קוקט אַרויס אפֿילו פֿונעם געלעכטער. נאָר איך וויל אין דעם ניט גלייבן. זי איז דאָך אַ מיידל, זי איז דאָך אַ פֿרוי. אַלע סיבות וואָס דרינגען אַרויס פֿונעם נאָר וואָס דערמאָנטן, קענען איר ניט זיין פֿרעמד. איי, דער אומעט? אפֿשר איז דאָס אַ צייטווייליקע אָנשיכטונג, אַ פּועל־יוצא פֿון געוויסע באַדינגונגען. די באַדינגונגען וועלן זיך ענדערן, וועט זיך בייטן דער געמיט. פֿאַר מיר, צום ביישפּיל, איז וויכטיק דאָס, וואָס זי קען מיך, זי ווייסט מיך. פֿאַר איר זענען אַנטפּלעקט אַלע מיינע שוואַכקייטן.

אייניקע חולאתן מיינע קען זי זייער שיין אויף איר אופֿן אויס־לאַכן, אַנדערע קען זי מיר פֿאַרצייען און צו אַנדערע שוואַכקייטן מיינע האָב איך אפֿילו איר טיפֿן מיטגעפֿיל, איר פֿולע הסכּמה.

אָט האָב איך איינע אַ שוואַכקייט, אַזאַ מין הויקערל, וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף מיין נשמה און דאָס הויקערל הייסט דווקא מיט אַ שיינעם, מיט אַ ליבן נאָמען: — „בוזיע!"

איז וואָס זשע מיינט איר, וועט זי, פּאַליע, מיר עצהנען? פֿאָרן צו אַ דאָקטער? צו אַ פּראָפֿעסאָר? זיך לאָזן מאַכן אַן אָפּעראַציע? ניין. אַ גרויסער טעות! ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן. פּאַליע האַלט, איך האָב שוין מיט איר גערעדט, איך ווייס שוין איר קוק אויף אַזעלכע זאַכן. זי האַלט, אַזאַ הויקערל דאַרף מען טייער האַלטן, מען דאַרף עס צירן אין זיידנס און אין איידלסטע שטאָפֿן!

זעט איר שוין, אַזעלכעס וועט עמעצער אַנדערש ניט קענען. אַזעל־כעס קען דערווייל איין מענטש און דאָס איז די סענדעריוועקער מיידל,

מיט וועלכער איך בין אַנומלט אַפּגעזעסן אַ נאַכט אין זייער אויסגעקילטן גלעזערנעם גאַניק. אַ נאַכט אַ נאַכטיקע געשפּייזט מיט נאַענטקייט איינס דעם צווייטן.

וואָס סע נוגע צו מיר, איז ביי מיר דער באַשלוס אַ פּאַרטיקער. קיינע וואַקלונגען, קיינע נאָכקלערונגען. איך האָב שוין אפילו גרייט אויסגעאַרבעטע פּלענער: ווען אונדז זיין גוט, וועלן מיר דאָס אין איינעם פּאַרדייען. וועט אונדז זיין ביטער און פינצטער, איז מיט וועמען נאָך וועט מיר זיין אַזוי גוט גיין אין דער פּאָר ווי מיט איר?

קורץ. ביי מיר איז אַלץ געפּועלט. און דאָס איבעריקע זאָל זי אַליין זאָגן. זי איז קליגער פון מיר.

---

פּאַליע, פּאַליע! צי זאָגט דיר עפּעס דאָרט דיין הארץ אין מיטן ווינטער? גרויסע וואַרעמע חדרים, (נאָך ניט אין גאַנצן אַנגעטאַן), דיינע באַרוועסע פּיס באַטרעטן ווייטע, וואַרעמע טעפּעכער. פון באַגילדעטע ראַמען אויף די ווענט קוקן אַראָפּ באַקענטע באַטעמטע ווערק פון גרויסע קינסטלער. געשטיקטע גאַרדינען הענגען איבער די פענצטער. אין שטוב הילכט אומעטום און סע זינגט מיט פרימאַרגן. נאָר ביי דיר אין צימער איז נאָך שטיל. דו האָסט נאָך צייט. דו קענסט נאָך טרוימען, זיך אָנשפּאַרן מיט דיינע ווייכע נאַקעטע הענט אויפן אַנלען פון פענצטער און קוקן אויפן פּאַלנדיקן שניי ווי אויף אַ זייטיקער זאַך, וואָס האָט צו דיר קיין שייכות ניט. פּאַלט דיר דען איין אין דער רגע, אַז איך, דיין באַשערטער, האָב זיך אונטערן זעלבן שניי געלאָזן אין וועגן אַריין, אַז איך טראָג דיין גורל אַ באַשטימטן ביי זיך אין מיינע צעפּליקטע אויסגעבלאָזענע קעשענעס?

פּאַליע, טייערע! האָב קיין פּאַראיבל ניט. ניט קיין געשפּעט בין איך אויסן געווען מיט מיין לעפּישן שפּאַס. איך האָב פּשוט געוואָלט, ווי דו אַמאָל, אַ חוזק טאָן איבער זיך זעלבסט, נאָר מיר גיט זיך עס ווינציקער איין. לאָמיר שוין בעסער רעדן פּראָסט אַזוי ווי סע איז.

טייערע פּאַליע! ביי אייך אין סענדעריווקע איז איצט אויך ווינטער גאַנץ פרי. אין די גרויסע, אין די אויסגעבלאָזענע הייזער אין אייערע, מיט די הוילע און קויטיקע ווענט איז איצט שטאַרק קאַלט. איר קלייבט זיך שוין דווקא אויפשטיין (דו און דיין יונג שוועסטערל), נאָר איר ווילט אויסשפּילן צייט און איבערליגן נאָך אַ ביסל אויף די ווי עס איז איינגעוואַרעמטע געלעגערס, כדי דער קליינער ווינטערטאָג זאָל דורך

דעם ווערן נאָך קלענער, ווייל מען דאַרף דאָך הייצן דעם אויוון, ווייל מען דאַרף עפּעס צושטעלן קאָכן און דער דלות פּייפט איבער דער גאַנצער הוילקייט פון אייערע גרויסע הייזער. איך ווייס עס, איך ווייס עס. איך ווייס עס אויף אויסנווייניק. און מער פון אַלץ קימערט מיך דאָס, וואָס איר האָט געזונטע הענט און אַ גאָלדענעם פאַרשטאַנד. פאַר וואָס זענט איר געקומען צו אַזאַ נעבעכדיקייט פון גאָרניט קענען און גאָרניט טאָן. מען קען דאָך זיך אַוועקזעצן אין אַן אַרטעל און שלייפן לעכלעך צו פויערשע פעלצן. מען קען דאָך זיצן ביי די קירזשנערס און שטעפּן דאַשעקעס צו היטלען. און אויב סע וועט אפשר ניט קלעקן צום עסן, וועט דאָך דער טאָג אַוועקגיין אין נוצן און ניט אין קיין פוילער קעלט און אין קיין איינגעגעסענער ליידיקגייערשאַפט ?!

ליגט איר, מיינע ליבע, אויף די צעטויטשעטע געלעגערס און איר ווייסט ניט, ס'איז אייך אפילו ניט אַרויף אויפן געדאַנק, אַז אַ „ריטער" מיט צעלאָזענע פאָלעס שלאָגט זיך מיטן ווינט, מיטן שניי אין הוילן פעלד. אין אַנדערע ערטער קומט אים אויס אויסטרעטן אַ פרישן שטעג. און ער גייט, ניט געקוקט אויף קיין שטערונגען צו אייך... צו אייך, צו אייך. ער גייט מיט דעם מיין, אַז מיט אים צוזאַמען וועט אייער שטוב ווערן ליכטיקער אפילו ביי די קליינע קאַנעצלעך אין די גרויסע ווינטערנעכט, אַז צוזאַמען וועט ווערן אייער געמיט לינדערער. כ'לעבן, ווען איר ווייסט עס, וואָלט אייך שוין פון דעם אַליין געוואָרן פריילעכער. אייערע אויגן וואָלטן אַ בלישטשע געטאָן מיט מערער מוט און איר וואָלט... איר וואָלט זיך אויפגעזאָדן אַ גלעזל אָקרעפּ און אים אויסגעטרונקען מיט אַ פיצעלע זאַלץ אַנשטאָט צוקער און סאַכאַרין. און דערנאָך, דערנאָך וואָלט איר אויסגעקערט די שטוב, אַרומגעווישט די שיך, אויב זיי קענען ניט גלאַנצן, זאָלן זיי כאָטש זיין טונקל, ווי פאַר שוואַרצע שיך איז מערער אָנגעמאָסטן.

מיין טייערע פאָליע און מיין טייער ווילד מיידעלע מילקע, וואָס אויב דו ווילסט, ביסטו מיר שוין באַלד אַ שוועגערין. פרייט זיך, איך גיי צו אייך. איך בין אויך פעסט ביי זיך און מוטיק. דער ווינט צעבלאָזט מיר די פאָלעס פון מיין מאַנטל. דער פראָסט רוקט מיר ערגעץ דינע שפּיזלעך אין לייב, נאָר איך לאַך פון זיי. איך בין אַ מענטש, און דער מענטש איז שטאַרקער, ער קאָן אויף זיך איבערטראָגן אויך שווערע זאַכן, אַז עס קומט אויס.

פאָליע, אַ שאָד, וואָס איר זעט מיך ניט, ווי איך שפּאַן אַזוי פעסט און פאַרכטלאָז איבער דער ווינטערדיקער ווייס־באַדעקטער וועלט.

— הערט, מיר זאָלן געוועז וויסן, אַז איר זענט אַזאַ גביר, איר גייט מיט אייגענע הירזש, וואָלט דאָך פּאַליע ניט געוועזן גיין אין אַזאַ קעלט אין דאָרף אַריין ? !

גאָר אַזוי :

איז מילקע, הייסט עס, איינע אַליין אין דער היים, און פּאַליע איז אַוועקגעגאַנגען „איינברענגען".

איך קלער : אפשר אַרויסגיין איר אַנטקעגן ? אין וועלכן דאָרף איז זי אַוועק ?

— זעט — מאַכט מילקע ווייטער, — איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז איר זענט אַזוי גרינג אויף דער פור ?

ווי אזוי איך זאָל ניט זיין ניט קיין באַרימער, ווילט זיך דאָך פּאַרט פאַר איר אַ פּלייס טאָן :

— ניין, איך מיין עס אָן ווערטלעך !... וויפל איז עס דאָרטן אַזוי פיל דער גאַנג אין דאָרף אַריין ? דריי ווערסט, פינף ווערסט ?

נאָר אין דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך געדונגען, האָט זיך גע־עפנט די טיר, און פּאַליע איז אַליין אַריין.

זי איז געוועזן זייער פאַרפרוירן, דאָס פּנים רויט, אזש בלוי, די שיך פאַרהילצערט פון פראָסט. זי האָט אומצופרידן אַ שמיץ געטאָן דאָס גע־בראַכטע און געוואָלט עפּעס אַ זאָג טאָן אויך, נאָר ווי זי האָט מיך דער־זען איז זי געוואָרן... ניין, ניין, ס׳איז טאַקע אַן אמת. איך מיין עס אָן באַרימערײַ, זי איז בפירוש געוואָרן פרייליכער. אַלן פאַלס זי איז געוואָרן אַנדערש. איך האָב דאָך שוין לאַנג געזאָגט, אַז מיר האָבן צווישן זיך אַן אָפּמאַך ניט קיין געשריבענעם און ניט קיין אָפּגערעדטן, אַז איך בין אַ שותף אַ גוטער און אַן ערלעכער, וואָס איז גרייט זיך טיילן מיטן שלעכטן פונקט ווי מיטן גוטן און אַז מען דערזעט אָט דעם שותף, און דערצו נאָך אַזוי אומגעריכט, מוז ווערן בעסער אויפן האַרצן.

איך האָב גענומען איר קאַלטע האַנט און כאַטש איך בין געווען שע־מעוודיק און די מענטשן זענען פאַר מיר אי ניי, אי ניט געוווינט, האָב איך דאָך זיך געמאַכט אַ האַרץ און געגעבן מיט אַ טאָן שוין פון אַ בריה און אַן אַלטן, אלטן באַקאַנטן.

זאָל פּאַליע אָפּרוען און איך מיט מילקען וועלן גיין הייצן דעם אויוון און עפּעס צושטעלן קאָכן.

— נו, נו, — האָט אויף מיר מילקע זיך שיער ניט צעשריען, — אָט באַלד צעיאָג איך זיך גיין שטעלן זיך קאָכן.

לאָזט זיך אויס, אַז מילקע איז זייער אַ קנאַפּע באַלעבאָסטע. זי

אַליין ווייסט עס זייער גוט און סע אַרט איר ניט, אַז איך וועל עס אויך וויסן, נאָר איך זאָל שטיין און קוקן ווי זי קאָרדאַשעט די בולבע, דאָס ניט.

— נאַרעלע, — מאַכט פאַליע, — דו מיינסט, אַז באַלד נעמט ער און טראָגט עס אָפּ צו עליע־לייבן? ער איז דאָך ניט פון די.

— צו עליע־לייבן? אוי, ווי איז מיר! ס'אַרט מיך זייער שטאַרק! פון מיינעט וועגן לויפט אפילו שוין די רגע און זאָגט זיי, אַז ביי מיר איז פאַר אַ יאָרן אויסגעלאָפן אַ גאַנץ קריגעלע מילך אין אויוון! ס'זאָל מיך אפילו אָנהייבן אַרן!

דעם סך מילך וואָס זיי האָבן... טאָמער האָט מען געקריגן קוים אויף אַ רפואה אַ גלאָז מילך פונעם שלאָפן וועגן, איז עס אויך אויס־געלאָפן ביז אַ קאָפּ. נאָר מילא, זי וויל ס'זאָל אָפּגיין ווי אַ חכמה, ווי אַ שפּאָס, זאָל עס זיין אַ שפּאָס. נאָר פאַר איין זאַך בין איך ברוגז, און שטאַרק ברוגז, וואָס האָט מילקע צו רעדן וועגן עליע־לייבן מיט אַזאַ נוסח. זי וויל צו זיי ניט גיין פאַר קיין שנור? זי וויל בכלל אַזוי פרי ניט חתונה האָבן? דאָס איז איר זאַך, נאָר גרינגשעצן עליע־לייבס ער־לעכקייט, עליע־לייבס גוטסקייט, וועגן דעם וועלן מיר נאָך אַ סך רעדן און גאַנץ אָפּן. איך האָב ליב העננט, וואָס קענען אַרבעטן.

צוויי חדרים זענען פאַרקלאַפּט אויפן גאַנצן ווינטער. איצטער זיצן מיר אַלע אין אַ קליין אַלקערל, ביי אַ קליין טישל. פון איין זייט אַ בעט, פון דער צווייטער — אַ בעט. פאַראַן אַ בענקל אויך. און מיר עסן אַ הירזשענעם קוליש מיט קאַרטאָפל. זאָגט אויף אים, אַז ער איז געשמאַק, זאָגט, אַז ער איז ניט געשמאַק, נאָר געקעכץ איז עס. פריש איז ער, עסן גלוסט זיך, נו, איז געגעסן זאָל ווערן!

מיר האָבן אפילו שיער ניט געפּועלט ביי זיך מען זאָל אַלע עסן פון איין שיסל. נאָר דערנאָך איז פונדעסטוועגן געבליבן, אַז ניין. אויב יום־טוב איז יום־טוב. טאָקע פון דער אַלגעמיינער שיסל, נאָר יעדערער זאָל אָנגיסן צו זיך אין טעלער אַריין.

וואָס־וואָס, דאָס קען מען דאָך זיך געוויס פאַרגינען.

דאָס מיטאָג־עסן, כאָטש סע פאַרנעמט זייער אַ גרויס אָרט אינעם מענטשנס לעבן, האָט דאָך אין זיך די מעלה, וואָס ס'פאַרביילויפיק. ס'האָט זיך זיין שעה אין טאָג. איבערגעקומען די שעה און מען האַלט שוין נאָך מיטאָג! אַ בעסערער, אַן ערגערער — ס'שוין אַוועק! אגב איז ער געוועזן גאָר ניט אַזוי שלעכט אויך. וואָסער איז אין אים געווען? הירזש אויך? קאַרטאָפל אויך? אַ מאַטעלע זאַלץ אויך? האָט נאָר געפעלט אַ לעק שמאַלץ, אַ ברעקעלע פלייש, אַ פּאָר בלינצעס, אָדער כאָטש אַ

ביסעלע קאַשע מיט האָניק אויפֿן צווייטן געריכט, נאָר דאָן, דאָן וואָלט עס שוין געווען פֿאַר מלכים צו שטעלן! צו גוט! אַ פּולע גוט טאָר מען ניט.

געגעסן האָבן מיר שוין אין דער טונקל און איצט, איצט וואָלט מילקע וועלן, אַז פֿאַליע זאָל איר געבן אירע שיך (אַמער איך האָב גאָר ניט באַמערקט, אַז ביז איצטער איז זי געגאַנגען אין שקראַבעס), וועט זי צולויפֿן אויפֿן אוראַק.

איך האָב געמיינט אין אמתן עפּעס אַן אוראַק, לאָזט זיך אויס, אַז ביי אלקנה דעם סטאָליער אַרבעט אַ האַלב־שטום ייִנגעלע אויך ביי סטאָלעריי. איז איר געפֿעלן געוואָרן לערנען דעם ייִנגל שרייבן. און אַלע אָוונט, ווי סע גיט זיך איר נאָר איין אַראָפּרייסן ביי פֿאַליען די שיך, לויפֿט זי אַוועק אַהין און טוט אָפּ איר אַרבעט ערלעך. דאָרטן, ביי אלקנהן, זענען דאָ טעכטער אויך. צוויי פֿון זיי זענען אפֿילו חברטעס. איינע — פֿאַליעס און איינע — מילקעס. נאָך מער. די עלטערע פֿון יענע צוויי איז געווען אפֿילו חבר מיט פֿייגלען דעם רבס און אַ סך מאָל קען מען פֿון איר הערן: „פֿייגל? כ׳ווייס, פֿייגל וואָלט אויך אַזוי געטאָן". אָדער: — „איך וואָלט אַ בעלן זיין וויסן, וואָס וואָלט פֿייגל געזאָגט אויף אַזאַ זאַך".

מילקע איז אַרויס. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פֿאַליע ווייס שוין פֿון וואָס איך וויל מיט איר רעדן.

— טוט נאָר אַ קוק! האָט איר שוין געסט אויך!... און מיר ווייסן אפֿילו ניט. ווען מיר ווייסן, וואָלטן מיר אפֿשר אָפּגעבאַקט אַ לעקעך „מיט־די־געסט".

— רייזעלע, — מאַכט פֿאַליע — וואָס ביסטו אַזוי הויך אַוועק?

— וואָס דען?

— אַ ציגעלע צוקער! — האָט איר פֿאַליע געענטפֿערט מיט אַ באַטאָגנענדיקן שמייכל. — ווען דו ברענגסט אַ ציגעלע צוקער, וואָלטן מיר דאָ געעפֿנט אַזאַ מין באַל, אַז די וועלט וואָלט זיך צעלייגט.

— דערציייל זשע מיר נאָר, בחורל, אָדער יונגערמאַנטשיק (איך ווייס זייער ווי אַזוי מען רופֿט אייך דאָרטן), ווי אַזוי פֿאַלט מען עס אַראָפּ אַהער אין מיטן אַזאַ מין זאַווערוכע?

— ווער וואָלט זיך ריכטן, אַז ביי אייך שטייען איין די זאַווע־רוכעס? ביי אונדז איז אַ דאַנק גאָט שטיל...

— זעסט, דאַרף מען אים דאָך אויך די צונג ניט פּיקן!

און איך בין צופֿרידן, וואָס איך האָב אומגעריכט און אַזוי גרינג אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, כאָטש פֿאַליע קלייבט זיך ניט ביי קיינעם פֿרעגן וועגן מיר קיין מיינונג.

— ווייסט איר זשע וואָס? — האָט זיך רייזל מיט אַ מאָל אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, — טאַ שטעלט זשע, זייט מוחל טיי, אָדער אַקרעפּ, און איך טו אַ שפּרונג אַהיים. ערשטנס, וועל איך אָנטאָן מיין שבתדיק מלבוש און זיך טאַקע אַ ביסל פֿאַרקעמען אַנטקעגן שפּיגל אויך. הערסט אַ מעשׂה — ניט אַלע מאָל טרעפֿט זיך אַזאַ געלעגנהייט. און אויב איך וועל קענען צושלעפּן ביי אונדזער גיטלען אַ שטיקל צוקער, אפֿילו אַ גרויסע שטיק, וועל איך עס טאָן מיט אַלע כּבודן.

און זי האָט גלייך גענומען דעם וועג.

— זעט איר שוין, האָט מיר פֿאַליע שטיל און שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן, — מען „פּוצט" ביי אונדז די שפּראַך, קיין עין־הרע, יעדער ווי אַזוי ער קען.

און אַן איבעריקע מחזקות איז זי איבערגעגאַנגען אויף מיין זייט טיש און זיך אַנידערגעזעצט לעם מיר.

איך האָב זיך דערפֿילט געמיטלעכער. אַט זיצן מיר זיך אין צווייען אויג אויף אויג, וואָס ס'איז מעגלעך פֿאַר פֿיר אויגן, קען מען עס ניט אויספֿירן פֿאַר קיין זעקס.

ווי אַזוי זשע מאַרקירט מען אויס, פֿאַליע, אַז ס'זאָל אונדז זיין גוט אין צווייען? צי דען דאַרף מען, אַז ס'זאָל צוליב דעם כּסדר זיין טונקל, זומער אין אייער באַגלאָזטן גאַניק און ווינטער אָט דאָ אין צווייען, ניט ווייט פֿון דער וואַרעמער קאַכל?

אַזוי האָב איך געקלערט, נאָר איך האָב עס ניט אַרויסגעבראַכט אין דער הויך. כאָטש איך קלייב זיך פֿון פֿאַליען גאָרניט פֿאַרטייען. אַזוי פֿירט זיך עס. זי האָט אויך מסתמא געקלערט פֿון זאַכן און ניט אַלץ געזאָגט.

---

ס'איז געקומען צולויפֿן רייזל אַן איבערגעטאָנענע, אַ פֿריילעכע, אַ פֿאַרסאָפּעטע. זי האָט נאָך געבראַכט צופֿירן מיט זיך ראַכצען.

— קום, קום, שעם זיך ניט, — טרייבט זי אונטער די ייִנגערע שוועסטער, אַז סע רעדט זיך וועגן אַ באַל, איז דאָך ניט שייך.

אין גיכן איז אויך מילקע אַריינגעקומען.

— אָ, — זאָגט זי — קיין עין־הרע אַזוי פֿיל געסט, אַז אַ בליץ־לאָמפּ וואָלט אויך געוועזן צו ווינציק.

פֿאַליע איז געזעסן, ווי זי וואָלט זיך צוליב עפּעס ניט געוואָלט אויפֿהייבן פֿון אָרט. זי האָט אַ באַקלערטן שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַכאָזשע, אַז מען וועט אויף אַן אמת דאַרפֿן אויסטראַכטן אַ

גלעזל וואַרעמס. וואָס, מילקעלע, דו ווענסט טאַקע זיך שטעלן קאָכן?

— אַט־אָ צעיאָג איך זיך. כ'האָב מער ניט וואָס צו טאָן, — האָט מילקע אויסגעשאָסן — גיין אין דער פינצטערער קיך צו די שטשורעס!

זי איז בכלל געווען זייער אַ פּלייסיקע בנוגע שטובאַרבעט, אָבער רייזל האָט ניט געלאָזט מען זאָל זיך נעמען פון אַזעלכע זאַכן צום האַרצן.

— פּנים! — זאָגט זי — געווען איין פּיפּס טאָן, ברענגען מיר אַהער אַ גרייטן סאַמאָוואַר, אַן אויפגעזאָדענעם. נאָר איצטער וועט ראָכצע ניט קליין זיין פּאַרקאַטשען די אַרבל און אויפזידן אין קיך אַ ביסל אָקרעפּ. האָסטו געזען אַ ביסל אויף איר חתונה וועלן מיר זי אָפּפּאָלגן צען מאָל.

ראָכצע, אַ יונג מיידל, אַ גלייכינקע, עטוואָס אַ קלייענדיקע, איז געוואָרן רויט. זי האָט אָבער ניט איבערגעקערט די צונג, זי איז נאָך קענטיק געווען צופרידן, וואָס זי האָט אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוכאַפּן אויף אַ רגע פון צימער.

— קום, — האָט זי שווייגנדיק אַ שלעפּ געטאָן מילקען פאַר אַן אַרבל אוןביידע קלענערע מיידלעך זענען אַרויס פונעם וואַרעמען אַלקער.

רייזל האָט אונטערגעהאַלטן די קאָמפּאַניע מיט אַ פריילעך וואָרט, מיט אַ ווערטל. זי איז אַ גוטע, רייזל. ווען האָב איך זי באַוויזן זען, און איך בין מיט איר שוין געוווינט, איך וואָלט שוין מיט איר פון אַ סך זאַכן געקענט רעדן זייער אָפן. סע גלאָט, וואָס איך בין געשטראָפט — מיינע דערציילעכצן קען איך אַרויסברענגען ניט פאַר קיין סך מענטשן. מיר זענען דאָ אין גאַנצן אין דרייען, נו, אָבער ד'ריי איז שוין אויך אַ סך.

און ס'וויינט אין מיר בכלל דאָס האַרץ. פאַר וואָס — ווייס איך אַליין ניט. איך בין אויף זיך פּשוט בייז: — אָט זיץ איך צווישן מענטשן, וואָס זענען פון מיר געגרן. מיר זענען זיי אויך זייער צום האַרצן, טאָ נעכיי וואָלט זיך מיר עפענען דאָס מויל, נעכיי וואָלט איך זיך פילן נעבן זיי, אַז איך בין נאָך ניט קיין ייד פון זיבעציק יאָר? און אפשר?... אפשר האָבן זיי אויף מיר אַזעלכעס ניט געזען. אפשר האָב איך ביי זיי אין די אויגן דעם זעלבן אויסזען, וואָס אין שפּיגל. אָבער דער שפּיגל נאַרט דאָך שטאַרק אָפּ.

אַז איך וועל אַ מאָל רעדן מיט רייזלען באַזונדער, מיר וועלן מיט איר געוויס שפּאַצירן איבערן בריקל פאַרביי דער מיל און מיר וועלן געוויס רעדן און פאַרברענגען, וועל איך איר צווישן אנדערע זאַכן זאָגן אַז דער שפּיגל נאַרט אָפּ.

נאָר דערווייל, דערווייל האָט זיך דאָס קאָנעצל צעברענט אַזוי ווי

ליכטיקער. די מיידלעך זענען שוין דאָ אין שטוב מיטן אויפגעזאָדענעם אָקרעפּ און מיר טרינקען טיי מיט חכמות. אַ זופּ און אַ גלייכוואָרט — אַ טרונק און אַ ווערטל.

אפילו פּאַליע האָט אין דער אַנוועזנהייט פון איר חברטע און פון די קלענערע מיידלעך זיך ניט געשעמט און דערציילט, און ס'האָט מיר גראָדע הנאה געטאָן, וואָס זי האָט עס אַזוי אָפן און פריילעך אויסגעבריייט:

אַ דורכפאָרער, אַ באַקאַנטער זייערער, וואָס ווינט ביי אונדז אין שטעטל, האָט זי אַנומלט פּירגעהאַלטן צי ס'איז אמת, וואָס ער האָט געהערט, אַז עפּעס דרייט זיך ביי זיי מיט מיר, מיטן האַרבאַרניקס זון, איך בין דאָך זיינער אַ בן־עיר, אַ לאַנדסמאַן, נו, ווייסט ער זייער? ס'וואָלט אפשר אַלץ געווען גלייך, נאָר מען האַלט מיך אין שטעטל פאַר אַ שטיקל משוגענעם.

— אוי, גוט! — האָב איך אַנגעקוואַלן הויך אויפן קול מיט די מיידלעך צוזאַמען. — ס'איז מיר אמת געווען אי שיין, אי ניט שיין... און אפשר, ווען איך האָב שוין גערעדט מיט פּאַליען ערנסטער וועגן דעם זעלבן ענין, האָט זיך מיר געוואָלט אַרויסזאָגן אַזאַ מין געדאַנק: טאָקע אַ קליינע שטאָט, אָבער אַ שטאָט איז עס און דאָרטן זענען דאָ אַלערליי מענטשן. אייניקע בענטשן זיך מיט מיר און זענען ערגעץ ווו גערעכט. אייניקע האָבן מיך אין דער לינקער פּאה. סע גייט זיי גאָר ניט אָן, צי לעבט אַזאַ מענטש אויף דער וועלט, און זיי זענען גערעכט, און איצט, ווייזט זיך נאָך אַרויס, אַז ס'איז דאָ אַ דריטער צד, וואָס קוקט אויף מיר גלאַט ווי אויף אַ משוגענעם און זיי רעדן אויך ניט פון וועג.

נו, גוט, אַז איך וועל קומען אַהיים, וועל איך זיך אומיסטן צוקוקן מיט וואָס אונטערשיידן זיך די דאָזיקע מענטשן צווישן זיך, וואָס זייערע מיינונגען צעגייען זיך אַזוי ווייט.

---

פּאַליע מיט מילקען שלאָפן פון איין זייט טיש און איך — פון דער צווייטער. מיר זענען שוין ניט קיין פרעמדע. פּאַליע קען אויספירן, אַז זי זאָל פון אָוונט אַ ביסל ליגן לעבן מילקען, און אַז מילקע וועט אנט־שלאָפן ווערן (זי איז נאָך אַ יונג קינד, זי שלאָפט שטאַרק), זאָל זי איבערגיין צו מיר.

און דאָ האָבן מיר געטאָן, וואָס מיר האָבן טאָן ניט באַדאַרפט.

זי, פּאַליע, האָט עס געוווסט פון פריער. אמת, זי האָט זיך ניט געקענט אין גאנצן פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס זי האָט געפילט, סע האָט

איר געקלונגען אין די אויערן, ס׳האָט ביי איר געקלאַפּט אין קאָפּ, שטומע אומגעזעענע שליחים פונעם פאַרגעפיל, פונעם אונטערבאַוווסט־זיין, וואָס ניט ביי יעדן מענטשן זענען זיי גלייך לויט זייער פאַרשאַרפט־קייט, אַלע זיי האָבן געהאַלטן אין איין וואָרענען: טו ניט, גיי ניט, הער אים ניט! ער איז ניט קיין בייזער מענטש, ער איז אפשר לייטישער פון אַן אַנדערן, נאָר מיט דער טאָט מיט דיינער גייסטו פון אומגליק צו בראָך, פון פּיין צו גרוילן, פוןליידן צו אומקום.

יאָ, די דאָזיקע אַלע אומגעבעטענע זעונגען האָבן זי אַזוי געמאַטערט, אַז זי האָט אזש געוויינט. זי וואָלט זיי וועלן אַרויסטרייבן פון זיך, נאָר זי קען ניט. און איך? איך האָב אויך קיין גוטס ניט געפילט. מיך האָט נאָך דערשראָקן אין אונדזער צוזאַמענטרעפונג אָט די אומנאַטירלעכקייט, אָט די קעלט, וואָס האָט אונדזביידן באַגעגנט.

מתים, אַז זיי לאַכן, הערט מען קיין קול ניט. מתים, אַז זיי זיצן אפילו אין גן־עדן ביי די געדעקטע טישן און עסן שטיקער פונעם לויתן פאַרטערינקענדיק אים מיט וויין פון די קפריסין, טוען זיי דערביי ניט קיין שמייכל, ווייל זיי פילן ניט קיין טעם אין דרינען. נאָר מיר ביידע? מיר לעבן דאָך נאָך. ווען מען שניידט ביי אונדז איין אַ פינגער, וואָלט דאָך נאָך פון אים געגאַנגען בלוט. פון וואַנען זשע נעמט זיך צו אונדז אַזוי פיל טויטקייט?! און אויב שוין יאָ טויט, טאָ צו וואָס זאָלן מיר נאָכקרימען די לעבעדיקע? מיר זענען דאָך אין אַלץ אַזוי ווי זיי, נאָר אונדזערע פנימער זענען פאַרפראָרן און לאָזן אויף זיך קיין שמייכל ניט אַרויף, און דאָס בלוט איז פאַרגליווערט, ווי עס וואָלט שוין לאַנג טויט געווען.

צוויי שטילע, ווילע, פיל ליידנדיקע מענטשן דערגייען פּלוצעם צו געשפּעט און צו פּייניקן איינער דעם צווייטן, אין דער צייט ווען זייער כוונה איז געווען העלפן איינער דעם צווייטן. אַרויסווייזן אין טאָט די אַכטונג, וואָס זיי פילן איינער צום צווייטן.

ניט געדאַרפט עס טאָן, ניט געטאָרט אַזוי טאָן. און טאַקע דערפאַר, וואָס מיר ווילן אַזוי איינער דעם אַנדערנס טובה.

אַלטע לייט ביי אונדז אין שטאָט האָבן ליב געהאַט זאָגן:

— אַ ווייב איז אַזוי ווי אַ פּויערשע היטל, ווער ס׳טוט זי אָן, אויף דעם איז זי גוט.

אוי, ניין, ס׳איז נאָך אין דער וועלט ביטאָ די צווייטע זאַך, וואָס זאָל זיין אַזוי קרום, ווי דאָס, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט.

אַט־אָ בין איך געגאַנגען 25 ווערסט צו פוס צו איינער אָ מיידל, אָ פולע, אָ שטאַלטנע, אָ לייטישע, אָ שטילע. מיר די מזלדיקע יאָר, אויף וויפל זי איז לייטישער פון מיר און איך האָב ביי איר אויך זייער אויס־גענומען, נאָר זי איז ניט פאַר מיר קיין ווייב און במילא בין איך שוין ניט פאַר איר קיין מאַן... איר ווייסט ניט פאַר וואָס? איך ווייס אויך ניט. נאָר אונדזער נאָענטע באַגעגעניש איז געווען אָ טעות, און דערום וואָלט טאָקע פאַליע אַליין, זי איז קליגער פון מיר, איר האַרץ נאַרט זי קיין מאָל ניט אָפּ, וואָלט זי די ערשטע געדאַרפט זאָגן:

— הערט מיך אויס, סלאָוועשנער. וואָס געווען איז פאַרפאַלן, נאָר ווייטער קריכן טאָרן מיר ניט. פאָלגט מיך, מיין האַרץ נאַרט מיך קיין מאָל ניט אָפּ.

אָבער זי האָט עס מיר ניט געזאָגט, כאָטש זי איז געווען זייער אַן אומעטיקע און איך האָב איר אויך ניט געהאָט וואָס צו זאָגן. מיר האָבן זיך קענטיק באַנוגנט מיט דעם, וואָס ס'איז סיי ווי שלעכט אויפן האַרצן. און יעדער טאָג רוקט זיך אַן מיט זיין הירזשענעם קוליש, מיטן דריבנעם שנייעלע נאָך האַלבן טאָג, וואָס איז אַזוי כמורנע און לאַנגווייליק. און דערנאָך, דערנאָך זעסטו, אַז ס'ווערט שוין צוריק נאַכט, און מען מעג שוין גרייטן דעם קאַנעצל און אפשר, אפשר טאָקע דעם לאָטאָ אויך. דער טאָג איז דאָך שוין אַריבער און אין אָוונט, אין אָוונט האָט יעדערער די רעכט אָפּצורוען און זיך פאַרווײַלן.

מילקען האָבן מיר גאָר ניט דערציילט, נאָר זי ווייסט פון אַלץ. אָ מאָל טרעפט, אַז מילקע איז אויף מיר אין כעס און קען אַליין ניט זאָגן פאַר וואָס. אָ מאָל פאַרקערט — ווען איך רוף זי אַרויס דערויף, טוט זי זיך מיט מיר אָ שפּיל און פאַליע מאַכט זיך אַזוי ווי ניט וויסנדיק. אין עקסטן פאַל קומט זי אָפּ מיט אָ ווערטל:

— מילקעלע, וואָס נעמסטו אים אַזוי אַרום. דו ווייסט ניט, אַז ער איז אָ ייד?

און מילקעלע ווייסט ווענגן וואָס עס גייט. דערום ווערט מיין בלוזע נאַס פון אירער אָ טרער. דאָס טרעפט זיך מערער פאַר נאַכט, ווען מען מעג נאָך אָ ביסל זיצן און ניט מאַכן קיין פייער. דענסטמאָל זינגען אַלע אין איינעם איינע און די זעלבע לידער:

„טראָגט זיך, טראָגט זיך
שוואַרצע וואָלקנס
אויף די פליגלען פון דעם ווינט..."

אַז ניט זינגען מיר:

„מאַמאַטשקאַ, כאַלאַדנאַ, מאַמאַטשקאַ, גאַלאַדנאַ,
מאַמאַטשקאַ, יעסט מי כאַטים״.

פאַראַן אַזאַ מין ליד וועגן קליינע קינדער יתומים.

אַלע מיר זינגען עס מיט טעם. אַלע מיר האָבן אַ סך מיטלייד אי אויף זיך, אי אויף די יתומים, און אַט די דאַזיקע שעהן זענען אפשר טאַקע די בעסטע אינעם גאַנצן מעת־לעת.

דערנאָכדעם האָט זיך מילקע ניט געפוילט לויפן נאָכן פידל צו גוסל אלקנהס ברודער, און כאַטש דער פידל האָט געהאַט אויף זיך נאָר דריי סטרונעס און אַנשטאָט קאַניפאָל האָבן מיר געקריגן אַ שטיקל אַלטע זשיווּיצע, און כאָטש איך האָב געוווסט, אַז איך בין אַ קנאַפּער בריה אויף די זאַכן, דאָך האָב איך אַנגעצויגן די פלעקלעך, אַ פּרווו געטאָן דעם סמיטשיק און געשפּילט. געשפּילט מיט דעם תנאי, אַז מען זאָל ניט אָנצינדן קיין שיין. פאַליע מיט מילקען האָבן שטיל נאָכגעזונגען און אויך רייזל אלקנהס איז דערביי געווען און זי האָט געזאָגט, אויף איר דינער האַלדז־און־נאָז שטים, אַז ס׳זאָל מיר נאָר קיין עין־הרע ניט זיין, אַז ס׳איז דאָך אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַלע מעלות.

אירע אָפּענע רייד זענען געווען ווייט פון ניט פאַרגינען און זי האָט טאַקע גלייך אַליין פאַרענדיקט:

— מיר גלייבן ניט און מיר וועלן ניט גלייבן קיינעם, ווער ס׳וועט אויף אייך קומען ליאַפּען. האָט איר געהערט אַ ביסל?

און מילקע האָט געענטפערט:

— און איך גלייב יאָ: באשר, ער שפּילט גוט, דאָס איז נאָך ניט קיין סימן.

פאַר אַזאַ מין וואָרט מוז איך זי כאַפּן, מילקען, דאָ ערגעץ אין אַ ווינקל, און זי אָנקושן אפילו פאַר איטלעכן אין די אויגן! זי רייסט זיך פון מיר און שלאָגט מיך כלומרשט מיט די פויסטן און איך קוש זי דערווייל שטאַרק־שטאַרק. איך האָב ליב, אַז מען זאָגט מיר אַזעלכעס אין פּנים אַריין. און אַז מען זאָגט עס אַזוי ווי זי, מילקע, זאָגט. נישקשה, מירן זיך נאָך שטעלן אויף די פיס און זי וועט זיך נאָך ביי אונדז לער־נען אויך. צוליב איר זענען מיר גרייט אַרויסצופאָרן אפילו אין אַ גרע־סערער שטאָט, אַבי זי זאָל האָבן לעם וועמען זיין, אַבי זי זאָל האָבן לעם וועמען זיך לערנען.

אָט אַזעלכע נאַרישע באַרימערישע געדאַנקען קומען אָפט אין קאָפּ

אַריין און ווערן אויך אַ מאָל אַרויסגעזאָגט אין דער הויך. אָבער דער שאַרפער און פּיינלעכער געפיל, אַז מיר טוען ניט דאָס וואָס מען דאַרף, איז נאָר איין מאָל געווען אַזוי שאַרף און זיך נאָר איין מאָל אַ ווייז געטאָן אַזוי בולט און קלאָר. און דערנאָך? איז עס שוין אַריבער אין דעם צושטאַנד פון צעשוווּמענקייט און אַזעלכעס, וואָס איז נאָענט צו גע־ווינטשאַפט.

---

איך בין איינער אַליין געגאַנגען פון סענדעריווקע קיין סלאָוועשנע. און אין דרויסן איז ווייטער געווען ווינטיק און שנייִק. איך האָב קיינעם פון קיין באַקאַנטע אויפן וועג ניט באַגעגנט און וואָלט איך זיי באַ־געגנט, וואָלט איך זיי אפשר אויך ניט געגאַנגען דערציילן קיין סך מעשיות. אין בעסטן פאַל וואָלט איך זיי געענטפערט:

— פון וואַנען איך גיי? פון סענדעריווקע גיי איך... איך האָב דאָרטן געדאַרפט זיין אין איינעם אַן אָרט... וואָס הערט זיך עפּעס אין סלאָ־וועשנע? שטיל?... נו, גוט... אַ גוטן טאָג.

מער איז ניט קיינעמס עסק. איך טאָפּטשע דעם סקריפּענדיקן שניי און אין האַרצן איז ניטאָ קיין פריידל אפילו אויף קיין האָר. איך פאַרלאָז זיך ווייטער אויף מיינע פיס, ווי אויף אַ מעכאַניזם, וואָס אַז מען ציט אים אָן, גייט ער. זיי שפּאַנען און מעסטן אויס איינציקע טריטווייז, ווערסט נאָך ווערסט, ביז סע קומט דיר אַנטקעגן אַ דאָרף און דערנאָך אַ שטעטל.

דאָרט אין שטעטל האָב איך זיך אויף ווענען צו פאַרקוקן. דאָס איז עליע־לייב מיט זיין שטובגעזינד: שטילע פאַרהאָרעוועטע מענטשן, און איך בין זיי מקנא, איך וואָלט זיך וועלן אַריינשרייבן צו זיי אין דער משפּחה. דערנאָך גייט ווידער אַ דאָרף, ווו עס שטייען הייזער מיט פאַרפרוירענע פענצטערלעך, יעדער שטיבעלע טישקעוועט אין זיך אַ לעבן און ס׳גייט זיי קיינעם ניט אָן, צי שפּאַנסטו איבערן פראָסט אומזיסט, צי מיט עפּעס אַ ציל. דו גייסט, גיי זיך געזונטערהייט. דיין שאָטן האָט פאַר עמעצן פון זיי דורכגעשווינדלט אויפן שליאַך, אָבער נישט אויף לאַנג, און סע איז זיי ניט כדאי אויף דעם זיך אָפּצושטעלן.

אָן־אַ לייכטן שוין די פייערלעך פון מיין שטאָט. ביי מיר אין שטאָט איז שוין תּחילת אָוונט. דער טאָג און דער אָוונט, ווי דער זומער און דער ווינטער, האָבן זיך זייערע געזעצן: זיי קומען ווען זיי דאַרפן קומען. זיי גייען אַוועק ווען זיי דאַרפן אַוועקגיין. איך איינער גיי ניט, ווייל איך דאַרף, נאָר, ווייל ס׳גייט זיך. איך קום, ווייל נאָך אַזוי פיל און אַזוי

פיל באַוועגונגען, וואָס די פיס האָבן געמאַכט אין דער געגעבענער ריכטונג, איז שוין ווי געקומען די שטאָט אַנטקעגן, און אַז מיין שטאָט איז געקומען, גיי איך גלייך ווי אַ פערד צו דעם זשאַלאָב, אַהין, וווּ מען פֿאַרשיט מיר אַ מאָל עסן און וווּ מען לאָזט פֿון מיינעט וועגן איבער אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ איבערשלאָפֿן.

ס'איז שוין געווען טונקל, אַז איך בין אַריינגעקומען אין שטוב. ס'איז זייער מעגלעך, אַז די שטובלייט האָבן מיך אַפילו ניט איבעריקס באַמערקט. די מאַמע פּאָרעט זיך ביי עפּעס אין קיך. דער טאַטע טראָגט, דוכט זיך, וואָסער פּונעם אַרומגעפּרווירענעם ברונעם. די קלענערע חברה זיצן אין אַ ווינקל און דערציילן זיך מעשׂיות און איך בין ווי אַ שטוביקער און ווי אַן אייגענער, וואָס דאַרף זיך ניט אָפּשטעלן מיט זיין גוטן אָוונט ביי דער ערשטער טיר און בלייבן שטיין, ביז מען וועט אים בעטן זיצן. איך בין זיך אַוועק אין לעצטן חדרל און דאָרטן איז פּונקט געווען וואַרעם. די הרובעס האָבן זיך שוין געהייצט און אַן קיינע רייד האָב איך אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם פאַרווינטיקטן מאַנטל, אַראָפּגעשלעפּט די אַנגעפּראַרענע שטיוול, זיך אַריינגעוואָלגערט מיטן אָנטאָן אין בעט אַריין און דווקא מיט אַ גרייטן זאַפּטיק-אָנגעדראָלענעם געוויין, ווי סע פּאַסט ניט פֿאַר קיין מאַנסביל אין דער וועלט און אויך פֿאַר מיר.

— וואָס וויינסטו? — וויל איך זיך אַליין אַ פֿרעג טאָן.

און ענדלעך, אַז די מאַמע איז אַריין און געפֿרעגט:

— אייזיק, סע דו? וואָס איז דיר, מיין קינד, פֿאַר אַ גוטס?

האָב איך זיך איבערגעדעקט שטאַרקער מיט דער קאָלדרע און געדאַנקט פֿריידקען, וואָס איז, דאַכט זיך, אין די רייד, אַריין און איטלעכן צוגענומען פֿון צימער.

איך באַוווּנדער פֿריידקען, וואָס פֿאַר אַ מענטש זי איז און איך קלער, אויב זי קען מיר אַזוי העלפֿן אין טאָג-טעגלעכע קלייניקייטן, צי דען וואָלט זי ניט געקענט איינשאַפֿן פֿאַר מיר עפּעס מערער. פֿון איין ליכט צינדט מען אָן אַ צווייטן און דער פֿייער ווערט ניט געמינערט. אַ געבילדעטער מענטש גיט איבער אַ צווייטן זיין קענטשאַפֿט און ער ווערט דערפֿון ניט אָרעמער, קען זיך דאַך, פֿריידקע, ווי עס איז אויך מיך אָנצינדן מיט איר ענערגיע, מיט איר לעבנס-לוסטיקייט.

אמת, מיט סענדעריוּקע, מיט סענדעריוּקע איז שוין אַלץ פֿאַרפֿאַלן.

איך בין געגאַנגען כלומרשט מיט אַן אייגענעם גאַנג, מיט אַן אייגענעם פֿאַרשטאַנד קיין סענדעריוּקע און געטראָפֿן אין אַן אָרעמער שטוב צו אָרעמע מענטשן. יענע האָבן קיין גרויסע מציאה ניט געכאַפּט, אָבער

אפילו אַט די מציאה, אַז איך וועל וועלן ביי זיי צונעמען אויף צוריק, וועט עס הייסן, אַז איך באַוווּלה אַרעמע מענטשן.

איך געהער דאָך ניט צו אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען און וועלן טראָגן באַליידיקונג צו מענטשן, וואָס זענען שוין אָן מיר אויך גענוג געקריוודעט. קיינער האָט דאָך מיר ניט געטריבן אין האַלדז און נאַקן און קיינער האָט מיך ניט געשלעפּט. איך האָב דאָך געקענט צוואַרטן, געקענט באַקלערן.

איך האָב זיך גוט אויסגעווייגט פאַר אַ סך יאָרן, פאַר אַ סך מאָל „אַנגעזאָלעטקייט אויפן האַרצן", און דערנאָך ערשט האָב איך אַ טראַכט געטאָן, פאַר וואָס זשע בין איך איצט ניט אין סענדעריוּוקע? פאַליע קען דאָך מיט איין שמייכל אירן, מיט איין גרינגן וואָרט מיך אַרויספירן אויף פריילעכע געדאַנקען. און מילקע. מילקען וואָלט איך אפשר ווייטער געטוליעט צו זיך. אייגנטלעך בין איך דאָך שוין דאָרטן אַ סך היימישער ווי דאָ...

שפּעטלעך אין אָוונט האָב איך ביי זיך אין אַלקער געגעסן וועטשערע און גערעדט מיט פריידקען וועגן דעם, אַז איך קלער שוין די טעג אַרי־בערפאָרן מיט מיין ביסל באַלעבאַטישקייט אַהין, צו זיי קיין סענדעריוּוקע.

דאָרטן איז ניט שלעכט. זיי זענען זייער טייערע מענטשן.

פריידקע האָט מיר דערציילט, אַז אונדזער שכנה און גלידשוועסטער־קינד זלאָטקע, פייגלס טאָכטער, האָט זיך געקנסט פאַר עליע־לייבס עלטערן יינגל. זיי זענען זייער ווילע מענטשן די עליע־לייבס. ווייטער האָט זי מיר געזאָגט, אַז סע שטערט ניט, וואָס איך קלער אַריבערפאָרן קיין סענ־דעריוּוקע, נאָר דאָס זעלבע וואָלטן אפשר די סענדעריוּוקער געקענט אַרי־בערפאָרן אַהער.

הערט אַ מעשה — וועגן דעם האָב איך אפילו קיין קלער ניט גע־טאָן...

— און ווייטער, — האָט מיר פריידקע ווי אומגערן אַ זאָג געטאָן — ס'איז שוין טאַקע צייט זיך צו עפּעס נעמען. עפּעס אָנהייבן טאָן.

ס'איז אפשר דאָס ערשטע מאָל, וואָס פריידקע זאָגט מיר אַזעלכעס, אָבער זי האָט עס שוין אָפּגעזאָגט און ס'איז, דוכט זיך, צו דער צייט אויך.

---

צווישן אַלע אַרטעלן אין שטעטל האָט זיך ענדלעך אויך געעפנט אַ האַרבער־אַרטעל. דאָרטן שמעקט שוין מיט דוב, מיט וואַפּנע, מיט טראָן און מיט דזשעגעכץ. און דער עיקר טראָגן זיך פון דאָרטן פריילעכע מענטש־לעכע שטימען. אַ ביסל גראָבלעכע, נאָר אויפגעלעבטע און גוטע. אַז איך

טראַכט זיך אַריין אין דעם כאַטש איין רגעלע, דערזע איך פאַר זיך זייער קלאָר, ווי אַזוי די אַרבעט האָט ליב מענטשן, און דער מענטש — אַרבעט. אַרבעט איז ביים מענטשן זיין צווייטע נאַטור. אין גיכן וועלן מ׳יר שוין ענדגילטיק באַשליסן וועגן מיין מקום מנוחה: „סענדעריווקע צי סלאָוועשנע". און אפשר גאָר אַ גרויסע שטאָט, אַז מילקע זאָל לעם אונדז קענען לערנען און איך וועל זיך שוין אויך נעמען צו עפּעס אַ טועכץ. מעג זיין קאָמאַשן שטעפּן, ברויט באַקן, ביכער איינבינדן. עפּעס דאַרף מען דאָך טאָן. מען דאַרף זיך צוריק איבערבעטן מיטן לעבן. איצט זע איך קלאָרער, ווי ווען עס איז, אַז אַן אַרבעט איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט.

ביז עפּעס וואָס נעם איך די קו אויף אַ שטריק און איך לאָז מיר מיט איר, אין איינעם אַ פרימאָרגן, קיין סענדעריווקע. פריער וועל איך זי אַהין אָפּפירן און דערנאָך וועל איך קומען און איבערנעמען רחלען.

איך בין צופרידן, וואָס קיין שכנות דרייען זיך ניט אַרום אויפן ווינקל. עפּעס ווילט זיך מיר ניט פאַרפירן קיין לאַנגע שמועסן, צו וואָס איך פיר די בהמה? וווהין איך גיי מיט דער בהמה? גענוג, אַז די היימישע ווייסן, מיט זיי האָב איך שוין אַזוי ווי אָפּגערעדט.

— מיט דיר וועט זי אפשר גיין רויִק, — מאַכט צו מיר די מאַמע אין הויף פאַרן אַוועקגאַנג, און זי זאָגט מיר ניט, אַז זי קוקט אויף דעם ווי אויף אַ קרומער זאַך. זי קען מיך די לעצטע צייט פאַר אַ מענטשן, וואָס ווערט גיך אין כעס, וואָס צעשרייט זיך אָפּט העכער ווי מען דאַרף, וואָס נעמט זיך צו פיל צום האַרצן, זי זשאַלעוועט מיך.

רחלע און די קלענערע קינדער האָבן מיך אויך באַגלייט און מיר נאָכגעקוקט. זיי האָבן מיך אפילו געהאַלטן פאַר אַ גרויסן איינשטע־לער, וואָס פאַר אים איז ניט קיין באַטרעף זיך לאָזן אַליין פון איין שטאָט אין דער צווייטער.

— אַ גוטן טאָג, — האָב איך אַ זאָג געטאָן אַנשטאָט דעם געוויינט־לעכן „זייט געזונט".

און זיי האָבן געענטפערט:

— גיי געזונט!

אַליין, אַז איך גיי מיט מיינע צעלאָזטע פאַלעס אַנטקעגן ווינט, ווייס איך שוין אַן ערך וויפל דער וועג דאַרף ביי מיר אָפּנעמען צייט. גיי איך אַרויס אין דער פרי, דאַרף איך אַהין טרעפן צו וואַרמעס. גיי איך אַרויס וואַרמעס־צייט, אויב די טעג זענען גרעסער, דאַרף איך אַהין אָנקומען צו זונפאַרגאַנג.

ווי אַזוי וועלן מיר עס איצט פאַרגיין מיט דער בהמה, ווייס איך ניט. איך בין, דעם אמת געזאָגט, נאָך קיין מאָל ניט געגאַנגען אַזוי. איך האָב געזען, ווי אַ פּויער אָדער אַ דאָרפסייד שלעפּט זיך איבערן וועג מיט אַ בהמה. נו, איז עס, דוכט זי, ניט פון די שווערע אַרבעטן. עס שאַפט זיך ביי זיי אפילו אַ געוויסער טראָט פון שותפותדיקן גאַנג.

אַז מיר האָבן שוין אויסגעמיטן די שקאָלעס מיט די טויערלעך, האָט די שוואַרצע מיט אַ מאָל זיך צו מיר אומגעקוקט, שוין אפילו גאָר ניט ווי קיין בהמה, און אינעם בליק אין אירן האָב איך געלייענט אַן ערך אַזעלכעס:

— שיינער באַלעבאָס, זאָג מיר נאָר. דיר דוכט זיך ניט, אַז דו פּלאָנטערסט מיך אומזיסט אין דיינע אומבאַטראַכטע געגנג?...

איך האָב זי זייער גוט פאַרשטאַנען און איר אויך ווי געענטפערט.

— מאַנקע. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אָבער דו ווילסט דאָך מיר ניט מאַכן שווערער דאָס געמיט... איך פאַרזיכער דיך, אַז מירן זיך אַזוי לאַנג פּלאָנטערן צווישן די אומבאַטראַכטע געגנג, ביז מירן זיך סוף־כל־סוף אַרויסשלגן אויף אַ וועג, דענסטמאָל וועלן מיר אויך האָבן שעהן פון אָפּרו און טעג פון רו. מירן אפילו פאַרבעטן צו זיך געסט און דענסטמאָל, פאַרזיכער איך דיך, וועלן מיר פאַרגעסן אפילו אין דעם טשאַד פון גאָר־ניט ניט טאָן און אין ערגעץ ניט טויגן. ס׳איז אַ טשאַד, זאָג איך דיר, וואָס דאַרף זיך אויסוועפּן. דערווייל גיי לייטיש און שיין. פּאַמעלעך, טרעט מיר ניט אויף די פיס. און נאָך אַ זאַך וויל איך דיך בעטן: פאַר־נאַכטלעך וועלן מיר זיין אין אַן אַנדער שטאָט, ביי אַנדערע מענטשן. מענטשן, וואָס איך בין מיט זיי פריינד. אַלן פאַלס וויל איך, אַז מיין פריינדשאַפט זאָל זיי איינגיין. און טאָמער וועט דיר ווערן די ערשטע צייט אומעטיק, זאָלסטו עס, פּונקט ווי איך, ניט אַרויסווייזן. זיי זענען שוין אויסגעשטאַנען אַ היפּש ביסל צרות אָן אונדז. און מיר, — באַהיט אונדז גאָט, אַז מיר זאָלן זיי פאַרשאַפן כאָטש די מינדסטע קימערונג. און דאָס איבעריקע איז ניט געזאָרגט... נאָ, נאָ, מאַנקע. אין לעבן, זאָלסטו וויסן זיין, איז געוויינטשאַפט ניט פון די קלענסטע זאַכן. מען געוווינט זיך צו. מיין מומען, דו קענסט זי דאָך, נו, דו שטייסט דאָך אַלע מאָל מיט איר גרויסער ראַבער בהמה און איר קייט צוזאַמען די זשויקע אויף דער זון. ביי דער גרויסער ראַבער קו איז אגב אויך געשטאָרבן אַ יונגע באַלעבאָסטע, זייער אַ שיינע, אַ בלאָנדע, אַ שטאָלטנע און דער עיקר זייער אַ לעבעדיקע. זי ליגט איצט ניט ווייט פון בוזיען. יאָ, יאָ. דאָרטן אויפן פאַרווייטן און פאַרשנייטן שטעטלדיקן בית־עולם. איז אַנטקעגן וואָס

זשע רעדן מיר עס, אַנטקעגן געווינטשאַפט, זאָגט זי כסדר, אָט די מומע מיינע:

— זאָל מען ניט געפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געווינט ווערן. נאָ, נאָ, מאַנקע, נאָ!

און מיר גייען זיך אונדזער וועג.

אין דער היים קערן זיי ערשט עסן אָנבייסן און איך מיט דער שוואַרצער זענען שוין באַלד פון יענער זייט באָקיעווושטשינע. מיר האָבן שוין לאַנג איבערגעלאָזט הינטער זיך די שקאָלעס און אַלע פּאַשע־ערטער, ווו די כודאָבע אונדזערע גייט אַלע זומער אַרום. מיר גייען דורכן איינגעפּראָרענעם שליטוועגס, פאַרביי דעם פאַרשנייטן ראַוו. און קיין זאַך, אויסער די פאַרשאָטענע ביימעלעך און די סטויפּטשיקלעך פון די צעמאָס־טענע פעלדער גיבן ניט צו פילן, אַז דאָ איז פאַראַן פלאַץ פאַר זומער אויך. פאַר ברייטע צעכוואַליעטע פעלדער, פאַר גרינע תבואות, פאַר שמעקנדיקער לופט, פאַר געזאַנג פון פייגעלעך. ניין, איצט ברינזלען נאָר אין די אויגן די דימענטלעך פונעם פראָסט און ער שפּילט אונטער די פיס מיט טויזנטער פידלען. ווי ס׳זאָל ניט זיין ליב די פרייע דרויסנ־דיקע רחבות, ווילסטו פונדעסטוועגן דערפילן אין דער נאָענט אַ פּאָר דאָרפישע פלויטן, שטאָלן מיט שטרויענע סטריכעס און דערזען קוימענס פון וואַנען סע גייט אַ רויך. דאָרט לעם זיי ביסטו עפּעס פעסטער ביי זיך.

סע קען זיין, אַז איך וואָלט שוין מעגן אָפּלאָזן דער בהמה דאָס שטריקל. זי איז זיך שוין אַ ביסל איינגעאַנגען און ס׳פילט זיך, אַז זי וועט שוין גיין די גאַנצע צייט אַהין ווו איך גיי. פלוצעם, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ. פון דער ווייטנס איז געפאָרן איין פערדל, און דאָס שליטל האָט זיך געשמאַק געגליטשט אויפן איינ־געפּראָרענעם שליאַך.

נו, מאַנקע! וואָס האָסטו דאָרטן ניט דערזען? קיין וועלף זענען דאָ ניטאָ און קיין מענטשן וועלן אונדז ניט טשעפּען. זיי גייען זיך זייער וועג און מיר — אונדזערן. נו, פאַשלי, פאַשלי! מיר זענען אָפּגעטראָטן אַ ביסעלע אָן אַ זייט. זאָלן זיי גיכער דורכפאָרן.

אָבער די מענטשן, וואָס זענען געפאָרן אַנטקעגן, האָבן זיך דווקא לעם אונדז אָפּגעשטעלט. זיי האָבן, ווייזט אויס, אַזוי געוואָלט. איך האָב זיי אגב גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דער נייער וואָיענקאָם אונ־דזערער, טישטשוק הייסט ער, דוכט זיך, און אַ רויטאַרמייער, וואָס פאָרט מיט אים. איך האָב אים געוואָלט אָפּגעבן אַ גוט־מאָרגן, אַזוי ווי ווייש־טשענקען, אַזוי ווי אַן אַנדערן פון די וואָס איך קען, אָבער מיין גוט־

מאָרגן איז צעטראָטן געוואָרן אונטער זיין האַרטער און פרעמדער פראַגע:

— ווער זענט איר? וווּהין גייט איר? וואָס איז עס פאַר אַ בהמה?

איך שמייכל צו אים און דערצייל אים, אַז איך קען אים און ער וואָלט מיך אויך דאַרפן קענען, אַז איך בין דער און דער. די בהמה פיר איך איצט אינעם נאָענטן שטעטל. דאָרטן גיי איך צו אַזעלכע און אַזעל־כע מענטשן... קורץ, — איך קלער זיך דאָרט באַזעצן.

— אייער אַנגעהעריקייט צו מיליטער־דינסט?

איך ווייז אים אַ פּאַפּירל.

— טשטאָ ווי? אויף וואָס האַלט איר עס?! אַט אַזוי שלענדערט מען זיך אַרום און מען דרייט זיך אויס מיט אַלע מיטלען פון דינען אין דער רויטער אַרמיי. געגאַנגען זאָל ווערן צוריק!

דער רויטאַרמייער קריכט אַראָפּ פון שליטן. ער גיט אָפּ דעם וואַיענקאָם די לייצעס און וויל נעמען די בהמה פאַרן שטריקל, אָבער די בהמה אונדזערע, לאָזט זיך אויס, איז גאָר ניט פון די ראַכמאַנעקע און ניט פון יעדערן וועט זי זיך לאָזן פירן. האָט זי זיך געגעבן אַ דריי און אַ ריס אַרויס פון זיינע הענט, אַז דער בחור האָט זיך שיער ניט איבער־געקוליעט.

—לאָזט זי אָפּ — האָב איך אַ זאָג געטאָן. —זי וועט שוין טרעפן. זי וועט אַליין טרעפן דעם וועג אַהיים.

און די שוואַרצע איז ווירקלעך אַוועקגעלאָפן מיטן שליאַך צוריק צום שטעטל.

— אויב אַזוי, — האָט זיך דער וואָיענקאָם אַנגערופן, — טאָ קריכט אין שליטן אַריין!

דאָס שליטל איז שמאָל און קליין, אָבער מיר האָבן זיך אויסגעזעצט. איך מיטן רויטאַרמייער אויבן אָן, און דער וואָיענקאָם האָט פריי געהאַלטן די לייצעס און אָנגעטריבן.

אינטערעסאַנט. דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט, אַז סע מאַכט זיך מיר אַ מעגלעכקייט אונטערפאָרן אָבער ניט אַהין, וווּהין איך דאַרף, נאָר אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

ס׳ווערט מיר עפּעס ניט גוט אויפן האַרצן. בעסער געזאָגט, ס׳איז מיר ניט שיין. אפילו פאַרן דרויסן איז מיר ניט שיין. וואָס וועט מען זאָגן ביי מיר אין שטעטל? פאַרשטייער פון מיין מאַכט פירן מיך פּונקט ווי איך וואָלט געווען פייטל די ציג. אָדער עפּעס אַן אַנדער בלאָטער אויפן לייב פון דער רעוואָלוציע. איצט וואָלט מיר מער ניט געפּאַסט, אַז איך זאָל באַגעגענען שיינדלען יצחקס. זי וואָלט אין מיר פשוט געהאַט אַ

נקמה, און פאַר איין זאַך, דערפאַר וואָס איך האָב זי אַלע מאָל פאַרזי־כערט, אַז נאָך איר מוז קומען אַ מיליציאַנער (און זי רופן נייען זעק אָדער פונאַנדערטראָגן פּאַפּירן) און נאָך מיר — ניט. וועגן מיר — האָב איך זיך באַרימט — ווייסט מען, אַז איך וועל אַליין קומען.

די בהמה האָט אָנגעהויבן גיין אַ ביסל פּאַמעלעכער. דאָס שטריקל, וואָס האָט זי געשלעפּט ביי די פיס, האָט איר געשטערט, נאָר סע איז שוין ניט ווייט. אָט־אָ זענען צוריק די טויערלעך און אָט־אָ זענען די שקאַלעס. לעם די שקאַלעס האָב איך דערזען דעם טאַטן, ווי ער גייט אין אַרטעל אַריין, ווייזט אויס נאָכן צווייטן איבערבייס.

ער האָט זיך פון אָנפאַנג דווקא צוגעקוקט, געוואָלט זען ווער סע פאָרט, נאָר ער האָט, ווייזט אויס, סיי ווי ניט דערקענט, האָב איך שוין אַליין צו אים אַ הוקע געטאָן:

— טאַטע, פאַרטרייב אַהיים די בהמה און טו איר אויס דאָס שטריקל.

דער וואָיענקאָם האָט זיך צו מיר אומגעקוקט און דער טאַטע איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע און ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. אָבער ער האָט זיך גלייך אומגעקערט טאָן דאָס וואָס איך האָב אים געבעטן. אַ מאָדנע זאַך, כאָטש מיר רעדן מיט אים אַזוי ווינציק די לעצטע צייט, האָט אים דאָך קענטיק אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן, וואָס איך, אַזאַ „נאַטשאַלניק", בין גאָר ביי די אייגענע עלטסטע אין די הענט... מילא, איך בין שוין געוואָרן ווייט פון דאַווענען, ווייט פון יידישקייט, פון תכלית, אָבער ביי די עלטסטע, ווייס ער, אַז איך האָב אַ שטיקל „פּאַטשאַט" (אָנזען). איצטער איז שוין דאָס אויך ניטאָ?

און ער איז באַלד נאָכן פאַרטרייבן די בהמה אַוועקגעלאָפן אין שטעטל אַריין צו איציק שיינקמאַנען. יענער ווייסט דאָך אַוודאי ווי אַזוי איך האָב אויפגעהערט פאָלגן טאַטע־מאַמע און ווי אַזוי איך האָב, טאַקע ווי דער אמת איז, טאָג און נאַכט געווייקט אין „סאָיוז" (פאַראיין), טאָ זאָל ער גיין צו וועמען מען דאַרף און מיך אַרויסרוטשען (באַפרייען), דעם בעסטן חסיד זיינעם!

איך בין דערביי ניט געווען, איך האָב מיטן טאַטן וועגן דעם ניט גערעדט, נאָר איך קען געבן אַ חתימה אויף פּאַפּיר, אַז ס'איז אַלץ אַזוי ווי איך האָב נאָר וואָס געזאָגט.

פאַרפאַרן זענען מיר צום וואָיענקאָם אויף דער קוואַרטיר. אין אַ פערטל שעה אַרום איז איציק שיינקמאַן (וואָס וווינט מיט זיין פאַמיליע ניט ווייט אָט דאָ אויפן שליאַך) געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער, מיט מיר האָט ער זיך אפילו ניט געגריסט. איך בין געזעסן מיט די רויטאַר־

מייער אין פּאַדערשטוב און ער איז אַוועקגעלאָפן צום וואַיענקאָם אין צימער אַריין. ער האָט אפילו ניט אַנגעקלאַפּט אין טיר און איך הער ווי ער שיסט דאָרטן אויס:

— טישטשוק! וואָס טוט זיך עס מיט דיר?!... דו דערקענסט שוין ניט קיין מענטשן? דו ווייסט?...

איך פאַרשטיי שוין, וואָס שיינקמאַן רעדט וועגן מיר ווייטער: אַז דאָס איז אונדזער בעסטער קולטורניק אין שטעטל. אויף אים שפּאַרט זיך אָן די גאַנצע יוגנט. צוליב א פאַמיליען־בראָך און אַזוי ווייטער און ווייטער איז ער אַזוי און אַזוי, נאָר ער איז אונדזערער און ער וועט נאָך אַרבעטן מיט אונדז. ווייסטו שוין וואָס דו טוסט?!

דער וואַיענקאָם איז אין גיכן אַרויסגעגאַנגען אין דער צעשפּילעטער גימנאַסטיאָרקע און קאַלטלעך אַ קוק געטאָן אין מיין זייט:

— ווי סוואָבאָדני (איר זענט פריי).

געזאָגט האָט ער עס מיט אַזאַ קול, ווי דער מענטש וואָלט נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

און ער מיינט, אַז אַזוי איז עס שוין. ער שטעלט זיך ניט פאָר, אַז איך בין נאָך געענוג געפּענטעט, ניט געקוקט דערויף, וואָס איך גיי אַרויס פון דאַנען אָן אַ שמירה און וואָס איציק שיינקמאַן האָט אפילו באַ־זאָרגט פאַר מיר אַ פּאַפּירל, אַז ס'זאָל זיך מיט מיר אַ צווייט מאָל אַזעלכעס ניט טרעפן.

אָט־אָ ער, שיינקמאַן, דאַכט זיך אַזאַ פּראָסטער יונגערמאַן און טוט אומיסטן אַ קוק, וויפל געדולד ער ווייזט אַרויס צו מיר און וויפל מענטש־לעכקייט. אָט איז ער צוריק אַוועק און זיך צו מיר כמעט ניט אָפּגערופן, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך גאָר ניט געקענט און ס'איז בעסער. ער איז ניט קיין דאָקטער און דאָך ווייסט ער, אַז ביי אַזאַ חולאת ווי ביי מיר, דאַרף מען ווי ווייט מעגלעך אויסמיידן איבעריקע רייד, מיט דער צייט וועט זיך עס אַליין פאַרהיילן.

---

איצטער וואָלט איך וועלן, אַז שיינדל זאָל מיך זען. כאָטש עס שטערן מיר אַ פּאָר קלייניקייטן. ערשטנס, ווייס איך ניט, ווי אַזוי איר דער־ציילן וועגן מיין שייכות צו סענדעריוווקע. און זי ווייסט, אַז איך האָב ליב רעדן וועגן זאַכן אָפן און ניט פאַרשטעלט.

צווייטנס, האָב איך מורא, זי זאָל אויף מיר ניט דערקענען, אַז מיט סענדעריוווקע איז עס ביי מיר צוגעגאַנגען צו איילִיק און צו ניט באַטראַכט.

אויב אַ מענטש געפינט פאַר מעגלעך, אָדער פאַר נויטיק מאַכן אַזאַ מין שריט אין לעבן, דאַרף ער זיך מיט עפּעס פילן באַנייט, און איך בין די זעלבע פאַרשטויבטע און אָפּגעבליאַקעוועטע שטיקל סטאַריזשנע ווי געווען. אפשר נאָך ערגער. די אינעווייניקסטע געפאַלנקייט, וואָס האַלט דערווייל אין איין וואַקסן, ברענגט צו דעם, אַז די פאַרדאַרטע סטאַריזשנע זאָל ווערן גליטשיק און צעווייקט ווי ביים שוסטער אין פאַמיניצע.

אויף איין רגע טוט זיך מיר אַ דאַכט, אַז איך פיר מיט פאַליען אַ וויכוח. איך רעד און נעם זיך די רעכט צו רעדן מיט איר האַרבע ווערטער:

פאַליע, ביי אייך זענען די דירות גרעסערע ווי ביי שיינדלען, פאַר־וואָס פאַרבסטו ניט אויס די פאַלן אַזוי ווי זי? פאַר וואָס וואַקסט ביי דיר ניט קיין ביימעלע אַנטקעגן פענצטער, נאָר פאַרקערט, דאָס סעדל, וואָס שטייט ביי אייך פון יאָרן הינטער דער שטוב איז אויך פאַרוויסט און פאַרלאָזן. פאַר וואָס מאַכסטו ניט, אַז די זון זאָל אַריין צו דיר אין שטוב. ווו זענען אייערע הענט?

נאָר ס'איז אַ ליגן. איך קלער עס איר ניט זאָגן. ווען יאָ, וואָלט איך דאַך גלייך אין דער זעלבער רגע געדאַרפט רעדן די אייגענע רייד מיט זיך אַליין. איך האָב דאָך אויך הענט, וואָס מען קען מיט זיי קערן וועלטן. מען דאַרף זיי נאָר אונטערגעבן אַ ביסל מערער מוט און פריילעכקייט, דאַן וואָלט אין אונדזער גאָרטן ניט געווען אַזאַ פאַרלאָזנקייט און אויף אונדזערע פּנימער — אַזוי פיל פאַרצווייפלונג.

שיינדל האָט זיך ווי אויף צו להכעיס ניט געוויזן, ניט אויפן גאַניק, ניט אין פענצטער. זי האָט אָדער ניט געוווּסט, אַז איך קוק אויף איר אַרויס, אָדער זי האָט אומיסטן אַזוי געמאַכט איך זאָל זי ניט זען און אַליין האָט זי געשפּירט נאָך יעדן טריט נאָך מיינעם. אויף איר איז עס צו גלייבן. זי קען די מלאכה. ווען זי זאָל אָבער וויסן, אַז איך האָב נאָך איר דאָס מאָל געבענקט מער ווי ווען עס איז.

— אַ גוט־העלף, צי ס'איז שוין באַלד אַ גוט־אָוונט. איר גייט אַהיים? קומט, וועלן מיר גיין אין איינעם.

איך האָב פון דעם גרינג אַ ציטער געטאָן, ווי עמעצער וואָלט מיך געכאַפּט ביי ניט קיין כשרן ענין.

ווער איז די פרוי אינעם גרויסן ווינטערדיקן שאַל? פאַר אַן אַלטער יידענע האָט זי גאָך אַ צו יונגע טאַליע און צו אַ גרינגן גאַנג. און פאַר אַ יונג ווייבל איז ביי איר צו אַלט דאָס פּנים און צו פיל אויסגעלאָשן דער בליק.

אַנדערע ביי אונדז אין שטעטל קענען זי נאָך ניט אַקוראַט. מען ווייסט נאָך ניט ווער זי איז. נו, ס׳איז קיין חידוש ניט. זי איז דאָך ניט קיין היגע. דאָס איז דאָך יעקב־בער דעם האָרבערס צווייטע ווייב. אָט־אָ איך וואָלט שוין פון איר דאַרפן וויסן מערער. מיט מיר קער זי זיך עפּעס אָן. מיר זענען מיט איר צוויי מאָל פריינט און אפשר דריי מאָל, אויב ניט מערער. ערשטנס, איז זי מיין שוועסטערקינדס אַ ווייב. צווייטנס, איז זי צו אים געקומען אנשטאָט זיין יונג פארשטאָרבענער ביילקען און יענע איז געווען שיין, לעבעדיק און הייס ווי אַ שטיק פייער. איך האָב לעם איר קיין מאָל ניט געקענט לאַנג אויסהאַלטן מיין גלייכגילטיקע מינע. איצט איז דאָס ווייבל אַ קאַנדידאַט אויף ביילקעס אָרט. און ווייטער. ווייטער איז דאָס ווייבל סך־הכל אַן אייגענע שוועסטער פון די צוויי מיידלעך אין סענדעריוווקע, צו וועמען איך האָב זיך היינט צוזאמען מיט דער שוואַרצער געלאָזט גיין און ניט דערגאַנגען. איינע הייסט פאַליע, די צווייטע מילקע און זייער כבוד (וואָס־וואָס, נאָר זייער כבוד) דאַרף ביי מיר זיין אַפּגעהיט. פאַר וואָס זשע זענען מיר מיטן דאַזיקן ווייבל אַזוי פרעמד צווישן זיך?

— איר זענט שוין לאַנג פון סענדעריוווקע? — פרעגט זי מיך נאָך אַ קורצן שווייגן.

און איך ענטפער איר.

איך ענטפער איר, אַז איך קלייב זיך די טעג אַהין צו גיין.

אָבער דאָס זענען ניט די ריכטיקע ווערטער, וואָס גייען פון מיר צו איר. פון מיר צו איר שפּאַרט זיך איינגעעקשנט אַ פראַגע אַ גראָבע, נאָר ביז גאָר אַ באַרעכטיקטע:

ווי? ער שלאָפט מיט אייך אין איין בעט, מיין שוועסטערקינד? און איר וועט ביי אים פועלן, ער זאָל אייך אַרומנעמען און נאָך אפשר חלילה קושן אויך נאָך אַזאַ ווייב, ווי ער האָט געהאָט. אמת, איר קענט זי אפשר ניט. אָבער מיר האָבן זי דאָך געקענט...

און איך פיל, אַז איך טאָר פון אַזעלכע זאַכן ניט קלערן. און דערום פרעג איך זי בעסער, צי מיין שוועסטערקינד אַרבעט שוין לאַנג אין אַרטעל און צי טראָגט עס אַריין צום לעבן.

זי ענטפערט מיר דאַרטן ווי זי קען און וויפל זי פאַרשטייט אין די זאַכן. און מיר זעגענען זיך ביי איר גאַניק, וואָס איז צוויי טריט פון אונדזערן.

— קומט אַ מאָל אַריין, — זאָגט זי מיר.

און זי האָט מיט מיר אַזוי ווינציק גערעדט פון אירע שוועסטער. בלויז

די קלענערע האָט זי ווי דרך אגב דערמאָנט. די קלענערע איז טאַקע זייער איטלעכנס ליבלינג און אפילו זי ווייסט, אַז זי דאַרף זיך לערנען.

— מילקע דאַרף זיך לערנען. ווי דען ? ס׳איז פאַר איר אַ תּכלית זיך פאַרזעצן דאָ אין סלאָוועשנע ? !

יאָ, יאָ. איך ווייס. אונדזער שטאָט געפעלט זיי קיינעם ניט. זיי האָבן אויף איר צונעמעניש̈ן און חסרונות און אָנשטאָט פאַרקערעווען אין שטוב אַריין, גיי איך צום שטאַלטויער. דאָרטן דאַרפן שטיין ביידע בהמות — אי דער מאַמעס בהמהלע, די רויטלעכע, אין מיין בר־דעת — די שוואַר־צע, מיט וועלכער מיר האָבן היינט געמאַכט ניט קיין געלונגענעם שפּאַציר.

די שטאַל איז אָבער געווען ליידיק. די בהמות, לאָזט זיך אויס, זענען גאָר ביידע געווען לעם שטוב און געגעסן פּוילע.

מיינע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַפילו זי ווייסט, וואָס סע קאָכט זיך ביי מיר אויפן האַרצן :

— שוין צייט, כ׳לעבן זיך נעמען אין די הענט. איר זענט דאָך ניט קיין קליינינקער !

איך האָב אַ גלעט געטאָן איר וואַרעמע פעל און שיער ניט צוגעזאָגט אי זיך, אי נאָך עמעצן, ווער ס׳איז ניט אין גאַנצן גלייכגילטיק צו מיין גורל :

אויף מיין וואָרט, איך פיל שוין אַליין, אַז ס׳וועט אין גיכן אַלץ איבערגיין. סוף־כל־סוף בין איך ניט קיין בן יחיד ביי גאָט און אפילו ביי מיין מאַמען אויך ניט. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך...

ווען איך וויל, קען איך זיך אַרויסקלייבן מיט די סענדעריוּקער אַהער צו. איך וועל זיך באַמיען מיט אַלע כּוחות, ס׳זאָל זיי דאָ ניט זיין שלעכט. איך קען אפילו דינגען אַ דירה, מיר זאָלן ניט דאַרפן וווינען ביי די עלטערן.

כ׳האָב עס ניט געוואָלט עמעצן זאָגן, נאָר אין דער רגע איז אַרויס דער טאַטע מיט די ליידיקע עמער, מסתמא צום ברונעם נאָך וואַסער. ער האָט מיר גאָרניט ניט געזאָגט, איך אים אויך גאָר ניט. מיך האָט נאָר זייער פאַרדראָסן, וואָס איך קען ביי אים ניט צונעמען די עמער און אַליין אַ שפּרונג טאָן צום ברונעם. איצט פּאַסט שוין ניט, ער׳ט זיי מיר פּשוט ניט געבן, נאָר ווו בין איך פריער געווען ?

און איך בין פון ס׳ניי, ווי אַן אַנגעוואָרפענער און אַן איבעריקער אַוועק צו זיך אין שטוב אַריין.

---

דעם זעלבן אָוונט זענען געקומען צו אונדז אי שיינדל, אי משה.

קען זיין, אַז משה איז געקומען טאַקע צו מיר. מיר האָבן זיך שוין לאַנג ניט געזען און אין שטעטל גלוסט זיך אויסרעדן מיט עמעצן אַ וואָרט. און אפשר האָט ער געוואָלט זען פריידקען אַן איבעריק מאָל. ס׳קאַרטשעט אים ווינציק?

ווען פריידקע קנסט זיך מיט עמעצן, וואָלט שוין משה אויך ווי עס איז חתונה געהאַט. ער וואָלט שוין געקענט לאַנג חתונה האָבן, נאָר ער וואָרט, ווייזט אויס, טאָמער, טאָמער וועט אים פריידקע ווייזן אַ גוטע מינע. קען זיין, אַז ווען ער איז ניט אַזאַ שטילער, וואָלט ער מערער געפועלט.

שיינדל איז אדרבא געווען צופרידן, וואָס זי גייט מיט משהן; צו אונדז איז ווייט און אין אָוונט איז אַנגענעם גיין אין צווייען. איר איז נאָר שווער ביז זי רייסט זיך אַרויס פון שטוב, קוים איז זי שוין אַרויס, גייט זי ווהין זי וויל און מיט וועמען זי וויל. איי, דער טאַטע קען איר דערנאָך וואָרפן אַ שטיוול אין קאָפּ, איז זי דאָך ניט שולדיק. מען זאָל געווען ביי איר פרעגן, ווער סע זאָל זיין איר טאַטע, וואָלט אַלצדינג געווען אַנדערש...

אונדזער אבי, ווי מיר פלעגן אים רופן (ד. ה. אונדזער טאַטע), האָט דווקא ליב, אַז ס׳קומען צו אונדז אַ מאָל יונגע לייט אין שטוב, זיך אויך אַריינשטעלן, ער האָט ליב אַ מאָל זיך צוזעצן, אַנשטעלן אַן אויער, און אפילו אַריינוואָרפן אַ וואָרט. די לעצטע צייט האָט זיך ביי אים איינ־געבירגערט איין פראַגע. אַז ער באַגעגנט מיינעם אַ חבר, אַדער גלאַט אַ יונגן מאַן, מעג עס זיין אַן אַנגעפּאַרענער פון דער ווייט, שטעלט ער אים אָפּ און פרעגט אים מיט אַ פּאַרגעפיל פון נצחון:

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, איך וויל אייך נאָר פרעגן איין זאַך: איר ווייסט שוין טאַקע אויף געוויס, אַז ס׳איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט?

און ער איז עפּעס אַזוי צופרידן מיט זיך אַליין און מיט דער פראַגע.

ער אַליין איז ניט איבריקס קיין פּאַרפרומטער, פונדעסטוועגן קוקט ער אַריין דעם געפרעגטן גלייך אין פּנים אַריין און זאָגט אים אָפּ זיין לאַנג צוגעטראַכטן געדאַנק:

אַז די באָלשעוויקעס אַליין זענען דאָך אויך פון גאָט!

די מאַמע רופט אים אָפּ אין אַזעלכע פאַלן.

— לייבל — זאָגט זי — קום, וועלן מיר אַרויסטראָגן די פּוילעס.

זי ווייסט, אַז די יונגע לייט זענען ניט געקומען צו אים. און טאָמער קומט עמעצער אפילו צו אים, איז אויך ניט נאָך דערויף. איי, גאָט?

איז ער דאָך דערויף אַ גאָט, ער זאָל אַליין זיין שטעטל באַשטיין.

פריידקע איז געקומען פון דער אַרבעט און אונדז איטלעכן אָפּגעגעבן אַ גוטן אָוונט, נאָך איידער זי האָט, אַ פאַרזשמורעטע פון דער שטוביקער שיין, פונאַנדערגעקליבן ווער סע זיצט ביי אונדז.

אַז פריידקע קומט, קומט רחלע אויך.

רחלע איז אין קינדערהיים דעם גאַנצן טאָג און אויף דער נאַכט קומט זי אין איינעם מיט פריידקען אַהיים.

— אַ! — האָט רחלע אַ שפּרונג געטאָן צו מיר און מיך אַרומגענומען — דו האָסט אָפּגעפירט די בהמה און אַליין ביסטו געקומען צוריק?

— ניין, — זאָג איך — מיר זענען נאָך ביידע דאָ.

פריידקע האָט ניט פאַרשטאַנען און מיך אָנגעקוקט.

אָבי מיר האָבן געמיינט, אַז די גאַנצע שטאָט און אפילו די שכהנהשע שטעט ווייסן שוין ווי אַזוי מען האָט מיך היינט אומגעקערט.

אויב אזוי קען זיך מאַכן, אַז שיינדל ווייסט אויך ניט פון קיין זאַך און משה אויך ניט. מהיכא־תיתי. אויב אַזוי איז טאַקע נאָך בעסער.

די מאַמע האָט ליב מיט עפּעס מכבד זיין ווער סע זאָל ניט קומען. האָט זי אַרויסגענומען פון אויוון אַ טעפּל קייעכעס*), אָפּגעזייט און אָוועקגעשטעלט דעם גאַנצן טאָפּ אויפן טיש. קייעכעס איז שוין אַזוי איינגעפירט, אַז מען עסט זיי גלייך פון טאָפּ. זומער זענען די קייעכעס זיסע, ווינטער שמעקן זיי מיט טשאָלנט, נאָר סע מאַכט ניט אויס. ווען פּאָליע מיט מילקען זיצן דאָ, וואָלטן זיי געזאָגט אַ ווערטל און וואָלטן אויך געגעסן.

און אַזוי זיצן זיי, נעבעך, דאַרטן אַליין און רעכענען אויס, וועלכע גוטע וועטשערעס קענען געמאָלט זיין אויף דער וועלט... ס'קען זיין, אַז אין שטוב איז פינצטער און זיי ליגן שוין אין די בעטן — אַז סע ניטאָ וואָס צו עסן, זוכט מען זיך עצות ווי אַזוי מיט עפּעס צו פאַרקירצן די צייט...

ניין, קינדער, מען מוז עפּעס באַטראַכטן, אַז איר זאָלט זיך פאַרשפּאָרן לייגן הונגעריקע שלאָפן.

— פון וואָס זשע האָבן מיר זיך אַזוי פאַרקלערט? — האָט מיר שיינדל איבערגעשלאָגן די מחשבות.

— איך קלער, אַז ס'שוין דיר צייט, אַזאַ גרויס מיידל, קומען צו עפּעס אַ תכלית.

— פריידקע, מען מעג אים אַנדרייען דעם אויער?

*) קייעכעס — פּשעניטשקעס.

— וואָס פרעגסטו מיך? פרעג אים!

פּאַרטיק געוואָרן מיט די קייעכעס, זענען מיר אַלע אויפגעשטאַנען און מיר זענען אַוועק אין מיין עקסטן אַלקערל. דאָרטן איז אפילו אַן אַ לאַמפּ אויך גוט צו פאַרברענגען און אונדזערע חברים ווייסן שוין פון דעם.

דאָרטן זענען מיר איצט געזעסן אויף די אייזערנע בעטלעך און סע האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַ שמועס. מיר האָבן זיך עפּעס גערעדט פון חנהקען, אָט די שיינע בלייכע מיידל, מיט וועלכער מיר זענען פאַר אַ יאָרן געגאַנגען אין איינעם קיין סענדעריווקע.

איז זי טאַקע שלאַף, חנהקע, און שטאַרק שלאַף.

שיינדל דערציילט, אַז ס׳זענען שוין געווען טעג, ווען מען האָט זיך אויף איר ניט געריכט.

— פאַר וואָס זשע איז עס אַזוי, — פרעגט משה — פאַר וואָס איז אין אונדזערע קליינע שטעטלעך אַזוי איינגעפירט, אַז מען טושקעוועט אַזוינע זאַכן?

— וואָס ווייסט איר דאָ ניט? — האָט אים שיינדל מיט איר שטענדיקן קוויטש געענטפערט. — ס׳קען שאַטן צו אַ שידוך!

— ברענגט מען צו איר ניט קיין דאָקטער און מען פירט זי ניט אויף קיין דאַטשע, אַלץ צוליבן שידוך.

און שיינדל דערציילט ווי אַזוי מען ברענגט אַ מאָל צו איר אַ זנאַ־כערקע און מען פאַרשטעקט זיך מיט איר אין די ווייטע חדרים און מען סודעט זיך און מען שושקעט זיך, און חנהקע ליידט זיך אַן פון דעם וויפל סע גייט אין איר אַריין.

— טאָמער פעלט איר נאָך א צוגאָב צו איר קרענק!

אַ מאָדנע זאַך, מיר זשאַלעווען חנהקען, נאָר יעדערער ביי זיך אין האַרצן לעבט איבער באַנאַנד מיט די מיטלייד־געפילן עפּעס א מין באַפרידיקונג, וואָס מען איז אַליין אויסגעהיט פון די זנאַכערקעס, פון די הוסטנדיקע נעכט, פון די קליינע פאַרשאָלטענע מיקראָבן, וואָס צע־פרעסן די לונגען. און אַליין איז זי דאָך אַזאַ שיינע, אַזאַ ערנסטע און אַזאַ בלייכע.

— וואָס מאַכט זי איצטער?

— איצטער איז זי נישקשה. ווינטער איז איר בכלל גרינגער.

אַזוי זיצן מיר אויף די בעטן, אַזוי רעדן מיר זיך, ווי מיר וואָלטן דעם רעכטן שמועס נאָך בכלל ניט אָנגעהויבן. און דאָ דערהערן זיך טריט.

— אַהער, קינדערלעך, אַהער צו — הערן מיר דער מאַמעס קול,

און סע עפנט זיך די טיר און סע קומען אַריין סאַמע ווער? — חנהקע, מיט איר ייִנגסטן ברודערל מיט אהרעלען.

אַליין איז חנהקע אַ הויכלעכע, אַן איידעלינקע. די באַקן אונטערן ווייסן שאַלעכל, זענען פאַררויטלט, די אויגן — גרויסע, שיינע.

— זע נאָר, איר זענט אַלע דאָ?! — האָט זי אַ צופרידענע אויס־גערופן מיט איר שלאַפלעכער דינער שטים. — ווייסט וואָס, אהרעלע? קענסט גיין אַהיים. איך וועל שוין האָבן מיט וועמען צו קומען.

און אהרעלע, דער זעכצן־יאָריקער בחורל, אויך אַ שעמעוודיקער און אַ ווילער, האָט געענטפערט:

— גוט.

אַנשטאָט אַ גוטע נאַכט, האָט ער, דוכט זיך, געזאָגט „דאָסווידאַניע", און איז אַליין רויט געוואָרן. נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען פינצטער אין צימער, האָט עס אים שוין ניט אַזוי שטאַרק געאַרט.

איך האָב געבעטן ביי חנהקען, זי זאָל אויסטאָן דעם מאַנטל, האָט זי געענטפערט:

— אַ דאַנק, מירן דאָ לאַנג ניט זיצן.

— פאַר וואָס עפּעס „מיר?" — האָט זי שיינדל איבערגעפּערגט.

און חנהקע, פאַרשטייענדיק איר גרייז, האָט זיך דאָך ניט געוואָלט אונטערגעבן און א זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— דערפאַר. וואָרעם, אַז איך וועל אַוועק, וועט אייך שוין ניט פּאַסן בלייבן.

— אַזוי־וי־וי? — האָט שיינדל אויסגעזונגען מיט איר געוווינטן קוויטש.

חנהקע איז דאָך ביי איר די נאָענטסטע חברטע, און דאָך וועט זי ניט איינלאָזן די געלעגנהייט זיך אויספּיינען אפילו אַנטקעגן איר.

חנהקע, ווען איך קען דיך צוטוליען נאָענט צו מיין האַרצן...

איך וואָלט איצט קיינעם ניט וועלן האָבן דאָ אין צימער. איך וויל זיצן מיט איר אין צווייען און אַרויסווייזן מיין גאַנצע וואַרעמקייט און איבערגעגעבנקייט צו איר. אמת, זי מיר, האָט קיין איבעריקע צוגעלאָזנ־קייט קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן. אַ סך מאָל האָט מיך אַפילו באַליידיקט דער געדאַנק, אַז זי האַלט פון מיר ניט און דערפאַר האָט עס מיך גע־קרענקט, ווייל זי איז איינע פון די געציילטע מענטשן, וואָס איך וואָלט גראַדע וועלן אַז זיי זאָלן פון מיר האַלטן.

שייינקע, איידעלינקע חנהלע, מיר האָבן וועגן דיר נאָר וואָס גע־רעדט און דיך אפילו באַרעדט.

— איך בין געקומען צו אייך, — האָט חנהקע אַ זאָג געטאָן זיך וועגדנדיק צו מיר.

דאָס וואָס זי אירצט מיך, איז אויך אַ סימן, אַז זי האַלט זיך ווייט פון מיר, אָבער דאָך איז זי געקומען צו מיר און ניט צו עמעצן אַנדערש און מיר האָט פּלוצעם אַ שמעק געטאָן יענער זומערדיקער אין דער פּרי דאָרטן אין סענדעריוווקע. דענסטמאָל האָט זי ניט געדאַרפט קיין ווינטערדיקן מאַנטל און איך האָב אפילו ניט געוווּסט, אַז זי איז שלאַף.

— קומט, — האָב איך איר געזאָגט.

— אַ סוד ? — האָט שיינדל ווייטער ניט אויסגעהאַלטן.

— און אויב אפילו אַ סוד, איז וואָס ? — האָט איר חנהקע געענטפערט. — און מיר זענען אַרויס אין עס־צימער.

איך האָב אַ ביסעלע אויסגעדרייט דעם לאָמפּ, געגעבן חנהקען אַ בענקל און זיך אַליין אויך געזעצט.

און ערשט דאָ האָט זיך חנהקע פון ס'ביי פאַררויטלט און זיך אָנגערופן:

— איר זאָלט פון מיר נאָר ניט לאַכן, און זייַ דאַרף מען אויך ניט דערציילן גאָרניט. אַ דאגה, זאָלן זיי מיינען, אַז ס'איז אַ סוד... איך לייען איצטער נאָך אַ מאָל גאָרקין, איצט זע איך, אַז מיר האָבן פריער געלייענט גלאַט אין דער וועלט אריין... איצטער ווילט זיך שוין פאַרשטיין יעדע זאַך טיפער. אָט, צום ביישפּיל, „פּיעסן אַ סאָקאָלע", דווקא אַ קליינע זאַך... איר מיינט, אפשר, אַז איך פיל עס ניט ? איך פיל עס אויך, נאָר ווען איך דאַרף וועגן דעם רעדן, וואָלט ביי מיר ניט געסטייעט קיין ווערטער. איר פאַרשטייט ? — האָט חנהקע אַ זאָג געטאָן און אויף איר פּנים האָב איך דערקענט, אַז סע פעלט איר אָטעם. אָט־אָט צעהוסט זי זיך, נאָר זי האַלט זיך איין. איינהאַלטן און ניט הוסטן פאַר יענעם, איז, ווייזט אויס, ביי איר געוואָרן אַ קענטעניש.

איך האָב געקוקט אויף חנהקען ווי אויף אַ קינד, וואָס פאַלט אַריין אין סאָלידקייט. איך האָב געשוויגן און זי געלאָזט שווייגן. פאַר מיר איז בפירוש געווען אַ גרויסער כבוד איר צוטרוי צו מיר און איר זיכערקייט, אַז ביי מיר וועט זי קריגן אַן ענטפער, אָדער אַ דערקלערונג אויף די ערטער, וווּ איר אַליין איז שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן. און אַז זי גייט צו מיר, איז זי דאָך גאָר ניט אַזוי ווייט פון מיר, ווי איך האָב ביז איצט געמיינט. איך האָב שיער ניט געוואָלט צו איר אָנהייבן רעדן אויף דו, און איר אפילו פאַרציען דעם נאָמען, נאָר איך האָב ניט געהאַט קיין רעכט אויף דעם.

— אויב איר וועט דערלויבן, — האָב איך געענטפערט, — וועל

איך אָנשרייבן אויף פּאַפּיר ווי אַזוי איך פאַרשטיי, וואָס גאָרקי האָט געמיינט מיט זיין „פּיעסן אַ סאָקאָלע״... און איך וועל עס אייך דערנאָך איבערגעבן. איך וועל עס אפילו קענען אַליין אַריינטראָגן.

און דאָס געדענק איך שוין ניט, צי איך האָב געזאָגט, צי נאָר געוואָלט זאָגן.

חנהלע, מיין קרוין, מיר ביסטו ניט קיין סאָקאָל, מיר ביסטו אַ ליבע טויב, אַ שטילע און אַ שיינע. ס׳נאָר אַ שאָד, וואָס דו וואַקסט אין סלאָ־וועשנע אין אַזאַ ענגשאַפט און האָסט ניט ווו צו פונאַנדערשפּרייטן דיינע פליגל.

אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען, און אַז אַלע זענען זיך צעגאַנגען, האָב איך שוין, ווייזט אויס, אויפן געלעגער געקעלערט אַלערליי געדאַנקען:

„חנהלע, ווען איך מעג דיך אַרומנעמען און דיך טוליען צום האַרצן! ס׳קען זיין ניט זיין זאָלסט ניט זיין קיין מיידלש־וואַרעמע, קיין צאַפּלדיקע און קיין ליבע... און געזונט? דאָס איז אמת, וואָס דיין טאַטע און דיין מאַמע האָבן פון דיר אים באַהאַלטן. זיי האָבן, נעבעך, געמיינט דיין טובה. ס׳זאָל דיר ניט שאַטן צו קיין שידוך. קעצעלע, ווען איך בין דיין ברודער, וואָלט איך דיר אפשר אָפּטער געעפנט אַ פענצטער, זאָלסט האָבן מיט וואָס צו עטעמען. אָט־אָ האָב איך היינט געקוקט אויף דיר, ביסטו דאָך אַ קינד מיט אַלע אברים. איז צי דען שוין טאַקע אַזוי שווער אַריינצובלאָזן אין דיינע יונגע גלידער אַ ביסעלע מערער געזונט און מערער לעבן?״

## אָן טעם

פּאַליע, איך גיי צו דיר.

איך בין איבערגעזעסן אין שטעטל מער ניט ווי צוויי־דריי טעג און איך גיי צוריק צו אייך.

ווען איך פרעג ביים טאַטן און ביי דער מאַמען, וואָלטן זיי אויך געזאָגט, אַז איצט איז שוין פאַרפאַלן.

וואָס האָבן מיינע טאַטע־מאַמע אייגנטלעך צו דערלייגן? דער יחוס איז פאַר זיי אפשר צו קליין? צי די כלה וועט זיי ניט געפעלן?

און איך אַליין? מיט וואָס האָב איך זיך צו וואַרפן? זיי זענען דען ניט שענער און אָנשטענדיקער פון מיר אין אַלע פּרטים? נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אַ געפיל, וואָס דערציילן האָב איך וועגן אים געהערט נאָר אַליין האָב איך אים קיין מאָל ניט פאַרשטאַנען:

„אָן טעם״.

מיין נייע היים איז פאַר מיר אין גאַנצן אַן טעם.

פּאַליע און מילקע זענען אויף מיר דווקא מבינים, און גוטע מבינים, כאַטש פּאַליע געפינט אויף מיר כסדר אַ זכות. ווען זי האָט אַ צוטריט צו לעניגנען, צו גאָרקין, אָדער צו אַנדערע גרויסע מענטשן, וואָלט זי גע־מאַכט אַזוי, אַז מען זאָל מיך איבערנעמען אין אַ גרויסער שטאָט, מען זאָל מיר געבן גוטע לערערס און מיך לערנען וואָס איך וועל אַליין וועלן. אַ דאָקטער, זאָל זיין אַ דאָקטער. אַ שרייבער, זאָל זיין אַ שרייבער, און אויב אַ לערער מאַכט אויך ניט אויס. דערנאָך וואָלט זי ערשט זען, וואָס פון מיר וועט ווערן. פּאַליע האַלט, אַז די שטעטלעך האָבן אַוועקגעקוילעט אַ סך יונגע מענטשן. מילקע, אויב זי וועט בלייבן אין שטעטל, איז זי אויך אַ פאַרפאַלענע...

אויף איצטיקס מאָל האָבן קיינע פורן מיך ניט באַגעגנט און קיינע מענטשן ניט אָפּגעשטעלט. דער וועג איז שוין פאַר מיר אַן אויסגעטראָ־טענער. די ווערסטן בלייבן הינטער מיר ווי פאַרגעסענע, ווי אומבאַמערקטע און איך טאַפּטשע דעם שניי, ווי עמעצער וואָלט מיך געדונגען דערויף. אַזוי לאַנג, אַזוי גרויס ווי אַט איז שוין ווייטער סענדעריוווקע, אַט זענען שוין די יידישע הייזער. נאָך אַ ווײַלע בין איך לעבן דער באַקאַנטער שטוב, וווהין איך דאַרף, דוכט זיך, פאַרגיין. אינטערעסאַנט צי קוקט מען דאָרט אויף מיר אַרויס?

פּאַליע האָט מיך די ערשטע דערזען און אויסגערופן אַ פריילעכע:

— מילקע, קום נאָר אַהער! וואָס האָב איך דיר געזאָגט? איך האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז ער וועט היינט קומען?!

פּאַליע האָט זיך מיט מיר געקושט, מילקע האָט זיך אויף צו כלומרשט ניט געלאָזן, נאָר מיר האָבן זיך מיט איר אויך צעקושט.

— איי, גייט, איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האַלדז. אומ־זיסט און אומנישט געכאַפּט אַן עבירה!

— אייזיקל, גלויב איר ניט. זי האָט דיך ליב אַזוי ווי אַ תורהלע. דער עיקר, אַז זי דערמאָנט זיך אינעם פידל, דענסטמאָל קענסטו מיט איר טאָן אַלץ וואָס דו ווילסט.

— אַט באַלד צעיאָג איך זיך!... אוי, גוואַלד. הערט שוין אויף דאָרטן פוצן די שפּראַך. טאַקע איר ביידע! סע שלאָגט דאָך אַ מינוט צום חלשן. ביסט אַ מבין ווי מע האָט זיך עס אַ ביסל צערעדט?!

— אייזיקל, — מאַכט צו מיר פּאַליע, — מיר זענען דאָך אַזוי רייך, ממש אָפּגעגאָסן! פאַראַן פּוטער, פאַראַן פלעצל און אַפילו אַ גאַנצע הרודקע צוקער. וואָס? דו האָסט אויך געבראַכט צוקער? נו, אויב אַזוי זענען

מיר שוין באַזאָרגט אויף צוויי וואָכן דורך אנאנד! מיינסט, ווען מען האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען? אַט קוק זי אָן! עליע־לייב האָט דאָך איר ווייטער געלאָזט גריסן.

— שוין ווייטער! האָסט געהערט אַ ביסל?! אוי, איך טו, דוכט זיך, באַלד אָן די שאַל און גיי אין גאַנצן אַוועק פֿון שטוב. געקומען אַזאַ גאַסט, נעמט זי מאַכן אַזעלכע געשעפֿטן.

— ניין, אייזיקל, איך וועל דיר טאַקע זאָגן דעם גאַנצן אמת. מיר האָבן שוין געקלערט, אַז דו וועסט אין גאַנצן ניט קומען.

— זע נאָר, זע נאָר אַ לשון. אוי, מען קען חלשן. אַזוי ווי די קליינע קינדער. ר׳ אייזיק, הערט זי ניט. קומט בעסער זיך זעצן עסן און אָן עק.

— מילקעלע, וואָס ביסטו אים אַזוי געטריי? ער קען דאָך מיינען טאַקע מיט אָן אמת!

— נו, איז מיר אַ קראַץ. זאָל ער מיינען.

— קינדער, איר וועט מיך לאָזן צעוואַשן די הענט?

— זע, זע, — האָט מילקע אויסגעשאָסן אַ פֿריילעכע פּונעם גאַנצן געשפּרעך. — ער איז דאָך נאָך אַ ציכט אויך צו די צרות. ניין, ניין, איר זענט פּשוט אַ קולטורעלער. קומט וועל איך אייך שוין אויפֿגיסן, מילאַ, זאָל הייַנטיקס מאָל מיינס איבערגיין...

אַ דאַנק עליע־לייבן, אַ דאַנק מיין קומען פֿון דער היים, האָבן מיר טאַקע געגעסן אַ גוטן וואַרמעס, כאָטש ניט קיין געקאָכטן. געקאָכט איז נאָר געווען די קאַווע, דאָס הייסט דער הייסער אָקרעפּ, וואָס מיר האָבן געטרונקען, אָן טיי און אָן צעקאָריע, נאָר דערפֿאַר מיט צוקער.

— איצטער, מילקעלע, לאָז ער זיך צולייגן אָפּרוען. ער איז דאָך ביי אונדז אַ בן־יחיד.

מילקע איז ערגעץ אַוועק מיט די ביכלעך און פֿאַליע האָט פֿאַרקייטלט די טיר און זיך צוגעלייגט לעבן מיר אַ היפּשע, אַ קילע, נאָר דער־פֿאַר אַ יונגע געטרייע. זי האָט מיך אַרומגענומען. האָב איך פֿאַרמאַכט די אויגן און געקלערט, אַז אומזיסט זינדיקט אַ מענטש. ס׳דאָך מיר גאָר ניט אַזוי שלעכט. און דאָס וואָס בוזיע שטייט מיר פֿאַר די אויגן און פֿון די לעבעדיקע — חנהקע — מאַכט אויך ניט אויס. אויב מירן נאָר איבער־פֿאַרן קיין סלאַוועשנע, וועלן מיר חנהקען זייער שיין אויפֿנעמען. צו אונדז אין שטוב וועלן האָבן אַן אַריינגאַנג אַ סך יונגע מענטשן און זי אויך.

— אייזיקל, דו קלערסט פֿון עפּעס, צי דו שלאָפֿסט? — האָב איך דערהערט אַ שטיל פֿאַרשעמט קול.

— וואָס איז, פֿאַליע.

— איך וויל זאָלסט מיך אַ קוש טאָן. אַז מיר זענען אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, געזעסן ביי אונדז אויפן גאַניק, פלעגסטו מיך, דוכט זיך, קושן, דו ווייסט? איך האָב דיר דענסטמאָל ניט אויסגעזאָגט, נאָר ס'איז מיר געווען זייער געשמאַק.

— דו ווייסט? — האָב איך זי אַ פרעג געטאָן. מיינע ליפּן האָבן אָנגערירט אַ נאָסע באַטרערטע באַק.

— אייזיקל, וואָס דען? מיינסט, אַז איך וויין? מיין האַרץ וויינט...

— טאָ זאָל דיין האַרץ וויסן, אַז איך האָב עס ליב און זאָל עס דיר זאָגן פאַר וואָס עס וויינט.

— אייזיקל, מיין האַרץ זאָגט, אַז אים האָסטו טאַקע ליב, נאָר מיך וועסטו ניט ליב האָבן. דו וועסט עס קיין מאָל ניט קענען טאָן און ס'ניט גוט, וואָס מיר נאַרן זיך.

איך האָב נאָכן קורצן שווייגן געוואָלט עפּעס ענטפערן, האָט זי מיר אָבער פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל:

— מען דאַרף ניט, אייזיקל, מען דאַרף ניט זאָגן, איך ווייס אַלצדינג. איך האָב אויף זיך זייער שטאַרק רחמנות און אויף דיר אויך. אָן דיר וועל איך וויינען, מיט דיר וועלן זיך ביי מיר די אויגן קיין מאָל ניט אויס־טריקענען, איך ווייס אַלצדינג! דו ביסט ניט שולדיק. טאָמער וועלן זיי זיין אויף דיר פאַר מיר אין כעס, סיי מילקע, סיי ברכהקע (נו, ריוול, פון ריוולען רעד איך ניט. זי האָט איר אייגענעם אומגליק) זאָלסטו, מיין חיות, זיך צו זיי ניט צוהערן, ווארעם איך ווייס אַליין, וואָס ס'וועט דער־פון אַרויסקומען און קיינער בויט מיך ניט צו דעם.

— קומט אויס, לויט דיינע רייד, אַז איך בין אַזאַ שלעכטער?

— אוי, מיין ניט, מיין פריינטעלע, אַז דו ביסט שוין אַזאַ גוטער. דו מיט דיין נאַטור וועסט גראָד לעבן טויזנט יאָר, נאָר אָנטקעגן מיר, ביסטו דערוויילֹ, אין קיין זאַך ניט שולדיק... אַ מאָל, אַז ס'ווערט מיר שטאַרק שלעכט אויפן האַרצן, שעלט איך די סטעזשקע, וואָס האָט דיך פאַרפירט צו אונדזער שטוב. ס'זענען דאָ ביי גאָט נאָך הייזער און דו ביסט אַזאַ, וואָס וואָלט זיך קענען צולאָנטשען אומעטום וווּהין מ'זאָל דיך נאָר ברענגען.

מילקע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָט פאַליע אויסגעווישט די אויגן און איז אַוועק איר עפענען און איך האָב זיך געמאַכט אַז איך שלאָף.

ס'טרעפן מינוטן, ווען איך פיל זיך, אַז איך בין אַ מענטש, ווי אַלע, דער עיקר דאַן, ווען מ'רעדט מיט מיר ווי מיט אַ מענטשן. אָט האָט פאַליע מיט מיר נאָר וואָס אַזוי גערעדט. מיט איר צו רעדן מעג מען אַוועקלייגן

דעם בעסטן בוך, כאָטש ניט יעדן בוך פאַרשטייט יעדערער גלייך. אַ קורצ־זיכטיקער קוקט אַ מאָל מיטביידע אויגן און שטעלט זיך ניט פאָר, אַז זיין שכן, וואָס שטייט לעבן אים זעט מיט איין אויג אַ סך ווייטער, ווי ער מיט ביידע.

---

ביי נאַכט איז ווייטער געווען דאָס אייגענע. מיין ווייב, וועלכע איז נאָך מיט קיין זאַך ניט מיין ווייב, רעדט מיט מיר ווייטער אַזעלכע ווערטער, וואָס קענען רירן אַ שטיין.

— אייזיקל, — זאָגט זי — וועסט דאַרפן אויפשטיין אין דער פרי, אָפּגיסן נעגלוואַסער, אָפּעסן אָנבייסן, זיך אויסקערעווען מיטן פּנים צו סלאַוועשנע און אָוועקגיין געזונטערהייט. דו וועסט זען, מיין חיות, אַז ס׳וועט אַזוי זיין בעסער. איך וועל זיך גוט אָנוויינען, כ׳וועל אויסקושן די ערטער, ווו דו ביסט געשטאַנען און געגאַנגען און דו וועסט זיך אָפּזוכן אַ „פּרוכט״ דאָרטן אין די דערפער אַרום אייך און דו וועסט זיך לעבן גליקלעך.

די ווערטער פאַליעס זענען געווען אַזעלכע געשמאַקע און אַזעלכע ליבע, די טרערן אַזעלכע נאָענטע און אַזעלכע האַרציקע. און פונדעסטוועגן מיט וואָס פאַר אַ פּלייס וואָלט איך זי געפּאָלגט. איך וואָלט אפילו איצטער אין מיטן דער טויבער נאַכט אַוועק. איך וואָלט זי אַ גוטן קוש געטאָן אויף אָפּשייד, איך וואָלט אויך געשמאַק אָנגעקוקט די קלענערע, וואָס שלאָפט דאָרט אָנטקעגן, אין בעט, מיט אַ וואָרעמען צאָפּ פאַרוואָרפן איבער דער קאָלדרע, אָבער איך וועל עס ניט טאָן.

ניט דאַן קען איך אַוועקגיין, ווען פאַליע וועט מיר זאָגן, אַז ס׳וועט מיר ערגעץ זיין בעסער. אַוועקגיין וואָלט איך מיט גרויס דאַנקבאַרקייט און איך וואָלט איר געבליבן אַ פריינד אויף אַלע יאָרן, ווען זי הייסט מיר מיטן פולן מויל דאָס טאָן — אַוועקגיין און מער ניט קומען.

זאָל זי מיר זאָגן:

— איך האָב זיך געדאַרפט אַוודאי אַרומקוקן פריער, נאָר איצט איז נאָך אויך ניט שפּעט. פאַרקלייבט זיך פון דאַנען געזונטערהייט, און וואָס גיכער, אַלץ בעסער.

אָט די ווערטער וואָלט איך פאַרשטאַנען. און שלאָפן זאָל זי לעם מילקען און ניט לעם מיר. דאַן וואָלט איך אפשר מערער געשוויגן, נאָר איך וואָלט זי געפּאָלגט. איך וואָלט זיך אפילו ערגעץ אין דער טיף געפילט דערשלאָגן, ווי דורכויס פאַר דער לעצטער צייט. איך וואָלט אוודאי ווינציק אָנגעקוועלט פון מיין גרויען ווייטסטן אַלקערל ביי מיין טאַטן אין דער

היים, אָבער ס׳וואָלטן מיר געשיינט ווי די שטערן אַ פּאָר ווערטער פון חומש, וואָס זייער טייטש איז אַזוי פּראָסט: „אונדזערע הענט האָבן ניט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט".

די דאָזיקע צוויי קינדער זענען איינגעטונקען אין אַזוי פיל צרות און אַזוי פיל פרישע נאָך ניט אָפּגעקילטע אומגליקן. פעלט מער ניט, אַז איך, וואָס בין אַ נאָענטער חבר, אַ פריינד — פריער פון אַלץ מיט אַזעלכע — זאָל איך דער ערשטער קומען און זיי אָנשפּייען גלייך אין האַרצן אַריין. מען קען דאָך פרעגן: ווער האָט מיך געבעטן אין גאַנצן קומען? ווער האָט מיך געבעטן, איך זאָל ביי ערנסטע זאַכן באַגיין גרויס איילעניש און גרויס ניט־באַטראַכטקייט? פאַר דעם לייד אַליין, ליבינקער, און שלעפּ ניט אַריין די, וואָס זענען אַמווינציקסטן אין דעם שולדיק.

לייד איך טאַקע. און מיר האָבן גערעדט און אַ סך גערעדט. און איך האָב דערציילט פּאַליען, אַז דער משוגענער בין איך און ניט עמעצער אַנדערש. משוגע, ערשטנס, ווייל אויב מ׳וויל ליב האָבן און געדענקען בוזיען, גייט מען ניט צו עמעצן אַנדערש. און אויב דו גייסט צו עמעצן אַנדערש, האָסטו ניט וואָס צו שטופּן עמעצן דיין פאַרגאַנגענען לעבן. דוכט זיך קלאָר, וואָס קלאָרער קען ניט זיין. משוגע איז אויך דער, וואָס לאָזט מיך צו זיך אין שטוב אריין. אַזאַ מין ווי איך, דאַרף מען דערקענען פאַר אַ ווערסט, אַזוי, אַז ניט מיין, אַז ס׳וועלן זיך געפינען נאָך אַזעלכע בעלנים ווי דו. דאָס איז איינס... אויף קיין גוט לעבן ריכט איך זיך ניט, דאָס איז צוויי. נאָר אַרבעטן וועט מען סיי ווי דאַרפן — דאָס איז דריי. מירן זיך פאַרשרייבן, און מירן זיך זען צושלאָגן צו עפּעס אַ ברעג. דערווייל ביז עפּעס דאַרף מען נאָך אין זינען האָבן אי מילקען, אי רחלען. מיט וואָס מיר וועלן קענען וועלן מיר זיי העלפן, גוט?

און אַז רייזל אלקנהס איז צו אונדז אינעם נאָענטסטן פרימאָרגן אַריינגעקומען, האָט זי אונדז געוואָלט זאָגן קלוגע טרייסט־ווערטער, און ווי איר כוונה איז ניט געווען קיין שלעכטע, האָבן מיר זי דאָך כמעט ווי ניט געוואָלט הערן, ווייל מיר האָבן אַלץ געוווסט אַליין און אַלץ איז אונדז שוין געווען נמאס פון אונדזער אייגענעם ארומרעדן.

אָפּגערעדט האָבן מיר, אַז מיר פאָרן קיין קראַסנע זיך פאַרשרייבן. און אַזוי ווי מיר האָבן ביי קיינעם גאָרניט געגנבעט, דאַרפן מיר פאַר קיינעם ניט אָפּגעבן קיין חשבון וואָס מיר טוען. און וואָס ס׳וועט אונדז זיין באַשערט ווייטער, וועלן מיר ווייטער זען.

אַרטשע דער גלעזער איז געפאָרן קיין קראַסנע נאָך גלאָז, האָבן מיר געהאַט אַן אומזיסטע פור.

אָרטשע דער גלעזער, אַז ער קומט קיין סלאָוועשנע, שפּאַנט ער אויס אָפּט זיין פערדל אָדער ביי אונדז אין הויף אָדער ביי דער מומען, און אַ מאָל וואַשט ער זיך און עסט אָפּ אַ לאַטקע מיט אַ גלאָז מילך, אַזוי, אַז אָט דער הויכלעכער ייִד מיט דער געלער ברייטער באָרד און קאָרענער קאַפּאָטע, וואָס שלעפּט אַ ביסל אַ פוס, איז אי פֿאָליעס צד, אי מיין צד. אים וואָלט זיך געוואָלט אין מיטן וועג אַ שמועס טאָן מיט אונדז פון וועלט־זאַכן, אָבער מיט זייטיקע מענטשן, און דער עיקר פון איר שטאָט, האָט פֿאָליע די לעצטע צייט זיך געמאַכט אַ מאָדע, אַז זי הענגט זיך אויף אַ שלאָס אויפן מויל. איז אויב רעדן, האָבן מיר שוין נאָר אין צווייען גערעדט: איך און אָרטשע, ווען מיר פלעגן נאָכגיין נאָך דער פור פון דאָרטן ווו דער שנײי איז געווען צעמישט מיט זאַמד. און דאָ האָט מיר אָרטשע טאַקע אַ זאָג געטאָן:

— נעבעך, טייערע קינדער, אַ טייערע שטוב, נאָר מ׳פּוכגעט צען מאָל אַ טאָג פאַר אַ נישטיקן שטיקל ברויט... נאָ, אויסגעריסן זאָלסטו ווערן!... אין סלאָוועשנע אַרבעטן די הארבארניעס? מ׳לאָזט, מ׳לאָזט היינט אַרבעטן?

און אַזוי ווי ביי אונדז האָט זיך דער שמועס אויך ווינציק געקלעפּט, האָבן מיר שוין אַלע געשוויגן כמעט ביז סאַמע קראַסנע. דאָרטן האָט אונדז אָרטשע געפרעגט:

— ווען זאָל איך איבערגעבן, ווען איר זיין אין דער היים? — ער האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט פון שליטן.

— מירן נאָך אפשר זיין פריער פון אייך, — האָט אים פֿאָליע געענטפערט.

— אַ, גאָר אַזוי? — האָט אָרטשע זיך אָפּגערופן פונקט ווי ער וואָלט זיך פון עפּעס געחידושט — ס׳קען זיין!

ער האָט אַ פאָכע געטאָן מיטן בייטששטעקל, אָפּגעזאָגט דעם פערדל אַ פאָר יידישע געוויינטע ווערטער און איז אַוועקגעפאָרן.

מיר שטייען זיך אַזוי מיט פאַרקליאַקנעטע פיס אויף דער ברוקירטער קראַסנער גאַס. פון ביידע זייטן גאַס גייען דאָ רויטע מויערלעך. אָן־אָ שטייט אַ ריי קלייטן מיט שוואַרצע אייזערנע טירן. דאָ איז אַ ביסל ראַשיקער און טומלדיקער ווי אין אונדזערע מקומות, נאָר אויך דאָ איז גוט דעם, ווען ס׳איז גוט, און מיר ביידע, הונגעריקלעך אַ ביסל און פאַרקלעמט שטייען און קלערן, ווייזט אויס, פון איין זאַך: — קיינער טרייבט אונדז ניט אין האַלדז, און דאָך גייען מיר טאָן דער רוח ווייסט וואָס.

ענדלעך האָט זיך פֿאָליע צו מיר אויסגעקערעוועט און אָנגעהויבן מיט איר געוויינלעכן צוזינג:

— אייזיקל, איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז אין סלאָוועשנע זענען דאָ אַזעלכע טייערע יונגערמאַנטשיקלעך ווי דו. גיב אַ קוק. ס'אַ פּלאַכינ־קער דו ביסט. כאַטש נעם דיך פאַר אַ הענטעלע און פיר דיך אָפּ אין חדר און נאָך בעטן דעם רבין ער זאָל אויף דיר, חלילה, קיין האַנט ניט הייבן.

— פון וואַנען ווייסטו? מיין טאַטע פלעגט טאַקע אָנזאָגן די מלמדים, מ'זאָל מיך ניט שלאָגן.

— וואָס זשע, מען זעט דען ניט? איך ווייס נאָר ניט, וואָס ווען זי מיר אַ זינג טאָן, די מאַמע דיינע. כאַטש איך וועל דיך געוויס ניט שלאָגן.

מיר האָבן ווייטער ניט געוווּסט פון וואָס אָנהייבן און ווהין גייט מען פריער. צי דאַרף מען גיין אין קאַנצעלאַריע זיך פאַרשרייבן, צי גאָר פאַרגיין צו ברכהקען זיך צוקוקמען אַ ביסל, זיך אַרומבערשטלען פון דעם שליטן מיט דער שטרוי און זיך אַ ביסל אָפּרוען.

— ווען ס'קומט אויף מיר — האָט זיך פּאַליע ווייטער אָנגערופן — וואָלט איך קיינעם אין די אויגן ניט געוואָלט זען. נאָר ס'איז אַ רחמנות אויף ברכהקען. פאַר איר דאַרף מען מאַכן אַ פריילעכן פּנים, ס'זאָל אונדז אַפילו „קאָסטן געלט". און וואָוען וואָלט מען אויך גדאַרפט זען. זאָל ער קומען אַהיים און מאַכן עפּעס מיט דער שטוב. מירן דאָך מסתמא דאָרטן ניט זיצן.

מיר איז שווער עפענען אַ מויל און איר עפּעס זאָגן. ס'טרעפט אַ מאָל, אַז די ציין זענען צונויפגעפּרעסט ביז ווייטיק און דו שווייגסט.

פּאַליע קען מענטשן און זי זשאַלעוועט מענטשן, באַזונדערס די, וואָס זענען איר, מיט וואָס ניט איז ליב. ביז עפּעס וואָס, האָבן מיר זיך צו־געזעצט אויף אַ בענקעלע, לעבן אַ פרעמדן מויער. זי אין איר גרויעם שינעל־מאַנטל און איך אין מיינע אָפּגעניצטע בזיונדיקע קליידער.

דאָ האָט זי מיר געגומען דערציילן שטיל און מיט איר זינגענדיקן היימישן קול, וואָס איז איר ווי אומיסטן נאָכגעפאָרן אַהער קיין קראָסנע:

— מירן זיך אָפּרוען אַ ביסעלע, מיין מאַן, דערנאָך וועט אונדז דער בעל־אכסניא דערלאַנגען פרישע קיכלעך מיט קאַווע, וועלן מיר וואָס ניט איז איבערבייסן. דערנאָך וועלן קומען צו אונדז די מעקלערס און מירן מיט זיי אַוועקגיין אין די שניטקראָמען אַריין. די קרעמער וועלן פאַר אונדז צעלייגן די וואָלנס און די זיידנס. דיר וועלן מיר אָפּשניידן גוטן קאָסטאָר אויף אַ ווינטערדיקן פעלץ און שוואַרצן דינעם געוואַנט אויף אַ סורדוט מיט זשילעט־הויזן. דערנאָך וועלן מיר גיין צו די שניידערס, צו מיינע און צו דיינע. דערנאָך אין די גאָלדקראָמען. דיר נאָר אַ זייגער מיט אַ קייט און מיר אי אַ זייגערל, אי פינגערלעך, אי אַ בראַסליעט, אי שפּילקעלעך

מיט שיינע בראָשקעס. און אין אָוונט וועט מען אונדז רופן אויף וויזיטן צו די ערקעסעס, צו די בלאַנקמאַנס און צו די בערנהאַלצס. כאָטש ווען זיי ווייסן ווי מיד מיר זענען פונעם גאַנצן טאָג אַרומגיין איבער די קראָמען, וואָלטן זיי עס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן.

— ווען זיי לאָזן אונדז איבער אַליין, וואָלטן מיר אויף דער אכסניא זיך אַ ביסעלע געשפּילט אין צווייען. אין דער היים היט מען דאָך אונדז אָפּ יעדן טראָט.

— זעט נאָר, געפונען אַן אָרט ווו צו זיצן, און איך לויף אַרום און זוך זיי איבער דער גאַנצער שטאָט!

— ברכהלע!

פֿאַליע איז אויפגעשטאַנען, די אויגן האָבן זיך גלייך אָנגעפילט מיט טרערן און זיי האָבן זיך גענומען קושן. מיר האָט ברכהקע אויך געגעבן די האַנט.

— זעט, — זאָגט זי צו מיר, — פאַר וואָס זענט איר דענסטמאָל מער ניט אַריין? קומט שוין, קומט! וואָווע וועט באַלד אויך קומען. דאָס הייסט ניט באַלד, ער וועט קומען פאַר נאַכט, ווען די קינדער וועלן גיין פון שול.

— וואָס זשע מאַכן די קינדער? וואָוועלע איז שוין אויסגעוואַקסן? און חיה־אסתרל און סרוליק? יענער איז נאָך אַלץ לעבן די פערד? און מנשהקע, פון מנשהקען האָסטו עפּעס?

און מיך פאַרדריסט פון אַלע זאַכן איין קלייניקייט: אויב פאָרן אַהער, האָבן מיר געדאַרפט מיטנעמען עפּעס עסן. קריגן אַפילו אונטער דער ערד אַ ברויטל, אַ ביסל הירזש, אַ שטיקל צוקער, און ניט קומען צו ברכהקען מיט קיין ליידיקע הענט. און איצט איז מיר אַ חרפּה אַריינגיין אַהין צי אין שטוב אַריין — זי וועט דאָך גלייך די ערשטע פרעגן, צי ווילן מיר עפּעס עסן, און אויב זי האָט אין שטוב דאָס לעצטע, וועט זי עס אונדז תיכף אָפּגעבן... נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אויפגעהויבן פון די ערטער האָבן מיר זיך שוין — דאַרף מען גיין.

און מיר דוכט זיך, אַז ווען איך מיט פֿאַליען זענען אַ יונגער אָרעמאַן מיט אַן אָרעמאַנעכע און מיר זענען אין אַ פרעמדער שטאָט און מיר גייען פשוט אַרום איבער די הייזער, ווער ס׳גיט עפּעס און ווער ס׳טרייבט אַרויס אָדער לאָזט אין גאַנצן ניט אַריין אין שטוב און פאַר נאַכט קומען מיר זיך צונויף אין הקדש און מיר האָבן זיך ליב דאָס חיות, כאָטש מיר ווייזן עס אויסערלעך מיט קיין זאַך ניט אַרויס, דענסטמאָל וואָלט מיר אוודאי געוועזן זייער גוט וואָס כ׳בין ניט עלנט, וואָס כ׳האָב אַ מענטשן, צו וועמען איך קען זיך אָפּרופן און דערציילן אַלץ, וואָס אויפן האַרצן. זי קלייבט

אַראָפּ פון מיר אַ לויז, נעמט אַרויס פון קלומעק אַן אַלט העמד און גיט מיר אויף איבערטאָן, וואָרעם מאָרגן וועלן מיר קאַיאַר זיך לאָזן אין אַ צווייטער שטאָט. און ס׳איז אונדז אַזוי גוט, וואָס מיר גייען איבער די שליאַכן אין צווייען. ס׳איז אונדז אַזוי גוט, וואָס קיינער האָט אונדז ניט און מיר האָבן ניט קיינעם ניט. אַזוי אין צווייען איז אונדז דערווייל בעסער. טאָקע זי אינעם גרויעם שינעלענעם בורנעס און איך אין מיינע אַלטע אָפּגעניצטע בגדים.

---

לעקאַך, זע נאָר, לעקאַך! ברכהקע האָט געקראָגן לעקאַך!

און אפשר איז עס ניט קיין לעקאַך, אפשר איז עס ברויט? אויב ברויט, איז נאָך בעסער, און זי נעמט אונדז אויף ווי ס׳פּאַסט פאַר דער־אַ שעה, אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט. זי האָט אפילו איבערגעטאָן אַן אַנדער קליידל, אַ ריינערס. ווו האָט זי גענומען? צי דען האָט זי זיך איינגעשטעלט און געבעטן ביי אַ שכנה? אוי, איז זי, נעבעך, פאַרוויסט. אינעם ריינעם קליידל זעט זיך עס נאָך שטאַרקער אָן. איצט טרינקען מיר טיי פון צעטראַסקעטע גלעזער און צעשטשערבעטע טשאַשקעס, און מיר פאַרברענגען מיט די קינדער. פּאַליען האָט זיך געוואָלט אַ ביסעלע צע־שטרייען די פינצטערקייט, מאַכן ליכטיקער דאָס געמיט, האָט זי זיך באַרימט פאַרן קליינעם וואָועלען, אַז ביי אונדז איז דאָ אַ פידל און איך, איך קען אַליין שפּילן אויף אים.

— אַט דער־אַ? — האָט וואָועלע מיט די קלייענדיקע בעקעלעך און וואָס די האָר זענען ביי אים געל אַזוי ווי האָניק, אַ ווייז געטאָן אויף מיר מיטן פינגער.

— אַט דער־אַ, אַט דער־אַ! — האָט אים די מוטער איבערגעקרימט.

— אַזוי ווי ס׳איז געוואַקסן געוואָרן אין אַ וואַלד. ער איז דאָך דיר אַ פעטער!... דער פעטער אייזיק.

— הער זי ניט, וואָועלע, — האָט פּאַליע געכאַפּט דעם יאַט אויף די הענט און גענומען קושן, נאָר ער לאָזט ניט, ער רייסט זיך פון אירע הענט.

— וועט איר מיר לאָזן האַלטן דעם סמיק? — פרעגט ער מיך און קוקט מיר גלייך אין די אויגן.

— איך וועל לאָזן — האָב איך געענטפערט. קום צו אונדז צופאָרן, וועל איך דיך אויסלערנען שפּילן.

איך ווייס, אַז איך האָב ליב קינדער, נאָר איך שעם זיך פאַר זיי, אפילו פאַר קלייניקע, און דערום זענען מיינע רייד גרוי, ווי דער גרויער

ווינטערדיקער טאָג, וואָס איז היינט פאַרביי אונדז דורכגעגאַנגען.

דערפאַר וואָס ער איז דורכגעגאַנגען — אַ שיינעם דאַנק אים. נאָר איצט שטייט אַנטקעגן און וואַרט אַפּ אויף אונדז אַ לאַנגע דושנע און פייגלעכע נאַכט... צי דען וועט זי אויך דורכגיין... ווען ? זי הייבט זיך דאָך ערשט אָן !

אַנטקעגן מיר, פון יענער זייט טיש, זיצט ברכהקעס עלטער מיידל, אויך אַ געלינקע, און איך האָב נאָך אפילו ניט געהערט אַ וועלכן קול זי האָט. זי קוקט אויף מיר מיט שיינע, מיט גוטע אויגן, נאָר דאָס שווער לעבן, וואָס זי זעט ביי איר מאַמען אין שטוב, האָט איר אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויפן מויל. אַפילו פאַליען איז כמעט ווי זי ענטפערט ניט.

און אָט איז געקומען וואָווע, פאַליעס ברודער אליין. ער איז אַ גאַנץ שטשופּלער, קלענער פון מיר אין וווקס, ער האָט שוין אַ כלה, פייגל הייסט זי, אויך אַ קליינינקע, און ער איז אַ לערער אין שול. איצט זעט מען, אַז ער איז אַ גרויסשטאָטישער מענטש. און אַז מען וויל זאָגן, זענען מיר מיט אים שוין פריינד, נאָר דאָס לאָזט זיך דערווייל ניט פילן. אַ מאָל פאַרקלעפּט מען אַ קאָנווערט מיט שפּייעכץ, מיט וואַסער, מיט אַ ווייסל פון אַן איי און ער וויל זיך בשום אופן ניט פאַרקלעפּן. נאָר דער אונטערשייד איז, וואָס דעם קאָנווערט דאַרף מען ערגעץ אַפּשיקן און אונדזער פריינד־שאַפט דאַרף מען אין ערגעץ ניט שיקן. זי וויל זיך ניט צוקלעפּן, זאָל זי בלייבן אַ צעקלעפּטע. מירן זיך סיי ווי אין אַ האַלבער רגע אַרום צעגיין. וואָווע זינגער וועט אַוועקגיין צו זיין כלהלע און דערציילן, אַז ער קען מיך. ווי דען, ער קען מיך ניט ? ער האָט מיך געזען נאָך דענסטמאָל, ווען זיי זענען געלאָפן פון קאָזיר־קאָזירקען קיין סלאָוועשנע.

— וואָס ? — מע זאָגט, אַז איר שרייבט ? צי דו שרייבסט ? יאָ, מע מעג שוין זיך זאָגן דו.

פאַר וואָס איז מיר שווער פאַר אים אַ וואָרט אַרויסרעדן, הייב איך ניט אָן צו וויסן. עפּעס מוז איך דאָך אים זאָגן.

— וועמען פרעגט איר ? מיך ? אַנטשולדיקט. יאָ. איך האָב אַ פּראָ־פעסיע. איך אַרבעט געווייגלעך אין האַרבאַרניע, נאָר איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגעריסן. איך האָב געהאַט אַ שווערע צייט. זי ווייסט. פאַליע ווייסט.

און איך האָב אַ קוק געטאָן מיט אויגן פון אַ ניט־דערקווילטען מענטש אויף פאַליען, טאָמער וועט זי מיר עפּעס אַרויסהעלפן.

פאַליע האָט זיך צעשמייכלט. זי איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו מיר אין דער ענגשאַפט פונעם צימער, האָט צוגעטוליעט מיין קאָפּ צו איר ברוסט און אַזוי ווי געזאָגט צו איר ברודער, וואָס איז אַליין אַ לערער,

אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און שוין פון לאַנג אַ שטאַטמאַן:

„אַז מען דאַרף מיט אים ניט רעדן אַזוי ביסטרע. ער איז ביי מיר אַ פלאַכער און אַ ביסל אַ שעמעוודיקער, נאָר דערפאַר זייער אַ ווילער".

אויב ס'איז אַן אמת, אויב זי האָט אַזוי געזאָגט, האָט זי מיך ממש געראַטעוועט.

אַז איך זיץ צווישן מענטשן ,וואָס ווייסן שוין אויף געוויס, אַז כ'בין אַ נאַרישעוואַטער און אויב יענע זענען נאָך אויף אַזוי פיל איידל און מאַכן פון מיר ניט קיין שפּיל, בין איך דאַן געראַטעוועט. זיץ איך זיך שטיל און זע, וואָס מענטשן טוען, ווי אַזוי מענטשן פאַרברענגען און ס'איז מיר אפילו גוט.

און אַז וואָוו האָט אונדז דאָרטן עפּעס צוגעווונטשן פאַרן אַוועקגאַנג האַלב ערנסט און האַלב ווּיצלדיק, פון וואַנען ס'איז צו דערקענען, אַז ער איז ניט קיין אַלטער ייד, און פאַרקערט, ער איז אַ מענטש פון דער נייער וועלט, האָט ער נאָך אין איין גאַנג אָנגעזאָגט, אַז מילקע זאָל צו אים אומבאַדינגט קומען צו פאַרן.

וואָס דאַרף זי דאָרטן זיצן, וואָס וועט פון איר דאָרט ווערן?...

און דאָ איז שוין מיר אַלץ געוואָרן פאַרשטענדיק. אַז מענטשן, מעגן זיי אפילו זיין היינטוועלטישע, קענען זיי דאָך רעדן פּוסטע רייד און אַ ביסל אין דער וועלט אַריין. אויב ער קען אויף אַן אמתן צונעמען מילקען און איר העלפן זיך שטעלן אויף די פיס, איז קראַסנע ניט אַזוי ווייט פון סענדעריוווקע, און ער האָט שוין געקענט זיבעצן מאָל אָפּטאָן, און אויב ער ווייסט, אַז מע דאַרף עס טאָן און טוט עס ניט, בין איך שוין אַ געטריי־רער ברודער פון אים. מירן עס מירצעשעם דערווייזן מיט טאָט, ניט מיט קיין רייד.

— אַז איר וועט עפּעס אָנשרייבן — שיקט צו, מיין איך שיק עס צו. אפשר ווען מיר עס איבערגעבן אין אַ רעדאַקציע, איך מיין עס אַן אַ גלייכווערטל.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף פאַליען, אסתרל האָט אַ קוק געטאָן אויף ביידע פעטערס אויף אירע — אויפן נייעם און אויפן אַלטן. און דער קליינער וואָוועלע איז אַרויפגעקראָכן צום אַלטן אויף די הענט און ביי אים געגומען שלעפן די ברילן. אויב אַזוי טאָ זאָל ער זיך מיט אים טאָקע כרוטשקען און איך פאַרשפּאָר דערווייל זוכן פון זיינעט וועגן אַן ענטפער. פונקט ווי ער האָט גאָר ניט געפרעגט.

... שלאָפן זענען מיר געשלאָפן שלעכט. קיין חילוק ניט ווי אַזוי, אַבי די אונטערשטע שורה איז אַ קלאָרע, און דערפאַר איז טאָקע מילקע

געווען אַ קלוגע, וואָס זי פּלעגט שלאָפן אין קיך אויפן אויוון. און איך וואָלט אויך גאָר ניט געהאַט קעגן, ווען מע בעט אונדז דאָרטן אויס.

„פּאַקיל סאָלנצע זידע, ראָסאַ אַטשי וויִסט", — אַזוי שטייט דוכט זיך דאָרטן געשריבן, נאָר פּאַליע האָט מיר איינגערוימט:

— אייזיקל, טייערער, אַז סע וועט אַוועקגיין די נאַכט, וועט קומען דער טאָג.

און אירע ווערטער האָבן מיר געזאָגט זייער אַ סך. איך האָב אפילו געזען דעם געלן וואָוועלען, ווי ער גייט אַרום אין אַ גרויסן ליכטיקן זאַוואָד, ריין אָנגעטאָן, אַן אינזשעניער, ווי אַלע אינזשעניערן, און ער געדענקט אפילו ניט אַז ער האָט ביי מיר געבעטן, איך זאָל אים געבן האַלטן דעם סמיק. ער געדענקט אויך ניט, ווי אַזוי ער האָט זיך צעפּלאָמט און מיר דערציילט, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער וועט ער זיין אַ גרויסער גיבור, ער וועט זיך נאָכיאָגן נאָך די באַנדיטן, וואָס האָבן געהרגעט זיין טאַטן. ער וועט כאַפּן אַ גזלן אַ באַנדיט און אים אָפּרייסן אַ האַנט. כאַפּן אַ גזלן און אים אָפּרייסן אַ פוס. כאַפּן אַ גזלן און אים אויס־רייסן די אויגן, דערנאָך וועט ער זיי אָפּלאָזן. זאָלן זיי אויסגיין אָן הענט און אָן פיס און אָן אויגן...

ברכהקע האָט מיר געזאָגט, אַז מירן אַוועקגיין גאַנץ פרי, ווען אַלע וועלן נאָך שלאָפן, און מיר האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. עפּעס אַ שכנה האָט אונדז גאַנצפרייִק און נייגעריק נאָכגעקוקט ביים אַרויסגאַנג פון שטוב. אָבער פון וואַנען ווייסט זי וווּהין מיר גייען. אפשר איילן מיר טאַקע ערגעץ־וווּ ?

אויף דער פּעטאַגראַדער גאַס, איז אַזוי ווי לויט אַ באַשטעלונג, אָנגע־פאָרן אונדז אַנטקעגן אויף אַ פּויערשן ווייך אויסגעבעטן שליטן פייטל די ציג און מיר אָפּגעגעבן אַ ברייטן גוט־מאָרגן.

— אַט ביי דעם, — האָב איך אויף אים אָנגעוויזן פּאַליען — קענען מיר אָננעמען די טייערע חתונה־קליידער. דאָס איז אונדזער רייכסטער שניטקרעמער, ער גיט דוכט זיך אויף אויסצאָלן אויך.

פּאַליע האָט מיר אַ קוועטש געטאָן די האַנט. ס׳איז איר קענטיק געווען ליב, וואָס איך בין געוואָרן באַרעדעוודיקער. און מיר זענען אַוועק און אַוועק.

אייניקע קראַסנער באַלעבאַטים זענען אַרויס מיט בעזעמער און מיט לאָפּעטעס אַ ביסל צוקערן דעם שניי פאַרן הויף. און מיר זענען זיך גע־גאַנגען צום אַרויס פון שטאָט.

ביי פּאַליען איז, דוכט זיך, געלעגן אין קעשענע אַ מעטריקע, אַ

חתונה־מעטריקע, וואָס האָט ניט געמאַכט ניט רייכער ניט אָרעמער. רייכער האָט אונדז געמאַכט דער פרישער קילער דרויסן. די טעג האָבן שוין גע־דאַרפט ווערן גרעסער. אַז מען וויל, שמעקט שוין אין דרויסן מיט פּורים און איך בין שוין אין צווייען, ניט אַליין. אין צווייען, אַז מען גייט, ציט זיך ניט אויס דער וועג.

— דו ווייסט, אייזיקל, — האָט זיך פֿאַליע מיט אַ מאָל אָנגערופֿן. — מיר, מיר אויף צעפּיקעניש קען נאָך אונדז אַ מאָל זיין גוט!

— אונדז ביידן?

— אונדז ביידן. דו מיינסט, ס'איז אַ מוז מיר זאָלן כסדר זיין די קלוגע, וואָס גייען צו פּוס. סע גייט שוין צו דעם, אַז קלוגע וועלן אויכעט מעגן פֿאָרן אין קאַרעטעס. און די וועלט וועט צו דעם ניט דערלייגן.

— אויב מירן עפּעס טאָן.

— פֿאַר וואָס זאָלן מיר עפּעס ניט טאָן?... און אַז וואָווע וועט צו אונדז קומען צו גאָסט, וועלן מיר אים שטעלן טיי מיט צוקערקעס און זיין כלה וועלן מיר אויך צונעמען שיין.

איך האָב, דוכט זיך, פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַליע מיינט מיט דעם. זי מיינט אוודאי, אַז איר ברודער האָט ניט אַרויסגעוויזן דעם בויטיקן פֿאַר־שטאַנד אויף מאַכן אונדז אַ שענער לעבן אין קראַסנע. קען זיין, אַז אַנט־קעגן איר איז ער טאָקע שולדיק. אַנטקעגן מיר — ניט. איך האָב צו אים גאָרניט. כאָטש איך בין אויך גרייט אים שיין אויפנעמען, ווען ער וועט צו אונדז קומען. מירן דענסטמאָל ווינען ניט אין קראַסנע, נאָר אַהין ווייטער, וווּהין מען פֿאָרט מיט דער באַן, וווּ ס'איז אַלץ שענער און די וועלט מעסט זיך אויס מיט גרעסערע אַרשינען.

מיר זענען פֿאַמעלעך פֿאַרגאַנגען אין אַ דאָרף אַריין. דאָס איז דאָס באַענטסטע דאָרף נאָך קראַסנע. אויף אַ פּלויט האָט אומגעטאַנצט אַ וואָראָנע. גרינג, ווי זי וואָלט גאָר קיין וואָג ניט געהאַט. אין הויף האָט געקלונגען דעם הונטס קייט.

— מיר קענען באַשטיין, — מאַכט פֿאַליע, — און פֿאַרגיין אין אַ צווייטן הויף, ווו ס'איז ניטאָ קיין הינט.

און דאָרטן וואָלט איך זיך מעגן שטעלן שיין פֿאַר מיין ווייב, זי מכבד זיין מיט די בעסטע און שענסטע זאַכן. אַז מע האָט געלט אין קעשענע, רופֿט מען אַרויס די באַלעבאָסטע און מע פֿרעגט, צי ס'איז ביי זיי דאָ סמעטענע, צי ס'איז דאָ גוטער היימישער ווורשט, און פֿריש ברויט, און מילך, און אייער אַ צענדליק זאָל זי אויסגיסן אויף אַ סקאָוורעדע.. נאָר קיין געלט אין קעשענע האָבן מיר גראָדע ניט. מיר האָבן אַ מעטריקע,

וואָס זאָגט עדות וועגן אַ גרויסער זאַך. זי זאָגט עדות, אַז מיר, אַט די צוויי דערוואַקסענע מענטשן, האָבן זיך געטומעט, און ס׳איז אונדז באַ־שערט אין איינעם אויסלעבן אונדזערע יאָרן. קען זיין, אַז ס׳זאָל נאָך אונדז זיין גוט אויך.

ווי אַזוי זשע איז מען זיך נוהג מיט עפּעס איבערבייסן?

לאָמיר זיך מאַכן סימנים אין וועלכן הויף מיר מעגן אַריינגיין און אין וועלכן ניט. אין וועלכן הויז מען וועט אונדז פאַרלייגן אַן איבערבייס און ווו מיר קענען נאָר האָבן בזיונות.

— אָט דאָ, — מאַכט צו מיר פּאָליע, — שטייט אַ ברונעם אין מיטן פּלויט איינגעבויט, האַלב צו דער גאַס און האַלב צום הויף, אַ סימן, אַז דאָ וואַרט מען אויף אונדז. ווען זיי זענען קאַרג, וואָלטן זיי צו דער גאַס ניט אַרויסגעשטעלט קיין האַלבן ברונעם. קום, איך גיי.

— קום...

אויפן הויף האָט זיך געפּאָרעט אַן אַלטער פּויער לעבן דעם אויסגע־שפּאַנטן שליטן און אויף דער פראַגע, צי די באַלעבאָסטע איז אין שטוב, האָט ער אונדז רויִק געענטפערט:

— אין שטוב!

מיר זענען אַריינגעגאַנגען אינעם טונקעלן פירהויז, געפונען די קליאַמקע פון דער שטוב־טיר און זי געעפנט אין דער וואַרעמער שטוב אַריין.

— גוט־מאָרגן, באַבעניו!

— אַ גוט יאָר זאָל אייך זיין, קינדערלעך, — און זי שטעלט צו די אויגן צום שטערן און באַקוקט אונדז ביידן. — זיצט.

— זאָל זיך אַלדעס גוטס ביי אייך זעצן.

— אוי, אַ דאַנק. אַ דאַנק, מיינע ליבינקע. וואָס זשע האָט איר עפּעס געבראַכט גוטס? טיכלעך אָדער זאַפּאַלאָטש?

— ניין, באַבעניו, מיר האָבן מיט זיך גאָרניט. מיר גייען קיין סענ־דעריווקע גייען מיר, זענען מיר אַריינגעקומען זיך אָפּרוען און אפשר טאָן אַ טרונק וואַסער.

— וואַסער, מיינע טייערע, קען מען. אָט־אָ שטייט אַ פולער ברונעם. און ברויט, ברויט דאַרף מען אייך אויך געבן אַ שטיקעלע. ס׳איז דאָך קיין פּעולה ניט. נאָר פאַר וואָס טוט איר אַזוי, וואָס איר גייט אין אַ דאָרף אַריין מיט ליידיקע הענט? אַ צווייטן מאָל, אַז איר וועט גיין, פאַרגעסט ניט מיטצונעמען כאָטש וואָס סע ניט איז. מען דאַרף היינט אַלצדינג: אַ פּאַטשיילע דאַרף מען, זאַלץ דאַרף מען, שרויט, שוועבעלעך, פּאַפּיר — אַלץ איז דאָ סחורה. דער חתן איז אויך אַ סענדעריווקער? עפּעס אין

סענדעריװוקע האָב איך ניט געזען אַזעלכע?

— ניין, באַבעניו, ער איז א סלאָװעשנער. פון װאַנען װייסט איר, אַז ער איז מיין חתן?

— װער זאָגט דען, אַז איך װייס? איך זע אַ קאָזאַק גייט מיט אַ מיידל, זאָג איך אַזוי װי אַלע זאָגן. דו זאָגטס אַ חתן, זאָל זיין מיט גליק. דאָרט ביי אייך אין סענדעריװוקע איז געװען אַ פיינער זשידאָק, זאָל ער דאָרט רוען אין גן־עדן. שילעם האָט ער געהייסן.

— געװען, געװען, באַבעניו.

— און ביי אים זענען אויך געבליבן טעכטער, יתומים נעבעך.

— יאָ, באַבעניו, געבליבן.

— ער האָט דעם מאַן מיינעם געטאָן אַ סך טובות אָט דער שילעם. ער האָט גאָרניט געקוקט, װאָס ניט קיין ייד, װאָס ניט פון זיין גלויבן. גאָט װעט אים אָװדאי אויף יענער װעלט דערפאַר באַלוינען. און דאָס, נאָט, װעט איר אפשר פאַרטראָגן די טעכטער זיינע אַ לעבעלע ברויט און נאָט אייך אַ האַנטעך פאַר זייערט װעגן און אַ שטיקעלע װאַקס, טאָמער װעלן זיי אויף עפּעס דאַרפן. אַז איך װעל זיין אין סענדעריװוקע, װעל איך פאַרגיין צו זיי. טאָמער װעט איר ניט אָפּגעבן, װעט אייך נאָך גאָט שטראָפן. זאָגט דעם אמת, איר װעט אָפּגעבן, צי ניט?

— מירן אָפּגעבן, באַבעניו, מירן אָפּגעבן.

איך האָב געמיינט, אַז פאַליע װעט איר זאָגן, װי דער אמת: ס'איז שוין אָפּגעגעבן. שילעמס טאָכטער — דאָס איז זי אַליין. נאָר זי האָט עס ניט געזאָגט.

— און איצט נאָט אייך צו קאָפּעלעך מילך מיט ברויט און זאָגט זיי, שילעמס קינדער, אַז מירן נאָך צו זיי פאַרגיין און מירן זיי עפּעס ברענגען אויך. איך האָב געהערט, איך האָב געהערט, זיי לעבן, נעבעך, אָרעם.

מיר האָבן זיך אָװעקגעזעצטביים דאָרפישן טיש און געזופּט די מילך מיט ברויט. דעם ברויט האָבן מיר אָנגעבראָקט אין שיסעלע, נאָר פאַליע האָט ניט געגעסן קיין רייגע מילך. פאַליע האָט געגעסן מילך צוגעמישט מיט טרערן. באַשערט געװען אונדז טרעפן פונקט אַהער.

און פונדעסטװעגן איז אונדז פון עפּעס ליב אויפן האַרצן.

— איך װיל אייך אַ קושׁ טאָן, באַבעניו, — האָט פאַליע געזאָגט פאַרן אָװעקגאַנג.

— פאַר װאָס, האָלובקע, װילסטו מיך קושן? דו ביסט דאָך ניט פון אונדזער גלויבן.

— יאָ, באַבעניו, — האָט איר פאַליע געענטפערט. — נאָר איך האָב

ניט קיין מאַמע, און איר זענט צו מיר און צו מיין מאַן גוט אַזוי ווי אַ מוטער. מיר האָבן ערשט נעכטן חתונה געהאַט און קיינער האָט אונדז נאָך ניט געבענטשט. איצט גייען מיר אַהיים, וועלן מיר דאָרטן אויך קיינעם ניט טרעפן, נאָר אַ קליין שוועסטערל, וואָס דאַרף נאָך אַליין עמעצנס אַ לאָסקע...

---

פון דער דאָזיקער שטוב זענען מיר אַוועקגעגאַנגען מיט עפּעס גע־טרייסט און ווי באַנייט. אַ טייל פון פּאַליעס רייד איז אפשר ניט אַרויס־געזאָגט געוואָרן. זיי האָבן נאָר געקענט געזאָגט ווערן. נאָר ס׳כמעט אַלץ איינס.

דאָס פּעקל האָבן מיר געטראָגן בשותפות, אַ ביסל — פּאַליע, אַ ביסל — איך.

אַן אַנדערש מאָל וואָלטן מיר זיך מעגן פאַרגינען אַזאַ שפּאַציר אין דער וועלט אַריין. צוויי יונגע מענטשן גייען זיך דורך צו פוס פון קראַסנע קיין סענדעריוווקע. צייט איז אַ דאַנק גאָט דאָ. אויפן וועג רוט מען זיך אָפּ זומער אויף אַ זומערדיקן אופן און ווינטער קען מען אַנדערש. מע טראַגט מיט זיך אַ געשמאַקן בוך, אַ פּעקעלע שפּייז, עד, ווען מענטשן האָבן שכל, מאַכן זיי שיין זייער לעבן. אגב זענען מיר צופרידן, וואָס מיר באַגעגענען ניט קיין סענדעריווקער אויפן וועג, ווייל כאָטש דערציילן האָבן מיר ניט, נאָך וואָס מיר זענען געגאנגען, דאָך האָבן וועגט אויערן און מע וועט צעטראָגן די נייס, אז דאָס שיינע פּאַרפאָלק פאַרמאָגט אפילו ניט אויף דינגען קיין פור, זענען זיי ביידע מחילה געגאַנגען פון קראַסנע צו פוס, מיט דער אייגענער פּאַטשט. ער איז, ווייזט אויס, דער שיינער פּאַר־דינער, דער שיינער ברויטגעבער. ווי דען? ווו האָט איר געזען, אַז קיין סענדעריווקע זאָל זיך צושלאָגן עפּעס רעכטס?

אין מיטן וועג האָט זיך פּאַליע צו מיר אָנגערופן:

— אייזיקל, ווען מיר גייען זיך אַזוי אַלע טאָג צו ביסלעך, וואָלטן מיר אפשר מיט דער צייט אָנגעשפּאַרט אין אַ וואַרעם לאַנד, ווו ס׳איז קיין מאָל ניטאָ קיין ווינטער. אַ קיילעכדיק יאָר איז וואַרעם. אַ קיילעכ־דיק יאָר וואַקסן אַגרעסן און קליינע באַרעלעך, פערשקעס און פיינע באָק־סערלעך מיט פּאָמעראַנצן. און דאָרט איז אַלץ אָפּן פאַרן דורכגייער. איר זענט הונגעריק, קינדערלעך? ברעכט זיך אָפּ אַ באָקסער, ער איז געשמאַק ווי אַ זיסע סקאָרינקע פון אַלט געבאַקענעם ברויט, אַ סקאָ־רינקע, וואָס מען טונקט איין אין צעפּירטן צוקער און מען פרישט אָפּ אין אַן אָנגעהייצטן אויוון... דו ווילסט אַ טרונק? רייס דיר אָפּ אַ מאַ־

ראַנץ און טרינק זיך אָן מיטן געשמאַקן זאַפט! דאָרטן נוצט מען לימענעס, מיין טייערער, ניט נאָר אויף פּסח.

פֿאַליעס רייד האָבן מיך געמאַכט שמייכלען. וועגן וואַרעמע לענדער האָב איך געהערט און געלייענט, נאָר איך האָב נאָך קיין מאָל אַזוי ווי איצט ניט געפֿילט, אַז זיי קענען אונדז אַזוי גוט צו נוץ קומען. אוי, וואָלטן מיר בויטיק ווי אין לעבן דאַרפֿן פֿאַרגיין אין אַ וואַרעם לאַנד. דו ביסט מיין כלה, איך בין דיין חתן, מענטשן וועלן גאָר אויף אונדז אַנדערש קוקן, ניט אַזוי ווי אין סענדעריווקע. ניין, ניין. דאָרט זענען כלות און חתנים דאָס שענסטע, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט. דאָרטן וואָלט מען אונדז באַגעגנט מיט פּויקן און מיט טרומפּייטן, און טאָמער האָבן מיר וויניק אייגענע, וואָלט זיך יעדערער אויסגערופֿן צו אונדז פֿאַר אַ פֿריינט. און איך בעט זיך צו איר שטיל און אָן ווערטער, זי זאָל אונדז עפּעס דערציילן וועגן דעם וואַרעמען לאַנד. און כאָטש פֿאַליע האָט עס אַ ביסל פֿאַרערעמט, אָבער ס'איז מיר סיי ווי געוואָרן פֿון דעם גוט אויפֿן האַרצן. זי האָט געזאָגט, אַז דאָרטן קען מען זיך צושטעלן אין מיטן וועג לעם אַ ריטשקעלע, לעם אַ ברעג פֿון ים און זיך אויסוואַשן אין דער גיך אַ העמד, אויף דער זון טריקנט זי זיך אויס פֿאַר איין רגעלע און מע טוט זי גלייך צוריק אָן. ווי גוט וואָלט געווען פֿאַר אַזאַ מין פֿאָר צו לעבן אינעם דאָזיקן וואַרעמען לאַנד, מע קען דאָך אַזוי לאַנג גיין, ביז מע זאָל אַהיים דערגיין צו פֿוס. און דאָרט זענען אויך דאָ מענטשן אי עלטערע, אי יינגערע און קינדער וואָקסן דאָרט קוטשעראַווינקע, ברוינינקע, פֿאַרסמאַליעטע פֿון דער הייסער זון. קען זיין, אַז ביז מירן פֿאַרגיין, זאָל שוין נאָך אונדז אויך נאָכלויפֿן אַ קליינינקס מיט שוואַרצע קוטשערן.

---

אָן עוולה האָט געטאָן מילקע, וואָס זי האָט זיך צעוויינט בשעת זי האָט אונדז באַגעגנט. אַ פּרוּוון־האַרץ קען אַלע מאָל האָבן אַ סיבה אויף צו פֿאַרגיסן אַ טרער. אויף איר קוקנדיק האָט פֿאַליע (אַזוי, ווי צום וואַרעמען לאַנד איז נאָך פֿונדעסטוועגן געווען ווייט) זיך אויך צעכליפּעט און געהייסן גיכער פֿאַרשטשעפּען די טיר, ס'זאָל זיך קיינער, חלילה, ניט אָנכאַפּן אומגעבעטענערהייט... און איך? האָב געפּרוּווט געבן פֿאַליען איין קוש און מילקען צוויי. זאָל עס אויסקומען, אַז נאָך עמעצער דרייט זיך דאָ אַרום.

וואָס האָט זיך מילקע צעוויינט איז אַזוי ווי פֿאַרשטענדלעך. דאָס, וואָס מיר זענען אומגעגאַנגען קיין קראַסנע, האָט, ווייזט אויס, קלאָר

און ענדגילטיק אונטערגעשטראָכן, אַז מיר האָבן מילקעס וואַגאָן אָפּ־געטשעפּעט פון אונדזער פּאַיעזד און זי בלייבט שטיין איינע אַליין אין מיטן פעלד.

מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז ניט אַזוי. מיר דוכט זיך, אַז איך בין אַ בעסערער ברודער אפילו פון דעם אייגענעם, איך מיין זיך ניט מיט דעם צו באַרימען, נאָר ווו מיר וועלן זיין, דאָרטן וועט אַלע מאָל זיין פּלאַץ פאַר מילקען אויך.

איין זאַך נאָר, וואָס האָט מיר נאָך אַ מאָל געוויזן די אָפּגעלאָזנקייט פון די דאָזיקע שוועסטער, מיט וועלכע איך בין געוואָרן איין משפּחה, איז דאָס, וואָס מילקע האָט גאָר ניט אָפּגעקאָכט און ניט צוגעגרייט ניט פון אירעט וועגן און ניט פון אונדזערט וועגן. אפילו קיין ביסל הייסע וואַסער.

זי איז געלעגן אַ גאַנצן טאָג אַ הונגעריקע. אָן־אַ איז נאָך די בעט אַ צעטויטשעטע און פון דערפון נעמט זיך אַלע מאָל דאָס, וואָס זיי פוילן זיך ניט אַרויסטראָגן דער גאַנצער וועלט אַ באַשולדיקונג, ניט לויט אירע פאַרדינסטן נאָך. זיי זאַלצן זיך אַזוי איין אין זייערע אייגענע צרות און זאַפּן זיך אַזוי דורך מיט זיי, אַז זיי טוען פּלוצעם מיט גרויס דבקות אַ זאָג: אוי, ווען זי צעברענט זיך ליכטיק און העליש, טאַקע די גאַנצע וועלט!... און דענסטמאָל קומען זיי אַריין מיינע „סעקטאַנען" אין גרויס עקסטאַז און זיי מיינען, אַז זיי און זייער אמת זענען אַלץ, וואָס סע איז דאָ אין לעבן.

איך האָב גענומען אויף דער קיך די הילצערנע עמער און בין אַוועק דורך דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע אין סעדל צום שכנהשן ברונעם. מיר איז ניט אַלע מאָל באַקוועם זיך דאָרטן אָנטרעפן מיט די שטע־טלדיקע איינוווינער, וועלכע קוקן מיך אָן, ווי אַ ביים, וואָס איז אַראָפּ־געפאַלן פון דער לבנה. נאָר צו דעם איז אויך דאָ אַן עצה. מע מאַכט זיך ניט וויסנדיק די ערשטע פאַר רגעס, ביז דער קרוק ווערט פריי. דאַן ציסטו אַרויס דיינע צוויי עמער וואַסער און אַז דו קערעוועסט זיך אויס צו יענעם מיט דער פּלייצע איז שוין פאַרטיק. וואָס קענען זיי אויף מיר דערזען? קיין טאַנצנדיקע מלאכים ניט. אלא וואָס דען? מיין הילוך קען זיי אָדער יאָ געפעלן, אָדער ניט. איז מילא, אין געריכט פירט מען דאָך ניט פאַר אַזעלכע זאַכן און מיך זידלען אין מיטן מאַרק וועלן זיי דאָך אויך ניט האָבן פאַר וואָס. גייסטו דורך צוויי טריט איז שוין דער דורכגאַנג צו אונדז אין סעדל מיט דער טונקל־אויסגעטראָטענער סטעזש־קע, און אָט איז די הויזטיר, און אָט איז די קיך.

ווילט איר, מיידעלעך, לאָמיר צושטעלן אַ ביסל אָקרעפּ. און אַזוי ווי די אַלטינקע אין יענעם דאָרף, וואָס מיר ווייסן נאָך אפילו ניט ווי אַזוי מע רופט זי, האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ געשמאַק לעבעלע ברויט און אַ שטיקל צוקער איז דאָ נאָך פון דעם, וואָס עליע־לייב האָט צוגעשיקט. וועט איר זען, אז אפילו מילקע אַליין וועט באַלד אויך ווערן פריילעכער.

און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. זי האָט אָנגעהויבן שיטן מיט חכמות און מיט שטעכווערטלעך, אַז אַ רויך איז אַוועק.

איך האָב זיך אַ רייץ געטאָן מיט איר, האָט זי זיך גענומען ברוטשקען און זיך שיער ניט געכאַפּט דראַפּן ווי אַ קעצל, נאָר דאָס איז אויך געווען אַן אופן פון שפּילן זיך. אַ סימן — פּאַליע האָט עס ניט שטאַרק געוואָלט לײדן און זי האָט טיף אין האַרצן געהאַלטן, אַז מילקע איז אין דעם ניט ווינציקער שולדיק פון מיר.

מיר האָבן געגעסן וואַרמעס אָדער וועטשערע און געדאַנקט יעדערן אויף זיין אופן: דעם ברונעם, דעם אויוון, עליע־לייבן און דער עיקר דער אַלטינקער, וואָס מיר ווייסן נאָך ניט ווי אַזוי מע רופט זי. און ווען מען פירט אונדז נאָך אַ מאָל אַהין צו אין יענעם דאָרף אַריין, וואָלטן מיר אפילו ניט אַזוי גיך געטראָפן איר שטוב. אָבער זי איז ווערט, אַז מיר זאָלן צו איר קומען, זי געפינען און זיך טאַקע דערוויסן ווי אַזוי זי הייסט, ווי אַזוי איר מאַן הייסט און זיך דערוויסן, צי זי האָט ערגעץ קינדער, ווייל זי איז געווען צו אונדז זייער גוט. אַזוי ווי אַ מאַמע.

ענדלעך האָט זיך מילקע גענומען אויספרעגן אויף ברכהקען מיט די קינדער, אויף וואָווען מיט זיין כלה.

אין די זאַכן האָב איך זיך געמישט וואָס ווינציקער. איך האָב נאָר געקוקט זיי אין די אויגן, געוואָלט זען וואָס זאָגן זיי. אָבער זיי האָבן דעם ברודער קענטיק ליב געהאַט. מסתמא איז ער עס ווערט אויך. און מיינע שוועסטער מיט מיינע עלטערן האָבן זיי דערווייל נאָך ניט ליב געהאַט. מען האָט עס דערקענט ניט אין איין וואָרט זייערן, אַ מאָל אַ באַהאַלטענעם און מערער אַן אָפּענעם. קיין סיבות האָבן זיי ניט געהאַט דערויף, זיי זענען פּשוט אין כּעס אויף דער גאַנצער וועלט, זענען זיי צו מייניקע אויך געווען אַזוי (דער עיקר די קליינע). און זי שולדיק מאַכן קען מען אויך ניט. זי וויל זיך שטאַרק לערנען און זי האָט ניט קיין גאַנצע העמד אויפן לייב. אַנדערע מיידלעך, וואָס האָבן אַ קלענערן באַרוף לערנען זיך, און זי קריגט אַ פּאָר שיך, נאָר דאַן, ווען עליע־לייב שיקט צו. ווער ס'זאָל העלפן איז ניטאָ, און עפּעס אַליין טאָן קען

מען ניט. קיינער האָט זיי ניט געלערנט דערויף. און זיך ווייזן פֿאַר לייטן אין אַזאַ מין הילוך איז ניט נאָר ניט שיין, ס׳איז פּשוט ניט מעגלעך. און דער עיקר, דער עיקר פֿאַרדראָס ביי אַזאַ מענטש נעמט זיך פֿון דעם, וואָס זי פֿאַרשטייט פֿאַר דרייען און איר לעבן קען מיט גאָר ניט באַפֿרידיקט ווערן אפֿילו ווי ביי דעם מינדסטן פֿון די מינדסטע. זי קוקט אין פֿענצטער און לעקט דעם שווייס. דער מאָגן בעט עסן, די פֿיס ווילן אַ זאָק, דאָס לייב אַ מלבוש, דאָס בלוט און דאָס האַרץ — אַ חבר. די קלעמעניש איז גרויס און די חרפּה — נאָך גרעסער, אָט פֿאַר וואָס עס דאַכט זיך איר, אַז מיין שוועסטער איז אַ קלאַץ, וואָס גייט אָנגעטאָן אין זיידנס, און אַזאַ האַלט מען נאָך אין קינדערהיים אויף אַן אַרבעט.

ניין! מיין שוועסטער איז ניט קיין קלאָץ. זי איז אַ מענטש מיט אַ גוט געמיט און אַן איידל געפֿיל. זי גייט ניט אין קיין זיידנס איבער איין סיבה, זי האָט עס ניט, נאָר אַ פּראָסט שטיקעלע מאַרקיזעט קליידט איר און זינגט אויף איר ניט ווינציקער ווי אויף עמעצן זייד. און דאָס וואָס זי אַרבעט אין אַ קינדערהיים, דאָס איז שוין ווייט ניט קיין חסרון. ווען מיר מיט אייך שטעלן זיך טאָן כאָטש וואָס ס׳ניט איז, ווען מיר דראַפּען זיך אַרויס פֿון אונדזער נאָרע (דערווייל מיט לעכער און מיט לאַטעס) און מיר בעטן זיך איין כאָטש אויף וועלכער אַרבעט ס׳ניט איז, שווער איך אייך, קינדער, אַז מיר וואָלטן זיך אויסגעגלייכט מיט לייטן. מענטשן וואָלטן ביי אונדז אין די אויגן קריגן אַ שענער פּנים, און מיר ביי זיי אין די אויגן — אוודאי.

## די אויסזיכטן אויף דער היים

אַלע אָפּשטימונגען האָבן געבראַכט צו דעם, אַז מיר פֿאַרלאָזן סענ־דעריוויקע און פֿאָרן אַרויס קיין סלאָוועשנע. איך וועל זיך אַ פּנים שטעלן אַרבעטן אין אַרטעל. אַזוי ווי מע לעבט דאָ אין שטוב, טאָרן מיר ווייטער ניט לעבן. זיצן און וואַרטן ביז עמעצער וועט עפּעס אַריינשיקן? מער איז דאָ שוין גאָר ניט געבליבן.

מען האָט שוין פֿאַרקויפֿט דאָס לעצטע שעבעלעצטע, דאָס בילכערסטע פֿונעם בילכערסטן. אין דאָס וואָס מען גייט איז שוין אַ חרפּה זיך ווייזן פֿאַר לייטן.

וואָס זשע וועלן מיר טאָן? מירן אַרויסנעמען די שויבן פֿון די דאָ־פּלטע פֿענצטער — אויף גלאָז זענען גראָדע דאָ בעלנים, און דאָן וועלן מיר דינגען אַ פֿור, אַרויפֿלייגן די פּאָר אייזערנע בעטן, די פּאָר קישנס,

דאָס טישל, די בענקלעך און היידאָ קיין סלאָוועשנע.

אויב טאָקע אויף אַן אמת קיין סלאָוועשנע, וואָלט מען זיך פריער דאַרפן אַראָפּכאַפּן אַהין, אַ שמעק טאָן, אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך אין דער היים. און איין וועגס טאָקע אָנקוקן אַ דירה, אָפּרעדן וועגן אַרבעט, מודיע זיין וועגן דעם די שטוביקע און אַז. וו.

ניט קיין סך געקלערט, גורט איך אָן מיינע לענדן, „טו אַ קוש די מזוזה" און לאָז מיך אַוועק ווייטער מעסטן די באַקאַנטע 25 ווערסט פון סענדעריוווקע קיין סלאָוועשנע. אויפן וועג לעבן די סטאַרבעניקער קורהאַנעס האָב איך באַגעגנט יונה די ליפּ, פון אים האָב איך זיך דער־וווּסט, אַז מיינע לייט זענען אַוועק אין דער אַזעראַנער רודניע.

אין אַזעראַנער רודניע וווינען אונדזערע ווייטע קרובים. אפשר האָבן זיי אונדז איינגעלאַדן אויף אַ חתונה. איך האָב מיט יונהן קיין סך רייד ניט געמאַכט. ער איז אַוועק קיין סענדעריוווקע און איך — קיין סלאָ־וועשנע.

פאַרנאַכטלעך, אַז איך בין אָנגעקומען צום שטוב, איז אויך דער טאַטע אָנגעגאַנגען פון אַ צווייטן געסל. ער האָט זיך מיט מיר דערפרייט מער ווי ווען עס איז. מיר איז עס, דעם אמת געזאָגט, געווען זייער ליב.

— דו ביסט שוין לאַנג דאָ ? — פרעגט דער טאַטע.

— ניין. דאָס קום איך ערשט.

— דו קומסט אויך ערשט ? טאָ לאָמיר כאַטש אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך אין שטוב.

איך ווייס נאָך ניט אַקוראַט פון וואָס מיר רעדן, נאָר וואָס הערט זיך אין שטוב ווילט זיך מיר אויך זען.

און מיר שטעקן אָפּ די קליאַמקע פון דער טיר און מיר גייען אַריין ניט אין קיין שטוב, נאָר אין אַ פּוסטקע. אי דאָס — אויב איך האָב געהערט אַ מאָל דאָס וואָרט פּוסטקע, האָב איך נאָך אַזאַ פאַרפּוסטע־וועטקייט זינט איך לעב קיין מאָל ניט געזען. פון די אָפּגעגאַנגענע ניט געהייצטע אויוונס שמעקט מיט גרויער ליים און מיט ווילגאַט. די קאַנאַפּע שטייט אָן אַרומגעריסענע און אַן אַרויסגערוקטע אין מיטן שטוב. די בעטן — אָן דעם בעטגעוואַנט און אפילו אָן די אינעווייניקסטע ברעטלעך, קיין טישטעכל, קיין פאַרהאַנגל, קיין טעפּל, קיין לעפל.

ערשט דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַלע אונדזערע זענען נאָך איצט אויך אין דער אַזעראַנער רודניע. נאָר ניט אויף קיין חתונה. סע האָבן זיך פלוצעם נאָך אַ מאָל געלאָזט הערן די באַלאַכאָווצעס און מע האָט געגומען לויפן ניט קיין סטאַרבעניע, און ניט קיין קראַסנע, ווי אַלע

מאָל, נאָר דער ווינט האָט זיי עפּעס געקערעוועט אַן אַ זייט. נאַ דיר גאָר אַזעראַנער רודניע!

ס'איז אַ געלעכטער צו דערציילן, נאָר ס'האָט מיר אפילו באַנג געטאָן, וואָס אַלע זענען דאָ געווען פאַרנומען מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכן ענין, און איך בין גאָר צו יענער צייט געזעסן ביי אַרטשע דעם גלעזער אויף זיין פורל און אין צווייען מיט פאָליען זיך געשלעפּט קיין קראסנע. ניט געקענט אויסקלייבן קיין אַנדער צייט פאָרן זיך פאַרשרייבן. און איצט, ווען איך בין פריער מיט עטלעכע טעג אין דער היים וואָלט איך דאָך געלאָפן מיט דער גאַנצער עדה קיין אַזעראַנער רודניע?! אַ ביי וואָרט און אַ ביי אָרט, „אַזעראַנסקע רודניע". איך בין דאָך טאַקע דאָרט קיין מאָל ניט געווען. און... אויב איך האָב דורכגעלאָזן אַזאַ גוטע געלעגנהייט, קען געבן, אַז איך וועל שוין דאָרטן קיין מאָל ניט זיין. אויך ווען איך בין אַ ביסעלע רירעוודיקער, דינג איך אַ פור און לאָז זיך מיינע לייט אַנטקעגן. אפשר וועל איך זיי נאָך דאָרטן כאַפּן. און דערווייל... דערווייל איז דער טאַטע אַראָפּגעקומען אויף אַ ראַזוועדקע. ער האָט זיך אַריינגעגנבעט ווי אַ גנב, נאָר מיך דערזען, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט. מיין טאַטע מיט דער ברייטער שוואַרצער באָרד און מיטן מילדן געזיכט. ער איז דאָך אמת אַ גוטער מענטש. און איך? איך בין בפירוש שולדיק, וואָס מיר גייען אַרום כסדר אָנגעבלאָזן און אָנגערוגזט איינס אויפן צווייטן. אָט־אָ איצט, איצט איז ער מיט מיר גוט, ווי נאָר אייגענע קענען זיין צווישן זיך. ער האָט זיך מיט מיר אמת דערפרייט. און וואָס דאַרפן מיר איצט טאָן? איצטער זענען מיר אין אַ געוויסער מאָס צוויי ראָבינזאָנען. און אפשר איז דער טאַטע אַליין דער ראָבינזאָן און איך — זיין פרייטיק? וואָרעם דער טאַטע וואָלט אין ראָבינזאָנס לאַגע קיין מאָל ניט פאַרפאַלן געוואָרן — ער קען אַלצדינג טאָן, מיט דער האַק און מיטן הובעל, מיטן פאַלדז און מיטן מעסער. און איך? כאָטש איך בין אויך געווינט צו מלאכה, קען איך אָבער נאָר דאָס, וואָס ס'געהער צו מיר און ניט מער.

— קום! — זאָגט דער טאַטע, — לאָמיר מאַכן אַ שטיקל לאַד, וועלן מיר האָבן ווו צו איבערשלאָפן.

און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַכן אַ לאַד, דער טאַטע טוט, דער טאַטע שאַפט און איך העלף אים. איך בין ניט קיין שלעכטער אונטערהעלפער, ניט קיין געגאַרניק. לויטן טאַטנס אויפטראָג ברענג איך אַריין האָלץ אין שטוב און מיר נעמען הייצן די הרובע.

— ניין, ניט מיט אַ מאָל, — זאָגט דער טאַטע, — ווייל די הרובעס

וועלן צעטראַסקעט ווערן און סע וועט ווערן אין שטוב אַ פּאַרע מיט אַ ווילגאַט... צו ביסלעך דאַרף מען הייצן. זאָל זיך דערווייל צעגיין אַ מילדע וואַרעמקייט.

— און די בהמות?

— די בהמות זענען ביי אוליטען. מען דאַרף טאַקע צוגיין און נעמען ביי איר אַ ביסל מילך. אפשר אַן איינגעשטאַנענע לאַדישקע סמעטענע.

— מען דאַרף סיי ווי צולויפן אַ קוק טאָן.

אַ סך זאַכן האָט מען מיט זיך נאָכגעפירט אין דער רודניע, אַ סך האָט מען צעשטעקט צווישן די שכנות און דאָס איבעריקע האָבן דאָ די שכנהשע קינדער אַליין צעשלעפּט. אָט־אָ צום ביישפּיל די אינעווייניקסטע ברעטלעך פון די בעטן, מן־הסתם צעהאַקט אויף שליטלעך.

איצט דאַרף מען אין דער גיך עפּעס צונויפשלעפן, אַריינטראָגן פון שטאָל אַ ברעטל, אַ פּלאַנקע, אַן אַבפּאַלאַק, צוזעגן און מאַכן כאָטש איין בעט פאַר אונדזערביידנס וועגן.

מיר איז איצט אַלץ אַזוי ליב און ניי און טשיקאַווע, פּונקט ווי איך וואָלט אַלט געווען זעקס יאָר. (די איבעריקע צוואַנציק מעג מען דערווייל ניט רעכענען אַז מען וויל) און דער עיקר, אָבי מיטן לעבן, איז אַ מאָל נאָך ליבער שטיין און צוקוקן, ווי אַזוי אַלץ הייבט זיך אָן פון ס'ניי.

דער טאַטע האָט זיך געשטעלט קאָכן אַ קאַשע. צווישן קוימען און די שאַפּקעלעך האָט ער אָפּגעזוכט אין אַ זעקעלע אויפן סאַמע דנאָ אפשר אַ האַלבע גלאָז הירזש.

— מער, — מאַכט ער צו מיר מיט אַ ראַבינזאָנישער פרייד, — דאַרף מען ניט. דאָס וועט זיין איבער גענוג.

— און וווּ וועסטו נעמען אַ פענדל? — פרעג איך אים.

— אַ קונץ — זאָגט דער טאַטע — מיט אַ פענדל. מירן פּרווון היינטיקס מאָל זיך באַגיין אָן אַ פענדל... און ער האָט צעלייגט אויפן פּריפּעטשיק אונטערן קוימען די שפּענדלעך אַזוי שיין אַזוי ווי אַ ברונענדל און דאָס קריגעלע מיטן מילך, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון אוליטען, האָט ער קונציק אָוועקגעשטעלט אויף צוויי שטיקלעך ציגל. און סע ברענט אונטער דעם אַ פייער און די מילך מיטן הירזש זידט שוין און סע קאָכט זיך אַ מחיה. איצט בלייבט נאָר מישן. די קאַשע מוז מען דאָך מישן, זי זאָל נישט צוגעברענט ווערן, און מיטן פינגער מישן קען מען דאָך ניט און קיין לעפל איז אין שטוב ניטאָ. אינטערעסאַנט, וואָס וועט דאָ דער טאַטע באַקלערן. נאָר איך זע, אַז ער קלערט אפילו ניט.

ער נעמט אַרויס דאָס מעסערל פון זשילעט־קעשענע און טוט מיר אַ ווייז אויף אַ גרויסן שפּענדל. איך דערלאַנג אים דאָס שפּענדל און דער טאַטע טוט עס אַ שניץ אַ מינוט און צוויי און מיר דערזעען פאַר זיך אַ שיין און אַ ציכטיק לאָפּעטקעלע. אַ ביסל איז עס אַ לאָפּעטקעלע און אַ ביסל איז עס אַ לעפל.

— איצט דאַרף מען דאָך פאַר דיר אויך איינע? — און ער קוקט זיך צו צו די שפּענדלעך, וועלכע איז פּאַסיקער.

— גיב, וועל איך אליין, טאַטע, גיב, איך וועל אויספּרוון.

— נאַ, — מאַכט דער טאַטע, — ס'ניט פון די שווערע זאַכן.

און איך פיל, אַז אַט דער טאַטע, ווען ער האָט צייט און חשק זיך מיט אונדז פאַרנעמען, וואָלט ער אונדז אַ סך זאַכן אויסגעלערנט. אי מיך, אי פאַליען, אי מילקען, אי ברכהקען אפילו. ס'איז אַ קונץ זיצן און וואַרטן אויף א לעפל, בשעת ס'איז ניטאָ קיין לעפל? וואַרטן אויף אַ שוך, בשעת ס'איז ניטאָ פאַר וואָס צו קויפן. אָט איז דער טאַטע יענער געוויינלעכער האַרעפּאַשניק, וואָס ווייסט ווי אַזוי די הענט דאַרפן שטיין דעם מענטשן אין זיינע נויטן. איך וואָלט אים אויסגעקושט פאַר אַזעלכע גוטע און קלוגע אָנווייזונגען.

דער טאַטע האָט אָפּגעוואַשן אַ שטיקל טיש און אויסגעגאָסן אַהין די קאַשע, וואָס איז געדיכט געבליבן ליגן ווי אויף אַ לאָקשן־ברעט, צוגעבונדן צום קריגעלע אַ שפּאַגאַטל איז ער מיט דעם ווייטער אַוועק צום ברונעם. מיר ווילט זיך ניט אַוועקגיין פון דער דעמפּנדיקער קאַשע, אָבער איך קען זיך ניט אָפּרייסן פון דעם טאַטן. איך לויף נאָך אים נאָך ווי אַ געטריי און צוגעלאָזט קעלבל. דער טאַטע האָט אָנגעשעפּט אַ ביסל וואַסער, אויסגעשווענקט גוט דאָס קריגעלע און אין דער ריינער כלי אָנגענומען פריש וואַסער. בעת מעשה האָט ער אַכטונג געגעבן, אַז דאָס קריגעלע זאָל זיך ניט אָפּקלאַפּן אין די צעברינעס — ס'קען זיך נאָך צעברעכן, און מען זאָל נאָר בלייבן ביים שטריקל. אויסגעוואַשן לעם ברונעם שטייענדיק די הענט (פריער האָב איך אים אויפגעגאָסן, דער־נאָכדעם — ער מיר) האָט דער טאַטע אַרויסגעצויגן אַ פריש קריגעלע וואַסער.

— דאָס וועט זיין טיי, — זאָגט ער און מיר גייען מיט דעם אַוועק אין שטוב אַריין צום פּריפּעטשיק און צום פייער.

מיר האָבן זיך רויִק גענומען צו דער געשמאַקער קאַשע. שמעקנדיקע סאָסנאָווע לאָפּעטקעס זענען לעפל, דער טיש איז געווען אי אַ טיש, אי אַ טעלער. בעת מעשה האָט דער טאַטע דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן גע־

האָט אין רודניע אַ דערשרעק. נעכטן איז עס, דאַכט זיך, געווען; זיי זענען געשטאַנען אין איינעם מיט די רודניער יידן ביי טאַדעושן, מסתמא האָב איך געהערט פון אים.

— יאָ, איך האָב געהערט. ער פלעגט דאָך ברענגען אַ מאָל פעל אין דער אַרבעט. אַ רייכער באַלעבאַטישער פויער.

— איז געווען אַרום האַלבער נאַכט — דערציילט דער טאַטע, — קומט ער צוגייען אין זאַלעכל, ווו מיר שלאָפן אַלע און נעמט וועקן איט־לעכן, אַז מען זאָל זיך גיכער אָנטאָן און גיין אין וואַלד אַריין. די באַלאַכאָוועס זענען, דוכט זיך, שוין אינעם צווייטן עק דאָרף. מען האָט זיך גענומען גיכער אָנטאָן, סע קלאַפּט אונדז איטלעכן אַ צאָן אין אַ צאָן. דער עיקר די מיידלעך און די קינדער — און מען גייט, מען גייט אַהין, וווהין טאַדעוש האָט אונדז געוויזן.

— דעם דאָרף קענען מיר ניט. דעם וואַלד אוודאי ניט, נאָר מען גייט מיטן שליאַך. מיר גייען נאָר אַריין אין וועלדל, אַז סע האָבן זיך אָנגעצונדן אַנטקעגן אונדז עטלעכע פייערלעך מיט אַ מאָל. אַזוי ווי די קליינע זוכלינקעס.

— וועלף — האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן, און ס'איז אויף איטלעכן אָנגעפאַלן אַזאַ אימה, אַז מען איז געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט: פון איין זייט באַלאַכאָוועס, פון דער צווייטער — וועלף!

— שמחה דעם האַסטאַמעליערס מיידל, נעבעך, חנהקע, איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט און אונדזערע — אויך ניט בעסער. שיינדל איז אויך מיט אונדז געווען. מיר זענען דאָרט געווען עטלעכע משפחות. איך האָב אַרויסגענומען דאָס מעסערל און שטילערהייט אָפּגעשניטן עטלעכע צווייגן און געגעבן יעדערן אין די הענט אַריין. די וועלף, אויב מירן צו זיי ניט קריכן, וועלן זיי צו אונדז אויך ניט קריכן... אין די אויערן הודיעט די שטילקייט, די ציינער קנאַקן ביי איטלעכן, און ס'איז קאַלט און מען איז עפּעס אויסגעליידיקט פון אַלץ אין דער וועלט. די שעהן האָבן זיך אויסגעצויגן ווי גאַנצע יאָרן און מיר שטייען אַלע אויף איין אָרט. די פיס זענען צעקאַליעט געוואָרן און מען שטייט אַלץ, מען האָט אפילו מורא אַ קרעכץ צו טאָן. פּלוצעם, ס'האָט נאָך אפילו גוט ניט גענומען שאַריען, דערהערן מיר אַ קול, טאַקע טאַדעושעס אַליין:

„זעמליאַקי, כאַדיטע סקאַריש דאַ דאָמו." (לאַנדסלייט, גייט גיכער אַהיים).

אַז מיר האָבן דערקענט זיין קול, האָבן מיר זיך אַזוי דערפרייט, ווי מיר זאָלן דערהערן משיחן. לאָזט זיך אויס, אַז אין דאָרף איז טאַקע ביי

נאַכט געווען חייל, נאָר דאָס זענען געווען אונדזערע.

געשוויגן אַ ביסל האָט זיך דער טאַטע ווייטער אָנגערופן:

— ביז סע וועט פּאַרטיק ווערן די טיי, וואָלסטו אפשר צוגעלאָפן אין שטאָט אַריין צו שמחה דעם האָסטאָמעליער און אים אָפּגעטראָגן אַ קווי־טעלע פון זיין מיידל.

— מען קען.

— איך מיין, אַז אין שטאָט איז ספּאָקאָינע, ס׳ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

— איך מיין אויך.

אונטערן פרישן איינדרוק, אַז פון איין זייט זענען געווען וועלף און פונעם צווייטן באַלאַכאָווצעס, נאָר מיטן געדאַנק, אַז אין שטאָט איז פאַרט שטיל, האָב איך פאַרשפּיליעט די פּאַלטע און בין אַרויסגעלאָפן שוין אינעם טונקעלן סוף־ווינטערדיקן דרויסן און בין אַוועק איבער די שטילע אויסגעליידיקטע גאַסן. ווו ניט ווו באַגעגן איך אַן אומגעקערטן, אָדער אַזאַ, וואָס איז אפשר אין גאַנצן ניט אַוועק. יענער קוקט זיך אום ניט דרייסט אויף מיר, איך — אויף אים, ביז איך בין געקומען צו שמחהס שטוב. שמחה, חנהלעס טאַטע, איז אַ ייד אַ קרעמער, נאָר ער האָט אין זיך שיינע תנועות, אַזעלכע, וואָס זענען ניט געראָטן אין קרעמער און ניט אין קיין אַנדערע מענטשן. דערצו איז ער מיר נאָך ליבער דערפאַר, וואָס ער איז דער טאַטע פון אַזאַ איידעלער בלייכער און צאַרטער מיידל, ווי חנהקע.

דאָס בריוועלע האָט מיר געבריט אין די הענט. ס׳איז ניט געווען פאַרקלעפּט, ס׳איז נאָר געווען צונויפגעלייגט און דאָך האָב איך עס ניט געלייענט. ניט געלייענטערהייט איז עס אַ סך גרעסער און אינטערעסאַנ־טער. בפרט, אַז זי האָט ניט געוווסט, אַז איך וועל זיין דער שליח פון דעם. איך האָב אַן עפן געטאָן די טיר פון שמחה בענצלס נייער שטוב (נאָך דער שריפה האָבן זיי זיך אויסגעבויט נייע הייזער), די טיר איז געווען אָפן, נאָר אין שטוב איז געווען פינצטער. דאָ איז, ווייזט אויס, אויך קיינער ניטאָ. געלויכטן האָט זיך נאָר אין קיך.

איך גיי צו אויף די שפּיץ פינגער אהין, זיצט, צו מיר מיט דער פּלייצע, שמחה בענצלס אַליין מיט זיין קליין געלבלעך בערדל, מיט זיינע ווייסלעכע אויגן, וואָס טרערן אָפּט אויף דער קעלט און ער לערנט פון אַ גרויסער גמרא. אויפן פּריפּעטשיק ליגט פאַר אים צעעפנט די גמרא, אונטערן קוימען ברענען קינעלעך און וואַרפן אַ שיין אַ׳ אויף אים, אַ׳ אויף די בלעטער. איך וועל שפּעטער, ווען עס איז דערציילן, פאַר וואָס איך האָב ליב אָט דעם דאָזיקן יידן. דאָס איז ניט נאָר דערפאַר וואָס ער

אין חנהקעס טאַטע, נאָר איצטער איז ער מיר געוואָרן נאָך טייערער: פון הינטן — באַלאַכאַווצעס, פון פאָרנט וועלף און אין מיטן — אַ ייד לעם אַ ברענענדיקן שפּענדל אַנטקעגן אַ גרויסער גמרא. אַז ס'וועלן קומען די באַלשעוויקעס און אפשר זענען זיי שוין געקומען, וועלן זיי אויך אויף דעם דאָזיקן שמחהן קיין בייז וואָרט ניט זאָגן. גאָלד שיינט אַרויס פון בלאָטע, און אָט דער־אָ שמחה, איך בין איבערצייגט, אַז סיי די קלייט, סיי די פרומקייט זענען ניט אומשטאַנד אים פאַרפלעקן.

— רב שמחה, — האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן, ער זאָל זיך ניט דערשרעקן.

נאָר ער קלייבט זיך אפילו ניט שרעקן, אַזוי ווי ס'עקזיסטירן פאַר אים ניט קיין בייזע שלעק און סע לויערן אויף אים ניט קיין שום סכנות.

— תיכף, — ענטפערט ער, און ענדיקט דאָרט אַ שורה אָדער צוויי, פאַרשפּרייט דאָס רויטע טיכל אויפן באַלויכטענעם שריפט און קוקט זיך ערשט אום אויף מיר.

— אַ, ס'איז אייזיק, — מאַכט ער, — שלום־עליכם, ווען קומסטו אָן?

איך שטעל זיך ניט פאַר אַקוראַט צי ער ווייסט פון וואַנען איך דאַרף אָנקומען, צי ער פרעגט עס גלאַט אַזוי.

— ר' שמחה, — ענטפער איך אים ניט אויף זיין פראַגע, — דער טאַטע איז געקומען פון דער אַזעראַנער רודניע און אייך געבראַכט אַ קוויטעלע פון חנהקען.

— פון חנהקען? לאַנג לעבן זאָלסטו! און דיין טאַטע אויך דאָס אייגענע.

ער לייגט צו נאָך אַ שפּענדעלע צום פייער און נעמט לייענען. די גמרא ליגט ביי אים צוגעדעקט מיט דער רויטער פאַטשיילע. ער לייענט און שאָקלט זיך אַליין צו מיטן קאָפּ... און איך שטעל זיך פאָר אויף אויסנווייניק, וואָס דאָרט שרייבט זיך.

זיך צעזעגנט מיט שמחהן בין איך אַוועק שוין אין גאַנצן אַן אַנדערער. מיט דעם־אָ יידן איז מיר גוט. אַז איך רעד מיט אים, איז פּונקט ווי איך וואָלט געהערט עמעצן שפּילן אויף אַ גוטער כלי. איך ווייס ניט ווי אַזוי עס צו דערקלערן, נאָר איך בין איבערצייגט, אַז איך טרייב ניט איבער, אַז איך נאָר זיך ניט אין אים. ער איז ווערט די ליבשאַפט, מיט וועלכער איך האָב אים ליב. און דאָס איז נאָך ווייניק. ער איז ווערט מערער.

אין דער היים ביי אונדז איז געווען פינצטער, דעם טאַטן האָב איך געטראָפן וואַרטן אויף מיר אין סטאַלאַווע לעם פענצטער.

— נו, ווי? פרעגט ער, — אין שטוב פילט זיך שוין אַ וואַרעמקייט?

— יאָ, — זאָג איך. — ס׳שוין ניט קיין פּוסטקע, סע איז שוין צוריק אַ שטוב.

— נו, — זאָגט ער, — און איך האָב שוין אָנגעטראָגן היי אין בעט אַריין און פאַרשפּרייט מיט דער פּאַפּאָנקע, וואָס איך האָב געפונען אין שטאָל. איצטער וועלן מיר פאַרשטעקן די קוימענס (אפשר נאָר ביז האַלב) און מען מעג מאַכן נאַכט.

איך האָב זיך אַריינגעלייגט אין בעט לעם דעם טאַטנס רעכטער זייט. דאָס היי האָט זיך אונטער אונדז געגומען פּרעסן, פון דער פּאַפּאָנע האָט געשמעקט מיט שטאָל און מיט גנאַי, נאָר סע מאַכט ניט אויס. די לבנה האָט אַריינגעשיינט אין פענצטער. האָב איך דערזען אַז דער טאַטע איז אפשר ביז האַלב צוגעדעקט נאָר מיט דער באָרד אַליין. ער האָט זיך אָבער באַלד אויסגעקערעוועט אויף אַ זייט און האָט אַזוי ווי אַ קרעכץ געטאָן.

מיד, — האָב איך אַ קלער געטאָן צו זיך אַליין. — איך האָב ערשט דורכגעמאַכט אַ וועג פון 26 יאָר און פיל זיך שוין אַזוי צעשטרייט. ער האָט שוין אַ פּעקל פון 46 יאָר אויף די פּלייצעס און אַן עלטערן זון, וואָס האָט שוין דאָס צווייטע מאָל חתונה.

אַ רויטקייט פון חרפּה האָט מיך באַשלאָגן איבערן גאַנצן לייב.

מיין זיידע מרדכי און מיין זיידע הערש־לייב האָבן אָפּגעלעבט צו זעכציק און צו זיבעציק יאָר. זיי זענען געווען מענטשן פון דער אַלטער וועלט. זיי האָבן נישט געלייענט אין די ביכלעך וועגן ליבע און זיי האָבן חתונה געהאַט נאָר צו איין מאָל. סאָראַ טייערע מתנה דאָס איז פאַרן מענטשן אין זיין לעבן! ווען איך קלאָג זיך פאַר שמחהן, פאַר חנהקעס טאַטן, צי וואָלט ער מיר האָבן וואָס צו זאָגן? ער וואָלט מיר זיכער גע־זאָגט, אַז ניט דער מענטש פירט די וועלט, די וועלט פירט גאָט.

ליבער און טייערער מענטש, ווען ס׳איז אפילו אייער אמת, ווען ס׳איז אפילו דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָלט ער שוין קיין שענערע אַרבעט ניט געהאַט ווי זיצן און קריצן מיטן שטיפטל, אַז ביי געצלען זאָל לעבן דאָס ווייב און ביי גימפּלען זאָל זי שטאַרבן. און ביי שמחהן, ביי דעם גוטן און ליבן מענטשן, זאָל אויסוואַקסן אַ טאָכטער, אַן איי־דעלע, אַ חנעוודיקע, פול מיט פיינקייט און זי זאָל בכלל קיין מאָל קיינעמס ווייב ניט זיין, — זאָל זי בעסער צעפרעסן ווערן פון דער קרענק? ניין, מען דאַרף דאָס לעבן לערנען, עס טיפער פאַרשטיין. איר קענט עס אפילו נעמען גאָר פּשוט: מען דאַרף אויסראַמען די שלעכטיקייט פון דער ערד, אויסראָטן די עוולות, וואָס ווערן באַגאַנגען פון איין מענטשן

קעגן צווייטן און דאַן וואָלט פאַר אומגליק געוועזן ווינציקער פּלאַץ.

ס'זאָלן ניט זיין קיין גבירים, וואָלט ניט געווען קיין קבצנים, ס'זאָלן ניט זיין קיין באַנדיטן וואָלטן ניט געווען קיין פּאָגראָמען. סע זאָל ניט זיין קיין נויט, וואָלט ניט געווען קיין טיפוס, וואָלט מיר בוזיע געלעבט און גאָט און לייט וואָלטן זיך געפרייט אויף מיר קוקנדיק. אָט האָסטו דיר דעם זיידן, וואָס האָט אָפּגעלעבט מיט איין ווייב אַלע זיינע יאָרן.

— פאַר וואָס שלאָפסטו ניט? שלאָף! — האָט זיך דער טאָטע אַ ריר געטאָן און זיך שטייפער איינגעדעקט מיט זיין לייבפּוטער.

קען זיין, אַז שמחה שלאָפט שוין אויך און אפשר ניין, אפשר זיצט ער נאָך ביים פּריפּעטשיק און קוקט אריין אין אַ צווייטן ספר. די סענ־דעריוּוקער שלאָפן שוין אויף געוויס. און אין דער אַזוראַנער רודניע? אין דער רודניע קערן זיי איצט זיצן אַלע און שפּילן אין לאָטאָ, דאָרטן טאָקע ביי טאַדעושן — אין זאַלעכל. ווען איך קען זיך אַליין אַהין אָפּ־שיקן, — אָט שלאָף איך דאָך סיי ניט — וואָלט מיר דאָרטן געווען פריילעכער. דאָרטן זענען דאָך אַלע מיינע!

## אַ פּ ש י י ד *)

אין דרויסן איז געווען זומער, אַ וואַרעמער גוטער זומער, וואָס זינגט זיך אַ מאָל צונויף מיט שטאָט און מיט דאָרף און איז אמת גוט אויף יעדערן אויף וועמען מען טוט אים אָן.

ביי אונדז דערקענט מען דעם זומער אינעם גאַנג פון די בהמות אויף דער פּאַשע און פון דער פּאַשע, אין די צעגרינטע גערטנער, וואָס שטייען לעם יעדער שטוב. אויב ניט קיין גרויסער גאָרטן איז כאָטש אַ גערטל אָדער אַ בייט. ווו ניט ווו שטייען נאָך אין מיטן אַ ליסטווענער אָדער אַנטאָנאָוויטשער גאָס אַ פּאָר פּויערשע הויפן און די דאָזיקע הויפן האָבן אַ נאַטור אַרויסשטעלן צו דער גאָס ניט דעם גאַניק אָדער די פענצטער פון שטוב. פאַרקערט, דאָס גאַניקל מיט דער שטוב איז איינעם זענען פאַררוקט ערגעץ טיף, טיף אין הויף און אַהער צו דער גאָס צו שטעלט די פּויערשע ווירטשאַפט אַרויס איר שיינע ברוסט, אָדער איר שיינעם

*) מיטן דאָזיקן קאַפּיטעלע, איז דער חבר אייזיק פאַרלאָפן דעם וועג און אַ ביסל אַ היפּער געטאָן אין זינען פון צייט. נאָר אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך קערט ער זיך צוריק אום צום סוף ווינטער, לעם וועלכן ער האָט זיך מיט אונדז דאָ אָפּגעשטעלט. — אי. ק.

קאָפּ האָר, וואָס איז באַשאָטן מיט קרענץ און מיט קווייטעלעך. צום ביישפּיל: ראַדיאַנס הויף קוקט אַהער צו דער גאַס מיט אַ סעדל, וואָס איז צעבליט און צעגרינט, אַז זיין שיינקייט און זיין ריח צעגייען זיך אין אַלע אברים. אָדער מיכטאַדס הויף שטייט אַהער צו דער גאַס מיט אַ ריינעם צוגעפּוצטן שייער, וואָס ליידיקט זיך אויס צו פרילינג און ווערט פול און טראַגעדיק צום סוף פון האַרבסט.

איין יידישע שטוב איז דאָ אין מיטן שטאָט, וואָס האָט אויך לעם זיך אַ סעדל מיט גאַנצע צוויי ביימער. אמת יונגע, זייער יונגע ביימעלעך און צוליב זייער יונגשאַפט האַלטן זיי זיך שעמעוודיק און גאָר ניט דרייסט. אָבער דאָס אַלץ שטערט זיי ווינציק, אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דעם, וואָס אַלע ביימער פאַרנעמען זיך אין דער צייט. זיי פאַרנעמען זיך מיט ליבע. דאָס הייסט זייערע געליבטע זענען אפשר ווייס איך ווו, נאָר זיי האָבן שליחים, די פאַרשייטע גאָלדענע בינעלעך, וואָס רוען ניט איין, טראָגן אום פון איינעם צום צווייטן בריוועלעך און קושעלעך און טאָמער דאַרף מען — נאָך עפּעס. אָט קוקט אים אָן דעם זשאַסמין ביי שיינדלען אין גערטל. ער איז טאָקע יונג און שעמעוודיק, אָבער וויפל פרייד פון געפּועלטער ליבע איז דאָ אויף זיין פּנים און אַרום זיין קרוין, אַז ער קען שוין גאָר אַליין אַזוי פיל ניט אויסבאַהאַלטן, ווי סע שפּאַרט פון אים מיט ווייסן בליעכץ, מיט חן און מיט באפרידיקטקייט. די בערעזקע יענע איז, אמת, מער אַ באַשיידענע און אַ שטילע, אָבער זי איז דאָך אויך איינגעליבט ביז אַריבער די אויערן און מיינט ניט, אַז זי דערלייגט עפּעס צו דעם, וואָס זי פּוצט זיך ניט אין אַזעלכע ראַשיקע און שרייענ־דיקע קאָלירן. מיט אירע גרינע יונגע בלעטעלעך, וואָס אַלע צווייגן זע־נען מיט זיי צו דער מאָס באַדעקט און מיט דער פּאַפּיראָסל־דינער, ווייסער קאָרע אויף איר איידעלן כרופּקן שטאַם, איז זי פּאַר אַ מבין נאָך באַ־טעמטער פון עמעצן אַנדערש.

די זעלבע שיינדל, וואָס פוילט זיך ניט און פאַרבט אַליין אויס אַלע פּאָלן אין שטוב, זשאַלעוועט אויך ניט אירע הענט מיט די פינגער אויף צו פונאַנדערגראָבן די ערד אַרום די דאָזיקע צוויי ביימלעך, וואָס, אַז מען וויל זאָגן, זענען זיי איין און איינציקעביים יידישן שטעטל און בפירוש ניט קיין דערשאַצטע.

אין איינעם פון אַזעלכע זומערדיקע טעג בין איך גאַנצע צוויי מאָל געווען אין שטעטל און אין אַוונט אפילו אַ דריט מאָל. (ניט אַלע טאָג טו איך עס. אַ מאָל קען דורכגיין אַ גאַנצע וואָך, אַז מיין פוס זאָל ניט אַרויס פון אונדזער ווינקל).

און געווען איז עס אַזוי:

בײַטאָגלעך בין איך אין דעם וואַרעמען האַלב־אַנגעשראָקענעם דרויסן דורכגעגאַנגען פּאַרבײַ שײַנדלס שטוב.

איך זאָג האַלב־אַנגעשראָקענעם, ווײַל דעם טאָג זענען מיר געווען אָן אַ מאַכט, און אונדזער שטעטל האָט עס ניט ליב געהאַט. אונדזער שטעטל האָט פּונקט ווי נאָך שטעט און שטעטלעך ליב געהאַט סע זאָל זײַן אַ „וולאַסט" און טאָקע נאָר אײנע — אָט די נײַע, די פרײַלעכע, די פּאַר־שײַטע, וואָס האָט זיך געגומען אַלצדינג איבערקערן האָרע־קאָרע. מען פּלעגט זיך מיט איר אַמפּערן, אי זיך דינגען, אי זיך ניט וועלן גלײַכן אין אַ סך זאַכן, נאָר קוים האָט זי געוויזן אַ שלעכטע מינע, אַז ס'איז איר עפּעס ניט גוט, אָדער אַז זי גײט גאָר אַוועק פון דאַנען, איז אויף איט־לעכן אָנגעפאַלן אַ שרעקלעכע מרה שחורה.

— אָמער בלײַבט שוין, — האָט דער אַלטער כיטריק אײן מאָל אין אַ רעדל אַרויסגעזאָגט זײַן שטעלונג צו דער מאַכט, (אַ מאָדנע מאַכט וואָס האָט ניט ליב קײן קלײטן און קײן בתי־מדרשים), — אָמער בלײַבט — מאַכט דער אַלטער כיטריק, — מירן שוין אײך זען האָווירן מיט וואָס מיר וועלן נאָר קענען.

דעם־אָ טאָג איז דער דרויסן בײַ זײַן גאַנצער יונג־זומערדיקער באַ־חנטקייט געווען אַ ביסל אָנגעשראָקן און דערפאַר בין איך קענטיק אַרויס אין שטעטל אַ הער טאָן וואָס־ווער־ווען.

אַז מען גײט אַרויס אַ הער טאָן, הײסט עס נאָך ניט, אַז מען וועט זיך לעם עמעצן אָפּשטעלן און בײַ יענעם גלײַך נעמען אויספרעגן וואָס דיך אינטערעסירט. נײַן, פּשוט, אַז דו וועסט דערזען אַ רעדל, וועסטו פּאַמעלעך צוגײן און אויכעט אָנשטעלן אַן אויער.

קײן רעדלעך האָב איך אָבער די ערשטע רגע ניט געטראָפן, נאָר איך האָב דערזען שײַנדלען אָנגעבויגן בײַם צופוסנס פון אירע יונגע בײמעלעך און צו מיר איז זי געווען אויסגעקערעוועט מיט איר גאַנץ ברײטן ווי אַזוי רופט מען דאָס? דאָס קלײדל האָט זיך פאַרהויבן און אָפּגעדעקט אירע פול־בלוטיקע ווײַכשטיקער פון די פיס. דערהערט, אַז עמעצער איז דאָ אַרום איר, האָט זי זיך אויסגעגלײַכט. דאָס גאַנצע בלוט איז בײַ איר געווען אין פּנים און זי האָט אַ זאָג געטאָן פון אָנפאַנג בײז און דערנאָכדעם ווײכער אַ ביסל:

— גײ, גײ. דו מעגסט זיך שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז!... ווער האָט דיך אַהער גערופן?

מיט דעם וויל זי קענטיק זאָגן, אַז זי שעמט זיך, זי פילט זיך ניט

פויגלדיק אין איר שטוביקן הילוך, נאָר די ביימלעך האָט זי סיי ווי ליב.

— דו מיינסט, — זאָגט זי ווייטער, — איך וואָלט עס איצטער געטאָן? האָב קיין דאגה ניט. איך זוך זיך כסדר אָפּ אַ צייט, ווען קיינער וועט מיך ניט זען און קיינער וועט מיר ניט שטערן! נאָר איצטער קען איך פשוט קיין אָרט ניט געפינען אין שטוב. — און זי דערציילט, אַז חנהקען איז זייער שלעכט...

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס הייסט שלעכט. שלעכט האָב איך געמיינט, הייסט, אַז זי הוסט, אַז זי האָט היץ, אַז מען דאַרף זי ערגעץ פירן. אָבער, אַז שיינדל האָט דערזען, אַז איך פאַרשטיי ווינציק, האָט זיך אויף איר גרויסן מיידלשן פּנים אויסגעגאָסן אַ ביטול-באַציונג. די ליפּן האָבן זיך אַ קרים געטאָן. איינער מיינט, אייסעך וואָס, דו ביסט אַ נאַר, און ס'מיט דיר בכלל ניטאָ וואָס צו רעדן. חנהלע פּינעט נעבעך און זי איז שוין היינט-מאָרגן אַ פּאַרטיקע.

שיינדל וויל אַ וויש טאָן די טרערן, נאָר די פינגער זענען אין ערד אויסגעשמירט. מאַכט זי עס מיט דער לינקער זייט פון איר וווייכער און רויטער האַנט. אַז זי דאַרף ווייַנען, האָט זי ליב כסדר אַ לאַך טאָן פריער, ווייל ווייַנען, האַלט זי, איז ניט שיין.

ביי מיר האָט זיך עפּעס אויך אַ רודער געטאָן אינעווייניק. פון וואַנען פון וואָס זענען ערגעץ פאַרטיק געוואָרן טרערן און בעטן זיך אַרויס, אָבער כ'האָב זיי ווי עס איז אַראָפּגעשלונגען.

ווי סטראַשנע ס'זאָל ניט זיין קוקן חנהקען אין פּנים, וואָלט זיך מיר דאָך איצטער וועלן זיין דאָרטן וו זי איז און איך וועל איר אפילו זאָגן, זי זאָל זיך פאַר מיר ניט שעמען — ס'איך.

און כאָטש איך אַליין האָב נאָך קיין מאָל ניט געפּינעט, ווייס איך דאָך וואָס דאָס איז.

חנהלע. אַזאַ יונגיטשקע, אַזאַ איידעלינקע. אירע ברוסטן האָט דאָך נאָך קיינער ניט באַרירט, אירע ליפּן האָבן נאָך אפשר קיינעם ניט גע־קושט. זי האָט דאָך נאָך אפשר געדאַרפט קומען צו אַ מאַן און האָבן מיט אים קינדער. צי דען איז זי צוליב דעם אויסגעוואַקסן אין אַזאַ שיינעם שטאָלט, דערגאַנגען צו אַזאַ שיינעם עלטער, אַז זי זאָל איצטער אין מיטן זומערדיקן וואַכעדיקן בייטאָג ליגן און פּינען. און מאָרגן זאָל זי שוין ניט זיין?

איך פיל לעם שלונג און לעם האַרץ עטוואָס פון דער גרויליקער מאַסע. און ס'איז מיר שלעכט. איך דערמאָן זיך אין איין אויגנבליק אין בוזיען און אין בוזיעס יונגער מאַמען. איך דערמאָן זיך אויך אין פּאַליעס

עלטערן. נאָר דאָס גייט שוין ניט אָהער.

איצט איז יונגער זומער. אפילו שיינדלס בערעזקע שעמט זיך פאַר עפּעס. אָט איז זי דאָך אין אונדזער חנהקען גערעטן מיט איר וווקס, מיט איר איידעלן געשטאַלט, נאָר זי איז ניט אומשטאַנד איר שענקען קיין איין ביסעלע חיות, קיין איין ביסעלע געזונט און לעבנס־זאַפט. און שיינדל אַזאַ מין געזונטע און גרויסע (וואָס איז אויך מקנא אירע ביי־מעלעך אויף זייער יוגנט, וועלכע גייט ניט פאַרפאַלן), זי שטייט אָט לעם מיר פון יענער זייט פּלויט און בייסט דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט און גייט אָפּ מיט טרערן.

— איך וועל שפּעטער צוגיין, — האָב איך אַ זאָג געטאָן שיינדלען, ווייל עפּעס זאָגן האָט מען געמוזט און זאָגן האָב איך ניט געהאַט וואָס.

איך בין אַוועק איבערן שטעטל אַרום און אַרום דעם מאַרק, דורכ־געגאַנגען פאַרביי שמחהס שטוב.

אַ מאָל, אַז מען גייט דורך פאַרביי אַ שטוב ווו אַ געווינערין גייט צו קינד און מען ווייסט דווקא וועגן דעם, נאָר מען ווייסט אויך אַז די שטור־ביקע ווילן עס ניט צעקלינגען, זיי טישקעווען עס ביז עפּעס וואָס, און דיר ווערט מאָדנע אפילו פאַר די ווענט פון דער דאָזיקער שטוב, ווייל אויסערלעך זעען זיי אויס ליגנעריש־שטיל, כאָטש זיי ווייסן גוט, אַז דאָרטן אינעווייניק קומט עפּעס פאָר.

דאָס זעלבע איז איצטער: ס'איז שטיל אויפן מאַרקפּלאַץ. ס'איז שטיל ביי שמחה־בענצלס אין הויף פּונקט ווי אַלע וואָלטן זיך צעפּאַרן אויף אַ יאַריד... נאָר ווען איך קוק זיך צו צום קוימען, צום ציגלדיקן קוימען אויפן בלעכענעם דאַך, וואָלט איך, דוכט זיך, געכאַפּט אין די כוואַליעלעך וואַרעמע לופט ניט קיין רויך, ניין. אין אויוון הייצט זיך איצט ביי זיי ניט — נאָר חנהקעס, חנהקעס — אַ לעצטן הויך, וואָס איז באַפּייכט מיט דינע שטויבעלעך פון איר לעצטער פּינע.

אויב אַזוי, איז אונדז דאָרטן לעם בריק אונטער סענדעריוקע אין יענעם שבת ביי טאָג גאָר ניט געווען שלעכט. פאַרקערט, ס'איז אונדז געווען גוט, מיר זענען געווען אַלע אין איינעם.

ווי וואָלט געווען, ווען איך טרעף ביי איר, ביי חנהקען, אונטערן קישן, מיינע צוויי פּערטל פּאַפּיר מיט די דערקלערונגען צו גאָרקיס „פּיעסן אַ סאָקאָלע", אויב ניט אפשר גאָר מיינס אַ ליד, וואָס איז אָנגעשריבן טאַקע איר, אָט דער סלאַוועשנער מיידל, נאָר ס'איז איבערגעשריבן מיט איר האַנט. ווען איך געפין עס ביי איר וואָלט אפשר ביי מיר מיט אירע ברוי־דער אויסגעפאַלן אַ קריג פאַר דעם — זיי וואָלטן עס געוואָלט פאַר זיך

און איך — פאַר זיך...

לאַנג אין שטוב האָב איך זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן.

דאָס מאָל בין איך שוין אַוועק לויט אַן אַנדער מאַרשרוט. איך האָב אויסגעפּירט אַ קרייז פון ליסטווענער גאַס צום קליינעם געסל, ווייטער דורכן מאַרק און ווייטער פאַרביי שמחה־בענצלס שטוב. איך האָב גע־מיינט גיין אַזוי פּאַמעלעך און פאַרבייגיין ביז שיינדלס גלעזערנעם גאַניק. דאָרטן וועל איך זיך עפּעס דערוויסן. נאָר אַזוי ווי איך גיי מיר אַזוי מיט שטילע טריט און בין מיר פאַרטיפט אין ווייטע געדאַנקען, אַזוי גייט מיר אַרויס פון שמחהס שטוב די אַלטע מרים — יחיאל דעם קצבס ווייב — זי איז סך־הכל חנהקעס אַן עלטער־מומע און כאַפּט מיך אַן פאַרן אָרבל:

— ליבינקער, טייערינקער, קום וועסטו כאַפּן אַ מצווה. דוכט זיך אייזיק? לייבטשיק דעם האָרבאָרס? מען דאַרף אָפּהייבן אַ מיידל, נעבעך, אונדזער שרהלס, יאָ, שרהלס. ווי צו מיין עלטער אוודאי, וואָס איך שלעפּ זיך נאָך דאָ אַרום און אַזאַ יונגער קוויט דאַרף גיין פון דער וועלט!

איך האָב זיך ניט גערירט אויף אַזאַ זאַך, אַז מיך וועט מען דעם ערשטן אַריינלאָזן צו חנהקען אין אַלקער אַריין. איך ווייס ניט ווי אַזוי חנהקע, זי האָט זיך אַ סך מאָל מיט מיר געהאַלטן פון דער ווייטנס, נאָר ער, שמחה, אָט דער־אָ אויסערגעוויינלעכער מענטש, האָט מיר איין מאָל אַליין געגעבן אַנצוהערעניש, אַז ער וויל מיך פאַר אַן איידעם.

— זאָג איין וואָרט, שטעלן מיר אַ חופּה אפילו היינטיקע וואָך, — האָט ער מיר אָפּן און פּראָסט געזאָגט, ווי עלטערע מענטשן קענען אַ מאָל אַ זאָג טאָן.

טייערער שמחה, ווען איר זאָלט כאָטש וויסן ווי אַזוי איר זענט מיר ליב!

גיי איך, הייסט עס, איצטער צו זיי אין די קדשי־קדשים אַזוי, אין מיין וואָכעדיקן גאַרניטער און אפילו די הענט ניט געוואַשן.

נאָר מען לאָזט מיך לאַנג ניט קלערן. מיר קומען אַריין אין אַן אַנגעהייצטן צימער. דאָס שיסעלע מיט לייכעץ איז נאָך פון פאַרן בעט ניט אַוועקגענומען און איך נעם אַן מיין מיידל נאָך אַ וואַרעמע פאַר אירע אַקסלען, ווער ס׳האָט מיר געהאָלפן האָב איך ניט געזען און וואָס ס׳האָט זיך מיט מיר געטאָן, האָב איך ניט געוווּסט. איך האָב נאָר געוווּסט פון אַ בעט, וואָס איז נאָך ניט אָפּגעקילט און פון אַ שטילן, נאָר אַ האַרטן קלאַפּ אין דיל.

דאָס האָט זיך אָפּגעקלאַפּט חנהקעס קאָפּ.

גולם! טיפּש! לעמער, פאַר וואָס האָסטו ניט אונטערגעלייגט קיין האַנט?

חנהלע, איך האָב, דאָ אין דער הייליקער צעטראָגנקייט, אויף דיר אפילו קיין רעכטן קוק ניט געטאָן. צי ס׳איז אין צימער געווען אַזוי טונקל, אַז איך האָב גאָרניט געקענט זען, צי מיר איז געווען פינצטער אין די אויגן.

---

אָט איז אונדזער גאָרבער־ווינקל. לעם שטוב אַרום גאַניקל איז די שוואַרצע בהמה געשטאַנען און געגעסן דעם צעבער. די קלענערע קינדער האָבן זי געשפּילט אין דרויסן. פריידקע און צפּורה, אונדזער שכנס טאָכטער, אַ געזונט און יאַדערדיק מיידל, זענען געשטאַנען אויפן גאַניק און פון עפּעס גערעדט. מיך דערזען, האָבן זיי אין מיינע מאָדנע אַראָפּ־געהאַנגענע הענט עפּעס ווי דערקענט.

— איר וועט מיר אַרויסטראָגן אַ קווערטל וואַסער?

פריידקע האָט מיר אָן רייד אַרויסגעטראָגן דער מאַמעס מעשן קווערטל אַ פולס מיט וואַסער. דאָ אויף די אויסגעפּלאַסטערטע שטיינער עסט די בהמה און דאָ ביים זייט, שוין לעם סאַמע גערטל, גיסט מיר פריידקע אויף, גאַס נאָך גאַס, פרישע געשמאַקע וואַסער, וואָס גלוסט זיך זי נעמען אין מויל אַריין.

און דעם שכנס מיידל האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן. זי איז אַראָפּ פון גאַניק, זיך צו מיר היימיש אָנגעבויגן און אַ שעפּטשע געטאָן איין וואָרט:

— חנהקע?

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ!

---

חנהקעס מאַמע, שרהל, האָט פון מיר בפירוש ניט געהאַלטן פאַר מיינע עובדות. זי האָט בפירוש ניט געוואָלט ליידן, אַז חנהקע אירע זאָל זיך מיט אונדז באַגעגענען. זי האָט קענטיק אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז אויך איינע פון די זאַכן, וואָס קענען איר שאַטן צו אַ שידוך.

שרהל איז טאַקע אַזוי פיל יאָרן שמחהס ווייב, נאָר ס׳ניט שמחה... דאָך פיל איך אין אָט דער שרהלס בליק, אַז זי האָט ליב אי מיך, אי פריידקען. און מסתמא נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט אַלע מאָל געהערט ווי איר חנהקע שטעלט זיך פאַר אונדז כסדר איין. זי האָט מסתמא אויך געוווסט, אַז חנהקע אירע איז ניט איין מאָל אַריינגעגאַנגען צו אונדז אין שטוב. זי איז אַ פּראָסטע, זייער אַ פּראָסטע ווייבל אָט די שרהל, נאָר

זי איז אַ מאַמע און חנהקעס מאַמע. און דערפֿאַר קען איך זי ניט ניט ליב האָבן.

אין אָוונט, קורץ פֿאַר דער לוויה האָב איך זיך אַריינגעגנבעט צו זיי אין שטוב אַריין, אין דער שטוב ווו איך האָב אַנומלטן געטראָפֿן נאָר איין שמחהן, ווי ער איז געזעסן אין אַ ליידיקער שטוב, ביי אַ באַלויכטענעם פּריפּעטשיק און געקוקט אין אַ ספר אַריין.

איצט איז דאָרטן די שטוב פֿול. אויף דער ערד ברענען געדיכט צעשטעלטע ליכט. אויף דער ערד ליגט עמעצער, איבערגעדעקט מיט שוואַר־צן. איך ווייס, איך ווייס, ווער דאָס איז. איך דאַרף נאָר אַ פּאָר געציילטע רגעס דערויף, זי זאָל זיך איבערקלייבן פֿונעם שוואַרצן צודעק אין אַ ווייסער זומערדיקער קלייד, פֿונעם ליגנדיקן צושטאַנד אין אַ צושטאַנד פֿון זיצן, שמייכלען, גיין, שטיין און רעדן, דאַן וועט מיר זיין גרינגער אָנרופֿן דעם נאָמען. וואָס הייסט גרינגער — ס׳וועט אפֿילו ניט זיין נויטיק.

איצטער שטיי איך ווי אַ פֿויער אויף אַ יידישער חתונה און קוק זיך צו. איך שלינג מיט די אויגן זאַכן, וואָס זענען מיר ניט באַקאַנט, נאָר זייער טשיקאַווע.

שמחה. שמחה שטייט אויסגעקערעוועט האַלב צו דער וואַנט און האַלב צו דער, וואָס אינעם ליכטקרייז. דאָס איז געווען זיין האָפֿענונג, זיין נחת, זיין טרייסט. ער האָט עס נאָר אויף אַזוי פֿיל ניט אַרויסגעוויזן. איצט שטייט ער און טוט תּפֿילה: „וי להאי שופרא דבלי בארעה״ — „ווײ צו דער שיינקייט, וואָס דאַרף פֿוילן אין דער ערד!״.

קיין ווערטער הערן מיר פֿון אים ניט. מיר הערן נאָר אַ קול, וואָס איז געקנאָטן אויף גאַלע טרערן און ער שאָקלט זיך ווי ביים דאַווענען און די ליפּן רעדן, נאָר ניט צו אונדז.

זיינע צוויי ייִנגלעך, די קלענערע ברידער חנהקעס, טוען אים נאָך, נאָר זיי וויינען טאַקע אויף אַ קול. זיי וויינען אַזוי הילכיק און דרוזשנע, אַז ווען מען שטייט אונטער דער וואַנט, וואָלט מען מיינען, אַז עמעצער קוועלט אין דער הויף: הו־הו הו! האָ־האָ־האָ!

ס׳האָבן געוויינט פֿריינט, ס׳האָבן געוויינט ווייבער, ס׳האָט געוויינט די מאַמע אַליין און אויף די אַלטע מומע מרים, מיט די בלינדלעכע אויגן, וואָס האָט מיר אין מיטן פֿאַר נאַכט צוגעשאַרט אַ מצווה... אָבער מער פֿון איטלעכן האָב איך געזען: ער, שמחה, איז שיין און באַטעמט, כאָטש אויסערלעך וואָלט קיינער אויף אים ניט געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ שיינער. כּדי זאָגן אויף אים, אַז ער איז שיין, דאַרף מען אים פֿריער דערקענען.

אין שטעטל זענען מיר געווען אַן אַ מאַכט. ס׳איז אַוונט און ס׳איז זומערדיק, כאָטש אויפֿן האַרצן איז גענוג אָנגעזאָלעט. מיר זענען אַלע אַרויסגעגאַנגען לייכט אָנגעטאָן, ווער אין אַ פּידזשאַקל, ווער אין אַ העמדל. אָט גייען מיר אַרום אין פּירן: — פריידקע, שיינדל, משה און איך. מיר שפּאַצירן אום הין און צוריק איבערן נייעם שפּיציקן שאָסיי. מיר רעדן ווייניק, כאָטש ביי יעדן פֿון אונדז גייט אַרום אינעווייניק און ס׳ברויזט גאַרניט קיין לייטיש געפֿיל: „אָבער איך לעב דאָך". און אפֿשר זענען משה מיט פריידקען פריי פֿון אַזעלכע געדאַנקען, אפֿשר רעד איך אויף זיי רכילות. נאָר שיינדל און איך? אַ ניין! מיר זענען ניט אַזעלכע. ביי אונדזער גאַנצער איבערגעגעבנקייט קענען מיר אַנדערש ניט!...

ביי אונדז אין שטעטל איז אַלץ נאָענט. אָט איז שמחהס שטוב, אָט איז די דאָלינע און אָט איז דאָס בערגל מיטן הייליקן אָרט. שפּאַצירנדיק דאָ אויף די ברוקשטיינער האָבן מיר פֿאַר די אויגן אי די־וועלט, אי יענע־וועלט. אויב מיר גייען פֿאַרויס, זעען מיר אינעם ליכטיקלעכן אָוונט דאָס בערגל, גייען מיר צוריק — זעען מיר שמחהס שטוב און מיר האָבן זיך שוין קענטיק צוגעוווינט צום עניין. פֿאַר אונדז איז עס שוין נאָר אַ זאַך פֿון איבערקומען. ווייל דער פֿרישער אָפּענער קבר דאָרט, דער פֿיר־עקיקער, וואַרט נאָר אויף איין מענטשן — אויף חנהקען. און מיר, די איבעריקע, קענען אַלע גיין צוריק אַהיים.

צו זיך אַליין טראַכט איך און איך וויל וויסן צי דאָס שטיבל, וואָס שטייט אויף בוזיען, קער זיך שוין עפּעס אָן מיטן פֿרישן ליידיקן קבר, צי זיי האַלטן זיך דאָרט ביז עפּעס וואָס פֿון דער ווייטנס? אַ מחשבה לויפֿט דורך אַזאַ און ענטפֿערן וועט מיר אויף איר קיינער ניט. און אויב עמעצער וועט ענטפֿערן, איז נאָך אויך אַ פֿראַגע צי ס׳וועט זיין וואָס צו הערן.

שמחהס הויף האָט מיט אַ מאָל, ווי אַ קוימען פֿון אַ נאַר־וואָס אונ־טערגעהייצטן אויוון, גענומען אַרויסשפּייען פֿון זיך אַ סך געדיכטע שאָטנס איינס נאָך איינס.

— קומט, — האָט עמעצער פֿון אונדז אַ זאָג געטאָן, און מיר האָבן זיך אַזוי אויסגעדרייט, אַז מיר זאָלן מיט אונדזער פּירלינג שליסן די לוויה.

ביי אונדז אין שטעטל איז ניט אָנגענומען, אַז מיידלעך זאָלן נאָכגיין נאָך אַ לוויה, און יונגעלייט, וואָס גייען מיט מיידלעך, ווערן אין דעם פֿאַל אויך צוגערעכנט צו די ערשטע. נאָר נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיך די עלטערע מענטשן אויסגעלערנט ניט מאַכן קיין שאלות, ניט אין אַלץ זיך אַריינמישן. — מיר גייען, גייען מיר. בפֿרט, אַז מיר גייען נאָך די גאַנצע צייט פֿון דער ווייטנס.

מיר שטערן קײנעם ניט און קײנער שטערט אונדז ניט.

מיר פילן נאָר יעדערער באַזונדער די שוועריקייט פון אַ ליגנדיקן מענטשן, וואָס לאָזט זיך טראָגן, דעם חלק, וואָס נעמט זיך אָן אויף יעדן שטאָגג אין די הענט פון די טרעגער. (ביי אונדז אין שטעטל טראָגט מען דעם בר־מינן, מען פירט אים ניט. מען טראָגט דעם מענטשן אויף אַ טוך, וואָס איז אָנגעצויגן אויף צוויי לאַנגע שטאַנגען. ביי יעדן ווינקל פון דער מיטה גייט אַ מענטש. אַז מען וויל, באַקומט זיך עס אפילו שיין, אַ שיינע סימעטריע). און דאָרטן אויפן בערגל, ווו די שטיבלעך שטייען, פאַרעט מען זיך ביי אַ לאָמפּ אָדער ביי אַ לאַמטערן, וואָס הענגט אויף אַן איבערגעלייגטן דרענגל איבער דער סאַמע גרוב. די אלטע יידן זאָגן אויף דער גרוב „קרקע״, כאָטש קרקע איז דער טייטש — ערד.

דער עולם מיט די שאָטנס, וואָס פאַלן פון זיי, לאָזן זיך שוין אַראָפּ אין דער דאָלינע. און דאָרטן אינעם צווייטן עק שטאָט, ווו די דאַמפּ־מיל שטייט, האָט זיך דערהערט אַ צאַקען פון רייטער, אַ טראַסקען פון רעדער. אַ סך רייטער און אַ סך רעדער. זינט מען האָט אויסגעברוקירט דעם שליאַך, דעם מאַרק און די דאָלינע איז אונדזער שטאָט געוואָרן אַ הילכיקע. אַז סע טוט עפּעס אַ טראַסק איבערן שטיין אין איין עק שטאָט, דערהערט מען עס תיכף אינעם צווייטן עק און מען דערקענט גלייך ווער ס׳איז. איז עס דעם באַלעגאָלעס פור, דערקענט מען. איז עס אַ יידיש פערד־און־וועגעלע, וואָס פאָרט פון דאָרף — הערט מען, און אויב אַ פויערשע פור מיט סנאָפּעס, אָדער אַ פאַרשפּעטיקטער יאַרידניק, פילט זיך עס אויך. און איצטער, איצטער איז קלאָר, אַז סע פאָרט וואָיסק, חייל פאָרט, מען וואָלט נאָר דאַרפן וויסן וועמענס?

פּאַמעלעך הייבן אָן אונטערקנאַקן די ציין אין מויל. מיר דערפילן גלייך, אַז ביז עפּעס וואָס דאַרף מען זיך אָפּרוקן יעדערער אהיים צו זיך. די עלטערע מענטשן, וואָס גייען מיט דער לוויה זענען זיך איינס און מיר, יונגעלייט, זענען עפּעס אַנדערש.

מיר האָבן אָפּגעפירט שיינדלען, איבערגעלאָזט משהן לעם זיין שטוב און אין צווייען, איך מיט פריידקען, זענען מיר דורכגעגאַנגען איבער דער שלעפּערדיקער גאַס פאַרביי ראַדיאַנס הויף מיטן סעדל, ווו די אַקאַ־ציעס האָבן געשמעקט דווקא מיט דער זעלבער זיסקייט, וואָס כסדר, נאָר דאַך האָבן זיי אונדז ווי צוגעוווּנקען:

— גייט אייך, גייט אייך אהיים. אין דער היים איז רויִקער און ווער ס׳איז אַריין אין שטאָט, וועט איר שוין מאָרגן וויסן.

פאַרשוויצטע, פאַרסאָפּעטע און מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר

זיך פֿאַרקליבן אַהיים, ווי די גנבים, און זיך פֿאַרגנבעט יעדערער צו זיין געלעגער. אדרבא, הלוואי זאָל מען אַנטשלאָפֿן ווערן און די נאַכט זאָל דורכגיין ווי סע געהער צו זיין. חנהקען דאַרטן, אין דער פֿרישער און קילער דירה, איז שוין אפֿשר אַלץ איינס, כאָטש ווען איך פֿאַרמאַך די אויגן, דוכט זיך מיר, אַז חנהקע איז ניט אין קיין נאַסן קבר, נאָר אין אַ ליכטיקן שמאָלן צימערל. איר וועלטל איז אַרומגעשטעלט מיט גע־שמאַק: אַ ריין טישטעכל, אַן אָפֿן בוך און קווייטן אויפֿן פֿענצטער. דאָס מוז דאָך ביי איר זיין. דערצו נאָך מיידלשע ריינע און שיינע געדאַנקען, וואָס ביי זייער גאַנצער לופֿטיקייט און דורכזיכטיקייט, האָבן זיי דאָך אַ פֿאָרם. זיי זענען שיין און שלאַנק. איך, ביי דער קלענסטער אָנשטרענ־גונג, קען זיי זען... איצט וואָלט געווען גוט דער שלאָף זאָל זיך ניט לאָזן לאַנג בעטן, ער זאָל קומען. און די וואָס זענען אין שטאָט, אויב זיי האָבן זיך נאָר דאָ אָפּגעשטעלט, אוי, וואָלט געווען גוט, ווען דאָס זענען די, וואָס מיר דאַרפֿן!

און אפֿשר זענען זיי נאָר דורכגעפֿאָרן דורכן שטעטל. די רעדער האָבן דאָך געטראַסקעט לאַנג איבערן ברוק און די פֿערדישע פֿאָדקאָוועס האָבן לאַנג געצאַקעט זיך אין ערגעץ ניט אָפּשטעלנדיק. אויב אַזוי ליגט דער וועג זייערער דורך דער דאָליִנע פֿאַרביי דעם הייליקן אָרט, ווו חנהקע מיט בוזיען געפֿינען זיך... ווי מאָדנע די דאָזיקע מיידלעך האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון אונדז. זיי זענען אי נאָענט, אי ווייט.

אָט־אָ שפּאַציר איך איבערן בית־החיים, אָט־אָ האַלט איך מיט דער האַנט דעם אָנגעוואָרעמטן האָלץ פֿון בוזיעס שטיבל. איך שפּיל זיך מיטן ביימעלע, די צווייגלעך זענען באַשפּרינקלט מיט קלייענדלעך, די בלעט־לעך גרין און שפּיציק. (דאָס וועט אויך זיין אַ בערעזע, אַז סע וועט אויסוואַקסן). און דאָס שטיבל איז נאָענט מיט בוזיען, און דאָס ביימעלע איז נאָענט מיט בוזיען, איך בין נאָענט מיט זיי און בוזיע איז ווייט פֿון מיר!

קען זיין, אַז איך שלאָף, קען זיין, אַז איך בין ערשט איינגעשלאָפֿן, נאָר אין דרויסן איז שוין גרויסער טאָג און דער טאַטע מיט יעקב־בערן רעדן עפּעס הויך אינעם צווייטן צימער. זיי גייען אין איינעם אין אָרטעל אַריין און יעקב־בער דערציילט מיט פֿלייס (ווי ער האָט עס ליב פֿון כסדר), אַז די באַלשעוויקעס זענען מאַלאַדצעס. זיי זענען ביי נאַכט דורכ־געפֿאָרן דורך דער שטאָט. איצט שטייען זיי שוין צוריק אין בעהון און גייען אויף טוראָוו.

אין שלאָף האָב איך געוווסט, אַז אין דרויסן איז זומער, אין שלאָף האָב איך געוווסט, אַז מיטן זומער מעג מען זיך פֿרייען און ער מעג

אונדז וויל איינגיין: ביי נאַכט זענען דורך דער שטאָט דורכגעפאָרן באָלשעוויקעס. זיי שטייען שוין אין בעהון. זיי גייען אויף טוראָוו.

## משנה מקום

דער ווינטער האַלט שוין ביים סוף. נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך און מען וועט שוין מעגן פירן דעם הנאַי אויף די פעלדער.

מיינע שטובלייט זענען איינגעגאַנגען דערויף, אַז איך זאָל זיך דינגען ביי אַנשלען דעם שוחט די צווייטע האַלבע שטוב, וואָס באַשטייט פון צוויי צימערן מיט אַ קיך, מיט אַ הויף, מיט אַ האַלבער שטאַל. ווער דאַרף דען אַזאַ גרויסע דירה? נאָר אַז מען בעט פאַר איר ניט מער ווי פאַר אַ קליינער, דאַרף מען מיט זיי מושווה ווערן. בפרט, אַז פאַר אַן אַדערויף איז דאָ געגוג אַ וואָרט. אמת, פאַר אַ וואָרט איז מען פאַראַנטוואָרטלעך, נאָר דאָך איז גוט אויב ס'גייט אָן, בשעת אין קעשענע איז אויסערן קעמעלע און אויסער די פאַרשריבענע פאַפּירלעך גאָרניט ניטאָ. אויף פאַליעס רייד, צי דאַרף זי עס טאָן, צי דאַרף זי זיך רירן פון אָרט, האָב איך געהאַט איין ענטפער, אמת זייער אַ פריקרען:

— האָסט עפּעס בעסערס?

מילקע איז אומגעגאַנגען אַן אומעטיקע און זיך די גאַנצע צייט גע־בלאָזן, כאָטש דאָס האָט ניט געשטערט זי מאַכן לאַכנדיק, ווען איך האָב מעשה האָן, זיך אַ שאָר געטאָן פאַרביי איר און אַ שאַרפע געטאָן בעת מעשה מיטן פליגל.

— פאַליע, נעם אים צו פון דאַנען! — האָט זי געשריגן אין צווייטן צימער אַריין, נאָר ווי אַלע מאָל האָט דאָס געשריי ניט געקענט אויס־באַהאַלטן די הנאה, וואָס אַ קינד האָט, ווען אַן עלטערער ברוטשקעט זיך מיט דעם.

פאַליע האָט אויך ניט אַלע מאָל געקענט אויסבאַהאַלטן ווי ס'קוועלן זי אַזעלכע שפּילן, אַ מאָל האָט זי עפּעס געזאָגט וועגן דעם און אַ מאָל האָט זי מיט אַ זייטיקן שמועס זיך אָפּגעווענדט פון דעם.

— אייזיקל, זיץ, וועלן מיר זיך האַלטן אַן עצה. אוי, אייזיקל, דו ביסט דאָך שוין אַזאַ איבערגעוואַקסענער, ביי דיין בלייבעניש, און דאָס האַרץ איז דיר נאָך אַלץ לעם אַלערליי שפּילעכלעך. — מיינען מיינט זי דעם טונקעלן אַלקער מיט די צעוואָרפענע בעטן, ווו מילקע זיצט לעם אַ צעעפנט ביכל און וויל אין אים ניט אַריינקוקן. זי וויל בעסער וויינען, וואָס די לעצטע פאָרן שוין אויך אַוועק, און זי, וואָס איז נאָך קיין פולע

אַכצן יאָר ניט אַלט, וועט בלייבן ווי אַ סאָווע אין אַט די ליידיקע הייזער. אוודאי אַזוי, קיין סלאָוועשנע וועט זי פאָרן? נאָך וואָס וועט זי אַהין פאָרן?

און אַן עצה וויל זיך מיט מיר פאַליע האַלטן וועגן אַזאַ מין זאַך: מען וועט דאַרפן דינגען אַ פור אויף מיטנעמען די פּאָר אייזערנע בעטלעך. (דאָס איז פאַליע גראַדע גערעכט. מיר וועלן בעסער שלאָפן אין אונדזערע קרומע פּראָסטע בעטלעך, איידער אין מיינע פריערדיקע, די דעמבענע און געוועקסלטע), מען דאַרף נעמען דאָס בעטגעוואַנט, אַ ביסל געפעס און מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר פור־געלט איז ניטאָ. און מיט וואָס צו פאַרפאָרן אַהין איז אויך ניטאָ. און איך קען אַלץ ניט כאַפּן אויף וואָס פאַר אַ ירושה־זילבער וויל איצט פאַליע הייבן אַ האַנט און אָנרירן די אומבאַרירטע פאַמיליע־הייליקייטן.

מיר האָבן אַזוי לאַנג זיך געשפּילט אין שווייגעניש און ניט־דערזאָגטקייטן, ביז פאַליע האָט ענדלעך זיך איינגעשטעלט און אָנגעהויבן ווייטער פון די דאָפּל־פענצטער, אַז מען דאַרף ניט קוקן אויף גאָרניט, אַרויסנעמען די שויבן פון די דאָזיקע ראָמען און... זיך צעצאָלן פאַר דער פור, ווי אויך עפּעס פאַרפירן אַהין, צו דער נייער היים. אַ טייל וועט מען אויסבייטן אויף קאָרן, וועט דערווייל זיין ברויט.

מיר האָבן פריער אָנגעמיטן וועגן דעם אַרטשען דעם גלעזער. אין סלאָוועשנע פלעג איך אים שטענדיק זען מיט אַ בייטש, מיט אַ פערד און וועגעלע, מיט אַ פּאַטשיילע קיט און מיט אַ קאַסטן גלאָז. דאָ זע איך אים אַ מאָל אַ שבתדיקן, אַ פּראָסטן, אַ מענטשן, וואָס האָט אַ שטוב מיט אַ ווייב און עסט פון זיינע אייגענע געגלאָזטע שיסלען מילכיקן קוליש. סע גאָר אַן אַנדער אַרטשע. קען זיין, אַז אויך מיך זעט ער אַנדערש, ווי ער האָט מיך געזען אין סלאָוועשנע.

אַז איך האָב אים אָנגעמיטן וועגן דעם גלאָז פון די פּאַדוואָינע פענצטער, האָט ער מיך לאַנג און האַלב פאַרשלאָפן באַטראַכט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן, אַז סע וועט אונדז ניט לוינען פאַרקויפן אים דאָס גלאָז. וועדליק מיר זענען אָרעמע קינדער, דאַרפן מיר דאָס גלאָז אַליין אַרויסנעמען פון די פענצטער און עס פאַרקויפן די פויערים. אויסבייטן אויף קאָרן און קאָרן איז היינט געלט.

און ס'איז געבליבן, אַז איך אַליין מיט מיין עלטער־כבוד פאַרקאַטשע די אַרבל און שטעל זיך אוועק האַקן די ראָמען און אויסשיילן פון זיי די שויבן. פונקט פאַרקערט פון דעם וואָס כ'פלעג תמיד זען ווי אַזוי ראַמען ווערן באַהעפט און צונויפגעפורעמט און ווי אַזוי מען שניידט צו זיי צו טאַפּליעס מיט אַ דימענט און מען גלאָזט און מען

קיטעוועט. אַך, סאַראַ פרייד ס׳איז בייזיין ביי אַ חנוכת הבית, ווו די וועגט זענען נאָך ניט קיין געווייסטע, די ראַמען — נייע, די פרישע אָנ־געגלאָזטע שויבן, נאָך אין אנדערע ערטער ניט פאַרשמירט מיט קיין קיט. דער נייער אויוון באַקט חלות, קיכלעך און שטרודלען און די יונגע באַלעבאָסטע, כאָטש זי פילט שוין ניט די פיס אונטער זיך פון מידקייט, ווערט זי דאָך אָנגעקוואָלן פאַר נחת. אַזוי טוען מענטשן וואָס בויען.

וואָס טו איך? וווהין שטופּט מיך דער גוטער יאָר? נעמען גאַנצע שטאַרקע ראַמען, וואָס ניט איך האָב זיי געבויט, ניט איך האָב זיי גע־מאָסטן און באַשטעלט, צעהאַקן, צעברעכן און אַרויסנעמען פון זיי די טאַפּליעס, וואָס איז? מיר וועלן פאַר זיי אָפּעסן אַ פּאָר וועטשערעס, אָפּלעבן אַ פּאָר וואָכן צייט.

איך שטיי אינעם גרויסן פּוסטן זאַל מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, מיט צווענגלעך, מיט אַ האַמער און מיט אַ דאָלאָטקע און באַווייז, אַז איך קען אויך עפּעס טאָן. אָבער די פאַרשאָלטענע פענצטער האָבן אַ נאַטור, אַז זיי הילכן און בשעת זיי צעהילכן זיך, ווייזט זיך מיר אויס, אַז מען וועט זיך באַלד צונויפלויפן פון דער גאַנצער שטאָט און מענטשן, די וואָס קענען און זענען צו דעם באַרופן, וועלן מיר אָנהייבן וואַרפן פעטש.

— דו, שמענדריק בן געץ! נאָך דעם ביסטו אַראָפּגעקומען אַהער אַזש פון סלאָוועשנע? קיין שענערע אַרבעט האָסטו שוין ניט געקענט צוטראַכטן?

נאָר איך האָב כלומרשט אַ פאַרענטפערונג. איך טו עס ניט פאַר זיך, איך טו עס ווייל פּאַליע האָט מיר אַזעלכעס אויפגעגעבן.

— דו האָרעוועסט? — האָב איך פּלוצעם דערהערט אַ קול לעם זיך. מיר האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעדאַכט, אַז ס׳איז וואַווע, פּאַליעס ברודער, וואָס מיר האָבן געזען ניט לאַנג אין קראָסנע און ס׳האָט זיך מיר, דעם אמת געזאָגט, אָפּגעריסן אין האַרצן. גוט, וואָס ס׳איז געווען ניט ער. ס׳איז געווען רייזל אלקנהס. נאָר מיט איר איז מיר אויך ניט בעסער. אויף וואָס האָט עס פּאַליע זי אַריינגעלאָזט?

— אייער טאַטע וואָלט עס געמאַכט בעסער, — האָב איך זיך אָנ־גערופן.

איר טאַטע איז אַ סטאָליער, און ווען ער דאַרף עס טאָן, וואָלט עס ביי אים אַזוי פיל ניט געדעשט. איך וויל ניט ס׳זאָל רעשן. איך דאַרף עס ניט. אָן־אַ, אינעם דריטן צימערן פון דאַנען זיצט מילקע. זאָגן, אַז איך האָב זי ליב איז ווינציק. זי איז מיר מיט אַלע אירע ווילדע און קינדערשע געננ איינגעבאַקן אין האַרצן. זיצט זי איצטער אַ פאַרשפּאַרטע

ביי זיך אין אַלקערל, זי לאָזט אַהין קיינעם ניט אַריין, און יעדער קנאַק, וואָס איך טו דאָ אין די ראַמען, טוט איר אַ ריס אין מוח. איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט פון דעם, זי איז געזעסן און געקלערט צו זיך אַליין:

— אַ נייער סאָרט באַנדיט!

טאָ וואָס זשע פּאַר אַ קללה האָט זיך עס אויף מיר אָנגעזעצט, וואָס איך בין פאַרקראַכן און קען ניט אַרויס. מען וואָלט דאַרפן גאַנץ מאַכן די צעהרגעטע ראַמען, אָדער גיכער צעברעכן די געבליבענע. און דאָס טוט זיך ניט אַזוי גיך, ווי ס׳קען זיך דאַכטן. יעדע טאָפּליע מוז מען אַרויסנעמען באַזונדער און דער קיט איז שטאַרק ווי אייזן.

נאָר דווקא רייזל אלקנהס האָט מיר געמאַכט גרינגער דאָס האַרץ. זי איז געשטאַנען אַ ביסל ווי אַ גוטע שכנה, וואָס כאַפּט זיך אַריין אויף אַ רגע אַ פּלאַפּל טאָן.

— איך בין אייך מקנא, — זאָגט זי, — קינדערלעך, וואָס איר פאָרט אַוועק פון דאַנען. זאָל זיין ווי ס׳ניט איז, אַבי ניט דאָ!

---

אייגנטלעך זענען מיר פון סענדעריווקע ניט אַוועקגעפאָרן, מיר האָבן זיך אַרויסגעגנבעט. מיר האָבן טאַקע מיטן פויער אַזוי אָפּגערעדט. פאַר־נאַכטלעך, אַז סע וועט ווערן טונקל, זאָל ער קומען מיט דער פור. אין הויף האָבן מיר אויפן וואָגן אָנגעפּאַקט דאָס ביסל אָרעמקייט, און אַז ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, האָט מען געעפנט דעם טויער און מען איז אַרויס־געפאָרן. איך מיט פאַליען זענען אַרויסגעגאַנגען פריער הינטערן שטאָט, אַז ער וועט אָנפאָרן צו אונדז, וועלן מיר זיך זעצן אויפן פאַרפּאַקעוועטן שליטן.

מיטן פויער, וואָס האָט אונדז געפירט, האָב איך אויפן וועג ניט גערעדט. טאָמער האָט ער זיך אָפּגערופן, האָב איך כמעט ווי ניט געענט־פערט. צווישן אַלע קללות, וואָס זענען דאָ אויף דער וועלט, זאָל איצט צוגערעכנט ווערן נאָך איינע — פאַרפרעמדקייט.

וויפל אַן ערך דאַרף מען פאָרן צו אונדז פון סענדעריווקע? דריי אָדער פיר שעה. ווינטער, דער אָוונט איז אַ גרויסער, וועלן מיר צען אַ זייגער זיין אין דער נייער היים.

מיט מילקען וועט דערווייל געכטיקן רייזלס קלענערע שוועסטער — ראַכציע.

וויפל מילקע האָט געוויינט אין קיך, וויפל לעם וואָגן בשעת מיר האָבן זיך געדאַרפט געזעגענען, וועגן דעם איז ניט שייך צו דערציילן,

ווייל די דאָזיקע חברה וויינען ניט דענסטמאָל, ווען עמעצער זעט. אָט איז פֿאַליע אויך אַלע רגע אומגעלאָפֿן אין דער פֿינצטערער און ליידיקער קאַמער אין זייערער, פּונקט ווי זי וואָלט דאָרטן עפּעס האָבן פֿאַרגעסן. אין דער אמתן האָט זי זיך דאָרטן נאָר אַלע מאָל באַוואָשן מיט טרערן.

ס'זענען מסתמא דאָ אויף דער וועלט צרות גרעסערע און ווילדערע ווי די, וואָס איך זע פֿאַר זיך, נאָר זיי זענען ניט פֿאַר מיינע אויגן, איך בין ניט קיין נאָענטער עדות... אָבער דאָ... וואָס האָב איך נאָר וואָס געזאָגט? אַן עדות? צי דען בין איך ניט מער ווי אַן עדות, ווי אַ מענטש פֿון דער זייט און ניט פֿון איין שטיק מיט די דאָזיקע צוויי קינדער, צו וועמענס ליידן איך האָב געוואָלט ברענגען לינדערונג?...

אויפֿן שליטן איז געווען גראַם צו קלערן, נאָר ענג צו זיצן. פֿאַליע זיצט אין איר שינעלענעם מאַנטל, און איך אין מיין מאָגערן בגד. ציט מען אַן די פֿאַלע אויף איין קני, דעקט זיך אָפּ די צווייטע. אויב אַזאַ פֿאָרן, איז שוין אוודאי גלייכער גיין, ווי איך טו עס די לעצטע צייט כסדר. נאָר סע שוין ביי נאַכט, ס'איז פֿינצטער, דער שניי איז קויטיק און זאַמ־דיק, קיין לבנה איז ניטאָ. דער דרויסן איז אַזוי ווי אויפֿן האַרצן. און אַז מען האָט זיך שוין אָנידערגעזעצט — זיצט מען.

טייערע פֿאַליע, ערגעץ האָבן זיך פֿון דער טיף געריסן צו איר ניט קיין אַרויסגעזאָגטע ווערטער. — טייערע פֿאַליע! מיר פֿאָרן צו אַ נייעם לעבן. דאָס גאַנצע לאַנד אונדזערס, אַלע מענטשן באַנייען זיך. מיט וואָס זשע זענען מיר ערגער פֿון לייטן? צי דען זענען מיר שטיפֿקינדער ביי דער ראַטנמאַכט אָדער אָנגעוואָרפֿענע? ניין! מיר זענען מיט קיין זאַך ניט פֿאַרפֿלעקט פֿון אונדזער געבוירן אַן און ביז איצטיקן טאָג. מיר דאַרפֿן נאָר פֿונאַנדערבינדן די הענט און דעם ווילן, צעשאַרן זיך די מוחות און זיך איינפּאַקן אין דער קאַרעטע צוזאַמען מיט אַלע יונגע, מיט אַלע גוטע כוחות פֿון אונדזער לאַנד און טאָן איין אַרבעט, לעבן מיט איין לעבן. אויב ס'בלייבט אַ ווונד, וואָס מען דאַרף זי אויסהיילן, איז דאָס, וואָס מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער מדרגה פֿון קבצנים, פֿון קעסט־קינדער, פֿון וועלן קומען אויף אַלעם גרייטן. דער חשבון אונדזערער איז זייער ניט קיין געזונטער, ניט קיין ריכטיקער.

אָט דאָס האָט זיך מיר געוואָלט טענהן צו פֿאַליען און צו זיך אַליין. נאָר איך האָב געשוויגן. איך האָב געזען אַז זי שווייגט. כאָטש זי איז אַלע מאָל פֿיל באַרעדעוודיקער פֿון מיר. און צום פֿורמאַן האָבן מיר זיך אויך ניט אָפּגערופֿן מיט קיין איין וואָרט, כאָטש מיר האָבן שוין געזען אַז מיר בלאָנדזשען. ווערליק מיר פֿאָרן פֿון ווייסעך ווען, ווערליק סע

האָבן זיך שוין אויסגעלייטערט איינציקע שטערן אין הימל, האָבן מיר שוין לאַנג באַדאַרפט אויסמײַדן סטאַרבעני. ביי אַ בעסערן וועג האָט מען געקענט זיין ביז איצט אין סלאָוועשנע, נאָר סע הייבט זיך אפילו ניט אָן. ווו האָט ער עס אַפּגעקערעוועט און ווו האָט ער אָנגעהויבן בלאָנ־דזשען, איז גאָר שווער צו טרעפן. דער וועג איז, דוכט זיך, אומעטום אַזאַ גלייכער.

צי דען איז מיין לעבן ניט געגליכן צו אונדזער איצטיקער נסיעה? ס'זענען דאָ פּערד, ס'איז דאָ אַ וועג, ס'איז דאָ אַ פּונקט וווהין מיר פאָרן, נאָר דאָך דרייען מיר זיך ערגעץ אויף איין אָרט און מיר פרירן, ווי די הינטלעך. און דאָס ערגסטע, דאָס ערגסטע איז, וואָס מיר זעען ניט קיין אויסוועג. אָט האָבן מיר גאָר אָנגעטראָפן צו אַ וואַלד, וואָס ניט פון דער זייט סטאַרבעני, ניט פון יענער זייט האָבן מיר קיין וואַלד ניט באַדאַרפט האָבן. זומער איז אַ וואַלד גוט. זומער זינגען דאָ פייגעלעך און מען וואָלט זיך גאָר געקענט צושטעלן נעכטיקן, אויסשפּאַנען און פּאַשען די פערד. אָבער איצט איז נאָך ווייט צום זומער. פּאַליע האָט מיך געבעטן, איך זאָל איר אַרומבינדן דעם קאָפּ מיט אַ פּאַטשיילע, מיט אַ האַנטעך, צי מיט וואָס ניט איז, און דערנאָך האָבן מיר זיך אַראָפּגע־שלעפּט פונעם שליטן און געהרוזנעט אין קראָכקן זאַמדיקן שניי. די ערשטע צייט האָט זי זיך קוים געהאַלטן אויף די צעפראָרענע פיס, דערנאָך האָבן מיר זיך אַ ביסל צעגאַנגען.

דער פויער האָט, דוכט מיר, געזאָגט, אַז מיר זענען אין פריביטקער וואַלד. צו אַלדע צרות גלוסט זיך נאָך עסן אויך. ווען מיר האָבן עפּעס אויבן אויף. מעג זיין אַפילו אַ קאַלט שטיקל ברויט אַ פאַרפרוירנס.

ס'איז אַוודאי געווען האַלב צוועלף דער זייגער, ווען מיר האָבן זיך צוגעשלאָגן צו אַ אומבאַקאַנטן דאָרף, וואָס שטייט וואָסערע 8 ווערסט פון סענדעריווקע און וואָסערע 16 ווערסט פון סלאָוועשנע. און דער וועג איז באַזייט־אויס פונעם טראַקט. דער פויער האָט אָנגעהאַדעוועט אַ ביסל די פערד און איז, ווייזט אויס, מסכים געווען פאָרן ווייטער.

שפּעטער האָט פּאַליע אין אַ בריוו צו מילקען פאַרצייכנט, אַז ווי זי האָט זיך געעקט מיטן לעבן אין דער פינצטערער פאַרבלאָנדזשעטער נאַכט, האָט זי דאָך בעסער געוואָלט, אַז סע זאָל זיך ציען די נאַכט און דער פרעמדער דרויסן, אַבי מען זאָל זיך ניט אָפּשטעלן און ניט קומען אַהין, וווהין דאָס האַרץ האָט זי ניט געצויגן. קען זיין, אַז זי איז געווען ניט אומגערעכט. נאָר דאָך האָט זי זייער שלעכט אויסגעזען אין מיטן דער צאָרנדיקער נאַכט: עפּעס ווי אַ באַיאָרטע דאָרפספרוי מיט

אַ פאַרבונדענעם שטערן און מיט קלאַפּנדיקע ציין אין מויל.

די מידע פערדלעך האָבן זיך קוים געשלעפּט און מסתמא אויך גע־שאָלטן מיין פּאַליעס טייערן מזל, וואָס אפילו ביי אַזאַ גלייכן וועג, ווי פון סענדעריוויקע דורך סטאַרבעני, האָט מען אויך באַדאַרפט בלאָנדזשען און אויסגעריסן ווערן. ניין! ווען זיי פירן עמעצן אַנדערש, ניט אונדזער קעסטל מיט די אויסגעשטעלטע טאָפּליעס, ניט אַזעלכע צוויי בריהס ווי מיר זענען, איז גאָר קיין מעגלעכע זאַך ניט געווען, אַז מען זאָל אויף אַזאַ גלייכן וועג בלאָנדזשען.

## שטוביקייט

אַשר מיט שואלן, בוזיעס ביידע ברידער, זענען צו יענער צייט אויך איבערגעפאָרן אין שטעטל און זענען געווען ביי אונדז. וועמען האָבן זיי דען נאָך?

רחלע, אַז זי פלעגט זיך אומקערן פּאָר נאַכט פון קינדערהיים, פלעגט זי גלייך פאַרלויפן צו אונדז. פּאַליע האָט אַזוי ליב באַקומען די חברה, אַז דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויס געווינס.

מילקע האָט זיך אין סענדעריוויקע לאַנג ניט געהאַלטן און איז אַריי־בערגעפאָרן צו אונדז. ווי אַזוי זי האָט זיך אויף דעם באַשלאָסן, וויפל עקשנות האָט זי באַדאַרפט בייקומען, וועגן דעם ווייסט נאָר זי אַליין און איר טאָגביכל...

פריידקע וואָס האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן אויף זיך דעם טאַטנס עצות, אַז אַ מיידל קיין עין־הרע אין די יאָרן דאַרף חתונה האָבן, אַז ער דאַרף ניט קיין מיידלשע פּרנסות מיט קיין קינדערהייזער, איז אויך איבערגעגאַנגען צו אונדז.

אויב נאָר ניט פאַרגעסן אין דער שוואַרצער בהמה, וואָס האָט פּאָר אונדז איטלעכן מיט גרויס פלייס געטאָסקעט פולע אייטער מילך פון דער פּאַשע, וועט דאָס בילד פון אונדזער קאָלאָניע זיין אין גאַנצן פול. נאָר דאָך זענען די צוויי צימערן מיט דער קיך, וואָס מיר האָבן פאַרנומען געווען אַזוי גרויס און גערוים, אַז וועגן ענגשאַפט איז ניט געווען שייך צו רעדן.

ווען איך פלעג קומען פון האַרבאַרגיע עסן וואַרמעס, פלעג איך מערסטנס מער קיינעם ניט טרעפן אין דער היים ווי נאָר איין פּאַליען און דערום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זען ווי פאַרקלערט זי איז.

זי איז מיר געווען טייער און נאָענט ווי אַ חבר, ווי אַ וויכטיקער

מיטגליד פון אונדזער גרויסער יונגער פאַמיליע. נאָר איך האָב זי ניט געקענט פאַר קיין ווייב, פאַר קיין געליבטער אָדער פאַר דער שטובס מאַמע. די שטאָט, ווו מיר האָבן איצט געוווינט, האָט מיך שוין געזען מיט אַ ווייב און מיין ווייב האָבן דאָך אַלע געוווּסט הייסט בוזיע. אַלע שטעטלדיקע איינוווינער זענען דאָך היגע, סלאָוועשנער, און איך מיט בוזיען זענען דאָך אויך סלאָוועשנער. אַ מאָדנע זאַך, איך בין איין מאָל אין מיין צעטראָגנקייט אַזוי ווייט אַוועק, אַז ווען די שכנה אונדזערע פון אַנטקעגן —ביילע דעם גאָספּאָדאָרס, האָט צו מיר היימישלעך אָראָפּגעשריגן פון איר הילצערנעם גאַניק: — אייזיק, גיי נאָר, דיין ווייב זוכט דיך אַ גאַנצן פרימאָרגן! — האָב איך אַ גאַנצע מינוט דורך אנאַנד ניט פאַרשטאַנען וואָס זי זאָגט. ווי אַזוי קען מיין ווייב מיך זוכן, אַז זי איז געשטאָרבן ?! זי געפינט זיך דאָך ווי אַלע מאָל, אָן־אַ אין דאָלינע אויפן פעלד אונטערן בערגל! און דער אַדרעס אירער איז פאַר מיר געווען באמת צו שטאַרק איינגעחזרט.

פאַרטאָן אין דער אַרבעט, בעסער געזאָגט — צוויי אַרבעטן, אין אַרטעל און אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין (צוריק זיך אַריינגעצויגן אין אַלץ מיט אַנאַנדער), דערצו אין דער פריילעכקייט פון דער שטוב מיט עסערס קיין עין־הרע און דערצו גאָלע יונגע, גאָלע ליבע, האָב איך אפילו ניט באַוויזן קלערן, אַז עמעצן פון אונדז איז דאָ ניט אין גאַנצן גוט. אַז עמעצן פון אונדז (אַז מען וויל איז עס פּאַליע אַליין) פּעלט פּשוט אויס לופט צום עטעמען, אַז זי גייט אויס ווי אַ ליכט און זי האָט זיך אויסגעלערנט ביי יעדער געלעגנהייט שלינגען די טרערן אַזוי קונציק, אַז קיין זייטיקער זאָל עס אפילו ניט באַמערקן.

ווען האָט זי מיט מיר געקענט אַ וואָרט אויסרעדן? — בשעת איך בין געקומען אַרום איינס אַ זייגער נאָך האַלבן טאָג צעוואַשן די האַר־באַרסקע הענט און אויפגעגעסן אַ ביסל הייס געקעכץ? אין דרויסן איז זוניק־ליכטיק און אין שטוב אויך. דאָס זעלבע אפילו ביים טיש, ביי די זאַטע מילכיקע מאכלים האָט זיך געפילט דער זומער און ווער ווער מיר גלייבן, אַז איך וועל אויסזאָגן, אַז עס איז מיר גוט. איך בין צוריק אָפּגעפרישט, מיינע הענט טוען אַלע טאָג אַ געוווינטע אַרבעט ביז צום מיד ווערן. סע ווערן געשמאַק מיד ניט נאָר די הענט, נאָר אויך די אַקסלען, דער בויך (אויב איך שפּאַר זיך אָן אין דעם קלאָץ מיט יוכטן) אויך די פּלייצעס, די פיס און אפילו דאָס האַרץ. אָבער דאָס איז אַלע מאָל אַ געזעצלעכע מידקייט, וואָס דאַרף נאָך דער ערשטער שעה אָפּרו דורכגיין. און זעקס אַ זייגער פאַר נאַכט בין איך שוין אין פאַראיין,

וואָס פֿאַרנעמט פּיטל דעם שניטקרעמערס איינשטאָקיקע דירה. דעם גאָרטן, וואָס ביי דער שטוב, נוצן זיי נאָך אַליין. און איך זע ווי פּיטל טראָגט פֿאַר נאַכט קרייטעכץ פֿון די בייטן פֿאַר זיין בהמה וועגן. אַז ער דערזעט מיך קוקט ער אויף מיר און שיער וואָס ער רעדט עס ניט אַרויס: איר וועט נאָך לאַנג זיצן ביי מיר אין שטוב? אָבער איך קוק אויף אים צוריק און שיער וואָס איך טו אים ניט אַ זאָג: איר וועט נאָך לאַנג באַלעבאַטע־ווען דאָ אין גאָרטן? ס׳פֿאַר אייך קאָרג איין שטוב מיט איין גאָרטן, מען וואָלט באַדאַרפֿט דעם צווייטן גאָרטן איבערגעבן דער שול, וואָס געפֿינט זיך דאָ בשכנות. אַ שול מיט קינדער דאַרף האָבן אַן אייגענעם גאָרטן לעבן זיך.

אַשר אַרבעט אויך אין פֿאַראיין אויף אַ געצאָלטער שטעלע, ער איז אַ סעקרעטאַר. שואל אַרבעט אין פֿאַטשט. פֿריידקע, ווי כּסדר, אין קינדער־היים. מילקע פֿאַרט, דוכט זיך, טאָקע אַוועק זיך לערנען. דערווייל העלפֿט זי, ווי זי קען, פֿאַליען אין שטוב, און האָט זיך צוגעזוכט אין שטעטל ביי אונדז אַ פּאָר שטילע חברטעס, ווי זי אַליין איז. און ס׳איז אַלץ עפּעס פֿיין, אומגעריכט ניי און פֿריילעכער אָן אַן ערך.

---

שבת, וואָס איז נאָך אַלץ אין די אַרטעלן דער אַרויסגאַנג־טאָג, קומען צו אונדז צו גיין יינגלעך, מיידלעך, יונגעלייט. פֿריי בין איך דעם טאָג אין אַרטעל און ניט אין פֿאַראיין. דאָס הייסט, אַז אַשר אַרבעט טאָקע דעם טאָג און איך, אַ ביסל אַרבעט איך און אַ ביסל באַלעווע איך זיך. אין אַזאַ טאָג האָב איך אפֿילו צייט אַריינגיין און אַ קוק טאָן וואָס טוט די מאַמע, וואָס טוען די קלענערע קינדער. די מאַמע נעמט מיך אויף אי צופֿרידן אי ניט אין גאַנצן היימלעך. וואָרעם שבת אין דער פֿרי... אין דער צייט... פּאַסט מערער פֿאַר אַ מאַנסביל צו זיין אין קלויז צוזאַמען מיט אַלע חתונה־געהאַטע יידן און יונגעלייט. דער טאַטע איז אפֿשר גאָר ניט אַזוי אומגערעכט, אויב ער איז ברוגז. לויט דעם אָנצוהערעניש קומט אויס, אַז די מאַמע וואָלט אויך ניט געווען אומגערעכט, ווען זי איז ברוגז, נאָר דאָ איז פֿאַראַן אַ קליינינקע מניעה — זי איז אַ מאַמע.

זי פֿרעגט זיך אויף פֿאַליען. פֿאַר וואָס גייט פֿאַליע ווייניק אַריין צו זיי.

— זי קער ניט וועלן ליידן, וואָס דער טאַטע איז אויף דיר ברוגז?...

דערנאָך דערפֿרעגט זי זיך אויף פֿאַליען, צי איז זי אַ באַלעבאַסטע און צי איז זי אין דער היים אויך אַזאַ שוויגערין.

יענע, זאָל זיין דער צו לענגערע יאָר, איז געווען פריילעכער, באַ־רעדעוודיקער.

די מאַמע איז ניט אויסן געווען מיר דערמאָנען, חלילה, עפּעס ווייטאָק־דיקס, נאָר איך ווער דערוויל רויט. זי און דער טאַטע זענען שוין אַלט צו די זעקס, צו זיבן און פערציק יאָר, גלייכט מען זיך אַ מאָל מער, אַ מאָל ווינציקער, נאָר מען עלטערט זיך אין איינעם. און ביים איצ־טיקן דור, איצטיקער דור איז עפּעס אַ קוואַלער דור.

ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך זיך אויף עפּעס געקלאָגט לעם דער מאַמעס אַקסל. כ׳וואָלט זיך צערעדט ווי אַ ווייבל. ס׳איז מיר אָבידנע אויף אַ סך זאַכן, וואָס איך האָב שוין לאַנג געפּועלט ביי זיך, אַז ס׳איז פאַרפאַלן. צוריק נעמט מען ניט. פון אַזעלכע און ענלעכע זאַכן וואָלט זיך ווען רעדן מיט אַ מאַמע, ווען מען איז זאַלבענאַנד מיט איר, אָבער ווי אויף צו להכעיס צערעד איך זיך פון די סאַמע וואָכעדיקסטע זאַכן. אַז מען דאַרף, די מאַמע זאָל געבן אויף פריידקעס חלק אַ פאַסיע רימען, אַ פּאָר פּוד קאָרן. ביי מיר איז קיין עין־הרע אַזוי אויך אַ שטוב מיט עסערס.

די מאַמע ווערט מיר ניט, איך זאָל אפילו נעמען צוויי פאַסיעס לעדער, זי ווערט מיר אויך ניט, אַז איך זאָל זיך אָנשיטן די אַנדערהאַל־בן פּוד קאָרן פון דיישקעלע, וואָס שטייט אין צוגעבויטן ניט פאַרענדיקטן צימער, נאָר זי זאָגט, אַז פריידקע האָט ביי אייך ניט וואָס צו זיצן. אומזיסט מיינסטו, אַז דו טוסט איר מיט דעם אַ טובה. אַזעלכעס קען נאָר שאַטן צו אַ שידוך. דו פאַרגעסט, אַז זי איז קיין עין־הרע אַ מיידל צו לייטן. יאָ, יאָ. — און זי ווערט נאָך ערנסטער, ווי פריער. זי ווישט אפילו אָפּ אַ טרער פון אויג.

צו וואָס האָב איך עס געדאַרפט?

איך באַרויִק זי. איך זאָג, אַז סע ניטאָ וואָס צו זאָרגן, סע גייען אויף אונדז גוטע צייטן. און איך זעגן זיך.

די מאמע עצהט מיר צו גיין מיטן קאָרן דורכן קליינעם געסל, ווייל ס׳איז ניט שיין פאַר מענטשן, וואָס איך שלעפּ זיך אומעט שבת מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס. זאָגן זאָגט זי איינס, אָבער מיינען מיינט זי נאָך עפּעס. זי וויל ניט, איך זאָל זיך טרעפן מיטן טאַטן, ווען ער וועט גיין צוריק פון שול. „זאָל שוין זיין אַזוי. אויך גענוג אין גאַטס אויגן, ס׳פעלט נאָך מער ניט, אַז דער זון מיטן טאַטן זאָלן זיך געבן בזיונות אין מיטן גאַס פאר דער גאַנצער שטאָט מיט מענטשן“.

איך לויף דורך די פּאָר גאַסן מיט דער מאַסע אויפן אַקסל און מיטן

לעדער אונטער דער פּאַכווע. מיך באַגעגנט גראַדע קיינער ניט ביז דער סאַמע שטוב. פּאַליע העלפט מיר אַראָפּלייגן און זי זאָגט: „דו ביסט דאָך טאַקע דער אמתער גויטשיקל. נישקשה, מען שעלט דיך גוט אין שטאָט נאָר סע מאַכט ניט אויס. די וואָס שעלטן דיך, מעג זיך זיי עס שטעלן. איך האָב זיך שוין צו זיי צוגעקוקט. זאָל דיך גאָר ניט אַרן. דו ביסט לייטישער פון זיי אין אַלע זאַכן. אפילו וועגן מיר, ווען זיי ווייסן, וואָלטן זיי אויך ניט געווען גערעכט".

אָט אַזאַ איז זי, פּאַליע.

---

איין מאָל בין איך געקומען אַהיים עסן מיטאָג. די שטעטלדיקע זון איז ווערט אַלע געלטן. אין שטוב איז ווי אַלע מאָל אין דער צייט ניטאָ קיינער חוץ איר, און ווי אַ ווייבל וואָס שאַרט צונויף איבערגעקליבענעם שטשאַוועל פון טיש אין אַ ריינעם זיפּ, אָדער אין פאַרטעך אַריין, האָט זי אין דער גיך צונויפגעשאַרט אַ סך פּאַפּירלעך אין דער פּאָלע און אַז זי איז געקומען מיר אויפגיסן וואַסער אין דער קיך, האָט זי מיר געזאָגט:

— אייזיק... — פאַר וואָס מיינען אַשר מיט מילקען, אַז דו ביסט אין עפּעס אומגערעכט. דו ביסט דאָך אין קיין זאַך ניט שולדיק.

מיר האָבן געגעסן הירזשענע קאַשע מיט מילך. אונדזער טישל איז געשטאַנען ביים פענצטער, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט פאַרשטעלט און ניט פאַרהאַנגען. די זון האָט זיך גרינג געשפּילט אויף אונדזערע פּלייצעס, אויף די הענט און אויף די לעפל, אויף די קיילעכדיקע ווייסע רעדער געדיכטע מילך ביי אונדז אין די טעלער.

און זי דערציילט מיר, פּאַליע, אַז זי האָט היינט פאַר אַ נאָווינע אַ ביסל געוויינט, נאָר ניט אַזוי ווי אַלע מאָל. סע האָט איר געריסן דאָס האַרץ אויף אַ יונג מיידל, וואָס זי קען שוין אַזוי גוט. אויף בוזיען. אוי, אוי, אוי. זי האָט דאָך געקענט אָפּלעבן אַזאַ גוט לעבן.

— און דו, אייזיקל, ביסט אין קיין זאַך ניט שולדיק. זיי האָבן געזאָגט אויף דיר אַז דו ביסט אַ משוגענער, מעגן זיי שוין אַליין משוגע ווערן פאַר דיר.

און זי בעט איך זאָל אויף איר קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס זי האָט זיך אָן מיין וויסן דערקליבן צו מיינע פּאַפּירלעך.

אַ גאַנצן פרימאָרגן, אַז זי לייענט זיי איינציקווייז און וויינט.

איך האָב זיך אַליין ניט געריכט, אַז מיינע פּאַפּירלעך זאָלן זיין אַזוי פאַרפולט מיט בוזיען.

אָבער קיין סך טרייסט האָט עס פּאַליען ניט געקענט פאַרשאַפן.

אָפּענער און מער האָט זי גערעדט וועגן דעם מיט פריידקען, מיט אַשרן, ווייל זיי זענען אַלע געווען אויף איר צד. נאָר זיי האָבן זיך ניט געהאַט ווו אַריינצוזמישן, ווען צו לאָדן, ווייל מיר ביידע, איך מיט פּאַליען, האָבן זיך קיין מאָל ניט געקריגט.

אַ סך מענטשן אין שטעטל טראַכטן, אַז איך בין אַ גוטער. איך בין אויך אַ מאָל געגוויגט אַזוי צו קלערן, אָבער וואָס בלייבט פון מיין גאַנצער גוטסקייט, אויב איך ווייס ניט ווי אַזוי און מיט וואָס פּאַליע פאַרברענגט אירע טעג.

פּאַליע האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער גוט, נאָר דאָס הייסט ניט, אַז איר איז פון דעם געוואָרן גרינגער. ס׳זענען געווען אַ סך, אַ סך טעג, אַ סך שעהען, ווען זי האָט געפּאַכעט מיט דער נשמה, זיך געעקט מיטן לעבן און ניט קיין חברטע, ניט קיין מאַמע, פּאַר וועמען אויסרעדן דאָס האַרץ.

די שוחטקע פלעגט צו איר אַ מאָל אַריינגיין לייען אַ גלאָז הירזש, אַ קעלישיקל זאַלץ און זיך וועלן אַוועקשטעלן פאַרברענגען מיט איר, אַז פּאַר וואָס פּוצט זי זיך ניט אויס און גייט ניט אַרויס אַ ביסל „גולאַיען“. אַט־אַ, מען זאָל נעמען אפילו זי. איז זי אַמאָל אין די יונגע יאָרן אויך געווען אַן אַנדערע.

און אַז פּאַליע זעט, אַז זי וועט פון איר אַזוי גיך ניט פּטור ווערן, טוט זי זיך אַ כאַפּ:

— אוי, שוחטקע, האָט מיר קיין פאַראיבל ניט. איך האָב גאָר פאַר־געסן, אַז די בהמה שטייט ביי מיר ניט קיין געמאַלקענע.

זי כאַפּט טאָקע דאָס מעלקשעפּל און לויפט אַוועק אין שטאָל אַריין. נאָר ווער בהמה, וואָס בהמה? די בהמה איז שוין לאַנג אויסגעמאָלקן. זי ליגט און רוט זיך אָפּ אין קילן שאָטן. און די נייע באַלעבאָסטע אירע שפּאַרט זיך פּשוט אָן אין דער וואַנט אָדער אין אַ סטויפּ און וויינט זיך אָן וויפל סע גייט אין איר אַריין.

די בהמה ליגט, קייט די זשויקע און דרייט אַלע מאָל דעם קאָפּ אין איר זייט.

ביי פּאַליען גיט זיך פון מאָל צו מאָל אַ טויטשע דאָס האַרץ צו דער דאָזיקער שוואַרצער, צו דער דאָזיקער חיה, וואָס אפילו זי איז ניט אירע, זי איז מערער בוזיעס.

און פאַרשטענדיק איז עס, סכנות, כאָטש סע רעדט ניט קיין סך.

— קוק ניט אַהער. סע ניט דיין עסק!

אַ מאָל נאָר אין מינוטן פון גליקלעכן משוגעת בלייבט זי אַליין אין שטוב און נעמט פאַרברענגען מיט אַ יונג ייִנגל, וואָס קיינער האָט אים נאָך ניט געזען, אָבער זי זעט אים, דוכט זיך איר, זייער קלאָר.

דאָס איז אַ יונג אײדל בחורל, מיט רויטע באַקן, קוטשעראַווע האָר און ניט אַנדערש ווי אין שיינעם רויטאַרמייִשן אָנטאָן.

מיט אים וויל זי זיך אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן און אויסרעדן אַ ביסל דאָס האַרץ.

— אוי, מיין חיות! ווען דו ווייסט ווי אַזוי איך האָב זיך ניט היינט געדאַכט געגודיעט גאַנצע טעג איינע אַליין אין דער היים?... דו ביסט נאָך דאָן אויף דער וועלט ניט געווען. און איך בין געווען אַזוי יונג און ניט געניט. וויי, וויי, וויפל באַליידיקונגען איך בין דאָן אויס־געשטאַנען! איך האָב געוואָלט, די גאַנצע וועלט זאָל ברענען. דו ווייסט פאַר וואָס? דערפאַר, וואָס איך האָב דעם שולדיקן אין ערגעץ ניט געקענט כאַפּן. און איצט, איצט, אַז איך האָב שוין אַזאַ זון, זענען מיר אַלע צרות געשמאַק. אָט וועל איך דיר באַלד מאַכן וואַסער, וועסטו זיך אויס־וואַשן די פיס, איך וועל באַלד צעלייגן די קיך און דיר מאַכן לאַטקעלעך מיט סמעטענע, אַזעלכע ווי דו האָסט ליב. זון מיינער, גיב אַ קוק אויף זיין קאַרטע, ביסטו דאָך אין גאַנצן אין אים געראָטן. — — —

אין אַזעלכע שעהן, ווען איך פלעג קומען אַהיים, און אויב קיינער האָט אונדז ניט געשטערט, פלעגט מיך פאַליע באַגעגענען מיט שטילער פרייד און זאָגן:

— נאַרעלע, דו מיינסט, איך וועל זיך אייביק אַזוי מוטשען? איך וועל האָבן אַ שיינעם ייִנגעלע און אויב איך וועל נאָר ניט שטאַרבן פונעם קימפּעט, וועט דאָס ייִנגעלע ביי מיר אויסוואַקסן און מיר וועלן מיט אים רעדן אַלע מאָל און פון וואָס איך וועל נאָר וועלן... האָב קיין מורא ניט. איך וועל אויף דיר ניט אָנרעדן קיין שלעכטס! דו האָסט גאָרניט פאַרדינט, איך זאָל דיך פאַר אים באַרעדן... דו געדענק נאָר איין זאַך. זאָלסט מיר דעם ייִנגעלע ניט איבערלאָזן אַליין. אַז ער וועט וואַקסן, זאָל ער וויסן, אַז ער האָט אַ טאַטן. זאָלסט אים ליב האָבן פּונקט ווי ער וואָלט זיין בוזיעס קינד, ווייל ער איז דאָך געוויס אין קיין זאַך ניט שולדיק.

איך ווייס ניט, פאַר וואָס פלעג איך ביי אַזעלכע שמועסן זיך דער־מאָנען אין מיין שוועסטערקינד, אין דעם יעקב־בערן, וואָס איז איצט פאַליעס שוואָגער און ריוועס מאַן. ער האָט ניט דערלעבט קיין גרויס נחת אין זיין נייער פאַמיליע, נאָר ווען ער הערט אַזעלכע שמועסן, וואָלט

ער אַנגעשטעלט זיינע גרויסע עזותדיקע אויגן מיטן טונקעלן יונגער־מאַנישן בערדל און ווי ער וואָלט פרעגן:

— משוגע? צי מטורף?...

און ס'ווערט מיר עפּעס קאָמיש פון דעם. וואָס, ווייס איך אַליין ניט.

דאָס איז נאָר איין רגע אַזוי און אַז די רגע גייט דורך, ווערט עס אין גאַנצן אַנדערש. איך בין אפילו גרייט וואַרפן אַלע אַרבעטן און זיך זעצן עפּעס שרייבן. נאָך מער. ערגעץ טיף, טיף, וויינט אין מיר דאָס האַרץ פון אַזעלכע שווערע ליידן, פאַר אַזאַ גרויסן עלנט, וואָס אָט דער מענטש, אָט די חברטע מיינע שטייט אויס. מיט וויפל שטאָפּלען איז זי העכער פון מיר. וויפל דאַרף איך נאָך ביי איר הייצן די הרובע, אַז איך זאָל קומען צו איר געדאַנק, צו איר באַנעם. און איר איז באַשערט צו אויסטרינקען אַזאַ גרויסן כוס פון שפּלקייט און ביטערניש, וואָס טרינק און טרינק און מען זעט גאָר ניט קיין דנאָ. און פון וועמענס הענט האָט זי דעם דאַזיקן בעכער באַקומען — פון מיינע.

— פּאַליע, — וויל איך אַ מאָל זאָגן, — סע וועט אייביק אַזוי ניט זיין. ערשטנס, קען זיך נאָך מאַכן...

וואָס קען זיך נאָך מאַכן? אַז זי זאָל מיך אָוועקוואַרפן, אַז זי זאָל זיך צונויפגיין מיט אַ שיינעם באַטראַכטן מענטשן. אָט האָבן מיר ערשט נעכטן אויפן ספּעקטאַקל באַגעגנט אַזעלכע צווישן די קאָמיסאַרן פון דער רויטער אַרמיי.

ס'איז דורכגעגאַנגען אַ פּאָלק דורכן שטעטל און דער דראַמקרייז זייערער האָט געשטעלט אַ ספּעקטאַקל. אָך, סאַראַ שיינע, סאַראַ פרישע מענטשן דאָס זענען! גייט זי פון מיר אַוועק, פּאַליע, מיט איינעם פון די קאָמיסאַרן, און איך בענק נאָך אירן אַ בריוו, נאָך אירס אַ וואָרט, נאָך אירער אַ שטילער עצה. יאָ, אַזעלכעס טרעפט זיך אויך אַ מאָל.

וואָס זשע קען זיך נאָך מאַכן? ערשטנס, דאַרפסטו וויסן זיין, אַז איך האָב דיך ניט די ווערט. דו ביסט מיט צען קעפּ העכער פון מיר, און איך נייטיק זיך אַלע יאָרן, זינט איך לעב, נייטיק איך זיך אין אַזאַ מענטשן, וואָס שטייט העכער פון מיר. טאָ זאָלן דורכגיין נאָך אַ פּאָר יאָר, אָט וועלן זיך די קינדער צעפּאָרן און מיר וועלן זיך אויפהייבן און אויך ערגעץ אַוועקפאָרן: אין אַ גרויסער שטאָט (אַזאַ ווייטער און ניט־דער־גרייכבאַרער חלום פאַר אַזאַ שטובזיצער ווי איך בין!) אַרויספאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, לעבן אַ ביסל מיט אַן אַנדער לעבן. דו זאָגסט, אַז וועסט האָבן אַ זון. אפשר וועלן מיר קיינעם ניט האָבן. עפּעס גלייבט זיך מיר ניט, אַז מיר וועלן האָבן קינדער, נאָר מיר וועלן אַכטונג געבן

און פּעשטשען איינס דעם צווייטן — איך דיך ווי אַ טאָכטער, דו מיך — ווי אַ זון.

מירן וווינען אין אַ ציכטיקן צימער, וואָס וועט זיין אַרומגעשטעלט מיט אַ סך ביכער. נאָך דער אַרבעט וועלן מיר לייענען. מיר וועלן לערנען, מירן שרייבן, מירן אויפנעמען חברים.

פּאַליען געפעלן אַזעלכע חלומות, נאָר זי האָט ליב, אַז סע חלומען זיך איר ייִנגעלעך אויך. אויב ניט קיין גרויסע, זאָל דערווייל זיין קליינע, קוטשעראַווע מיט רענצלעך אויף די אַקסלען, וואָס דאַרפן אָט־אָט קומען פון שול און זי גרייט שוין פון זייערט וועגן צום טיש. אָך, וועט זי זיין דענסטמאָל גליקלעך. און אויב אפילו עס וועט שלאָף איינס פון אירע קינדער און זי זיצט לעם דעם מיט ציטער און מיט שרעק. זי זעט ווי ס'אָטעמט צו אָפט און ווי סע האַלט פאַרמאַכט די אייגעלעך. די דינע האָר גלאַנציקע זענען פאַרשאַרט לעם דעם גרויסן שטערן. זי איז זיך גרייט אַליין פאר דעם אויסציען און שטאַרבן. נאָר אויך דאַן, אויך דאַן איז איר בעסער ווי איצט.

און ס'איז ריכטיק: דאָרטן איז דאָ אַ ציל, אַ פּאַר וואָס... און אַז דעם איז זי צו פיל עלנט און פאר גרויס נודאַטע, גייט איר אויס דאָס חיות מיטן געזונט. זי קוקט מיט קנאה אויף די שטיבלעך, וואָס שטייען אין שורות אויסגעשטעלט אויפן הייליקן אָרט. אַ שטיבל און א מצבה. אַלע אַזוי ציכטיק און ליב. לעם חנהקעס שטיבל שטייט אויך אַ מצבה מיט זייער אַ קורצן אַנשריפט:

„הבתולה חנה בת רבי שמחה".

איך האָב איר אַ סך דערציילט וועגן חנהקען און זי זאָגט, אַז זי שטעלט זי זיך פאָר. זי שטעלט זי זיך פאָר ווי אַ לעבעדיקע און סע רייסט איר טאָקע דאָס האַרץ אויף איר אויך.

---

אין סענדעריוווקע האָבן מיר איבערגעלאָזט אַ שטוב, אַ הויף און אַ סעדל הינטערן שטוב. בשעת די מיידלעך זענען געווען הונגעריק, פלעגן זיי אומגיין גאַנצע שעהן אונטער דער שאַלקאַוויצע מיט פאַר־מורזעטע מיילער, פאַרשמירטע הענט און קלייבן די שוואַרצע, די גרינ־לעכע, די בלוילעכע שאַלקאָוועצעס און וואַרפן אין מויל ביז סע פלעגט זיי נעמען נודיען צום ברעכן.

ס'איז קלאָר, פאַר וואָס איך געדענק אַזוי וויניק דאָס סעדל און סע טוט מיר ניט באַנג. אַ מאָל דוכט זיך מיר, אַז זיי, די מיידלעך, טוט עס

אויך ווינציק וואָס באַנג. זיי האָבן זיך דאָרטן אָנגעגעסן מיט אַ סך צרות. נאָר דאָך זענען זיי מיטן סעדעלע אויסגעוואַקסן, פאַר וואָס זשע זאָלן זיי עס ניט געדענקען, באַזונדערס איצט, ווען ס׳איז זומער?

זומער, אַ פּאָר גרינעביימעלעך לעם הויף, אַ ווייכער שטילער שאָטן — איז אַ מחיה. איך גופא האָב פונעם סעדעלע ניט געדענקט. איך האָב קוים געדענקט פון די טאַפּליעס, מיט וועלכע איך האָב זיך אַזוי פאַר־מיאוסט און איצט זע איך ווי איבעריק זיי זענען געוועזן. איך האָב זיך נאָר געשטעלט אַרבעטן — עסן מיר אַלע טאָג געשמאַקן וואַרמעס. אָבער קוים וואָלט איך זיך צו גאַרניט געגומען, וואָלטן אַלע טאַפּלעיס פון דער גאַנצער שטאָט הייזער אויך ניט געהאָלפן.

איצט שטייען די דאַזיקע שויבן אין די צוויי פּסחדיקע קעסטלעך פאַרפּאַקעוועט און פאַררוקט צווישן דעם אויוון. קונים פרעגן זיך גראָדע אויף זיי, נאָר ביי אונדז איז געבליבן, אַז מען דאַרף זיי ניט פאַרקויפן. אפשר וועט מילקע זיך ערגעץ דאַרפן איינאָרדענען לערנען, אָדער אפשר וועט אַזוי קומען אַ נויטיקע שעה, דענסטמאָל וועט מען זיך קענען ווענדן צו די טאַפּליעס.

שיינדל האָט זיך פּאַמעלעך געמאַכט אַן איינגאַנג צו אונדז אין שטוב אריין. און אַז איך גיי צו דער אַרבעט איז זי ניט פויל מיך גיין באַ־גלייטן דורך די גערטנער, און אַ מאָל קען זי מיר אַרויסגיין אַנטקעגן, ווען איך גיי פון דער אַרבעט און מיך באַגלייטן אַהיים.

שיינדל שעמט זיך ניט ווייזן פאַר מיין גאַנצער משפחה, אַז זי איז מיט מיר היימיש, אַז זי האָט זיך מיט מיר געקושט נאָך ווייס איך ווען. אַהער קומט זי אויך רעדן וועגן אַן איבערגעלייענטן ביכל, אָדער וועגן דעם ספּעקטאַקל, וואָס די שול מיט די לערערקעס און מיט די לערערישע ווייבער גרייטן.

זי האָט ביי אונדז אַ פולע שטוב מיט היימישע מענטשן: פריידקע, אשר, איך און טאָמער קען דאָרטן פּאַליע צו איר ניט אַזוי אַ לאַך טאָן, איז זי מסתמא בכלל אַ מענטש, וואָס לאַכט ווינציק. און טאָמער קוקט מילקע אויף איר אַ ביסל קרום, איז מילקע נאָך יונג, זי זאָל זי לערנען. און חוץ דעם איז דער קוק ביי איר, דוכט זיך, סיי ווי אַ ביסל אַ קאָסאָקער. וואָס? ניין?

אַט־אַ זענען מיינע קלענערע שוועסטערלעך מיט איר גוט. אַז זיי דערזעען זי צי אין גאַס, צי אפילו ביי מיר אין שטוב, הענגען זיי זיך דאָך אויף איר.

אַט דאָ האָט איר זיך שיינדלס חשבון.

נעמט זשע אָבער פּאַליען, באַקומט זיך דער חשבון אין גאַנצן אַנדערש: דאָס וואָס זי קען קוים מוחל זיין מילקען, קען זי בשום אופן ניט מוחל זיין שיינדלען, כאָטש זי ווייסט זייער גוט, אַז שיינדל וועט מיך ניט אויסכאַפּן — זי האָט עס ניט געטאָן פריער און וועט עס איצט ניט טאָן. דאָך דוכט זיך פּאַליען זייער אָפט, אַז... נעכיי וואָלט עס געגאַנגען אין גאַנצן אין דער ערד אַריין. און אויב ס'איז דאָ אַ גאָט, איז חוץ דעם, וואָס זי האָט אים פיינט פאַר אַלע אַנדערע שיינע געגנ, אַן אַלטער, אַ קאַרגוטש, אַ נח־אָשר דער פּראָצענטניק מיט דער ווייסער באָרד, געל פון טאַבעקע, און אנשל דער שוחט, וואָס זיינע פינגער קלעפּן זיך כסדר אין פעדערן און אין בלוט! ניט גענוג, וואָס ער האָט ביי איר אַזוי פיל חן פון פריער, האָט זי אים נאָך איצט פיינט מיט אַ שמיטשיק דערפאַר, וואָס ער לאָזט, אַז סע זאָלן זיך פּאַשען אויף דער וועלט אַזעלכע געזונטע סטוהעס, ווי אָט די שיינדל מיטן קוויטש און מיטן געלעכטער, וואָס זי מיינט, אַז סע איז שיין, אַז סע איז אַ צירונג און צום סוף פּיליעט עס ביים האַרצן.

און פאַר וואָס האָט איר דער גאָט, וואָס שפּיגלט זיך גראָד אין אַזעלכע טעלעצעס, פאַר וואָס האָט ער איר געוויזן אַ וועג פּונקט אַהער צו איר, צו פּאַליען אין גאַרטן אַריין? אויב סע שוין אַ מוז, אַז ער זאָל זי פירן אין שאָדן אַריין, זי אויספּאַשען אויף פרעמדע מעזשעס, זענען קאַרג דאָ אַנדערע פּלויטן? פאַראַן לערער דאָ אין שטאָט, פאַראַן אינסטרוקטאָרן, פאַראַן אַ שפּיטאָל מיט דאָקטוירים. פאַר וואָס איז אויסגעפאַלן דער גורל אויף איר? אַז זי זאָל איר קירצן דאָס לעצטע ביסל חיות. וואָס האָט זי בכלל אַזעלכעס דערזען אין אייזיקן? סע גייט איר אָפּ זיך אַ ביסל אָנשטעקן מיט האַרבאַרניע?

מילא זי, אַז זי האָט באַשלאָסן פאַרבינדן איר לעבן מיט דעם מענטשן, איז איר ניט שווער קיין האַרבאַרניע אויך. אָבער יענע, מיט די געפּאַרבטע פּאָלן, מיטן ביימעלע פאַרן פענצטער. אויף וואָס דאַרף זי עס? זי האָט שוין קיין שענערס ניט געזען?

פּאַליע רעדט אָבער וועגן דעם ווינציק. אַ מאָל, נאָר אַ מאָל טוט זי זיך אַ רייץ מיט מיר אין אַ לייכטן טאָן, ווי ס'וואָלט זי דאָ כ'לעבן ניט אָנגערירט קיין זאַך.

— אייזיקל, קום נאָר אַהער. די גראָבע פּיס האָבן דאָך דיך געלאָזט גריסן!

ביי שיינדלען זענען די פּיס טאַקע צו גראָב. זיי זענען אויך ווייס און ניט אָפּגעברענט, ווען מען זעט זי אַ מאָל באָרוועס.

ביי אונדז אויפן טייך קלייבן זיך אָפּט אויף אין אַ וואָכעדיקן זומער־דיקן פרימאָרגן מיידלעך, מעג זיין אפילו כלה־מיידלעך. אייגע צעשוועגקט אַ קליין געוועשל גרעט, אייגע שייערט אויס דעם סאַמאָוואָר, אַז ער בליאַס־קעוועט אַנטקעגן דער זון ווי אַ שטיק גאָלד, און אַן אַנדערע, די וואָס ווינט נאָענט, קומט אַרויס אפילו מיט לעפל און גאָפּל און מען פּאַר־שטעקט הויך די קליידלעך, אַז סע זעען זיך אַרויס די פּולקעס און מען וואַשט און מען שווענקט. מען רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, אַז סע לאָזט זיך, באַרעדט מען עמעצן אַ נאָענטן און מען לאַכט אויף אַ קול, אַז דער געלעכטער צעגייט זיך איבעם וואַרעמען אינדערפרי, ווי אַ ריינער געשמאַקער פויגל־געזאַנג, ווי סעדער־געהוד.

קענטיק, אַז פּאַליע האָט אויך איין מאָל געמאַכט אַן עקסקורסיע צו אונדזער טייכל און ס'איז איר פּונקט באַשערט געווען זיך אַנטרעפן מיט איר סימפּאַטיע, מיט שיינדלען. פון דענסטמאָל אָן, אַז זי וויל מיר זאָגן, אַז זי האָט ערגעץ געזען מיין חסידה, זאָגט זי: „אייזיקל, די גראָבע פיס האָבן דיך געלאָזט גריסן”.

אַ מאָל דוכט זיך מיר, אַז ס'איז אַ שאָד, וואָס פּאַליע קוקט אויף שיינדלען אַזוי שלעכט. יעדער מענטש האָט חסרונות, זעגען דאָך אָבער דאָ מעלות אויך. ס'איז דאָך גאָר ניט אַזוי נייטיק, אַז שיינדל זאָל זיך ביי אונדז פילן שלעכט. ביי אונדז דאַרף זיין אַ שטוב, ווו יונגע לייט און מיידלעך, מעג עס זיין אַשרס חברים, אַדער מילקעס, אַדער פריידקעס, צי אפילו רחלעס, נאָר אַלע דאַרפן זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים.

אַזוי וואָלט איך וועלן און ס'וואָלט אפשר געווען גוט אַזוי. אָבער אין דער פּראַקטיק באַקומט זיך עס אין גאַנצן אַנדערש. שיינדלען האָבן אָנגעהויבן האַסן אין שטוב ניט נאָר פּאַליע מיט מילקען, וואָס קוקן אויף איר ווי אויף אַ הפקר־מויד, ווי אויף אַן אומפאַרשעמטן מענטשן (און ס'איז גראַדע ביידע זאַכן אַ ליגן). אויף שיינדלען קוקן שוין שלעכט אי אַשר, אי שאול און אפילו טיילוויז פריידקע, ווייל זיי זעגען אַלע פּאַליעס גרויסע גוטע פריינט. און פּאַליען, ווייסן זיי, איז אומעטיק. דער אומעט אירער לייגט זיך אַ מאָל אויפן האַרצן, ווי אַ געדיכטער טומאַן. און אויב דאָס וואָלט געווען די איינציקע סיבה פון איר אומעט, וואָלט עס דוכט זיך גאָר ניט אַזוי שווער געווען צו באַזייטיקן. מען קען בעטן אפילו מיך אַליין אַז איך זאָל אויפהערן פירן שיינדלען אַהער אין שטוב אַריין. און שוין. אין ערגסטן פּאַל וועט זיך אָפּזוכן עמעץ אַ דרייסטער און וועט זי, שיינדלען גופא, מאַכן אויפמערקזאַם דערויף, אַז זי טוט אַ קרומע זאַך און פאַרשאַפט אַן אומשולדיקן מענטשן גרויסן עגמת נפש.

עצות זענען דאָ גענוג.

און שיינדל האָט עס טאַקע גאָר גיך דערפילט, אַז אין איר זאַרגלאָזן קוויטש, אין איר הויכן געלעכטער האָט זיך איצט אויך אַריינגעכאַפּט אַ ווערעמל פון צווייפל און ניט־זיכערקייט, און אונדזער שוועל האָט זי וואָס ווייטער געגומען אַריבערטרעטן מיט מער איינשטעלעניש. איר קול האָט שוין אין זיך מער ניט געהאַט זיין נאַטירלעכקייט, ווען זי פלעגט זיך אָפּשטעלן לעם סאַמע טיר און אַ פרעג טאָן מיט איר איינגעוויינטן שיינדלשן ניגון:

— ניטאָ אייזיק אין דער היים?

און שוין אויף די טרעפּ, צוריקגייענדיק איבער דער פינצטערער האַלבער הויז, האָט זי זיך געביסן די ליפּן און זיך אַליין געשעלמעוועט, אַ מאָל אפילו ביז טרערן:

— איך האָב דיר אָבער געזאָגט אַז מען דאַרף אַהער ניט גיין?!

איין מאָל האָב איך זי אַקוראַט אין אַזאַ צושטאַנד באַגעגנט אַרויס־גייענדיק פון אונדזער טיר און איך האָב זי אמת געזשאַלעוועט.

ניט גענוג, וואָס זי לייזט אָפּ פון מאָל צו מאָל אַ חלק ביי אירע גראָבע טאַטע־מאַמע, דאַרף זי נאָך דאָ פאַרבייסן מיט אַזוי פיל פאַר־אַכטונג צו זיך. מיט פּשוטער שנאה.

— שיינדל, — קלער איך אַ מאָל צו זיך אַליין און זע פאַר זיך אַ גרויסוווקסיק נאָך גענוג יונג מיידל, — אפשר זענען זיי, די לייט מיינע, אין עפּעס וואָס גערעכט, נאָר ניט אַנטקעגן דיר. אַנטקעגן דיר זענען זיי קיין קאַפּ ניט גערעכט. דו קומסט ביי זיי גאָרניט אָפּנעמען. דו קומסט געניסן דעם טראָפּן ליבשאַפט, חברשאַפט, וואָס איז פון דיינעט וועגן דאָ אָנגעצייכנט געוואָרן אפשר נאָך פריער איידער זיי אַליין האָבן מיך געקענט.

## ס׳איז אַוועק דער זומער און קומען דאַרף דער ווינטער
## אָדער
## א ו נ ט ע ר ו ו ע ג נ ס

איציק שענקמאַן אויסער דעם וואָס ער איז אַ מלוכה־מענטש און מען מעג זיך פאָרשטעלן, ווי ער איז טאָג און נאַכט פאַרנומען, האָט ער אין זיך אַ מאָל היימישקייט. ער גערענקט פּרטים פון אַ חברס היימישן לעבן און אַ מאָל אפילו פון אַ גאַנץ זייטיקן מענטשן, וואָס סע חידושט דיך, פון וואַנען קען ער עס גאָר אָנגעדענקען? אָט האָט ער דערמאָלט געוווסט,

אַז מיך דאַרף מען ניט טשעפּען. אַז איך וועל איבערפּאַקן, איבערמאַזלען און דערנאָך וועל איך ווערן צוריק ווי געווען.

און ער האָט זיך געפירט ווי דער בעסטער פּעדאַגאָג, אפילו דאַן, ווען ער האָט מיך אָפּגענומען ביים „וואַיענקאָם", וואָס אַרויסגייענדיק פון דאָרטן, האָט ער זיך צו מיר ניט אָפּגערופן, ווי ער וואָלט זיך מיט מיר אין גאַנצן ניט אָנגעקערט.

איצט זאָגט ער, אַז די יאַטן — רחלען, אָשרן און שאולן — האָבן מיר דאָ ניט וואָס צו האַלטן, אַז מען דאַרף זיי אָפּלאָזן צו זייער פאָטער קיין קאַנאַדע. ער האָט שוין, ווייזט אויס, וועגן דעם געקלערט און אַז ער זאָגט, ווייסט ער. די חברה זענען אַזעלכע, וואָס זיי וועלן זיך אַליין צו קיין תכלית ניט צושלאָגן. ווען זיי האָבן כאָטש די מוטער (און ביי מיר צעגייט זיך אַזאַ וואַרעמקייט אי פון בענקשאַפט, אי פון רחמנות, ווען איך דערזע אין געדאַנק דעם שטילן, חנעוודיקן שטאַלט פון דער מוטער, מיינער, בוזיעס און די קינדער) און די קינדער אַליין האָבן דעם אמת געזאָגט אויך געקלערט פון דעם און די בריוו יואַליקס פון אַמעריקע האָבן געהאַלטן אין איין מאָנען דעם „יתר הפליטה", דאָס קאָ־פּעלע, וואָס איז אים געבליבן נאָך די פּאָגראָמען, נאָך יענע ביטערע און צאָרנדיקע טעג.

און ס'איז אַזוי געבליבן, אַז די קינדער פאָרן טאַקע איבער דעם נאָענטסטן ווינטער פריער צו פּסח־אהרנען, צום פעטער צו זייערן קיין סאַרנע און פון דאָרטן וועלן זיי מיט די פּאַפּירן, וואָס דער פאָטער האָט זיי אָהין אַרויסגעשיקט, זיך לאָזן איבערן ים.

זיי זענען אַלע דריי אַזעלכע פּשוטע און אַזעלכע ליבע, אָשר, שאול און רחלע און מיט אַ מאָל וועלן זיי זיך אויפזעצן אויף אַ שיף און וועלן שווימען צו ווייטע אומבאַקאַנטע ברעגן. און דאָ אויף דעם ברעג וועלן בלייבן די ליבע היימישע פעלדער, די נאָענטע פריינט און אפילו די קברים פון די נאָענטסטע און טייערסטע, וואָס זיי רעדן פון זיי אַזוי ווינציק אומיסטן, בכדי מיט קיין איבעריקן וואָרט ניט פאַרשוועכן די ריינסטע געפילן צו זיי.

אָט איז געווען אַ שבת ביי טאָג, אַ ווינטערדיקער שוין. איך בין געווען פריי פון אַרטעל און אָשר איז געקומען פון פאַראיין אויף דער וואַרמעס־שעה. אין שטעטל איז דאָך אַלץ נאָענט. אין שטעטל קען מען פאַר איין שעה זייער אַ סך באַוויזן. מיר זענען נאָך וואַרמעס אַרויס אין גאַס. איך בין פּשוט אַרויסגעגאַנגען אים אַ ביסל דורכפירן. נאָר דער טאָג איז געווען אַ בייזער און ניט קיין שיינער. ווי אַזוי קען זיין אַ ווינטער־

טאָג ניט קיין שיינער? איך פאַרגלייך עס צו צו אַ מענטשן. ס׳מאַכט זיך אַ מאָל אַן עלטערער מענטש, וואָס אַלט איז ער, בייז איז ער און אַנשטאָט דער שיינער באָרד, וואָס באַפּוצט אַ מאָל די עלטער, זענען ביי אים אָפּגעבריטע אויסגעקראַכענע באַקן און הוילע לעכלעך אין די רויטע אויסגעלאָשענע אויגן. סע איז געווען אַ ווינטערטאָג אָן שניי, אָן פראָסט־טוי אויף די ביימער, נאָר אַ גרויע נאַקעטקייט אומעטום, אַ ביטערע קעלט און אַ שרעקלעך איינגעגעסענער ווינט, וואָס באַקט, בריט און צופּט ביי אַלע אברים, וואָס קריכט אונטערן מלבוש, וואָס פייפט אויף די ביידעמער און איז אויסן ווו אַ לאַך. דערפאַר איז טאַקע אין דעם־אָ שבת ביי טאָג חוץ אונדז צווייען ניט געווען צו זען אפילו קיין משוגענעם הונט אויף דער גאַס. און דאַן פאַלט מיר איין אויפגעבן אַשרן, אַז אַזוי ווי ער האָט נאָך אַ האַלבע שעה צייט, טאָ לאָמיר אַרויפגיין אויפן הייליקן אָרט.

אַשר האָט זיך פון דער ערשטער רגע אַ קווענקל געטאָן. ס׳איז אים פשוט קאַלט און סטראַשנע. ס׳איז האַלבער טאָג און אויסזען זעט אויס דער דרויסן ערגער ווי אין מיטן ביי נאַכט. און אויסער דעם האָט ער אין דער דאָזיקער ריכטונג עפּעס ווי ניט געטראַכט.

— פאַר וואָס ניט געטראַכט? אַז דו פאָרסט אין גיכן אַוועק?

— יאָ, האָט אַשר געענטפערט, — נאָר אַז איך וועל אַוועקפאָרן, וועל איך גיין אַליין, אפילו אַן שואלן און אָן רחלען.

די ווערטער האָבן מיר ליב אַ שניט געטאָן ביים האַרצן... ווי מיט אַ שאַרפן חלף, וואָס בשעת ער גייט דורך, הערט מען ניט. מען דער־הערט נאָר אין אַ רגע אַרום. ווען דאָס האַרץ באַוואַשט זיך שוין מיט בלוט. ער ווייסט גוט דעם חשבון, אַז זיך געזעגענען מיט דער מאַמעס קבר פאַר עמעצן אין די אויגן איז אַ זינד, ס׳איז אַ גרויסע זינד.

— נו, גוט, — זאָגט ער, — אויב דו ווילסט, קום! אַזוי צוגיין שטערט ניט.

און מיר האָבן געמאַכט אַן איילִיקן שפּאַציר אויפן פעלד אין מיטן שבת ביי טאָג. מיר זענען ממש דורכגעלאָפן פאַרביי די באַקאַנטע שטיב־לעך, וועלכע מיט מצבות און וועלכע אָן מצבות, בלויז מיט שטיקלעך אָנגעשריבענעם בלעך. אָט איז צוגעשלאָגן מיט איין טשוועקל אַ שטיקל בלעך צו אַ שטיבל און אויפן בלעך איז מיט ווייסער פאַרב אָנגעשריבן וועמענס נשמה עס רוט אונטערן דאָזיקן קבר. אַלע גלייכע, אַלע גוטע, אַלע ריינע...

מיר זענען דורכגעלאָפן פאַרביי אונדזערע (און ניט אונדזערע שטיב־לעך). מיר זענען געווען לעבן חנהקעס שטיין מיטן ווייסן קאַרגן און

באַשיידענעם אויפשריפט: "הבתולה חנה בת רב שמחה — זי זאָל רוען אין גן־עדן". און דער פּראָסט סמאַלעט, צופּט, כאַפּטביים פּנים, כאַפּט ביי די פינגער. דער ווינט לאָזט אונדז ניט שטעלן קיין טראָט ווו מיר ווילן. ער קריכט גאָר צום הוילן האַלדז אונטערן קאָלנער אַרונטער, און מיר פאַרכליניען זיך מיט אים. מיר קענען קיין וואָרט ניט אויסרעדן און אויסער זיין פייפן און גרילצן האָט ער זיך נאָך געמאַכט אַ שפּיל מיט די בלעכלעך, וואָס זענען צוגעקלאַפּט צו אייניקע שטיבלעך. מען דאַרף האָבן געזונטע פינגער אויף אָפּבייגן אַ בלעכל און טראַסקען מיט אים איבערן הילצערנעם ווענטל. לאָזט זיך אויס, אַז דער ווינט קען עס מאַכן אָן פינגער אויך און די בלעכלעך האָבן אונדז אַזוי אָנגעגרילצט אין קאָפּ, אַז אַ גאַנצן וועג צוריק האָבן מיר שוין מער גאָר ניט געהערט נאָר דעם קריטשען און דאָס גרילצן פון די בלעכענע אָנשריפטן, ווי זיי וואָלטן דעם ערשטן מאָל אין לעבן באַקומען לשון און גערעדט ניט מיט די ווערטער וואָס דער פרומער מצבות־שרייבער האָט אויף זיי אָנגעשריבן, נאָר מיט זייער אָן אייגענער שפּראַך אַ פיל באַדייטנדיקע און אַ פיל איבערצייגנדיקערע.

ער איז געגנוג סענטימענטאַל אונדזער אָשר. אין חדשים אַרום, ווען זיי זענען שוין געווען אין וועג, אפילו העט שפּעטער, ווען זיי זענען שוין בשלום אָנגעקומען אַהין צום פאָטער, האָט ער דאָך אין די בריוו אין זיינע אַזוי אָדער אַנדערש דערמאָנט אָט דעם־אָ ווינטערדיקן שפּאַציר, דעם טריבן קאָליר פונעם ווינטיקן פאַרפרוירענעם שבת־ביינטאָג און דעם געקלאַנג פון די בלעכלעך, וואָס לאָזן אים נאָך ביז היינט צו טאָג ניט קומען צו זיך.

אין יענע טעג האָבן מיר גראָדע גערעדט מיט אָשרן אַזוי ווי פון זייטיקע זאַכן. מיר האָבן גערעדט פון פאַראיין, וואָס אין אַ סך זאַכן קומט אים אויס גיין אין קאָנטאַקט מיטן וואָלרעווקאָם. מיר האָבן גערעדט פונעם גלחס בנאָק, אַ בוכהאַלטער ביי אונדז אין פּראָפ־סעקרעטאַריאַט, וואָס אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, פאַר וואָס ער זיצט אַזוי לאַנג אַומבאַשטראָפט. ער האָט דאָך בפירוש געהוליעט אויפן סלאָוועשנער פּאָגראָם. פאַראַן מענטשן וואָס זענען דורך אַ נס געבליבן דאָן לעבן און האָבן געגוג וואָס צו דערציילן. יענע וואָס האָבן גערעדט האָבן זיך אומזיסט געזאָרגט. ס'איז דאָ אָן אויג וואָס קוקט און אַ האַנט וואָס שרייבט. לאָזט זיך אויס, אַז מען האָט אים נאָך יענע וואָך אַרויסגערופן קיין קראָסנע און גענומען אונטער אַ וואָך. ער איז טאַקע אַ בוכהאַלטער אין פאַראיין, נאָר ס'איז דאָ נאָך אַ בוכהאַלטעריע, וואָס שטעלט אים צו אַ חשבון פאַר

אין קלייניקייט, פאַר אַ פּאָר צענדליק שיכורע נעכט, ווען ער איז ווויל־יונגעריש אומגעלאָפן מיט אַ מעסער איבער די גאַסן און געקוילעט אויף רעכטס און אויף לינקס.

— איצט, — זאָגט אָשר, — דאַרף דער פאַראיין אַ בוכהאַלטער. אפשר וואָלסטו געוואָרפן דעם אַרטעל און געגאַנגען צו אונדז אַרבעטן? אין גיכן באַפרייט זיך אויך דאָס אַרט פונעם סעקרעטאַר. דאָס מיינט ער זיך אַליין. און איך זע, ווי עס ווילט זיך אים ניט געזעגענען מיט זיין פרייער היימלאַנד סאַמע אין די טעג, ווען סע שטייט שוין אויף דער גוטער גרענעץ: די שווערע טעג גייען אַריבער און די ליכטיקע קומען אָן.

— פאַר וואָס זשע? פאַר וואָס דאַרפן מיר זיך איצטער אויפהייבן און אַוועקפאָרן. נעכיי וואָלט דער טאַטע זיך בעסער געלאָזן אַהער?!

---

— אייזיקל, — מאַכט צו מיר פּאַליע, — פאַרכאַפּט זאָלסטו ניט ווערן. דיין בהמה איז דאָך נאָך ערגער פון דיר! דו האָסט מיך פיינט, שלאָגסטו זיך כאָטש ניט, און זי האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ זעץ, ווייס איך ניט ווי אַזוי איך בין אויפגעשטאַנען. און די מילך האָט זיך אַזוי ווי אויף צו להכעיס ניט אויסגעגאָסן. נאַ טרינק, טרינק אויס אפילו אין גאַנצן.

— און דו?

— איך וויל ניט. איך דאַרף ניט קיין מילך פון אַ בהמה, וואָס האָט מיך פיינט.

— ווי אַזוי קען אַ בהמה פיינט האָבן?

— אוי, רעד גאָר ניט, אייזיקל. זי קען מיך ניט פאַרליידן, אַז איך גיי אפילו דורך פאַרביי, טיקעט זי זיך. איך גיי גאָר נאָך אַ בערעמאַק האַלץ, איך האָב זי גאָר ניט אין זינען און זי שטעלט שוין אָן די הערנער.

— איך הער דאָס ערשטע מאָל אַזעלכעס.

— וואָס זשע מיינסטו, אַלע מאָל וועל איך דיר גיין אַגרעדן אויף דיין בהמה? איך ווייס דען ניט ווי אַזוי זי ווערט ביי דיר דערמאַנט אין אַלע דיינע פּאַפּירלעך. איך האָב צו איר סיי ווי גאָרניט. איך, אויף איר אָרט, וואָלט אפשר אויך אַזוי געווען.

— דו האָסט שוין אַזאַ מזל, — האָט זי ווייטער צוגעגעבן, — אַז אַלע האָבן דיך ליב. אָט־אַ איך, וואָלט שוין דיך אוודאי ניט געדאַרפט ליב האָבן... בין איך אויך גרייט אויסרייסן די אויגן יעדערן, ווער סע זאָגט אויף דיר אַ קרום וואָרט. איך האָב זיך ערשט נעכטן שיער ניט צעקריגט פאַר דיר מיט דיין ליבן טאַטן.

אגב, האָט דער טאַטע אָפּשיי פֿאַר פֿאַליען. ער זאָגט איר אפילו „איר". דאָך האָט ער זיך ניט געקענט איינהאַלטן, ער זאָל איר ניט שטעלן די געוויינטלעכע פֿראַגע זיינע „צי ווייסט זי שוין אויף געוויס, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט?"

איר ענטפֿער איז פֿאַר אים געווען גאַנץ אומגעריכט. זי האָט געענט־פֿערט, אַז ווען זי ווייס אפילו אויף געוויס, אַז ער איז דאָ, וואָלט ער ביי איר ניט שטאַרק אויסגענומען.

דאָ האָט זיך ערשט צעברענט דער גרויסער וויכוח און ס'האָבן אין איין גאַנג אָנגעהויבן פֿליען אויף מיר די שיינע „קאָמפּלימענטן": דער העכט שטינקט פֿון קאָפּ. ער ווייסט, ער ווייסט שוין גוט פֿון וואַנען אַזעלכע רייד קומען...

און ס'איז שוין איר ניט איינגעגאַנגען די טיי מיט די ברוסניצעס, וואָס מען האָט איר דערלאַנגט. זי האָט זיך מחיה געווען, אַז זי האָט זיך אַרויס־געריסן פֿון דאָרטן און איז גיך אַנטלאָפֿן געוואָרן.

ניין. מען קען ניט זאָגן, אַז פֿאַליע זאָל האָבן ליב באַקומען מיין טאַטנס שטוב.

באַזונדערס האָט זי זיך פֿאַר אים דערשראָקן נאָך יענעם פֿרימאָרגן, ווען ער איז געקומען צו לויפֿן אַן אַנגעצונדענער ביי מיר טרייסלען דעם פּוד קאָרן און די צוויי פּאַסיעס פֿאַדעשוועס, וואָס איך האָב ביי זיי צוגע־נומען פֿאַר פֿריידקעס וועגן. ער איז געקומען צו לויפֿן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אַט־אַט צעטראָגט ער די שטוב. נאָר אָפּט קומט אָן די רפֿואה פֿאַר דער מכה: וויטשענקאָ איז אַקוראַט אַריינגעקומען צו אונדז. ער האָט באַדאַרפֿט לייען אָדער אָפּנעמען אַ ביכל. אונדזער טאַטע האָט מער ניט באַדאַרפֿט, ווי דערזען פֿאַר זיך אַזאַ גרויסן נאַטשאַלניק. ער האָט גענומען כאַפּן אויף צוריק. ס'איז אים געוואָרן עפּעס ניט שיין און ער האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרענטפֿערן.

— אַז אַדרבא, — ווען וויטשענקאָ האָט צייט אים אויסהערן, וואָלט ער אים פּשוט דערציילט, אַז פֿאַרקערט. ער שטאָלצירט גאָר מיט זיינע קינדער, וואָרעם ווער האָט נאָך אין שטאָט אַזעלכע קינדער ווי ער? אָבער, גוואַלד געשריגן, ווי אַזוי באַגייט מען זיך מיט אַ טאַטן, אַזוי ווי מיט אַ פֿרעמדן. וואָס הייסט, מען נעמט אָן זיין וויסן? ער וואָלט דען אַליין ניט געגעבן צען מאָל מער? ער פֿאַרמאָגט דען, חלילה, ניט? און בכלל, פֿאַר וואָס זאָל מען בכלל לעבן באַזונדער? אין איינעם וועט פֿאַר זיי זיין אַן אומכבוד?

אָבער וויטשענקאָ, אָט דער שיינער רוסיאַווער בחור, קען שוין אַ

ביסל די שטעטלדיקע לייט. האָט ער עפּעס אַ לאַך געטאָן, זיך אַ ווערטל געטאָן און זיך גיכער אָפּגעטשעפּעט פונעם שמועס, וואָס וואָלט זיך געקענט זייער אויף לאַנג אַוועקציען. איך בין אַרויסגעגאַנגען אים דורכ־פירן. און צו פּאָליען האָט זיך דער אַלטער אָפּגערופן:

— אַמער, גיב שוין עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען קען אָנגיסן אין אַ קעלישיקל, ווער איך מאַכן קידוש. אפשר איז דאָ אַ קאַרזשיק, אַ ביסל איינגעמאַכטס אויף פאַרבייסן, טאָ גיב אַהער, — און דער סקאַנדאַל איז אומגעריכט צעריבן געוואָרן. סע זענען שוין אפילו געשטאַנען אויף דער גאַס ליידיקגייער און שכנים, וואָס זענען גרייט געווען אָנקוקן אַ „טעאַ־טער״, נאָר זיי זענען, נעבעך, אַוועק אויפן ניכטערן האַרצן.

אויף צוריק וועגס, אַז זיי האָבן איבערגענומען דעם טאַטן, האָבן זיי פון אים געהערט דאָס זעלבע, וואָס וויטשענקאָ:

— אַט דאָס איז דאָך די גאַנצע טענה מיינע, — האָט ער איבער־געחזרט שוין אַ ביסל דרייסטער, — וואָס איז? ביי מיר זענען דען, חלילה, שלעכטע קינדער? נאָר זיי האָבן קיין שכל ניט ווי אַזוי אָפּהיטן זייער אייגענעם כבוד.

פון דענסטמאָל אָן איז שוין שווער געווען צו פאַרנאַרן פּאָליען אָדער מילקען צו מיינע עלטערן אַהיים. סיידן צוליב גאָר אַ נויטיקער זאַך.

---

ס׳פלעגט מיך ניט ווינציק חידושן ווען פּאָליע פלעגט פאַר מיר נעמען חלומען וועגן גרויסע שטעט. מיך, דעם אמת געזאָגט, האָט די שטאָט געשראָקן פון דער ווייטנס. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז געוויקסן, וואָס זענען צוגעפּאַסט צו איין באָדן, וועלן אומקומען אין דעם צווייטן. מיר וועלן ניט איבערטראָגן דעם רעש פון דער גרויסער שטאָט, דעם גערודער, היינט גיי קעמף זיך אויס אין שטאָט דיין טאָג לעבן. דאָ אין דער היים איז אַזוי: אויב דו האָסט, האָסטו. אויב ניט — וואַקסט אויס אין גאָרטן אַ קאַרטאָפל, אפילו ביי אַ פרעמדן פלויט רייסטו אָן שטשאַוועל אויף אַ באָרשטש — איז שוין דער טאָג ביי דיר באַזאָרגט. דו קלייבסט אָן אַ ביסל טרוקענע צווייגן אין וועלדל אויף די ניוועס, האָסטו שוין מיט וואָס דאָס געקעכץ אָפּקאָכן און ווינטער מיט וואָס זיך דערוואָרעמען, היינט ווען ס׳גיט זיך איין אָפּשפּאָרן אַן אייגענע בהמה, איז מען דאָך שוין גאָר באַזאָרגט! גיי אָבער, פיר עס אַלצדינג אין שטאָט, וווּ מען דאַרף אוודאי קויפן מילך אויף דער גלאָז, האָלץ אויפן פוד און קאַרטאָפל אויפן פונט? ניין! מיך האָט די שטאָט זייער געשראָקן פון דער ווייטן.

און אויב איך האָב אפילו געוווסט פון די ביכער מיט די צייטונגען, אַז די גרעסטע מאַסן אַרבעטער געפינען זיך אין די שטעט, האָב איך זיך עס דאָך ניט קלאָר פאַרגעשטעלט. אין שטאָט, האָב איך געמיינט, וווינען לויטער אַריסטאָקראַטן און נאָר ווו ניט ווו אונדזערס אַ פּריינטל, אַן אָרעמער עקסטערנער. די לעצטע פּאָר יאָר האָבן שוין די שטעט זיכער אַן אנדער פּנים, אָבער שטעט בלייבן דאָך שטעט!

— זאָרג ניט, אייזיקל, — פלעגט מיך פּאַליע אין אַזעלכע פאַלן אויסלאַכן. מירן די שוואַרצע קו ניט פאַרקויפן. מירן פון אירט וועגן דינגען אַ וואַגאָן און זי דיר אַראָפּברענגען גלייך קיין קיעוו. און דאגה ניט. מען וועט איר דאָרט צוגרייטן גאָר אַ גוטע באַגעגעניש. און פאַשע? וועלן מיר אויספּירן מען זאָל אונדז צושיקן פון סלאַוועשנע. אין יעדן בריוו, וועלן די קינדער אונדז אַנרייסן אַ ביסל גראָז, און צושיקן.

— אַז מען קען גאָר אַנדערש! — האָט שוין מילקע אונטערגעכאַפּט דעם שמועס, — מען קען דורכציען פון דער בהמה פון אייערער אַ „וואַדאָ־פּראָוואָד" גלייך קיין קיעוו! טאָמער פאַרווילט זיך אייך אַ גלעזל מילך, גייט איר צו צום קראַן און מען צאַפּט זיך אַן מילך.

— ע, — מאַך איך זיך אַ האָרץ. און אַזוי, מיינט איר, זיצן שוין די קיעווער לייט אַן אַ טראָפּן מילך און קוקן נאָר צו ווי אַזוי מיר עסן. נישקשה, קיעוו האָט געגוג דערפּער אַרום זיך און די וואָקזאַלן שטעלן צו אַלע אין דער פרי גענוג מילכיקערינס!...

און ווי קאָמיש דאָס זאָל ניט אויסזען, נאָר שפּעטער, אַז ס'איז מיר אויסגעקומען אַריינפאַלן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, פלעג איך אַ מאָל אין די גאַנצפריען אָפּשטיין שעהנווייז אויף דער גאַס און ציילן די מיל־כיקערינס, וואָס ציען זיך פון וואָקזאַל צו, צי פון האַפן, מיט די בעדאָ־נען מילך אויף די קאַראַמיסלעס. זיי זענען מיר געווען טייער דאָ ווו איך זע זיי, — און נאָך טייערער — דאָרטן, ווו איך שטעל זיך זיי פאָר: אין פעלד און אין גאָרטן, אין סאַד און אויפן באַשטאַן, לעם די גרינע לאָנקעס, לעם די שיינע קי זייערע, וואָס גייען דאָרט אַרום.

אין דער גרויסער שטאָט, האָב איך געוווסט, זענען פאַראַן רייכע ביבליאָטעקן און אוניווערסיטעטן אונטערן אויפזיכט פון גרויסע, גאָר גרויטע געלערנטע. אין די גרויסע שטעט זענען דאָ גרויסע זאַוואָדן און פאַבריקן. אָט, אויב מירן וועלן — שטעלן מיר זיך גאָר אויף אַ זאַוואָד אַרבעטן.

---

מיט די פויערשע שכנים וואָס אַרום אַנשל דעם שוחטס דירה בין

איך געווען ווינציקער אויפגעלעבט און ווינציקער באַקענט, ווי מיט די שכנים, וואָס אַרום דעם טאַטנס שטוב, דערום האָט מיך ווי איבערראַשט דער שטייגער לעבן פון גרעגאָרס שטוב, בשעת איך בין פאַר טאָג אַריינ־געגאנגען צו זיי.

אַשר מיט שאולן מיט רחלען האָבן געדאַרפט פאָרן מיט גרעגאָרס פור. און איך בין דאָס צווייטע מאָל געגאַנגען זיך צונויפרעדן וועגן דער צייט פון פאָרן.

מילא, אַ פור ווי' א פור. ער וועט פאָרן און קומען און מירן זיך צעצאָלן און פטור. נאָר די רגע וואָס איך בין געזעסן ביי זיי אין שטוב, האָט מיך מאָדנע איבערראַשט: די ווענט און די איקאָנעס, דאָס וויגעלע, דער אויוון און אפילו די פנימער פון די מענטשן האָבן אויף זיך אַ רויטן אָפּשיין פון דעם ברענענדיקן קין.

די שטעטלדיקע לייט שלאָפן נאָך צו מיינסטנס, נאָר דער בעל־מלאכה און דער פויער זענען שוין וואַך.

גרעגאָר זיצט און פלעכט זיך רויִק אַ פּאָר פּאָסטאָלעס, די אַלטע וועבט אויפן וועבשטול און לייגט אַלע מאָל צו אַ קינעלע צום פייער אונטערן קוימענדיקן זאַק. און די טאָכטער שטויסט פּראָסע אין אַ סטאָמפּ. ניטאָ אַרום מיר קיין טונקעלע פאַרבן: איר אנדאַראַק איז געל־רויטלעך, אירע האָר זענען ליכטיק, די גלאַטע סטאָמפּ און דער טוקאַטש זענען ווי געוועקסלט פון גלאַטקייט און די הירזש מיט דער פּראָסע אַליין זענען טרוקן, שיטיק, און אויך מיט אַזאַ מין פריילעכער עטוואָס גאָלדענער פאַרב. דער אויוון איז שוין איינגעהייצט. נאָר די קלענערע קינדער שלאָפן נאָך. ס'איז ווינטער. די בהמות דאַרף מען ניט טרייבן אויף דער פּאַשע, די גענדז און די חזירים אויך ניט.

מיר האָבן זיך דערערדט וועגן דער פור און ס'האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס איך דאַרף שוין אויפשטיין און אַוועקגיין פון דאַנען. פּונקט ווי דאָן האָט זיך מיר ניט געוואָלט שיידן מיט דער שטוב אין וואָראָביאָווער קרעטשמע, האָט זיך מיר אויך איצט ניט געוואָלט פון דאַנען אַוועקגיין. קען מען דאָך מיינען, אַז מיר זענען אַזוי ווייט איינס פון צווייטן, ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן. נאָר איבערגיין דעם וועג, שטייט אַנטקעגן אונדז עליע דעם האָספּאָדאַרס שטוב און געאָרעמט מיט עליעס הינטערהויף שטייט גרעגאָרס הויכער טויער. דער טויער, ווי ער איז הויך און שווער, עפנט ער זיך דאָך גרינג. אין הויף שטייט אַ שטיבל מיט קליינע פענצטער און אַ נידעריקער טיר. בייגסט נאָר אָן אַ ביסל דעם קאָפּ, טרעטסטו אַריבער דעם שווער און דו ביסט שוין דאָרטן. איך ווייס ניט, צי האָב איך אַזוי

פיל הנאה פון אָפּזיצן אָן אַוונט אין טעאַטער, ווי איך האָב מיר הנאה פון זיך געפינען אַ רגעלע מיט שכנים, פּויערים, אונטער איין דאַך.

---

אין שטאַל האָט מען בײַ אונדז אָנגעטריבן בײַ אַ צוויי הונדערט שאָף.

צי ס'איז געגאַנגען לויט דער ליניע פון פלייש־פאַרגרייטונג, צי אַזוי עפּעס, נאָר די בהמה האָבן מיר שוין איבערגענומען צו זיך אין דער הויכער פירהויז אַריין. היי האָבן מיר אויך אַהער אונטערגעטראָגן, וואָרעם דער שליסל פון שטאַל איז געווען בײַ אַ הויכן פרעמדן בחור, וואָס איז געגאַנגען ניט אין קיין שינעל, נאָר אין אַ פּעלץ און אויף דער באַראַשקענער היטל איז בײַ אים געווען אַ קליין שטערנדל.

אַ פּאָר טעג האָבן די דאָזיקע שעפּעלעך פון פאַרשיידענע הויפן און טשערעדעס געקוואַרטירט בײַ אונדז אין שטאַל און האָבן געמעקעט בײַ טאָג און בײַ נאַכט.

איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט און בין געקומען פון דער אַרבעט און די שעפּעלעך מעקען נאָך אַלץ. איך האָב זיך אפילו ניט געפּוילט אַרויפקריכן מיט די פיס אויף דער אונטערשטער לייסט פון טויער, זיך אָנהאַלטן אין אַ ברעטל און געגומען אַריינקוקן אין דער טונקלקייט פון שטאַל. איך האָב געוואָלט זען, וואָס זענען עס פאַר אַ באַשעפענישן, נאָר פּונקט אין דער רגע איז אָנגעגאַנגען דער בחור אינעם פּעלץ צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע רויטאַרמייער, האָבן אָפּגעשלאָסן די שטאַל און אַרויס־געלאָזט די כאַליאַסטרע.

מיר איז געווען מאָדנע, וואָס די דאָזיקע בחורים קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ זייטיקן פאַרשוין, כאָטש איך בין אייגנטלעך דער באַלעבאָס פון דער שטאַל.

די דאָזיקע שעפּעלעך האָבן מיר זיך פאַרגעדענקט אויף אַ לענגערער צייט קענטיק דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך דורכגעדרייט ערב אַ גרויס געשעעניש אין מײַן לעבן. דעם זעלבן פאַר נאַכט האָט איציק שענקמאַן מיך פלוצעם, ווי פון דער העלער הויט אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט אַרײַן און מיר געזאָגט:

— אייזיק, ס'מאַכט זיך פון דײַנעט וועגן אַ שטיקל נסיעה, וואָס אָדער דו וועסט מיך בענטשן אַלע יאָרן, אָדער דו וועסט מיר פאַרשילטן מײַן געביין.

— זאָג, וואָס?

— אָט איז דאָ אַ „פּוטיאָווקע" קיין קיעוו פאַר איין מענטשן אין פאָלקס־אוניווערסיטעט...

— מיר פעלט אָבער די נויטיקע צוגרייטונג, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, דערפילט ווי ס'האָט זיך מיר מיט אַ מאָל אָפּגעריסן עפּעס אין האַרצן, וואָרעם מיר דוכט זיך, אַז די כוואַליע האָט מיך שוין אַ שווענק געטאָן פֿון אָרט און טראָגט מיך שוין. איך זע, אַז איך וועל זיך שוין ניט קענען אויפהאַלטן.

— וועגן קיין צוגרייטונג האָסטו ניט וואָס צו רעדן, — האָט מיר איציק מיט זיין שטענדיקן אויטאָריטעט און זיכערקייט אין דער שטים געענטפערט. דערויף הייסט עס פֿאָלקס־אוניווערסיטעט, ווייל ס'ניט אויס־געדעכנט אויף פאַרענדיקטע גימנאַזיסטן, ס'איז אויסגערעכנט אויף מיר און אויף דיר. אמת, דו ביסט געלערנטער פֿון מיר. קורץ, די „פוטיאָווקע" האָט צייט וואַרטן אין גאַנצן דריי טעג. עצה זיך אויס מיט דיין ווייבל, מיט די שוועסטער און גיב מיר מאָרגן אַ תשובה. ניט דיך, וועט מען דאַרפֿן שיקן עמעצן אַנדערש. וועלן וואָלט איך געוואָלט, אַז די „פוטיאָוו־קע" זאָל אַריינפאַלן אין גוטע הענט.

איך האָב געוואָרפן אַלע אַרבעטן און בין אַוועקגעלאָפן אַהיים. פאַליע האָט זיך דערשראָקן, זי האָט געמיינט, ווער ווייסט, וואָס ס'האָט זיך געטראָפן. דערהערט אַזאַ מין זאַך, האָט זי זיך צום ערשטן דערפרייט, נאָר זי איז זייער גיך געוואָרן אויסגעלאָשן און אפילו אומעטיק. ס'האָט איר גלייך אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ די סיבה, וואָס דערלויבט מיר, אַזאַ אָפּגערוטן איינגעזעסענעם מענטשן, זיך אויפהייבן הענדום־פענדום, פאַר צוויי טעג זיך צערעכנען מיטן שטעטל און אַוועקפאָרן. און זי, פאַליע, וועט בלייבן דאָ אין דער פרעמד. אפילו ניט אין איר סענדעריוועקער אויסגעבלאָזענער הויז (ווו די סענדעריוועקר שוחטקע, די אלמנה, וווינט אַציִנד מיט איר טאָכטער און מיט די אייניקלעך).

זי האָט מיר אַ גאַנצן טאָג נאָכגעגעבן, אַז איך פאָר. אַז זי איז שטאָלץ פֿון מיין דרייסטקייט. ס'איז איר נאָר אַ חידוש, וואָס אַזוי, אָן קיין האַ־רעוואַניעס, אָן קיינע איינרעדענישן בין איך גרייט זיך אויפצוהייבן און פאָרן.

— איך מיין, — זאָגט זי, — אַז פריידקע וועט דיך אויך ניט אָפּרעדן פֿון אַזאַ מין זאַך.

נאָר פריידקע איז אין קראָסנע. זי וועט ניט באַווייזן קומען ביז מיין אַוועקפאָרן.

און פֿון די קינדער האָבן מיר דערווייל ניט קיין ידיעה. מיר ווייסן ניט צי האָבן זיי זיך דערלאַנגט צו זייער פעטער פסח־אהרנען קיין סאָרנע אָדער ניין. און דאָס וואָלט מען גראָדע זייער דאַרפן וויסן. נאָר דאָס

פּאַפּירל איז שוין ביי מיר אין קעשענע. מיט אַזאַ פּאַפּירל זיצט מען ניט אין דער היים. האָבנדיק אַזאַ פּאַפּירל איז פּונקט ווי דו וואָלסט געזעסן אין אַ נייעם אויסגעפּאַרבטן וואַגאָן און מיט יעדער רגע וועדסטו ווייטער פון דער היים און אפילו פון זיך זעלבסט.

איך האָב זיך צערעכנט אין אַרטעל. איך האָב איבערגעגעבן מיינע ענינים אין פּאַראיין. אין פּאַראיין קומען איצט צו פרישע מענטשן, און ערשט נאָך וואָרמעס אין דער היים, האָט מיך פּאַליע באַגעגנט מיט אַ שלעכטן פּנים.

— דו ווייסט, — זאָגט זי, — איך האָב באַגעגנט די, מיט די גראָבע פּיס. איז זי, ביי איר בלייבט עס, אויך זייער אומעטיק. מירן דאָ מיט איר בלייבן צוויי לעבעדיקע אלמנות.

— אייזיקל, — האָט זיך פּאַליע אין אַ רגע אַרום ווידער אָנגערופן, — ווייסטו גאָר וואָס? פאַר ניט אַוועק. איך וועל דיר באַקן אַלע טאָג לאַט־קעלעך אַזעלכע ווי דו האָסט ליב און איך וועל לאָזן זאָלסט זיי כאַפּן גלייך פון דער סקאָוורעדע, דו ווייסט? ס'איז אונדז דאָ גאָר ניט אַזוי שלעכט. מירן זיך ווי עס איז אַדורכלעבן אָן די אוניווערסיטעטן...

און ס'האָבן זיך איר פּאָר אַ נאָווינע געשטעלט טרערן אין די אויגן.

ס'איז געקומען צו מיר די מאַמע. דאָס איז בפירוש געווען ניט קיין אונטערגעשיקטער מענטש, ניט קיין משגיח אויף פרעמדע עוולות, נאָר אַ מאַמע. און דאָך...

איך האָב זי געבעטן זיצן — איך זע זי דאָך ביי זיך די לעצטע צייט אַזוי זעלטן.

אין די ווינטער־קעלטן, אַז מען שטעלט אַ סאַמאָוואַר פון פרישן וואַסער און נאָך אין הייזל, גייסטו אַרויס אַלע מאָל געוויר ווערן, טוסט אַ קוק אין רער, אין פייעררער צי ס'איז דאָ פייער: ס'איז דאָ! די קוילן גליען? יאָ. טוסטו אָבער אַ טאַפּ די וועגטלעך פונעם סאַמאָוואַר און דערשרעקסט זיך: זיי זענען קאַלט, אַזש פאַרשוויצט פון קעלט.

וועט עס שוין אייביק זיין אַזוי? ניין. אָבי צייט און געדולד, וועט זיך דער סאַמאָוואַר צעוואַרעמען און אפילו זידן אויך.

וואָס האָט זי געוואָלט פון מיר, די מאַמע? זי איז געקומען אַ ביסל זיצן? גלאָט אַזוי? — זייער פיין.

ניין? יאָ?

דאָס הייסט, זי איז געקומען, זי האָט געהערט... — און זי וויינט שוין. דער פּנים האָט זיך פאַרקרימט, די אויגן ווערן מאָדנע אויפגע־קנייטשט און לאָזן פייכטקייט. — זי האָט געהערט, אַז איך פאָר אַוועק

און מען ווייסט ניט ווו.

— וואָס הייסט, מען ווייסט ניט ווו? דו האָסט ניט געהערט וועגן אַזאַ שטאָט ווי קיעוו.

— מען האָט געהערט קיעוו, מען האָט געהערט נאָך שטעט, נאָר דאָס פאָרן איז אָן אַ תּכלית און אָן אַ געדאַנק, אָן אַ געדאַנק און אָן אַ חשבון. אַזוי ווי... אַזוי ווי, פּראָסטי האָספּאָדי, דיינע אַלע טועכצן די לעצטע צייט.

נו, דאַ ווען איך ווער שוין אין כּעס, וואָלט שוין אויך ניט געווען פון די איבעריקע עוולות. און איך הייב טאַקע אָן:

— אַזוי איז ניט מען הערט דיך און ניט מען זעט דיך. נאָר אויף באַוויינען ביסטו דאָ. אַזוי ווי עמעצער האָט דיך אויף דעם גערופן?!

פאַליע האָט זיך אָפּגערופן צו דער מאַמען און מיט איר גערעדט פונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס זי האָט איצט געקלערט.

זי האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז סע קען זיך פון דעם אויס־קאָטשען גאָר אַ גרויסער תּכלית, מען זאָל זיין אַ הילף אי פאַר זיך אַליין, אי פאַר די קלענערע קינדער, אי אפילו פאַר זיי, פאַר די עלטערן אויך. אַ גרויסע שטאָט האָט נאָך אין זיך אַנדערע מעלות.

די מאַמע האָט, ווייזט אויס, מער ניט געקענט איינטענהן. ס'איז איר אפילו געווען ניט ליב, וואָס פאַליע רעדט ניט צו דער זאַך, האָט זי נאָר ביים אויפהייבן זיך אויף אַוועקצוגיין אַ זאָג געטאָן:

— דער טאַטע, כאָטש ער וויל זיך ניט מישן אין די זאַכן, האַלט אויך, אַז מען דאַרף אין ערגעץ ניט פאָרן. — און זי איז כּמעט אָן אַ גוטן טאָג אַוועקגעגאַנגען.

איך האָב עפּעס אַרויפגעכאַפּט אויף זיך און בין אַרויס צוזאַמען מיט איר. איך מעג אויף איר זיין ברוגז, נאָר איך וויל ניט, זי זאָל זיין אַ פאַרוויינטע אָדער אָן אומעטיקע.

מיר זענען געגאַנגען און כּמעט געשוויגן. און ערשט אינעם קליינעם געסל, ווו סע זענען שוין ניט געווען קיין הייזער, האָב איך זיך אָפּגע־שטעלט און געזאָגט:

— נו, מאַמע, איך גיי... שוין אַוועק.

די מאַמע האָט אָנגענומען מיין האַנט, ווי עפּעס אַ זאַך, וואָס גע־הערט אין גאַנצן איר, און וואָס איז ביי איר זייער טייער, זי האָט ווי אַ פריש פלעצעלע עס געדרייט און געדריקט פון אַלע זייטן. דערנאָך האָט זי גענומען קושן מיט איר ווייכן מאַמעשן מויל. זי האָט זיך אַ ציי געטאָן צו מיר און מיך אָנגעקושט אין באַק, אין קאָפּ, און אין שטערן. און זי איז אַוועק מיט גיכע קליינע טריט.

טייערע מאַמע...

איך בין געבליבן שטיין אַ רגע אין אַזאַ מאָדנער, קינדערשער אומ־באַהאָלפנקייט, אַז כאַטש נעם און יאָג זי אַן און רעד פאַר איר אויס דאָס האַרץ ביזן סוף. איך וואָלט נאָך אַזוי געשטאַנען און געשטאַנען, נאָר איבערגעשלאָגן האָט מיר אַ ביסל אַ יונגער מענטש מיטן נאָמען שיינדל. זי איז ערגעץ געגאַנגען און זיך דערפרייט, וואָס זי האָט מיך פלוצעם דערזען...

מיין מוח זאָל געווען זיין אַ ביסעלע רירעוודיקער, וואָלט איך זיך גלייך אויפן אָרט אָנגעשטויסן, אַז געגאַנגען איז זי ניט ערגעץ און דערזען האָט זי מיך ניט פלוצעם. זי האָט פשוט געזען פון גאַניק, אַז איך גיי מיט דער מאַמען, איז זי אַוועק נאָך מיר מיטן מיין, אַז זי וועט מיך אָדער איבערנעמען, אָדער אויף מיר אויסוואַרטן.

אייגנטלעך אין דעם איז אויך ניטאָ קיין שום בייז, מיר זענען סיי ווי ליב די מענטשן, וואָס ווילן מיך און דאַרפן מיך.

מיר זענען אַרויף מיט שיינדלען אויף מיקיטיכעס גאָרטן. ווינטער מעג מען גיין איבער די גערטנער אויך, און מיר האָבן אים איבערגע־מאָסטן הין און צוריק דורך זיין גאַנצער לענג אַ מאָל פופצן אוודאי. געגאַנגען זענען מיר פאַמעלעכל, ניט געאיילט.

שיינדלען איז געווען שלעכט אויפן האַרצן, נאָר זי האָט זיך גע־שעמט פאַר מיר קלאָגן. זי האָט געוווסט, אַז איך האָב עס ניט ליב. אין פלוג גערעדט, בין איך איר גאָר מקנא. אַ געזונטע שטיק, אַ ציכטיקע, אַן איין־איינציקע ביי טאַטע־מאַמע. אַז זי טוט אַ גיי ביי זיך איבער די צימערן, זינגט אי פון די צימערן, אי פון איר. און דערצו דאַרף זי נאָך אין ערגעץ ניט פאָרן זיך שוואַרצן דאָס פנים... וווהין פאַר איך דען? נאָך וואָס פאַר איך? עמעצער וועט מיך צונעמען? איך קען עפּעס? איך ווייס עפּעס? אין בעסטן פאַל וואָלט איך זיך קענען שטעלן אין אַ בעקעריי, פונאַנדערפירן ברויט און בולקעס אין די קראָמען. איז אויך מיט פערד וועט מיר אין דער גרויסער שטאָט זיין שווער זיך אַן עצה געבן. אַ פערד קען איך דווקא אָנטרייבן, נאָר ניט אין אַזאַ ענגשאַפט ווי דאָרטן. איז מיט אַ האַנט־וועגעלע וואָלט מיר געווען בעסער פו־נאַנדערפירן די קוישן ברויט... אָבער אין קיעוו, זאָגט מען זענען גרויסע בערג.

— דו מיינסט סע איז גרינג — זאָג איך צו שיינדלען, — אַרויפ־שלעפן אַ וועגעלע ברויט אויף אַ גרויסן באַרג?

זי האָט מיך אַ בייזן קניפּ געטאָן העכער דעם עלנבויגן, אפילו

דורכן גראָבן מאַנטל האָב איך געפילט, אַז זי האָט מיר שיער ניט אויסגעריסן אַ שטיק פלייש און ס'האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן. און גראָדע ניט פון דעם, וואָס זי האָט מיך געזשאַלעוועט, וואָס זי זעט מיך זיך שלעפּן איבער קיעווער בערג מיט אַ וועגעלע ברויט. ניין! אויף מיר האָט זי געקוקט ווי אויף אַ מאַגנאַט, ווי אויף אַ בעל־כּוח, ווי אויף אַ מענטש ביי וועמען סע וואַקסן גרויסע און מעכטיקע פליגל. נאָר זי? זי בלייבט דאָ אין אַזאַ דערשטיקעניש, איז ווי אַזוי פאַרגין איך זיך פון דעם ניט געדענקען?!

נו, אויב אַזוי זעגען מיר דאָך געוויס שלום. טאָ לאָמיר זיך כאָטש גוט אָנגעזעגענען דאָ ביי מיקיטיכען אויפן גאָרטן.

אינעם פאַרנאַכטיקן סוף־ווינטערדיקן פּרעסטל, ווען די שנייען ווערן ווינציקער און די לבנה אויסגעלייטערטער, זעען אויס די מינוטן פון אָפּשייד באַטעמט און פאַרשלייערט.

— שיינדעלע, ברענען זאָלסטו, ווי אַזוי הייבט מען זיך אויף און מען פאָרט אַוועק פון אַזעלכע געשמאַקע פּיסקעס?

— ניין, ניין, פאָר. — האָט זי זיך אָפּגעריסן פון מיר מיט אַזאַ אימ־פּעט און שיער ניט מיט שרעק. פאָר! זאָלסט ניט איבערקלערן אפילו אויף קיין איין רגע.

— און מיך?... — האָט זי אין אַ רגע אַרום צוגעגעבן שטיל און האַפנונגסלאָז, וואָלסטו אויך מיטגענומען מיט זיך. איך וועל דיר ניט מאַכן שווערער. איך וועל דיר מאַכן גרינגער. דו וועסט צו מיר פאַר־שפּאָרן אַ דינסט. אָט די־אָ הענט מיינע קענען און ווילן פון דיינעט וועגן אַלצדינג טאָן: קאָכן, וואַשן, באַקן, אויסדרייען די גרעט, איבער־שרייבן פּאַפּירן. אַלץ וואָס דו וועסט דאַרפן... ווען איך קען זיך אַזוי איבערטאָן, אַז פאַליע זאָל מיך ניט דערקענען, איך בין איר ניט קיין שונא. איך וויל נאָר זיין לעם אייך. מיט וואָס איז זי מזלדיקער פון מיר?

— זי איז ניט מזלדיקער, שיינדעלע. פאַליע איז בכלל ניט קיין מזלדיקע, נאָר איך דאַנק איר, וואָס זי איז צו מיר גוט...

— זאָלסט אָבער וויסן ווי אַזוי זי איז צו מיר שלעכט?!

— ניט איבער דיין שולד.

— אָבער דו אָנערקענסט אויך, אַז ניט איבער מיינער?

— ניין, ניין. ניט איבער דיינער. פאַליע וויל ניט אויסלאָזן צו קיין נעענטערע, לאָזט זי אויס צו דיר. אונדז, אירע נאָענטע, האָט זי צו פיל ליב זי זאָל אונדז וועלן מיט עפּעס קימערן.

ביי די רייד האָבן מיר דערזען, ווי עפּעס אַ שאָטן ציט זיך באַרג

אַרויף אַהין, צו מיינע עלטערן צו. אַ מאָל קען עס זיין מיין טאַטע, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט ביי מנחה־מעריב, און טאָמער איז עס פאַליע אַליין? קען זיין, אַז זי גייט מיך זוכן ביי מיינע עלטערן. אויב איך פאַר מאָרגן גאַנץ פרי, דאַרף מען זיך פאַקעווען.

— ס'איז זי?

— ניין. עמעצער אַנדערש.

— לאָמיר זשע זיך גיך נאָך אַ מאָל אָפּגעזעגענען, שיינדל, און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיך געדענקען.

— צי איך וועל דיך געדענקען?

לעם שיינע־איטעס טונקל־באַלויכטן קלייטל האָבן מיר אַרויסגעלאָזן די הענט איינע פונעם אַנדערן און זיך שטיל צעגאַנגען יעדערער באַזונדער. און ס'איז מיר ווידער אַ מאָל וואַרעם פון שיינדלס באַציונג. זי דאַרף מיך ניט פאַר קיין מאַן. איך בין פאַר איר ניט קיין שפּייזער און קיין אַנשפּאַר. זי איז אויך ניט אָט דאָס אויסגעלאַסן גביריש מיידל, וואָס דאַרף האָבן אַ געליבטן פון די אונטערגעסלעך, אַ יאַט מיט ברייטע אַקסל און געזונטע אברים. ווו זענען דען מיינע ברייטע אַקסל און מיינע געזונטע אברים? און דאָך איז זי מיט מיר גוט. זי ציט זיך צו מיר מיטן גאַנצן האַרצן.

---

פאַליע איז געזעסן ביים אַכטער לעמפּל און גאָרניט ניט געטאָן. מיך דערזען, האָט זי ניט געביטן די פּאָזע — זי האָט מיך נאָר אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס מאַכן עפּעס די גראָבע פּיס? ס'טוט זיי שטאַרק באַנג, וואָס דו פאָרסט אַוועק.

— פון וואַנען ווייסטו?... אַזוי גיך און מען האָט דיר שוין צו־געטראָגן?

—קיינער האָט מיר גאָרניט צוגעטראָגן, אייזיקל. איך זע אַליין מער ווי איך וויל (פאַר יאָרן און פאַר מיילן). און ביי וואָלט איך עפּעס גוטס געזען, אייזיקל...

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן פאַליען לעבן דעם זעלבן אַכטער לעמפּל, און פאַליע האָט מיט מיר גערעדט פונקט ווי דאָס וואָלט געווען העכער אַ יאָר צוריק אין סענדעריווקע. מיר האָבן גערעדט ווי אַ באַקאַנטע מיט אַ באַקאַנטן. מיר האָבן זיך געטיילט מיט געפילן און מיט איינדרוקן, און פאַליע האָט מיר דערציילט וועגן אַ פאַרשאָלטענער ברכה, מיט וועל־כער זי איז געבענטשט. אַז זי האָט זיך מיט מיר באַגעגנט, האָט איר ווי־

אין אַ שפּיגל אויף אַ רגע זיך אַ ווייז געטאָן דער גאַנצער וועג פון אונדזער לעבן.

— און דו ביסט דערויף געגאַנגען?

— איך האָב דען אַ בעסערן מזל?

ס'האָט זיך געעפנט די טיר, און איציק שיינקמאַן איז צו אונדז אַריינ־געשפּרונגען.

— איך ווייס ניט, — זאָגט ער, — צי איך וועל זיך מיט דיר מאָרגן קענען זעגענען... איך זע, אַז עס לייכט זיך ביי אייך, בין איך אַריינגעלאָפן.

— איציק, — האָב איך אַ פרעג געטאָן, — וואָס וועט דאָ פערל טאָן?

איציק האָט געשוויגן אַ רגע, ניט געקוקט אין קיינעמס זייט און גע־ענטפערט: אַרבעט איז דאָ גענוג! אָט דאַרף מען אין קינדערהיים אַ מענטשן נויטיק ווי אין לעבן. פריידקע וועט מסתמא אוועקפאָרן צוזאַמען מיט דיר. זי וועט דאָ ביי די עלטערן ניט וועלן זיין. דאָרט וועט איר זיך ביידע לערנען און געניטן. ווי אַזוי זענען די „אַמעריקאַנצעס" פאַרפאָרן? גוט?

—דער פורמאַן האָט געבראַכט פון זיי אַ קוויטעלע.

אַז איציק איז אַוועקגעגאַנגען, האָט פאַליע אַ זאָג געטאָן, ווי אין דער וועלט אַריין:

— איך וואָלט אַ בעלן זיין צו וויסן, וואָס סטאַרעט ער זיך אַזוי?

— אים טוט באַנג, וואָס ער אַליין קען ווינציק, וואָלט ער וועלן, אַז עמעצער זאָל כאָטש צו עפּעס קומען. עס זענען פאַראַן אַזעלכע מענ־טשן, וואָס עס קלעקט זיי ענערגיע אי פאַר זיך, אי פאַר יענעם. נישקשה, שיינקמאַנס האָבן מיר ניט קיין סך. די שטאָט האָט אים אַ סך צו פאַרדאַנקען.

---

אין שטוב איז ביי אונדז געווען שטיל ווי נאָך אַ יאַריד. מילקע איז געווען אין סענדעריווקע, געדאַרפט דאָרט עפּעס צונעמען זאַכן. מיט פריידקען וועל איך זיך טרעפן אין קראָסנע. פון אַשרן מיט שאולן און רחלן וועל איך אפשר שוין באַקומען בריוו ערשט אין קיעוו. זענען מיר אין צווייען אין שטוב „דיד־דאָ־באַבאָ". מיר האָבן אַ מעגלעכקייט זיך שיין און וואַרעם געזעגענען און אַלע רגע גייט מיר איבער אַ געדאַנק — צי דען פאָר איך? צי דען וועל איך מאָרגן, שוין אויף דעם געלעגער ניט שלאָפן?

פאַליע האָט מיך געטריי און דאָרשטיק אַרומגענומען. איר לייב איז געווען הייס ווי פייער און זי האָט מיר וויינענדיק געזאָגט:

— זאָלסט נאָר וויסן ווי אַזוי איך וועל דאָ טעג און נעכט בענקען!

איך נעם אַרום פאַליען. איך ווייס, אַז קוים האָב איך עמעצן, איז זי די נאָענטסטע. און אויב דער קאָפּ איז איר אַזוי פאַרמאַראַטשעט, טאָ ווער קען זי גאָר אַזוי שאַנעווען ווי איך?

פאַליע פאַרפירט מיט מיר אַ לאַנגן שמועס. איצט האָבן מיר נאָך צייט צו רעדן. מאָרגן גאַנץ פרי וועל איך אַוועקפאָרן, אַזוי ווייזט עס אויס. און מעגלעך, אַז אויף לאַנג.

פאַליע איז עפּעס ברוגז אויף איציקן — ער איז אַן ענערגישער מענטש. ער, איציק, וועט נאָך זען, אַז מילקע זאָל אויך אַוועקפאָרן לערנען. יאָ, אויף אים איז צו גלייבן.

— אייזיקל, מיין חיות, פאַר וואָס זשע זאָל ער ניט מאַכן, אַז איך זאָל אויך פאָרן צוזאַמען מיט דיר? דו מיינסט, ס'איז אים אַזוי שווער? צי דאָס בין איך אַזוי שטאַרק איינגעוואָרצלט אין סלאַוועשנע און קען פון דאַנען ניט אַוועקפאָרן? דאָ האָב איך דען מיינע דירות, מיינע פריינט, מיינע חברטעס... מיינע קינדער, וואָס לערנען זיך אין די שולן און איך קען זיי ניט איבערלאָזן?

— איך ווייס ניט וואָס דו רעדסט, פאַליע.

— איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך רעד, מיין קליינינקער נאַרעלע. מאָרגן וועסטו זיך אַוועקשלעפּן אין דער פרעמד. ביי דער סאַוועטסקער „וולאַסט" וועסטו ניט פאַרפאַלן ווערן. דו וועסט אפילו אויסוואַקסן אויך, נאָר פאַר וואָס איז מיר איינער באַשערט איטלעכן איבערוואַרטן?

פאַליע האָט געגליט ווי פייער. זי האָט מיך געקושט, זיך געטישעט מיט מיר. איך האָב זי אויך ליב געהאַט, נאָר ערגעץ ווייט, ווייט אין דער נשמה האָב איך געפילט, ווי מאָדנע אומבאַהאָלפן און פאַסיוו מיין לעבן איז. אַז מען הרגעט מיך ניט, בלייב איך לעבן. שיינקמאַן שיקט מיך לערנען, — פאָר איך. איך קען עס גאָר אַזוי פיל ניט אַרויסגעבן.

פאַרן איינשלאָפן האָט פאַליע אַ זאָג געטאָן:

— גאַנץ פרי וועט צופאָרן די פור פונעם פאַראיין.

און איך, דעם אמת געזאָגט, וויל גאָר ניט קיין פור. איך קען נאָר פאַר קיינעם אַזוי פיל ניט אַרויסגעבן, ווי אַזוי איך וויל גאָר אין גאַנצן ניט פאָרן. איך האָב גאָר מורא פאַרן איינעם וואָרט — פאָרן. ווען איך פאַרנאָר זיך צו בוזיען צי צו חנהקען, וואָלטן זיי מיך שוין אין ערגעץ ניט געלאָזט. און דאָ לאָזט מען ניט, מען לאָזט ניט און מען לאָזט דאָך פאָרן.

---

ביי נאַכט, אין מיטן שלאָף, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט עטלעכע מאָל: טאָמער פאָרט מען שוין.

פאַר טאָג האָט מיך פאַליע אויפגעוועקט.

ס׳האָט מיך געקעלטערט. ס׳איז מיר געווען אומהיימלעך, דאָך האָב איך זיך אָנגעטאָן. אגב איז גוט וואָס די פור איז געקומען אַזוי פרי. ס׳איז נאָך בלוי אין דרויסן. איך האָב זייער ניט ליב זיך לאַנג זעגענען און זיך זעגענען מיט אַ סך מענטשן.

ס׳איז שוין נאָך שליטוועגס. מען מוז שוין פאָרן מיט אַ וואָגן. דער פורמאַן, ווייסט ניט פון קיינע זאַכן. ער מיינט, ווי באַלד דער פּאַראַיין האָט אים געשיקט, פירט ער עפּעס אַ נאַטשאַלניק. און אייזיקל זיצט טאַקע ווי אַ „נאַטשאַלניק" איינער אַליין אויף דער אויסגעבעטער „סידיעניע" און ער פאָרט.

ער פאָרט, ווייל סע פאָרט זיך. די רעדער דרייען זיך און די פערד לויפן אַהין, אויף אַרויס פון סלאָוועשנע. די פּלייצע פונעם פורמאַן איז מיר אַ פּלייצע, דער געשפּאַן פון די פערד איז מיר אויפן אָרט און איך בין, דוכט זיך, אויך אויפן אָרט. אַ ליב אָרט פאַר מיר פון אַלע יאָרן. אָט־אַ פאַרקערעווען מיר אויף לינקס און מיר וואָלט זיך זייער וועלן איבערלאָזן דעם פורמאַן. זאָל ער פאָרן, און אַליין זיך אַרויסגנבענען, אַראָפּשפּרינגען אויף אַ רגעלע פון וואָגן. מיך וואָלט ניט אַרן אפילו אַריינ־לויפן אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך איצט ביים טאַטן אין דער היים. ווי אַזוי ס׳איז דאָרטן אַלץ איינס אי פאַר מיין אָוועקפאָר אי נאָך מיין אָוועקפאָר. זיך פאַרגנבענען צו יצחקן דעם קלייטניק. די קלייט איז נאָך דאָרטן ניט געעפנט, נאָר שיינדל איז שוין אויף, זי וואַשט אוודאי די מעלקשעפל לעם מילכיקן טאָפּטשאַן און קלערט. פּונקט אין דער רגע קלערט זי ניט פון מיר, נאָר פון ווילדע זייטיקע זאַכן, ווי זייער שכנה, צום ביישפּיל, ריווע די אַלטע איז אַ בייזע יידענע. וואָס איז איר עסק קריכן איטלעכן אין דער נשמה אַריין? איך וואָלט זיך אויך ניט איינגעהאַלטן און אָוועק־געלאָפן צו אנשלען דעם שוחט אין דער צווייטער העלפט, ווו סע וווינען ביי אים שכנים. נו, דעם האַרבאַרניקס זון, וואָס האָט חתונה געהאַט דאָס צווייטע מאָל מיט שילעם סענדעריוויקעס אַ מיידל. אָ, דאָרטן, דאָרטן איז שטיל אין שטוב. און דאָס ווייבל, פאַליע, הייסט זי, זיצט איינע אַליין גאַנץ פרי ביים טיש. די הענט ווילן זיך צו גאָרנישט ניט נעמען. צו איר וואָלט איך זיך וועלן פאַרגנבענען אין שטיל, שטיל אָנרופן, כדי זי ניט דערשרעקן:

— פאַליע, ווו בין איך איצטער, אין דער היים צי אויפן וואָגן?

אויב אויפֿן וואָגן, בין איך שוין הינטער ווערפּי.
יאָ, ס׳הייבט זיך שוין אָן דער ווערפּיער באַרג.

— ווזשע כאַלאָדיוו נע בודע, — האָט זיך דער פֿויער געגעבן אַ קאַטשע אַראָפּ פֿון וואָגן. די פֿערד זאָל זיין גרינגער צו שלעפּן און שוין גייענדיק נאָכן וואָגן האָט ער מיר אַ ווייז געטאָן מיטן בייטששטעקל צום הימל.

דאָרטן איבערן וואַלד זענען געפֿלויגן פֿויגל. די פֿויגל זענען איבער עפּעס געפֿלויגן צו מיר אַהיים. און איך לאָז די דאָזיקע היים איבער און פֿאָר פֿון איר אַוועק. צוליב וואָס זשע מייד איך זיך אויס מיט זיי? איך האָב זיי דען פֿיינט? צי האָב איך דאָ בכלל עמעצן פֿיינט?

---

פֿריידקע האָט זיך זייער גרינג געלאָזט איינרעדן.

אויך פֿאַר איר איז מיין פֿאָרן, און באַזונדערס איר פֿאָרן, געווען אין גאַנצן אומגעריכט. אָבער זי איז געפֿאָרן קיין קיעוו אַזוי ווי אויף אַ יום־טוב. בפֿרט אַז זי האָט פֿאַרענדיקט זיך נייען אין קראַסנע איר ליכטיקן קאָסטיום מיט די בערעלעך, וואָס זעט אויס ווי אַ מין באַ־ראַשקע. אויף פֿרילינג וועט עס זיין אַ קאָסטיום איינס אין דער וועלט.

אין קינדערהיים, האָט זי שוין געוווסט, וועט אויף איר אָרט אַרבעטן פֿאַליע.

זיך זעגענען מיט דער מאַמען און אין קינדערהיים, אָט דאָס וואָלט זיך איר זייער געוואָלט, נאָר ס׳איז שוין צו אַ גרויסע איינשטעלעניש, ווייזט זי זיך נאָר אַריין מיט איין פֿוס קיין סלאָוועשנע. אַזוי וועט זי זיך פֿון דאָרטן נאָך אין צען יאָר אַרום ניט אַרויסרייסן. אויף דער מאַמען איז טאָקע אַ רחמנות. פֿאַר איר וועט עס זיין אַ קלאַפּ. סאַמע פֿריידקען אַפּלאָזן ניט חתונה־געהאַטערהייט, גאָט ווייסט ווהין?! נאָר איר ווייסט וואָס הייסט יונג זיין? דער חשק צו פֿאָרן, צו זען עפּעס, האָט גובר געווען אַלע איבעריקע בענקשאַפֿטן. הכלל, מיר פֿאָרן. לעם דער באַן האָבן מיר געטראָפֿן פֿייטלען די ציג.

— קינדער, ווהין פֿאָרט מען עס עפּעס?...

אין זיין קול האָט בפּירוש געקלונגען אַ גוט־פֿריינדישע נאַטקע, פֿאָרט אַ זעמליאַק, דאָך האָב איך אים געענטפֿערט:

— צו גאַסט.

פּונקט אים האָב איך ניט פֿאַרגונען זאָגן, אַז איך פֿאָר אַוועק פֿונעם שטעטל. פֿריידקע האָט זיך ווי אַ קינד אַ כאַפּ געטאָן אויפֿן ליגן וואָס

איך האָב געזאָגט, אָבער זי האָט זיך באַלד דערפרייט:

— יאָ, יאָ, איר זאָלט אָפּגעבן אַ גרוס דעם טאַטן און דער מאַמען, זאָגט זיי, אַז איר האָט אונדז געזען. מיר זענען ביידע געזונט.

---

ווי?

אין דרויסן איז נאָך ווינטער? ניין, ס'שוין ניט ווינטער. בפרט, אַז מיר זענען יונג און ס'איז אונדז פון עפּעס גאָר גוט אויפן האַרצן.

אויף דער באַן האָבן מיר ניט געוואַרט לאַנג. סך־הכל אַ שעה פיר אָדער פינף. אַנדערע זאָגן, אַז ס'איז אַ גליק. מען קען אַזוי אָפּוואַרטן אַן אַנדערהאַלבן מעת־לעת אויך און דערצו ניט וויסן אויף קלאָר וויפל ס'איז נאָך געבליבן צו וואַרטן. ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט אויך מיט אַ וואַגאָן. ערשטנס, זענען מיר מיט פריידקען צוזאַמען. אָט זענען מיר שוין פון אויבן און מיר האַלטן זיך פאַר די הענט, מיר זאָלן וויסן אויף זיכער אַז קיינער האָט אונדז ניט צעשיידט. מיר שטייען מיט נאָך הונדערט מענטשן אוודאי. ס'איז אַ טאָפּטשאַן אויף רעדער, אַ „פּלאַשטשאַדקע" אַזאַ, אויף וועלכער מען פירט ביימער, ברעטער, שטיינער און זאַמד. און קיינער קומט אונדז ניט טרייבן פון דאַנען און קיינער פרעגט ביי אונדז ניט ווער האָט אונדז געגעבן דאָס רעכט צו פאָרן אָן בילעטן. ס'איז חי־געלעבט, אויף מיין וואָרט. און ניט נאָר מיר אַליין פאָרן. אונדזער באַגאַזש איז אויך מיט אונדז. פריידקע האָט זיך אַ רענצעלע מיט אירע שמאַכטאַלאַיעס. און איך, איך פיר אין אַ פּראָסטן לייוונטענעם ליילעך, צוויי קישנס, אַ גרויסע און אַ קליינע. קיין קיעוו, אַז מען פאָרט, איז גוט, אַז מען האָט אייגענע בעטגעוואַנט. אפילו אַז מען פאַרפאָרט צו פריינט, איז אויך גוט, אַז מען רייסט ביי יענעם ניט אַרויס דעם קישן פון אונטערן קאָפּ. ווידער האָב איך געפירט אין אַ סטאָליאַרסקן פוטליאַר פון ניט געפּאַר־בטע ברעטלעך — מיין פידל. אָן אים, אָן דעם פידל, ווייס איך ניט צי וואָלט אפילו איציק אַליין ביי מיר געפעלט איך זאָל אָוועקפאָרן. ס'איז ביז גאָר אַ פיין שטיקל מעבל, אפילו אין וועג איז מיט אים אויך פריילעכער. אויף וואָס האָב איך אים געדאַרפט, דאָס ווייס איך עד־היום ניט. נאָר דענסטמאָל איז עס געווען פאַר מיר אַזוי נאַטירלעך. וואָס דאַרף מען מער, — ווען ס'איז קרום, וואָלט דאָך מיר פריידקע איבערגעפרעגט, ניין. ס'איז נאַטירלעך. ס'איז נאָרמאַל. און וואָס נאָך? מער גאָרניט. מער האָב איך גאָרניט געהאַט ביי זיך אויסער די עטלעכע העפטן מיט מיינע כּתבים. איך מיין, אַז ניט נאָר איך האָב זיך געשעמט אויסזאָגן פאַר עמעצן, אַז זיי זענען מיט מיר, נאָר אפילו זיי אליין האָבן זיך געשעמט,

וואָס איך פיר זיי. אָט־אָ, צווישן די פּאַפּירן איז דאָ איינע אַ פּיעסע, וועלכע איך אַליין האָב אָנגעשריבן און אַליין דאָרטן געשפּילט. אָט דאָס, קען זיין, איז גראָדע יאָ אַ קאַפּיטאַל. און ווייטער, ווער ווייסט זיי דאָרטן, די קיעווער מבינים, וואָס זיי וועלן דערויף זאָגן? איך קלער צו אַלעם ערשטן אַריינגיין מיט איר אינעם גרעסטן קיעווער קינדערהיים. אויב אין קראַסנער קינדערהיים זיצן די קולטורעלסטע מענטשן, קערן אין קיעוו אין די קינדערהיימען זיין הוילע שרייבער און הוילע געלערנטע. איך וועל פריער אָנהייבן פון די יונגע דערציער און דערציערינס און דער־נאָך, אויב זיי וועלן מיך ניט אָפּרעדן, וועלן מיר שוין דערגיין צו די גרעסטע. אינעם ליילעך, ווו די קישנס ליגן, טאַפּ איך אַלע מאָל אָן דאָס אָרט, ווו איך דערפיל אַ גלאַטקייט און אַ האַרטקייט פון פּאַפּיר. יאָ, מיין ביסל גוטס איז דאָ.

און די באַן פאָרט גאַנץ פריילעך. דער ווינט פּאַטשט אין די פּנימער, איך האָב ליב מענטשישע פּנימער. איך האָב ליב זען מיט וועמען איך געפין זיך אין קלוב, אויף דער גאַס, אין סטאָלאָווע אָדער ווו סע מאַכט זיך נאָר. דאָ בין איך געווען עפּעס אַזוי פאַרשיכּורט מיט זיך אַליין, אַז קומענדיק צו דער ערשטער סטאַנציע, ווו מיר האָבן געדאַרפט בייטן די באַנען, האָב איך ערשט אויפן וואָקזאַל זיך געכאַפּט, אַז איך האָב גאָר־ניט געזען אַקוראַט מיט וועמען מיר זענען געפאָרן. יינגלעך? מיידלעך? יונגע? אַלטע? און ס׳איז שוין פאַרפאַלן. מיר וועלן עס שוין צוריק ניט כאַפּן.

פון דעם קנופּ־סטאַנציע זענען מיר ווייטער אַוועקגעפאָרן ניט שלעכט. כאָטש דאָס האָט זיך שוין געטאָן אַ ביסל ביי נאַכט און פאַרפירט האָט מען אונדז ביז אירשאַ. ווייטער גייט ניט די באַן.

אין אירשאַ האָט זיך ביי אונדז געטראָפן אַ גנבה: אַ גאַנצע טאָרבע מעל האָט מען ביי אונדז געגנבעט. די טאָרבע מעל איז געווען ניט אונדזערע. עפּעס האָבן אין דער נאָענט געברענט פייערן. אַרום די פייערן זענען געזעסן מענטשן... עפּעס איז לעם די וואַגאָנעס, ווו מיר זענען געשטאַנען, געווען טומלדיק. עפּעס האָט אונדז אַ ייד געבעטן, מיר זאָלן צוהיטן זיינע קלומקעס און ער האָט זיי איינציקווייז געטראָגן. ער איז געקראָכן מיט זיי אונטער די וואַגאָנעס, און ווהין ער האָט זיי געטראָגן ווייסן מיר ניט. דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז איין טאָרבע מיט מעל האָט שוין דאָ עמעצער צוגעכאַפּט. נאָר אַ דאַנק אים, דעם יידן, וואָס ער האָט פון דעם קיין גרויסן רעש ניט געמאַכט און מיר זענען שוין ווייטער אַליין מיט אונדזערע אייגענע פּעק.

אירשאַ איז פאַר אונדז אַ ווינציק באַקאַנטע סטאַנציע. ווען מיר גייען אַזוי אַוועק מיט די רעלסן גלייך־גלייך, וואָלטן מיר אפשר פאַר צוויי מעת־לעת פאַרגאַנגען קיין קיעוו. אָבער פריידקע איז אַ קנאַפּע גייערין און מען דאַרף זיך בכלל ניט קליגלען! — האָבן מיר באַשלאָסן וואַרטן אַ נאַכט, אַ פרימאָרגן, נאָך אַ האַלב שעה. אָן־אַ טוט זיך שוין עפּעס. וואָס אַלע טוען, טוען מיר אויך. ווהין אַלע דראַפּען זיך, אַהין דראַפּען מיר זיך אויך און מירן פאָרן.

און אָט זיצן מיר שוין אפילו אין אַ וואַגאָן. אָבער פאַרן סאַמע אָפּפאָרן קריכן אַרויף מיליטער און מען בעט אונדז איטלעכן פאַרלאָזן די טעפּלושקע. אונדז אויך. אָבי איך בין ביי זיך אַזאַ מיוחס... צום סוף טוט מען אַ קוק אונדזערע פּאַפּירן און איך בין טאַקע אַ מיוחס. איך פאָר אין אוניווערסיטעט, ניט אין קיין פּראָסטן, נאָר אין אַ פאָלקס־אוּ־ניווערסיטעט. נאָר דער עלטסטער רויטאַרמייער אָדער קאָמיסאַר קוקט אויף מיר מיט גוטע אויגן. מיר זעען זיך ס׳ערשטע מאָל און ער איז מיר שוין אַ פריינד. פּלוצעם קוקט ער זיך אום אויף פריידקען.

— און די בירגערין?

— די חברטע איז מיינע אַ שוועסטער. פריידקע הייסט זי. זי פאָרט מיט מיר אויף איינע פּאַפּירן. זי האָט צוויי יאָר געאַרבעט אין אַ קינ־דערהיים. — האָב איך גענומען האַלב דערשראָקן שיטן ווי אירער אַן אַדוואָקאָט.

איך טענה מיט היץ, ווי איך וואָלט שוין לאַנג געווען גערעכט. אין האַרצן האָב איך אָבער מורא, טאָמער וועט מען איר ניט דערלויבן בלייבן. דאָס האַרץ קלאַפּט. איך ווייס גוט, ווו איך בין אין דער וועלט, נאָר דער סכסוך האָט זיך פּלוצעם ליקווידירט פון זיך אַליין. ערגעץ האָט מען פון די רויטאַרמייער איינעם אַוועקגערופן, דער צווייטער איז אַליין אַוועקגעגאַנגען און דערווייל פאָרן מיר שוין. מען האָט מיך געלאָזן צו רו און אַז מען וויל, איז שוין קיעוו ניט ווייט.

אָט דאָס האָט איר אייך. אַ סטאַנציע אירשאַ מיט אַ פאַרטשעפּעניש, מיט אַ ביסל האַרץ־עסעניש און ווער ווייסט ווי אַזוי סע וועט זיך נאָך אויסלאָזן.

— זעסט שוין, פריידקע, — קלער איך אין האַרצן, — ווי אַזוי מען טאָר ניט זיין קיין קלוגער. אָט וועל איך דיך פאַרפירן קיין קיעוו. קען עפּעס פאַרקומען אַ צעשיידונג און וועסט נאָך בלייבן אַליין אין אַ ווייטער גרויסער שטאָט. וואָס? ווער? ווען? און דערנאָך: מיט וואָס, זאָג, וועל איך זיך קענען פאַרענטפערן פאַר דער מאַמען?

איך האָב זייער געוואָלט, ס׳זאָל זיך פאָרן גיכער ווי סע פאָרט זיך און אין דער זעלבער צייט האָב איך געקוקט צום פידל אינעם הילצער־נעם שיידל, צום פּעקל קישנס. ווו וועלן מיר זיך מיט זיי אַהינטאָן אין אַ ווייטער, פרעמדער שטאָט?

אויפן וועג זענען אייניקע רויטאַרמייער אַרויף, אייניקע אַראָפּ, אַנדערע זענען איבערגעגאַנגען פון איין וואַגאָן אין צווייטן, און דאָ איז אונדז אומגעריכט אָנגעגאַנגען אַנטקעגן קיעוו — אַ שיינער, אַ וואַרעמער, אַ באַרגיקער, אַ ליכטיקער, נאָר ווי אַזוי וועט ער עס אונדז ביידן באַגע־גענען? דאָס איז דערווייל ניט באַוווּסט.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אָפּגעשטעלט. די וואַגאָנעס האָבן זיך געגעבן אַ שטופּ צונויף, זיך צעבוטשקעט, זיך פונאַנדערגעגאַנגען און ווידער אַ מאָל באַראַנבוץ. ס׳באַקומט זיך פון דעם געקלאַנג אַ שיינע איינגענעמע מעלאָדיע... עפּעס אַ מין היילונג פאַר דער נשמה.

די חברה רויטאַרמייער שפּרינגען פון דער טעפּלושקע, מען איז פריילעך. איך מיט פריידקען קריכן אַראָפּ די לעצטע. איך העלף איר אַראָפּקריכן. זי איז מיינע אַ שוועסטער. איך האָב זי ליב. אונדזערע פּעק זענען לעם אונדז. מיר וואַרטן אַ רגע טאָמער באַדאַרפן מיר זיך נאָך זעגענען מיטן לעצטן טרעפּל, וואָס פירט אַריבער פון יענעם לעבן מייּנעם צו אַ נייעם, אַ ליכטיקערן, אַ רוישיקן, אַ ברייטן — גייען מיר.

איך שפּיל די ערשטע פידל. איך בין דער מאַנספּאַרשוין. אַ סימן — אַט־אָ דערפרעג איך זיך ביי איטלעכן דרייסט, ווו איז „דער פּאָדאָל" וווהין מיר דאַרפן, ווו מיר האָבן, דוכט זיך, קרובים.

אונטער די פיס — אַ געפלאַסטערטע ערד. פאַר די אויגן פריילעכע טויערן און טויערלעך, דראָשקעס, טראַמווייען, פורן און פורלעך. גאַסן ברייטע און ליכטיקע און דער עיקר — מענטשן אויף און אָפּ. און מיין סטאָליאַרסקער קאַסטן פונעם פידל און דער פּאַק קישנס אינעם לייוונ־טענעם ליילעך, רוקן זיך באַנאַנד, מיט אונדז און פונקט ווי מיר ביידע, האָבן זיי אַ מונטערן און זיגערישן אויסזען.

אַט איז קיעוו און אַט זענען מיר. ווער וועט עס איצט דערוועגן פרעגן, צי האָבן מיר רעכט, צי מעגן מיר וווינען אין קיעוו. אַט יענע מאַכערס, וועלכע האָבן אונדז אַ מאָל אַזעלכעס געקענט פרעגן, זענען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ און די, וואָס זענען געבליבן, האָבן איצט מורא זיך אַרויסשטעקן פון זייערע לעכער. זיי ציטערן איצט פאַר אונדזער דור. מיר זענען דאָס פאָלק און זיי זענען דאָס וואָס זיי זענען און אפשר נאָך ערגער.

— פריידקע, ס׳איז אונדז דאַכט זיך גוט?

און פריידקעס יונג און גוט פּנים שיינט מיט זיבן שיינען. זי קוקט אויף מיר און זי לאַכט. זי פאַרשפּאַרט מיר גאַר ענטפערן.

— ווען דען איז שוין גוט, אויב ניט אונדז?

אין דער שטוב, ביי וועמען מיר זענען שוועסטערקינדער, האָט מען אונדז ליב.

פון וואַנען ווייסן מיר? מיר האָבן זיך דאָרט ניט געפילט ווי קיין פרעמדע. זיי האָבן פּשוט ליב דער מומע ריסלס קינדער...

מיר טרעפן זיך אין שטאָט מיט מיידלעך, בחורים און יונגע לייט, וואָס זענען, ווי מיר, געקומען פון שטעטלעך קיין קיעוו צו לערנען. אַלע ווילן זיי איצט לערנען, און אַזוי ווי מיר, גייען זיי אַרום און פּרוּוון אָנקומען אויף קורסן, אין אוניווערסיטעט...

און אָט האָט פריידקע אָנגעגעבן אַ מעלדונג אויף קורסן. קורסן, וווּ סע לערנען זיך דערציִער פאַר קינדערהיימען. ווען איך וויל, קען איך אויך אַהין אָנגעבן. איך האָב אויך ליב קינדער און סע מעג מיר אָנשטיין זיין אַ דערציִער.

מיר עצהנען זיך, טומלען זיך, מיר גייען אום. מיר ווייסן שוין וווהין מען דאַרף אומגיין, ביז סע בלייבט ביי אונדז אָפּגערעדט, אַז מיר גיבן טאַקע אָן ביידע און ס׳איז ביי אונדז באַשטימט, אַז מיך וועט מען אַהין געוויס צונעמען. איך האָב דאָך אַ „פּוטיאָווקע", אַ סטאַזש פון פּראָפּ־פאַראיין. דערצו אַ ביסעלע מערער קענטעניש אויך... ווייטער איז בעסער איך זאָל אָנגעבן, ווייל צוליב מיר, צוליב מיר קען זיין, זאָל מען פריידקען אויך צונעמען. איך וועל פאַר איר פאַרוואָרפן אַ וואָרט און סע וועט שוין זיין גוט.

דערווייל טאַפּטשען מיר אַלע טאָג צו פוס אויף קאַראַלענקאַ גאַס, פון קאַראַלענקאַ אויף קוזניעטשנע און פון קוזניעטשנע אויף טאַראַסאָווסקע. דאָרטן אין אַ צווישן־געסל, ניט ווייט פון וואָקזאַל וווינט פּאַליעס אַ קרובֿה, באַפּאָ רופט מען זי — אַ שיין, שעמעוודיק ווייבל מיט אַ גרויסן צאָפּ אויף די פּלייצעס. קוקנדיק אויפן צאָפּ גלייבט זיך ניט, אַז זיין באַזיצערין איז אַ מאַמע פון צוויי געזונטינקע מיידעלעך.

אָט אַזוי טאַפּטשען מיר אויס פאַרן טאָג אַ האַלבע שטאָט און מיר שטויסן זיך ניט אָן, פאַר וואָס טוען אונדז צו נאַכט צו וויי די פיס און פאַר וואָס ווערן מיר די ערשטע רגע אַנטשלאָפן.

מען קען דווקא פאָרן מיט טראַמווייען אויך, נאָר צו פוס ווייסן מיר בעסער דעם וועג און צו פוס. אַז מיר גייען, קענען מיר רעדן צווישן

זיך. מיר רעדן פון אַלצדינג און ס׳איז אונדז גוט אויפן האַרצן.

אין קיעוו איז שוין וואַרעם. אַ סך וואַרעמער ווי אין אונדזערע געגנטן און די טראָטואַרן זענען טרוקן און מיט זון באַלויכטן. ס׳איז עפּעס דאָ זייער געמיטלעך. גרינג און פריידיק.

אַט־אָ האָבן מיר דערזען אויפן וועג אַ קלוב מיט אַ יידיש שילדל. אויף דער נאַכט קענען מיר גיין אַהין. יידישע שרייבער און פּאָעטן וועלן דאָרט פאָרלייענען זייערע ווערק. הערסט אַ מעשה, עפּעס האָב איך גאָר פאַרגעסן, אַז איך דאַרף טאַקע צו זיי האָבן. צו די פּאָעטן, הייסט עס. איך האָב צו זיי אַ פּערזענלעכן ענין, נאָר מען דאַרף זיך ניט איילן. זאָל פריער ווערן קלאָר מיט די קורסן...

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פונעם אויפנעם.

אויף די קורסן האָבן אונדז אויפגענומען אַ סך מענטשן. נאָר איינע פון זיי, נאָר די, צו וועלכער מיר האָבן זיך געדאַרפט אַלע מאָל ווענדן מיט פּאַפּירן, מיט מעלדונגען, מיט ידיעות א. אז. וו. איז געווען אַ שוואַר־צינקע, אַ שטאָטישע, אַ חנעוודיקע. זי האָט גערעדט יידיש (לאָזט זיך אויס, אַז די קורסן וועלן אויך זיין יידישע — דאָס איז דאָך שוין גאָר געהויבן). האָב איך זיך אין יענער חברטעלע אַזוי געשפּיגלט, האָב איך זיך אין איר אַזוי געטישעט, אַז סע ביי מיר טיף אין האַרצן געווען אָפּ־גערעדט — לאָמיר נאָר ענדיקן די קורסן, לאָמיר נאָר ווערן אַ שטיקל מענטש, וועל איך מיט איר וויסן וואָס צו רעדן. און וואָס איז מיר נאָך געפעלן, וואָס זי פאַרשטייט אַלץ, זי שטויסט זיך גלייך אָן און זי שמייכלט צו מיר כסדר, ווען סע קומט מיין ריי אויף איר אָפּגעבן די אַנקעטע, אָדער עפּעס אויפקלערן.

די קורסן האָבן אין זיך אַ גרויסע מעלה: אויסער בילדונג, אויסער גוטע לערער און לעקטאָרן, וואָס אייניקע פון זיי האָבן מיר שוין דאָ געזען, אויסער די אַלע זאַכן גיט מען נאָך אַ דירה און — עסן. דאָרטן דאַרף מען זיין אַליין דעזשורנע. איין מאָל אין צען אָדער אין וויפל טעג דאַרף מען אַרבעטן אויף דער קיך, וואַשן די פּאָלן, גיין נאָך פּראָ־דוקטן. ס׳איז דווקא טשיקאַווע... און דאָ האָט זיך דערווייל געטראָפן אַ מעשה, וואָס איז געווען שטאַרק אומגעריכט פאַר אונדז ביידן.

איך מיט פריידקען זענען שוין געגאַנגען לייענען די צעטלען, די רשימות הייסט עס, פון די אָנגענומענע, און מיר האָבן געפונען אונדזער פאַמיליע־נאָמען. יאָ. געפונען צווישן די אָנגענומענע און זיך דערפרייט, נאָר די איניציאַלן זענען דאָ געווען פריידקעס.

איין פריידקעס.

און ווו בין איך ?

ס'איז ניט קיין טעות ? איך בין געלאָפן צום שוואַרץ־חנעוודיק גרויס־שטאַטישן מיידל, וואָס פירט אָן מיט דער קאַנצעלאַריע. זי האָט צו מיר איצט אויך געשמייכלט און כאָטש זי האָט פריער געוווסט, אַז ס'איז ניט קיין טעות, דאָך האָט זי מיר געהאָלפן זוכן אין די פּאַפּירן.

— יאָ, צום באַדויערן, איז אייער ביטע דערווייל ניט באַפרידיקט געוואָרן.

— מ־הם... אַנטשולדיקט...

— ביטע זייער!

— מען קען, דוכט זיך, נאָך אַ מאָל אָנגעבן ?

— יאָ, מען קען. די זיצונג וועט זיין דעם און דעם טאָג.

און ס'איז מיר אַ ביסל ניט שיין פאַר די איבעריקע קורסאַנטן, צווישן וועלכע איך האָב זיך שוין געפילט ווי אַ תושב. איך האָב זיך אויך ניט געוווסט ווי צו האַלטן אַנטקעגן פריידקען. אייגנטלעך בין איך צופרידן. יאָ, איך בין זייער צופרידן, וואָס מען האָט זי אָנגענומען. נאָר זי. זי איז אָבער ניט אינגאַנצן צופרידן, וואָס מען האָט מיך ניט צוגענומען. (און פאַר וואָס, פאַר וואָס בין איך עס געווען אַזוי זיכער: אַז גראָדע איך בין שוין באַוואָרנט. נו מילא, פאַרפאַלן). איך האָב נאָך אַ מאָל אָנגעגעבן, אָבער עס זענען שוין געווען קאַלטע פריפאַרקעס. פריידקע קלייבט זיך שוין אין צוזאַמענווינונג. איך, פאַר געוווינטשאַפט וועגן, גיי אויך מיט איר. איי, ווו וועל איך שלאָפן ? איז די ערשטע צייט געווען עפּעס פריי אַ בעטל פון אַ קורסאַנט, וואָס דאַרף ערשט קומען. דערנאָך... דערנאָך איז דאָרט דאָ ווייך מעבל. אין אַ ווייכן פאָטעל, אַז מען זעצט זיך צו, מעג עס זיין אפילו אין פאָדער־צימער, קען מען אַזוי איבערשלאָפן די נאַכט און דערנאָכדעם — דערנאָכדעם האָב איך זיך געמוזט צוזוכן אַ ווינקל.

נאָר וועגן דעם וועלן מיר רעדן אַ ביסל ווייטער.

## זמן חרותנו

ס'איז פאַרגאַנגען פּסח.

ביי די אָנגעפּאַרענע יידן פון די פּאַגראַמירטע שטעטלעך און ביי אייניקע קיעווער אפילו, האָט זיך נאָך געפילט יום־טוב. אונדז גופא איז אויסגעקומען זען אַזעלכע יידן, אפילו זיין ביי זיי אין שטוב. נאָר ביי אונדז, ביי דעם גרעסטן טייל קורסאַנטן, ווי אויך ביי מיר מיט פריידקען,

איז עס געווען דער ערשטער פסח אין לעבן מיט דער גרויסער לוסטע ברויט אין האַנט.

יאָ, ס׳איז ריכטיק. דער יום־טוב פסח איז פֿאַר די קינדער אַלע מאָל געווען זייער אַ שיינער יום־טוב. אונדזערע עלטערן און עלטער־עלטערן האָט ער אָפּט געקאָסט אַ סך געזונט און בלוט. ס׳זענען געווען צייטן, ווען מען האָט אים דערנאָך אויסגעקרענקט אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר. אָבער די קינדער האָבן געזען אַ יום־טוב מיט אויסגעשאָבענע, געכשרטע טישן, מיט ריינע טישטעכער, מיט נייע קאָלירטע כוסהלעך און מיט פרישע כראָמטשעדיקע מצות. די, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט, האָבן נאָך געגעסן הייסע קאַרטאָפל מיט פסחדיקע גריוון. און די נייע הייזלעך קנאַקן און די נייע שטיוולעטיקלעך בלישטשען פון דער צוגעטריקנטער בלאָטע אַרויס. און אויף יעדן העכער אָפּגעטריקנטן פלאַץ שפּילן קינדער אין ניס. ניין און פערציק וואָכן זענען גאָרניט און די איין וואָך — צווישן ווינטער און פרילינג — איז פסח. אין דער־אָ וואָך געפינט זיך ביי יעדן מינדסטן באַלעבאָס, ביי יעדן קבצן אפילו — פסחדיקער באָרשטש, ניס, כוסהלעך ווייַן, מצות, חרוסת.

ביי יעדן פון אונדז זיצן איצט אין דער היים טאַטע־מאַמע. ווער ביי סטעאַרינאָווע ליכט און ווער ביי חלבנע. זיי פראַוועון זיך דאָרט דעם סדר און די מאַמעס דערמאָנען אונדז מיט אַ זיפֿץ. די קינדערלעך, נעבעך, וואָס זענען פאַרוואָגלט געוואָרן פון זייערע אויגן.

יאָ, סע זענען געוויס דאָ מינוטן, ווען ס׳בענקט זיך נאָך דער היים, נאָך די אייגענע. לייקנט עס ניט. נאָר באַנאַנד מיט די־אָ שטיקלעך פאַר־גנבעטער בענקשאַפט, צעברענט זיך אין יעדן פון אונדז אַ מין ליכטיקע פרייד, אַ מין טיפער שטאָלץ, אַז מיר קענען עס, ווירקלעך, אָנרופן מיטן אָלטן, מיליאָנען מאָל איבערגעחזרטן וואָרט „זמן חרותנו״ — די צייט פון אונדזער באַפרייונג.

יאָ, יאָ. אָט דאָס וואָרט האָבן די יידן און זייערע קינדער געחזרט טויזנטער יאָרן מיט פאַרבונדענע באַקן, מיט אונטערגעזעצטע אויגן און מיט צעקלאַפּטע שויבן אין די פענצטער. נאָר זיי האָבן סיי ווי סיי געקייט די אַלטע זשויקע: „זמן חרותנו״. מען האָט עס געזאָגט, ווייל די זיידעס און די עלטער־זיידעס האָבן אין דעם דאָזיקן אָוונט אַזוי געזאָגט. אָבער מיר איצט, אָט דאָ, אינעם ליכטיקן זאַל אויף גאָרקי גאַס 21, פילן אַזאַ פרייהייט, וואָס אונדזערע זיידעס האָבן אפילו אין חלום ניט געזען. מיר גופא האָבן זיך ערשט מיט פיר יאָר צוריק אויף דעם ריכטן ניט געקאָנט, און אפילו דער פרט, וואָס מיר קענען אין דעם אָוונט עסן

פראַנק און פריי די גרויסע לוסטעס ברויט דערנאָך פאַרטרינקען מיט טיי, וואָס אונדזערע דעזשורנעס האָבן אַליין געמאַכט. אפילו דאָס אליין איז שוין אַ גוטער סימן. און דאָ וועט שוין ביי קיינעם ניט זיין קיין וואונדער, וואָס באַנאַנד מיטן טראָפּעלע פאַרגנבעטער בענקשאַפט האָט זיך אין אונדז אין איטלעכן צעברענט אַ גרויסע ליכט פון פרייד. מיר האָבן געטאַנצט, געשפּילט און זיך געטישעט וויפל דאָס האַרץ האָט אונדז געגלוסט. ס'זענען פאַרגאַנגען צו אונדז איינציקע לעקטאָרן אונדזערע (זיי האָבן דערזען, אַז ס'איז ביי אונדז ליכטיק), ס'איז אָנגעקומען די פּאַרוואַלטערין (זי איז אַקוראַט געגאַנגען פון טעאַטער) און זייענדיק שוין מיט אונדז, האָבן זיי זיך גאַרניט געחידושט, וואָס מיר פאַרברענגען אַזוי פריילעך. זיי האָבן זיך אויך אַריינגעצויגן אין אונדזער פרייד. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דעם אָוונט קענען מיר אין איינציקע פּרטים נאָך שאַרפער און אויסדריקלעכער דערפילן ווי פריי און גליקלעך מיר זענען.

## גלייך נאָך פּסח

איך האָב געזאָגט די גאַנצע צייט „מיר", ווייל אין האַרצן דוכט זיך מיר כסדר, אַז די קורסן זענען מיינע, די לערער — מיינע, די קורסאַנטן — דאָס זענען מיר. נאָר איך גופא האָב גראַדע געליטן אויף אַ פעלער, וואָס אפילו קיין דאָקטאָר האָט אים ניט געקענט צוטרעפן: מיר האָט געפעלט אַ פּאַפּירל, וואָס זאָל עדות זאָגן, אַז איך בין עס. מיר האָט געפעלט, אַז די פּאַרוואַלטערין, די חברטע איידוס זאָל עדות זאָגן, אַז איך בין פאַררעכנט אין צעטל פון די צוהערער.

די קורסאַנטן האָבן מיך געהאַלטן ווי אַן אינעווייניקסטן מענטשן, ווי אַ זייעריקן. אייניקע לעקטאָרן האָבן מיך שוין געקענט אין פּנים און זיך מיט מיר געגריסט. איך האָב מיט גרויס הנאה געהערט זייערע לעקציעס און דאָך האָב איך זיך געדאַרפט זוכן אַ ווינקל אויף נעכטיקן און איך האָב זיך געזוכט אַרבעט — מען דאַרף דאָך מיטלען צום לעבן.

פון מאָל צו מאָל פלעגט זיך דורך אַ געלעגנהייט דורכרייסן אַ בריוול פון דער היים, די פּאַטשט האָט נאָך דאַן ניט רעגולער געאַרבעט. און דאָס בריוועלע, אַן דעם קאָנווערט, דאָס צעקנייטשטע און צעריבן פּאַפּירל, פלעגט מיך אַ מאָל ווי אָנכאַפּן ביים קאָלנער:

— אַ־אַ, — שיינער מענטש! ביסט דאָ? גוט, וואָס מיר האָבן דיך געפּאַקט!

איין גאָט ווייס דעם אמת, אַז איך האָב ניט איבערגעלאָזט אין

דער היים קיין קליינע קינדער. אַ ווייב האָב איך דאָרט, איז זי גראָד אויף מיין צד און זי קלייבט זיך מיר ניט מאַכן קיין פינצטערע סטעזשקעס. נאָר דאָך פלעגן זיך אויף מיר אָניאָגן די יאָרן און די דורכגעמאַכטע צרות און צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן בריוול מיר דערמאָנען, אַז איך בין שוין ניט קיין יינגעלע. איך האָב שוין עפּעס דורכגעמאַכט אַ לעבן, דערום... דערום האָב איך עס ניט וואָס צו פאַרגעסן, און יעדער שפּור פון לוסטיקייט, פון לייכטן געמיט אין מיין שטימונג אָדער אין מיין בליק פּאַסן מיר אין גאַנצן ניט.

יאָ, אין דעם דאָזיקן בריוועלע האָט זיך אויך געשריבן וועגן פּסח. סע איז געווען סוף אַפּריל אָדער אָנהייב מיי. אין קיעוו זענען די דאָזיקע טעג אַזוי שיין און אַזוי וואַרעם. איך בין אַריין צו מיין שעמעוודיקער שלאַנקער קרובה מיטן שיינעם צאָפּ און מיט די שיינע געפּאַקטע מיי־דעלעך און אַזוי ווי די טירן זענען אומעטום אָפן, בין איך צוזאַמען מיטן גוט־מאָרגן אַרויסגעגאַנגען גלייך אויפן באַלקאָן. אַנטקעגן זענען געשטאַנען ביימער מיט די צעלאָזענע יונגע בלעטלעך, און אַזאַ יונג־שאַפט האָט פון זיי געווייעט, אַזאַ פרישקייט, אַזאַ צאַפּלדיקייט און די זון שיינט, כאָטש טו זיך אויס און גיי אַוועק טאַנצן. און דאָ טראָגט מען מיר צו מיט מאָדנער ניט־ווילנדיקער צוגעפרעמדקייט אַ בריוועלע.

— נאָט אייך, ס׳איז, ווייזט אויס, פון פערלען.

און די זון איז מיר געוואָרן אויסגעלאָשן. די יונגע בלעטלעך אויף די ביימער — דערווידער, מיין שיינע יונגע קרובה — ווי צולהכעיסדיק און קריטיש געשטימט. איך האָב געעפנט דאָס בריוועלע. נו, יאָ. ס׳איז פון פאַליען... זי האָט צו מיר גאָרניט, זי קלייבט זיך ניט אָנרירן מיך מיט קיין קרום וואָרט, ס׳איז איר גאָר אויפן זינען אַזעלכעס ניט געלעגן. זי קלייבט זיך מיר אין קיין זאַך ניט באַשולדיקן, נאָר זי מיינט געוויס, אַז איך בין אַ נאָענטער מענטש, וויל זי זיך אַ ביסעלע פאַר מיר אויס־וויינען.

זי איז איינע אַליין אין אַ פרעמד שטעטל, ס׳איז ערב פּסח. מען האָט זי איינגעלאָדן צו שווער און שוויגער, נאָר וואָס איז זי פאַר זיי, אַז דער זון איז ניטאָ. אין איין גאַנג האָט זי זיך דערמאָנט, ווי ערשט ניט לאַנג איז אויך געווען אַן ערב פּסח און זי האָט געשליאַפּעט אין דער לויזער בלאָטע אַ פאַרוויסטע, אַ פאַרפינצטערטע פונעם שטעטלדיקן בית־עולם. אַהין צו גייענדיק איז זי נאָך געווען מיט דער מאַמען. מען האָט זי געטראָגן אויף אַ מיטה. צוריק זענען זיי שוין געגאַנגען אין גאַנצן אַליין. זי און מילקע. די בלאָטע גוואַדזשעט אונטער די פיס, אין די אויגן איז פינצטער...

איצט איז זי פּסח אין סלאָוועשגע. זי איז פאַרבעטן צו שווער און שוויגער, כאָטש זי ווייסט ניט, צי זי וועט אַהין גיין, זי וועט גיכער זיין אין קינדערהיים, נאָר ביז עפּעס וואָס האָט זי זיך פאַרקליבן אין קיך צווישן דער לעזשאַנקע אין אַ ווינקעלע און האָט זיך דאָרטן גוט אויס־געוויינט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלץ, אַלץ. ווי אַזוי זי האָט אויס־געזען פאַר אַ יאָרן און ווי אַזוי ס׳איר איצטער נאָך אויך ניט בעסער.

— איר לייענט, צי איר זענט אַנטשלאָפן געוואָרן? — פרעגט מיר די קרובה מיינע, און דערלאַנגט מיר אויף אַ שאָל יונגע פרישע קאַרטאָ־פעלעך מיט אַ שטיקל פּוטער.

— ס׳האָט זיך נאָר וואָס אָפּגעקאָכט. איר וועט עסן אויפן באַלקאָן, צי איר וועט גיין אין שטוב אַריין?

איך וויל איר זאָגן: — אַזוי פרי יונגע קאַרטאָפל? — נאָר איך קען איר ניט ענטפערן. ביי מיר איז דאָס גאַנצע האַרץ פאַרקלעמט און דער האַלדז פאַרשטשעמעט.

אַ מאָדנע מין זאַך: צי דען רוקט זיך די צייט אַזוי לאַנגזאַם, צי דען איז פון פאַר אַ יאָרן ביז איצטער מער ניט אַוועק ווי איין יאָר?

## אַ קילאָ ברויט — אַ פּוד פאַרגעניגן

אין קיעוו איז גוט. איך קען קריגן אי שטענדיקע אַרבעט, אי צייט־ווייליקע און אַן אַרבעט אפילו גאָר אַ גרינגע. אין דעם איז אויך קיין מניעה ניט. צום ביישפּיל, ביז כ׳וועל אָנקומען ערגעץ לערנען — גיב איך שטונדן זיסיע דעם בעקערס צוויי יינגלעך. זיסיע דער בעקער און זיין ווייב לעבן זייער גוט. אי זיי באַקן ברויט, אי זיי פאַרקויפן אים אַליין. זיי זענען אַזעלכע שטעטלדיקע מענטשן ווי איך. ס׳איז מיר ביי זיי ניט שלעכט. ווידער לערן איך מיטן וואָזאַקס קלענערן יינגל. דאָס הייסט, דעם וואָזאַק אַליין קען איך ניט. ער איז דאָ ניט לאַנג געשטאָרבן, נאָר ס׳איז דאָ זיין שטוב, זיין פלאַשטשאַדקע מיטן פערד, זיין ווייב, דאָס מיידל און ביידע יינגלעך. דאָס עלטערע יינגל, כאָטש ער גייט נאָך אינעם סטודענטישן היטל, פאַרט דערווייל אויף דער פלאַשטשאַדקע. ער וויל ניט, אַז די מוטער און די קינדער זאָלן זיך דערפילן מיט אַ מאָל פאַר־יתומט און די שטוב, וועדליק איך האָב זי געטראָפן אויף קליין־טאַראַ־סאָווער, אויפן צווייטן שמאָק, איז זיך אַ גאַנץ ווױלע שטוב מיט ריינע פּאָלן און מיט פיקוסן. די מוטער, אַ ביסל אַ טויבלעכע, אַ פולבלעכע, נאָר נאָך געגוג יונג, איז ביי זיך זייער אַפּהענטיק, נאָר זעט אויס צו

זיין אַ ווױלער מענטש. די קינדער — אויך וווילע. דאָס קלײנע פריילעכע קאַרובטשיקל, מיין תלמיד פון וואַסערע ניין־צען יאָר, איז פול מיט חן. צוויי גרויסע שטיפערישע פלוימען־אויגן. כאָטש ער איז גראָב און געפּאַקט, איז ער דאָך לעבעדיק און זשוואַווע. אין הויף איז ער, ווייזט אויס, צווישן דער חברה דער גאַנצער טאָנגעבער. נאָר, אַז איך קום צוגיין, וואַרפט ער אַוועק די שפּיל אפילו אין מיטן ברען און לויפט אַ פּאַר־סאַפּעטער אויף די טרעפּ. אַט איז דאָס ביכל. אַט איז די העפט און אַט זיצט ער שוין ביים טיש מיט דער פען אין האַנט. אמת, ער האָט זיך נאָך ניט אָפּגעסאָפּעט, נאָר ער איז שוין גרייט מיך צו הערן.

קען זיין, אַז ער פילט, ווי איך האָב אים ליב.

אין שטוב ביי זיי איז קיל, פריש און דאָ האָב איך טאַקע די ערשטע צייט געקראָגן אַ ווינקל — אַהער קום איך ביי נאַכט שלאָפן, אַהער קום איך ביי טאָג אויף אָפּגעבן אהרעלען די שטונדע און אין די איבעריקע שעהען פון טאָג בין איך ניטאָ אין דער היים. איך בין אויף די איבעריקע שטונדן אָדער אויף די קורסן, אַז ניט איז אין אַ ביבליאָטעק אָדער ביי די פריינט.

פּאַליע שרייבט מיר:

— „אייזיקל טייערער, איך בין זיכער, אַז דו ביסט דאָרט קיין לייזעכץ ניט זשעדנע. דו באַגייסט זיך אפילו אָן די גראָבע פּיס אויך. קיעוו איז אַ גרויסע שטאָט און אַזעלכע יונגע־לייטלעך, ווי דו, וואַלגערן זיך ניט אויף דער גאַס".

צי דען זענען שוין דאָ אַזעלכע, וואָס פירן איר אַזוי גיך אָפּ די פּאַטשט?

מיינע שטונדן גיבן מיר אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף. ביי זיסיען קריג איך אַ קילאָ ברויט אַלע טאָג און עס אים ניט אויף אין גאַנצן. ביי פריידקען אויף די קורסן איז מיט ברויט אַ ביסעלע שוואַך, ברענג איך איר אויך אַ חלק, און לעם איר עסט נאָך אַ מאָל אירע אַ חברטע אויך... די צווייטע באַלעבאָסטע גיט מיר געלט און אַ ווינקל. די דריטע באַלעבאָסטע גיט מיר אַלע טאָג אַ פלאַש מילך... אַזוי, אַז מיטן לעבנס־מיטל בין איך באַזאָרגט. איצט האָב איך שוין צייט אין זינען האָבן אַנדערע זאַכן אויך.

מיט מיין פּיעסע בין איך שוין געווען אין איין אָרט — דאָס אָרט הייסט „קולטור־ליגע", דאָרט זיצט אַ מענטש מיט אַ שמאָל געשוירן בערדל, מיט אַ מאָגער בלאַס געזיכט און גרויסע אויגן. ביי אים איז אַ קול, וואָס כאַפּט זיך אַלע מאָל אויף צוריק, ווייל אין ברוסט איז, ווייזט אויס, ניטאָ

אַזוי פּיל אָטעם, וויפל אַ מענטש דאַרף האָבן. מיר איז אָט דער קיעווער מענטש דווקא געפעלן. צו אַלע מעלות פאַרמאָגט ער נאָך אַ מעלה. ער האָט אין זיך אַ טאַלאַנט אויף אויסצוזוכן טאַלאַנטן. ס׳איז אי אַ טאַלאַנט אי אַ פרנסה. מען צאָלט דאָך אים געלט דערפאַר. ווען איך זאָל אַהין ניט קומען, טרעף איך דאָרטן ביכער און פּאַפּירן און קולטור. אייניקע פון זיי נעמט מען אפילו אַרויס פון אַ פייער־קאַסע, וואָס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך מיט אַזעלכע קונציקע שליסלען. און מענטשן קומען אַהין צוגיין אַ סך. דאָרטן האָב איך די מעגלעכקייט צו יעדערן זיך צוקוקן. דאָרטן האָט מען מיר אפילו איין מאָל אויסגעצאָלט אַ גרויסע סומע געלט, דערפאַר, וואָס איך האָב איבערגעשריבן מיט מיין כתב אַ בוך, אַ געדרוקטן בוך, ווייל זיי האָבן עס געוואָלט אָפּגעבן נאָך אַ מאָל אין דרוק.

פון דעם קען מען דרינגען עטלעכע זאַכן מיט אַ מאָל. ערשטנס, אַז זיי האָבן נאָך ניט געהאַט קיין ידישע שרייבמאַשינקע. צווייטנס, אַז זיי האָבן נאָך ניט געקענט אָוועקגעבן אין דרוקעריי דאָס איינציקע ביכל. (אפשר האָבן זיי עס גאָר אויסגעשריבן פון אויסלאַנד?) דריטנס, אַז זיי האָבן געוואָלט צושאַרן אַ פאַרדינסטל אַזאַ שטעטלדיקן בחורל, ווי איך בין.

אָט לאָמיך עס נאָר איבערשרייבן, אַזוי וועלן זיי עס גלייך איבערגעבן אין דרוק און דערנאָך וועל איך אין ביבליאָטעק, ווהין איך גיי אַריין, קענען זען ווי מיינע גלייכנס נעמען עס מיט פאַרגעניגן און האָבן וואָס צו לייענען. איר הערט אַ מעשה? אַ בוך, וואָס איך האָב אַליין איבער־געשריבן. דווקא אַ שיינער אויפטו, און דאָס מאַכט אַלץ די קיעווער „קולטור־ליגע״ און איך בין דאָרטן אַן אריינגייער.

אַז דער קיעווער ייד מיטן בלאַסן פּנים האָט געלייענט מיין פּיעסע, האָט ער געלאַכט. איך האָב אויך געלאַכט. מיר האָבן ביידע פאַרשטאַנען, אַז סע נאָך דערווייל גאַרניט מיט גאַרניט. ס׳איז פשוט אַ געלעכטער. נאָר דער ייד האָט מיר געזאָגט איטערעסאַנטע ווערטער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז סע קומט אַריין צו אים אַ בחור אין מיינע יאָרן. אפשר יינגער פון מיר מיט אַ פּאָר יאָר. אויב איך קען אים ניט, זאָל איך זיך מיט אים אומבאַדינגט באַקענען. שפּאַרבער איז זיין פאַמיליע, ברענגט ער אויך אַריין לידער. ניט קיין שלעכטע לידער און פיין אָפּגעשליפענע, וואָרעם מיינע קען מען נאָך אין די הענט ניט נעמען. אייניקע פון די דערמאָנטע לידער דרוקן זיך שוין פון מאָל צו מאָל אין די צייטשריפטן, און פונדעסטוועגן זעט ער אין מיינע רויע שורות, אַז איך האָב מער טאַלאַנט פון אים, פון שפּאַרבערן, הייסט עס.

נו, אַז איך גיי זיך באַלד באַקענען מיט שפּאַרבערן, וועגן דעם איז דאָך שוין גאָר קיין רייד ניטאָ! אמת. ער דרוקט שוין שיינע זאַכן אין די צייטשריפטן, און ביי מיר איז דערווייל נאָר דאָ אַ טאַלאַנט. נו, איז וואָס? איז עס דען אַזוי שלעכט? פאַרקערט. ס'איז נאָך בעסער. צו וועמען זשע לויפט מען עס גיכער דערציילן?

פאַרשטייט זיך, אַז ניט צו קיין פרעמדן און בכלל צו קיינעם ניט, אויסער פריידקען. און אפילו פריידקען איז אויך ניט מיט קיין אימפּעט. נאָר מיט אַ סך אויפגעהאַלטנקייט אַזוי ווי דענסטמאָל, ווען איך האָב איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז יאָ, אַז חנהקע איז געשטאָרבן. מען האָט שוין מיר ניט איין מאָל באַמערקט וועגן מיין מאָדנער נאַטור, אַז וועגן וויכטיקע געשעענישן קען איך ניט מאַכן קיין גרויסן רעש. הלמאַי איך בין אַ מאָל געקומען אַהיים צו בוזיען, און בוזיע האָט מיר בשום אופן ניט געוואָלט גלייבן, אַז ס'איז אמת, אַז אונדזער בהמה האָט זיך אָפּגע־קעלבט. וואָרעם, ווען ס'איז אמת, וואָלט איך דען אַזוי שטיל און פאַר־שלאָפן גערעדט וועגן דעם? ריכטיק. אין האַרצן איז ביי מיר אַ גרויסע פרייד! — אַ קעלבעלע! אַ לעבעדיק און אַ שיין קעלבעלע — „נאַ סיר אי נאַ מאַסלאַ" (אויף קעז און אויף פּוטער). אָבער אויפן פּנים איז ניט אַלע מאָל דערקענט מען עס אויף מיר. כאָטש דער ייד אַליין, בשעת ער האָט מיט מיר גערעדט, האָט יאָ געקענט דערקענען, אַז ס'איז מיר פון עפּעס גוט אויפן האַרצן.

— זאָגט נאָר מיר, — מאַכט ער צו מיר ווי שוין גאָר אַ נאָענטער פריינד, — איר האָט כאָטש געלייענט אַזעלכע דיכטער אונדזערע ווי...

עפּעס מאָדנע ניט קיין געוווינטע נעמען רעדט ער אַרויס: שוואַרצ־מאַן, מאַר־קיש, האָפ־שטיין, קוויט־קאָ...

הער נאָר, ס'זענען פונדעסטוועגן שיינע נעמען! נייע אַזעלכע. מן הסתם, אַז ער זאָגט, ווייסט ער.

— אין אַ ביבליאָטעק וועל איך זיי געפינען?

— אַ שאלה אַ ביסל.

מיך פאַרדריסט, פאַר וואָס פרעגט ער מיך ניט אויף מער באַקאַנטע נעמען, וואָס רעדן זיך אַרויס אַזוי גרינג, ווי שטיינבערג, נאַדסאָן, ספּעק־טאָר, ביאַליק, רייזען, ברייניו. נו, מילא, מסכים. איך וועל שוין היינט זיין אין ביבליאָטעק און זיך אַלץ דערוויסן.

איך האָב אַ גאַנצן טאָג אויף מיינע שטונדן סיי אין בעקעריי, ווו איך האָב געקריגן ברויט, סיי ביי די ליבע פורמאַנעס אויף זייער ריינעם און פרישן צווייטן שטאָק, ווו ס'איז ביי נאַכט אויך מיין היים, סיי אין

דעם אָרט, ווו מען צאָלט מיר מיט מילך — אין אַלע דריי ערטער האָט מען געזען, אַז מיין קאָפּ איז מיר היינט ערגעץ אַנדערש:

— זעקס אַ זייגער עפנט זיך די ביבליאָטעק. זעקס אַ זייגער וועט מיר זיין גוט.

און אין אָוונט האָב איך ביי דער ביבליאָטעקערן, וואָס קען מיך שוין גוט, אַ בעט געגעבן: מאַר־קיש... שוואַרץ־מאַן... האָפּ־שטיין... קוויט־קאָ...

— אַלע מיט אַ מאָל?

— יאָ, יאָ, — האָב איך זיך געפרייט און געשראָקן, ווי אַלע מאָל, ווען איך שטיי שוין לעם אַ לאַנג געגאַרטן נאָר ווינציק באַקאַנטן גליק, אַז טאָמער, טאָמער גליטשט ער זיך גאָר אַרויס פון אונטער די סאַמע הענט.

אַ מין ברכה, אַ מין פרייד די רעוואָלוציע איז. קאַרג, וואָס זי האָט מיר געגעבן פרייהייט, רויִקן געמיט, ברייטע השגות, האָט זי נאָך מיר אונ־טערגעטראָגן אַ גערוימע וואַרעמע ביבליאָטעק, אַ באַלויכטענעם טיש: און נייע פינקלענדיקע דיכטער:

— נאַ, אייזיקל, לייען, כאַפּ, שלינג, האָב הנאה און זאָל דיר ווויל באַקומען!

## נייע באַקאַנטשאַפט

דריי בחורים האָבן געזוכט זיך צו באַגעגענען מיט פריידקען. אַ הויכער, אַ שוואַרצער, אַ הויכער אַ בלאָנדער, און אַ בלאָנדער אַ דינעריטשקער.

דער הויכער דער שוואַרצער האָט געטראָגן אַ גרויסע, יחוסדיקע פאַ־מיליע. ער איז געווען אַזוי געשטעלט און איינגעפונדעוועט, אַז ניט האָבן פאַר אים קיין דרך־ארץ איז גאָרניט שייך. מירן אים רופן ביים נאָמען (ווען מען באַגייט זיך מיט אים אַזוי אין די אויגן, וואָלט ער עס בפירוש ניט געוואָלט ליידן) — זיאָמע הייסט ער. אגב, געהערט ער זיך אָן אַ ביסל מחותנעשאַפט מיט אונדזערע קרובים פון פּאָדאָל און אַזוי אַרום האָט זיך די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט צו אונדז דערקייקלט.

מעלות האָט ער אַ גוזמא: אַן ערנסטער, אַ געשעפט־מענטש, קיין סימן פון לייכטזין. נאָך קיין מאָל ביז איצט ניט חתונה געהאַט און ניט געווען געקנסט, כאָטש ער איז שוין ניט יונג. און איין מעלה, דאָס האָט ער אגב אַליין געהאַלטן פאַר אַ געוואַלדיקער פיינקייט פון זיין זייט, איז דאָס, וואָס ער קוקט ניט וואָס לייטן וועלן וועגן אים זאָגן. אים אַרט ניט אויב ער וועט חתונה האָבן פאַר אַ יונג מיידל. סע שאַדט ניט, זי זאָל אַרויסקומען

פון אַ פיינעם אַרט, מעג זי זיין אפילו פון אַ קליין שטעטל און אפילו ניט האָבן קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה, אַבי שיין, יונג און אַנשטענדיק, נעמט ער זי אַזוי ווי זי שטייט און גייט!

אַט ווי ווייט דער דאָזיקער מענטש איז אַוועק!

און דערום האָט ער טאַקע ניט שלעכט געקוקט אויף פריידקען. דאָס הייסט, אַ קוק איז ביי אים געווען אַ פינצטערער, אַ פאַרדעכטלעכער. דאָס הייסט, מיט אַ שטענדיקן קנייטש אויפן שטערן, נאָר ער האָט פאַרמאָגט אַ שמייכל אויך. מיטן שמייכל האָט ער זיך געסטאַרעט דאָס אַלץ פאַרליג־דערן. איינער מיינט, שרעקט אייך ניט, שרעקט אייך ניט. מיר זענען ברוך השם געגנוג אינטעליגענטע...

אמת, קוים קלערט פריידקע ווערן זיין ווייב, אַזוי דאַרף ווערן אויס מיט די קורסן און מיט די קינדערהיימען...

מיט מיר האָט זיאַמע געזוכט באַקאַנטשאַפט, ווייל, ערשטנס, שאַדט ניט וויסן וואָס פאַר אַ כלי איך בין. צווייטנס, אויב יאָ, אויב נישקשה, וועט ער זען אין מיר געווינען אַ צד. אייגנטלעך, ווינט ער דאָך אַליין אין אַ צימער. אַן עלטערן, אַן משפחות, און גייט אַרויס ריין אַנגעטאָן. קורץ: וואָס דאַרף מען דאָ אַ סך, מען ווייסט אים, זיין נאָמען איז גוט באַקענט אין דער קיעווער סוחרישער וועלט.

גיי ווייס, אַז אין קיעוו זענען נאָך דאָ סוחרים און זיי האָבן אַ וועלט, וואָס פּרעטענדירט נאָך אויף אייגענער מאַראַל און אויף איר באַזונדער מין שטייגער! דערפאַר איז טאַקע די גרויסע שטאָט געגליכן צו אַ גרויסן טייך, ווו סע שווימען אַלערליי פיש. אַזוי וואָלט מיין טאַטע געזאָגט הויך אויף אַ קול, אַזוי זאָג איך זיך אין דער שטיל, ווען קיינער הערט ניט און קנייטש בעת מעשה מיט די פּלייצעס.

פאַר וואָס האָט פריידקע בכלל דערלאָזן, ס'זאָל זיך פון אַזעלכעס רעדן?

פשוט: פריידקע איז אין גאַנצן עטלעכע וואָכן פון סלאַוועשנע און דאָרטן איז נאָכגעגאַנגען און געזוכט איר נאָענטקייט משה דעם קצבס מיט די בעליאַווע ברעמען. דאָרטן איז צו איר געקומען אַ שדכן פונעם רב אַליין פאַר זיין מיטלסטן זון, פאַר משהלען מיט די גאָלדענעברילן. זיי האָבן זי גראָדע געוואָלט פאַר אַ שנור... קורץ, פריידקע איז, ווייזט אויס, אין דעם פּרט נאָך ניט ווייט אַוועקגעפאָרן פון דער היים.

דער צווייטער, נאָר לאָמיר דערווייל רעדן פריער פונעם דריטן. דער דריטער איז געווען אַ בחור׳ל פון סיבירער געגנט. אַ ליכטיקער אויפן אויסזען, זייער אַ שטילער, קענטיק — אַ שעמעוודיקער. ניט קיין ייד, אַזעלכעס טרעפט זיך היינטיקע יאָרן. אַז ער פלעגט קומען אין די אָוונטן

צו פריידקען אויף די קורסן און זי רופן שפּאַצירן, אָדער מיט איר דאָרטן אַ ביסל פאַרברענגען, פלעגט ער זיך האַלטן אַזוי שטיל, אַז די זייטיקע האָבן אפילו ניט געהערט, וואָס פאַר אַ קול ער האָט. דערפאַר אָבער האָט ער מיט פריידקען גופא זייער אָפן און פול פאַרבראַכט. ער האָט איר דערציילט, אַז ווען ער ברענגט זי אַראָפּ צו זיין מאַמען אַהיים, סאַראַ מין גאַסט זי וואָלט דאָרט געווען. דריי מעת־לעת דורך אַנאַנד וואָלט דער טישטעך ניט אַראָפּ פון טיש. מענטשן וואָלטן ביי זיי געווען אויף און אָפּ מען וואָלט געבאַקט לאַטקעס, די פּעלמענעס וואָלטן געשווומען אין פעטס, מען וואָלט גענומען צו גלעזלעך און זיך געפרייט מיט אים צוזאַמען. וואָס אמת איז אמת — דאָרטן ווייסן מענטשן ווי אַזוי צו לעבן.

ער האָט איר שטיל און אָן באַרימעריי דערציילט אַ סך שיינע זאַכן, וואָס האָבן מיט אים און מיט זיינע חברים פּאַסירט אויף די פראָנטן, ער איז דאָך נאָר וואָס פון דער רויטער אַרמיי.

און אויב איך בין געקומען צו פריידקען און זי האָט מיר דערציילט: — וואַסיליעוו איז ביי מיר נעכטן געווען, — האָב איך שוין גלייך פאַר־שטאַנען, פאַר וואָס זי איז אַזוי באַזונדערס גוט געשטימט.

דער צווייטער, מיר רעכענען אים צום לעצטן ווייל ער האָט זיך צוגעשאַרט אַ ביסל שפּעטער, איז געווען אונדזער אַלטער גוטער באַ־קענטער — שפּאַרבער. אַט דער־אַ הויכער, טונקל בלאָנדער, באַרע־דעוודיקער און גוטער בחור.

— דו ביסט ניט קיין שפּאַרבער, — האָב איך אים אַנומלטן גע־זאָגט, — דו ביסט אַ טויב.

מיט אים האָבן מיר זיך באַקענט טאַקע ביים יידן פון דער קולטור. שפּאַרבער איז שוין דאָ געווען אַ תושב און ניט נאָר דאָ. ער האָט שוין בכלל סטאַזש פון וווינען אין גרויסע שטעט: אַ ביסל גראָדנע, אַ ביסל ווילנע, אַ ביסל כאַרקאָוו און איצט — קיעוו. ער האָט שוין געזען אויף זיין לעבן גרויסע מענטשן, גרויסע שרייבער און ווייל ער איז יונג, און ווייל ער שרייבט און דרוקט שוין אפילו פון מאָל צו מאָל זיינע לידער, וואַרעמט אים זיכער ערגעץ די שיינע האָפענונג, אַז ער וועט אין גיכן אויך זיין איינער פון זיי. דערפאַר קוקט ער אויף דער וועלט מיט אַזעלכע גוטע אויגן. (אמת, סע זענען פאַראַן נאָך אַ פּאָר קליינ־קייטן פון וואָס אַ מענטש קען זיין פריילעך. ער האָט אויף זיינע פּלייצעס איבערגעטראָגן די דייטשישע אָקופּאַציע. ער האָט אין כאַרקאָוו פאַרזוכט אַ ביסל דעניקינשטשינע. און נאָך פריער האָט ער געהאַט אויף זיך ישיבות, מוסרניקעס און נאָך אַזעלכע זאַכן.) איצט האָט ער אויסגעגלייכט די

פּלייצעס, ער האָט הויך דעם אַנטבלויזטן קאָפּ זײַנעם מיט דער בלאָנ־דער טשופּרינע און ניט פֿאַר גאווה, חלילה, ניין, בלויז פֿאַר פֿרייד — פֿאַר ריינער חדווה און גוטן געפֿיל צום נײַעם לעבן.

אויף פֿריידקען, זאָגט ער, אַז זי איז דאָס געזאַנג אַליין.

אַ סך זאַכן פֿאַרשטייט זי נאָך ניט, אַקוראַט וואָס ער רעדט, נאָר זי פֿילט ווי ער איז צו איר צוגעזאָטן געוואָרן. און אַ מאָל, אַז סע שרעקט זי, טאָמער איז ער אַ גרויסשטאָטישער און זי — ניט, צעלאַכט ער זיך און הייבט איר אָן לייענען אויף אויסווייניק בריוו פֿון זיין מאַמען, וואָס וווינט ערגעץ אין אַ שטעטעלע ניט ווייט פֿון גראָדנע. זיינע עלטערן האָבן אַ גאָרטן, זייען זיי אויף אים טוטין. אַז זיי האָבן פֿון אים וואָסער אויף קאַשע, זאָגן זיי אַ דאַנק גאָט. און זיין מאַמעס בריוו זענען אַזוי ענלעך אויף אונדזער מאַמעס בריוו, אַז סע זאָל פֿעלן אַ האָר. דערנאָך לייענט ער איר לידער, וואָס זענען ביי אים געשריבן צו דער מאַמען. איז ווען זי שעמט זיך ניט, פֿריידקע, וואָלט זי זיך אונטער זיי אונטער־געשריבן און זיי אָפּגעשיקט צו אונדזער מאַמען אויך. און אומזיסט האָט דער קולטור־ייִד געזאָגט, אַז שרייבן שרייבט שפּאַרבער שענער פֿון מיר, נאָר טאַלאַנט האָט ער ווינציקער. ס׳איז ניט ריכטיק! קען אַ מענטש שענער שרייבן, האָט ער מער טאַלאַנט. און סע ציטערט עפּעס אין מיר אינעווייניק. קען דאָס זיין, אַז איך בין געקומען קיין קיעוו, נאָר כדי אויסצושדכענען פֿאַר פֿריידקען אַ שיינעם, יונגן בחור?! דאָס אַליין, וואָלט אויך, כ׳לעבן, געווען ניט אַזוי שלעכט, אָבער ווי אַזוי איז מיט מיין שרייבן? איך האָב דאָך עפּעס וואָס צו טאָן?! שפּאַרבער אַגיטירט מיך, ער האָלט, אַז מיר דאַרפֿן וואַקסן און דערום געפֿינט ער, אַז כל זמן סע וועט זיך ניט שאַפֿן קיין גרעסערער קרייז, זאָלן מיר זיך ביידע צונויפֿנעמען צוויי מאָל אָדער דריי מאָל אין דער וואָך און לייענען מאַרקסן און לעניגען און גאָרקין, און בעלינסקין, לייענען היינען, געטען, שעקס־פּירן. מיר דאַרפֿן זיך פֿאַרגעבן זעלבסט־פֿאַרפּליכטונגען און אַרבעטן, אַרבעטן און אַרבעטן. איין מאָל אין צען טעג וועלן מיר לייענען אונדזערע אייגענע ווערק פֿאַר חברים. ער וועט מיך שוין באַקענען מיט עטלעכע עלטערע און ייִנגערע שרייבער, וואָס שטייען, קען מען זאָגן, מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פֿון אונדז.

ס׳ווילט זיך שוין וואָס גיכער אַנטרעפֿן מיט די דאָזיקע מענטשן. איר קענט זיך רעדן וואָס איר ווילט. נאָר ס׳איז אינטערעסאַנט!

## עק שטאָט. נעכט און חלומות

דאָס געסל, ווו איך נעכטיק און ווו איך האָב איינע פון מיינע דריי לעקציעס האָט אַ סך מעלות. זי איז אין אַ סך זאַכן דער היפוך פון אַ גרויסער שטאָט און דערמאָנט מיר בילדער, מיט וועלכע איך בין אויס־געוואַקסן. דאָ גייט אין ערגעץ ניט דורך נאָענט קיין טראַמווי. דאָ ווייזן זיך אָפּט אויף דער גאַס בהמות, ציגן, הינער. דאָ זיצן ווייבער אויף די טרעפּלעך, אַנדערע הויפן עפּענען זיך מיט הילצערנע טויערן. די גרעסטע הייזער זענען פון צוויי שטאָק, ניט מער. און אויב איך וויל זיך פון עפּעס אָפּרוען, דאַרף איך קומען אין דעם־אָ ווינקל. ניט נאָר פריידן, אויך אומגליקן ווערן דאָ אויפגענומען אויפן שטעטלדיקן אופן.

איינע אַ נאַכט, נישט גאַר קיין רויִקע, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון.

איבער דער וואַנט, ווו סע וווינט דער שלאָפער שוואָגער זישעס, אויך איך פלעג אים דאָ זען אָפּט אין הויף, ווי ער וואַרעמט זיך אויף דער זון און נודיעט זיך אַ קראַנקער גאַנצע שעהן. קיינער גייט צו אים ניט צו, סיידן אַ מאָל אַ הינדל אַ ווייסינקס. לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט עס געוווינט ביי מיר איבער דער וואַנט, נאָר ווי אַזוי איז ביי אים געווען אין שטוב ווייס איך ניט. פּלוצעם, אין מיטן ביי נאַכט, האָט זיך פון יענער זייט וואַנט מיט אַ מאָל אַנגעהויבן אַ גייעניש מיט אַ קלאַפּעניש. מען רוקט דאָס מעבל, סע שאַרפּען טעפּ, סע כליופּעט וואַסער און ענד־לעך האָט עמעצער אויסגעשאָסן אַ הויך געוויין.

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און זיך אַ ביסל ראַשטשאַמעט, איז מיר געווען אי סטראַשנע, אי קלאָר:

— שוין פאַרטיק, יענער מענטש מיט דער שטעכיקער שטשעטינע אויף די מאָגערע באַקן, מיט די אויסגעהוסטע פּלייצעס, וועט שוין מער ניט וואַרטן, אַז אַן עוף זאָל צו אים צוגיין. איך ווייס ניט אַקוראַט אין אַ וועלכער פּאָזע ער געפינט זיך איצטער, צי ליגט ער נאָך אויפן בעט, צי שוין אויפן דיל, צי זישע מיט זיין ווייב איז שוין דאָ, צי זיי וועלן זיך ערשט דערוויסן פאַר טאָג. נאָר אַ מאָדנע זאַך: דאָס געוויין, מיט וועלכן דאָס ווייבל זיינס האָט אויפגעריסן די נאַכט, איז געווען אַזוי געזונט, אַזוי זאַפטיק און אָנגעגאָסן מיט לעבן.

אמת, איך פלעג זיך טאָקע וווּנדערן פריער אויך, ווי אַזוי קענען זיך עס פּאָרן ביי עמעצן אין געדאַנק אַזעלכע צוויי מענטשן: — זי אַ פעסטע,

א בליענדיקע, א געזעצטע, אזא ווי א שיינע טיראָלער קו (נאָר בשום אופן ניט קיין צעפלאָסענע, א געפּאַקטינקע אַזאַ) און ער — אַזאַ דאַרער, א חושכדיקער — א מת.

נו, צי דען פילט זי איצט אין איר הילכיקן ברייטן געוויין (וואָס האָט זיך צעלאָזן ווי אין פרילינג סע צעלאָזט זיך אַ טייך), צי דען פילט זי איר אויסלייזונג? זי וויינט אַזוי רייך און פּרעכטיק, איר רעוועריי רייסט זיך אַרויס פון אַזעלכע געזונטע טיפענישן. אַך, איז זי איצטער צעהיצט! און וואָס וויל זי מיט איר געוויין? צי וויל זי ביי עמעצן איינמאָנען אירע יונגע יאָרן, וואָס זענען פאַרדאַרבן געוואָרן לעם אַזאַ שלאָפן מאַן, צי ס׳טוט איר טאַקע אויף אַן אמת באַנג, וואָס אין דעם מענטשנס סוף (ווען ער זאָל ניט קומען) איז סיי ווי דאָ עפּעס שרעקלעכס און אומגעריכטס?

ווירקלעך, נעכטן האָט ער נאָך געקענט אַנשרייען אויף די יינגלעך, וואָס שלאָגן זיך אין הויף און קאָמאַנדעווען צו שטאַרק. איצט — אויס! אַ פּאָר טשאַדנדיקע ליכט, צוויי שטרויעלעך אונטערן קאָפּ, אַ ביסל געוויינען פון אייגענע, אַ פּאָר קרעכצן פון באַקענטע און... אַ נאַסע פינצטערע גרוב.

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, נאָר דאָס דאָזיקע ווייבל (מלכה הייסט זי) האָט ניט געוווסט, און זי וועט ניט וויסן אויך, ווי אַזוי זי האָט אין איינער אַ נאַכט אַרויסגערופן מאָדנע געפילן ביי איינעם אַ יונגן מאַן, וואָס קומט גאָר אַרויס ניט פון דער היגער געגנט, און ער האָט געשלונגען, געשלונגען ביי זיך אויפן געלעגער איר יעדן אויסגעשריי, איר יעדן רעווע, וואָס זי האָט געטאָן פון איר געזונטער ברוסט אַרויס.

יוחנן און יאָסל, די עלטערע צוויי תלמידים מיינע, זענען געווען פריילעך פאַרהאַוועט, זיי האָבן זיך אַ טאָג ניט געלערנט, און איך בין אויך אַזוי אַרום געווען פריי און געקענט שלאָפן שפּעטער. ביי מיין באַלעבאָסטע, דעם וואַזאַקס ווייב, איז זומער שטיל און קיל אין די צימערן און צו מיר באַציט זי זיך ערלעך און געטריי. איך האָב איר מיט מיין אַנוועזנהייט ניט דערקוטשעט אפילו אויף אַזוי פיל אַ. אַז די ביבליאָטעקערין אויף רויטאַרמייער גאַס 27 האָט מיך געפרעגט: פאַר וואָס בין איך עפּעס היינט אַזוי אויסגערוט און אויפגעלייגט, האָב איך אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווייל איך האָב אַליין ניט געדענקט אַקוראַט — און אַז איך האָב שוין זיך דערמאָנט, האָב איך איר ניט געקענט דערקלערן די סיבה. וואָס וועל איך איר זאָגן? — ווייל ס׳איז

די נאַכט געשטאָרבן אַ ייִד, וועלכן איך קען כמעט ניט? — אָט אַזוי איז עס שוין.

אין איינער פון די נעכט אויף קליין־טאַראַסאָווער האָט זיך מיר אויך געחלומט אַזאַ ליבע זאַך, וואָס פאַרגעסן דאַרף איך זי ניט, און איך וועל עס געוויס געדענקען. אַ מאָל נייט מען זיך אויס אַ מין צאַצקע, אַ ווייניק נוציקע, נו אַ מין בייטעלע אָדער קישעלע און מען האַלט עס אויף אַן אָנדענק יאָרן לאַנג.

...איך בין ביי זיך אין שטעטל, ניט ווייט פון ברוך כיטריקס שטוב. דאָס איז געווען כמעט די איינציקע שטוב אין שטאָט, וואָס איז געווען אַרומגעלייגט מיט ציגל, אַזוי, אַז פון דער ווייטנס איז עס געווען ענלעך אויף אַ מויערל (דאָרט איז די לעצטע יאָרן געווען אַ שטיקל איינפאָר. די לוהינער באַלעגאָלעס פלעגן אַהין פאַרפאָרן) איז עס ניט ווייט פון ברוך כיטריקס שטוב, און איך טרעף דאָרטן אינעם וואַרעמען זומערדיקן אינדערפרי אַ מיידעלע, אַ גרויסינקס, און איך ווייס געוויס ווער דאָס איז... ס'איז בוזיע! — וואָס טוט זי דאָרטן? צי איז זי דאָרט אַ דינסט אינעם איינפאָר, צי אירע אייגענע האָבן דאָרטן אַ שטיקל שותפות, נאָר זי שטייט אַ זומערדיק באָרוועסע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און זי שייערט עפּעס אַזעלכע קופּערנע קעסלען ניט קיין גרויסע און ניט קיין קליינע... קופּערנע קעסלען זענען שיין, ווען זיי זענען אויסגעשייערט, אַנטקעגן דער זון, און ווערליק ס'איז אַן איינפאָרהויז, איז אפשר ניט קיין חידוש, וואָס דאָרטן זענען דאָ קעסלען. נאָר פאָר וואָס דערוועג איך זיך ניט צוגיין צו בוזיען נענטער און זי אַ קוש געבן (כאָטש דאָס בין איך שטענדיק גרייט צו טאָן, באַזונדערס אין אַזאַ מין רויִקן און וואַרעמען פרימאָרגן) אָדער זי צודריקן צו זיך. איך האָב זי דאָך אַזוי ליב. פאָר וואָס טו איך עס ניט? אַ ביסל איז דאָס מיר קלאָר... בוזיע איז מיט מיר פאָר עפּעס, אָט איך געדענק ניט אַקוראַט פאָר וואָס און איך געדענק ניט אַקוראַט פון ווען, נאָר זי איז טאַקע, דוכט זיך, אויף אַ כלומרשט מיט מיר ברוגז און איך מוז אויסהאַלטן כאַראַקטער... און אפשר, אפשר זענען מיר איבער עפּעס אין אַ שלעכטער לאַגע. ביי מענטשן זענען דאָך ניט אַלע צייטן גלייך. אפשר האָט זי אין מיין אָפּוועזנהייט זיך פאַרקויפט, זיך פאַרקאָנטראַקטירט און איך האָב ניט קיין רעכט צו איר צוגיין נאָענט. זי זעט מיך, נאָר זי דאַרף זיך מאַכן, ניט זעענדיק, אָבער... ס'איז דאָך נאָך קיין זאַך ניט פאַרפאַלן! איך וועל זי קאָנען אויסקויפן! ווי באַלד איך בין שוין לעם איר דאָ (איך האָב שוין געפּאַקט אַ שפּור), ווי באַלד מיר זענען שוין אַזוי נאָענט איינס צום צווייטן, וועט דאָך אַלץ אָפּגעטאָן

ווערן אין דעם גיכסטן טערמין? ריכטיק... און איך האָב אַזוי טייער געהאַלטן די מינוטן, די ליבע, שיינע מינוטן, אַז דאָס וואָס מיר ליב איז, און ווען איך בין טייער, איז אָט־אָ מיט די הענט צו דערלאַנגען, אַז די צייט פון דער צווישנזייטיקער אויסלייזונג איז נאָענט... אוי, ווי גוט ס'איז. און דאָ הייב איך זיך אָן פונאַנדערצוואַכן און איך הייב אָן פילן, אַז ניין. די מינוטן פון אויסלייזונג זענען ניט אַזוי נאָענט, ווי איך האָב זיך נאָר וואָס פאַרגעשטעלט... נו, יאָ. ס'גייען דאָך נאָך פראַגנטן! גיי זיי אָ בריה און רייס זיך דורך דורך זיי.. אָבער, אַז איך וועל זיך אָ נעם טאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין? וועלן מיר קיינע פראַגנטן ניט פאַר־האַלטן און קיינע גרענעצן אויך?... וואָס? פאַרשלאָסענע גרענעצן? ניין. קיין גרענעצן זענען אויך ניט קיין פאַרהאַלטונג פאַר אונדזער גליק. (נאָר דאָס גליק צערינט זיך אָבער גלייך פאַר די אויגן, און דאָס האַרץ ווערט מיר פאַרקילט און איך הייב זיך אָן (מעג זיין גאַנץ נעפלדיק) דערוויסן, אַז דער גרענעץ, וואָס איז איינגעשטעלט צווישן מיר מיט בוזיען האָט אין זיך אייגנשאַפטן אין גאַנצן אנדערע. אייגנשאַפטן, וואָס האָבן צו טאָן מיטן שיקזאַל, וואָס זענען אין אָ געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט אייביקייט, אָ — יאָ. און דאָס געזונט ווערט מיר אַנטפּאַלן, דער גרענעץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צווישן מיר מיט בוזיען איז צו אייביק, איך זאָל אים זיין אומשטאַנד בייצוקומען. ריכטיק! וועל איך דעם דאָזיקן גרענעץ איבערגיין, וועט מיר שוין מער קיין גליק אין גאַנצן ניט אָפּגיין!... איך וועל שוין גאָרנישט ניט פילן...

און ס'האָט מיר אַזוי באַנג געטאָן, וואָס איך בין ניט געשלאָפן נאָך אָ ביסל. אויב ניט דאָס גליק אַליין, איז כאָטש די האָפענונג... אָך, ווי שיין ס'איז געווען די האָפענונג און ווי קאַלט ווערט דעם מענטשן, ווען ער דערוויסט זיך, אַז אָט דאָס ליכטיק פּעדעמל איז ערגעץ ווו איבער־געהאַקט און ס'איז אַלץ אויס. פאַרפאַלן און האָפנונגסלאָז אויף אייביק און אייביק.

אין מיין נאַרישקייט האָב איך דעם דאָזיקן חלום געוואָלט דערציילן מיין מאַמען. נאָך מער, איך האָב געוואָלט האָבן אָ לעבעדיקע בוזיע און בוזיעס מאַמע און אויך זיי עס אַלץ אויסדערציילן.

און אין דעם איז דאָך טאַקע באַשטאַנען די נאַרישקייט: וואָס וואָלט מיר אָפּגעגאַנגען, ווען איך האָב בוזיען אַליין אָ לעבעדיקע, פאַרשפּאָר איך דעם חלום וועגן איר.

אָט יענעם טאָג בין איך אומגעגאַנגען, ווי אין אָ טאָג פון חול־המועד, האַלב וואָכעדיק און האַלב יום־טובדיק. און די געסלעך, אַרום מיין קליינ־

טאַראַסאָווער, זענען מיר געווען נאָך ליבער מיט זייער הינטערשטאָ־טישקייט.

פון אַלע אַרבעטן האָב איך זיך גאָר פאַרקליבן צו באָפּען און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ בריוו. באָפּע, ווען זי איז מיר ניט קיין קרובה און איך האָב צו איר אַזאַ פרייען איינגאַנג ווי איצט, וואָלט איך עס געהאַלטן אפילו פאַר אַ שטיקעלע געווינס. זי איז ניט קיין גרויסע באַלעבאָסטע. דער לאָמפּ שטייט ביי איר אויף אַן איבערגעשפּרייטן טישטעכל. נאָר דעם טיש אונטערן טישטעכל האָט זי פאַרגעסן אָפּווישן, די אַרבל פון איר ווייס קאָפטעלע זענען אַלע מאָל אַ ביסעלע פאַרשמאַלצעוועט, נאָר אונ־טער די דאָזיקע אַרבל געפינט זיך אַ יונג צאַפּלדיק לייב פון אַ שיינעם און צאַרטן מענטשן.

זי, דאָס ליב און יונג ווייבל מיטן מיידלשן צאָפּ, האָט אויך פאַר־דרוסן אויף עמעצן, נאָר זי וויל פון דעם ניט רעדן. זי קומט אָפּ מיט אַ זייטיקן אויסרייד:

— וואָסי, מיר קענען אייך ניט? מיר קענען אייך גוט.

דער „אייך", דאָס זענען מיר, די מאָנסּפאַרשוינען, די נאָענטסטע באַגלייטער זייערע און אין דער זעלבער צייט — דער קוואַל פון אַלע צרות.

יאָ, די קליין־טאַראַסאָווער און אירע איינוווינער זענען מיר שטאַרק נאָענט צום האַרצן. איך וואָלט וועלן מיט זיי שליסן אַ פריינדשאַפט אַ לענגערע און אַ מער דויערהאַפטע.

## היימישע גרוסן

גיי איך מיט שטאָט, מיט גאָס און מיט זון, עפּעס בין איך...
לאָזט זיך אויס, אַז איך בין טאַקע געגאַנגען באַרוועס איבער קיעווער גאַסן און אַנגעקוועלט פון דעם, וואָס איך לעב אויף דער וועלט.

„איך האָב נאַסע אַספאַלטן געטראָטן
מיט באַרוועסע פיס ווי די ליכט".

די באַרוועסע פיס קומען אויס, ווי צוויי סטעאַרינאָווע ליכט אַנט־קעגן דער טונקלקייט פון די אָוונטיקע נאַסע אַספאַלטן.

ווען פייטל די ציג זאָל מיך באַגעגענען, וואָס וואָלט איך אים גע־ענטפערט, ער ווייסט דען וואָס הייסט „ליריק"?

ער וועט קומען צו פאָרן אַהיים און דערציילן מיט בייזער נקמה־פרייד פאַר אַ רעדל יידן אין שול:

— אַ שיינער תּכלית פון אים געוואָרן. טאַקע פון אייזיקלען! ער דרייט זיך אום ביי־אים־בלייב־עס אַ באַרוועסער איבער די קיעווער גאַסן. איך האָב אים אַליין באַגעגנט, ווי איר זעט מיך אַ יידן! אין קיין מקום־קדוש וועל איך אייך ניט זאָגן קיין דבר שקר.

אַ נאַרישער מענטש. ער מיינט, אַז קוים גיט ער איבער, וואָס ער האָט געזען, איז עס שוין אמת. אדרבא! עס איז גאָלע ליגן. איך גיי טאַקע איבער די קיעווער גאַסן באַרוועס, נאָר פילן פיל איך, ווי איך וואָלט געגאַנגען אַנגעטאָן אין טייערן גאָלד.

די מאַמע האָט מיר געשיקט פאָר אונדזערט וועגן אַ האַלבן „מיליאָן" געלט, אַ קריגעלע פּוטער און אַן אונטערגעניייטע פאָר שטיוול. (אונטער־געניייטע שטיוול הייסט, אַז די כאַליעוועס מיט די פּידקלייקעס זענען אַלטע און נאָר די קעפּלעך, דער דאָקלאָד און די פּאָדעשוועס — נייע). האָט מען אויפן וועג, ביי רחלען דעם קצבס טאָכטער צוגעגנבעט דאָס פּעקל און זי האָט מיר נאָר געבראַכט דעם האַלבן „מיליאָן".

די מאַמע שעלט אין די בריוו רחלען. סע קען ניט זיין, אַז אַזעלכע שטיוול, וואָס זענען איר אַזוי שווער אָנגעקומען, זאָל עמעצער קענען צוגנבענען. און אָנגעקומען זענען זיי איר שווער, דאָס איז געוויס. זי דאַרף אַלץ גנבענען פונעם טאַטן. דער טאַטע איז אויף מיר אָנגעצונדן אש־להבה! שוין ניט אַזוי פאַר מיר אַליין, ווי פאַר פריידקען. איך האָב ביי אים אַרויסגעגנבעט — טענהט ער — אַ קינד פון אונטערן האַרצן. איך בין שוין ניט נאָר קיין כופר בעיקר, אַן אַפּיקורס, נאָר פּשוט אַ גנב. איך האָב ביי אים צוגעגנבעט אַ טאָכטער און זי אַוועקגעפירט אין מיינע דרכים. זי קער שוין דאָרט געוויס ניט וויסן פון קיין שבת, פון קיין כּשר עסן און בכלל פון אַלץ, וואָס אַ יידיש קינד דאַרף וויסן.

קלאָר, אַז ער טאָר מיר מיט גאָרניט העלפן, ווייל דאָס וועט הייסן, אַז ער גייט, ניט נאָר אָנטקעגן זיך אַליין, אָנטקעגן זיין נאַטור, נאָר אָנטקעגן זיין באַשעפער אויך. אָנטקעגן גאָט ברוך הוא.

די מאַמע, אַז זי וויל אונדז עפּעס שיקן, גנבעט זי פון אים. און מיר וויסן פון דעם און בעטן, זי זאָל עס ניט טאָן. דער עיקר איז דאָס, וואָס מיר דאַרפן ניט, זי זאָל אונדז שיקן. מיר זענען טאַקע הויל און נאַקעט, נאָר מיר זענען זייער רייך אין דער דעה. וואָרעם אין דער אמתן, ווער איז צו אונדז גלייך?! אַז מיר הערן „קניאַז איגאָר" און „סאַדקאָ" אויף גאַליאָרקע דריטע ריי, האָבן אנדערע אפילו קיין צענט־חלק ניט קיין הנאה אפילו אין דער דריטער ריי פּאַרטער זיצנדיק. נאָר די מאַמע וויל

ניט וויסן פון קיין זאַך. ס׳גייט איר דאַרטן ניט איין דער ביסן אין מויל, ווען עס גייט איר איבער אַ צענטער געדאַנק, אַז מיר זענען דאָ הונגעריק. זי בעט זיך צו אונדז ווי צו גזלנים, אַז מיר זאָלן גיכער קומען אַהיים.

און מיר שרייבן, אַז מירן קומען. זאָל נאָר ווערן שטיל אויף דער וועלט, וועלן מיר קומען. מירן פשוט קומען צו גאַסט.

אין אונדזער שרייבן אַליין דאַרף זי דערקענען, אַז ס׳איז אונדז גוט. און רחלען דעם קצבֿס דאַרף מען ניט שעלטן. ניט גענוג, וואָס זי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט שלעפּן אויף זיך פרעמדע פּעקלעך, שעלט מען זי נאָך פאַר אַ צוגאָב. און באָרוועס גייען מיר דאָ. ס׳איז אַזאַ מאָדע. אין קיעוו גייען אַ סך מענטשן באָרוועס. און אַז מיר ווילן גייען מיר אין אַזעלכע „באָסאָנאָזשקעס" מיט הילצערנע פּאָדעשוועס, אויף לעדערנע זאָוויסקעס (קיין הילצערנע פּאָדעשוועס בייגן זיך ניט, מוז מען זיי איבערזעגן אויף צווייען). אַך, קלאַפּן זיי שיין איבער די טראָטואַרן. און די פּיס וואַשן מיר אַלע מאָל.

פונדעסטוועגן, אַז איך באַגעגן אַ סלאָוועשנער, אָדער אַ סענדעריוו־קער ווייבל, פאַרשעם איך זיך. איך פאַרשעם זיך, ווייל זי איז מיר אַ גוטער פריינד, ווייל זי גיט מיר איבער אַ גרוס פון פּאָליען.

— אַזוי, — זאָגט זי, — איז זי דווקא נישקשה פּאָליע. זי אַרבעט דאָך אין קינדערהיים, נאָר ס׳איז איר נעבעך סקוטשנע.

אינטערעסאַנט, פאַר וואָס רעד איך מיטן ווייבל און שעם זיך ווי אַ גנבֿ. איך בין דען אַנטלאָפן פון פּאָליען? איך בין דען געקומען קיין קיעוו חתונה האָבן פאַר אַן אַנדערער?

קענטיק, אַז די חרפּה נעמט זיך פון אַן אַנדער זאַך.

איך שעם זיך, ווייזט אויס, וואָס איך האָב פאַרגעסן אין מיין שווער געמיט. עפּעס בין איך צו פיל זאָרגלאָז און צעכראַסטעט, צו פיל יינגליש. איך בין דאָך שוין ניט קיין קינד.

דערמאָנט מיר עמעצער, אָדער עפּעס אין דעם איז — מילא, אויב אָבער ניט, בין איך נאָך יינגער פונעם יינגסטן קינד. מיין קאָפּ איז מיר פריי פון אַלע זאָרגן. ברויט גיט מיר דער אוראַק. אַ צימער האָט מיר געגעבן דער „קאָמכאָז". איך בין אַזוי שיער ניט ווי אין אַ געלעכטער אַריינגעגאַנגען אין „קאָמכאָז" און געוויזן מיינע פּאַפּירן. איך וויל אַ צימער וויל איך. איך ווין דאָ מיט אַ שוועסטער ווין איך. אַ פאַמיליע? — יאָ, איך האָב, הייסט עס, אַ פאַמיליע אויך, נאָר ניט הי.

— גוט, — ענטפערט מען מיר, — קומט אַריין די טעג. סע זענען מחויבֿ זיין צימערן.

און מען גיט מיר אַן אַדרעס: טאַראַסאַווער פּערציק, דירה זיבן, פּערטער שטאָק.

איך בין גרייט, זאָגן, אַז ס'איז מיר שוין געפעלן. ס'איז דאָך ערגעץ נאָענט לעם מיין קליין־טאַראַסאַווער. נאָר איידער איך האָב געזען פּאָסט עס עפּעס ניט. גיי איך אַפּריער אָנקוקן און גיב מיין הסכמה. שרייבן מיר מענטשן אויס אַן אָרדער אויף אַ צימער.

אַ ביסל איז מיר ניט פאַרשטענדיק די שטאָטישע פּירונגען. פּאַוולאַ מיטרעס, מיין טאָטנס שכן, אַז ער האָט זיך געבויט אַ שטוב, האָט ער אַליין געפירט קלעצער, אַליין געפירט ליים און שטיינער. צוזאַמען מיט דער ווייב געזעגן ברעטער, געהאַקט און געטעסט, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער האָט זיך אַליין אויסגעבויט אַ שטוב. אַליין מיטן ווייב אויסגעגרייזערט דעם הויף מיטן גאָרטן. אַליין אפילו אויסגעגראָבן אַ ברו־נעם. מיין טאַטע, אַז ער האָט זיך עפּעס געוואָלט בויען, האָט ער אויך ניט ווינציק געהאָרעוועט און אַריינגעלייגט שווייס. און דאָ בין איך געוואָרן אַ באַלעבאָס פון אַ דירה־מלוכה. אַ גרויסע הרובע פון שיינעם קאָכל. אַ דיל פון דעמבענעם פּאַרקעט. אַ גרויסער זוניקער פענצטער, טרעפּ, טירן, הענטלעך, ביי די טירן און אפילו אַ שלאָס מיט אַ שליסל. איך האָב געשריבן צו פּאַליען, אַז איך האָב אַ צימער און זיך געשעמט.

ווער ווייסט נאָך מער פון איר, ווי סטראַשנע די גרויסע שטאָט איז מיר געווען פון דער ווייטנס. חוץ דעם קען איך פאַר פּאַליען ניט דער־ציילן, ווי גוט מיר איז דאָ, ווייל זי וויל אויך. זי וויל כאָטש אַ קאַפּעלע, אַ טראָפּנדל פרייד, און פון אירט וועגן האָב איך, אַזוי ווי אויף צו להכעיס, דאָ גאָרניט פאַרגרייט. אפילו אויפן שפּיץ מעסער. פון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס אַהער איז אַזאַ שפע, און אַהין — אַזאַ קאַרגשאַפט? אָט דאָס ווייס איך ניט. איין זאַך ווייס איך נאָר, אַז ווען פּאַליע קומט אַהער אַליין, ווען זי בויט זיך אויס איר לעבן זעלבסטשטענדיק, וואָלט איך צו איר אַלע מאָל געלאָפן צו גאַסט. איך וואָלט ביי איר געטאָגט און גענעכטיקט. איך וואָלט איר אַזוי פיל זאַכן דערציילט וועגן זיך. איך וואָלט זיך מיט איר וועגן אַזוי פיל זאַכן געעצהט.

אפשר זיך אויפהייבן און אַוועקפאָרן מיט האַק און פּאַק קיין סלאַ־ווועשנע?

פריידקע ניט. פריידקע פּאַרט שוין ניט. סיידן מען וועט זי שיקן אַהין צו אַרבעטן. דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. אָבער איך?

און דאָ הער איך אַ קול, וואָס גייט פון אַ יונגן אייזיקן, פון אַ באָרוועסן, פון אַ גליקלעכן, וואָס האָט אַלץ און דאַרף גאָרניט:

מיין פרייד,
מיין ערשטע קלייד צום לייב,
מיין יונגע זינגענדיקע פּאָר!
איינס, וואָס איך טו:
איז נאָר איך רים דיך
דעם גאַנצן טאָג.

דאָס געזאַנג גייט צו אים פון איינעם אַ מיידעלע מיטן נאָמען בוזיע, וואָס זי איז שוין נאָר דערמאָנונג. איך וועל שוין לעם איר קיין מאָל ניט זיין און דאָך לויפן צו איר שורות, וואָס זינגען זיך אַליין אויס.

פאַר וואָס איז עס? פון וואַנען זאַמלט זיך עס אַזאַ פרייד? אַזאַ מין זומערדיקע זוניקע ליבשאַפט?!

## פאַרגעפיל

זאַכן, אַן וועלכע איך פלעג זייער פריי קענען אויסקומען דעם גאַנצן טאָג, פלעגן אַפּט קומען און מיך דערגאָך אַפּמוטשען אַ גאַנצע נאַכט.

איין מאָל בין איך שפּעט אויף דער נאַכט געקומען צו זיך אין קאַ־בינעטל אויף טאַראַסאָווער פּערציק נאָך אַן אָוונט פאַרברענגען מיט שפּאַרבערן און מיט זיין חבר רויטקרויט, וואָס איז אַ ביסל אַ פּאָעט, אַ ביסל אַ זשורנאַליסט. יענע ביידע חברה האָבן זיך די גאַנצע צייט געאַמפּערט וועגן צוויי דיכטער, וואָס איך קען זיי נאָך ניט. און אויב זיי האָבן אפילו גערעדט וועגן זאַכן, וואָס איך האָב קוים געהערט און געוווּסט, האָב איך זיך אויך ווינציקער געשטופּט מיט אַ זאָג. זיך אָנ־גערעדט אַ ביסל, האָבן מיר דערנאָך געקויפט קישקע, ברויט, קעז, און עפּעס אַ קלייניקייט טרינקעכץ איז געשטאַנען ביי שפּאַרבערן אין שאַפע פון אַ פריערדיקן מאָל. אָט אַזוי האָבן מיר בחברותא אָפּגעקנאַקט אַ וועטשערע. און איך ווייס ניט, צי דאָס גלעזל האָט אַזוי אויף מיר גע־ווירקט אָדער וואָס. נאָר ווי איך האָב אין דער היים צונויפגעפּירט די אויגן, אַזוי האָט מיך דער שר־החלומות אַ נעם געטאָן אין דער אַרבעט: ס'איז ראש־השנה דער צווייטער טאָג אין דער פרי. ווינען וווין איך אין קראַסנע. די גאַס איז פּוסט, ווייל דער דאַוונער־עולם איז שוין פון אַ שעה אין שול... וו ניט ווו גייט דורך אַ יידענע, וואָס דאַרף אָנ־זויגן אין דער היים דאָס קינד אָדער צוזען אַ חולה. ניט איינע פון זיי איז ענלעך אויף בוזיען. אַז זי טוט צו מיר אַ שמייכל פון דער ווייטנס,

ענטפער איך איר מיטן זעלבן. אַ ראַטע סאָלדאַטן מאַרשירט איבער דער גאַס צו דער ווייסער טורמע צו, און ס'איז ווייטער שאַ.

מיך פירט מען אין טורמע אַריין (שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, דער־פאַר בין איך ניט איבעריקס דערשראָקן) אַ קירפּאַטער סטראַזשניקל, וואָס איז אויפן פּנים אין גאַנצן אַ סריס, נאָר ער גייט אין אַ פאָרמע.

אין שטאַטישן פּאַרק זענען די בלעטער געל. די זון קלעפּט זיך צו זיי זייער מאָדנע, זי האָט דעם אויסזען פון אַ מיוחסדיק ווייבל, וואָס מונטערט זיך אין אַ שווערן תענית. ווען ניט ווען טוט זי אַ בלישטשע מיט שלאָפן חן, נאָר אָט ווערט זי צוריק בלייך און אומהיימלעך. מיין „נאַטשאַלניק" טרייבט מיך אונטער, איך זאָל גיין אַ ביסל גיכער, נאָר איך גיי אומיסטן פּאַמעלעך. וואָס האָב איך קיין צייט ניט?... יענער מאַכט זיך אַ האָרץ און גייט מיר נאָך. אויף זיין קורץ איינגעשרומפּן נעזל, איבער זיין אַלטן סריסדיקן פּנים איז צו דערקענען, אַז לויט דער טבע איז ער גאָר ניט אַזאַ גרויסער קפדן... פּלוצעם דערזע איך אַ מאָדנע בילד: אַ פור מיט רויטע צוויי אָקסן. דער פויער, וואָס טרייבט אָן, זיצט פון פאָרנט אויפן סאַמע ברעג דראָבינע. אינעם אויסגעבעטן וואָגן ליגט איבערגעדעקט אַ גרויס און לענג פון אַ מענטשן. ס'איז אַ פרוי. ס'איז פּאַליע נאָר מיט מיר קען זי זיך ניט. איך בין דאָך ניט איך. איך בין אַ קראַסנער. נאָך דער פור גייט נאָך אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד אין אַ וואָכעדיקן לעטניק. פון מיין טאַטן איז ער, דוכט זיך, אַ ביסעלע נידעריקער אין וווקס, נאָר בעסער און צוגעלאָזענער לויט דער נאַטור. דערצו איז ער פאַרשעמט, וואָס ער איז איצט ניט אין קלויז צוזאַמען מיט אַלע יידן.

דער אַלטער האָט מיט אַ געפּאַלענעם קול אַ פרעג געטאָן ביי מיין עלטסטן, ווו איז דאָ ערגעץ דאָס געבורטהויז. אויב דאָס ווייבל איז זיין ווייב, בין איך אים פונדעסטוועגן מקנא. אַ שיין ווייבל אין גוטן לייב מיט אַ פיינעם פּנים. זי איז נאָר איצטער היפּש פאַרקלעמט, וואָס דאָס האָבן גייט איר ניט כשורה. און אָט פירט מען זי אין דער גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטאָר. איך האָב חרטה אויף מיין פּאַרנומענקייט. ווען איך בין איצט פריי, וואָלט איך דאָך געהאָט אַ ים מיט אַרבעט. דהיינו: לויפן פאָרן וואָגן און ווייזן ווו איז דאָ דאָס געבורטהויז. אָנטרייבן די אָקסן, זיי זאָלן גיין גיכער. העלפן אַראָפּטראָגן דאָס ווייבל. איצט האָט זי זיך ניט וואָס צו שעמען. ווי באַלד זי איז אַ שלאָפע, איז זי ביי אונדז אין די הענט. בכלל האָב איך די רעכט זי אָפּרעדן פונעם אַלטן. זי איז מיר

געפעלן. סע געפעלט מיר, וואָס איר יונג פּנים איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ סך לײדן. איך קען אויסקומען מיט אַזעלכע מענטשן. מיט אַזעלכע מענטשן איז מיר פּשוט גוט...

וואָס איז ווייטער געווען, געדענק איך ניט אַקוראַט. איך געדענק נאָר, אַז איך זוך איבער גאַנץ קראָסנע אַ באָד. נאָך מײַן פאַמיליע־דראַמע בין איך צו אַ סך זאַכן געוואָרן גלײכגילטיק אויסער אומרײנקייט. איך קען ניט זען אין שטוב קײן מיסט אויפן דיל. איך קען ניט לײדן, טאָמער קריכט אויף מיר עפּעס אַרום. איך זוך אַ באָד. איך בין שוין, דוכט זיך, געווען אין אײנער, אין דער צווייטער, שוין אפילו אַ ביסל געשוויצט, נאָר זיך ניט געוואַשן. אין איין באָד איז צו ענג. אין דער צווייטער טו איך זיך ניט אויס, איך ווייס ניט פאַר וואָס. און לעם איין באָד טרעף איך ווייטער יענע פור מיט די רויטע אָקסן און דאָס ווייבל אויף דער פור. יענער אַלטינקער צוזאַמען מיט נאָך אַ יידן האָבן גע־בראַכט צו פירן דאָס ווייבל פון געבורטהויז אין מיקווה אַרײַן.

זי איז אַזוי לײַביק, יונג און שיין. איך זע זי אַ נאַקעטע, כאָטש איך ווייס, אַז זי איז טויט, ווײַזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז געבליבן אַ שיינער מנהג טובלען די טויטע. זיי מטהר זײַן דאָ אין דער אַלגעמיינער מיקווה, ווו אַלע באָדן זיך. איך בין זיך אויך מתעסק מיט איטלעכן און איך פיל צו איר גלוסטונג, מענער־גלוסטונג. אינטערעסאַנט. וויל איך וויסן, וואָס האָט זי געבוירן און צי וועט דער אַלטינקער נאָך איר שטאַרק ווײנען, ווען מען וועט איר אָפּטאָן איר רעכט, ווען ער וועט שוין קומען צו זיך אין שטעטל אַרײַן אַליין?

מיר פאַלט אײַן אַ געדאַנק זיך טובלען צוזאַמען מיט איר און מען וועט אונדז אפשר צוזאַמען מיט איר באַהאַלטן.

איך האָב מורא פאַר אַ בילבול, דאַך זוך איך דעם פורמאַן, איך זוך דעם בעדער, איך וויל עפּעס דערגײן. רירן ריר איך זיך זייער צעקראָכן, און ווייס ניט פאַר וואָס. נאָר דאָ קומט איינער איציק שענק־מאַן. איך קען אים. ער איז אַ סלאָוועשנער, און ער גיט אַ זאָג מיט זײַן באַפעלערישן טאָן: „שטעלט זיך אָפּ, קינדער! גענוג געבאַלעוועט. איר וועט פאָרן קײן קיעוו זיך לערנען!"

איך כאַפּ זיך אויף. אין צימער איז שוין ליכטיק (זומער ווערט פרי טאָג), מיך ציט נאָך צום שלאָף, נאָר אויפן בענקל לעם מײַן אײַזער־נעם בעטל ליגט אַ בריוו. אַ צונויפגעלייגט גראָב בריוול אַן אַ קאָנווערט מיט אַן אָפּגעריבענעם אַדרעס פון לאַנג ליגן אין אַ סך קעשענעס.

נו, יאָ, ס׳איז פון פאַליען אַ בריוו. געוויס אָנגעקומען מיט עפּעס אַ

געלעגנהייט. די באַלעבאָסטע האָט עס מן הסתם פּאַר מיין קומען אוועק־געלייגט אַהער אויפן בענקל. ליגט עס און סע שווייגט. סע וויל ניט דערמאָנען וועגן זיך, ביז איך וועל זיך אַליין אַרומקוקן. און איך, איך האָב ניט געוואָלט אין דער רגע קיין דערמאָנונג וועגן קיין צווייטן היימען. אַ היים דאָ אויף טאַראַסאָווער גאַס, דאָ צווישן די נייע חברים, און אַ היים דאָרטן ביי אַנשלען דעם שוחט אין דער דירה, ווו פּאַליע איז געבליבן איינע אַליין פון אַזאַ יאַריד. פון אַזאַ מין שטוב מיט מענטשן. איך וואָלט זיך וועלן אויסדינגען מיט עמעצן. האָב איך ניט מיט וועמען. רעדן אַ ביסל מיט שפּאַרבערן, ער איז אַ ווילער בחור, ווייסט ער נאָך ביי מיר בכלל פון גאָרניט, סיידן פריידקע האָט אים עפּעס אַ מאָל אַ זאָג געטאָן. און ביי מיר איז געפּועלט, איך זאָל אין גאַנצן ניט אויפשטיין. איך וויל ניט. אין מיין נייעם צושטאַנד וויל איך ניט ליידן אפילו די מינדסטע זאַך, וואָס קען מיך קימערן, וואָס קען מיר פאַרטונקלען מיין לעבן. און איציק שענקמאַן, פון וואַנען האָט ער זיך גענומען אין מיטן דרינען? ער האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע — איטלעכן שיקט ער זיך לערנען! נאָר ער אַליין זיצט אין דער היים. מילקע פאַרט דאָך שוין אויך קיין קיעוו. זי איז מחויב היינט־מאָרגן זיין.

## פּאַליעס בריוו

פריידקע איז געקומען צו מיר, ווייזט אויס, זיך עצהנען וועגן שפּאַרבערן, נאָר זי הייבט ניט אָן גלייך פון דער זאַך. ס'איז ניט אַזוי גרינג. דערוויל האָט זי איבערגעלייענט פּאַליעס בריוו. פריידקע כאַפּט זיך אָן אין אַ בריוו פון דער היים מיט גרויס אימפּעט.

פּאַליעס בריוו איז אַגב געשריבן צו איטלעכן: צו מיר, צו פריידקען און צו מילקען. לויט איר חשבון דאַרף שוין מילקע זיין אין קיעוו. אין דער אמתן אָבער, האָט זיך מילקע פאַרהאַלטן אין קראַסנע ביי די אייגענע. פּאַליע שרייבט:

„טייערער אייזיקל! איך וועל שוין מער ניט גיין צו דיין טאַטן עסן קיין שבתדיקן וואַרמעס, וואָרום ער האַלט דיך אין איין שעלטן און דאָן קריכט מיר דער וואַרמעס אויף צוריק. יעקב־בער האָט אים סך־הכל אַריינגעגעבן אין די אויערן, אַז איך האָב דיך געמאַכט פאַר אַן אפּיקורס. אַז ווי דו ביסט נאָר אוועקגעפאָרן, האָב איך פאַרקויפט דעם טלית דיינעם פאַר זעכציק טויזנט רובל סאָוועטסקע געלט. אַ ליגן אויף אַ ליגן און מיט אַ פּאָר ליגונים צוגעסטריגעוועט. די מאַמע איז דווקא

בעסער צו מיר. זי גיט מיר אַ מאָל אַן איי, נאָר איך בין זיי דאָס אויך מוחל. איך האָב אַליין געקויפט אייער און פוטער האָב איך אייגענע און וואַרמעס עס איך אין קינדערהיים. די שוחטקע פוצט זייער די שפּראַך, סע מעג דיר באַנג טאָן, וואָס דו הערסט ניט. יאָ, אייזיקל, זיי פריילעך. דיין אַוועקפאָר איז געווען מזלדיק צו די טאַפּליעס. כ׳האָב פאַרקויפט די טאַפּליעס און דווקא טייער. צו צען פונט אַ טאַפּליע. און אַזוי ווי דער ייד האָט ניט קיין קאָרן, האָט ער מיר באַצאָלט מיט געלט. איך ווייס גאָרניט, וואָס מען טוט מיט דעם, איך דאַרף עס אויף גאָרניט ניט האָבן. ווי דו ווייסט האָב איך קיין מאָל אַזעלכע געלטער ניט פאַרמאָגט. 500 רובל אַלטע ניקאָלאַיעווסקע געלט און דער עיקר נאָך אין איין פאַפּירל. און דערום בין איך ניט געווען פויל און גיכער אַוועקגעטראָגן דעם ת״קער (500 רובלדיקן) צו דער מאַמען. זאָל די מאַמע אויף דעם אַכטונג געבן. איז וואָס זאָל איך דיר זאָגן, אייזיקל? ס׳שוין אויף אים דאָ אַכציק פּלענער. דיין מאַמע איז געקומען צו גיין צו מיר, איך זאָל בעטן גאָט, אַז די האַרבאַרניעס זאָלן אָנהייבן אַרבעטן, וועט זי קויפן פאַר די געלט עטלעכע פעלעכלעך און וועט זיי אַריינגעבן אין דער אַרבעט און די פעלעכלעך וועלן האָבן נאָך פעלעכלעך. בקיצור, מיר וועלן ווערן די אמתע נגידים. איך וויל זיך אַזש אירצן. ווי איך פיר אויף מיט די אויגן, אַזוי זע איך פאַר זיך די טויזנטער, וואָס ליגן שוין ביי אונדז באַהאַלטן, און אויף כפּרות, אייזיקל, דאַרפן מיר די קורסן, אַז מען איז רייך, מעג מען שוין זיין ווינציקער געלערנט. כּבוד וועלן מיר שוין סיי ווי האָבן. אויב אַזוי איז שוין אפשר אַ סברא, אַז דו זאָלסט קומען אַהיים און געגנוג. נאָר, אייזיקל, כאַפּ זיך נאָך ניט. ס׳איז ערגער געוואָרן אין די אויגן. מען זאָגט אַז ת״קערס גייען ניט אָן. דריבנע איז בעסער. נאָר... דיין מאַמע טרייסט מיך. זי זאָגט, אַז ס׳איז גאָרניט. הלוואי האָבן מיר אַ טויזנט ת״קערס אַזעלכע! הערסט? — איז דאָך שוין צוריק גוט. אויב דו ביסט נעענטער צו גאָט, בעט אים דו פאַרן ת״קער, וואָרעם איך אַליין ווייס ניט פאַר וואָס פריער צו בעטן. צי זאָל איך בעטן, אַז דיין מאַמעס האַרבאַרניע זאָל זיך עפענען. צי זאָל איך בעטן, אַז איציק שענקמאַן זאָל מיך אַ ביסל ווינציקער ליב האָבן, צי דו זאָלסט מיך גיכער איבערנעמען קיין קיעוו און איך זאָל פּטור ווערן פון אַלע צרות.

אוי, אייזיקל, ווען איך גיי מיט דיר צו אַ רב, וואָלסטו ניט האָבן וואָס צו טענהן. עפּעס מיט מיר דערלויבסטו זיך מער, ווי דו וואָלסט זיך דערלויבט מיט וועמען ס׳ניט איז. דו ביסט גאָרניט קיין שלעכטער, נאָר דו קלערסט אַוודאי — זי האָט שוין פאַרזוכט אַזויפיל צרות אויף

איר לעבן, וועט זיך ניט אָנזען אויב זי וועט האָבן נאָך אַ ביסל. אוי, אייזיקל, — דו ביסט גאָרניט ווערט, איך זאָל נאָך דיר אַזוי פיל בענקען. נאָר ווען מען קען שטעלן אַ סטאַראַזש אויפֿן האַרצן! און איציק שענק־מאַן האָט מיך דווקא ליב. ער איז לייטישער פון דיר טויזנט מאָל. קומט נאָר דער אָוונט אַזוי כאַפּט ער זיך אַריין, זעצט זיך אַוועק אַנטקעגן מיר, שפּאַרט זיך אָן אויפֿן טישל און נעמט שיטן מיט פילאָסאָפיע. אַזוי איז ער דווקא אַ בעריאַק, אַז די גאַנצע שטאָט ציטערט פאַר אים און דאָ בלייבט ער זיצן אַזוי, אַז איך האָב אויף אים אַזש רחמנות. איך בין אַ נאַרישער פּנים. ווען איך ווייז אים אַ שיינעם פּנים וואָלט איך געוועזן געהויכט און געקרוינט און די גאַנצע שטאָט וואָלט מיר אָפּגעגעבן כבוד. עפּעס אַ קליינ־קייט? שענקמאַנס אַ מקורב, און אַזוי בין איך פאַרשעמט און פאַרשטויסן, אַז עטל די אַלמנה מיט די זיבן קינדער איז שוין ראָטשילד אַנטקעגן מיר... זאָג מיר, אייזיקל — שעם זיך ניט: דו קלערסט מיך דאַרטן טאַקע אין גאַנצן אַוועקוואַרפן? קאָפּ דיר אין קישן. איך וועל סיי ווי פאַר קיין אַנדערן ניט חתונה האָבן, כאָטש ס'האָט זיך שוין אָפּגעזוכט אַ בעלן און אַ פיינער בעלן, וועמען איך בין שיין אין די אויגן. ווען איך בין דיר כאָטשבי אַ צענט־חלק אַזוי געפעלן, וואָלסטו מיך געהאָלובעט און געקושט און וואָלסט קיין מאָל אָן מיר אין ערגעץ ניט אַוועקגעפאָרן.

טייערע פריידקע, ווען דו ביסט דאָ, וואָלט מיר אייזיק אָפּגעגאַנגען נאָר האַלב, און אַזוי גייט ער מיר אָפּ אין גאַנצן. זאָלסט וויסן, אַז דיין מאַמע איז גאָרניט אַזאַ גוטע. איך האָב זי געבעטן, זי זאָל שיקן צו מיר מערעלען נעכטיקן, האָט זי טאַקע ניט געשיקט. און מיר איז דאָ פריילעך צו שלאָפן אויף אַזעלכע צוויי זאַלן מיט אַ קיד, מיט אַ שטאָל. און פון יענער זייט טיר ביי די באַלעבאַטים שלאָפט נאָך יאַנקע מיט זיינע 21 יאָר און מיט דער פאַלנדיקער קרענק!... הער נאָר, דו קערסט שוין זיין אַ גאַנצע קיעווער באַרישניע. זאָלסט כאָטש זען, ווי די גראָבע פיס זענען דיר מקנא. סע פאַלן פון איר שטיקער ממש. זאָלסט זען ווי זי לאַשטשעט זיך צו מיר. איך וואָלט מיט איר דווקא קענען ווערן חבר. זי איז אויך אַ ביסל אַן „אַלמנה". זי האָט אים אויך ליב, דעם ברודער דיינעם. פרעג זי — פאַר וואָס?

נו, און שענקמאַן האָט שוין צוגעהאָלפן, אַז מילקע זאָל אויך אַוועק־פאָרן. מיך אַרט ניט. זאָל זי זיך לערנען. פאַר אייך איז אויך גלייכער זיין דאָרטן. איר וועט צו עפּעס קומען. איך ווייס נאָר ניט פאַר וואָס איז אויף מיר אויסגעגאָסן געוואָרן די שטראָף, איך זאָל זיצן און היטן סלאָוועשנע.

וואָס קער איך זיך אָן מיט אייער שטאָט? שענקמאַן איז דיר עפּעס געפעלן, פריידקעלע? מיר געפעלט ער קיין קאָפּ ניט. די שטאָט רעדט שוין וויפל זי וויל אַליין, נאָר מיר אַרט עס ניט. ס'מיר סיי ווי אַלץ איינס.

זינט איך אַרבעט אין קינדערהיים, האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען אַ סך מער פּראָדוקטן און מאַטעריאַלן צו באַנייען און באַקליידן די קינדער. איך וואָלט וועלן אויפבויען אייזיקן אַ העמדל. בין איך געווען אין פאַראיין, האָט מען געגעבן פאַר מיר פיר אַרשין זומערדיקע סחורה און פאַר אים וויל מען ניט געבן. ווערסטו אפשר זאָגן, אַז זיי זענען ניט קיין חזירים? ער האָט קאַרג געאַרבעט?... נאָר, אַז איך וועל דאָרטן טרעפן שענקמאַנען, וועל איך סיי ווי איינמאָנען. איך וויל אים אויפנייען אַ העמד און צושיקן. זאָל ער וויסן מיין גוטסקייט.

מילקעלע, ווי דו ווערסט קומען קיין קיעוו, זאָלסטו מיר אָנשרייבן און איבערשיקן דורך קראַסנע — וועט אָנקומען. זאָלסט וויסן, מילקעלע, ווי דו גייסט מיר דאָ אָפּ. דו ביסט כאָטש אַ מבין ווי איך בין געבליבן היטן סלאָוועשנע?... ווי קלערסטו, אפשר האָט זי געמעגט ברענען, איידער איך האָב זי דערקענט? כאָטש, אַז איך קום צו די קינדער אין קינדער־היים, ווער איך אין גאַנצן אַן אַנדערע. דאָרטן זענען דאָ אַזעלכע ווי וואָוועלע, אונדזער ברכהקעס און ווי רחלע. ווער אָן אַ מאַמען, ווער אָן אַ טאַטן און מיט זיי בין איך שטאַרק חבר.

איך האָב אייך ניט געשריבן, קינדער, אַז פון אָשרן מיט שאולן מיט רחלען איז געווען אַ בריוו. זיי זענען פאַרפאַרן בשלום. איך האָב אייך אים געווען איבערגעשיקט מיט רחלען דעם קצבס, נאָר ער איז פאַר־פאַלן געוואָרן מיט דער גאַנצער פאַסילקע"...

פריידקע האָט לאַנג געשוויגן. זי מישט זיך ניט אין מיינע ענינים. זי איז שטאַרק אָנגעהאַנגען אין מיר. דאָרטן, ווו זי וואָלט געהאַלטן יעדן איינעם פאַר אומגערעכט, מיינט זי אויך, אַז איך בין סתם ניט שולדיק. נאָר איינס צום אַנדערן האָט ניט. פאַר פאַליען טוט איר ווייל דאָס האַרץ.

און דעם שמועס נאָך וועלכן זי איז געקומען, האָט זי שוין, ווייזט אויס, ניט־ווילנדיק אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל.

---

געשטאָרבן אַ מענטש — אַוועק אין דער אייביקייט. ווען דער מענטש זאָל ניט האָבן צו דיר קיין מינדסטע שייכות, וואָלט זיין נאָמען געוויס געווען צווישן נאָך טויזנטער נעמען, וואָס דו קענסט ניט און ווייסט ניט און האָסט וועגן זיי קיין מאָל ניט געהערט.

ניט וויסן, ניט קענען, ניט געדענקען, ס'איז אַ גרויסע היילונג פֿאַרן מענטשנס נשמה.

פֿאַליע איז געגאַנגען האָבן דאָס יינגעלע צי דאָס מיידעלע, מיט וועמען זי וועט זיך אויסטענהן, אויסרעדן דאָס האַרץ, בשעת סע וועט אויסוואַקסן. זי האָט שוין מיט דעם פֿיל געטענהט אין די איינזאַמע נעכט (ביי אַנשל דעם שוחט אין די דירות), נאָך איידער זי האָט עס געבוירן. און אַז עס איז געבוירן געוואָרן אַ קינדעלע מיט הענטעלעך און מיט פֿיסעלעך, אַ מיידעלע, אַ טאָכטער — האָט זי זיך אַליין געוואָלט אַנהייבן אירצן: אָט, קומט די פֿרייד אין איר האַרצן. נאָר ביי איר, ביי פֿאַליען, משולם דעם בראָקערס טאָכטער, אייזיק דעם האַרבאַרס ווייב, גייט עס ניט צו אָן מניעות. דאָס קינד האָט זי געהאָט אַ געזונטס און אַ שיינס און דאָס אַרט, דאָס אַרט וויל דער בויך ניט אַרויסלאָזן. קומען איר צו פֿרישע ווייטיקן, קומט איר צו גרויסע היץ. מען סודעט זיך, מען לויפֿט אום ווי די פֿאַרסמטע, מען טוט אַלערליי סגולות און גאָרניט העלפֿט ניט. ס'ניטאָ קיין אַנדער עצה, סיידן שפּאַנען פֿערד און זי פֿירן ראַטעווען קיין קראָסנע. פֿאַרט אַ שלאָפֿע קימפּעטאָרין, פֿאַרט מיט אַ פּיצינק עופּהלע ביי דער זייט. און נאָכן וואָגן גייט נאָך אַ ייד מיט אַ סיווער באָרד, מיט אַ גע־שלאָגענעם געמיט — דאָס איז מיין טאַטע. ער גייט פֿאַמעלעכע טריט. ער קלערט פֿאַמעלעכע מחשבות. פֿאַר דרייסיק ווערסט קען מען אָנ־קלערן גאַנצע פּעק. ער האָט אַ דין־תורה מיט אַ זון, וואָס איז שוין ניט קיין חדר־ייִנגל, נאָר אַ בר־דעת, אַ מענטש מיט גדאַנקען. אדרבא, דו ביסט דאָך אַ היינטיקער, איר שלאָגט זיך פֿאַרן אמת. ווו איז דיין אמת? און אָט איז שוין קראָסנע.

פֿאַליע ליגט פֿיר טעג אין קראָסנער געבורטהויז. אַהין צו לויפֿט אום מילקע, ס'קומט אַ מאָל וואָווע. סע וויינט מיט ביטערע טרערן ברכהקע. און דער טאַטע מיט מיין קלענערער שוועסטערל זענען אויך דערביי.

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג האָט דאָס קראָסנער געבורטהויז אָפּגעגעבן די קרובים דאָס קינד אַ לעבעדיקס, די געווינערין מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס האָט ענדלעך דערוואָרבן רו און מיט אַ פּנים — וואָס האָט, דוכט זיך, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר זיך גלייך צוריק־געהאַלטן: ווי איינער מיינט, מילא, סיי ווי וועט מיינס מוזן איבערגיין.

אויף דער גאַס לעם דעם געבורטהויז האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַ סך מענטשן. אפֿילו זייטיקע און פֿרעמדע האָבן זיך אָפּגעקערט און גע־ווישט די אויגן, נאָר איינער אַ נאָענטער, אַן אייגענער, וואָס האָט גע־

מוזט זיין נייטיקער ווי אַלע, איז דאָ אָפּגעגאַנגען. מענטשן זאָגן, אַז מען האָט אים אפילו געגעבן צו וויסן און ער איז ניט געקומען.

אויב ס'איז ריכטיק, וואָס מילקע האָט איין מאָל ניט־ווילנדיק אויס־גערעדט, האָט זי די שוועסטער צוגערופן אַ מינוט פאַרן אויסגיין און איר געזאָגט:

— מילקעלע, גלויב ניט קיינעם. ער איז אין גאַרניט ניט שולדיק, האָב אים ליב.

דעם יונגן בר־מינן האָט מען באַהאַלטן אין קראַסנע אויפן אַלטן פעלד. אָן אַ מצבה, אָן אַ שטיבל, אָן אַ סימן אפילו. און דאָס ברעקעלע געדעכעניש פון דער ליבסטער שוועסטער האָבן מילקע, וואָווע און בראָכקע פאַרגלייבט מיין טאַטן מיט דער סיוער באָרד און מיין מיטלסטער שוועס־טערל. זיי זענען מיט דעם אָוועקגעפאָרן אויף אַן ענגן באַלעגאָלישן וואָגן, אַהיים צו זיך.

## איך באַזוך סלאָוועשנע

חוץ באַפּען האָב איך קיינעם ניט דערציילט, וואָס סע איז געשען. איך בין געגאַנגען אויף ליטעראַרישע אָוונטן, געשריבן לידער, געקראָגן בריוו פון די אייגענע און זיך געשעמט אומקערן אַהיים.

די מאַמע שרייבט מיר:

„מיין געטרייסטער זון, אייזיקל, לעב גליקלעך ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אָמן. איך שרייב דיר די בריוו זונטיק אין דער פרי, דעם צווייטן זונטיק נאָך פסח. דיין שוואַרצע האָב איך ערשט דורכגעטריבן אויף דער פּאַשע און ברכהלע די קליינע זיצט אויף דער סאָפּקע און שפּילט זיך מיט דער קאַץ. זי וויל שוין זייער זען דעם טאַטן און איך וויל עס נאָך בעסער. קום צופאָרן"...

דאָס יינסגטע שוועסטערל באַדאַנקע שרייבט:

„מיינע טייערע קינדער, וואָס מאַכט איר עפּעס? אייזיק שרייבט, אַז ער בענקט נאָך קאַרטאָפליעס מיט זויערמילך. איך בין דאָס דווקא ניט זשעדנע. איך זאָג צו ברכהלען דער קליינער: „לאָמיר זיך קוקן אין די אויגן. לאָמיר זען ווען עמענס טאַטע איז אַ גנב". לאַכט זי און זאָגט מיט די אייגעלעך: „מיין טאַטע איז אַ גנב, ער האָט אַ מאָל אָוועקגע־גנבעט ביי דעם זיידן קאָרן". פון רחלען און פון אָשרן די בריוו האָבן מיר אָוועקגעשיקט צו דיר מיט רחל שיפּרהס. דער טאַטע אַרבעט אין זאַוואָד. מען האָט אים שוין געגעבן דריי פּוד מעל און צוויי פונט צוקער.

דער טאַטע האָט דיך ליב, אַז דו אַרבעטסט מיט אים אין איינעם. נאָר אַז דו זיצט אין קיעוו, הייסט ער דיר שרייבן שלעכטע ווערטער. שרייב אים אַן אַליין. אפשר וועט ער זיך מיט דיר איבערבעטן. אייזיק, איך זיץ אין אַלקער ביים טיש. אויפן טיש ליגט דיין פּושקע מיט סאָדע, דער האַלבער שפּיגל. דאָס קינד שלאָפט און סאָפּעט געשמאַק. פריידקע, איך וועל דיר שרייבן אַ ביסעלע, ווייל דו שרייבסט מיר אַ קאַפּעלע. איך קריך יעדן מאָל מיטן עמער אינעווייניק אין ברונעם און שעפּ אַן מיט אַ שערבעלע אַן עמער וואַסער.

פריידקע, דער טאַטע איז אויף דיר ברוגז. ער זאָגט, אַז דו דאַרפסט ניט קיין קורסן. דו דאַרפסט זיצן אין דער היים, אַזוי ווי אַלע לייטישע מיידלעך טוען... שיינדל יצחקס איז ביי אונדז פריער אַ ביסל געווען. זי האָט זיך געשפּילט מיטן קינד. אַז מיר האָבן זי דורכגעפירט מיטן קליי־נעם געסל אַהיים, האָט זי מיר מיט סערעלען געגעבן אַ קוש. איך שרייב אייך מאַנטיק אויף דער נאַכט. פון מיר אייער שוועסטער באַדאַנע".

מערעלע וועט אַליין שרייבן:

„טייערע קינדער, — שרייבט מערל, — ס'אַרט מיך גאָרניט. ס'אַרט מיך נאָר, וואָס איר קומט ניט אַהיים. ביי אונדז איז אַלעס אין אָרדענונג. שיינדל, יצחק דעם קלייטניקס, קומט צוגיין אַלע מאָל און לייענט אייערע בריוולעך. זי איז זייער גוט מיט דער קליינער ברכהלען. זי זאָגט, אַז זי איז אַ שייניקע מיידעלע. פאַרבלייבט געזונט. אין נאָך אַ בריוו וועל איך אייך שרייבן אַלץ פּאָדראָבנע. נאָר בעסער קומט צופאָרן. פון מיר אייער שוועסטער, וואָס וואַרט אויף אייער קומען, מערל. מילקע איז געווען אין סלאָוועשנע. קען זיין, אַז זי זאָל זיך באַשטעלן פאַר אַ לערערין".

דער קלענסטער, דער מיזיניק, פוילט זיך אויך ניט שרייבן. ער איז אַ שוואַרצינקער, אַן איידעלינקער, נאָר די אויגן בלישטשען.

„מיין טייערער ברודער, — שרייבט ער, — און מיין טייערע שוועס־טער. איר פרעגט אין בריוו ווו איך לערן. איך גיי צו כייעסן לייטשקיס און איך קען אייך אַרויסשרייבן, וואָס איך לערן: שמואל ב׳ תנ"ך און פּרקים ראשונים, חלק שני. וואָס מאַכט איר דאָרט? ביי אונדז איז געווען מילקע. קען זיין זי זאָל זיך דאָ באַשטעלן פאַר אַ לערערין".

---

איך באַקום בריוו און איך ענטפער אויף בריוו. סע זענען אויך דאָ בריוו פון מילקען. סע זענען דאָ בריוו פון שיינדלען. אַ מאָל שרייבן זיי צו פריידקען. אַ מאָל צו מיר. אָבער מען מיינט סיי ווי אונדז ביידן.

מיר קומט שוין האַנאַראַר. מען האָט שוין גענומען ביי מיר זאַכן.

אין „קולטור־ליגע" האָב איך אנשטאָט האָנאַראַר גענומען ביכער. ביכער זענען געלט (אין קראָסנע וועל איך זיי אָפּגעבן אין אַ ביכער־קראָם, וועל איך האָבן אויף דער הוצאה) און איך בין אַוועקגעפאָרן זיך זען מיט דער היים.

פריידקע האָט מיך באַגלייט. שפּאַרבער האָט מיר געליען זיין ליכטיקן רעקל און איז אויך געווען ביי דער באַן. ער זאָגט, אַז ער איז מיר מקנא, וואָס איך פאָר צו היימישע ברעגן.

ס'איז טאַקע גוט צו פאָרן. מיט גרויס פּאַראַד האָט מיך באַגעגנט אויפן קראָסנער וואָקזאַל אַנשעלע דער בעל־עגלה. אַ יונגער חברה־מאַן, אַ קלוגער, אַ דורכגעטריבענער. ער האָט גראָדע אַ גערפיל אין מענטשן.

— אייזיק, — מאַכט ער, איך האָב דיך געזען אין בלאַט: אַזאַ יאַר אויף מיר, ווי דו שרייבסט קלוג.

און שוין אויפן וואָגן, פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין האָט ער מיר דערציילט:

„דו מיינסט מיר האָבן ניט דערקענט פייטלען די ציג אָן אָפּגעשוינדענעם, כאָטש דו האָסט אים איבערגעמאַכט דעם נאָמען. הערסטו, אייזיקל, דו ביסט אַ נאַשבראַט, זאָלן דיר קיין מאָל די הענט ניט וויי טאָן!"

אַנשלס קאָמפּלימענט איז מיר געווען צום הארצן. ס'זענען מיר אויך געווען צום האַרצן די קראָסנער באַקענטע. איך באַגעגן שוין אויך סלאַוועשנער. מען נעמט מיך אויף פאַר אַ גאַסט.

אַ מאָדנע זאַך. קיינער רעדט מיט מיר ניט פון דעם, וואָס איך האָב אַ גאַנצן וועג מורא געהאַט, אַז מען וועט מיט מיר רעדן.

מיר איז ליב און באַקענט דער שליאַך פון קראָסנע אַהיים. די ווינטמילן, די קרעניצעס, די דערפער אין מיטן וועג און די ברייטע גרינע פעלדער, פון אַלץ טראָגט זיך עפּעס אַ לויטערער געזאַנג און כוואַליעס אַזעלכע צעגייען זיך איבער אַלע אברים.

די מאַמע און די קלענערע קינדער האָבן זיך געפרייט מיט מיר. דער טאַטע האָט זיך כלומרשט געהאַלטן פון דער ווייטנס. אָפּגעגעבן שלום און זיך ווינציק וואָס דערפרעגט.

דאָס מיידעלע איז אַ גראַבס און אַ שווערינקס. זי גייט צו מיר אויף די הענט, כאָטש זי זעט מיך דאָס ערשטע מאָל. און פאַלט צו מיר צו זייער צאַרט.

שבת נאָך מיטאָג זענען געקומען קרובים. אַ פּאָר פון זיי האָבן אפילו צוגעשיקט קוגל און לעקעך „מיט די געסט". איך האָב געוואָלט

זען אַ סך און אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך איצט אין דער היים. איך האָב אויך געדאַרפֿט גיין צו שענקמאַנען מיט אַ וויזיט און דאָך האָב איך צוליב געוויסע אומבאַקוועמלעכקייטן עס אַלץ אָפּגעלייגט אויף אַ צווייטן טאָג.

די בעטן מיינע, זאָגט די מאַמע, האָט אָפּגעקויפֿט פֿייטלס יונג פֿאַר־פֿאָלק. די טאָכטער זייערע האָט זיך דאָך גענומען מיטן יונגן פֿערד־הענדלער. צי וועל איך ניט זיין ברוגז, וואָס זי האָט זיי פֿאַרקויפֿט די בעטן און ביי מיר ניט געפֿרעגט?

די זעלבע פֿראַגע האָט מיר פֿאַרגעבן דיניע די פֿעטשעריצע. איך האָב זי ליב אָט די אַלטע. איך האָב ליב לעם איר זיך אָפּשטעלן און מיט איר רעדן: זי, אַז זי דערזעעט מיך פֿאַר אַ ווערסט, שרייט זי צו מיר: „מענטש, מענטש! שאַ דען טאַ מענטש" — אויף אונדזער לשון דאַרף עס הייסן: „קוק ניט, וואָס דאָס לעבן מאַכט דיר אַזעלכע שטיק. לעב און געזונט. וואַרעם מיט יעדן דורכגעלאָזענעם טאָג ווערסטו אָרעמער".

איר מאַן איז געווען אַ מחבר. איצט טוט מיר ערשט באַנג, פֿאַר וואָס האָב איך זיך צו אים אַמאָל ביי זיין לעבן ניט גענוג צוגעקוקט. עפּעס אַ קלייניקייט, אַ מענטש איז אַליין אַ מחבר. איך געדענק זיין ספֿר מיט די ראָזע טאָוועלעך, „מקרא מפֿורש" האָט דער ספֿר געהייסן...

באַדאַנקען און יענע צוויי קינדער האָב איך געזאָגט, אַז אין גיכן וועלן מיר זיי אויך נעמען קיין קיעוו. נאָר מיר זאָל זיין פֿאַר דער מיטלס־דיקער, סאַראַ שעמעדיקע זי איז: שבת נאָך מיטאָג, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפֿן, זע איך ווי זי זיצט און קוקט אַריין אין אַ בוך. איך גיי צו, ס׳איז דער זשורנאַל, וווּ ס׳איז דאָ מיין ערשטע זאַך. זי האָט עס שוין גענוג מאָל געלייענט, נאָר זי האָט מיר געוואָלט אַנטאָן פֿאַרגע־ניגן. זיצט זי זיך מיט די צוויי אויסגעפֿלאָכטענע צעפּלעך און קוקט אַזוי שטיל אין די צעפּענטע בלעטלעך, און אַז איך האָב געזאָגט, אַז מירן זיי נעמען קיין קיעוו, האָט זי גאָרניט געענטפֿערט. ס׳האָבן זיך איר נאָר געשטעלט טרערן אין די אויגן.

זי האָט אויף מיר רחמנות, נאָר זי וויל ניט איך זאָל עס זען.

זי האָט פֿאַר מיר דרך־ארץ, נאָר זי דאַרף עס מיר ניט אַרויסווייזן.

זי לייגט אויף מיר האָפֿענונגען, נאָר זי דערוועגט זיך וועגן דעם ניט צו רעדן.

די מאַמע האָט זיך ניט געריכט, איך זאָל אַזוי גיך אָוועקפֿאָרן, נאָר איך האָב איר געזאָגט, אַז איצטיקס קומען איז נאָר אַן אַדורכוויף אויף אַ צווייט מאָל. איך וועל זיך אין גיכן אַראָפּכאַפּן און שוין פֿאַרברענגען פֿיל מער.

איך האָב געקושט דאָס קינד און זיך פאַר אים מיט גאָרניט פאַר־ענטפערט. און אַז די מאַמע איז אַוועק מיך באַגלייטן צו דער פור, האָב איך זי קוים איינגעבעטן, זי זאָל זיך אומקערן. איך האָב איר אויפ־געגעבן, אַז איך גיי דורך די גערטנער אַהין צום שליאַך, לעבן משהן דעם ווערפּיער וועט אויף מיר וואַרטן די פור. זי האָט מיך נאָך אַ מאָל געקושט און נאָך אַ מאָל זיך געווישט די טרערן, אָבער איך גיי שוין אַליין אַן באַגלייטערס און דאָס איז גוט. וואָרעם ס׳איז מיר געווען ניט שיין פאַר די עלטערן, וואָס איך מוז גיין קיין קראָסנע צו פוס. איך בין דאָך עפּעס אַ קיעווער. איך דרוק זיך שוין אין די ביכלעך און דאָ האָב איך ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער פור. אויסזאָגן שעם איך זיך. בעטן אין שטוב — גאָט באַהיט! און דאָס וואָס מיר איז געבליבן פון די קולטור־ליגישע ביכער וועט קוים קלעקן אויף צו באַצאָלן פאַר דער באַן. און די 30, 35 ווערסט ביז דער באַן, — מחילה צו פוס.

איך בין אַרויס מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס דורך דער שיניצע, דורך די גערטנער און דורך דעם וועלדל צוםברייטן שליאַך. אַליין אַז איך גיי בין איך צוריק מלך. איך בין שטאָלץ מיט מיינע רחבותן און איך זינג:

האָבן וועגן מיך באַגעגנט,
יונגע וועגן מיינע!

און ווירקלעך. וויפל האָב איך דאָ קינדווייז און ייִנגלווייז אומגעטאָפּטשעט און וויפל שיינע געדאַנקען האָבן מיך דאָ אונטער די דאָזיקע כמאַרעס באַזוכט. נאָר דאָס וואָס ס׳איז איצטער, איז פיל שענער, ווייל ס׳איז פאַר מיר אומגעריכט אין גאַנצן.

איך בין שוין דורכגעגאַנגען מאַזשאַרי און האָב זיך נאָך קיין מאָל ניט אָפּגערוט. דער טאָג איז אַ הייסער, נאָר אַ גוטער. איך בין נאָך אַזוי נאָענט פון מיין היים. נאָר מאָרגן וועל איך זיך געפינען פאַר הונ־דערטער מיילן פון דאַנען און איך וועל ווייטער זיין אין דער היים. דאָרטן בין איך טאַקע אין גאַנצן אין דער היים. איך מייד אויס די באַקענטע דערפער. מיר איז גוט, וואָס איך טרעף זיך ניט מיט קיין באַקענטע.

לעם פּאַקליעוווער ברונעם האָב איך זיך צוגעזעצט און איבערגע־ביסן מיט דעם, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן פון דער היים. דערנאָך האָב איך אָפּגערוט. איך בין אפילו האלב געלעגן מיט פאַר־מאַכטע אויגן און ס׳האָבן זיך ביי מיר פּלוצעם גענומען פלעכטן ווערטער ניט קיין געגראַמטע.

— וואָס קלייבט איר זיך אין מיינע בעטן? אין מיינע געוועקסלטע דעמבענע בעטן, פון וועלכע מיין ווייב איז מיר געשטאָרבן?... איר האָט כאָטש באַפוילן דעם טישלער זיי איבערוועקסלען און זיי איבער־שטעלן די שרויפן, זיי זאָלן ניט סקריפּען? נאַראָנים, וואָס איר זייט. ווי אַזוי פּוצן עס מענטשן זייער חתונה־צימער מיט צעשטשערבעטע כלים? ווען איך בין אויף אייער אָרט, וועדליק דו ביסט אַ יונגער פערד־הענדלער און דו — דעם שניטקרעמערס טאָכטער (וואָס מעסט בונטן זייד אויף איילן) — איך, אויף אייער אָרט און בוזיע, אויך דאָס זעלבע, וואָלטן זיך געבויט בעטן פון פראָסטן ווייסן האָלץ, פון ברעטער ניט־געפּאַרבטע, אַבי נייע. מיר וואָלטן זיי מיט בלעטער מיט פרישע באַשפּרייט, פון בערעזע צי פון קליאָן. מיר וואָלטן מיט אַ געפלאָכטענעם קראַנץ פאַר־האַנגען די טיר, אַז קיינער זאָל אַהין אַ צייט ניט אַריין...

ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק פון רעדער און פון קאָפּיטעס.

איך עפן אויף די אויגן: אויף אַ פור מיט ציגיינערשע צוויי פערד־לעך זיצן אין זומערדיקע שטויב־מאַנטלען דער איידעם און דער שווער, זלמן דעם קצבס זון און פייטל די ציג.

— טפּר־ר־ר — האָט זלמנקע מיט קוראַזש אָפּגעשטעלט די צע־היצטע פערדעלעך מיט די אונטערגעבונדענע עקן.

— וווהין איז, אייזיק? קיין קראַסנע אוודאי? קום אויפן וואָגן!...

— ניין, אַ דאַנק! איך בין אומיסטן אַזוי אַוועק... דאַרטן בענקען מיר נאָך די היגע ערטער! וויל איך זיך אַ ביסל מער אָנקוקן מיט זיי.

— אָלץ צוליב די גאַזעטן? צוליב די ביכלעך? — האָט פייטל צו־געגעבן. — נו, נו, פאַרבלייב געזונט...

און זיי האָבן אַוועקגעשמיסן ווייטער.

איך האָב זיך אויפגעהויבן. איך האָב אַ קוק געטאָן אינעם ברייטן ברונעם: שפּיגלדיקע וואַסערן און אַז מען טוט אַ הוקע, הילכט ווי אומע־טום. נו, געגאַנגען זאָל ווערן!...

לאַנגלעך, לאַנגלעך ציען זיך די ווערסטן. דער טאָג רוקט זיך. די שעהען. די פיס טוען וויי. נאָר אָן־אַ האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן פון דער ווייטנס די שפּיצן פון די שטאָטישע קלויסטערס. דאָס איז אַ סימן, אַז ס'מיר נאָך געבליבן פיר ווערסט. אָט הייבן זיך שוין אָן די ווינט־מילן. דאָ קען מען שוין גיין ניט מיטן שליאַך, נאָר מיט אַ סטעזשקע. פייטל די ציג מיטן איידעם, מיינע בעלי־טובות, האָבן זיך שוין דאָרט מן הסתם לאַנג אויסגערוט, אָפּגעגעסן און אָפּגעטאָן זייערע געשעפטן און ביי מיר נאָגן די קני פאַר מידקייט, דאָס פעקעלע האָט מיר שוין אָנגע־

מוליעט די אַקסלען. אונטערן קאָלנער פונעם העמד פיל איך א סך שטויב מיט שווייס געמישט. מען וועט זיך דאַרפן אַ סך וואַשן, ווישן, פּוצן און בערשטלען און אויסזוכן אַ פרישע העמד אויף איבערטאָן.

נאָר קיינער איז דאָס מיר ניט שולדיק. אויב איך האָב אַזוי ליב, אויב איך ווייס, אַז אַזוי איז מיר בעסער...

# אינהאַלט

## די שטוב

**אונטערוועגנס**